פ. דאסטאיעווסקי

# דער אידיאָט

«ИДІОТЪ»

ראמאַן אין 4 טיילען

איבערזעצט פון

ח. גוטמאַן (דער לעבעדיגער)

ערשטער באַנד



ארויסגעגעבען פון
Farlag: MAX JANKOVITZ
179 E. Broadway New York

PRINTED IN U.S.A.

# ערשטער טהייל.

## ערשטער קאפיטעל.

אין די לעצטע טעג פון נאוועמבער, אין א ווארימען ווינטער־טאג, נײן א זייגער אין פריהמארגען, איז דער פּאסאזשיר־צוג פון דעם פּעטערבורג־ווארשאווער אייזענבאהן צוגעקומען מיט זיין גאנצער שנעל־קייט צו פּעטערבורג. ס'איז געווען אזוי פייכט און נעבעלדיג אז די ליכט פון טאג האט זיך דורכגעשפּארט מיט גוואלד; אויף צעהן טריט, רעכטס און לינקס פון וועג, האט מען פון די פענסטער פון וואגאן, מיט גרויס שווערקייט געקענט עפּעס באמערקען. צווישען די פּאסאזשירען זיינען אויך געווען אזעלכע וואס קומען צוריק פון אויסלאנד; נור מעהר פון אלע זיינען געווען איבערפילט די אפּטהיילונגען פון דריטען קלאס, און אלץ מיט מענשען ארימע און באשעפטיגטע, וועלכע פאהרען פון ניט זעהר ווייט. ווי געוועהנליך, זיינען אלע געווען מיד, ביי אלע־מען האט זיך איבער נאכט דער שלאף געלעגט שווער אויף די אויגען, אלע האבען זיך אנגעפרווירען, אלעמענס פּנים'ער זיינען געווען בלייך־געלב, עהנליך צום פארב פון'ם נעבל.

אין איינעם פון די וואגאנען פון דריטען קלאס, ביים פענסטער, האבען אין פריהמארגען צוויי פּאסאזשירען זיך געפונען איינער אנט־קעגען דעם צווייטען. — ביידע יונגע, ביידע כמעט אהן באגאזש, ביידע ניט פראנטיש אנגעטאן, ביידע פון גענוג אינטערעסאנטען אויסזעהן און ביידע מיט א חשק ענדליך צו פארבינדען איינער מיט'ן צווייטען א געשפּרעך. ווען זיי וואלטען ביידע געוואוסט איינער וועגען צווייטען, מיט וואס אייגענטליך זיי זיינען אין דער איצטיגער מינוט אינטערע־סאנט, וואלטען זיי געוועהנליך זיך פארוואונדערט, וואס דער צופאל האט אזוי וואונדערליך, זיי אוועקגעזעצט איינער אנטקעגען דעם צוויי־טען, אין דעם וואגאן פון דריטען קלאס, פון דער פּעטערבורג־וואר־שאווער אייזענבאהן.

איינער פון זיי איז געווען קליין־געוויקסיג, א מאן אין יאהרען

פון ארום זיבען און צוואנציג, מיט געקרייזעלטע, כמעט שווארצע האָר,
מיט גרויע, קליינינקע נור פייערדיגע אויגען. זיין נאָז איז געווען
ברייט און צוגעפלעשקעט, דער פּנים א ביינערדיגער, די דינע ליפּען
האָבען אָהן אויפהער זיך צוזאַמענגעלעגט אין עפּעס אזא מין חוצפּה׳־
דיגען שפּאָטישען און אפילו בייזען שמייכעל, נור א שטערען האָט ער
געהאט א הויכען און שעהן־געבויטען און ער האָט באַשעהנט דעם ניט
עדעל ענטוויקעלטען אונטערשטען טהייל פון פּנים. דערהויפּט האָט
מען גלייך געקענט באמערקען אין דעם דאָזיגען פּנים זיין טויטע
בלאסקייט, וועלכע האָט צוגעגעבען דעם יונגען מאַנ׳ס גאַנצער פיזאָ־
נאָמיע א דערשלאָגענעם אויסזעהן, ניט קוקענדיג אויפ׳ן גענוג שטאַר־
קען קערפּער־געבוי און צוזאמען מיט דעם אויך אויף דאס ביסעל
ליידענשאַפּטליכעם ביז וועהטאָג, וועלכע האָט ניט געשטימט מיט דעם
פּרעכען און גראָבען שמייכעל און מיט זיין שאַרפען זעלבסט־צופרי־
דענעם בליק. ער איז געווען ווארים אָנגעטאָן אין א ברייטען, שוואַר־
צען פוטער און ער האָט ביי נאַכט ניט געפרוירען. אין דער צייט
ווען זיין שכן האָט געמוזט איבערטראָגען אויף זיין דורכגעפרוירענער
פּלייצע די גאַנצע זיסקייט פון א פייכטער רוסישער נאָוועמבער־נאַכט,
צו וועלכער ער איז ווי ס׳ווייזט אוים ניט געווען צוגעגרייט. ער האָט
געטראָגען זעהר א ברייטען און דיקען ווינטער־מאַנטעל אָהן ארבעל
און א גרויסען קאפּושאָן, פּונקט פון דעם זעלבען סאָרט, וועלכע עס
באַנוצען גאַנץ אָפט ווינטער, די רייזענדע ערגעץ ווייט אין אויס־
לאַנד, אין דער שווייץ אדער, צום ביישפּיעל אין צפון־איטאַליען. דיזער־
ביי ניט רעכענענדיג אפילו אויף אזעלכע פּלעצער אויפ׳ן וועג, ווי פון
עידקוניען ביז פּעטערבורג. נאָר וואָס עס האָט געטויגט און אין גאַנ־
צען צופרידענגעשטעלט אין איטאַליען, האָט זיך ארויסגעוויזען פאַר
ניט גאָר פּאַסענד אין רוסלאַנד.

דער אייגענטהימער פון דעם מאַנטעל מיט׳ן קאפּושאָן איז אויך
געווען א יונגער מאַן אין די יאָהרען פון זעקס און צוואַנציג ביז זיבען
און צוואנציג. אין וואוקס העכער פון מיטעלען, זעהר בלאָנד, געדיכט־
האָריג, מיט איינגעפאלענע באקען, און מיט א לייכטענקער, שפּיציגער
כמעט אין גאַנצען ווייסער בערדעלע. אויגען האָט ער געהאט גרויסע,
בלויע און שאַרפע, אין זיין בליק איז געלעגען עפּעס רוהיגעס נור שווע־
רעס, עפּעס פול מיט מאָדנעם אויסדרוק, דורך וועלכען אנדערע דער־

קאַנען, מיט׳ן ערשטען קוק אין אַזאַ מענשען די פאַליגע קראַנקהייט. אין אַלגעמיין איז דער פּנים פון דעם יונגען מאַן געווען אַן אַנגענע־מער, דין און טרוקען, אָבער פאַרבלאַז און איצט אפילו ביז בלוי דורכ־געפרוירען. אין האַנט ביי איהם האָט זיך געטרייסעלט אַ קליין פּע־קעלע פון אַלטען אויסגעקראַכענעם פוליאַר, אין וועלכען עס איז געלע־גען, ווי עס ווייזט אויס, זיין גאַנץ פאַרמעגען. אויף זיינע פיס האָט ער געטראַגען שיך מיט שווערע פּאַדעשוועס, און שטיוועלעטען, — אַלץ ניט אויפ׳ן רוסישען שטייגער. דער שוואַרצהאָריגער שכן אין פוטער, האָט עס אַלץ באַטראַכט, אַביסעל צוליב דעם ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין אַנדער אַרבייט. און ענדליך האָט ער געפרעגט, מיט יענעם ניט עדעלען שמייכעל, אין וועלכען עס דריקט זיך אויס אַזוי אָפען און אָהן צערעמאָניעס, דאָס פאַרגניגען וואָס אַ מענש האָט פון אַ צווייטענס מיסערפאָלג:

— איהר פרירט אונטער, האַ?

און ער האָט געצויגען מיט די אַקסלען.

— זעהר, האָט געענטפערט דער שכן מיט אויסעראָרדענטליכער בריימוויליקייט. — און מערקט זיך, דאָס איז נאָך אַלץ אין אַ וואַרימען טאָג, היינט וואָס וואָלט שוין געווען ווען ס׳איז אַ פראָסט? איך האָב גאָר ניט געדענקט אַז ביי אונז איז אַזוי קאַלט. האָב זיך אָפּגעוויינט.

— איהר קומט געוויס פון אויסלאַנד?

— יע. פון דער שווייץ.

— פּפיו! וואוהין איהר האָט עס אַנגעשפּאַרט!

דער שוואַרצהאָריגער האָט אַ פייף געטאָן און זיך צולאַכט.

עס האָט זיך פאַרבונדען אַ געשפּרעך. די ברייטוויליגקייט פון דעם בלאָנדען יונגען־מאַן אין דעם שווייצאַרישען מאַנטעל צו ענטפּע־רען אויף אַלע פראַגען פון זיין שוואַרצען שכן איז געווען וואונדערבאַר און גאָר אָהן אַ חשד, כאָטש פיעלע פראַגען זיינען געשטעלט געוואָרען אַזוי נאַכלעסיג און ניט אַמפּלאַץ. ענטפערענדיג, האָט ער צווישען אַנדערעס ערקלעהרט, אַז ער איז באמת טאַקע זעהר לאַנג ניט געווען אין רוסלאַנד, איבער פיער יאָהר, אַז מען האָט איהם אוועקגעשיקט אין אויסלאַנד צוליב אַ קראַנקהייט. עפּעס צוליב אַ מאָדנער נערווען־קראַנקהייט. פון דעם סאָרט פאַליגע אָדער וויטאַוועטאַנץ, עפּעס אַזעל־כע ציטערנישען און טרייסלונגען. אויסהערענדיג איהם האָט דער

ברונעט עטליכע מאָהל אונטערגעשמייכעלט; רערהויפּט האָט ער זיך צולאַכט, ווען אויף דער פראגע: „נו און מען האָט אייך אויסגעקור־רירט?" האָט דער בלאָנדער געענטפערט, אז „ניין, מען האָט ניט אויסגעקורירט."

— כע, הייסט עס אז איהר האָט אומזיסט ארויסגעוואָרפען געלט, און אבי מיר דאָ גלויבען אין זיי — האָט דער ברונעט גיפטיג באַ־מערקט.

— ס'איז דער אמת אליין — האָט זיך ארייגעמישט אין גע־שפּרעך איינער וועלכער איז געזעסען ניט ווייט פון זיי, א מאַן געקליי־דט אהן געשמאַק, א טשינאָווניק מיט די ביינער, אין די פערציגער, א פעסט־געבויטער מיט א רויטער נאָז און פרישטשעוואַטען פּנים. — ס'איז דער אמת אליין, בלויז אומזיסט נעהמען זיי אריבער צו זיך אלע רוסישע כחות!

— אין מיין פאַל מאַכט איהר א טעות, האָט אונטערגעכאַפּט דער שווייצאַרער פּאַציענט, מיט א שטילער און פרידליכער שטימע: — געוויס, קען איך זיך מיט אייך ניט שפּאַרען, ווייל ניט אלץ ווייס איך, אָבער מיין דאָקטאָר, האָט מיר פון זיינע לעצטע געלט אפילו, געגעבען אויפ'ן וועג, אויסער דעם, וואָס ער האָט מיך דאָרטען כמעט צוויי יאָהר אויף זיין רעכענונג אויסגעהאַלטען.

— וואָס איז? איז דען ניט געווען ווער עס זאָל צאָהלען? — האָט געפרעגט דער ברונעט.

— יע. דער הערר פּאַווליששטשעוו, וועלכער האָט מיך דאָרטען אויסגעהאַלטען, איז מיט צוויי יאָהר צוריק געשטאָרבען; איך האָב נאָכדעם געשריבען אהער דער גענעראַלשע עפּאַנטשין, מיינער א ווייטער קרובה, נור קיין ענטפער האָב איך ניט ערהאַלטען. און טאַקע צוליב דעם בין איך עס געקומען צופאָהרען.

— וואוהין זייט איהר עס געקומען צופאָהרען?

— איהר מיינט, וואוהין וועל איך פאָרפאָהרען?... איך ווייס נאָך אליין ניט באַשטימט. ס'הייסט...

— איהר האָט נאָך ניט באַשלאָסען?

און ביידע צוהערער האָבען זיך ווידער צולאַכט.

— און אין דעם פּעקעלע ליגט אודאי אייער גאַנצער פאַרמעגען? — האָט געפרעגט דער ברונעט.

— איך קען זיך וועטען, אז דאס איז אזוי, האט אונטערגעכאפט א זעהר צופרידענער דער רויט־נאזיגער טשינאווניק. — און אז אנ־דערע פעקלאך האט איהר אין די באגאזשנע וואגאנען אויך נים. כאטש מען דארף אויך דאס באמערקען אז ארימקייט איז ניט קיין פארברע־כען.

עס האט זיך אויסגעוויזען אז דאס האט אויך געשטימט: דער בלאנדער יונגער־מאן האט זיך גלייך און אין אן אונגעוועהנליכער איי־לעניש אין דעם מודה געווען.

— אייער פעקעלע האט פון דעסטוועגען א שטיקעל באדייטונג, האט פארטגעזעצט דער טשינאווניק ווען זיי האבען זיך גוט אנגע־לאכט, (ס'איז מערקווירדיג, אז אויך אליין דער אייגענטהימער פון דעם פעקעלע האט קוקענדיג אויף זיי, ענדליך אנגעהויבען לאכען, און דאס האט נאך פארגרעסערט זייער פרעהליכקייט) — און כאטש מען קען זיך וועטען אז אין איהם זיינען ניטא קיינע פראנצויזישע, דייטשע און האלענדישע געלדער פון וואס מען קען דרינגען, קוקענדיג אויף די שטיוולעטען וועלכע איהר טראגט אויף די אויסלענדישע שיך, אבער... ווען מען זאל צו אייער פעקעלע צוגעבען כאטש אזא מין קרובה ווי די גענעראלשע עפאנטשין, דאן וועט אויך דער פעקעלע קריגען אן אנדער באדייטונג, זעלבסטפארשטענדליך. נור אין דעם פאל, ווען די גענע־ראלשע עפאנטשין איז אייך ווירקליך א קרובה, און איהר מאכט ניט צו צוטראגענקייט א טעות... א זאך וואס קען זעהר און זעהר פאסירען. נו, כאטש, פון צופיעל איינבילדונג.

— א, איהר האט אויך דאס מאהל געטראפען — האט זיך גע־איילט צו ענטפערען דער בלאנדער יונגער־מאן — ס'איז טאקע אמת אז איך מאך כמעט א טעות. דאס הייסט, אז זי איז כמעט טאקע ניט קיין קרובה. אויף אזוי פיעל צווייפעל איך אליין אין איהר קרובה'שאפט, דאס איך האב זיך גאר ניט געוואונדערט וואס מען האט מיר אהין ניט געענטפערט. איך האב עס ערווארטעט.

— אומזיסט בלויז ארויסגעווארפען געלט אויף בריף. המ... נור אמוועניגסטענס זייט איהר כאטש אפענהערציג, און דאס איז לויבענס־ווערטה! המ... און דעם גענעראל עפאנטשין קענען מיר דאך, טאקע דערפאר ווייל אלע קענען איהם; און אויך דעם פארשטארבענעם הערר פאווּלישטשעוו, וועלכער האט אייך אויסגעהאלטען אין דער שווייץ,

האָבען מיר אויך געקענט, אויב ס'איז נור דער זעלבער ניקאָלאַי אַנ־דרעיעוויטש פּאַוולישטשעוו, ווייל זיי זיינען צוויי שוועסטער־קינדער. איינער איז נאָך איצט אין קרים, און ניקאָלאַי אנדרעיעוויטש דער פארשטאָרבענער, איז געווען א מענש א געאַכטעטער און מיט פאַר־בינדונגען, און פיער טויזענד נפשות האָבען זיי אין זייער צייט גע־האַט...

— איהר האָט געטראָפען. איהם האָט מען גערופען ניקאָלאַי אנדרעיעוויטש פּאַוולישטשעוו, און ענטפערענדיג האָט דער יונגער־מאַן שארף און אויספאָרשענד באַטראַכט דעם הערר, דעם „אַלץ־ווייס־ער."

אָט די העררן „אַלץ־ווייס־ער" באַגעגענט מען אמאָהל, אפילו גאַנץ אָפט, אין א געוויסען געזעלשאַפטליכען קרייז. זיי ווייסען אַלץ. די גאַנצע אומרוהיגע נייגעריגקט פון זייער שכל און אַלע זייערע פעהיגקייטען זיינען געווענדט אָהן אָן אָפּהאַלט בלויז אין איין זייט. געוועהנליך איז דאָס ווייל עס פעהלט זיי ערנסטערע לעבענס אינטער־רעסען, ווי וואָלט עס געזאָגט א היינטיגער דענקער. אונטער'ן וואָרט „זיי ווייסען אַלץ" דאַרף מען אייגענטליך פאַרשטעהן א זעהר באַ־שרענקטען געביט: וואו ס'דינט אזעלכער און אזעלכער, מיט וועמען ער פיהרט באַקאַנטשאַפט, וויפיעל ער פאַרמאָגט, וואו איז ער געווען גובערנאַטאָר, מיט וועמען האָט ער חתונה געהאַט, וויפיעל נדן האָט ער גענומען, ווער איז זיין שוועסטער־קינד און ווער א גליד שוועסטער־קינד א. אז. וו., א. אז. וו. אַלץ אין דעם אופן. אמעהרסטען געהן ארום אָט די „אַלץ־ווייס־ער" מיט אָפּגעריסענע עלענבויגענס און קריגען צו זיבעציג רובעל א מאָנאַט געהאַלט, די מענשען פון וועל־כע זיי ווייסען אַלע סודות, קענען געוויס ניט פאַרשטעהן וואָס פאַר א אינטערעסען האָבען יענע אין זיי, און דאָך זיינען דאָ פילע פון זיי וואָס געפינען א טרויסט מיט אָט דעם וויסען, וועלכעס גרייכט ביי אייניגע פון זיי צו א גאַנצער וויסענשאַפט. זיי דערגרייכען צו זעלבסט־אַכטונג און אפילו העכערען גייסטיגען פאַרגעניגען. יע, אפילו די וויסענשאַפט איז פאַרפיהרעריש. איך קען געלעהרטע, ליטעראַטען, פּאָ־עטען און פּאָליטיקער, וועלכע האָבען זיך ערוואָרבען און האַלטען נאָך אין ערווערבען, טאַקע אין דער דאָזיגער וויסענשאַפט זייערע העכערע שטרעבונגען און ציעלען. און טאַקע בלויז מיט דעם זיך געמאַכט א קאַריערע.

אין פאַרלויף פון דעם געשפּרעך האָט דער ברונעט געגענעצט געקוקט גלאַט אַזוי זיך אין פענסטער און מיט אומגעדולד געוואַרט ווען די רייזע וועט זיך ענדיגען. ער איז געווען עפּעס צוטראָגען, כמעט אומרוהיג, אפילו זיך אויפגעפיהרט מאָדנע: אָפּטמאָל האָט ער ווי געהערט און ניט געהערט, געקוקט און ניט געקוקט, געלאַכט און אָפּט־מאָהל ניט געוואוסט און ניט געדענקט פון וואָס ער האָט געלאַכט.

— ערלויבט מיר, מיט וועמען האָב איך די עהרע... האָט זיך פּלוצ־לונג געווענדט דער פּרישצעוואַטער מאַן צום בלאָנדען יונגען־מאַן מיט'ן פּעקעלע.

— פירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש מישקין, האָט יענער געענטפערט מיט דער פולער און שנעלער ברייטוויליקייט.

— פירסט מישקין? לעוו ניקאָלאַיעוויטש? איך ווייס ניט. קיינ־מאָהל אפילו ניט געהערט. האָט געענטפערט פאַרטראַכטערהייט דער טשינאָווניק — דאָס הייסט, איך רעד דאָ ניט וועגען דעם נאָמען. דער נאָמען איז אַ היסטאָרישער, מען קען עס געפינען אין קאַראַמזינ'ס געשיכטע, איך מיין טאַקע וועגען די פּערזאָנען אליין עפּעס באַגעגענט מען אין ערגעץ ניט די פירשטען מישקינ'ס, עפּעס הערט מען פון זיי גאָר ניט.

— ס'איז גאַנץ נאַטירליך! — האָט גלייך געענטפערט דער פירשט: — די פירשטען מישקינ'ס זיינען איצט אין גאַנצען מעהר ניטאָ. אויסער מיך; מיר דוכט זיך, איך בין דער לעצטער, און וואָס עס געהערט די עלטערען און זיידעס, זיינען זיי ביי אונז אפילו הויף־מענשען געווען. איבריגענס, מיין פאָטער איז געווען אַן אונטער־אָפיצער אין דער אַרמיי, פון די יונקערס נור דאָס ווייס איך ניט, ווי אַזוי איז די גענעראַלשע עפּאַנטשין געוואָרען איינע פון פירשטין מישקינ'ס, און אויך די לעצטע אין איהר משפחה...

— כאַ — כאַ — כאַ! די לעצטע אין איהר משפחה! כאַ — כאַ! ווי אַזוי האָט איהר עס קונציג אויסגעדרעהט, האָט זיך צוכיכיקעט דער טשינאָווניק.

עס האָט אויך אַ שמייכעל געטאָן דער ברונעט. דער בלאָנדער האָט זיך אביסעל פאַרוואונדערט, וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען צו מאַכען, איבריגענס, אַ שלעכטען קאַלאַמבור.

— און שטעלט זיך פאָר, איך האָב עס אַרויסגעזאָגט גאָר ניט טראַכטענדיג, האָט ער ענדליך ערקלעהרט אַ פאַרוואונדערטער.

— יע, יע, עס איז פאַרשטענדליך, האָט פרעהליך איינגעשטימט דער טשינאָווניק.

— האָט איהר פירשט, זיך דאָרטען ביים פּראָפעסאָר אויך ווי־סענשאַפט געלערנט? — האָט פּלוצלונג געפרעגט דער ברונעט.

— יע... געלערנט.

— און איך, ווי איהר קוקט מיך אָן, האָב קיינמאָל גאָרנישט געלערנט.

— און איך האָב אויך נור אַביסעלע — האָט צוגעגעבען דער פירשט ווי ער וואָלט געוואָלט זיך ענטשולדיגען, — מיט מיר האָט מען צוליעב מיין קראַנקהייט ניט געקענט סיסטעמאַטיש לערנען.

— די ראַגאָזשין'ם קענט איהר? — האָט שנעל געפרעגט דער ברונעט.

— ניין, איך קען גאָר ניט. איך קען דאָך אין רוסלאַנד אַזוי ווע־ניג מענשען. זייט איהר עס אַ ראַגאָזשין?

— יע, איך בין ראַגאָזשין, פּאַרפען.

— פּאַרפען? איז דאָס אָפּט ניט פון די זעלבע ראַגאָזשין'ס... האָט אָנגעהויבען מיט וואַקסענדער וויכטיגקייט דער טשינאָווניק.

— יע, פון יענע, טאַקע פון יענע. האָט שנעל און מיט אונ־העפליכע אונגעדולד איהם איבערגעשלאָגען דער ברונעט, וועלכער האָט איבערהויפּט זיך קיין איינמאָהל ניט געווענדט צו דעם פּרישצע־וואַטען טשינאָווניק נור פון סאַמע אָנהויב אָן גערעדט בלויז צו איינעם, צום פירשט.

— אַזוי... ווי זשע איז דאָס? האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט און האָט ברייט צועפענט די אויגען דער טשינאָווניק, און אויף זיין פּנים האָט זיך גלייך אָנגעהויבען פאַרשפּרייטען עפּעס וואָס עהרפּרוכ־טיגעס, קריכערישעס און אַפילו שרעקעדיגעס — דאָס איז דער זעלבער סעמען פּאַרפענאָוויטש ראַגאָזשין, דער געאַכטעטער בירגער וועלכער איז מיט אַ מאָנאַט צוריק געשטאָרבען און האָט איבערגעלאָזען צוויי און אַ האַלב מיליאָן קאַפּיטאַל?

— און פון וואַנען האָסטו זיך דערוואוסט אַז ער האָט איבער־געלאָזען צוויי און האַלב מיליאָן ריינעם קאַפּיטאַל? האָט איהם איבער־

געשלאָגען דער ברונעט ניט באַהרענדיג איהם אויך דאָס מאָהל מיט א בליק — קוק איהם נור אָן! (האָט ער א וואונק געטאָן אויף איהם צום פירשט) און וואָס קומט זיי דערפון ארויס וואָס גלייך קריכען זיי מיט שמייכלעריי? דאָס איז טאַקע אָן אמת אַז מיין פאָטער איז גע־שטאָרבען, און איך פאָהר אהיים אין א מאַנאַט ארום כמעט אָהן שיך, ניט דער ברודער דער געמיינגער יונג, ניט די מוטער, האָבען ניט צו־געשיקט, ניט קיין געלט, ניט קיין אָנזאָג — זיי האָבען גאָרנישט ניט צוגעשיקט! אזוי ווי א הונט! אין פיבער בין איך אין פּסקאָוו א גאַנ־צען מאָנאַט אפּגעלעגען!

— און איצט וועט איהר מיט איינמאָהל ארייַנקריגען א מיליאָנ־דעל נאָך מיט עפּעס, אט דאָס איז שוין נישקשה, גאָט מיינער! — האָט א פּאַטש געטאָן מיט די הענט דער טשינאָווניק.

— נו, זאָגט איך בעט אייך, וואָס טויג עס איהם! האָט ראַגאָז־שין צאָרענדיג און בעזן אויף איהם ווידער אַנגעוויזען — איך וועל דאָך דיר קיין קאָפּיקע ניט געבען אפילו ווען דו לאָזט זיך דאָ פאר מיר געהן מיט די פיס ארויף.

— און איך וועל געהן, געהן!

— נו, וואָס זאָגט איהר דערצו? אָבער איך וועל דאָך ניט געבען, ניט געבען כאָטש טאַנץ זיך אזוי א גאַנצע וואָך!

— טאָ גיב טאַקע ניט! מיר קומט עס אזוי. גיב ניט! און איך וועל אָלץ טאַנצען. דאָס ווייב, די קינדער די קליינע וויל איך לאָזען, און פאר דיר וועל איך טאַנצען. האָב רחמנות, האָב רחמנות!

— פּפוי אויף דיר! — האָט אויסגעשפּייט דער שוואַרצער — מיט פינף וואָכען צוריק בין איך פּונקט ווי איהר היינט, האָט ער זיך געוועגדט צום פירשט — מיט איין פּעקעלע אנטלאָפען פון די עלטערן קיין פּסקאָוו צו א מומע; און דאָרטען קראַנק געוואָרען אויף פיבער, און ער איז אָהן מיר געשטאָרבען. קאָנדראַשקע האָט איהם דערשלאָגען. אויביג געדענקען זאָל מען דעם פאַרשטאָרבענעם, און ער האָט מיך שיעור צום טויט ניט דער׳הרג׳עט! גלויבט איהר מיר פירשט, איך שווער אייך מיט גאָט, אַז ווען איך ענטלויף ניט, וואָלט ער מיך זיכער דער׳הרג׳עט.

— איהר האָט איהם געמוזט מיט עפּעס דערצאָרענען. האָט זיך

אַנגערופֿען דער פֿירשט באַטראַכטענדיג מיט א געוויסע נייגעריגקייט דעם מיליאָנער אין פּוטער. נור כאָטש עס האָט געקענט זיין עפּעס מערקווירדיגעס אין א מיליאָן זעלבסט און אין קריגען א ירושה, דאָך האָט דעם פֿירשט פֿאַראינטערעסירט נאָך עפּעס אַן אַנדער זאַך; און ראָגאָזשין אַליין האָט אויך עפּעס מיט א באַזונדער חשק גענומען דעם פֿירשט פֿאַר א מיטשמועסער, כאָטש ער האָט אין שמועסען זיך גע־נויטיגט מעהר מעכאַניש ווי מאָראַליש, עפּעס מעהר פֿון צוטראַגענקייט ווי פֿון אָפֿענהערציגקייט; פֿון אומרוהיגקייט און פֿון צוטומעלטקייט, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט בלויז געוואָלט קוקען אויף עמיצען און וועגען עפּעס קלאַפּען מיט׳ן צונג. עס האָט זיך געדוכט, אַזוי ווי ער וואָלט נאָך איצט אויך געהאַט היץ און אַמווייניגסטענס פֿיבער. וואָס גע־הערט זיך דעם טשינאָווניק איז יענער ווי געבליבען הענגען איבער ראָגאָזשינען. ער האָט ניט געוואָגט צו אָטהעמען. ער האָט געשלונגען און געוואויגען יעדעס וואָרט אַזוי ווי ער וואָלט געזוכט א דימענט.

— אין כעס איז ער טאַקע געווען און אפשר איז טאַקע אויך געווען פֿאַר וואָס, האָט געענטפֿערט ראָגאָזשין — נור מעהר פֿון אַלץ איז מיר דערגאַנגען די יאָהרען דער ברודער. וועגען דער מוטער איז ניטאָ וואָס צו רעדען, אַן אַלטע פֿרוי, לעזט די לעגענדען פֿון די הייליגע מאַר־טירער, זיצט מיט די אַלטע ווייבער, און וואָס סענקא דער ברודער באַשליסט אַזוי בלייבט עס. אָבער פֿאַר וואָס האָט ער מיר אין צייט ניט געלאָזט וויסען? — מיר פֿאַרשטעהען! וואָס אמת איז אמת, איך בין דאַן באַוואוסטלאָז געלעגען. מען דערצעהלט אַז מען האָט טעלעג־ראַפֿירט אויך, אָבער יענע טעלעגראַמע איז גאָר אַנגעקומען צו דער מומע, און זי אַלמנה׳עוועט שוין דעם דרייסיגטען יאָהר און זיצט אַלץ מיט די נאַראַנים פֿון דער פֿריה ביז נאַכט. זי איז א מאַנאַשקע און ניט קיין מאַנאַשקע, און נאָך עפּעס ערגער. די טעלעגראַמע האָט איהר אַזוי איבערגעשראָקען אַז זי האָט זי אָפּגעטראָגען אין דער פּאָ־ליציי א ניט געעפֿענטע, און זי איז אַזוי דאָרט פֿאַרלעגען געוואָרען ביז הייניגטיגען טאָג. נור קאָניעוו, וואַסיל. וואַסילעוויטש האָט געראַטעוועט. ער האָט אַלץ אָפּגעשריבען. פֿון בראָקאַטענעם צודעק אויף דעם אָרון פֿון פֿאָטער האָט מיין ברודער, ביי דער נאַכט די געגאָסענע גאָלדענע פֿרענזען אָפּגעשניטען: „זיי קאָסטען אַזוי צו זאָגען, צופֿיעל געלט“! דערפֿאַר אַליין קען ער געהן אין סיביר ווען איך וועל וועלען. ווייל

דאָס מיינט הייליגקייטס־פארשוועכונג. עי דו ארבעסענער־שרעק־אָנ־
וואָרפער! האָט ער זיך געווענדט צום טשינאָווניק — וואָס קומט נאָכ׳ן
גנזעץ נאָך, פאר פארשוועכען הייליגע זאכען?

— פאר הייליגקייטס־פארשוועכונג! הייליגקייטס־פארשוועכונג!
האָט גלייך פּאַראַטקעוועט דער טשינאָווניק.

— דערפאר קומט סיביר?

— אין סיביר! אין סיביר! גלייך אין סיביר!

— זיי דענקען אַלץ אז איך בין נאָך קראַנק, האָט ראָגאָזשין
פאָרטגעזעצט דערצעהלען צום פירשט — אבער איך דערצעהל קיינעם
ניט קיין מעשה, אין דער שטיל, נאָך קראַנקערהייט זעץ איך זיך אין
וואָגאָן און פאָהר; עפען די טויערען ברודער סעמיאָן סעמיאָנאָוויטש!
ער האָט דאָס דעם פארשטאָרבענעם פאָטער אויף מיר אָנגערעדט, איך
ווייס. און דאָס וואָס איך האָב דאָן צוליב נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא די
עלטערען דערצאָרענט, איז דאָס אַן אמת. דאָ האָב איך שוין אַליין
געזינדיגט.

— צוליב נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא? — האָט ציטערדיג א זאָג
געטאָן דער טשינאָווניק, ווי עפּעס נאָכדענקענדיג.

— אבער דו ווייסט דאָך גאָר ניט! האָט אויף איהם אונגעדולדיג
אָנגעשריען ראָגאָזשין.

— איך ווייס שוין גאָר! — האָט זיגעריש געענטפערט דער
טשינאָווניק.

— קוק איהם נור אָן! וועניג נאַסטאַסיעס פיליפּאָוונעס זיינען דען
דאָ? און וואָס ביזטו פאר א פרעכע, לאָמיר דיר זאָגען, באַשעפעניש!
איך האָב גלייך געוואוסט אז עפּעס א מין באַשעפעניש וועט זיך גלייך
צוטשעפּען! האָט ער פאָרטגעזעצט ריידען צום פירשט.

— און אפשר ווייס איך טאָקע! האָט זיך באַוועגט דער טשינאָוו־
ניק — לעבעדעוו ווייס! איהר אייער עקסעלענץ ווילען מיר אויס־
וואָרפען אז איך זאָג ליגען, אָבער וואָס וועט זיין ווען איך וועל אייך
באַווייזען? אַט די נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא איז דאָך די זעלבע פאר
וועלכער אייער פאָטער האָט אייך געוואָלט דערלאַנגען מיט׳ן שטעקען
און נאַסטאַסיא פּאַוולאָוונא, הייסט באַראשקאָווא אזוי צו זאָגען, א
הויכווירדיגע פּריצטע, אויך אין עפּעס א מין פירשטין, און זי איז
באַפריינדעט מיט איינעם עפּעס א טאָצקי, מיט אפאַנאַסי איוואַנאָ־

וויטשען, מיט איינעם עפּעס א גוטס־באזיצער און זעהר א רייכער מאן. א מיטגליד פון א קאָמפּאַניע און געזעלשאַפטען און גאר א גרויסע פריינדשאַפט פיהרען זיי אויף דעם רעכענונג מיט גענעראַל עפּאַנ־טשין...

— עהע, הייסט עס אז דו ביזט אזא מאכער! — האָט זיך ענד־ליך באמת פארוואונדערט ראָגאָזשין — זאָל ער געהן צום טייפעל, עס איז דאך טאַקע אן אמת אז ער ווייס.

— ער ווייס אלץ! לעבעדעוו ווייס אלץ! איך האָב אייער עקסע־לענץ צוויי מאָנאַטען אומגערייזט מיט ליכאַטשעוו'ן אלעקסאַשקען, און אפילו נאָכ'ן טויט פון אייער פאטער. און אלע, דאָס הייסט אלע ווינ־קעלאך און אלע געסעלאך ווייס איך, און ס'איז געקומען דערצו אז אָהן לעבעדעוו'ן האָט מען זיך ניט געריהרט פון אָרט. איצט דינט ער אין דעם אסטראָג־אָפּטיילונג פאר בעלי־חובות, און דאן האָט ער געהאַט די געלעגענהייט צו קענען אי ארמאַנסען, אי קאראַליין, אי די פירשטין פּאַצקאַיא, אי נאַסטאַסיא פיליפּאָווגען, אָה, ער האָט געהאַט די גע־לעגענהייט צו קענען זעהר פיעל.

— נאַסטאַסיא פיליפּאָווגען? איז זי דען מיט ליכאַטשעוו'ן?... האָט אויף איהם בייז א קוק געטאָן ראָגאָזשין, דערביי זיינען אפילו זיינע ליפּען בלייך געוואָרען און אנגעהויבען ציטערען.

— ס'איז גאָרנישט! טאַקע גאָר־נאָרנישט! האָט זיך געכאַפּט און זיך געאיילט וואָס שנעלער דער טשינאָווניק — מיט קיינע געלדער האָט ליכאַטשעוו ניט געקענט צוקומען! אפילו ניט ארמאַנס. בלויז איין טאָצקי. יע און אין אבענד אין „גרויסען" אדער אין פראַנ־צויזישען טעאַטער זיצט זי אליין אין איהר אייגענער לאָזשע. די אָפיצערען קענען זיך רעדען צווישען זיך וואָס זיי ווילען. אָבער באַ־ווייזע פעהלט זיי: „דאָס איז דורכט זיך, דיזעלבע נאַסטאַסיא פילי־פּאָווגא", אָבער ניט מעהר; אָבער וועגען עפּעס מעהר — ניט! ווייל ס'איז מעהר נאָך ניטאָ.

— אָט אזוי איז דאָס טאַקע, האָט טריב און ברוגז'דיג באַשטע־טיגט ראָגאָזשין — דאָס זעלבע האָט מיר דאן אויך זאלעזשעוו גע־זאָגט. איך בין דאן, פירשט, אין דעם טאַטענ'ס פאר־דריי־יאָהריגען ווינטער־ראָק דורכגעלאָפען איבער נעווסקי פּראָספּעקט. ערשט איך גיב א קוק — זי קומט ארויס פון א מאגאזין און זעצט זיך אריין אין דער

פּאַרעטע, האָט עס מיר גלייך א ברען געטאָן. באַגעגען איך זאַלעז־שעוו'ן, ער איז ניט מיין גלייכען, ער געהט ווי א פּריקאַזטשיק פון ראַזירער, און טראָגט א לאָרנעט אויפ'ן אויג, און מיר געהען ביי אונ־זערע עלטערען אין געשמירטע שיך, און מען קאָרמעט אונז מיט פּוסטע באַרשטשען. זי, זאָגט ער, איז ניט דיין פּאָאַר. זי, זאָגט ער, איז א פירשטין און רופען רופט מען זי נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, איהר פאַ־מיליע איז באַראַשקאָווא, און וואוינען וואוינט זי מיט טאָצקין, און טאָצקי ווייס ניט ווי פון איהר לויז צו ווערען, ווייל ער האָט שוין איצט ביי די פופע פינף־און־פופציג יאָהר און איהם ווילט זיך חתונה האָבען מיט דער גרעסטער שענהייט פון פּעטערבורג. דאָ האָט ער מיר אויך פאַרטרויט: אויב דו ווילסט, קענסטו זעהן טאָקע היינט נאַסטאַ־סיא פיליפּאָוונא אין גרויסען טעאַטער, אין באַלעט, אין איהר לאָזשע, וועלכע איז גלייך מיט דער ביהנע, וועט זי זיצען. ביי אונז, ביי מיין פאָטער, פּרואוו נור וועלען געהן אין באַלעט — איין משפּט — דער־הרג'ענען צום טויט! פונדעסטוועגען אָבער האָב איך זיך שטילערהייט ארויסגעג'נב'עט אויף א שטונדע און געזעהן נאַסטאַסיא נאָכאַמאָל. יענע גאַנצע נאַכט האָב איך ניט געשלאָפען. אין דער פריה, גיט מיר דער פאַרשטאָרבענער צוויי פינף פּראָצענטיגע צעטלען צו פינף טוי־זענד יעדע, און זאָגט מיר: געה זיך נור דורך און פאַרקויף זיי. און זיבען טויזענד פינף הונדערט, טראָג אריין צו אַנדרעיעוו'ן אין קאָנ־טאָר, באַצאָהל. און מיט די איבעריגע רעשט פון די צעהן טויזענד, פאַרגעה ניט אין ערגעץ, ברענג זיי מיר, איך וועל אויף דיר וואַרטען. די צעטלען האָב איך פאַרקויפט, דאָס געלט גענומען אָבער צו אַנדרע־יעוו'ן אין קאָנטאָר ניט געגאַנגען, און בין גלייך אוועק אין דעם ענגלי־שען מאַגאַזין און פאַר די גאַנצע געלט אויסגעקליבען א פּאָר אוירינג־לאַך. יעדער אוירינגעל האָט געהאַט בלויז איין דימענט, די גרויס פון א נוס. עס האָט מיר געפעהלט פיער הונדערט רובעל. געזאָגט מיין נאָמען האָבען זיי געגלויבט, מיט די אוירינגלעך בין איך אוועק צו זאַלעזשעוו'ן דערצעהל איהם: אזוי און אזוי. קום ברודער מיט מיר צו נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. זיינען מיר אוועק. וואָס איז געלעגען אונ־טער מיינע פיס, וואָס איז געווען מיר פאַראויס און וואָס פון די זייטען. פון דעם אלעמען ווייס איך גאָרנישט און געדענק ניט. מיר זיינען גלייך צו איהר אין זאַל אריין. זי אליין איז אונז ארויסגעקומען, איך

האָב זיך דאַן פאַר איהר ניט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס ביז איך הייסט דאָס; „און פון פארפען, דאָס הייסט, ראגאזשין.“ זאָגט זאלעזשעוו איז דאָס אייך, צום אנדענקען פוי נעכטיגער באגעגעניש, ערלויבט עס צוצונעהמען. זי האָט געעפענט, א קוק געטאָן, א שמייכעל געטאָן: גיט איבער א דאנק, זאָגט זי, אייער פריינד דעם הערר ראגאזשין פאַר זיין פריינדליכער אויפמערקזאמקייט. זיך א נויג געטאָן און ארויס. פאַר וואָס בין איך דאַן אויפ'ן אָרט ניט געשטאָרבען! אַז וועז איך בין דאַן געגאנגען אהיים איז ווייל איך האָב געטראַכט: „אַלץ איינס וועל איך שוין קיין לעבעדיגער ניט קומען!“ נור מעהר פון אלץ האָט מיך געערגערט דאָס, וואָס מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז די דאָזיגע ווילדע חיה זאלעזשעוו האָט די גאנצע זאך אויסגענוצט פאַר זיך. איך בין א קליין־געוויקסיגער און געקליידט ביז איך אויך ווי א קבצן און איך שטעה און שווייג, גלאָץ מיט די אויגען אויף איהר, ווייל איך שעהם זיך, און ער איז געקליידט לויט דער לעצטער מאָדע, פריזירט, פאָמפאדירט, און באפארבט, דער קראוואט א געקעסטעלטער, און ער צוגיסט זיך אזוי, און ער חנ'דעלט זיך, און געווים האָט זי איהם אויפ־גענומען אנשטאט מיך. „נו, זאָג איך, ווען מיר זיינען ארויסגעגאנגען, דו זאָלסט מיר גאר ניט וואגען צו טראכטען, פארשטעהסט!“ לאכט ער; זעה נור, ווי וועסט דאָס איצט קענען אָפּגעבען רעכענונג סעמען פאָרפעניטשען?“ איך האָב דעם אמת געזאָגט, שוין דאַן געוואָלט געהן זיך טרינקען, אפילו גאר ניט פארגעהן א היים, נור איך קלעהר: „ס'איז דאך שוין אלץ איינס“ און ווי א פארארטהיילטער בין איך געקומען אהיים.

— עך! עך! האָט זיך געקרימט דער טשינאָווניק, און ער האָט אפילו אָנגעהויבען ציטערן: — דער פארשטאָרבענער האָט דאך געקענט ניט נור פאר צעהן טויזענד רובעל נור פאר צעהן רובעל אוועקשיקען עמיצען אויף יענער וועלט. האָט ער זיך געווענדט צום פירשט דער פירשט האָט מיט נייגעריגקייט באטראכט ראגאזשינען; עס האָט זיך געדוכט, אז יענער איז אין דער מינוט געווען נאָך בלאסער ווי ער איז.

— אוועקשיקען עמיצען אויף יענער וועלט! — האָט ווידערהאָלט ראָגאָזשין: — פון וואנען ווייסטו דאָס אלעס? מיין פאטער, האָט ער פאָרטגעזעצט דערצעהלען דעם פירשט, האָט גלייך פון אלץ זיך דער־

וואוסט, און זאַלעזשעוו אַליין האָט אויך יעדן אײַנעם אויסגעפּלוי־
דערט. האָט מיך דער טאַטע גענומען און פאַרשפּאַרט אויבן. און
אַ גאַנצע שטונדע מיט מיר גע'חזרט: דאָס, זאָגט ער, גרייט איך דיך
בלויז צו, אָבער אויף ביי נאַכט וועל איך זיך נאָך מיט דיר קומען זעגנ־
נען. וואָס־זשע דענקסטו? ער איז אַוועקגעפאָהרען דער אַלטער צו נאַס־
טאַסיע פיליפּאָוונאַ, איז געפאַלען פאַר איהר, געבעטען און געוויינט;
ביז ענדליך האָט זי איהם אַרויסגעטראָגען די קעסטעלע, אַ וואָרף גע־
טאָן; אָט האָסטו דיר, זאָגט זי, אַלטע באָרד, דיינע אוירינגלאַך, און
מיר זיינען זיי איצט נאָך אַלעמען אַסך טייערער אין פּרייז, ווען ער
פאַרפען האָט זיי געקענט פאַר מיר קריגען אונטער אַזעלכע שרעקליכע
אומשטענדען. גריס איהם, זאָגט זי, און דאַנק איהם, פאַרפען סעמיע־
נאָוויטש'ן." און איך האָב אין דער זעלבער צייט, מיט דער מאַמעס
ברכה, געקראָגען ביי סעראַזשקע פּראָטושין צוואַנציג רובעל און אַוועק
מיט דער באַהן קיין פּסקאָוו, און געקומען אַהין מיט פיבער: אַלטע
ווייבער האָבען מיך גענומען קורירען מיט לייענען די הייליגע, און איך
זיץ אַ שיכור'ער. און נאָכדעם האָב איך גענומען געהן אין די שענקען
און פאַרטרינקען דאָס לעצטע. אין אַ באַוואוסטלאָזער די גאַנצע נאַכט
זיך געוואַלגערט אויף די גאַסען. און ווי עס פלעגט ווערען טאָג, אהאַ!
דער פיבער איז דאָ, און פון דער זעלבער צייט פלעגען מיך איבער
נאַכט די הינט צובייסען איך פלעג זיך קוים אויפהויבען.

— אָבער יעצט וועט איצט זיך צוזינגען ביי אונז נאַסטאַסיא
פיליפּאָוונאַ! האָט רייבענדיג די הענט געכיכיקעט דער טשינאָווניק
— איצט מיין הערר ווער דאַרף אוירינגלעך! איצט וועלען מיר אונ־
טערטראָגען אַזעלכע אוירינגלאַך...

— ווען דו וועסט כאָטש נאָך איין מאָל זאָגען וועגען נאַסטאַסיא
פיליפּאָוונאַ אַזאַ וואָרט, שוועד איך דיר מיט גאָט, אַז איך וועל דיר
אויספּאַטשען. ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס דו פלעגסט אַרומפּאָה־
רען מיט ליכאַטשאָוו'ן — האָט אויסגעשריען ראָגאָזשין כאַפּענדיג
איהם פעסט ביים האַנט.

— ווען דו וועסט אויספּאַטשען, איז אַ צייכען, אַז דו וועסט מיך
פון זיך ניט אַרויסטרייבען. פּאַטש! מיט דעם אַליין קריגסטו שוין
עפּעס! אויסגעפּאַטשט און מיט דעם אַליין האָסטו פאַרזיגעלט... און
אָט זיינען מיר שוין געקומען!

ווירקליך, מען איז צוגעפאָהרען צום וואגזאל. כאטש ראגאזשין האט געזאָגט, אז ער איז ארויסגעפאָהרען אין דער שטיל, האָבען איהם דאָך שוין ערוואַרטעט עטליכע מענשען. זיי האָבען געשריען און גע־פאָכט מיט די היטלען.

— קוק נור אָן! אויך זאלעזשעוו איז דאָ! — האט א מורמעל געטאָן ראָגאָזשין, קוקענדיג אויף זיי מיט א זיעגרייכען און אפילו בעזען שמייכעל, און פּלוצלונג האט ער זיך געווענדט צום פירשט — איך וויים ניט פאר וואָס איך האָב דיך ליעב באַקומען. עס קען געבען, עס איז דערפאר ווייל איך האָב דיך אין אזא מינוט באגעגענט, דאָן האָב איך דאָך איהם אויך באגעגענט (ער האט אָנגעוויזען אויף לעבעדעוו'ן) און פונדעסטוועגען האָב איך דאָך איהם ניט ליעב באַקומען. קום זשע אריין צו מיר פירשט, מיר וועלען אָט די שטיוועלעטען פון דיר ארונ־טערנעהמען, איך וועל דיר אָנטאָן אין א מאַרדער־פוטער, פון די בעסטע. א פראַק וועל איך דיר אויפנעהען פון די בעסטע. א זשילעט א ווייסע, אָדער א וועלכע דו ווילסט, געלט וועל איך דיר אָנפילען פולע קעשע־נעס און... מיר וועלען אוועקפאָהרען צו נאסטאסיע פיליפּאָוונא! וועסט קומען צו ניט?

— נעהמט עס אין אכט פירשט לעוו ניקאלאיעוויטש! האט איינדרוקספאָל און פייערליך אונטערגעכאַפּט לעבעדעוו — אז לאָזט ניט דורך די געלעגענהייט! אי לאָזט ניט דורך!

פירשט מישקין האט זיך אויפגעשטעלט, האט העפליך דערלאַנגט ראָגאָזשינען די האַנט און ליעבליך געזאָגט צו איהם:

— מיט'ן גרעסטען פארגעניגען וועל איך קומען! און איך דאַנק אייך זעהר דערפאר, וואָס איהר האָט מיך ליעב באַקומען. עס קען געבען אז איך וועל נאָך קומען טאקע היינט, ווען איך וועל האָבען די מעגליכקייט, ווייל איך וועל אייך זאָגען גאַנץ אָפען, איהר זייט מיר אויך שטאַרק געפעהלען געוואָרען און דערהויפּט, ווען איהר האָט דער־צעהלט וועגען די אוירינגלאַך. אפילו נאָך פריהער פאר די אוירינגלאַך זייט איהר מיר געפעהלען געוואָרען כאָטש איהר האָט אַן אומעטיגען פּנים. איך דאַנק אייך אויך פאר די צוגעזאָגטע קליידער און פאר דעם פוטער ווייל באַלד וועל איך זיך אין די קליידער און פוטער זיכער נויטיגען, געלט האָב איך שוין טאקע איצט כמעט אפילו קיין קאָפּיקע ניט.

— געלט וועט זיין. אין אבענד וועלען זיי זיין. קום!

— עס וועט זיין, וועט זיין! — האָט אונטערגעכאפּט דער טשי־נאָווניק — אין אבענד נאָך איידער די שטערען קומען ארוים וועט שוין זיין!

— און צו דעם פּרויען־געשלעכט האָט איהר, פּירשט, עפּעס גרויסען חשק? זאָגט פריהער!

— איך נ— נ— ניט! איך בין דאָך... איהר ווייסט אפשר ניט, צוליב מיין איינגעבוירענער קראַנקהייט קען איך דאָך גאר ניט קיין פרויען.

— אויב אזוי, האָט אויסגערופען ראָגאָזשין — ביזטו דאָך פּירשט גאָר א מאָדנער מענש, און אזעלכע ווי דו האָט גאָט ליעב.

— און אזעלכע האָט גאָט ליעב, האָט אונטערגעכאפּט דער טשי־נאָווניק.

— און דו קום מיט מיר, האָט געזאָגט ראָגאָזשין לעבעדעוו'ן און זיי זיינען אלע ארוים פון וואַגאָן.

לעבעדעוו האָט געענדיגט דערמיט וואָס ער האָט זיינס דער־גרייכט. באלד איז זיך די פרעהליכע חברה אוועק אין דער ריכטונג פון וואָזנעסענסקי פּראָספּעקט. דער פּירשט האָט געדארפט פּארקירע־ווען צו דער ליטעינער גאַס, עס איז געוועזן פייכט און נאַס. דער פּירשט האָט פאַנאַנדערגעפרעגט די דורכגעהער — ביז דער ענד פון דעם פּאר איהם פאָרשטעהענדען וועג איז געוועזן א ווערסט דריי און ער האָט באשלאָסען נעהמען א פוהרמאַן.

---

## צווייטער קאַפּיטעל.

גענעראל עפּאַנטשין האָט געוואוינט אין זיין אייגענער הויז אבי־סעל אהן א זייט פון דער ליטעינער. צו ספּאַס־פּרעאָבראַזשעניע צו. אויסער דער (פיינער) הויז, וועלכע איז געוועזן דריי פערטעל

פאַרדונגען צו אַנדערע. האָט דער גענעראַל עפּאַנטשין געהאַט נאָך אַ גרויסע הויז אויף דער סאַדאָווער גאַס, וועלכע האָט אויך אַריינגע־טראָגען אַ גאַנץ היבשע הכנסה, אויסער די צוויי הייזער, איז ביי איהם געווען ניט ווייט פון פּעטערבורג אַ גאַנץ היבשע און פּאַרדינסט־ברענגענדע לאַנד־גוט. אויך האָט ער געהאַט אין פּעטערבורגער אויעזד עפּעס אַ פאַבריק. אין די גאָר אַלטע צייטען האָט דער גענעראַל עפּאַנ־שטין, ווי ס'איז געווען אַלעמען באַוואוסט גענומען אַ גרויסען חלק אין פּאַכטעס. היינט האָט ער זיך באַשעפּטיגט און געהאַט אַ חלק אין עטליכע גרויסע אַקציאָנערנע קאָמפּאַניעס. גערעכענט האָט מען איהם פאַר אַ מענשען זעהר אַ רייכען, מיט אַסך באַשעפטיגונגען און גרויסע באַקאַנטשאַפטען. אין איינינגע ערטער האָט מען אהן איהם איינ־פאַך ניט געקענט אויסקומען, אין דעם אויך אַריינגערעכענט זיין דינסט אין דער אַרמיי. אָבער חוץ דעם איז אויך געווען באַקאַנט, אַז איוואַן פיאָדאָראָוויטש עפּאַנטשין — איז אַ מאַן אָהן וויסען און שטאַמט פון סאָלדאַטסקע קינדער. דאָס לעצטע האָט מען אָהן צווייפעל בלויז געקענט צורעכענען צו זיין עהרע ווענען. דער גענעראַל כאָטש ער איז געווען אַ קלוגער מענש האָט באַזעסען אַסך קליינע פּאַרצייליכע שוואַכקייטען און ער האָט ניט ליעב געהאַט איינינגע אָנדייטונגען. אָבער אַ קלוגער און פעהיגער מענש איז ער זיכער געווען. ער האָט צום ביישפּיל געהאַט אַ סיסטעם, ניט אַרויסרוקען זיך אויבען אַז וואו מען דאַרף זיין ניט אָנגעזעהן, און פילע האָבען איהם געאַכטעט טאַקע פאַר דער דאָזיגער איינפאַכקייט. טאַקע דערפאַר ווייל ער האָט שטענ־דיג געוואוסט וואו זיין פּלאַץ איז. און פונדעסטוועגען ווען זיינע ריכטער וואָלטען געוואוסט וואָס עס קומט אַמאָל פאָר אין דער נשמה פון איוואַן פיאָדאָראָוויטש וועלכער האָט אַזוי גוט געוואוסט וואו זיין פּלאַץ איז! כאָטש ער האָט זיכער געהאַט אַ פּראַקטיק, אַ ערפאַה־רונג אין אַלע לעבענס־פעלע און אויך אַ היבש ביסעל פיינע פעהיג־קייטען, דאָך האָט ער ליעב געהאַט אַרויסצושטעלען זיך מעהר אַלץ דער דורכפיהרער פון פרעמדע אידעען, איידער זיינע אייגענע; פאַר אַ מענשען „וואָס איז טריי, אָהן חניפה" און — מיט דער צייט, אַפילו פאַר אַ רוסישען און האַרציגען. אין זיין לעצטער באַצי־הונג האָבען מיט איהם אַפילו געטראָפען איינינגע שפּאַסהאַפטע אַנעקדאָטען; אָבער דער גענעראַל האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָרען.

אפילו פאַר די שפּאַסהאַפּטסטע אַנעקדאָטען. און חוץ דעם אַלעמען האָט ער געהאַט אויך מזל, אפילו אין קאָרטען, און געשפּילט האָט ער אויף אַ גרויסען שטייגער און אפילו מיט אַ געוויסער אבזיכט. ער האָט ניט נור ניט געוואָלט באַהאַלטען זיין קליינינקע שוואַכקייט צו קאָרטען וואָס איז איהם אין אַסך פעלע צוניץ געקומען, נור ער האָט מיט דעם שטאָלצירט. געקומען איז ער פאַרשטעהט זיך, אין אַ געמישטער געזעלשאַפט, אַלענפאַלס צווישען דער העכערער. נור אַלץ איז געלעגען אין דער צוקונפט. די צייט האָט געדולד. די צייט דולדעט אַלץ. און אַלץ האָט געדאַרפט קומען מיט דער צייט און אויף זיין פּלאַץ. און אפילו אין יאָהרען, איז נאָך גענעראַל עפּאַנטשין געווען, ווי מען זאָגט, אין די סאַמע זאַפטיגע, דאָס הייסט זעקס און פופציג יאָהר, און טאָקע ניט מעהר, וועלכעס איז אַלענפאַלס אַן עלטער אַ בליהענדע. אַן עלטער אין וועלכער עס הויבט זיך באמת ערשט אָן דאָס ריכטיגע לעבען. געזונט, פאַרב אין פּנים, פעסטע כאָטש שוין שוואַרצע ציין, אַ שטאַרקער פעסט־געבויטער קערפּער. אַ באַשעפטיגטער אויסדרוק אויף דער גאַנצער פיזאָנאָמיע אין דער פריה אויף זיין אַמט, אַ פרעהליכער צו אָבענד צו ביי די קאָרטען, אָדער ביי זיין עקסעלענץ — אַלץ האָט געהאָלפען די איצטיגע און צוקונפטיגע ערפאָלגען און האָט אויסגעשפּרייט דאָס לעבען פון זיין עקסעלענץ מיט בלומען.

דער גענעראַל האָט געהאַט אַ בליהענדע פאַמיליע, אמת דאָ איז שוין ניט אַלץ געווען בלומען אָבער דערפאַר איז דאָ אויך געווען אַסך אַזעלכעס אויף וואָס עס האָבען שוין לאַנג, ערנסט און האַרציג זיך אָנגעהויבען אָפּשטעלען די הויפּט־האָפענונגען און צילען פון זיין עקסעלענץ. און באמת, וואָס איז דאָ פאַר אַ וויכטיגערע און הייליגערע שטרעבונג אין לעבען ווי די שטרעבונג פון עלטערען? צו וואָס קען זיך אַ מענש נאָך אַזוי צובינדען ווי צו אַ פאַמיליע? די פאַמיליע פון גענעראַל איז באַשטאַנען פון דער ווייב און דריי דערוואַקסענע טעכטער. געהייראַט האָט דער גענעראַל שוין זעהר לאַנג, זייענדיג נאָך אין טשין פון אַן אונטעראָפיצער, מיט אַ מיידעל וועלכע איז כמעט געווען מיט איהם אין איינע יאָהרען. און וועלכע איז ניט געווען קיין שעהנע און ניט קיין געבילדעטע און וועלכע האָט איהם געגעבען אַלס נדן בלויז פופציג נפשות — און וועלכע האָבען געדינט, דעם אמת געזאָגט, אַלס פונדאַמענט פאַר זיין צוקונפטיגען וואָהל־זיין. נור דער

גענעראל האט קיינמאל ניט חרטה געהאט אויף זיין פריהיגער הייראט. ער האט איהר קיינמאל ניט ארויסגעשטעלט אלס א הינרייסונג פון ניט קיין אויסגערעכענטע יוגענד און דאס ווייב זיינס האט ער אויף אזוי פיעל געאכטעט, און אויף אזוי פיעל פאר איהר אפט מורא געהאט, דאס ער האט זי אפילו געליעבט. די גענעראלשע איז געוועזן פון דער פירשטליכער משפחה, פון די מישקינ׳ס, א משפחה כאטש ניט אזא יחוס׳דיגע אבער דערפאר זעהר אן אלטע און צוליעב איהר אפשטאמונג, האט זי זעהר געהאלטען פון זיך. עמיצער פון די אמאליגע איינפלוסרייכע מענשען, איינער פון יענע באשיצער וועלכען זייער באשיצונג קאסט כמעט קיינמאל גארניט האט איינגעשטימט זיך פאראינטערעסירען מיט דער הייראטה פון דער יונגער פירשטין. ער האט געעפענט א טירעל דעם יונגען אפיצער און איהם א שטופ געטאן אין גאנג. און יענער האט אפילו ניט געדארפט נויטיג האבען א שטופ. איהם איז גענוג געוועזן איין בליק — ער וואלט שוין גלאט אזוי פארלארען ניט גענאנגען! מיט א פאר אויסנאמען האט דאס פאר פאלק אפגעלעבט זייער לאנגען יובילעאום אין פריידען. נאך זייענדיג גאר יונג האט שוין די גענעראלשע געקענט זיך האלטען, אזוי ווי עס פאסט א געבוירענער פירשטין און נאך דערצו א לעצטער אין איהר משפחה. און אפשר איז דאס געקומען צוליעב די פערזענליכע מעלות פון אייניגע פון איהרע הויכגעשטעלטע באשיצערינס. גאר צום לעצט, ווען איהר מאן איז רייך געווארען, און דערהויבען געווארען אין זיין אמט האט זי אין אט דעם הויכען קרייז זיך אפילו אנגעהויבען איינלעבען אויך.

אין אטא די לעצטע יאהרען זיינען אונטערגעוואקסען און צייטיג געווארען דעם גענעראלס אלע דריי טעכטער, — אלקסאנדרא, אדעלאאידא און אגלאיא. ס׳איז אמת, אז זיי אלע דריי זיינען נור געוועזן פשוט׳ע עפאנטשין׳ס, נור האבענדיג אויך דעם פירשטליכען יחוס פון דער גוטער און א היבשען נדן און א טאטען, וואס פרעטענדירט די לעצטע צייט גאנץ מעגליך צו פארנעהמען זעהר א הויכע שטעלע. און דאס וואס איז אויך גאנץ וויכטיג — אלע דריי זיינען געוועזן אויסערגעוועהנליך שעהנע מיידלאך, ניט אויסשליסענדיג אפילו דער עלטערער טאכטער אלעקסאנדרא, וועלכער איז שוין אריבער דעם פינף און צוואנציג יאהריגען עלטער. די מיטעלע איז אלט געוועזן דריי און צוואנציג יאהר און דער יונגערער אגלאיען איז ערשט געווארען צוואנ־

ציג, אַז די יונגערע איז אפילו געווען גאָר אַ גרויסע שענהייט, און האָט אָנגעהויבען צוציהען צו זיך אין דער געזעלשאַפט גרויס אויפ־מערקזאַמקייט. נור אויך דאָס איז ניט געווען אַלעס: אַלע דריי האָ־בען זיך אויסגעצייכענט מיט זייער בילדונג, קלוגשאַפט און טאַלאַנט. עס איז געווען באַקאַנט, אַז זיי האָבען אַלע זעהר היים ליעב געהאַט איינע די צווייטע, און איינע האָט דער צווייטער ארויסגעהאָלפען. מען האָט אויך גערעדט וועגען עפּעס גרויסע אויפּאָפּפערונגען וועלכע די צוויי עלטערע האָבען געבראַכט פאַר דעם אַלגעמיינעם פאַמיליען־געץ — דער יונגסטער. אין געזעלשאַפט האָבען זיי ניט נור ניט ליעב געהאַט צו שפּילען אַ ראָליע נור זיי זיינען אפילו געווען צופיעל באַ־שיידען. קיינער האָט זיי ניט געקענט פאָרוואַרפען אַז זיי האַלטען זיך גרויס און גאוה'דיג. און דאָך האָבען אַלע געזעהן אַז זיי זיינען שטאָלץ און ווייסען זייער ווערטה. די עלטערע איז געווען אַ מוזי־קערין, די מיטעלע איז געווען אַן אויסגעצייכענטע מאָהלערין; נור דערפון האָט אַסך צייט קיינער ניט געוואוסט. און ענטדעקט האָט זיך דאָס ערשט גאָר די לעצטע צייט, און דאָס אויך ניט ווילענדיג. מיט איין וואָרט, וועגען זיי האָט מען גערעדט זעהר פיעל לויבענסווערטהעס. נור אויך שונאים האָט זיי ניט געפעהלט. מיט שרעק האָט מען גע־רעדט וויפיעל ביכער זיי האָבען עס דורכגעלייענט. הייראַטען האָבען זיי זיך ניט געאיילט; זיי האָבען אפילו יע געשעצט אַ געוויסען קרייז פון דער געזעלשאַפט אבער אַלץ ניט צופיעל. און מערקווירדיגער פון אַלץ איז געווען, וואָס אַלע האָבען געוואוסט די ריכטיגע, כאַראַקטער־צילען און שטרעבונגען פון זייערע עלטערען.

עס איז געווען אַרום עלף אַ זייגער, ווען דער פירשט האָט אָנ־געקלונגען אין דעם גענעראַלס קוואַרטיר. דער גענעראַל האָט גע־וואוינט אויפ'ן צווייטען גאָרען און האָט פאַרנומען אַ וואוינונג, לויט דער מעגליכקייט, אַ באַשיידענע. צוגלייך מיט זיין וויכטיגקייט. גער־פענט דעם פירשט האָט דער משרת, אין אַ ליווריע, און ער האָט לאַנג געדאַרפט ערקלעהרען דעם דאָזיגען מענשען, וועלכער האָט איהם מיט זיין פּעקעלע אָנגעקוקט מיט אַ חשד. ענדליך נאָך אַ פולער און גע־נויער ערקלעהרונג, אַז ער איז דאָס טאַקע באמת דער פירשט מישקין, און אַז ער דאַרף דעם גענעראַל זעהר נויטיג זעהן, האָט דער צומר־מעלטער משרת איהם אַריינגעפיהרט, אין אַ קליינער פאָדער־הויז לע־

בען דעם אויפנאהמס־צימער, ביים זייט פון קאבינעט, און איהם אי־בערגעגעבען האַנט צו האַנט אַז אנדער מענשען, וועלכער איז געשטאַ־נען אין דעם אויפנאהמס־צימער אלע אין דער פריה, און וועלכער פלעגט לאָזען וויסען דעם גענעראַל וועגען די באַזוכער. אַט דער אנדער מענש איז אַ פראַק איז געווען אַ מאַן אין די פערציגער מיט אַ פאַר־זאָרגטען פנים און איז געווען דער סעפּציעלער קאבינעטנער דינער און מעלדער פון זיין עקסצעלענץ, און האָט געוואוסט זיין ווערטה.

— ווארט צו אין אויפנאמס־צימער, און דעם פּעקעלע לאָזט דאַ, האָט ער געזאָגט ניט איילענדיג און מיט ווירדע, אוועקזעצענדיג זיך אין זיין שטוהל און מיט שטרענגע פארוואונדערונג געקוקט אויפ'ן פירשט, וועלכער האָט זיך געמאכט פּלאַץ מיט זיין פּעקעלע אין האַנט טאקע דאַ לעבען איהם אויפ'ן שטוהל.

— ווען איהר וועט מיר ערלויבען, האָט געזאָגט דער פירשט — וואָלט איך בעסער דאַ לעבען אייך צוגעווארט, וואָס וועל איך דאָרט זיצען אליין?

— דער אויפנאהמס־צימער איז ניט פאַר אייך, ווייל איהר זייט אַ באַזוכער און ניט קיין גאַסט. איהר דאַרפט טאַקע זעהן דעם גע־נעראַל אליין?

דער דינער האָט זיך ניט געקענט צופרידען שטעלען מיט'ן גע־דאנק צו אריינלאָזען אַזאַ באַזוכער און ער האָט באַשלאָסען איהם נאָכאַמאָל פרעגען.

— יע, איך האָב אַ נויטיגע זאַך... האָט אנגעפאַנגען דער פירשט.

— איך פרעג אייך ניט וואָס פאַר אַ מין זאַך — מיין זאַך איז צו מעלדען וועגען אייך, און אָהן דעם סעקרעטער, האָב איך אייך געזאָגט, וועל איך וועגען אייך ניט געהן מעלדען.

די פאַרדאכט וואָס דער דאָזיגער מאַן האָט געהאַט, איז אלץ מעהר און מעהר געוואַקסען: צופיעל האָט דער פירשט ניט אריינגע־פּאַסט זיך אין דעם קלאַס פון די שטענדיגע באַזוכער, און כאָטש דעם גענעראַל פלעגט אויסקומען גאַנץ אָפט, כמעט אלע טאָג, איז אַ באַ־שטימטער שטונדע אויפנעהמען, באַזונדערס וועגען זאַכען, אָפט אפילו גאַנץ פאַרשיידענע מענשען, אבער ניט קוקענדיג אויף דער געוואוינ־הייט און די זעהר ברייטע אינסטרוקציעס, איז דער קאַמערדינער געווען

אין גרויס צווייפעל. די פאַרמיטלונג פון סעקרעטער, ווענען דער מעל־דונג, איז געווען נייטיג.

— זייט איהר ווירקליך... פון אויסלאַנד? האָט ער ענדליך ניט ווילענדיג געפרעגט און זיך אָפּגעהאַקט. ער האָט, ס׳קען זיין, געוואָלט פרעגען: זייט איהר ווירקליך פירשט מישקין?

— יע. איך קום אָט ערשט פון וואַגאָן. מיר דוכט זיך, איהר האָט געוואָלט פרעגען: צי בין איך ווירקליך פירשט מישקין? נור איהר האָט עס ניט געפרעגט צוליעב העפליכקייט.

— המ... האָט ארויסגעברומט דער פאַרוואונדערטער דינער.

— איך פאַרזיכער אייך, אז איך האָב אייך ניט אָפּגענאַרט. און איהר וועט פאַר מיר ניט דאַרפען ליידען. און פאַר וואָס איך זעה אזוי אויס, אין מיט א פּעקעלע, איז דאָס אויך ניט קיין וואונדער. היינט צו טאָג זיינען מיינע אומשטענדען ניט גאַר קיין פיינע.

— המ, איך האָב, זעהט איהר, ניט דערפאַר מורא, מעלדען בין איך מחויב און צו אייך וועט באַלד ארויסקומען דער סעקרעטער. סיי־דען אויב איהר... אָט דאָס איז טאַקע דער „סיידען". זייט איהר פון אָרימקייט ניט געקומען בעטען ביים גענעראַל? וואָג איך, צו פרעגען?

— אָ, ניין! אין דעם וועט איהר זיך באַלד איבערצייגען, ביי מיר איז אַן אַנדער זאַך.

— איהר וועט מיר ענטשולדיגען. איך האָב דאָס געפרעגט קוּ־קענדיג אויף אייך. וואַרט אויפ׳ן סעקרעטער. ער אַליין איז איצט פאַרנומען מיט׳ן פּאָלקאָווניק, און נאָכדעם וועט קומען דער סעקרע־טער...

— הייסט עס, אויב לאַנג וואַרטען, וואָלט איך אייך עפּעס געבעטען: קאָן מען דאָ ניט ערגעץ וואו א רויכער טאָן? איך האָב א ליולקע און טאַבאַק מיט זיך.

— א — רוי—כער — טאָן? — האָט מיט פאַרוואונדערונג און פאַראַכטונג אויף איהם אויפגעהויבען די אויגען דער קאַמערדינער. עפּעס אזוי ווי ער וואָלט נאָך אַלץ ניט געגלויבט זיינע אויערן — רויכערן? — ניין. דאָ טאָר מען ניט רויכערן, און דערצו דאַרפט איהר דאָך זיך שעהמען דאָס אפילו צו האָבען אין געדאַנק. כע... ס׳איז עפּעס מאָדנע!...

— אָ, איך האָב דאָך אָבער ניט געבעטען אין דיזען צימער צו

רויכערן; איך ווייס דאָך; איך וואָלט ערגעץ ארויסגעגאַנגען, וואו איהר וואָלט מיר אַנגעוויזען, ווייל איך בין געוואוינט צו רויכערן. און אַט איז שוין דריי שטונדען ווי איך האָב ניט גערויכערט. אָבער נאָך אלעמען. ווי איהר פארשטעהט. איהר ווייסט דאָך, עס איז דא אַ ווער־טעל: אין אַ פרעמדען מאָנאַסטיר...

— היינט זאָגט אליין. ווי קען מען וועגען אייך, וועגען אַט אַזא מענשען, מעלדען? האָט א מורמעל געטאָן. כמעט ניט ווילענדיג, דער קאַמערדינער. — ערשטענס, איז אייך דאָ גאָר ניט ערלויבט צו זיין. נור זיצען אין אויפנאַהמס־צימער, ווייל איהר זייט אין דעם קלאַס פון די באַזוכער. עפּעס אנדערש איז א גאַסט, יענער פרעגט שוין ביי מיר... און איהר קלייבט זיך דאַן דאָ ביי אונז צו בלייבען וואוינען?

— האָט ער צוגעגעבען, וואָרפענדיג נאָכאמאָל א קרומען בליק אויף דעם פירשט׳ס פּעקעלע, וועלכער האָט איהם קענטיג ניט געלאָזט רוהען.

— ניין. איך קלייב זיך ניט, אפילו ווען מען וואָלט מיך איינ־געלאַדען, וואָלט איך ניט געבליבען. איך בין איינפאַך געקומען צו באַקאַנען זיך און מעהר גאָר ניט.

— ווי? באַקאַנען זיך? האָט מיט פארוואונדערונג און פּאָר דרייפאַכטען פאַרדאַכט געפרעגט דער קאַמערדינער — וואָס־זשע האָט איהר פריהער געזאָגט אז איהר דאַרפט וועגען אַן ענין?

— ס׳איז כמעט ווי ניט וועגען אַן ענין! דאָס הייסט אויב איהר ווילט, איז דא אַ שטיקעל ענין, בלויז נור א פרעג טאָן אַן עצה. אָבער די הויפּטזאַך, איז צו באַקאַנען זיך, ווייל איך בין פירשט מישקין, און די גענעראַלשע עפּאַנטשין איז אויך די לעצטע פון די פירשטין מישקין׳ס. און חוץ מיר און איהר זיינען קיין מישקין׳ס מעהר ניטאָ.

— הייסט עס, אז איהר זייט א קרוב אויך! האָט שוין כמעט אין גאַנצען זיך דערשראָקען דער דינער.

— און דאָס איז אויך כמעט ווי ניט. איבריגענס, אויב מען זאָל וועלען גוט רעכענען זיינען מיר אודאי קרובים, נור אַזעלכע ווייטע, דאָס איז אמת׳ן קען מען זיך אלס אַזעלכע ניט רעכענען. איך האָב זיך איינמאָל געווענדט פון אויסלאַנד צו דער גענעראַלשע מיט א בריף נור זי האָט מיר ניט געענטפערט. פונדעסטוועגען האָב איך געפונען פאַר נויטיג צו שטעלען זיך אין פאַרבינדונג ווען איך וועל צוריקקעהרען.

איך ערקלעהר עס אייך איצט, כדי איהר זאָלט ניט צווייפלען, ווייל איך זעה אז איהר זייט אומרוהיג: מעלדעט, אז דער פירשט מיש־קין. און שוין אין דער מעלדונג אליין וועט זיך זעהן די אורזאכע פון מיין באזוך. וועלען זיי אויפנעמען — איז גוט, וועלען זיי ניט אויפ־נעמען — איז אפשר אויך זעהר גוט. נור, ס'דוכט זיך, אז ניט אויפ־נעמען קענען זיי ניט; די גענעראלשע וועט דאך זיכער וועלען זעהן דעם לעצטען און דעם איינציגען פאַרשטעהער פון איהר משפחה, און ווי איך האָב מיט זיכערקייט געהערט שעצט זי זייער איהר אָפּשטאַ־מונג.

דוכט זיך, אז דעם פירשט'ס געשפּרעך איז געווען פון די סאַמע איינפאַכסטע; נור וואס איינפאַכער ער איז געווען אלץ איז ער איז דעם פאַל געוואָרען נאַרישער. און דער ערפאַהרענער קאמערדינער האָט עס דערפיהלט. דאס וואָס עס פאַסט זעהר גוט צו רעדען א מענש מיט א מענשען, פּאַסט גאָר ניט פאַר א גאַסט מיט א דינער. און אזוי ווי די דינער זיינען אסך קליגער ווי עס דענקען ווענען זיי זייערע הערען, איז אויך דעם קאמערדינער איינגעפאַלען אין קאָפּ אז דאָ זיי־נען דאָ צוויי זאכען: אדער דער פירשט איז עפּעס א שלעפּער און איז זיכער געקומען בעטען עפּעס א נדבה, אדער דער פירשט איז איינפאַך א נאַר און האָט גאָר ניט קיין אמביציע, ווייל א קלוגער פירשט און מיט אמביציע וואָלט ניט אָנגעפאַנגען רעדען זיצענדיג אין א פּאָדער־הויז מיט א משרת, ווענען זיינע ענינים, און אפשר וועט נאָך אויסקומען אין דעם פאַל אדער אין דעם צווייטען צו ליידען פאַר איהם?

— און פונדעסטוועגען וואָלט איך אייך געבעטען, איהר זאָלט אריבערגעהן אין אויפנאַהמס־צימער, האָט ער באַמערקט לויט דער מעגליכקייט שוין פיל שטרענגער.

— יע, איך וואָלט דאַרטען אויך געזעסען,, נור דאַן ווי וואָלט איך אייך געקענט דאָס אלץ ערקלעהרען, האָט פרעהלאך זיך צולאכט דער פירשט. — און ווי עס ווייזט אויס וואָלט איהר נאָך אלץ געווען אומרוהיג קוקענדיג אויף מיין מאַנטעל פון פּעקעלע. אָבער איצט, האָט איהר אפילו ניט וואָס צו וואַרטען אויפ'ן סעקרעטער נור איהר קענט אליין אריינגעהן און מעלדען.

— איך קען ווענען אזא באזוכער ווי איהר אָהן דעם סעקרעטער,

ניט מעלדען, און דערצו האָט דער גענעראל אליין אָט ערשט אָנגעזאָגט אז מען זאָל זיי ניט באומרוהיגען, צוליב קיינעם ניט, ביז דער פּאָל־קאָווניק וועט דארט זיין. און גאווריל‍א ארדאליאָניטש קען אריינקור־מען אהן א מעלדונג.

— ער איז א טשינאָווניק?

— איהר מיינט גאווריל‍א ארדיוליאָנאָוויטש? ניין. ער דינט דאָ. שטעלט כאָטש אוועק דאָס פּעקעלע אָט — אָדאָ — אָ!

— איך האָב שוין וועגען דעם געטראַכט; ווען איהר וועט מיר ערלויבען, און ווייסט איהר וואָס, איך וויל גאר ארונטערנעמען דעם מאנטעל.

— געוויס. איהר וועט דאך ניט אריינקומען צו איהם אין מאנ־טעל.

דער פירשט האָט זיך אויפגעשטעלט, אויף גיך ארונטערגענומען פון זיך דעם מאנטעל און איז געבליבען אין א גאנץ פיינעם און מיט געשמאַק גענעהטען כאָטש אָפּגעטראָגענעם ראָק. איבער דער זשי־לעט איז געהאנגען א שטאָלענע קייטעלע, אויף דער קייטעלע א זשע־נעווער זילבערנער זייגערל.

כאָטש דער פירשט איז געווען א נאר — דער קאמערדינער האָט שוין אזוי באשלאָסען — פונדעסטוועגען האָט זיך דעם גענעראלס משרת ענדליך אויסגעוויזען, אז ס'איז ניט אנשטענדיג צו פיהרען א ווייטערן געשפּרעך מיט א באזוכער, ניט קוקענדיג דארויף וואָס דער פירשט איז איהם גראד געפעהלען געווארען, אויף זיין אופן געוועהנ־ליך. נור נעמענדיג די זאך פון אנדער בליק, האָט ער ערוועקט אין איהם א באשטימטע און גראָבע ענטריסטונג.

— און ווען זיינען די אויפנאהמס־שטונדען פון דער גענעראלשע? האָט געפרעגט דער פירשט, זיך אוועקזעצענדיג צוריק אויפ'ן זעלבען פּלאַץ.

— דאס באלאנגט שוין ניט צו מיר, זיי נעמען אויף פארשידען. עס ווענדט זיך וועמען. די מאָדיסטקע לאָזט זי צו אפילו עלף אזייגער. גאווריל‍א ארדילאָניטש'ען לאָזט מען אויך פריהער פון אלעמען, אפילו צום פרישטיק לאָזט מען איהם צו.

— דאָ ביי אייך אין די צימערן איז ווארימער ווי אין אויסלאנד

אום ווינטער, האָט באַמערקט דער פירשט — אבער דערפאר איז דאָר־טען אויף די גאַסען ווארימער ווי ביי אונז. ווינטער אבער אין די הייזער — איז פאר א רוסישען מענשען לעבען אונמעגליך. ער איז ניט געוואוינט.

— זיי הייצען ניט?

— יע. און די הייזער זיינען דאָרט אויך אנדערש געבויט, דאָס הייסט די אויוועז און די פענסטער.

— הם! און לאנג האָט גענומען אייער רייזע?

— פיער יאָהר. איבריגענס, בין איך כמעט געזעסען די גאנצע צייט אויף איין פּלאַץ, אין דאָרף.

— איהר האָט זיך שוין געווים אָפּגעוואוינט פון אונזער לעבען?

— דאָס איז אויך ריכטיג. איהר וועט מיר גלויבען, איך וואונ־דער זיך אויף זיך, ווי איך האָב נאָך רוסיש ניט פארגעסען רעדען. אָט רעד איך איצט מיט אייך און אליין קלעהר איך: אפשר טאַקע דערפאר רעד איך אזוי פיעל. פון נעכטען אָן ווילט זיך מיר נאָר אליץ רעדען רוסיש.

— הם. כע. איהר האָט פריהער געוואוינט אין פּעטערבורג? (ווי עס האָט זיך ניט געשטאַרקט דער דיענער, אָבער ער האָט ניט געקאָנט ניט נעהמען אנטייל אין אזא עדעלען געשפּרעך).

— אין פּעטערבורג? כמעט ווי ניט. בלויז דורכגעפאָהרען. און אמאָל האָב איך דאָ טאַקע גאָרנישט ניט געוואוסט, און איצט הערט מען דאָ אזוי פיעל נייעס דאָס מען זאָגט, אז ווער עס האָט אפילו גע־וואוסט דארף ערשט פון דאָס ניי אָנהויבען וויסען. איצט רעדט מען דאָ פיעל וועגען די געריכטען.

— הם. געריכטען. די געריכטען זיינען פון די אמת'ע געריכטען. און ווי איז דאָרטען. איז דאָרטען מעהר יושר אין געריכט?

— כ'וויים ניט. איך האָב וועגען אונזערע א סך גוטעס געהערט. אָט איז ביי אונז אפילו ניטאָ קיין טויט־שטראָף.

— און דאָרטען איז דאָ?

— יע. איך האָב דאָס אין פראנקרייך געזעהן. אין ליאָן, מיך האָט אהין שניידער גענומען.

— מען הענגט?

— ניין. אין פראנקרייך האַקט מען אָרונטער דעם קאָפּ.

— נו, און וואָס, יענער שרייט?

— ווייס איך! עס נעהמט בלויז איין אויגענבליק. מען לעגט דעם מאַן אוועק, און עס פאַלט אַזאַ מין ברייטער מעסער איבער דער מאַשין. מען רופט עס גילאָטינע. שווער, שטאַרק... דער קאָפּ שפּרינגט אָפּ, אַזוי שנעל דאָס עס איז ניטאָ קיין צייט, אַ מאַך טאָן מיט'ן אויג. די פאַרברייטונגען זיינען שווערע. ווען מען לעזט פאַר דעם אורטהייל, גרייט מען אַלץ צו, מען בינדט, מען פיהרט ארויף אויפ'ן עשאַפאָט, אָט דאָס איז שרעקליך! דאָס פאָלק לויפט זיך צונויף, אפילו פרויען, כאָטש דאָרטען האָט מען ניט ליעב אַז פרויען זאָלען עס צוקוקען.

— ס'איז ניט זייער עסק!

— געוויס! געוויס! אַזעלכע ליידען! דער פאַרברעכער איז געווען אַ קלוגער מענש, ניט קיין שרעקעדיגער, אַ שטאַרקער, ניט קיין יונגער. לעגרא האָט מען איהם גערופען. און הערט איהר נאָר, גלויבט יע, אָדער גלויבט ניט, ער איז ארויף אויפ'ן עשאַפאָט — און געוויינט. ווייס ווי פּאַפּיר. איז דאָס דען מעגליך? איז דאָס ניט שרעקליך? ווער קען עס וויינען פון שרעק? איך האָב ניט געוואוסט אַז פון שרעק קאָן וויינען ניט נאָר אַ קינד נאָר אויך אַ מאַן, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געוויינט. אַ פינף און פערציג יאָהריגער מאַן. אַ, וואָס עס קומט פאָר מיט דער נשמה אין אַזאַ צייט, צו וועלכע קרעמפּען מען ברענגט זי דאָס? אָט דאָס הייסט מאַכען חוזק פון דער נשמה! עס איז געזאָגט געוואָרען: „הרג'ע ניט!" איז דערפאַר וואָס ער האָט גע'הרג'עט דאַרף מען איהם אויך הרג'ענען? — ניין, דאָס טאָר מען ניט. איך האָב דאָס מיט אַ מאָנאַט צוריק געזעהן, אָבער דאָס שטעהט נאָך איצט ווי פאַר די אויגען. אַ מאָהל פינף האָב איך דאָס שוין געזעהן אין חלום.

דער פירשט האָט זיך רעדענדיג אפילו באַגייסטערט. אַ לייכטע פאַרב איז ארויסגעטראָטען אויף זיין בלייכען פּנים, כאָטש גערעדט האָט ער ווי פריהער זעהר שטיל. דער קאַמערדינער האָט מיט אַ מיטפיהלענדען אינטערעס איהם נאָכגעקוקט. אַזוי דאָס ער האָט, דוכט זיך, ניט געקענט זיך אָפּרייסען; אפשר איז ער אויך געווען אַ מענש מיט אַ פאָרשטעלונגס־קראַפט, מיט אַ פאַרזוך צו דענקען.

— עס איז נאָך גוט, וואָס מען מוטשעט זיך ניט פיעל ווען דער קאָפּ ווערט אַראָפּגענומען.

— ווייסט איהר וואָס? האָט היציג אונטערגעכאַפּט דער פירשט — אָט האָט איהר דאָס באַמערקט, און אויך אלע באַמערקען עס פּונקט ווי איהר, און דערפאר האָט מען עס טאַקע אויסגעטראַכט, די מאַשין, די גילאָטינע. אָבער מיר איז דאַן איינגעפאַלען אזא געדאַנק: אפשר איז גאָר מעגליך, אז דאָס איז ערגער? אייך קוקט עס אויס לעכערליך, אייך קוקט עס אויס ווילד, אָבער ווען מען טראַכט זיך איין אביסעל פאַלט אריין אין קאָפּ אפילו אזא געדאַנק. גיט נור א טראַכט: אויב, צום ביישפּיעל, די מעטאָדע פון פּייניגען א פאַרברעכער, דער־ביי זיינען דאָ ליידען און וואונדען, קערפּערליכע פּייניגונג און דער־פאר קומט אויס אז דאָס אלעס נעהמט אוועק די ליידען פון דער נשמה, אזוי דאָס מען מוטשעט זיך בלויז מיט די וואונדען ביז מען שטאַרבט אוועק. און עס קען געבען, אז דער הויפּט שטאַרקער וועהטאָג קומט גאָר ניט פון די וואונדען, נור אין דעם וואָס מען ווייס אויף ריכטיג, אז פּונקט אין א שטונדע און נאָכדעם אין צעהן מינוט און נאָכדעם אין א האַלבע מינוט און נאָכדעם איצט, גלייך, וועט די נשמה ארויס־פליהען פון קערפּער און אז מעהר וועסטו שוין קיין מענש ניט זיין און דאָס איז שוין זיכער! די הויפּט זאך ליגט אין דעם ז י כ ע ר. אָט ווען מען לעגט דעם קאָפּ אונטער'ן מעסער און מען הערט און מען הערט ווי ער ריהרט אָן דעם קאָפּ, איז אָט די פערטעל סעקונדע שרעק־ליכער פון אלץ. זייט וויסען, אז דאָס איז ניט מיין פאַנטאַזיע, נור א סך רעדען אזוי. איך גלויב אזוי פיעל אין דעם, אז איך וויל אייך גלייך זאָגען מיין מיינונג. ערמאָרדען פאר א מאָרד איז אן אָהן א שיעור גרעסערע שטראָף פון דעם פאַרברעכען אליין. א מאָרד לויט אן אורטהייל איז פיעל, פיעל שרעקליכער ווי א מאָרד פון א רוצח. דעם יעניגען, וועמען רוצחים דער'הרג'ענען, וועמען מען קוילעט ביי־נאַכט, אין א וואַלד, אָדער אויף אן אנדער אופן, גיט קיינמאָהל ניט אויף די האָפענונג, אז ער וועט זיך רעטען, ביז דער לעצטער מינוט דענקט ער אזוי... עס זיינען געווען ביישפּילע, ווען מען האָט א מענ־שען שוין איבערגעשניטען דעם האַלז און ער האָפט נאָך, אָדער ער אַנטלויפט, אָדער ער בעט זיך איין מען זאָל איהם אָפּלאָזען. אָבער דאָ, נעהמט מען אוועק אויף זיכער, די דאָזיגע לעצטע האָפענונג, מיט וועלכער עס איז צעהן מאָל אזוי פיעל לייכטער צו שטאַרבען. דאָס איז אן אורטהייל, און אין דעם וואָס מען איז זיכער אז קיין רעטונג

איז ניטאָ, ליגט די גאַנצע שרעקליכע פּייניגונג און גרעסער פון אזא פּייניגונג איז ניטאָ אויף דער וועלט. ברענגט א סאָלדאט און שטעלט איהם אוועק אַנטקעגען א גאַנצען הארמאט, אויפ'ן שלאַכטפעלד און שיסט אין איהם, וועט ער נאָך אַלץ האָפען, אָבער נעהמט דעם זעלבען סאָלדאט און לעזט איהם פאַר א טויט-אורטהייל אויף זיכער, וועט ער ארונטער פון זינען אָדער זיך צעוויינען. ווער האָט עס געזאָגט אז די מענשליכע נאַטור קען עס איבערטראָגען און ניט ארונטער געהן פון זינען? צו וואָס אזא חוזק, א מיאוסע, א ניט נוצליכע, אַן אומזיסטע? אפשר איז דאָ ערגעץ אזא מענש וועמען מען האָט איבערגעלייענט א טויט-אורטהייל, געלאָזט זיך אַנמוטשען און נאָכדעם געזאָגט: "געה, מען פאַרצייעט דיר!" אָט דער מענש האָט מעגליך, געקענט דערצעהלען, וועגען אָט דער פּייניגונג און וועגען אָט דעם שרעק האָט אויך כריסטוס גערעדט. ניין, מיט א מענשען טאָר מען זיך אזוי ניט באַגעהן!

דער קאַמערדינער, כאָטש ער וואָלט עס ניט געקאָנט אזוי גוט אויסדריקען ווי דער פירשט, האָט כאָטש ניט אַלעס, אָבער די הויפּט זאַך פאַרשטאַנען. דאָס איז געווען קענטיג אפילו אַן זיין ווייך-געווארענעם פּנים.

— אויב איהר ווילט טאָקע אזוי שטארק רויכערן, האָט ער זיך אָנגערופען — קענט איהר עס, ווען איהר וועט ער נור מאַכען אויף שנעל, ווייל מען וועט אייך פּלוצלונג ארויף טאָן און איהר זייט ניטאָ. אָט דאָ אונטער די טרעפּ זעהט איהר, איז א טיר, געהט אריין אין טיר, איז דאָרט אויף דער רעכטער זייט א חדר'ל. דאָרטען מאָגט איהר. נור עפענט די פאָרטאָטשקע, ווייל אזוי פיהרט מען זיך ניט...

נור דער פירשט האָט ניט געהאַט קיין צייט צו געהן רויכערן. אין פאָדערצימער איז פּלוצלונג אריינגעקומען א יונגער מאַן מיט פּאַפּירען אין האַנט. דער קאַמערדינער האָט גענומען אראָפּנעהמען פון איהם דעם פוטער. דער יונגער מאַן האָט געקוקט פון דער זייט אויפ'ן פירשט.

— דאָס איז גאווריל\א ארדאַליאָנאוויטש, האָט אָנגעהויבען פאַרטרויליך און כמעט פאַמיליאר דער קאַמערדינער — מעלדען זיי זיך, אז זיי זיינען פירשט מישקין, דער פריצה'טעס א קרוב. געקומען מיט'ן אייזען-באַהן פון אויסלאַנד, מיט איין פּעקעלע בלויז אין האַנט...

דאָס ווייטערע האָט דער פירשט ניט איינגעהערט, ווייל דער קאַמערדינער האָט אָנגעהויבן שעפּטשען. גאַווריִלאַ אַרדאַליאָנאָ־וויטש האָט אויפמערקזאַם געהערט און געקוקט אויפ'ן פירשט מיט גרויס נייגעריגקייט. ענדליך האָט ער אויפגעהערט הערען און אומ־געדולדיג צוגעקומען צו איהם.

—איהר זייט פירשט מישקין ? האָט ער געפרעגט זעהר ליעבליך און עדעל. דאָס איז געווען אַ שעהנער יונגער מאַן אויך אַ זיבען און צוואַנציג יאָהריגער, אַ שלאַנקער בלאָנדין, פון מיטעל וואוקס, מיט אַ קלייניכקער נאַפּאָלעאָן־בערדיל און מיט אַ קלוגען און זעהר שעהנעם פּנים. נור דער שמייכעל זיינער, מיט זיין גאַנצער ליעבליכקייט איז געווען שוין אַ ביסעלע צו פיעל דין. די ציין זיינע האָבען זיך דערביי געוויזען שוין עפּעס צופיעל, פּערלדיג־גלייך. דער בליק, ניט קוקענ־דיג אויף זיין פרעהליכקייט און קענטיגע אָפענהערציגקייט איז דאָך געווען שוין צופיעל צודרינגליך און פאַרשענד.

„ווען ער איז אליין, מוז ער גאָר אַנדערש אויסקוקען, און עס קען געבען אַז ער לאַכט אפילו קיינמאָל ניט". האָט זיך עפּעס ווי אויסגעדוכט דעם פירשט.

דער פירשט האָט אויף שנעל, ערקלעהרט, אַלץ וואָס ער האָט געקענט, כמעט דאָס זעלבע וואָס ער האָט פריהער ערקלעהרט דעם קאַמערדינער, און נאָך פריהער ראָגאָזשינען. גאַווריִלאַ אַרדאַליאָנאָ־וויטש האָט דערווייל ווי אַן עפּעס זיך דערמאָנט.

— האָט איהר עס, האָט ער געפרעגט — מיט אַ יאָהר צוריק, אָדער נאָך נעהענטער, צוגעשיקט אַ בריף, דאַכט זיך פון דער שווייץ, צו עליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ ?

— איהר האָט געטראָפען.

— הייסט עס, אַז מען קען אייך דאָ און געוויס אויך געדענקט מען. איהר ווילט זעהן זיין עקסעלענץ ? אַט וועל איך גלייך מעלדען... ער וועט באַלד זיין פריי. נור איהר... איהר דאַרפט געפעליגסט אריין אין אויפנאַהמס־צימער... פאַר וואָס זיינען זיי דאָ ? האָט ער שטרענג זיך געווענדט צום קאַמערדינער.

— איך האָב געזאָגט נור זיי האָבען אליין ניט געוואָלט...

אין דער צייט האָט זיך פּלוצלונג געעפענט די טיר פון קאַבינעט

און עפּעס א מיליטערישער מאַן מיט א פּאָרטפעל אין האַנט, איז הויך רעדענדיג און נויגענדיג זיך ארויס געקומען פון דאָרטען.

— דו ביזט דאָ, האַניא? האָט אויסגעשריען א שטימע פון קאַבינעט — קום נור אריין אהער, ביטע!

גאַווּרילאַ ארדאַליאַנאָוויטש האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ צום פירשט און איילענדיג אריין אין קאַבינעט.

אין א פּאָר מינוט ארום האָט זיך די טיר אויפגעעפענט נאָכאמאָל און עס האָט זיך דערהערט גאַווּרילאַ ארדאַליאַנאָוויטש'עס קלינגענדיגע און גאַסטפריינדליכע שטימע:

— פירשט, קומט ביטע אריין!

---

## דריטער קאַפּיטעל.

גענעראַל, איוואַן פיאָדאָראָוויטש עפּאַנטשין איז געשטאַנען אין מיטען פון זיין קאַבינעט, און מיט גרויסער נייגעריגקייט געקוקט אויף דעם אריינקומענדען פירשט. ער האָט אפילו געמאַכט צו איהם צוויי טריט פאָראויס. דער פירשט איז צוגעקומען און זיך פאָרגעשטעלט.

— אַלזאָ, האָט געענטפערט דער גענעראַל — מיט וואָס קען איך אייך דינען?

— א זעהר נויטיגען געשעפט האָב איך ניט; מיין צוועק איז געווען איינפאַך זיך צו באַקאַנען מיט אייך. איך וואָלט אייך ניט געוואָלט באַאונרוהיגען, ווייל איך וויים ניט ווען איהר האָט צייט, און אויך ניט אייערע פאַראָרדינונגען... נור איך קום ערשט פון וואַגאַן... איך קום פון דער שווייץ.

דער גענעראַל האָט שיעור שיעור זיך ניט צושמייכעלט, נור ער האָט א טראַכט געטאָן און זיך אָפּגעהאַלטען; דערנאָך האָט ער נאָך א טראַכט געטאָן, נאָכאמאָל באַקוקט זיין גאַסט פון קאָפּ ביז די פיס, דערנאָכדעם אויף שנעל איהם אָנגעוויזען א שטוהל, אליין זיך אוועק-

געזעצט א ביסעלע קעגענאיבער און מיט א אומגעדולדיגער ערוואַר־טונג זיך געווענדט צום פירשט. האַניאַ איז געשטאַנען אין ווינקעל פון קאַבינעט, לעבן שרייב־טיש און איבערגעקוקט פּאַפּירען.

— פאַר באַקאַנטשאַפט אין אַלגעמיין, האָב איך זעהר ווייניג צייט, האָט געזאָגט דער גענעראַל — נור אַזוי ווי איהר האָט דאָך זיכער אייער צוועק, איז...

— איך האָב פאָראויסגעפיהלט, האָט איהם דער פירשט איבער־געשלאָגען — אַז איהר וועט אין מיין וויזיט זיכער דערזעהן עפּעס א געוויסען צוועק. נור איך שווער ביי גאָט, אַז אויסער דעם פאַרגעני־גען פון באַקאַנען זיך, האָב איך ניט קיין באַזונדערן צוועק.

— עס פאַרשטעהט זיך אַז מיר פאַרשאַפט עס אויך גרויס פאַר־גענוגען, אָבער פאַרגעניגען איז נאָך ניט אַלעס. אַמאָל טרעפען זיך אויך וויכטיגע ענינים... און דערצו קען איך ביז איצט בשום אופן ניט נ י ט דערזעהן וואָס פאַר אַן אַלגעמיינעס מיר האָבען צווישען זיך... אַזוי צו זאָגען די אורזאַכען...

— אורזאַכען זיינען געוויס ניטאָ, און אַלגעמיינעס אויך ווייניג, ווייל איך בין פירשט מישקין און אייער פרוי איז פון אונזער משפחה, איז דאָס פאַרשטעהט זיך ניט קיין אורזאַכע. דאָס איז מיר גאַנץ פאַרשטענדליך. און פונדעסטוועגען ליגט אין דעם נור מיין גאַנצער גרונד. איך בין איבער פיער יאָהר ניט געווען אין רוסלאַנד. און ווען איך בין ארויסגעפאָהרען בין איך אויך ניט געווען ביי מיין שכל. אויך דאַן האָב איך גאָר ניט געוואוסט, איצט נאָך מעהר. איך נויטיג זיך אין גוטע מענשען. אָט האָב איך אפילו א שטיקעל געשעפט און איך וויים ניט וואוהין זיך ווענדען. נאָך זייענדיג אין בערלין האָב איך א טראַכט געטאָן: „מעגליך אַז מיר וועלען איינער דעם צווייטען צונויץ קומען. זיי מיר, איך זיי — ווען זיי זיינען נור גוטע מענשען“, און געהערט האָב איך אַז איהר זייט גוטע מענשען.

— איך דאַנק אייך זעהר. האָט זיך געוואונדערט דער גענעראַל — ערלויבט מיר צו וויסען וואו האָט איהר זיך אָפּגעשטעלט?

— איך האָב זיך נאָך אין ערגעץ ניט אָפּגעשטעלט.

— הייסט עס, אַז איהר זייט געקומען גלייך פון וואַגאָן צו מיר? און... מיט פּעקלאַך.

— מיין גאַנצער געפּעק באַשטעהט פון איין קליינעם פּעקעלע

מיט וועש, און מעהר גאָר ניט. איך טראָג איהם שטענדיג מיט זיך. איך וועל קענען קריגען א נומער אויך אין אווענד.

— הייסט עס, אז איהר דענקט נאָך צו נעהמען א נומער?

— אָ, געוויס!

— אורטהיילענדיג, לויט אייערע ווערטער, האָב איך געוועז א טראַכט געטאָן, אז איהר זייט עס גלייך פארפאַהרען צו מיר?

— דאָס האָט געקענט פּאַסירען, נור ניט אַנדערש ווי נאָך אן איינלאַדונג פון אייך. איך בין זיך אָבער מודה, אז איך וואָלט ביי אייך אויך ניט פארבליבען אפילו ווען איהר לאַדעט מיך איין, ניט צוליעב א געוויסער אורזאַכע נור אזוי... צוליב מיין כאַראַקטער...

— הייסט עס, אז עס איז טאַקע ארויסגעקומען גלייך וואָס איך האָב אייך ניט איינגעלאַדען און לאַד ניט איין. ערלויבט מיר פירשט נאָך עפּעס, כדי עס זאָל אַלץ קלאָהר ווערען! הייסט עס, אז מיר האָבען זיך ערשט דערערדט אז וואָס עס געהערט זיך אונזער קרובה'־שאַפט קאָן גאָר צווישען אונז קיין רייד ניט זיין — כאָטש מיר, זעלבסטפארשטענדליך וואָלט עס געוועזן זעהר שמייכעלהאַפט. — דאָן הייסט עס...

— דאָן הייסט עס, אויפשטעהן און אוועקגעהן? האָט זיך דער פירשט אויפגעהויבען, דערביי אפילו, צעלאַכענדיג זיך, ניט קוקענדיג אויך דער אָפענער שווערקייט פון זיין לאַגע. — און איך שווער אייך ביי גאָט, גענעראַל, אז כאָטש איך ווייס זעהר וועניג, פּראַקטיש הייסט עס, ניט פון די היגע מנהגים און ניט אין אַלגעמיין ווי מענ־שען לעבען דאָ, נור פונדעסטוועגען האָב איך טאַקע נור געטראַכט, אז צווישען אונז וועט ארויסקומען פּונקט ווי איצט. נור אפשר דאַרף אזוי זיין... אויך דאָן האָט איהר מיר אויפ'ן בריף ניט געענטפערט... נו, בלייבט געזונד, און ענטשולדיגט וואָס איך האָב אייך באַאומרו־היגט.

דעם פירשט'ס בליק איז אין דער מינוט געוועזן אזא ליעבליכער און זיין שמייכעל אזוי אָהן א שום שאָטען פון אפילו דעם קלענסטען פיינדליכען געפיהל, אז דער גענעראַל האָט זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט און האָט עס אזוי ווי פּלוצלונג גאָר אנדערש א קוק געטאָן אויף זיין גאַסט; די גאַנצע פאַרענדערונג פון זיין בליק איז געשעהן אין איין אויגענבליק.

— ווייסט איהר גאָר וואָס פירשט, האָט ער געזאָגט, כמעט מיט אַן אנדער שטים — נאָך אַלעמען קען איך דאָך אייך גאָר ניט, און אויך עליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ, מעגליך, אַז זי וועט וועלען אַ קוק טאָן אויף אַ מענשען מיט איהר פון איין פאַמיליע... וואַרט אויף, ווען איהר ווילט, אויב איהר האָט נור צייט.

— אָ, צייט האָב איך. מיין צייט באַלאַנגט אין גאַנצען צו מיר (און דער פירשט האָט גלייך אוועקגעשטעלט זיין ווייכע רונד־ברעגיגע הוט אויפ'ן טיש). איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אַזוי גערעכענט, אַז עס קען געשעהן, אַז עליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ וועט זיך דערמאָ־נען אַז איך האָב איהר געשיקט אַ בריעף. אָט ניט לאַנג האָט אייער דינער, ווען איך האָב דאָרטען אויף אייך געוואַרט, מיך חושד געוועזן, אַז איך בין אויס אָרימקייט געקומען ביי אייך בעטען. איך האָב דאָס באַמערקט. און ביי אייך זיינען הפנים אויף אַזעלכע זאַכען זעהר שטרענגע אינסטרוקציעס, אָבער איך בין ניט געקומען צוליעב דעם, איך בין געקומען בלויז צוליעב באַפּריינדען זיך מיט מענשען. בלויז איין זאַך טראַכט איך, אַז איך האָב אייך געשטערט, און דאָס באַאונרוהיגט מיך.

— הערט מיך אויס פירשט, האָט געזאָגט דער גענעראַל מיט אַ פרעהליכען שמייכעל — אויב איהר זייט באמת אַזאַ ווי איהר קוקט אויס צו זיין, דאַן וועט מיט אייך זעהר אנגענעהם זיין צו באַקאַנען זיך. אָבער פאַרשטעהט נור, איך בין אַ מענש אַ פאַרנומענער, און אָט וועל איך גלייך זיך ווידער זעצען עפּעס איבערקוקען און אונטערשריי־בען, און דערנאָכדעם וועל איך אוועק צו זיין עקסעלענץ, און נאָכדעם אויף דיענסט. און פון דערפון פאַרשטעהט זיך, אַז כאָטש, איך בין זעהר צופרידען צו פאַרברענגען מיט מענשען... דאָס הייסט מיט פיינע... אָבער... איבעריגענס, בין איך, איבערצייגט, אַז איהר זייט אַ פיין ערצויגענער... אַז... ווי אַלט זייט איהר, פירשט?

— זעקס און צוואַנציג.

— אוך! און איך האָב געדענקט אַז אַ סך ווענינער.

— יע, מען זאָגט, אַז ביי מיר איז אַ יוגענדליכעס געזיכט, און ניט צו שטערען אייך, וועל איך זיך אויסלערנען, און שנעל באַנעהמען, ווייל איך אַליין האָב זעהר ניט ליעב צו שטערען... און ענדליך, דוכט

מיר, אז מיר זיינען אויפ'ן אָנבליק אזעלכע פרעמדע מענשען... צוליעב געוויסע אומשטענדען, אזוי אז ביי אונז קענען גאָר ניט געבען אלגע־מיינע פונקטען, אָבער ווייסט, אז אין דער לעצטער אידעע גלויב איך אליין ניט, ווייל אם מעהרסטען, דוכט נור אויס אז מען האָט ניט קיין אלגעמיינע פונקטען, אָבער אין אמת'ן זיינען זיי דוקא דאָ... דאָס איז צוליעב דער מענשליכער פוילקייט, וואָס מענשען סאָרטירען זיך אזוי צווישען זיך אויפ'ן קוק און קענען גאָר ניט געפינען... און אי־בעריגענס, קען זיין, אז איך האָב זעהר נודנע אָנגעהויבען... איהר זייט דוכט זיך...

— צוויי זוערטער: פאַרמאָגט איהר כאָטש עפּעס פאַרמעגען? אָדער זייט איהר גרייט פאַרנעהמען א וועלכע ניט איז באַשעפטיגונג? ענטשולדיגט וואָס איך...

— ביטע, איך שעץ זעהר אייער פראַגע, און פאַרשטעה. קיין פאַרמעגען האָב איך ניט, און קיין באַשעפטיגונג אויך דערווייל ניט, אָבער דאַרפען וואָלט איך עס געדאַרפט. און געלט האָט איך איצט געהאַט פרעמדע. מיר האָט זיי געגעבען שניידער, מיין פּראָפעסאָר, ביי וועמען איך האָב זיך געקורירט און געלעהרנט אין דער שווייץ. ער האָט מיר געגעבען אויף די רייזע־הוצאות פונקט אויסגערעכענט, אזוי אז איצט, צום ביישפּיעל, זיינען ביי מיר בלויז געבליבען עט־ליכע קאָפּיקעס. זעהט איהר אַז ענין האָב איך גראַד יע, און איך נויטיג זיך אין א ראַטה. אָבער...

— זאָגט־זשע מיר, מיט וואָס דענקט איהר דערווייל זיך דורכ־לעבען און וואָס האָט איהר גערענקט צו טאָן? — האָט איבערגעשלאָ־גען דער גענעראַל.

— איך וויל זיך עפּעס אַן ארבייט געפינען...

— אָ, איהר זייט א פילאָסאָף. אָבער איבעריגענס... פיהלט איהר אין זיך עפּעס א טאַלאַנט, א פעהיגקייט, כאָטש א ביסעל. דאָס הייסט אויף אזוי פיעל אַז מען זאָל פאַר דעם קענען קריגען ברויט? ענטשולדיגט נאָך אמאָל...

— אָ, ענטשולדיגט זיך ניט. ניין, איך דענק, אז איך האָב ניט קיין טאַלאַנט און ניט קיין באַזונדערע פעהיגקייט; פאַרקעהרט אפילו, ווייל איך בין א קראַנקער מאַן און זיך רעגעלמעסיג ניט געלערנט. און דאָס וואָס געהערט ברויט איז דוכט מיר...

דער גענעראַל האָט ווידער איבערגעשלאָגען און ווידער אָנגעהויבען פאַנאַנדערפרעגען. דער פירשט האָט אויפ'סניי אַלץ דערצעהלט, דאָס וואָס עס איז שוין געווען דערצעהלט. דער גענעראַל האָט געהערט פון דעם פאַרשטאָרבענעם פּאַווּלישטשעוו, און אפילו געקענט פערזענליך. פאַר וואָס פּאַווּלישטשעוו האָט זיך געאינטערעסירט מיט זיין ערציהונג האָט דער פירשט אליין ניט געקענט ערקלעהרען — איבעריגענס, מן הסתם, איינפאַך צוליעב אַלטער פריינדשאַפט מיט זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער. געבליבען איז דער פירשט נאָך די על־טערען אלס זעהר קליין קינד. דאָס גאַנצע לעבען האָט ער אָפּגעוואוינט און געוואַקסען אין דערפער, ווייל אויך זיין געזונד האָט געפאָדערט דאָרפישע לופט. פּאַווּלישטעוו האָט איהם אָנפאַרטרויט צו עפּעס אַלטע גוטס־באַזיצערין'ס, זיינע קרובות; פאַר איהם האָט ער אפריהער געדונגען א גאָווערנאַנטקע, דערנאָך א לעהרער, ער האָט איבעריגענס, האָט ער געגעבען צו פאַרשטעהן, אַז כאָטש ער געדענקט אַלעס, דאָך קען ער ניט אַלץ צופרידענשטעלענד ערקלעהרען, ווייל פון אסך זאַכען האָט ער צו ליעב זיין קראַנקהייט זיך ניט אָפּגעגעבען קיין רע־כענונג. די אָפטע אָנפאַלען פון דער קראַנקהייט, האָבען פון איהם געמאַכט כמעט א פאָלשטענדיגען אידיאָט. (דער פירשט האָט טאַקע געזאָגט: אידיאָט). ער האָט ענדליך דערצעהלט ווי אַזוי פּאַווּלישטעיו האָט זיך אַמאָל אין בערלין באַגעגענט מיט'ן פּראָפעסאָר שניידער, א שווייצאַריער, וועלכער באַשעפטיגט זיך נור מיט אַזעלכע קראַנק־הייטען, האָט אַן אנשטאַלט אין דער שווייץ, אין קאַנטאָן וואַלעיסקי, קורירט מיט זיין אייגענער מעטאָדע, מיט קאַלטע וואַסער, גימנאַסטי־קע, היילט אויך פון אידיאָטיזם און פון משוגעת, דערביי לערנט אויך און גיט זיך איבערהויפּט אָפּ מיט גייסטיגע ענטוויקלונג; אַז פּאַווּלישטשעוו האָט איהם אוועקגעשיקט צו דעם דאָזיגען פּראָפעסאָר אין דער שווייץ מיט פינף יאָהר צוריק, און אליין איז ער מיט צוויי יאָהר צוריק געשטאָרבען, פּלוצלינג, ניט איינאָרדענדיג גאָרנישט; אַז שניי־דער האָט איהם געהאַלטען און געקורירט נאָך א פּאָר יאָהר; אַז ער האָט איהם ניט אויסגעקורירט, נור אין פילעס געהאָלפען; און אַז ענדליך, האָט ער לויט זיין אייגענעם פאַרלאַנג און צוליעב א געוויסען ענין, איהם איצט אָפּגעשיקט.

דער גענעראַל האָט זיך זעהר פאַרוואונדערט.

— און אין רוסלאַנד האָט איהר קיינעם ניט, טאַקע גאָר קיינעם ניט? האָט ער געפרעגט.

— איצט קיינעם, נור איך האָב... און א חוץ דעם האָב איך ער־האַלטען א בריעף...

— אַמוועניגסטענס, האָט איהם דער גענעראַל איבערגעשלאָגען, ניט דערהערענדיג וועגען בריעף — האָט איהר זיך עפּעס געלערנט. און אייער קראַנקהייט וועט אייך ניט שטערען פאַרנעהמען א וועלכע ניט איז למשל, ניט שווערע שטעלע, אויף א וועלכער ניט איז דיענסט?

—אָ, געוויס וועט עס ניט שטערען. און וואָס געהערט זיך א שטעלע וואָלט איך זעהר געוואָלט, ווייל מיר ווילט זיך אליין זעהן צו וואָס איך קען טויגען. געלערנט האָב איך דאָך די גאַנצע פיער יאָהר, אָהן אויפהער, כאָטש ניט רעגעלמעסיג. און נור מיט יענעמ'ס איי־גענער סיסטעמע און דערביי האָט זיך איינגעגעבען דורכצולייענען אסך רוסישע ביכער.

— רוסישע ביכער? הייסט עס, אז לעזען און שרייבען קענט איהר, און שרייבען אָהן גרייזען קענט איהר אויך?

— אָ, געוויס קען איך.

— זעהר שעהן. און די האַנדשריפט?

— די האַנדשריפט א גוטע. אין דעם, גלויב איך, אז איך האָב אפילו טאַלאַנט אויך. אין דעם בין איך איינפאַך א קאַליגראַף. גיט מיר און איך וועל אייך גלייך אָנשרייבען עפּעס אויף א פּראָבע, האָט מיט היץ געזאָגט דער פירשט.

— ביטע. און דאָס איז אפילו נויטיג... און ליעב איז מיר אייער בערייטוויליגקייט, פירשט, עס איז זעהר פיין פון אייך.

— איהר האָט דאָך אזעלכע פיינע שרייב־געצייג, און אזוי פיעל בלייפעדערס און וואָס פאַר א דיקער, פיינער פּאַפּיר... און וואָס פאַר א שעהנעם קאַבינעט איהר האָט! אָט די נאַטור־בילד ווייס איך. דאָס איז א שווייצער בילד. איך בין זיכער, אז דעם דאָזיגען פּלאַץ האָב איך געזעהן; דאָס איז אין דעם אורי קאַנטאָן...

— עס איז זעהר מעגליך, כאָטש דאָס איז דאָ געקויפט געוואָרען. האַניא, גיט דעם פירשט פּאַפּיר; אָט האָט איהר א פעדער און פּאַפּיר. זעצט זיך ביטע, ביים דעם טישעל. וואָס איז דאָס? האָט זיך דער

גענעראל געווענדט צו האניא, וועלכער האָט דערווייל ארויס גענומען פון זיין פּאָרטפּעל א פאָטאָגראַפישע בילד פון גרויסען פאָרמאַט און איהם דערלאַנגט. — בא! נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא! דאָס האָט זי אליין, אליין דיר צוגעשיקט, אליין? האָט ער לעבעדיג און מיט פיעל נייגעריגקייט געפרעגט האניא'ן.

— אָט ערשט, ווען איך בין געווען מיט מיט מיין גראַטולאציע האָט זי עס מיר געגעבען. איך האָב עס נישט לאַנג געבעטען. איך וויים ניט, אפשר איז דאָס פון איהר זייט אן אַנדייטונג, אז איך בין געקומען צו פאָהרען מיט פוסטע הענט, אין אַזא טאָג אהן א מתנה. האָט צוגעגעבען האניא, אומאַנגענעהם־שמייכלענדיג.

— ניין! — האָט מיט איבערצייגונג איבערגעשלאָגען דער גענע־ראל, — און ווי קענסטו גאָר אזוי דענקען! און פון אַנדייטונגען!... און זי איז דאָך קיין פּאַראינטערעסירטע אויך ניט. און ווי אזוי קומסטו צו מתנות? ווען דערצו דאַרף מען דאָ פאָרמאָגען טויזענדער! סיידען מיט א בילד? און ביי געלעגענהייט: האָט זי ביי דיר נאָך ניט געבעטען דיין בילד?

— ניין, זי האָט נאָך ניט געבעטען; און עס קען געבען, אז זי וועט קיינמאָל ניט בעטען. איהר איוואן פיאָדאָראָוויטש, געדענקט דאָך גע־ווים וועגען היינטיגען אָווענט? איהר זייט דאָך פון די ספּעציעל גע־לאַדענע.

— איך געדענק, געדענק, געווים וועל איך זיין. איין קליינינקייט. א געבורטס־טאָג! פינף און צוואנציג יאָהר! הם... און ווייסטו, האַ־ניא, איך וועל שוין דיר, זאָל זיין אזוי, ענטדעקען דעם סוד. גרייט זיך צו. אַפאַנסיע איוואַנאָוויטש'ן און מיר האָט זי געזאָגט, אז היינט ביי זיך אויפ'ן אָווענט וועט זי זאָגען איהר לעצטען וואָרט: זיין אָדער ניט זיין! טאָ זעה און וויים.

האניא איז פּלוצלונג געוואָרען אומרוהיג, אזוי, אז ער איז אפילו אביסעל בלאַס געוואָרען.

— האָט זי דאָס אויף זיכער געזאָגט? — האָט ער געפרעגט און זיין שטים האָט ווי א ציטער געטאָן.

— אייערנעכטען האָט זי איהר וואָרט געגעבען, מיר זיינעןביידע אזוי צו איהר צוגעשטאַנען, ביז מיר האָבען אויסגענודיעט. נאָר זי האָט געבעטען, אז דיר זאָל מען דערווייל דאָס ניט איבערגעבען.

דער גענעראַל האָט מיט אויפמערקזאַמקייט באַטראַכט האַניאַ'ן; האַניאַ'ס צוטומעלטקייט איז איהם קענטיג ניט געפעלען געוואָרען.

— דערמאָנט זיך, איוואַן פיאָדאָראָוויטש, — האָט אומרוהיג און אומענטשלאָסען געזאָגט האַניאַ, — אַז זי האָט מיר געגעבען די פולע באַשטימונגס־רעכט ביז וואַנען, אַז זי וועט ניט באַשטימען און אפילו ווען זי וועט שוין יאָ באַשטימען, בלייבט נאָך דער לעצטער וואָרט ביי מיר...

— הייסט, עס איז דו... איז דו... — האָט זיך פלוצלונג דער גע־נעראַל דערשראָקען.

— איך מיין גאָרנישט...

— אָבער איך בעט דיך, וואָס קלייבסטו זיך דאָ מיט אונז צו טאָן?

— איך זאָג זיך דאָך ניט אָפּ. אפשר האָב איך זיך ניט ריכטיג אויסגעדריקט...

— עס פעהלט נאָך, אַז דו זאָלסט זיך אָפּזאָגען! — האָט דער גענעראַל אַרויסגערעדט מיט פאַרדרוס, אפילו ניט וועלענדיג באַהאַל־טען זיין פאַרדרוס — די זאַך, ברודער, איז ניט אין דעם, וואָס דו זאָגסט זיך נ י ט אָפּ, די זאַך איז אין דיין גרייט זיין, אין דעם פאַר־גניגען און פרייד, מיט וועלכען דו וועסט אויפנעהמען איהר וואָרט... וואָס הערט זיך ביי דיר אין דער היים?

— וואָס זאָל זיך אין דער היים הערען? אין דער היים פיהרט זיך אַלץ לויט מיין ווילען. נאָר דער טאַטע, ווי זיין שטייגער, מאַכט זיך נאַריש, נאָר ער איז דאָך געוואָרען אַן אמת'ער מאוס'ער מענש; מיט איהם רעד איך שוין אפילו ניט. אָבער פונדעסטוועגען האַלט איך איהם אין קלעם, און איך זאָג דעם אמת, ווען ניט די מוטער, וואָלט איך איהם שוין לאַנג געוויזען די טהיר. זי, ווי געוועהנליך, האַלט נאָך אַלץ אין איין וויינען; די שוועסטער בעס'ט זיך; אָבער איך האָב זיי ענדליך אָפּען געזאָגט, אַז איך בין דער האַר איבער מיין שיקזאַל און אין הויז וויל איך, אַז מען זאָל מיך... זיי האָבען אויסגעהערט... דער שוועסטער, לכל הפחות, האָב איך דאָס אַלץ דייטליך אַרויסגעזאָגט, פאַר דער מאַמען אין די אויגען.

— און איך, ברודער, קאָן נאָך אַלץ ניט פאַרשטעהן, — האָט פאַר־טראַכטעהייט באַמערקט דער גענעראַל, אביסעל אויפהויבענדיג די

אקסלען און צופיהרענדיג מיט די הענט. נינא אַלעקסאנדראָוונא האָט אויך אנומעלטען, אַז דאן ווען זי איז דאָ געווען, געדענקסט? גע־קרעכצט און געאַויקעט: „וואס איז מיט אייך?" פרעג איך. ווייזט זיך אויס, אַז פאר זיי איז דאס כלומר'שט אן אומ'כבוד. וואס איז דאָס פאר אן אומ'כבוד, ערלויבט מיר צו פרעגען? אפשר דאָס, וואס זי איז געווען מיט טאָצקען? נאָר דאָס איז דאָך אַ נאַרישקייט. דער־הויפּט אונטער די געוויסע אומשטענדען! „איהר, זאָגט זי, וועט זי ניט אריינלאָזען צו אייערע טעכטער?" — נאָדיר! אַי איז דאָס אַ נינא אַלעקסאנדראָוונא! דאָס הייסט, ווי קאָן מען אזאַ זאַך ניט פאר־שטעהן, ווי אזוי קאָן מען עס ניט פארשטעהן!...

— איהר לאָגע? — האָט אונטערגעזאָגט האניא דעם גענעראַל — פאַרשטעהט זי; איהר דאַרפט ניט זיין אויף איהר אין כעס. איבע־ריגענס, האָב איך דאָן שוין אָנגעזייפט אַ קאָפּ, אַז זיי זאָלען זיך ניט מישען אין פרעמדע געשעפטען. און פונדעסטוועגען, ביז איצט לעבט נאָך אַלץ ביי אונז אין הויז מיט דעם, וואס דאָס לעצטע וואָרט איז נאָך ניט געזאָגט געוואָרען, אבער דער שטורעם קומט. אויב היינט וועט געזאָגט ווערען דאָס לעצטע וואָרט, הייסט עס, אַז אַלץ וועט גע־זאָגט ווערען...

דער פירשט האָט געהערט דעם גאַנצען געשפּרעך, זיצענדיג אין ווינקעל ביי זיין קאַליגראַפישער פּראָבע. ער האָט געענדיגט, צוגעגאַנ־גען צום טיש און דערלאַנגט דאָס בלעטעל.

— הייסט עס, אַז דאָס איז נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ? — האָט ער ארויסגערעדט, באַטראַכטענדיג אויפמערקזאַם און נייגעריג דאָס בילד — וואונדערליך שעהן! — האָט ער גלייך צוגעגעבען מיט היץ. אויפ'ן בילד איז ווירקליך געווען אויסגעמאָהלען אַ פרוי, אַן אויסער־געוועהנליכע שעהנקייט. זי איז געווען געפאָטאָגראַפירט אין אַ שוואַר־צער זיידענער קלייד פון זעהר אַן איינפאַכען און שעהנעם פאַסאָן; די האָר, ווי עס ווייזט אויס, דונקעל־בלאָנדע, זיינען געווען פאַרקעמט איינפאַך, אויפ'ן הויזליכען שטייגער; די אויגען שוואַרצע, טיפע, דער שטערן אַ פאַרטראַכטער, דער אויסדרוק פון געזיכט אַ ליידענשאַפט־ליכער און אויך אַ גרויס־האַלטענדער. זי איז געווען אביסעל מאָגער אין געזיכט, אפשר אויך, בלאַס... האניא און דער גענעראַל האָבען פאַרוואונדערט אַ קוק געטאָן אויפ'ן פירשט.

— ווי, נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ! איהר קאָנט שוין אויך נאַסטאַ־סיאַ פיליפּאָוונאַ? — האָט געפרעגט דער גענעראַל.

— יאַ, איך בין ערשט אַ טאָג אין רוסלאַנד און איך קען שוין אַזאַ שעהנהייט. — האָט געענטפערט דער פירשט, און ער האָט גלייך דער־צעהלט וועגען זיין באַגעגעניש מיט ראַזאָגזשינען, און ער האָט איבער־געגעבען אַלץ וואָס יענער האָט דערצעהלט.

— נאָט אייך נייע נייעס! — איז ווידער אומרוהיג געוואָרען דער גענעראַל, נאָכדעם ווי ער האָט זעהר אויפמערקזאַם אויסגעהערט די מעשה, און פאַרשענד אַ קוק געטאָן אויף האַניאַ.

— געוויס אויך בלויז עפּעס אַ מאָוסע זאַך, — האָט אַ מורמעל געטאָן דער אַביסעל אויך צוטומעלטער האַניאַ. — אַ סוחר'ס אַ זוהנדעל הוליעט. איך האָב וועגען דעם שוין עפּעס אויך געהערט.

— אָט איך האָב אויך געהערט, — האָט אונטערגעכאַפּט דער גענעראַל — דאַן טאַקע נאָך דער געשיכטע מיט די אויירינגלאַך. נאַס־טאַסיאַ פיליפּאָוונאַ האָט איבערדערצעהלט דעם גאַנצען אַנעקדאָט. אָבער איצט איז שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. דאָ קאָן זיכער איצט שטע־קען אַ מיליאָן און... ליידענשאַפט. אַ מאָוסע ליידענשאַפט, לאָמיר זאָ־גען, נאָר פונדעסטוועגען שמעקט זי מיט ליידענשאַפט. און מיר ווייסען דאָך אויך וואָס אָט די העררן זיינען פעהיג אין זייער שכרות!.. הם.. זאָל דערפון כאָטש ניט אַרויסקומען אַ וועלכער ס'ניט איז אַנעקדאָט! — האָט געענדיגט דער גענעראַל פאַרטראַכטערהייט.

— איהר שרעקט זיך פאַר די מיליאָנען? — האָט געלאַכט האַ־ניאַ.

— און דו אודאי ניט?

— און ווי האָט אייך אויסגעוויזען, פירשט, — האָט זיך צו איהם פלוצלונג געווענדט האַניאַ — איז דאָס אַן ערנסטער מענש, אָדער אַזוי זיך אַן אונאַנשטענדיגער יונג? איך וויל אייגענטליך הערען אייער מיינונג.

אין האַניאַס הארצען איז עפּעס וואָס באַזונדערעס פאָרגעקומען, ווען ער האָט געשטעלט די פראַגע. פונקט ווי אין זיין מוח וואָלט זיך אָנגעצונדען אַ נייע און אַן אָריגינעלע אידעע און אַרויסגעבליצט פון זיינע אויגען. דער גענעראַל, וועלכער האָט אָפענהערציג און איינפאַך

זיך באַאומרוהיגט, האָט אויך קרום א קוק געטאָן אויפ׳ן פירשט, נאָר אזוי ווי ניט ערוואַרטענדיג פיעל פון זיין ענטפער.

— איך ווייס אייך ניט וואָס צו זאָגען, — האָט געענטפערט דער פירשט — נאָר מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז ער באַזיצט אסך ליידענשאַפט און אפילו א מין קראַנקע ליידענשאַפט. און ער אליין איז נאָך כמעט א חולה. עס קאָן זעהר געבען, דאָס זייענדיג די ערשטע טעג אין פּעטערבורג, וועט ער זיך ווידער אַוועקלעגען, דערהויפּט ווען ער וועט זיך צעהולטאַיעווען.

— אזוי? אזוי האָט זיך עס אייך אויסגעוויזען? — האָט זיך דער גענעראַל אָנגעכאַפּט אָן דער אידעע.

— יאַ, אזוי האָט זיך מיר געדוכט.

— און פונדעסטוועגען קאָנען דאָך אַט די סאָרטען אנעקדאָטען אויך פאָרקומען ניט אין עטליכע טעג ארום, נאָר ביז פאַרנאַכט. היינט נאָך קאָן זיך עפּעס איבערדרעהען — האָט האַניאַ א שמייכעל געטאָן צום גענעראַל.

— המ!... געוויס... און דאָן ביטע, — ווענדט זיך שוין אַלץ אָן דעם, וואָס עס וועט איינפאַלען אין איהר קאָפּ, — האָט געזאָגט דער גענעראַל.

— און איהר ווייסט דאָך, וואָס פאַר אַן איינפעלע זי קאָן אמאָל האָבען!

— דאָס הייסט וועלכע? — האָט אויסגעשריען דער גענעראַל. דערגרייכענדיג די גרעסטע באַאומרוהיגונג — הער נאָר אויס, האַניאַ דו, ביטע, ווידערשפּרעך איהר גאַרנישט ניט און באַמיה זיך אזוי צו זיין... מיט איין וואָרט, זיי גוט און ליעב. המ!... וואָס קרימסטו אזוי מיט׳ן מויל? הער נאָר אויס, גאַווריִלאַ ארדאַליאָנאָוויטש, עס וועט זיין פּונקט אין צייט זעהר אין צייט, איצט וועל איך דיר זאָגען: פאַר וואָס באַמיהען מיר זיך אזוי? דו פאַרשטעהסט, אז וואָס עס גע־הערט זיך מיין אייגענער טובה, וועלכע קאָן דערפון ארויסקומען, בין איך שוין לאַנג זיכער; איך וועל אזוי אָדער אנדערש, אָבער שליסען דעם געשעפט פאַר מיין טובה וועגען. טאָצקי האָט זיין באַשלוס שטאַנד־האַפטיג. הייסט עס, אז איך קאָן זיין גאַר זיכער, און דארום ווען איך וויל איצט עפּעס, איז דאָס בלויז פאַר דיין טובה וועגען. דו באַרעכען נאָר אליין; טרויסטו מיר דען ניט? און אויסער דעם ביזטו דאָך א

מענש... א מענש... מיט איין וואָרט, א קלוגער מענש און איך האָב אויף דיר געלעגט האָפענונגען און דאָס איז אין אַזאַ פאַל... דאָס איז... איז...

— דאָס איז די הויפּטזאַך, — האָט פאַרענדיגט האַניאַ, ווידער קומענדיג צו הילף דעם גענעראַל און אויפקאַרטשענדיג זיינע ליפּען אין דעם גיפטיגסטען שמייכעל וועלכען ער האָט שוין ניט געוואָלט באהאַלטען. ער האָט געקוקט מיט זיין ברענענדען בליק דעם גענעראַל גלייך אין די אויגען, אזוי ווי ער וואָלט אויך געוואָלט, אז יענער זאָל אין זיין בליק איבערלעזען זיין גאַנצען געדאַנק. דער גענעראַל איז רויט געוואָרען און אויסגעשאָסען:

— זיכער איז שכל די הויפּטזאַך! — האָט ער צוגעשטימט, קור־קענדיג שאַרף אויף האַניא'ן, — און א קאָמישער מענש ביזטו, גאַוור־רילאַ אנדרעיעוויטש! דו ביזט, באמערק איך, ווי צופריעדען מיט דעם דאָזיגען סוחר'ל אזוי ווי דאָס וואָלט געווען אַן ערלייזונג פאַר דיר. און אַט דאָס טאַקע האָסטו געדאַרפט גוט פון סאַמע אָנהויב באַ־טראַכטען מיט שכל. טאַקע דאַ מוז מען פאַרשטעהן... און צוגעהען פון ביידע זייטען עהרליך און גלייך און ניט... האָסט געדאַרפט לאָזען וויסען פריהער, און ניט קאָמפּראָמיטירען אנדערע. און נאָך בעסער, ווען צייט איז דערויף אויך געווען גענוג. און אפילו איצט בלייבט נאָך אויך גענוג (דער גענעראַל האָט באַדייטונגספאָל אויפגעהויבען די ברעמען) ניט קוקענדיג וואָס עס איז געבליבען בלויז עטליכע שטונ־דען... האָסט פאַרשטאַנען? פאַרשטאַנען? ווילסטו באמת אָדער ווילס־טו ניט? אויב דו ווילסט ניט זאָג און — ביטע. קיינער האַלט אייך ניט צו גאַווריִלאַ אַרדאַליאָנאָוויטש, קיינער שלעפּט אייך ניט מיט גוואַלד אין נעץ, אויב איהר זעהט נאָר דאַ א נעץ...

— איך וויל, — האָט נידעריג נאָר האַרב אַרויסגערעדט האַניאַ. אַראָפּגעלאָזט די אויגען און טרויעריג אנטשוויגען געוואָרען.

דער גענעראַל איז געווען צופרידענגעשטעלט. דער גענעראַל האָט זיך געוועזן צוהיצט, נאָר ער האָט שוין, קענטיג, חרטה געהאַט, וואָס ער איז אַוועק צו ווייט. ער האָט פּלוצלונג זיך אומגעדרעהט צום פירשט, און עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז איבער זיין געזיכט איז פּלוצלונג דורכגעפּלויגען אַן אומרוהיגער געדאַנק, אז אַט איז דאָך דער פירשט דערביי געווען און אַלץ געהערט. נאָר ער האָט זיך אויגענ־

בליקליך בארוהיגט: בלויז איין בליק טועניניג אויפ'ן פירשט, האָט מען זיך געקענט פאַלקאָם בארוהיגען.

— אָהאָ! — האָט אויסגעשריען דער גענעראל, קוקענדיג אויף דעם מוסטער אין קאליגראפיע, וועלכע דער פירשט האָט איהם דערלאנגט — דאָס איז דאָך איינמאָל א שריפט! און א מערקווירדיגער שריפט. קוק נאָר אָן האניא, סאַ' טאַלאַנט!

אויף דיקע גוטע פּאַפּיר האָט דער פירשט אָנגעשריבען אין מיטעל אַלטערליכען רוסישען שריפט די פראזע: דער פרידליכער גלח פאפנוטי האָט צוגעלעגט די האַנט".

— אָט דאָס, — האָט דער פירשט ערקלעהרט מיט גרויס פאַרגעניגען פון באגייסטערונג — דאָס איז טאַקע דער אייגענער אונטערשריפט פון גלח פאפנוטי, ארונטערגענומען פון א קאָפּיע פון פיערצעהנטען יאהרהונדערט. זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט פיין אונטערגעשריבען. אָט די אלע אַלטע גלחים און מעטראָפּאליטען, איינינע מאָל אפילו מיט גרויס געשמאַק און מיט מיה. איז דען מעגליך גענעראל, אז איהר האָט ניט כאָטש איין אויסגאַבע פון פאגארין? און דערנאָך האָב איך דאָ אָנגעשריבען מיט אַן אנדער שריפט: דאָס איז א קיילעכדיגער גרויסער פראנצויזישער שריפט פון לעצטען יאהרהונדערט. איינינע בוכשטאַבען האָט מען דאַן אפילו אַנדערש געשריבען. ס'איז א גאַסען־שריפט פון פּאַלקס־שרייבער. נאָכגעמאַכט נאָך זייערע מוסטערס (איך האָב געהאַט איינעם אזא) איהר וועט דאָך מיט מיר אויך איינשטימען, אז ער האָט אויך זיינע מעלות. גיט א קוק אויף די דאָזיגע קיילעכדיגע d. a. איך האָב איבערגעטראָגען דעם פראַנצויזישען כאראקטער אין די רוסישע בוכשטאַבען, וואָס עס איז זעהר שווער. אבער עס איז ארויסגעקומען פיין. און אָט האָט איהר נאָך א פיינעם און אָריגינעלען שריפט, אָט איז די פראזע: „זארגפעלטיגקייט איבערוועלטיגט אַלעס". דער שריפט איז א רוסישער, א שרייבערישער און אויב איהר ווילט פון א מיליטער־שרייבער. אָט אזוי שרייבט זיך א פּאַפּיר צו א הויכגעשטעלטער פערזענליכקייט. עס איז אויך א קיילעכדיגער שריפט, א פיינער שוואַרצער שריפט. שוואַרץ געשריבען אבער מיט א מערקווירדיגען געשמאַק. א קאַליגראַף וואָלט נישט דערלאָזט אָט די דאָזיגע דריידעלאַך אָדער בעסער געזאָגט, דעם פּארזוך צו מאַכען דריידלאַך, אָט די אַלע ניט פאַרענדיגטע עקעלאַך,—

באַמערקט נור — אָבער א קוק טאָענדיג אויף דערויף אלס גאַנצעס, האָט עס דאָך אין זיך כאַראַקטער, און אויב איהר ווילט קוקט דערפון ארויס די גאַנצע מיליטעריש שרייבערשע נשמה; עס וואָלט זיך זעהר געוואָלט א הוליע טאָן, און דער טאַלאַנט בעט זיך אויך. אָבער דער סאָלדאַטסקער־קאָלנער איז שטייף פאַרקניפּעלט. די דיסציפּלין איז אַפילו ארויס פיין אין שריפט! דאָס האָט מיך אזא מוסטער־כתב פאַר־אינטערעסירט, איך האָב עס צופעליג געפונען, און נאָך וואו? אין דער שווייץ! און אָט האָט איהר אַן איינפאַכען, געוועהנליכען און ריינעם ענגלישען שריפט, ווייטער קען שוין שענקייט ניט געהן, דאָ איז די פיינקייט אליין. קאַרעלען, פּערל. דאָס איז געענדיגט; נור אָט איז אַוואַריאַציע, און ווידער א פראַנצויזישער, איך האָב איהם איבערגענומען ביי א פראַנצויזישען רייזענדען: ס'איז דער זעלבער פראַנצויזישער שריפט, נור די שוואַרצע ליניע איז אביסעלע נאָך שוואַרצער און דיקער ווי דער ענגלישער. און קוקט זיך צו! די ליכט־פּראָפּאָרציע איז דאָ צושטערט און דער אָוואַל אויך איבערגעביטען. עס איז אביסעלע קיילעכדיגער און אלס צוגאָב ערלויבט א דריי־דעלע. און א דריידעל אין שריפט דאָס איז דאָס געפעהרליכסטע זאַך! א דריידער פאָדערט אויסערגעוועהנליכען געשמאַק. נור אויב עס גע־לינגט, אויב נור עס איז געפונען געוואָרען די נויטיגע פּראָפּאָרציע, איז אזא שריפט אונפאַרגלייכבאַר, און מען קען זיך אַפילו אין איהם פאַרליעבען.

אהא! צו וואָס פאר א דינקייטען איהר זייט געקומען, האָט געלאַכט דער גענעראַל — איהר זייט דאָך טאַטעלע, ניט קיין איינ־פאַכער קאַליגראַף נור אן אַרטיסט, וואָס זאָגט איהר דערצו האַניאַ?

— ס'איז וואונדערליך, האָט געזאָגט האַניאַ, און אַפילו מיט דעם באַוואוסטזיין פון זיין באַשטימונג, האָט ער צוגעגעבען לאַכענדיג.

— לאַך זיך, לאַך זיך, נור דאָ שטעקט שוין א קאַריערע, האָט געזאָגט דער גענעראַל — ווייסט איהר פירשט, צו וואָס פאר א פּער־זענליכקייט מיר וועלען אייך געבען שרייבען פּאַפּירען? מען קען דאָך אייך שוין גלייך באַשטימען פינף און דרייסיג רובעל א מאָנאַט, אלס ערשטער ארויספאָהר. דערווייל אָבער איז שוין איצט האַלב איינס, האָט ער פאַרענדיגט א קוק טאָענדיג אויפ'ן זייגער — נעהמט זיך צו דער ארבייט פירשט, ווייל איך דאַרף זיך איילען. און היינט, קען

געבען, וועלען מיר זיך שוין מעהר ניט באַגעגענען! זעצט זיך נור צו אויף א מינוטעלע; איך האָב דאָך אייך שוין ערקלעהרט, אז אויפנעהמען אייך זעהר אָפט האָב איך ניט די מעגליכקייט, נור העלפען אייך א קאָפּיטשקע, וואָלט איך זעהר געוואָלט, נור א קאָפּיטשקע, פאַרשטעהט זיך, דאָס הייסט, בלויז אין דאָס נויטיגסטע. און נאָכדעם וועט איהר שוין אליין ווערען. א פּלאַץ אין א קאַנצעלאַריע וועל איך אייך געפינען, ניט קיין שווערען, נור עס פאָדערט פּינקטליכקייט אין איצט וועגען ווייטערעס: אין דער הויז, דאָס הייסט אין דער פאַמיליע פון גאַווריליא ארדאַליאָנאָוויטש איוואָלגין, אָט דער יונגער פריינד מיינער, מיט וועלכען איך בעט אייך צו באַקאַנען זיך, האָבען זיין מוטער און שוועסטער אָפּגעלעדיגט פון זייער קוואַרטיר צוויי־דריי געמעבעלירטע צימערען און זיי פאַרדינגען זיי צו שכנים מיט גוטע רעקאָמענדאַציעס, מיט עסען און באַדינונג. איך גלויב, אז מיין רעקאָמענדאַציע וועט נינא אַלעקסאַנדראָוונא אָננעהמען, און פאַר אייך פּירשט, איז דאָס אפילו בעסער ווי אַן אוצר, ערשטענס, ווייל איהר וועט ניט זיין אליין, נור אזוי זאָגענדיג צווישען אַן אייגענער פאַמיליע און לויט מיין בליק טאָרט איהר ניט גלייך ביים ערשטען טראָט זיין אליין אין אזא הויפּט־שטאָדט ווי פּעטערבורג. נינא אַלעקסאַנדראָוונא — די מוטער און וואַרוואַרא ארדאַליאָנאָוונא — די שוועסטער פון גאַווריליא ארדאַליאָנאָוויטש זיינען פרויען וועלכע איך שעץ זעהר. נינא אַלעקסאַנדראָוונא, די פרוי פון ארדאַליאָן אַלעקסאַנדראָוויטש, אַן אויסגעדינטער גענעראַל, מיינער א געוועזענער חבר צו דער פריהיגטער דיענסט, נור מיט וועלכען, איך האָב צוליעב געוויסע אומשטענדען איבערגעריסען מיינע באַציהונגען, און וועלכען איבעריגענס איך אָכטע אויף א געוויסען אופן. דאָס אַלץ ערקלער אייך, פּירשט, צוליעב דעם, אז איהר זאָלט פאַרשטעהן, אז איך אליין, פּערזענליך, אזוי צו זאָגען, רעקאָמענדיר אייך, מיינט עס, אז איך גאַראַנטיר פאַר אייך. דאָס געצאָהלס דערפאַר איז זעהר א מעסיגע, און איך האָף אז אייער שכירות וועט אין גיכען זיין גאַנץ גענוג פאַר דעם. אמת, א מענש דאַרף אויך האָבען קעשענע־געלט, כאָטש ניט קיין סך, נור איהר וועט ניט אין כעס ווערען פּירשט, ווען איך וועל באַמערקען, אז אייך וועט זיין פיעל בעסער ווען איהר וועט אויסמיידען צו האָבען קעשענע־געלט, און איבערהויפּט געלט אין קעשענע. איך זאָג דאָס לויט

מיין בליק אויף אייך, נור אזוי ווי איצטער איז אייער בייטעל אין גאנצען פּוסט, איז ערלויבט מיר אייך פאר אן אָנפאנג צו פּאָרלעגען אָט די פינף און צוואנציג רובעל. מיר וועלען זיך געווים נאָכדעם אויס־רעכענען. און ווען איהר זייט אזא אָפענער און הארציגער מענש ווי איהר שטעלט זיך ארוים פון די ערשטע ווערטער, וועט קיין אונאָנ־גענעהמליכקייטען אויך דערביי ניט ארויסקומען. און אויב איך אינ־טערעסיר זיך אזוי אין אייך, איז דערפאר ווייל איך ערוואַרט פון אייך א געוויסען צוועק. שפּעטער אביסעל וועט איהר זיך דאָס דערוויסען. ווי איהר זעהט בין איך מיט אייך גאַנץ אָפענהערציג. איך האָף, האַניא, אז דו האָסט גאַרניט דאָגעגען אז דער פירשט זאָל זיך באַזעצען אין אייער קוואַרטיר?

— א, פאַרקעהרט! און די מאַמע וועט אויך זיין צופרידען... האָט באשטעטיגט מיט עדעלקייט האַניא.

— ביי אייך, דוכט זיך, איז דערוויילע בלויז איין צימער פאַרנו־מען, מיט ווי רופט מען איהם, פערד... פער...

— פערדישטשענקא.

— יע, ער געפעהלט מיר גאָר ניט אָט דער פערערשטשענקא איי־ערער, עפּעס א מאָדנער ליץ אזא. און איך פאַרשטעה ניט צו וואָס נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא ערמוטיגט איהם? איז דאָס טאַקע אמת אז ער איז איהרער א קרוב?

— אָ, ניין. דאָס איז בלויז א וויץ! ער שמעקט אפילו ניט מיט קיין קרוב!

— נו, זאָל איהם דער טייוועל נעהמען! נו, איז זייט איהר פירשט, צופרידען אָדער ניט?

— איך דאַנק אייך, גענעראַל, איהר האָט געהאַנדעלט מיט מיר ווי א זעהר גוטער מענש, און איבערהויפּט ווען איך האָב גאָר ניט געבעטען; איך זאָג דאָס ניט אויס גאווה; איך האָב באמת ניט גע־וואוסט וואו אוועקצולעגען דעם קאָפּ. מיך האָט אפילו ראַגאָזשין איינגעלאַדען צו זיך.

— ראַגאָזשין? דאָס ניין! איך וואָלט אייך געראָטען ווי א פאָ־טער אָדער ווען איהר ליעבט עס בעסער, ווי א פריינד, אז איהר זאָלט פאַרגעסען אָן דעם הערר ראַגאָזשין. און אין אַלגעמיין וואָלט איך אייך

גערעכנט זיך האַלטען ביי דער פאַמיליע אין וועלכער איהר טרעט אריין.

— אויב איהר זייט שוין אזוי גוט, האָט געוואָלט אָנהויבען דער פירשט, — איז האָב איך עפּעס אַ ענין. איך האָב ערהאַלטען אַ נאָכ־ריכט...

— ענטשולדיגט, האָט איבערגעשלאָגען דער גענעראַל — איצט האָב איך אפילו קיין איין מינוט צייט אויך ניט. איך וועל באַלד זאָגען וועגען אייך ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונען. אויב זי וועט אייך וועלען אויפנעהמען שוין אַט איצט (איך וועל זי שוין מיהען אייך אין אַזאַ געשטאַלט פאַרשטעלען) איז ראַטה איך אייך אויסנוצען די געלעגענהייט און געפעהלען ווערען, ווייל ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא קען אייך זעהר צונוץ קומען. איהר זייט מיט איהר פון איין פאַמיליע. און ווען זי וועט ניט וועלען, טאָ ווערט ניט ברוגז. זי וועט אייך אויפנעהמען אַן אַנדערש מאָהל. און דו האַניאַ, גיב נור אַ קוק אריין דערווייל אַט אין די חשבונות. מיר האָבען זיך אָנומעלטען מיט פעדאָסעיעווען געוואַטען. דאַרף מען דאָס אויך אריינגעהמען...

דער גענעראַל איז ארויס און דער פירשט האָט ניט געהאַט קיין צייט צו דערצעהלען וועגען זיין ענין וועגען וועלכען ער האָט אָנגע־פאַנגען שיעור ניט צום פערטען מאָהל. האַניאַ האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און פאָלגעלעגט אַ צווייטען דעם פירשט. דער פירשט האָט גענומען, נור ער האָט גאָר ניט גערעדט, ניט וועלענדיג שטערען און ער האָט גענומען באַקוקען דעם קאַבינעט; נור האַניאַ האָט קוים אַ בליק געטאָן אויפ'ן בויגען פּאַפּיר מיט די ציפער וועלכען דער גענע־ראַל האָט איהם אָנגעוויזען. ער איז געווען צוטראָגען, האַניאַ'ס שמייכעל, בליק, און פאַרטראַכטקייט זיינען געוואָרען נאָך שווערער, לויט ווי עס האָט אויסגעזעהן דעם פירשט. ווען זיי זיינען ביידע געבליבען אליין. פּלוצלונג איז ער צוגעגאַנגען צום פירשט, יענער איז אין דער מינוט ווידער געשטאַנען איבער דעם פּאָרטרעט פון נאַסטאַ־סיא פיליפּאָוונא און איהם באַטראַכט.

— הייסט עס, פירשט, אַז אייך געפעהלט אַזאַ פרוי? האָט ער פּלוצלונג געפרעגט דורכדרינגענד קוקענדיג אויף איהם און פּונקט ווי ער וואָלט עפּעס דערמיט באַצוועקט.

— אַ וואונדערליכעס געזיכט! האָט געענטפערט דער פירשט,

און איך גלויב, אז דער שיקזאַל איהרער איז ניט פון די געוועהנליכע.

— דאָס געזיכט איז א פרעהליכעס אָבער זי האָט שוין שרעקליך גע־ליטען, א יאָ? וועגען דעם ריידען די אויגען, אָט אָט די צוויי פונקטען אונטער די אויגען, וואו די באַקען הויבען זיך אָן. דאָס איז א שטאָל־צעס געזיכט, זעהר א שטאָלצעס, און איך ווייס ניט, איז זי א גוטע? אי, ווען זי וואָלט געווען א גוטע! אַלץ וואָלט דאַן געראַטעוועט גע־וואָרען.

— און וואָלט א י ה ר חתונה געהאַט מיט אזא פרוי? האָט פאַרטגעזעצט האַניא, ניט ארונטערנעהמענדיג פון איהם זיין ברע־נענדען בליק.

— איך קען מיט קיינעם ניט חתונה האָבען, איך בין ניט געזונד, האָט געזאָגט דער פירשט.

— און ראָגאָזשין וואָלט חתונה געהאַט? ווי דענקט איהר?

— וואָס איז דאָ די חכמה? חתונה האָבען, דענק איך, קען מען אפילו מאָרגען. ער וואָלט חתונה געהאַט, אָבער אין א וואָך ארום וואָלט ער זי אודאי געקוילעט.

ווי נור דער פירשט האָט עס ארויסגערעדט, האָט האַניא פּלוצ־לינג אזא ציטער געטאָן, אז דער פירשט האָט שיעור ניט א געשריי געטאָן.

— וואָס איז מיט אייך? האָט ער ארויסגערעדט, כאַפּענדיג איהם פאַר'ן האַנט.

— אייער עקסעלענץ. זיין האָהייט בעטען אייך אריינצוגעהן צו איהר האָהייט, האָט געלאָזט וויסען דער פירשט, באַווייזענדיג זיך אין טהיר. דער פירשט איז נאָכגעגאַנגען נאָכ'ן דיענער.

---

## פיערטער קאַפּיטעל.

אַלע דריי מיידלאַך עפּאַנטשין זיינען געווען געזונדע, בליהענדע, געוואַקסיגע, מיט וואונדערליכע פּלייצעס, מיט פעסטע בוזימס, מיט שטאַרקע, כמעט מענערשע הענט, און טאָקע צוליעב זייער קראַפט

און געזונד האָבען זיי גאַנץ אָפט ליעב געהאַט גוט אָפּצועסען. אַזאַך פון וואָס זיי האָבען אפילו ניט געוואָלט מאַכען קיין סוד. די מאַמע זייע־רע, די גענעראַלשע, ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ, האָט זיך גאַנץ אָפט גע־קרימט אויף דער באַוואוסטקייט פון זייער אַפּעטיט, נור אַזוי ווי אייניגע פון איהרע מיינונגען, ניט קוקענדיג אויף דער אויסערליכער אַכטונג, מיט וועלכע די טעכטער פלעגען עס אויפנעהמען, האָבען אין דער ווירקליכקייט שוין לאַנג פאַרלאָרען זייער ערשטען און אונשטרייטבאַרען אוטאָריטעט צווישען זיי. און אויף אַזוי פיעל, דאָס די געשאַפענע אייניגקייט צווישען די דריי מיידלאַך האָט אומעדום דורכאויס גענומען איבערוועגען, דאַן האָט די גענעראַלשע צוליעב פאַר־היטען איהר כבוד געפונען פאַר נויטיג ניט צו מישען זיך און אָפּצו־טרעטען. אמת, דער כאַראַקטער האָט גאַנץ אָפט ניט געוואָלט פאָל־גען און זיך ניט אונטערגעגעבען די באַשלוסען פון שכל. ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ איז מיט יעדען יאָהר געוואָרען אַלץ קאַפּריזנער און אומגעדולדיגער, זי איז געוואָרען אפילו אַ שטיקעל משוגענע. נור אַזוי ווי אונטער די הענט האָט זיך געפונען זעהר אַן אונטערטהעניגער און געהאָרכזאַמער מאַן, האָט זיך דאָס איבעריגע און אָנגעקליבענע אויסגעגאָסען אויף זיין קאָפּ. און נאָכדעם איז ווידער געוואָרען שלום אין דער פאַמיליע און אַלץ איז געגאַנגען ווי מען דאַרף ניט בעסער.

איבעריגענס האָט די גענעראַלשע אַליין אויך ניט פאַרלאָרען קיין אַפּעטיט און געוועהנליך האַלב איינס האָט זי גענומען אנטהייל צוזאַ־מען מיט די טעכטער אין אַ רייכען פריהשטאַק, וועלכער איז כמעט געווען עהנליך צו אַ מיטאָג. די טאָזעס קאַפּע פלעגען די מיידלאַך אויסטרינקען נאָך פריהער, פּונקט צעהן אַ זייגער, נאָך ליגענדיג אין בעט, וואו זיי האָבען זיי ערוואַרט. אַזוי האָבען זיי ליעב באַקומען און אַזוי איז עס באַשטימט געוואָרען אויף שטענדיג. האַלב איינס אָבער פלעגט ווערען געגרייט צום טיש פון דעם קליינעם עס־צימער. לעבען דער מאַמעס צימערן, און צום דעם דאָזיגען היימישען און אינטימען פריהשטיק פלעגט אַמאָל אויך זיך באַווייזען דער גענעראַל, ווען ער האָט געהאַט צייט. אויסער טיי, קאַפּע, קעז, האָניג, מילך, קליינע פיינקוכענס, וועלכע די גענעראַלשע אַליין האָט ליעב באַקומען, קאָטלעטען און נאָך. פלעגט מען דערלאַנגען אויך שטאַרקען, הייי־סען בולאָן. אין דעם פריהמאָרגען אין וועלכען עס האָט זיך אָנגע־

הויבען אונזער ערצעהלונג, האָט זיך די גאַנצע פאַמיליע צוזאַמענגע־
קליבען אין עס־צימער, ערוואַרטענדיג דעם גענעראַל, וועלכער האָט
צוגעזאָגט קומען האַלב איינס. ווען ער וואָלט אפילו בלויז אָפּגע־
שפּעטיגט אויף א מינוט, וואָלט מען גלייך נאָך איהם געשיקט. אָבער
ער איז געקומען אין צייט. אונטערקומענדיג זיך צו באַגריסען מיט
דער פרוי און א קוש טאָן איהר הענטעל, האָט ער באַמערקט אויף
איהר געזיכט דאָסמאָל עפּעס באַזונדערס. און כאָטש ער האָט נאָך
נעכטען פאַראויסגעזעהן אז היינט וועט זיכער זיין אן א „אנעקדאָט"
(ווי ער אליין האָט זיך אויס געוואוינהייט אויסגעדריקט). און ער
האָט שוין איינשלאָפענדיג נעכטען, וועגען דעם געווען אומרוהיג, נור
פונדעסטוועגען האָט ער איצט נאָכאמאָל זיך דערשראָקען. די טעכ־
טער זיינען אונטערגעקומען זיך מיט איהם קושען, און כאָטש דאָ
האָט מען זיך אויף איהם ניט גע'כעס'ט, פונדעסטוועגען איז דאָ אויך
דוכט זיך, געווען עפּעס באַזונדערעס. עס איז אמת, אז דער גענעראַל
האָט צוליעב געוויסע אומשטענדען צופיעל באַרדעכטיגט; אָבער אזוי,
ווי ער איז געווען א געניטער און פעהיגער פאָטער און מאַן, האָט
אויך גלייך אָנגענומען דערצו זיין שטעלונג.

עס קען געבען אז מיר וועלען ניט פיעל שאַדען דעם בוי פון
אונזער ערצעהלונג, ווען מיר וועלען זיך דאָ אָפּשטעלען און מיר ווע־
לען אָנקומען צו דער הילף פון אייניגע ערקלעהרונגען, צוליעב דער
גלייכער און פינקטליכער פאַרשטעלונג פון יענע באַציהונגען און אומ־
שטענדען אין וועלכער מיר געפינען די פאַמיליע פון גענעראַל עפּאַנ־
טשין אין אָנפאַנג פון אונזער ערצעהלונג. מיר האָבען שוין נור וואָס
געזאָגט, אז דער גענעראַל אליין, כאָטש ער איז געווען ניט גאָר קיין
געבילדעטער מענש און אין געגענטהייל, ווי ער האָט זיך אליין אויס־
געדריקט וועגען זיך: „א מענש, א זעלבסט־געלעהרענטער". איז דאָך
געווען א געניטער מאַן און א פעהיגער פאָטער. צווישען אנדערעס,
האָט ער אויך אָנגענומען א סיסטעמע ניט צו יאָגען די טעכטער צו
חתונה האָבען. דאָס הייסט ניט „הענגען ביי זיי אויפ'ן הארצען"
און ניט באַאומרוהיגען זיי מיט צופיעל פאָטער־ליעבע וועגען זייער
גליק, אזוי ווי עס קומט פאָר כמעט אומעדום, אפילו ביי די סאַמע
קליגסטע פאַמיליען, אין וועלכע עס זיינען דאָ ערוואַקסענע טעכטער.
ער האָט אפילו אויסגעפיהרט, דאָס, ער האָט צוגעצויגען אויך ליזאַ־

וועטא פּראָקאָפּיעוונא צו זיין סיסטעמא. כאָטש די זאך אין אַלגעמיין איז געווען ניט פון די גרינגע, ניט פון די גרינגע דערפאר ווייל עס איז געווען אַן אומנאַטירליכע; נור דעם גענעראלס אַרגומענטען זיינען געווען זעהר וויכטיגע, געגרינדעט אויף לעבעדיגע פאַקטען. און איבערגעלאָזט צו זייער ווילען, וועלען דאָך די טעכטער נאַטירליך אויך מוזען ענדליך קומען צום שכל, און דאַן וועט זיך די זאַך צוברענגען, ווייל זיי וועלען זיך נעהמען דערפאר, מיט חשק, אוועקלעגענדיג אַן א זייט די קאַפּריזען און די איבעריגע איבערפליסיגע איבערקלייבערשאַפט. די עלטערען וועט דאַן בלויז בלייבען, שטעהן אויף דער וואך און לויט די מעגליכקייטען באַהאַלטענערהייט אַכטונג געבען, אז עס זאָל ניט ארויסקומען קיין ווילדער, אומנאַטירליכער אויסוואהל. און דאַן אפּהיטענדיג דעם ריכטיגען מאָמענט מיט אמאָל א העלף טאָן מיט אַלע קרעפטען און אוועקפיהרען די זאַך מיט אַלע איינפלוסען. און ענדליך, דאָס אליין וואָס מיט יעדען יאָהר, למשל, איז געוואַקסען אין געאָמעטרישען פּראָגרעס זייער פאַרמעגען און געזעלשאַפטליכע באַדייטונג, פאָלגליך, וואָס מעהר צייט איז אוועק, אַלץ מעהר האָבען די טעכטער דערפון געוואונען, אפילו אלס כלות. נור צווישען אָט די אַלע אייזערנע פאַקטען איז געקומען נאָך א פאַקט: דער עלטערער טאָכטער, אלעקסאנדרא, איז פלוצלינג און כמעט אונערוואַרטעט (ווי עס פאַסירט אַלע מאָל) געוואָרען פינף און צוואַנציג יאָהר. און כמעט אין דער זעלבער צייט האָט אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש טאָצקי, א מאַן פון דער הויכער געזעלשאַפט, מיט העכערע פאַרבינדונגען און אויסערגעוועהנליכער רייכקייט ווידער ארויסגעוויזען זיין אַלטען וואונש חתונה צו האָבען. דאָס איז געווען א מאַן פון א יאָהר פינף און פופציג, פון פיינעם כאַראַקטער, מיט זעהר אַן אויסערגעוועהנליך־עדעלען געשמאַק. ער האָט געוואָלט שעהן חתונה האָבען. א שעצער פון שענקייט איז ער געווען א גרויסער. אזוי ווי שוין פון א היבשער צייט איז ער געווען מיט גענעראל עפאנטשין אין אויסערגעוועהנליכער פריינדשאַפט, וועלכע האָט זיך נאָך מעהר פאַרשטאַרקט צוליעב שותפות׳ע געשעפטליכע אונטערנעהמונגען, האָט ער דארום איהם געלאָזט וויסען, אזוי צו זאָגען, געבעטען א ראטה פון א פריינד, ווי אזוי זיך אויפצופיהרען: צי קען ער יע אָדער קען ער ניט אַנמוטען ו:עגען חתונה האָבען מיט איינער פון זיינע טעכטער? אין דעם שטי־

לען און פיינעם פלוס פון דעם גענעראל עפּאנטשין'ס פאמיליען־לע־
בען איז אָנגעקומען אַן אויגענשיינליכע איבערקעהרעניש. די אונ־
צווייפעלהאפסטע שענהייט אין דער פאמיליע איז, ווי שוין געזאָגט,
געווען די יונגסטע אַגלאַיאַ. נור אפילו טאָצקי אַליין, וועלכער איז
געווען זעהר א גרויסער עגאאיסט, האָט פאַרשטאַנען אז ניט דאָ דאַרף
ער זוכען. און אז אַגלאַיאַ איז ניט פאר איהם באַשטימט געוואָרען.
עס קען געבען, אז אביסעל צוליעב בלינדע ליעבע און צופיעל הייסער
פריינדשאפט, האָבען די שוועסטער די זאך איבערטריבען, נור אגאַ־
ליאַ'ס שיקזאל האָט ביי זיי, זעהר אויף אן אויפריכטיגען אופן,
געדאַרפט זיין ניט גלאַט א שיקזאל, נאָר אלה אַ מעגליכער אידעאל פון
אַן ערדישען גן־עדן. אַגאַליאַ'ס צוקונפטיגער מאן האָט געמוזט באַ־
זיצען אלע מעלות און ערפאָלגען, שוין ניט רעדענדיג וועגען רייכטהום.
די שוועסטער האָבען שוין אפילו צווישען זיך אָפּגעמאכט, און גאָר
אָהן איבעריגע רייד, וועגען דער מעגליכקייט ווען מען וועט דאַרפען
ברענגען אַ קרבן פון זייער זייט צוליעב אַגאַליאַ'ן. אַ נדן פאר אַגאַ־
ליאַ'ן איז באַשטימט געוואָרען זעהר א גרויסער, אן אויסערגעוועהנ־
ליכער. די עלטערען האָבען געוואוסט פון דעם אָפּמאך פון די צוויי
עלטערע שוועסטער, און דארום ווען טאצקי האָט געבעטען אַ ראַטה,
איז ביי זיי גאָר קיין צווייפעל ניט געווען, אז איינע פון די צוויי על־
טערע שוועסטער וועט זיך זיכער ניט אָפּזאָגען צו אויספיהרען זייער
וואונש, און דערהויפט, ווען מיט אפאנאסי איוואַנאָוויטש איז דאָ
ניטאָ קיין שוועריגקייט וועגען נדן. טאצקי'ס פאַרשלאג האָט דער גע־
נעראל אליין, מיט דעם איהם אייגענטליכען וויסען פון לעבען גלייך
אָפּגעשאצט זעהר הויך. נאָר אזוי ווי טאצקי אליין, האָט צוליעב גע־
וויסע אורזאכען זעהר געהיט זיינע טריט, און האָט בלויז די זאך אָנ־
געצייכענט. האָבען אויך די עלטערען דאָס פאַרגעלעגט די טעכטער.
בלויז אלס וויטע ערוואַרטונגען. אלס ענטפער אויף דערויף, איז אויך
פון די טעכטער ערהאלטען געוואָרען אן ערקלעהרונג, כאָטש אויך ניט
קיין באַשטימטע, אבער דערפאר א באַרוהיגענדע, אז די עלטסטע,
אלעקסאנדריא, וועט זיך אפשר ניט אָפּזאָגען. דאָס איז געווען א מיי־
דעל, כאָטש אפילו מיט א האַרטען כאראקטער, אָבער א גוטע און א
קלוגע און אזא, וועלכע קאָן מיט אלעמען אויסקומען. און מיט טאָצקי'ן
האָט זי געקאָנט אפילו חתונה האָבען מיט חשק. און ווען זי וואָלט גע־

געבען דאָס וואָרט, וואָלט זי איהם הייליג געהאַלטען. גלאַנץ האָט זי ניט ליעב געהאט און זי האָט ניט נור ניט געסטראַשעט מיט כלאָפּאָט און שטאַרקע איבערקעהרענישען, נאָר זי האָט אפילו געקאָנט מאַכען זיך און רוהיג דאָס לעבען. אויסגעקוקט האָט זי זעהר שעהן כאָטש ניט אַזוי מיט עפעקט. וואָס האָט פאַר טאָצקי'ן געקענט בעסער געבען?

נאָר פונדעסטוועגען איז די זאַך נאָך אַלץ געגאַנגען אין דער פינסטער. בייביידע צוזאַמען, ביי טאָצקי'ן און דעם גענעראַל, איז פריינדליך געוועזען אָפּגעמאַכט, ביז א צייט אויסצומיידען א פאָרמאַל־נעם שריט, וועלכען מען זאָל ניט קענען צוריקציהען. אפילו די על־טערען האָבען נאָך אַלץ ניט אָנגעהויבען רעדען מיט די טעכטער אין גאַנצען אָפען. עס האָט זיך אויך אָנגעהויבען א שטיקעל דיסאַנאַנס: די גענעראַלשע עפּאַנטשין, די מוטער פון דער פאַמיליע, איז עפּעס גע־וואָרען ניט צופריעדען. און דאָס איז געוועזען זעהר וויכטיג. דאָ איז געווען איין זאַך, וואָס האָט אַלץ געשטערט. א מאָדנער און צרה'דיגער צופאַל צוליעב וואָס די גאַנצע זאַך האָט געקאָנט צושטערט ווערען אויף אייביג.

דער דאָזיגער מאָדנער און צרה'דיגער צופאַל (ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט טאָצקי אַליין) האָט זיך אָנגעהויבען שוין זעהר לאַנג, א יאָהר אַכצעהן צוריק.

אין איין רייהע מיט איינעם פון די רייכסטע גוטס פון אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש, אין איינע פון די אינערע גובערניעס, האָט זיך געפּלאָגט א געוויסער אָרימער גוטס־באַזיצער. דאָס איז געווען א מענש א מערק־ווירדיגער אָפּיצער, פון א שעהנער עדעל־מאַנישער פאַמיליע, און אין דער באַציהונג אפילו מעהר יחוס ווי טאָצקי, איינער א פיליפּ אַלעק־סאַנדראָוויטש באַראַשקאָוו, אין גאַנצען אַן איינגעטונקטער אין חובות און א פאַר'משכונ'טער, איז איהם ענדליך נאָך שווערע, כמעט פויערישע אַרבייט, געלונגען, ווי ס'ניט איז איינאָרדנען זיין קליינע באַלעבאַטישקייט. פון דעם קלענסטען ערפאָלג פלעגט ער קריגען אויי־סערגעוועהנליכען מוטה. אַן ערמוטיגטער און דערפרעהטער מיט די האָפענונגען איז ער אָפּגעפאָהרען אויף עטליכע טעג אין זיין אויעזד־נער שטעטעל, אום צו זעהן זיך, און זיך איינגאַנצען צונויפריידען מיט איינעם פון זיינע גרעסטע קרעדיטאָרען. אויפ'ן צווייטען טאָג פון

זיין אָנקומען אין שטאָט, איז געקומען צו איהם, רייטענדיג, זיין דאָרפישער סטאראסטא, מיט אַ אָפּגעברענטער באַק און פאַרסמאָליעטער באָרד און איהם אָנגעזאָגט, אַז זיין פאַמיליען־גוט איז אָפּגעברענט געוואָרען, נעכטען אין סאַמע מיטען טאָג. דערביי איז אויך פאַרברענט געוואָרען דאָס ווייב. די קינדערלאַך נאָר זיינען געבליבען לעבען. אַזאַ סורפּריז, האָט אפילו באַראַשקאָוו, וועלכער איז געווען געוואוינט צו די קלעפּ פון שיקזאַל, נימ געקאָנט איבערטראָגען. ער איז אַראָפּ פון זינען, און אין אַ מאָנאַט ארום געשטאָרבען אין פיבער. די אָפּגעברענטע גוט, מיט די איבער דער וועלט צושפּרייטע פּויערים, איז געווען פאַרקויפט פאַר חובות. צוויי מיידעלאַך, איינע זעקס און די צווייטע זיבען יאָהר, באַראַשקאָוו'ס קינדער, האָט אויס גוטהערציגקייט צוגענומען צו ערציהען און האָדעווען, אפאנאסי איוואנאָוויטש טאָצקי. זיי האָבען זיך ערצויגען צוזאַמען מיט די קינדער פון דעם אפאנסי איוואנאָוויטש'עס פאַרוואַלטער. אַן אויסגעדינטער און גרויספאַמיליענדיגער טשינאָווניק און דערצו אַ דייטש. אין אַ קורצער צייט איז געבליבען בלויז איין מיידעלע, נאַסטאַסיא, און די אינגערע איז געשטאָרבען פון קייך־הוסט. טאָצקי האָט לעבענדיג אין אויסלאנד, גאָר אין גאַנצען אָן זיי פאַרגעסען.

איינמאָל, אין אַ יאָהר פינף ארום, איז אפאנאסי איוואנאָוויטש'ן דורכרייזענדיג, איינגעפאלען אַ קוק צו טאָן אויף דער גוט, און פּלוצלונג האָט ער דערזעהן אין הויז, אין דער פאַמיליע פון זיין דייטש, אַ פיין קינד, אַ מיידעלע פון אַ יאָהר צוועלף, אַ שטיפערישע, אַ פיינע און אַ קלוגינקע, און וועלכע האָט פאַרשפּראָכען צו זיין אויסערגעוועהנליך שעהן; אין דער באַציהונג איז אפאנאסי איוואנאָוויטש געווען אַ קענער, וועלכער האָט קיין טעות ניט געקענט מאכען. דאָס מאָל איז ער פאַרבליבען אין דער גוט בלויז עטליכע טאָג, נאָר ער האָט געהאט גענוג צייט אַלץ איינצואָרדענען; אין דער מיידעלס ערציהונג איז פאַרגעקומען אַ היבשע ענדערונג: עס איז איינגעלאַדען געוואָרען אַ בכבוד'יגע און עלטערע גאָווערנאַנטקע. אַ געניטע אין העכערער ערציהונג פון מיידלאַך, אַ שווייצאַרערין, אַ געבילדעטע, און וועלכע האָט געלערנט חוץ די פראנצויזישע שפּראַך אויך אַנדערע לעהרען. זי האָט זיך באַזעצט אין דאָרפישען הויז און די ערציהונג פון דער קלייניקער נאַסטאַסיא איז אָוועק אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב. פּונקט אין פיר יאָהר

אַרום האָט זיך די דאָזיגע ערציהונג געענדיגט; די גאָווערנאַנטע איז אַוועקגעפאָהרען, און נאָך נאַסטאַסיאַ'ן איז געקומען אַ פּריצ'טע עפּעס אַ געוויסע גוטס־באַזיצעריז און אויך אַ שכנה פון טאָצקי ביי זיין גוט. נאָר שוין אין אַן אַנדער ווייטער גובערניע, און זי האָט צוגענומען נאַסטאַסיאַ'ן צו זיך, לויט די אינסטרוקציעס און באַפאָלמעכטיגונגען פון אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש. אין אָט דעם קליינעם גוט איז געווען כאָטש ניט קיין גרויסע אָבער אַ נאָר וואָס אויסגעבויטע הויז; פאַר־פוצט איז געווען די הויז באַזונדערס פיין. און דאָס דערפעל האָט זיך ווי אומישנע גערופען „דאָס דאָרף פון פרייד". די גוטס־באַזיצערין האָט געבראַכט נאַסטאַסיאַ'ן גלייך אין דער דאָזיגער הויז, און אַזוי ווי זי אַליין איז געווען אַ קינדערלאָזע אַלמנה, און געוואוינט ניט מעהר ווי איין ווי‏אָרסט פון דאַנען, האָט זי זיך אַליין אויך באַזעצט מיט נאַס־טאַסיאַ'ן. אַרום נאַסטאַסיאַ'ן האָט זיך באַוויזען אַן אַלטיטשקע הויז־פּראַוואַלטערין און אַ יונגע ערפאַהרענע הויז־מיידעל. אין הויז זיי־נען געווען מוזיקאַלישע אינסטרומענטען, אַ פיינע מיידעלשע ביבליאָ־טעק, בילדער, עסטאַמפּען, בליי־פעדערס, פּינזעלס, פאַרב, אַ וואונדער־ליכע לאַווערטקע, און אין אַ פּאָר וואָכען אַרום איז ערשיענען אויך אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש אַליין... פון דאַן אָן האָט ער עפּעס געקראָגען אַ באַזונדערע ליעבע צו דיעזען פּאַרוואָרפענעם דערפעל זיינעם. ער פלעגט אַהין קומען יעדען זומער, אָפּגעווען צו צוויי, און אויך אפילו צו דריי מאָנאַטען, און אַזוי איז אַוועק אַ היבש ביסעל צייט, אַ יאָהר פיער, רוהיג און גליקליך מיט געשמאַק און פּראַכט.

איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַזוי עפּעס פון אָנפאַנג ווינטער, אַ פיער מאָנאַטען נאָך איינעם פון אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש'עס באַזוכען אין דעם דאָרף פון פריידען, און אין וועלכען ער איז דאָס מאָל פאַר־פאָהרען בלויז אויף צוויי וואָכען, פּונקט דאַן האָט זיך צוטראָגען אַ סלוך, אָדער גיכער געזאָגט, דער סלוך איז דערגאַנגען צו נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, אַז אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש האָט אין פּעטערבורג חתונה מיט אַ שעהנהייט, אַ רייכע, אַ יחסנ'טע — מיט איין וואָרט, ער טוט אַ סאָלידען און גלענצענדען שידוך. דער סלוך האָט זיך דערנאָך אַרויס־געשטעלט ניט צו זיין גאָר אין גאַנצען ריכטיג: די חתונה איז נאָך דאַן אויך געווען בלויז אין פּראָיעקט. און אַלץ איז נאָך געווען זעהר ניט באַשטימט, נאָר אין דעם שיקזאַל פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא איז

פונדעסטוועגען פון יענער צייט אָן, פאַרגעקומען א גרויסע איבער־קעהרעניש. זי האָט פלוצלונג אַרויסגעצייגט אַן אומגעוועהנליכע אַנט־שלאָסענהייט, און האָט אַנטפּלעקט אַן אומערוואַרטעטען כאַראַקטער. ניט קלעהרענדיג קיין סך, האָט זי געוואָרפען איהר דאָרפישע הויז און איז פּלוצלונג געקומען אין פּעטערבורג, גלייך צו טאָצקי'ן, איינע אַליין. יענער האָט זיך פאַרוואונדערט. האָט אָנגעפאַנגען געווען רע־דען, נאָר פּלוצלונג האָט זיך שוין פון ערשטען וואָרט אַרויסגעשטעלט, אַז מען דאַרף אינגאַנצען איבערבייטען דעם סטיל, דעם טאָן פון דער שטימע, פריהערדיגע טהעמאַס פון אַנגענעהמע און פיינע געשפּרע־כען, וועלכע זיינען געבראויכט געוואָרען מיט אַזוי פיעל ערפאָלג, די לאָ־גיק — אַלץ, אַלץ, אַלץ! פאַר איהם איז געזעסען אין גאַנצען א נייע פרוי, מיט גאָרנישט ניט ענליך צו יענער, וועלכע ער האָט געקענט ביז איצט, און וועלכע ער האָט איבערגעלאָזט אין דעם „דאָרף פון פרייד“, אָט גאָר ניט לאַנג, אין חודש יולי.

די נייע פרוי, האָט ערשטענס, זיך אַרויסגעוויזען, אַז זי ווייס און פאַרשטעהט אויסערגעוועהנליך אַסך — אַזוי פיעל, אַז מען האָט זיך געדאַרפט טיף וואונדערען, פון וואַנען האָט זי געקאָנט באַקומען אַזעל־כע ידיעות (איז דען מעגליך, אַז פון איהר מיידעל־ביבליאָטעק?) און איז דאָס נאָך וועניג, האָט זי אַפילו יורידיש אַסך געוואוסט, און האָט געהאַט א גרינדליכען וויסען, אויב ניט פון דער וועלט, איז לכל הפּחות, ווי אַזוי איניגע זאַכען קומען אין דער וועלט פאָר; צווייטענס, איז דאָס געווען אין גאַנצען ניט דער כאַראַקטער, וואָס פריהער, דאָס הייסט, ניט קיין ציטעריגער פאַנסיאָניסטיש־אומבאַשטימטער, אָפט א באַצויבערענדער אין איהר אָריגינעלע שטיפערישקייט, און נאַאיוויטעט און אָפט אַן אומעטיגער און פאַרטראַכטער, א פאַרוואונדעטער, א ניט צוטרויליכער, וויינענדיגער און אומרוהיגער.

ניין: דאָ האָט געלאַכט פאַר איהם, און געשטאָכען איהם מיט די גיפטיגסטע סאַרקאַזמוסען אַן אויסערגעוועהנליכער און אומערוואַר־טעטער וועזען, א פרוי האָט איהם גלייך ערקלעהרט, אַז זי האָט קיינמאָל ביי זיך אין הארצען פאַר איהם — גאָרנישט ניט געהאַט, אויי־סער טיעפע פאַראַכטונג, פאַראַכטונג ביז חלשות, וועלכער קומט גלייך נאָך דער ערשטער באַוואונדערונג. אָט די נייע פרוי האָט געלאָזט

וויסען, אז איהר וועט אייגענטליך אינגאנצען זיין אלץ איינס דאס זעלבע ווען ער וועט שוין חתונה האבען מיט וועמען ער וויל, און אז זי איז געקומען צופאהרען ניט צו ערלויבען איהם די דאזיגע הייראט... און ניט ערלויבען אוים שלעכטסקייט, נור איינציג בלויז דערפאר, ווייל אזוי ו ו י ל ז י און דארום דארף עס אזוי זיין. „נו, כאטש בלויז דערפאר, אז איך זאל קאנען זיך גענוג אנלאכען פון דיר, ווייל איצט ווילט זיך אויך מיר ענדליך לאכען."

אזוי אמווינציגסטענס, האט זי זיך אויסגעדריקט; אלץ וואס זי האט געטראגען אין איהר מוח, האט זי, קאן זיין, ניט דערצעהלט. נאר אין דער צייט, ווען די נייע נאסטאסיא פיליפאוונא האט געלאכט און האט דאס אלץ ארויסגעזאגט, האט אפאנאסי איוואנאוויטש באטראכט ביי זיך אליין דעם ענין, און לויט דער מעגליכקייט געבראכט אין ארדנונג די צושלאגענע געדאנקען זיינע. אט דאס טראכטעניש האט זיך געצויגען ניט ווייניג צייט; ער האט אריינגעדרונגען, און זיך אינגאנצען אנטשלאסען ערשט אין א פאר וואכען ארום. נאר נאך צוויי וואכען האט ער זיין אנטשלוס אנגענומען. די מעשה איז אזוי געווען: אפאנאסי איוואנאוויטש איז אין יענער צייט שוין געווען קרוב צו פופציג יאהר. און א מענש איז ער געווען אין דער העכסטער שטופע, א סאלידער און א געזעצטער. זיין שטאנד אין דער וועלט און איז דער געזעלשאפט איז שוין לאנג געווען געשטאנען אויף די סאמע פעסטע יסודות. זיך, און זיין רוה און פארגעניגען האט ער ליעב געהאט און געשעצט מעהר ווי אלץ אין דער וועלט, ווי עס פאסט זיך, א הויךגעשטעלטען פיינעם מענשען. קיין קלענסטע שטערונג, קיין מינדסטער ספק, האט ניט געדארפט צוגעלאזט ווערען, ווענען דאס, וואס האט זיך א גאנצען לעבען איינגעארדענט, אין אזא שעהנער פארם. פון דער צווייטער זייט, האט די ערפאהרונג און דער טיפער בליק אויף זאכען, אונטערגעזאגט טאצקי'ן זעהר גיך און אויסערגעוועהנליך ריכטיג, אז ער האט איצט א געשעפט מיט א וועזען, וואס איז ניט געוועהנליך ווי אלע, אז דאס איז פון די וועזענס, וועלכע ניט נור זיי סטראשען, נאר וועלען זיכער אויך טאן. און די הויפטזאך, זי וועט זיך פאר גארנישט ניט אפשטעלען. און דערצו, ווען איהר איז איבערהויפט קיינער אויף דער וועלט ניט טייער, אויף אזוי פיעל, אז מען קאן זי אפילו ניט פארפיהרען. איז, ווי עס ווייזט אויס, געווען גאר אן

אנדער זאַך, דאָ איז געווען פּאַרמישט עפּעס א גייסטיגער האַר־
צענס־שטורעם. עפּעס אזא מין ראָמאַנטישער צאָרן. גאָט ווייס אויף
וועמען און אויף וואָס, עפּעס אזאַ מין אומרעזעטיגטער געפיהל פון
פאַראַכטונג, וועלכער איז אינגאַנצען ארויסגעשפּרונגען פון זיין מאָס.
— מיט איין וואָרט, עפּעס, וואָס איז זעהר לעכערליך און ניט ערלויבט
אין אן אנשטענדיגער געזעלשאַפט און מיט וואָס פאַר אן אנשטענ־
דיגען מענשען זיך צו באַגעגענען איז אן אמת'ע גאָטס־שטראָף. עס
פאַרשטעהט זיך, אז מיט טאָצקי'ס רייכטהום און פאַרבינדונגען האָט
מען געקאָנט אפּטאָן עפּעס א קליינע און א גאַנץ אומשולדיגע רציחה,
כדי פּטור צו ווערען פון אן אומאָנגענעהמליכקייט. פון דער צווייטער
זייט, איז געווען צו זעהן, אז אויך נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונא אליין האָט
אויך כמעט גאָר ניט געקענט שלעכטעס טאָן, למשל, כאָטש אויף'ן
געריכטליכען אופן. אפילו א סקאַנדאַל האָט זי ניט געקאָנט מאכען
קיין גרויסען, ווייל אויף אַזוי פיעל האָט מען זי שטענדיג לייכט גע־
קאָנט צוימען. נאָר דאָס איז אלץ אין יענעם פאַל ווען נאַסטאַסיא
פיליפּאָוונא וואָלט באַשלאָסען צו טאָן ווי אלע טוען. און ווי מען טוט
אין אלגעמיין אין אזעלכע פעלע, ניט ארויסשפּרינגענדיג צופיעל עק־
צענטריסטיש פון מאָס, נאָר דאָ איז טאָצקי'ן צונוטץ געקומען זיין
ריכטיגער בליק : ער האָט געקאָנט אנטפּלעקען, אז נאַסטאַסיא פילי־
פּאָוונא פאַרשטעהט אויך אויסגעצייכענט אליין, ווי אומשעדליך זי
איז אין באַצוג פון געריכט. נאָר זי האָט אבער עפּעס אנדערש אין
איהר מוח און... אין די בליצענדע אויגען איהרע. ווייל גאָרנישט איז
איהר ניט טייער, און מעהר פון אלץ זי אליין (מען האָט געדאַרפט
באַזיצען פיעל שכל און פאַרשטענדעניס אום צו פאַרשטעהן אין יע־
נער מינוט, אז זי האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו טייער האַלטען זיך
אליין און אז זי זאָל איהם, דעם סקעפּטיקער און וועלטליכען ציניקער,
פאַרטרויען אזא געפיהל.) נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא איז געווען אין
אזאַ צושטאַנד, אין וועלכען זי האָט געקאָנט אומברענגען זיך אויף
אייביג און מואָס, אין סיביר און אין קאַטאָרגע, אבי נאָר זי זאָל זיך
קאָנען אָפּרעכענען מיט דעם מענשען צו וועלכען זי האָט געפיהלט
אזאַ אוממענשליכע פאַראַכטונג. אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש האָט ניט
געמאַכט דערפון קיין סוד, אז ער איז געווען א שטיקעלע פייגלינג,
אָדער בעסער געזאָגט, אויף'ן העכסטען ארט קאָנסערוואַטיוו. ווען ער

וואָלט, למשל, געוואוסט, אז מען וואָלט איהם דער'הרג'עט אונטער דער חופּה, אָדער עס וועט ארויסקומען עפּעס אין דעם אַרט זעהר ניט קיין אנשטענדיגעס, לעכערליכעס, און וועלכעס פיהרט זיך ניט אין דער געזעלשאפט, וואָלט ער זיכער זיך דערשראָקען, נאָר דערביי ניט אויף אזוי פיעל ווי ווען מען וואָלט איהם דער'הרג'עט אָדער פאַרוואונ־דעט ביז בלוט, אדער מען וואָלט איהם עפענטליך אָנגעשפּיגען אין פּנים אריין, נאָר דאָס וואָלט פאַרגעקומען ביי אַן אומנאַטירליכער און ניט אָנגענומענער פאָרם. און נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט דאָך טאַקע דאָס זיכער געהאַט אין זינען. כאָטש זי האָט נאָך ווענען דעם געשווי־גען. ער האָט געוואוסט, אז זי האָט איהם אויפ'ן העכסטען אופן פאַרשטאַנען און קענען געלערנט, און דארום געוואוסט, מיט וואָס איהם צו שלאָגען. און אזוי ווי די חתונה איז טאַקע בלויז געווען אין וואונש, האָט, אפאנאסי איוואנאָוויטש זיך אונטערגעגעבען און נאַס־טאַסיא פיליפּאָוונא'ן נאָכגעגעבען.

זיין ענטשלוס האָט צוגעהאָלפען נאָך צו א געוויסער אומשטאַנד: עס איז געווען שווער פאַרצושטעלען זיך אין וואָס פאַר א מדרגה אָט די נייע נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא איז ניט געווען עהנליך צו דער פריי־הערדיגער אין געזיכט. פריהער איז דאָס בלויז געווען א שעהן מיידע־לע, און איצט... טאָצקי האָט לאַנג זיך ניט געקענט מוחל זיין, אז ער האָט פיער יאָהר געקוקט און ניט דערקוקט. עס איז אמת, אז עס שפּילט א גרויסע ראָליע דאָס, ווען פוןביידע זייטען קומט פאַר אינערליך און פּלוצלונג אַן איבערקעהרעניש. איבעריגענס, האָט ער אויך פון פריהער געדענקט מאָמענטען, ווען עס פלעגט צו איהם קומען מאָדנע געדאַנקען, ווען ער פלעגט קוקען למשל, אויף די דאָזיגע אויגען: עס האָט זיך אזוי ווי פאַראויס געפיהלט עפּעס א מין טיפע און געהיימ־ניספאָלע פינסטערניש. דער דאָזיגער בליק האָט געקוקט — ווי ער וואָלט פאַרגעבען א רעטעניש. אין די לעצטע צוויי יאָהר האָט ער זיך אָפט געוואונדערט אויף דער פאַרב־ענדערונג פון נאַסטאַסיא פילי־פּאָוונא'ס געזיכט. זי איז געוואָרען שרעקליך בלאַס און — מאָדנע — זי איז פון דעם געוואָרען נאָך שעהנער. טאָצקי, וועלכער, האָט ווי אלע אין זייערע יאָהרען, דורכגעלעבטע דזשענטעל־לייט, פריהער מיט פאַראכטונג געקוקט, ווי ביליג עס איז איהם אָנגעקומען די דאָזיגע ניט לעבעדיגע נשמה, האָט די לעצטע צייט אָנגעהויבען צווייפלען אין

דעם. אין יעדען פאל, איז ביי איהם נאך לעצטען פריהלינג, געווען אפגעמאכט, אז ער זאל אין גיכען, פיין און מיט א גרויסען נדן חתונה מאכען נאסטאסיא פיליפאוונא, מיט א קלוגען און ארענטליכען מענשען, וועלכער דיענט ערגעץ אין אן אנדער גובערניע. (א, ווי שרעקליך און בייז האט איצט דערפון נאסטאסיא פיליפאוונא געלאכט!) אבער איצט האט אפאנאסי איוואנאוויטש באצויבערט פון דער נייאיגקייט. אפילו א טראכט געטאן, אז ער וואלט ווידער געקענט די דאזיגע פרוי עקספלואטירען. ער האט זיך ענטשלאסען צו באזעצען נאסטאסיא פיליפאוונא'ן אין פעטערבורג און ארומרינגלען זי מיט רייכטהום און קאמפארט. אויב ניט דאס, טא זאל זיין עפעס אנדערש: מיט נאסטאסיא פיליפאוונא'ן האט מען געקענט א גלאנץ טאן און אפילו קריגען כבוד אין א געוויסען קרייז. און אפאנאסי איוואנאוויטש האט אזוי טייער געהאלטען זיין רוהם אין דער הינזיכט.

עס איז שוין אוועק פינף יאהר פעטערבורגער לעבען, און עס פארשטעהט זיך, אז אין אזא משך פון צייט, זיינען אסך זאכען קלאהר־קלאהר געווארען. אפאנאסי איוואנאוויטש'ס לאגע איז געווען ניט קיין פרעהליכע; און ערגער פון אלץ איז געווען דאס, וואס ווען ער האט שוין איינמאל געהאנדעלט ווי א פייגלינג, האט ער שוין מעהר זיך ניט געקענט בארוהיגען. ער האט זיך געשראקען — אפילו אליין ניט וויסענדיג פאר וואס — ער האט זיך איינפאך געשראקען פאר נאסטאסיא פיליפאוונא. א געוויסע צייט, אין די ערשטע פאר יאהר האט ער אנגעהויבען פארדעכטיגען, אז נאסטאסיא פיליפאוונא אליין וואלט געוואלט מיט איהם חתונה האבען. נאר זי שווייגט אויס אויסערגעוועהנליכער איטלקייט און זי ווארט איינגעשפארט אויף זיין פארשלאג. א פרעטענזיע איז דא געווען א מאדנע, נאר אפאנאסי איוואנאוויטש איז געווארען פול מיט פארדאכט. ער האט זיך געקנייטשט, זיך שווער פארטראכט. צו זיין גרויסער און (אזוי איז שוין דעם מענשענס הארץ) אביסעל אומאנגענעהמער ערשטוינונג, האט ער פלוצלונג, צוליעב א געוויסען פאל, זיך איבערצייגט, אז אפילו ווען ער מאכט אזא פארשלאג, וואלט מען איהם ניט אנגענומען. א לאנגע צייט האט ער עס ניט פארשטאנען. איהם האט זיך געדוכט, אז ער קאן נאר געבען איין ערקלעהרונג, אז דער שטאלץ פון דער באליידיגטער און פאנטאסטישער פרוי דערגרייכט צו אזא שטופע, אז איהר איז ליעבער איינ־

מאל ארויסווייזען איהר פאראכטונג אין אז אפזאג, ווי צו באשטימען אויף שטענדיג איהר לאגע און דערגרייכען אן אומדערגרייכבארע גרויסקייט. ערגער פון אלץ איז געווען דאס, וואס נאסטאסיא פיליפאוונא, האט שוין צופיעל גענומען די אויבער־האנט. מיט רייכקייט האט זי זיך אויך ניט געלאזען נעהמען, מיט דער גרעסטער רייכקייט אפילו. און כאטש זי האט אנגענומען דעם קאמפארט, וואס מען האט איהר פארגעלעגט, האט זי דאך געלעבט באשיידען, און זי האט אין די פינף יאהר כמעט גארנישט אפגעשפארט. אפאנאסי איוואנאוויטש האט געווען געוואגט מיט נאך איין כיטרען מיטעל כדי צו באפרייען זיך פון זיינע קייטען: אומבאמערקבאר און קונציג האט ער זי אנגעהויבען פארפיהרען, דורך לאווקע הילף, מיט פארשיעדענע קונציגע פארפיהרערישע מיטלען: דורך פערזאניפיצירטע אידעאלען: פירשטען, הוסארען, סעקרעטערע פון געזאנדשאפטען, פאעטען, ראמאניסטען, אפילו סאציאליסטען. גארנישט האט ניט געמאכט קיין איינדרוק אויף נאסטאסיא פיליפאוונא, אזוי ווי אנשטאט א הארץ וואלט זי געהאט א שטיין און די געפיהלען וואלטען איינמאל פאר אלע מאל אויסגעשטארבען. געוואוינט האט זי מעהרסטענס איינזאם, געלעזען, אפילו געלערנט זיך, האט ליעב געהאט מוזיק. באקאנטשאפט האט זי געהאט ווייניג; זי האט זיך אלץ געקענט מיט אזעלכע ארימע און קאמישע טשינאווניצעס, געקענט עפעס א פאר אקטריסעס, עפעס עטליכע אלטע פרויען, האט זעהר ליעב באקומען די פיל־צאהליגע פאמיליע פון א געוויסען אנגעזעהענעם לעהרער. און אין דער דאזיגער פאמיליע האט מען זי אויך שטארק ליעב געהאט און מען פלעגט זי אויפנעהמען מיט פארגעניגען. גאנץ אפט, אין די אווענטען פלעגען זיך ביי איהר צונויפקלייבען פינף־זעקס באקאנטע מענשען, ניט מעהר. טאצקי פלעגט קומען זעהר אפט און פינקטליך. די לעצטע צייט האט מיט נאסטאסיא פיליפאוונא, כאטש מיט ניט ווייניג מיה, זיך באקענט דער גענעראל עפאנטשין. אין דער לעצטער צייט האט זיך מיט איהר זעהר לייכט און גוהן קיינע שוועריגקייטען, באקאנט איינער א יונגער טשינאווניק, מיט דער פאמיליע פערדיטשענקא זעהר ניט קיין אנשטענדיגער און א ליץ. מיט פרעטענזיעס אויף פרעהליכקייט און א טרינקער. געווען באקאנט אויך איינער א יונגער און מאדנער מענש מיט דער פאמיליע פטיצין, א שטילער, אן אקוראטנער, אן אויסגעגלעטער.

וועלכער איז אַרויסגעקומען פון אָרימע עלטערן און איז געוואָרן א פּראַצענטניק. עס האָט זיך ענדליך אויך באַקאַנט געווארילא אַרדאַ־ליאָנאָוויטש... עס האָט זיך געענדיגט דערמיט, אַז נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ האָט געקראָגן א מאָדנעם נאָמען: ווענען איהר שעהנקייט האָבען געוואוסט אַלע, אָבער ניט מעהר. קיינער האָט זיך ניט מיט וואָס צו באַריהמען; קיינער האָט ניט געהאַט וואָס צו דערצעהלען. מיט אַזאַ רעפּוטאַציע און בילדונג, פיינע מאַניערען, שאַרפזין, דאָס אַלץ האָט אַרויפגעפיהרט אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש׳ן אויף א באַוואוסטען פּלאַן. דאָ הויבט זיך אויף אָן דער מאָמענט, פון וועלכען עס האָט אָנגעהויבען נעהמען אין דער געשיכטע, אַזאַ שטאַרקען טייל דער גענעראַל עפּאַנטשין אַליין.

ווען טאָצקי האָט זיך צו איהם ליעבליך געווענדט פאַר א פריינדליכען ראַטה ווענען איינער פון זיינע טעכטער, האָט ער טאַקע דאָ אויף א זעהר עהרליכען אופן געמאַכט די פולסטע און אָפענסטע ערקלעהרונגען. ער האָט אויסגעזאָגט, אַז ער האָט זיך ענטשלאָסען מעהר ניט אָפּצושטעלען זיך פאַר קיינע מיטלען, אום צו קריגען זיין פרייהייט; דאָס ער וועט זיך ניט באַרוהיגען, אַפילו דאַן, ווען נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ אַליין זאָל איהם ערקלעהרען, אַז פון היינט אָן און ווייטער וועט זי איהם לאָזען אין פולסטער רוה; אַז איהם זיינען ווערטער וועניג, אַז ער דאַרף האָבען פולע גאַראַנטיעס. זיי האָבען זיך צונויפגערעדט און באַשלאָסען צו אַרבייטען געמיינזאַם. צום ערשטען איז באַשלאָסען געוואָרען צו אויספּראָבירען די סאַמע ווייכע מיטלען און אָנריהרען בלויז די „פיינע סטרונעס פון האַרצען“. זיי זיינען ביידע געקומען צופאָהרען צו נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ און טאָצקי האָט פּאַמעליכינקע אָנגעהויבען פון דעם, וואָס ער האָט איהר ערקלעהרט וועגען דעם אונערטרעגליכען שרעק פון זיין לאַגע. האָט אַרויפגעוואָרפען די גאַנצע שולד אויף זיך; האָט געזאָגט אָפען, אַז ער קאָן ניט חרטה האָבען אויף זיינע ערשטע מעשים מיט איהר, ווייל ער איז א זיסע־זאַכען ליעבהאָבער, אַן אַלטער בעל־עבירה, און אויף זיך אַליין ניט קיין האָר, נאָר איצט וויל ער הייראַטען, און אַז דער שיקזאַל פון אָט דער אָנשטענדיגער און וועלטליכער הייראַט איז אין איהרע הענט; מיט איין וואָרט, ער ערוואַרטעט אויף אַלץ, פון איהר אָרענטליכען האַרצען. דערנאָך האָט אָנגעהויבען רעדען גענעראַל

עפּאַנטשין, אין דער ראָליע פון א פאָטער. און ער האָט גערעדט מיט פאַרשטענדעניש. האָט אויסגעמידען ריהרענדע ווערטער, האָט בלויז דערמאָנט, אז ער אנערקענט אין פולען איהר רעכט צו ענטשיידען דעם שיקזאַל פון אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש. האָט קונציג א גלאַנץ געטאָן מיט זיין אייגענער אונטערטהעניגקייט צום שיקזאַל, געבענדיג צו פאַר־שטעהן, אז דער גורל פון זיין טאָכטער, און עס קאָן געבען, אז אויך פון די אנדערע צוויי טעכטער, הענגט אָפּ פון איהר באַשלוס. אויף נאַסטאַסיא פיליפּאָווּנאַ'ס פראגע: „אז וואָס אייגענטליך וויל מען פון איהר האָבען?" האָט טאָצקי מיט דער פריהערדיגער אינגאַנצען נאַקעטער אויפריכטיגקייט פאַר איהר זיך מודה געווען, אז ער איז אזוי אָנגעשראָקען פון איהר נאָך מיט פינף יאָהר צוריק, אז ער קאָן זיך איצט אויך נאָך נישט באַרוהיגען, ביז וואַנען, נאַסטאַסיא פיליפּאָוו־נאַ וועט אליין ניט חתונה האָבען. ער האָט גלייך צוגעגעבען, אז זיין בקשה וואָלט געווים געווען פון זיין זייט זעהר נאַריש, ווען ער וואָלט ניט געהאַט ווענגען איהר וועלכע סע־ניט־איז גרינדע. ער האָט זעהר גוט באַמערקט און אויף זיכער זיך דערוואוסט, אז א יונגער מאַן פון זעהר א שעהנער משפחה, וועלכער לעבט אין א זעהר פיינער פאַמי־ליע, און הייסען הייסט ער גאַווריליא אַרדאַליאָנאָוויטש איוואָלגין, וועל־כען זי קען און נעהמט איהם אויף ביי זיך, האָט זי לאַנג שוין ליעב מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיינע געפיהלען, און וועלכער וואָלט געווים אוועקגעגעבען א האַלב לעבען אום צו קריגען איהר סימפּאַטיע. אָט די ערקלעהרונגען האָט גאַווריליא אַרדאַליאָנאָוויטש אליין געמאַכט פאַר איהם אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש, שוין לאַנג צוריק ווי פריינד און פון ריינעם יונגען הארצען, און אז וועגען דעם וויים שוין אויך לאַנג אי־וואַן פיאָדאָראָוויטש, וועלכער באַשיצט דעם יונגאַן מאַן. און ענדליך, ווען ער, אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש, האָט נאָר ניט קיין טעות, איז שוין די ליעבע לאַנג באַקאַנט אויך צו נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ אליין. און איהם האָט זיך אפילו אויסגעדוכט, אז זי קוקט אויף דער ליעבע מיט נאַכזיכטיגקייט. געוועהנליך איז איהם מעהר פון אנדערע שווער צו רעדען וועגען דעם. אבער ווען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ וואָלט אין איהם, אין טאָצקע'ן, געוואָלט צוטרויען, אויסער עגאָאיזם און חשק זיך אליין צו איינאָרדענען, כאָטש אויך אביסעלע ווילען צו טון איהר גוטס, וואָלט זי דאָן פאַרשטאַנען, אז איהם איז שוין לאַנג געווען

שווער צוצוקוקען ווי זי לעבט אזוי איינזאַם: אז אין דערין איז פאַר־מישט בלויז די אומבאַשטימטהייט, און פולער אומצוטרויען צו לע־בענס־באַנייאונג, וועלכע האָט אזוי פיין געקאָנט אויפלעבען אין ליעבע פון א פאַמיליע און אָננעהמען, אזוי צו זאָגען, א נייעם צוועק, אז דאָ ליגט א פאַרלוסט פון פעהיגקייטען, מעגליך אפילו גלענצענדע, א פריי־ווילינע פאַרליעבטקייט אין דעם אומעט, מיט איין וואָרט, אפילו עפּעס אזאַ מין ראָמאַנטיזם, וועלכע פּאַסט ניט, ניט פאר דעם געזונדען שכל, און ניט פאַר דעם ערענטליכען הארץ פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. ווידערהאָלענדיג נאָכאַמאָל, אז איהם איז מעהר פון אַלעמען שווער צו רעדען, האָט ער געענדיגט מיט דעם, אז ער קאָן זיך ניט אָפּזאָגען פון דער האָפענונג, אז נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא וועט איהם ניט ענט־פערען מיט פאַראַכטונג, ווען ער וועט אויסדריקען זיין אָפענהערציגס־טען ווילען צו פאַרזיכערען איהר שיקזאַל אין דער צוקונפט, און איהר פאַרלעגען א סומע פון פינף און זיבעציג טויזענט רובעל. אלס אן ער־קלעהרונג האָט ער צוגעגעבען, אז די דאָזיגע סומע, איז שוין, אלץ איינס, געוועזען באַשטימט פאר איהר, אין זיין צוואה; מיט איין וואָרט, אז דאָס איז ניט עפּעס קיין באַלוינונג... און אז ענדליך, פאר וואָס זאָל מען ניט קאָנען דענקען, און ניט ענטשולדיגען אין איהם דעם מענשליכען ווילען, כאָטש מיט עפּעס צו פאַרגרינגערען זיין געוויסען. א. אז. וו., א. אז. וו. אלץ וואָס מען רעדט אין אַזעלכע פאלען, אויף דער טהעמא. אפאנאסי איוואנאָוויטש האָט גערעדט לאנג און שעהן־רעדנעריש, צוגעבענדיג, אזוי צו זאגען, פארבייגעהענדיג, זעהר אז אינטערעסאנטע אויסקונפט, אז ער האָט דערמאָנט וועגען די פינף און זיבעציג טויזענט איצט צום ערשטען מאָל, און אז וועגען זיי האָט אפילו ניט געוואוסט איוואן פיאָדאָראָוויטש אליין, וועלכער זיצט אָט דאָ; מיט איין וואָרט, עס ווייס ניט ק י י נ ע ר.

נאַסטאסיא פיליפּאָוונא'ס ענטפער האָט ערשטוינטביידע פריינד. ניט נאָר האָט מען ניט געקאָנט מערקען אין איהר כאָטש די קלענסטע ערשיינונג פון פריהערדיגער אָפּשפּאָטונג, פריהערדיגער שנאה און פאַראַכטונג, פריהערדיגען לאַכען, פון וועלכע ביי איין עראינערונג ווע־גען דעם, געהט נאָך איצט אויך איבער טאָצקעם פלייצע אריבער א קעלט. נאָר פאַרקעהרט, זי האָט זיך כמעט ווי דערפרעהט, וואָס זי האָט ענדליך די מעגליכקייט צו רעדען מיט עמיצען אָפען און ווי מיט

א פריינד. זי האָט זיך מודה געווען, אז זי אליין האָט שוין אויך לאנג געוואָלט פרעגען א פריינדליכען ראטה, נאָר אז איהר שטאָלץ האָט איהר אין דעם געשטערט. נאָר אז איצט, ווען דער אייז איז שוין צו־בראָכען, קאָן שוין גאָר בעסער ניט געבען. אפריהער מיט א טרויער־דיגען שמייכעל און דערנאָכדעם פרעהליך און שטיפעריש זיך צולאָ־כענדיג, האָט זי זיך מודה געווען, אז דער פריהערדיגער שטורעם קאָן שוין איצט, אין אלע פאלען, מעהר ניט זיין; אז זי האָט שוין לאנג, טהיילוויז געענדערט איהר בליק אויף זאכען, און כאָטש זי האָט זיך אין הארצען ניט איבערגעביטען, איז זי דאָך געווען געצוואונגען אסך זאכען צוצולאָזען. נעהמענדיג אין אנבאטראכט די שוין פאָרגעקומענע פאקטען; וואָס עס איז געטאָן געווארען איז געטאָן געוואָרען. וואָס איז אוועק, איז אוועק, און דערום קוקט איהר אפילו אוים מאָדנע, וואָס אפאנאסי איוואנאָוויטש איז נאָך אלץ אזוי אָנגעשראָקען ווי אמאָל. דאָ האָט זי זיך געווענדט צו איוואן פיאָדאָראָוויטש און מיט דער גרעסטער אכטונג ערקלעהרט, אז זי האָט שוין לאנג זעהר פיעל גע־הערט וועגען זיינע טעכטער, און זי איז לאנג געוואוינט געוואָרען טיף און הארציג זיי צו אכטען. דער איין געדאנק, וועגען דעם, אז זי קאָן זיי ברענגען נוצען כאָטש מיט עפּעס, וואָלט געווען פאָר איהר, דוכט זיך, א גליק און א שטאָלץ. דאָס איז אמת, אז איהר איז איצט שווער און אומעטיג, זעהר אומעטיג; אפאנאסי איוואנאָוויטש האָט צוגעטראָפען איהר געדאנקען; זי וואָלט געוואָלט אויפלעבען, אויב ניט אין ליעבע, איז כאָטש אין א פאמיליע, דערקענענדיג א נייעם צוועק; אָבער וועגען גאוורילא ארדאליאנאָוויטש קאָן זי כמעט גאָר ניט זאָ־גען. דוכט זיך, ס'איז טאַקע אמת, אז ער ליעבט זי, זי פיהלט, אז זי אליין וואָלט איהם אויך געקענט ליעבען, ווען זי וואָלט געקענט גלוי־בען אין די אויסגעהאלטענקייט פון זיין טריישאפט. אפילו ווען זי איז אויפריכטיג. דאָך אָנצונעהמען א באשלוס איז שווער. איבעריגענס, געפעהלט איהר, וואָס ער ארבייט. מיהט זיך און איינער אליין האלט ער אוים זיין פאמיליע. זי האָט געהערט, אז ער איז א מענש אָן ענער־גישער, מיט שטאָלץ, וויל א קאריערע, וויל זיך דורכשלאָגען. זי האָט אויך געהערט, אז נינא אלעקסאנדראָוונא איוואלגינא, די מוטער פון גאוורילא ארדאליאנאָוויטש, איז אן אויסגעצייכענטע און אין העכס־טען זין א בכבוד'יגע פרוי; אז די שוועסטער זיינע ווארווארא ארדא־

ליאַנאַוויטש איז זעהר א פיינע און ענערגישע מיידעל. זי האָט זעהר פיעל געהערט וועגען איהר פון פטיצין. זי האָט געהערט, אז זיי טראַגען מוטהיג איבער זייער אומגליק; זי וואָלט זעהר געוואָלט זיך באַקאַנען מיט זיי, נאָר ס'איז נאָך א פראַגע, אויב זיי וועלען זי אויפ־נעהמען צופריעדען אין זייער פאַמיליע? אין אַלגעמיין, זאָגט זי, האָט זי גאַרנישט געגען דער מעגליכקייט פון אָט א דער הייראַט, נאָר מען מוז וועגען דעם נאָך א היבש ביסעל א טראַכט טאָן; זי וואָלט גע־וואָלט, אז מען זאָל זי ניט יאָגען. און וועגען די פינף און זיבעציג טויזענט רובעל — איז אומזיסט האָט אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש מיט שווערינקייט גערעדט וועגען דעם. זי אליין ווייס אויך די פרייז פון געלט און זי וועט זיי דארום נעהמען. זי דאַנקט אַפאַנאַסי איוואַנאָ־וויטש פאַר זיין עדעלקייט, פאַר דעם, וואָס ער האָט אפילו דעם גע־נעראַל וועגען דעם ניט געזאָגט, ניט נאָר גאַווריל̇א אַרדאַליאַנאָוויטש'ן. נאָר פונדעסטוועגען, פאַר וואָס זאָל ער אויך וועגען דעם אפריהער ניט וויסען? וויבאַלד זי קומט אריין אין זייער פאַמיליע, האָט זי זיך ניט וואָס צו שעהמען מיט די דאָזיגע געלט. אַלענפאַלס, קלייבט זי זיך ניט ביי קיינעם צו בעטען ענטשולדיגונג אין גאַרנישט, און זי וויל, אז מען זאָל וועגען דעם וויסען. זי וועט ניט חתונה האָבען מיט גאַווריל̇א אַרדאַליאַנאָוויטש ביז וואַנען זי וועט זיך ניט איבערצייגען, אז ניט ער און ניט זיין פאַמיליע האָבען ניט קיינע באַהאַלטענע געדאַנקען אויף איהר רעכענונג. אַלענפאַלס, רעכענט זי זיך אין גאַרנישט ניט שולדיג און זאָל גאַווריל̇א אַרדאַליאַנאָוויטש בעסער זיך דערוויסען, אויף וואָס פאַר א גרונדלאַגען זי האָט אָפּגעלעבט אין פּעטערבורג אָט די גאַנצע פינף יאָהר, און וואָס פאַר א באַציהונגען זי האָט געהאַט מיט אַפאַ־נאַסי איוואַנאָוויטש, און וויפיעל פאַרמעגען זי האָט אָפּגעשפּאָרט. און צום סוף, ווען זי נעהמט איצט אָן דעם קאַפּיטאַל, איז דאָס גאָר ניט אלס באַצאָהלט פאַר מיידעלשער שאַנדע, אין וועלכער זי איז ניט שולדיג, נאָר איינפאַך אלס א באַלוינונג פאַר אן איבערגעפיהרטען שיקזאַל.

דאָס אלעס איבערגעבענדיג, האָט זי זיך אפילו אַזוי צוהיצט און צוצאָרענט, (וואָס איז איבעריגענס, געוועזן אַזוי נאַטירליך) אז דער גענעראַל עפּאַנטשין איז געוועזן זעהר צופרידען און האָט געהאַלטען די זאַך פאַר געענדיגט; נאָר דער איינמאָל שוין אָנגעשראָקענער טאָצ־

קי האָט איצט אויך ניט געגלויבט, און ער האָט לאַנג זיך געשראָקען אויב עס איז דאָ אונטער די בלומען ניטאָ קיין שלאַנג. די אונטער־האַנדלונגען האָבען זיך דאַך אָנגעפאַנגען; דער פּונקט, אויף וועלכען עס איז געווען געבויט דער גאַנצער מאַנעוור פון די צוויי פריינד, און דאָס איז, די מעגליכקייט, אַז נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ זאָל זיך הינריי־סען מיט האַניאַ'ן, האָט ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אָנגעהויבען קלאָהר ווערען, און זיך פּאַרווירקליכען. אַזוי, דאָס אפילו טאָצקי האָט שוין מאַנכעסמאָל אָנגעהויבען גלויבען אין די מעגליכקייט פון אַן ערפאָלג. אין דער זעלבער צייט האָט זיך נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ דורכגערעדט מיט האַניאַ'ן: ווערטער זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרען זעהר ווייניג, אַזוי ווי איהר מיידעלשע אומשולד וואָלט דערביי געליטען. זי האָט פּונ־דעסטוועגען צוגעלאָזט און ערלויבט איהם זיין ליעבע. נאָר זי האָט זעהר פעסט ערקלעהרט, אַז זי וויל זיך ניט גאָרנישט ניט באַשרענקען. אַז זי לאָזט איבער פאַר זיך, ביז דער סאַמע חתונה, (אויב אַזאַ חתונה וועט גאָר זיין) דאָס רעכט צו זאָגען „ניין", כאָטש אפילו אין דער לעצ־טער מינוט; פּונקט דעם זעלבען רעכט לאָזט זי אויך איבער פאַר האַניאַ'ן. אין גיכען האָט האַניאַ זיך דערוואוסט, אויף זיכער, צוליעב אַ גוטען פאַל, אַז דאָס געגנערשאַפט פון זיין גאַנצער פאַמיליע צו זיין חתונה, און צו נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ פּערזענליך, וועלכע האָט זיך ארויסגעצייגט דורך היימישע סצענעס, איז שוין באַוואוסט צו נאַס־טאַסיאַ פיליפּאָוונאַ מיט אַלע איינצעלהייטען; זי אַליין האָט וועגען דעם מיט איהם ניט אָנגעהויבען רעדען, כאָטש ער האָט אויף דערויף געוואַרט יעדען טאָג. איבעריגענס, האָט מען נאָך זעהר פיעל געקענט דערצעהלען פון אַלע געשיכטעס און אומשטענדען וועלכע זיינען ארויס־געקומען צוליעב זיין שידוך, נאָר מיר האָבען שוין אַזוי אויך פאַרלאָפען אפריהער, און דערהויפּט ווען אַסך פון די אומשטענדען זיינען געווען אין דעם געשטאַלט פון זעהר אומבאַשטימטע קלאַנגען. צום ביישפּיעל, ווי טאָצקי וואָלט פון ערגעץ וואו זיך דערוואוסט, אַז נאַסטאַסיאַ פי־ליפּאָוונאַ האָט זיך געשטעלט אין עפּעס אומבאַשטימטע און פון אַלע־מען באַהאַלטענע באַציהונגען מיט די מיידלאַך, עפּאַנטשין — אַ קלאַנג אַ זעהר אומגלויביגער. דערפאַר האָט ער דעם צווייטען קלאַנג ניט ווילענדיג, געגלויבט, און פאַר איהם זיך געשראָקען אַזוי, אַז ער פלעגט דערפון אפילו האָבען קאָשמאַרען: ער האָט געהערט אויף זיכער, ווי

נאסטאסיא פיליפאָוונא וויים זעהר און זעהר, אז האַניאַ וועט בלויז הייראטען פאר געלט, אז האַניא האט א הארץ א שוואַרצע, א הונגעריגע, אן אומגעדולדיגע, א ניט פארגינערשע און א זעהר עגאָאיסטישע. אז כאָטש האַניא האט פריהער זעהר ליידענשאפטליך זיך אנגעשטרענגט צו קריגען א זיעג איבער נאסטאסיא פיליפאָוונא, אבער ווען ביידע פריינד האבען באשלאָסען צו עקספּלאָאטירען די דאָזיגע ליידענשאפט, וועלכע האט זיך אנגעפאנגען פון ביידע זייטען, צו זייער נוצען וועגען, און קויפען האַניא'ן מיט דעם, וואָס מען וועט איהם פארקויפען נאסטאסיא פיליפאָוונא, פאר א געזעצליכע ווייב, האט ער זי אנגעהויבען פיינט האבען ווי זיין קאשמאר. אין זיין נשמה האבען זיך אויף א מאָדנעם אופן צוזאמענגעקומען ליידענשאפט און האס. און כאָטש ער האט צום סוף, נאָך שווערע וואקלונגען, געגעבען זיין צושטימונג, צו חתונה האבען מיט דער „העסליכער פרוי", האט ער אין הארצען אבער זיך געגעבען א שבועה דערפאר פון איהר נעהמען ביטערע נקמה, און „אניאגען" איהר דערנאָך, ווי ער האט זיך כלומרשט אויסגעדריקט. את דאס אלעס האט כלומרשט נאסטאסיא פיליפאָוונא געוואוסט און זי האט אין דער שטיל עפּעס פאַרבארייטעט. טאצקי האט שוין אזוי זיך געוועזן איבערגעשראקען, דאס ער האט שוין אפילו עפאנטשינ'ען אויפגעהערט דערצעהלען פון זיינע אומרוהיגקייטען. נאָר עס זיינען געווען מאמענטען, וואס ער, אלס שוואכער מענש, האט זיך אנגענומען מיט מוטה און פלעגט גיך אפּלעבען אויף צוריק: ער איז, למשל, צוריק זעהר מוטהיג געוואָרען, ווען נאסטאסיא פיליפאָוונא האט ענדליך ביידע פריינד געגעבען א וואָרט, אז אין איהר געבורטסטאג וועט זי זאָגען איהר לעצטען וואָרט. דערפאר אבער האט דער סאמע מאָדנער און סאמע אומגלויבליכער סלוד, וואס איז געווען שייך צו דעם געעהרטען איוואן פידאראָוויטש אליין. אוי וועה! זיך אלץ מעהר און מעהר ארויסגעוויזען אלס ריכטיג.

דאַ האט זיך אלץ פון ערשטען בליק געוויזען אלס ריינער אונזין. עס איז שווער געווען צו גלויבען, אז איוואן פיאדאראָוויטש האט זיך זיינע יאהרען און בכבוד'ען עלטער, ביי זיין אויסגעצייכענטען שכל, און זיכערען לעבענס-וויסען א. אז. וו., א. אז. וו. אליין פארליעבט אין נאסטאסיא פיליפאָוונא. — נאָר כלומרשט, אין אזא מדרגה, אז דער קאפּריז איז געווען ענליך צו א ליידענשאפט. אויף וואָס

ער האָט אין אזא פאל געהאפט — איז געוועז שווער זיך פארצושטעלען, אפשר טאקע אויף דער מיטהילף פון האניא'ן זעלבסט. טאצקי האט חושד געווען ,אז עס עקזיסטירט אפילו א שטילער אפמאך, געגרינדעט אויף אלגעמיינער פארשטענדעניס, צווישען דעם גענעראל און האניא'ן. איבעריגנעס, איז באוואוסט, אז א מענש וועלכער ווערט צופיעל אריינגעצויגען אין ליידענשאפט, דערהויפט אין די עלטערע יאהרען, ווערט אין גאנצען בלינד און איז גרייט צו זעהן א האפענונג דארט וואו זי איז גאר נישטאָ; נאך וויינציג, ער פארלירט דעם פארשטאנד און פיהרט זיך אויף ווי א נאריש קינד, כאָטש ער קאָן האבען „א שטערן פון זיבען שפאַן". עס איז געוועז באקאנט, אז דער גענעראל האט צוגעגרייט צו נאסטאסיא פיליפאָוונא'ס געבורטסטאָג א מתנה, פון זיך. וואונדערליכע פערל, וועלכע האבען געקאָסט אסך געלט. און מיט דער דאָזיגער מתנה האט ער זיך זעהר אינטערעסירט. כאטש ער האט געוואוסט, אז נאסטאסיא פיליפאָוונא איז ניט פון די געלט־זוכענדע פרויען. א טאָג פאר דעם געבורטס־טאָג פון נאסטאסיא פיליפאָוונא איז ער געוועז ווי אין א פיבער, כאָטש ער האט זיך ניט ארויסגעגעבען. וועגען אָט די פערל טאקע האט זיך דערוואוסט די גענעראלשע עפאנטשין. ס'איז אמת, אז עליזאוועטע פיאדאראָוונא האט שוין לאנג געפיהלט די לייכטזיניגקייט פון איהר מאן, און טייל־ווייז זיך אפילו צוגעוואוינט דערצו, נאר פונדעסטוועגען האט מען דאך ניט געקענט דורכלאָזען אזא פאל: דער קלאנג וועגען די פערל האט איהר זעהר געאינטערעסירט. דער גענעראל האט זיך דערוואוסט וועגען דעם אין צייט; נעכטען שוין זיינען געזאגט געווארען אזעלכע ווערטעלאך. ער האט פאראויסגעזעהן, אז א גרויסע ערקלעהרונג קומט, און זיך פאר איהר געשראָקען. אָט דערפאר האט זיך איהם שרעקליך ניט געוואָלט, אין דעם פריהמאָרגען, וועו מיר האבען אנגעהויבען אונזער ערצעהלונג, צו געהן פריהשטיקען אין דעם שוים פון זיין פאַמיליע, נאך פאר דעם פירשט, האט ער שוין געזוכט זיך אפּבעטען און אויסמיידען מיט דעם תירוץ, אז ער איז פארנומען מיט געשעפטען. און אויסמיידען האט פאר דעם גענעראל, גאנץ אפט, געמיינט, גאנץ איינפאך — אנטלויפען. איהם האט זיך געוואָלט כאָטש דעם היינטיגען טאָג און דערהויפּט דעם היינטיגען אָוונט געווינען אהן אומאנגענעהמליכקייטען. און דאָ איז פונקט אין צייט אונטער־

געקומען דער פירשט „ווי גאָט וואָלט איהם געשיקט,“ האָט א טראכט געטאָן פאר זיך דער גענעראַל, אריינקומענדיג צו זיין פרוי.

---

## פינפטער קאַפּיטעל.

די גענעראַלשע איז געווען אייפערזיכטיג צו איהר אָפּשטאַמונג. ווי אזוי־זשע איז איהר געווען ליעב צו הערען, גלייך און אָהן פאָרבאַ־רייטונגען, אז דער דאָזיגער לעצטער פון איהר משפּחה, פירשט מיש־קין, פון וועלכען זי האָט שוין עפּעס געהערט, איז ניט מעהר ווי א קלעגליכער אידיאָט, און כמעט אן אָרימאַן, און נעהמט אָן נדבות אויף אָרימקייט. דער גענעראַל האָט אומישנע געזוכט צו מאכען אן עפעקט, כדי גלייך צו פאַראינטערעסירען, אָפּציהען אלע ווי סע־ניט־איז, אין א צווייטער זייט, און אין טומעל אויסמיידען די פראגע וועגען די פּערל.

אין גאָר שטארקע פעלע פלעגט די גענעראַלשע געוועהנליך זעהר אויסגלאָצען די אויגען, און אָפּוואַרפענדיג זיך אביסעל אויף צוריק מיט'ן קערפּער, פלעגט זי אָהן א ציעל קוקען פאר זיך, ניט רעדענדיג קיין וואָרט. דאס איז געווען א געוויקסיגע פרוי, אין איינע יאָהרען מיט איהר מאַן, מיט שווארצע, שוין א היבש ביסעל באַזילבערטע אָבער נאָך געדיכטע האָר, מיט אביסעל א האַרבאַטען נאָז, א דארע, מיט געלע איינגעפאַלענע באַקען, און מיט דינע פאַרטיפטע ליפּען. א שטע־רען האָט זי געהאַט א הויכען נאָר א שמאָלען; גרויע זעהר גרויסע אויגען, האָבען אָפּטמאָל געהאַט דעם אומערוואַרטעסטען אויסדרוק. אמאָל האָט זי געהאַט א שוואכקייט צו גלויבען, אז איהר בליק איז זעהר אן איינדרוקספאָלער. די דאָזיגע איבערצייגונג איז ביי איהר געבליבען.

— אויפנעהמען? איהר זאָגט, אויפנעהמען איהם איצט, גלייך?

— און די גענעראַלשע האָט מיט דער גאַנצער קראַפט אויסגעגלאָצט

איהרע אויגען, אויף דעם פּאר איהר זיך טומלענדען איוואן פּיאָדאָ־ראָוויטש.

— אַ. וועגען דעם, קענסטו אָהן קיינע צערעמאָניעס, אויב נאָר דיר, מיין טהייערער, ווילט זיך איהם זעהן —, האָט זיך געאיילט צו ערקלעהרען דער גענעראל. — עס איז אַ קינד און גאָר, און דערצו אַזאַ עלענדער. ער האָט עפּעס אַזעלכע אַנפּעלע קרענקליכע, ער קומט ערשט פון דער שווייץ. ערשט פון וואַגאָן, געקליידט איז ער מאָדנע, עפּעס אויפ׳ן דייטשען שטייגער, און צו אַלעם דעם, האָט ער כמעט קיין קאָפּיקע ניט; ער וויינט שיעור ניט. איך האָב איהם געשענקט פינף און צוואנציג רובעל און איך וויל איהם אין אַ קאַנצעלאַריע אַוועלכע ניט איז שרייבערישע שטעלע קריגען. און אייך, מאַדאַם, בעט איך, איהר זאָלט איהם מכבד זיין, ווייל, עס דוכט זיך, אַז ער איז הונגעריג אויך...

— איהר מאכט מיך צום פארוואונדערען זיך, — האָט ווי פריי־הער די גענעראלשע פאָרטגעזעצט. — הונגעריג און אַנפּעלע! וואָס פאַר אַ אַנפּעלע?

— אַ, זיי ווידערהאָלען זיך ניט אַזוי אָפט, און דערצו איז ער כמעט ווי אַ קינד, איבעריגענס, ער איז געבילדעט. איך האָב אייך געוואָלט מיינע דאמען, — האָט ער זיך ווידער געווענדט צו די טעכ־טער — איך האָב געוואָלט אייך בעטען, אַז איהר זאָלט איהם עקזאַ־מינירען, פונדעסטוועגען וואָלט געווען גוט צו וויסען צו וואָס ער איז פעהיג.

— עק—זאַ—מי—ני—רען? — האָט אויסגעצויגען די גענע־ראלשע און אין טיפער פאַרוואונדערונג האָט זי ווידער אָנגעהויבען גלאָצען די אויגען פון די טעכטער אויפ׳ן מאַן און צוריק.

— אַך, פריינד מיינער, דענק ניט אַזוי מאָדנע... איבעריגענס, טו ווי דיר געפעלט, איך האָב געהאַט אין זינען, איהם צוצולאָשטשען און אריינפיהרען צו אונז, ווייל דאָס איז כמעט אַ גוטע זאַך.

— אריינפיהרען צו אונז? פון דער שווייץ?

— שווייץ וועט דאַ גאָר ניט שטערען. איבעריגענס, איך ווידער־האָל, טו ווי דו ווילסט. איך האָב אַזוי געמיינט. ערשטענס, ווייל ער איז מיט דיר פון איין פאַמיליע, און ס׳קאָן געבען, אפילו אַ קרוב. און צווייטענס, ווייל ער ווייסט ניט וואו דעם קאָפּ אוועקצולעגען. איך

האָב אפילו אויך אַ טראַכט געטאָן, אַז דיר וועט זיין אַביסעל אינטע־רעסאַנט, ווייל ער איז דאָך פאַרט פון אונזער פאַמיליע...

— עס פאַרשטעהט זיך, מאַמע, ווען מיט איהם קאָן מען זיך באַגעהן אָהן צערעמאָניעס; און דערצו איז ער דאָך פון וועג און וויל עסען. פאַרוואָס זאָל מען איהם ניט אָנקאַרמענען, ווען ער ווייסט ניט וואו זיך אהינצוטאָן? — האָט געזאָגט די עלטסטע עלעקסאַנדראַ.

— און דערצו איז ער נאָך אַ אמת'ע קינד, און מען קאָן מיט איהם שפּילען אין זשמורקעס.

— שפּילען אין זשמורקעס? ווי אַזוי?

— אַך, מאַמאַ, הערט אויף צו שפּילען אייערע פאַרשטעלונגען. איך בעט אייך — האָט מיט ערגערניש איבערגעשלאָגען אַגלאַיאַ.

די מיטעלסטע אַדעלאַידאַ, אַ לאַכעדיגע, האָט ניט אויסגעהאַלטען און זיך צולאַכט.

— לאַדעט איהם איין, פּאַפּאַ, די מאַמאַ ערלויבט, האָט באַשלאָסען אַגלאַיאַ. דער גענעראַל האָט אָנגעקלונגען און געהייסען רופען דעם פירשט.

— מיט דעם אויסרייד, אַז מען זאָל איהם אומבאַדינגט פאַרבינדען אַ סאַלפעטקע ארום האַלז, ווען ער וועט זיך זעצען צום טיש, — האָט ענטשיידען די גענעראַלשע — זאָל מען אַ רוף טאָן פעדאַראַ'ן אָדער בעסער מאַוורא'ן... אַז מען זאָל שטעהן הינטער איהם און אַכטונג געבען, ווען ער וועט עסען. פיהרט ער זיך כאָטש אויף רוהיג אין דער צייט פון די אָנפעלע? מאַכט ער כאָטש ניט קיין זשעסטיקולאַציעס?

— פאַרקעהרט, ער איז זעהר פיין ערצויגען, און מיט פיינע מאַניערען. צייטענווייז איז ער בלויז אַביסעלע צו איינפאַך... אָבער אָט איז ער אַליין! איך שטעל אייך פאָר דעם לעצטען פון דער משפּחה מישקין, פון איין שטאַם, אפילו אַ קרוב, נעהמט איהם אויף, באַהאַנדעלט איהם פריינדליך. באַלד וועט מען געהן פריהשטיקען, פירשט. טאָ טוט אונז אָן דעם כבוד... און איך האָב זיך שוין ענטשולדיגט, איך איל זיך...

— מען ווייס וואוהין ער איילט זיך, — האָט עהרווירדיג ארויסגעזאָגט די גענעראַלשע.

— איך איל זיך, איל זיך, מיין פריינד, פאַרשפּעטיגט! יע,

גיט איהם אייערע אלבאָמען מאדאמען, זאָל ער אייך דאָרטען אָנשרייי־
בען. ער איז אַ קאַליגראַף איז דאָס נאָר אַן אויסנאַהם! אַ טאַלאַנט.
ער האָט זיך דאָרט ביי מיר אַזוי אונטערגעשריבען מיט אַן אַלטער־
טהימליכער האנטשריפט: „גלח פאפנוטי האָט צוגעלעגט די האנט...“
נו, אויפ׳ם ווידערזעהן!...

— פאַנפּוטי? גלח? נו, וואַרט נאָר אויף, וואַרט נאָר אויף, וואו־
הין איילט איהר זיך? און וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַנפּוטי? — האָט
מיט עקשנות׳דיגער ערגערניש, און כמעט מיט שרעק די גענעראַלשע
נאָכגעשריען איהר אַנטלויפענדען מאַן.

— יע, יע, פריינד מיינער, דאָס איז אמאָל געווען אזא גלח... איך
איילן האָב באַשטימט די צייט... אויפ׳ם ווידערזעהן, פירשט!

דער גענעראַל איז מיט איילענדיגע טריט אוועק.

— איך וויים צו וואָס פאַר אַ גראַף ער איז אוועק! — האָט שאַרף
ארויסגערעדט עליזאַוועטא פּראָקאָפיעוונא, און מיט כעס אַ קוק געטאַן
אויפ׳ן פירשט. — וואָס איז דאָס? — האָט זי אָנגעהויבען מיט
כעס און ערגערניש דערמאָנען זיך — נו, וואָס איז דאָס? אַה, יע:
ווער איז דאָרטען, דער גלח?

— מאַמע, — האָט געוועזן אָנגעהויבען אַלעקסאַנדראַ, און אַגלאַיא
האָט אפילו אַ טופּע געטאַן מיט׳ן פיסעל.

— שטערט מיר ניט, אַלעקסאַנדראַ איוואַנאָוונאַ, — האָט דייט־
ליך אויסגעצעהלט איהרע ווערטער די גענעראַלשע, — איך וויל אויך
וויסען. זעצט זיך אָט אַ דאָ פירשט, אָט דאָ אויף דעם שטוהל, נייז,
פאַרקעהרט, בעסער אהער אויף דער זון, גערענטער צום ליכט רוקט
זיך צו, כדי איך זאָל קאָנען זעהן. נו, זאָגט, ווער איז דאָס דאָרטען,
דער גלח?

— דער גלח פאַנפּוטי, — האָט געענטפערט דער פירשט געהאָרכ־
זאם און ערנסט.

— פאַנפּוטי? דאָס איז אינטערעסאַנט: ווער־זשע איז ער?

די גענעראַלשע האָט געפרעגט מיט אומגעדולד, שנעל, שאַרף,
ניט אַראָפּנעהמענדיג די אויגען פון פירשט. און ווען דער פירשט האָט
געענטפערט, האָט זי געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ צו יעדען וואָרט זיינעם.

— דער גלח פאַנפּוטי פון פיערצעהנטען יאַהרהונדערט, — האָט
אָנגעהויבען דער פירשט — ער האָט געהערשט אין אַ וויסטעניש אי־

בער דער וואָלגאַ, אין אונזער היינטיגער קאָסטראָמער גובערניע. גע־
ווען באוואוסט מיט זיין הייליגען לעבען. ער פלעגט פאָהרען צווישען
עולם, פלעגט העלפען איינאָרדענען די אמאָליגע געשעפטען, און ער
האָט זיך אינטערגעשריבען אונטער איין בריף, און א קאָפּיע פון דעם
אונטערשריפט האָב איך געזעהן. מיר איז געפעלען געוואָרען די האַנט־
שריפט און איך האָב איהם אויסגעלערנט. ווען דער גענעראַל האָט
פריהער געוואָלט זעהן ווי אזוי איך שרייב, אום צו באַשטימען מיך
פאַר א פּלאַטץ, האָב איך דאַן אָנגעשריבען עטליכע פראַזען אין פאַר־
שיידענע שריפטען און צווישען דעם: „דער גלח פאַנפוטי האָט צוגע־
לעגט די האַנט“, מיט דער זעלבער האַנדשריפט פון גלח פאַנפוטי.
דעם גענעראַל איז דאָס זעהר געפעהלען געוואָרען און ער האָט זיך פון
דעם איצט דערמאָנט.

— אַגלאַיאַ, האָט געזאָגט די גענעראַלשע — געדענק: פאַנפוטי,
אָדער בעסער פאַרשרייב ווייל אזוי פאַרגעס איך שטענדיג. איבעריי־
גענס, איך האָב געדענקט, אז עס מוז זיין אינטערעסאַנטער. וואו־
זשע איז דער אונטערשריפט?

— ער איז דוכט זיך, געבליבען אין קאַבינעט, ביים גענעראַל,
אויפן טיש.

— זאָל מען גלייך שיקען און עס ברענגען.

— איך וועל אייך בעסער א צווייטען מאָהל אָנשרייבען, אויב
איהר ווילט.

— געוויס, מאַמע. האָט געזאָגט אַלעקסאַנדראַ — און איצט
וועט זיין בעסער עסען פריהשטיק; מיר ווילען עסען.

— זאָל זיין אזוי, האָט באַשלאָסען די גענעראַלשע. קומט פירשט,
איהר ווילט זעהר עסען?

— יע, איצט האָט זיך מיר זעהר פאַרוואָלט, און איך דאַנק זעהר.

— דאָס איז זעהר פיין וואָס איהר זייט העפליך. און איך
מערק, אז איהר זייט גאָר ניט אזאַ... טשודאַק ווי מען האָט אייך גע־
וואָלט פאַרשטעלען. קומט, זעצט זיך אָט דאָ, אַנטקעגען מיר! האָט
זי געבלאַפּאַטשעט, אוועקזעצענדיג דעם פירשט. ווען מען איז געקומען
אין עס־צימער — איך וויל קוקען אויף אייך. אַלעקסאַנדראַ, אַדעלאַ־
אידאַ, טראַקטירט דעם פירשט. ניט אמת, אז ער איז גאָר ניט אזאַ...

קראַנקער ? אפשר דאַרף מען גאָר קיין סאַלפעטקע אויך ניט... פירשט, האָט מען אייך אונטערגעבונדען אַ סאַלפעטקע ביים עסען ?

— אַמאָהל, ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָהר זיבען, דוכט זיך, אז מען פלעגט אונטערבינדען, און איצט ווען איך עס, לעג איך געוועהנליך, די סאַלפעטקע אויף די קניע.

— אזוי דאַרף מען טאַקע. און די אַנפאַלען ?

— אַנפאַלען ? האָט זיך דער פירשט אַביסעל פאַרוואונדערט. — די אַנפאַלען פאַסירען מיט מיר זעהר וועניג איבעריגענס, ווייס איך ניט. מען זאָגט, אז דער היגער קלימאַט וועט מיר זיין אומגעזונד.

— ער רעדט שעהן. האָט די גענעראַלשע באַמערקט, זיך ווענדענדיג צו די טעכטער, פאַרטזעצענדיג שאָקלען מיט'ן קאָפּ ביים יעדען וואָרט — איך האָב אפילו ניט ערוואַרטעט. ווייזט אויס, אז אַלץ איז פוסטע זאַכען און ליגען. ווי דער שטייגער איז. עסט פירשט און דערצעהלט: וואו זייט איהר געבאָרען ? וואו ערצויגען ? איך וויל אַלץ וויסען; איהר אינטערעסירט מיך זעהר.

דער פירשט האָט באַדאַנקט, און עסענדיג מיט גרויס אַפּעטיט, האָט ער ווידער אָנגעהויבען איבערגעבען אַלץ וועגען דעם פון וואָס עס האָט איהם שוין אויסגעקומען ניט איינמאָל היינטיגען פריהמאָרגען צו רעדען. די גענעראַלשע איז געוואָרען אַלץ צופרידענער און צופרידענער, די מיידלאַך האָבען אויך גאַנץ אויפמערקזאַם געהערט. זיי האָבען זיך צוזאַמענגערעדט וועגען דער משפחה. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט אַז דער פירשט האָט גוט געוואוסט די געשיכטע פון זיין אַפּשטאַמונג, נור ווי מען האָט ניט גערעכענט, איז צווישען איהם און דער גענעראַלשע ניט ארויסגעקומען קיין משפחה. צווישען די זיידעס און די באָבעס האָט מען נאָך געקענט ווי עס איז אויפרעכענען אַ ווייטע קרובה'שאַפט. אָט דער דאָזיגער טרוקענער שטאָף איז אָם מעהרסטענס געפעהלען געוואָרען דער גענעראַלשע, וועלכער האָט זיך כמעט קיינמאָהל ניט איינגעגעבען ביי איהר גאַנצען ווילען, צו רעדען וועגען איהר משפחה. אזוי דאָס זי איז אויפגעשטאַנען פון טיש אין אַן אויפגעלעבטער שטימונג.

— קומט, לאָמיר אַלע געהן אין אונזער זאַמעל-צימער, האָט זי געזאָגט — און מען וועט אונז ברענגען אהין קאַפּע אויך. מיר האָבען אזא אַלגעמיינעם צימער, האָט זי זיך געווענדעט צום פירשט, אוועק-

פיהרענדיג איהם — איינפאך גערעדט, אונזער קליינער גאַסט־צימער, וואו מיר, ווען מיר בלייבען אליין, קלייבען זיך צונויף, און יעדע פאַר־נעהמט זיך מיט איהר זאך. אלעקסאנדרא, מיין עלטערע טאָכטער, שפּילט אויפ׳ן פאָרטאָפּיאַנא, אָדער לייענט, אָדער נעהט; אדעלאאידא — מאָהלט פּעיזשאַזשען און פּאָרטרעטען (און קען קיינמאָהל גאָר ניט ענדיגען) און אגלאַיא זיצט און טוט גאָרניט. ביי מיר פאַלט אויך די ארבייט פון האנט, עס קומט גאָרניט ארוים. נו, אָט זיינען מיר שוין געקומען. זעצט זיך פירשט, אהער, ביים קאַמין און דערצעהלט. איך וויל וויסען ווי אזוי איהר דערצעהלט עפּעס. איך וויל זיך אין גאנ־צען איבערצייגען. און ווען איך וועל זיך זעהן מיט דער פירשטין בעלאָקאָנסקאַיא מיט דער אלטער, וועל איך איהר וועגען אייך אלץ דער־צעהלען. איך וויל אז איהר זאָלט זיי אלעמען אויך פאראינטערעסי־רען. נור רעדט זשע שוין.

— מאַמע, אָבער אזוי איז דאָך עפּעס מאָדנע צו דערצעהלען, האָט באַמערקט אדעלאאידא, וועלכע האָט דערוויילע פאַרריכט איהר מאָהלברעט, גענומען פּינזעלס, פּאַליטרע און זיך גענומען קאָפּירען א שוין לאנג אָנגעפאַנגענעם פּעיזאַזש פון עסטאַמפּ. אלעקסאנדרא און אגלאאיא האָבען זיך געזעצט צוזאַמען אויפ׳ן קלייניקען דיוואַן, און אויפלעגענדיג די הענט, זיך צוגעגרייט צו הערען דעם געשפּרעך. דער פירשט האָט באַמערקט אז אויף איהם איז פון אלע זייטען געריכטעט א באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט.

— ווען מען באַפעהלט מ י ר אזוי, וואָלט איך גאָרנישט ניט דערצעהלט, האָט באַמערקט אגלאאיא.

— פאַר וואָס? וואָס איז דאָ אויסערגעוועהנליכעס? פאַר וואָס זאָל ער ניט דערצעהלען. א צונג איז דאָ. איך וויל וויסען, ווי אזוי ער קען רעדען. נו, רעדט שוין וועגען עפּעס. דערצעהלט, ווי אזוי אייך געפעהלט שווייץ, דער ערשטער איינדרוק. אָט וועט איהר זעהן, ער וועט באַלד אָנהויבען און שעהן אָנהויבען.

— דער איינדרוק איז געווען א שטאַרקער... האָט געוועזן אָנגע־פאַנגען דער פירשט.

— אזוי, אזוי, האָט אונטערגעכאַפּט די אומגעדולדיגע ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונא, זיך ווענדענדיג צו די טעכטער, ער האָט דאָך אָנגע־פאַנגען.

— גיט זשע איהם, אַם וועניגסטענס, מאַמע, די געלעגענהייט צו רעדען, האָט איהר אָפּגעשטעלט אַלעקסאַנדרא. דער דאָזיגער פּירשט, קען געבען, איז נאָר אַ גרויסער פלוט און גאָר ניט קיין אידיאָט, האָט זי אַריינגעשושקעט אַגלאַיען.

— ס'איז אַזוי. איך זעה דאָס שוין לאַנג, האָט געענטפערט אַגלאַיאַ — און עס איז פון זיין זייט נידערטרעכטיג צו שפּילען אַזאַ ראָלע, וואָס ער מיינט מיט דעם עפּעס געווינען?

— דער ערשטער איינדרוק איז געווען זעהר אַ שטאַרקער — האָט דער פּירשט ווידערהאָלט — ווען מען האָט מיך געפיהרט פון רוסלאַנד איבער פאַרשיעדענע דייטשע שטעדט, האָב איך נור שווייגענד געקוקט, און איך געדענק, אַז איך האָב אפילו וועגען גאַרנישט ניט פאַנאַנדערגעפרעגט. דאָס האָט פּאַסירט נאָך עטליכע שטאַרקע און וועהטאָגדיגע אָנפאַלען פון מיין קראַנקהייט, און איך פלעג שטענדיג ווען די קראַנקהייט פלעגט זיך פאַרשטאַרקען און די אָנפאַלען האָבען זיך ווידערהאָלט עטליכע מאָהל נאָכאַנאַנד, אַריינפאַלען אין פולער אָפּטעמפּונג, פלעג אין גאַנצען פאַרלירען דעם זכרון און דער שכל כאָטש ער האָט געאַרבייט נור דער לאָגישער פליסען פון די געדאַנקען איז ווי אָפּגעריסען געוואָרען. מעהר ווי צוויי־דריי געדאַנקען נאָכאַנאַנד פלעג איך ניט קענען צוזאַמענבינדען. אַזוי דוכט זיך מיר. ווען אָבער די אָנפאַלען זיינען שטילער געוואָרען, בין איך ווידער געוואָרען אַי געזונד אַי שטאַרק, אָט אַזוי ווי איצטער. איך געדענק: אַז אַ טרויער האָב איך געהאַט ניט אַריבערצוטראָגען; מיר האָט זיך אפילו געוואָלט וויינען; איך האָב אַלץ זיך געוואונדערט און באַאונרוהיגט: שרעקליך האָט אויף מיר געווירקט, וואָס דאָס אַלעס איז פ ר ע מ ד ע ס. דאָס האָב איך פאַרשטאַנען. אַז אַ פרעמדע זאַך דער'הרג'עט מיך. אין גאַנצען ערוואַכט פון דער פינסטערניש האָב ערשט, געדענק איך, אין אָבענד אין באַזעל, ביי מיין אַריינפאָהר אין דער שווייץ, און מיך האָט אויפגעוועקט דער געשריי פון אַן עזעל אויף דעם שטאָדטישען מאַרק. דער עזעל האָט מיך שרעקליך איבעראַשט און איך ווייס ניט פאַר וואָס, נור ער איז מיר עפּעס אויסערגעוועהנליך געפעהלען געוואָרען און אַלץ צוזאַמען איז פּלוצלינג, אַלץ ביי מיר אין קאָפּ ווי קלאָהר געוואָרען.

— אַן עזעל? דאָס איז מאָדנע, האָט באַמערקט די גענעראַלשע

— איבעריגענס, איז אין דעם גאָר ניטאָ קיין מאָדנעקייט. פיעלע פון אונז וועלען זיך נאָך פאַרליבען אין אַן עזעל, האָט זי באַמערקט, אַנבליקענדיג מיט כעס די לאַכעדיגע מיידלאַך — דאָס איז נאָך אין דער מיטאָלאָגיע אויך געווען. זעצט פאָרט פירשט.

— פון דאַן האָב איך שרעקליך ליעב עזלען. עס איז ביי מיר אפילו אזא מין סימפּאַטיע. איך האָב וועגען זיי גענומען זיך נאָכ־פרעגען, ווייל פריהער האָב איך זיי קיינמאָהל ניט געזעהן, און איך האָב זיך גלייך איבערציינגט, אז דאָס איז א זעהר נוצליכע באַשעפע־ניש, אַן ארבייטזאַמע, קרעפטיגע, געדולדיגע, ביליגע, און צוליעב אַט דעם עזעל האָט מיר די גאַנצע שווייץ אַנגעהויבען געפעהלען צו ווערען, אזוי אז עס איז אין גאַנצען אוועק דער פריהערדיגער טרויער.

— דאָס איז אַלץ מאָדנע, נור וועגען עזעל האָט מען געקענט אויך דורכלאָזען. לאָמיר איבערגעהן אויף אַן אנדער טהעמא. אַגלאַיאַ, וואָס לאַכסטו אַלץ? און דו אַדאַלעאידא? דער פירשט האָט פיין דער־צעהלט וועגען עזעל, ער האָט איהם אַליין געזעהן, און דו וואָס האָסטו געזעהן? דו ביזט ניט געווען אין אויסלאַנד?

— אַן עזעל האָב איך געזעהן, מאַמע, האָט געזאָגט אַדעלאַידא.

— און איך האָב געהערט, האָט אונטערגעכאַפּט אַגלאַיאַ. אַלע דריי האָבען זיך ווידער צעלאַכט. דער פירשט האָט זיך צעלאַכט צו־זאַמען מיט זיי.

— דאָס איז זעהר ניט שעהן פון אייער זייט, האָט באַמערקט די גענעראַלשע — איהר וועט זיי ענטשולדיגען, פירשט. זיי זיינען גוטע. איך קריג זיך מיט זיי שטענדיג, נור איך האָב זיי ליעב. זיי זיינען פּוסטע, לייכטזיניגע, משוגענע.

— פאַר וואָס? האָט זיך צעלאַכט דער פירשט. — און איך אויף זייער פּלאַץ וואָלט איך ניט דורכגעלאָזט די געלעגענהייט. און פונ־דעסטוועגען באַשטעה איך פאַר דעם עזעל. אַן עזעל איז א גוטער און נוצליכער מענש.

— און איהר, פירשט, זייט א גוטער? איך פרעג עס פון נייגע־ריגקייט. האָט די גענעראַלשע געפרעגט.

ווידער האָבען זיך אַלע צעלאַכט.

— ווידער האָט זיך אונטערגעדרעהט דער פאַרשאָלטענער עזעל;

איך האָב וועגען איהם גאָר ניט געטראַכט ! האָט די גענעראַלשע אויס־געשריען — גלויבט מיר כלעבען, פירשט, איך האָב אָהן קיין...

— אַנדייטונג ? אַ איך גלויב אָהן צווייפעל...

און דער פירשט האָט געלאַכט אָהן אויפהער.

— דאָס איז גאַנץ פיין וואָס איהר לאַכט, איך זעה אז איהר זייט דער וואוילסטער יונגער מאַן, האָט די גענעראַלשע געזאָגט.

— אמאָהל ניט קיין גוטער, האָט געענטפערט דער פירשט.

— און איך בין אַ גוטע, האָט אונערוואַרטעט אריינגעשטעלט די גענעראַלשע — און ווען איהר ווילט בין איך שטענדיג אַ גוטע און דאָס איז מיין איינציגער פעהלער, ווייל מען דאַרף ניט זיין שטענדיג גוט. איך כעס זיך גאַנץ אָפט, אָט אויף זיי, איבערהויפּט אויף איוואַן פיאָדאָראָוויטש, נור שלעכט איז דאָס וואָס איך ווער אַלץ מעהר אַ בעסערע ווען איך בין אין כעס. איך האָב פריהער, איידער איהר זייט אריינגעקומען, געווען אין כעס, און זיך געמאַכט ווי איך פאַרשטעה גאָר ניט און קען גאָר ניט פאַרשטעהן. דאָס טרעפט מיט מיר, אזוי ווי מיט אַ קינד. אַגלאַיאַ האָט מיר געגעבען אַ לעקציע. אַ דאַנק דיר אַגלאַיאַ. איבעריגענס, דאָס איז אַלץ נאַרישקייטען. איך בין נאָך ניט אזוי נאַריש ווי איך מאַך זיך און ווי די טעכטער ווי־לען פון מיר מאַכען. איך האָב כאַראַקטער און בין זעהר שעהמעוודיג. און איבעריגענס, איך זאָג דאָס אָהן בייזקייט. קום אהער אַגלאַיאַ, גיב מיר אַ קוש, נו... און גענוג ווייכקייטען, האָט זי באַמערקט, ווען אַגלאַיאַ האָט זי מיט געפיהל אַ קוש געטאָן אין די ליפּען און אין האַנט. — זעצט פאַרט, פירשט, מעגליך אז איהר וועט זיך דערמאָנען עפּעס אינטערעסאַנטערעס ווי דער עזעל.

— און איך פאַרשטעה טאַקע ווידער ניט, ווי קען מען עס גלייך דערצעהלען, האָט אַדעלאַידאַ ווידער באַמערקט — איך וואָלט עס ניט געקענט.

— און דער פירשט קען עס. ווייל דער פירשט איז זעהר קלוג און קליגער פון דיר צעהן מאָהל אודאי, און אפשר אפילו צוועלף מאָהל. איך האָף, אז דו וועסט עס דערנאָך דערפיהלען. באַווייזט עס זיי פירשט. זעצט פאָרט. דעם עזעל קענט איהר טאַקע ענדליך, אין אמת'ן דורכלאָזען. נו, וואָס האָט איהר אויסערן עזעל אין אויס־לאַנד געזעהן ?

— און אפילו ווענגען עזעל איז אויך געווען קלוג, האָט באַמערקט אַלעקסאַנדרא — דער פירשט דערצעהלט זעהר אינטערעסאַנט וועגען זיין קראַנקהייטס־פאַל. און ווי אַלץ איז איהם געפעהלען געוואָרען דורך איין אַנרעגונג. מיר איז שטענדיג געווען אינטערעסאַנט ווי מענ־שען געהן ארונטער פון זינען און דערנאָך ווערען זיי ווידער געזונד. דערהויפט ווען דאָס ווערט פּלוצלינג.

— ניט אמת? ניט אמת? — האָט זיך די גענעראַלשע אויף דעם א וואָרף געטאָן — איך זעה אז אויך דו ביזט אַפּטמאָהל קלוג. נו, שוין גענוג לאַכען! איהר האָט זיך, דוכט זיך, אָפּגעשטעלט, ביי דער שווייצאַרישער נאַטור, פירשט, נו!

— מיר זיינען געקומען צעפאָהרען אין לוצערן, און מען האָט מיך אוועקגעפיהרט איבערן אָזערא. איך האָב געפיהלט ווי זי איז שעהן, נור מיר איז דערביי געווען זעהר שווער. האָט געזאָגט דער פירשט.

— פאַרוואָס? האָט געפרעגט אַלעקסאַנדרא.

— איך פאַרשטעה ניט. מיר איז אַלעמאָהל שווער און אומרו־היג צו קומען צום ערשטען מאָהל אויף אַזא נאַטור. אז עס איז שעהן, אי עס איז אומרוהיג. איבעריגענס, דאָס איז נאָך אַלץ געווען מיט מיר ווען איך בין געווען קראַנק.

— און איך וואָלט זעהר געוואָלט א קוק טאָן, האָט געזאָגט אַדעלאַידא — און איך פאַרשטעה ניט, ווען מיר וועלען זיך שוין קיין אויסלאַנד אויסקלייבען. אָט קען איך שוין צוויי יאָהר ניט גע־פינען קיין טהעמא פאַר א בילד.

„מזרח און מערב איז לאַנג שוין באַשריבען"

געפינט מיר, פירשט, א טהעמא פאַר א בילד!

— איך פאַרשטעה אין דעם גאָרנישט. מיר דוכט זיך: מען גיט א קוק און מען מאָהלט.

— א קוק טאָן קען איך ניט.

— אָבער וואָס רעדט איהר דאָ מיט רעטענישען? איך פאַרשטעה גאָר ניט! — האָט די גענעראַלשע איבערגעשלאָגען — וואָס הייסט עס. א קוק טאָן קען איך ניט? אויגען זיינען דאָ — טאָ קוק. קענסט דאָ ניט קוקען, ווערסטו זיך אין אויסלאַנד אויך ניט אויסלערנען. בעסער דערצעהלט פירשט, ווי איהר אַליין האָט געקוקט.

— אַט דאָס וועט זיין בעסער, האָט צוגעגעבען אַדעלאַידאַ — דער פירשט האָט זיך דאָך אין אויסלאַנד אויסגעלערנט קוקען.

— איך ווייס ניט. איך האָב דאָרטען בלויז פאַרריכט דעם געזונד. איך ווייס ניט, צו איך האָב זיך אויסגעלערנט קוקען. איבעריגענס, בין איך די גאַנצע צייט געווען גליקליך.

— גליקליך? א י ה ר קענט זיין גליקליך? האָט אויסגעשריען אַגלאַיאַ — טאַ ווי אַזוי זשע זאָגט איהר, אַז איהר האָט זיך ניט אויסגעלערנט קוקען, איהר וועט נאָך אונז אויסלערנען.

— לערענט אונז אויס, ביטע. האָט געלאַכט אַדעלאַידאַ.

— איך קען אייך גאָר ניט אויסלערנען, האָט אויך געלאַכט דער פירשט — איך האָב די גאַנצע צייט, אין אויסלאַנד, אָפּגעלעבט אין אַט דעם שווייצארישען דערפעל. ווענינ ווען ארויסגעפאָהרען, ערגעץ וואו ניט ווייט. וואָס קען איך אייך אויסלערנען? פון אָנפאַנג איז מיר בלויז געווען ניט אומעטיג; איך האָב זיך אָנגעהויבען געזונד וערען. דערנאָכדעם איז מיר יעדער טאָג טהייער געוואָרען. און וואָס ווייטער, אַלץ טהייערער. אַזוי אַז איך האָב עס אָנגעהויבען באַמערקען. שלאָפען פלעג איך זיך לעגען זעהר א צופרידענער, און אויפגעשטאַנען נאָך גליקליכער. און פאַר וואָס דאָס איז געווען אַזוי — איז זעהר שווער דערצעהלען.

— אַזוי דאָס אייך האָט זיך שוין אין ערגעץ ניט געוואָלט, אין ערגעץ ניט גערופען? האָט געפרעגט אַלעקסאַנדראַ.

— פון אָנפאַנג, אין סאַמע אָנפאַנג, האָט מיך יע גערופען. און איך פלעג אריינפאַלען אין א גרויסער אומרוהיגקייט; איך האָב אַלץ געטראַכט ווי אַזוי וועל איך לעבען. מיין שיקזאַל האָב איך געוואָלט וויסען. דערהויפּט אין געוויסע מינוטען בין איך געווען אומרוהיג. איהר ווייסט, אַזעלכע מינוטען זיינען דאָ, דערהויפּט אין איינזאַמקייט. מיר האָבען דאָרטען געהאַט א וואַסער־פאַל, ניט קיין גרויסער, הויך פון די בערג פלעגט ער פאַלען. און אין דעם דינעם פאָדים, כמעט פערפענדיקוליאַר, — א ווייסער, א רוישיגער, א שוימעדיגער, געפאַלען הויך, און עס האָט זיך געדוכט גאַנץ נידעריג. ער איז געווען אויף א האַלב מייל די ווייט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז ביז איהם איז פופציג טריט. איך פלעג ביי דער נאַכט ליעב האָבען צוהערען זיין גערויש. איז אַט אין די מינוטען פלעג איך דערגעהן ביז

אומרוהיגקייט. אמאָהל פלעגט אויך טרעפען אין מיטען טאָג. ווען מען פארגעהט ערגעץ אין די בערג. שטעהסט אליין אין מיטען א בארג, ארום זיינען סאָסנעס, אלטע, גרויסע, סמאָליגע. אויבען אויף א שטיין שטעהט אן אלטער פאַלאַץ פון א מיטעלאַלטערליכע חורבה. אונזער דערפעל איז ווייט אונטען, קוים וואָס מען זעהט עס. די זון איז א ליכטיגע, דער הימעל א בלויער, א שטילקייט א שרעקליכע. אָט דאָ פלעגט טרעפען אז מען רופט מיך אַלץ ערגעץ וואו, און מיר האָט זיך אַלץ געדוכט, אז ווען מען זאָל געהן אזוי גלייך, געהן לאַנג, לאַנג, און דערגעהן ביז אָט דעם גרענעץ, ביי יענעם וואו דער הימעל מיט דער ערד באַגעגענען זיך, איז דאָרטען די גאַנצע ענטרעטעניש. און גלייך וועסטו א נייעם לעבען דערזעהן, טויזענדער מאָהל קרעפטי־גען און רוישיגער ווי ביי אונז; מיר האָט זיך אַלץ אזא גרויסע שטאָדט גע'חלום'ט, אזוי ווי נעאַפּאָל, אין איהם זיינען אַלץ הויפען, גערויש, טומעל, לעבען... יע, מאַלע וואָס עס האָט זיך גע'חלום'ט! און נאָכ־דעם האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אז אויך אין תפיסה קען מען א גרויס לעבען געפינען.

— דעם לעצטען לויבענסווערטהען געדאַנק האָב איך נאָך אין מיין ח ר י ס ט א מ א ט י ע געלעזען, ווען מיר איז געווען צוועלף יאָהר, האָט געזאָגט אַגלאַיאַ.

— דאָס איז אַלץ פילאָסאָפיע, האָט באַמערקט אדעלאַידא — איהר זייט א פילאָסאָף און איהר זייט געקומען אונז לערנען.

— עס קען זיין אז איהר האָט רעכט, האָט א שמייכעל געטאָן דער פירשט — און אפשר בין איך טאַקע א פילאָסאָף און ווער ווייס, אפשר קען איך טאַקע אין אמת'ן לערנען; דאָס קען געבען; עס קען זיכער געבען.

— און אייער פילאָסאָפיע איז פונקט אזא ווי עוולאַמפּיעס ניקאָ־לאַיעווּנעס, האָט ווידער אונטערגעכאַפּט אַגלאַיאַ — אזא טשינאָווני־צע, אן אלמנה, קומט צו אונז אריין, עפּעס אזא סאָרט קעסטניצע. איהר גאַנצע אויפגאַבע אין לעבען — איז ביליגקייט. אבי מען זאָל נור קענען ביליג זיך דורכלעבען. זי רעדט נור וועגען געלט, און מערקט אייך, זי האָט גראַד געלט. זי איז א פלוטאָווקע. פונקט אזוי איז אייער גרויסעס לעבען אין תפיסה. און עס קען געבען, אז אויך אייער פיער־יאָהריגער גליק אין דאָרף, פאַר וועלכען איהר האָט פאַרקויפט

אייער שטאָדט נעאַפּאָל. און מיר דוכט מיט פּראָצענט, ניט קוקענדיג דערויף וואָס אָהן א קאָפּיקע.

— ווענען דאָס לעבען אין תפיסה קען מען נאָך ניט איינשטימען, האָט דער פירשט געזאָגט — איך האָב געהערט א מעשה פון א מענשען, וועלכער איז אָפּגעזעסען אין תפיסה א יאָהר צוועלף; דאָס איז געווען איינער פון די קראַנקע, און ער האָט זיך געקורירט טאַקע ביי מיין פּראָפעסאָר. ער פלעגט האָבען אַנפאַלען, ער פלעגט אָפטמאָהל ווערען אומרוהיג. וויינען, און איינמאָהל האָט ער אפילו געפּרובירט זיך נעהמען דאָס לעבען. זיין לעבען אין תפיסה כאַראַקטעריזיר איך אייך, איז געווען זעהר א טרויערדיגעס, אָבער געוויס ניט קיין קאָפּיקע־לעבען. און די גאַנצע באַקאַנטשאַפט וואָס ער האָט געהאַט איז געווען מיט א שפין, און מיט א בוים וואָס איז געוואַקסען אונטער'ן פענסטער... נור איך וועל אייך בעסער דערצעהלען ווענען מיינער אַן אַנדערער באַגעגעניש לעצטען יאָהר, מיט א מענשען. דאָס איז אַן אומשטאַנד געווען זעהר א מאָדנער — א מאָדנער דערמיט, וואָס אזא פאַל טרעפט זעהר ווייניג. אָט דער מענש איז איינמאָהל געווען ארויפגעפיהרט געוואָרען צוזאַמען מיט אַנדערע, אויפ'ן עשאַפאָט, און מען האָט איהם שוין געווען דורכגעלייענט דעם טויט־אורטהייל, שיסען, פאַר א פּאָליטישען פאַרברעכען. אין צוואַנציג מינוט ארום איז אויך פאַרגעלייענט געוואָרען די באַגנאַדיגונג און באַשטימט געווארען אַן אַנדער שטראָף. אָבער דאָך אין דער צווישען צייט פון ביידע אורטהיילען אין צוואַנציג מינוט אָדער אמווינציגסטענס א פערטעל שטונדע, האָט ער דורכגעלעבט מיט דער אונצווייפעלהאַפטער איבערצייגונג, אז אין עטליכע מינוט ארום וועט ער פלוצלינג שטאַרבען. מיר האָט זיך זעהר געוואָלט הערען, ווען ער פלעגט אמאָהל דערמאָהנען יענע איבערלעבונגען זיינע, און איך האָב עטליכע מאָהל איבערגעפרעגט. ער האָט געדענקט אַלעס מיט אַן אונגעוועהנליכער קלאָהרקייט און ער האָט געזאָגט, אז ער האָט קיינמאָהל גאָרנישט ניט פאַרגעסען פון די דאָזיגע מינוטען. א צוואַנציג טריט פון עשאַפאָט, ארום וועלכען עס איז געשטאַנען דאָס פּובליקום און די סאָלדאַטען, זיינען געווען אריינגעגראָבען דריי סלופּעס, ווייל די פאַרברעכער זיינען געווען עטליכע אין צאָהל. די דריי ערשטע האָט מען צוגעפיהרט צו די סלופּעס, צוגעבונדען, זיי אָנגעטאָן אין די טויט־

קאָסטיומען (ווייסע, לאַנגע באַלאַכאָנען) און אויף די אויגען האָט מען זיי אַנגערוקט ווייסע שלאָף־מיצען, כדי זיי זאָלען ניט זעהן די ביק־סען. דערנאָכדעם האָט זיך ארום יעדען סלופּ אויסגעשטעלט די קאָ־מאַנדע פון עטליכע סאָלדאַטען. מיין באַקאַנטער איז געשטאַנען דער אַכטער אין דער רייהע. הייסט עס, אז ער האָט געדאַרפט געהן צו די סלופּעס פון דער דריטער רייהע. דער גלח איז ארומגעגאַנגען ארום אַלעמען מיט'ן צלם. עס איז אויסגעקומען, אז עס איז געבליבען צו לעבען בלויז נאָך פינף מינוט, ניט מעהר. ער האָט געזאָגט, אז אָט די דאָזיגע פינף מינוט האָבען זיך איהם אויסגעוויזען אלס אונענד־ליכער טערמין, אלס א גרויסען רייכטהום; איהם האָט זיך אויסגע־דוכט, אז אין די פינף מינוט וועט ער דורכלעבען אזוי פיעל לעבענס, אז איצט איז נאָך ניטאָ וואָס צו טראַכטען וועגען דער לעצטער רגע. אזוי אז ער האָט נאָך אפילו געמאַכט איינינגע איינאָרדנונגען: ער האָט אויסגערעכענט די צייט ווען ער וועט זיך זעגענען מיט די חברים. אויף דערויף האָט ער באַשטימט א פּאָר מינוט. דערנאָך האָט ער באַ־שטימט נאָך צוויי מינוט, אום דעם לעצטען מאָהל א טראַכט צו טהאָן וועגען זיך. און דערנאָך כדי צו קענען דעם לעצטען מאָהל אומצוקוק־קען זיך ארום און ארום. ער געדענקט אַלץ זעהר גוט, וואָס ער האָט טאַקע געטאָן מיט אָט די דריי איינאָרדנונגען, און ער האָט טאַקע אזוי אויסגערעכענט. ער האָט געזאָלט שטאַרבען א זיבען און צוואַנציג יאָהריגער, א געזונטער, א קרעפּטיגער; זעגענדיג זיך מיט די חברים, געדענקט ער, אז איינעם פון זיי האָט ער פאַרגעבען א גאַנץ זייטיגע פראַגע, און זיך אפילו פאַראינטערעסירט מיט'ן ענטפער. און נאָכ־דעם ווי ער האָט זיך אָפּגעזעגענט מיט די חברים, זיינען אַנגעקומען יענע צוויי מינוט, וועלכע ער האָט באַשטימט צו ט ר א כ ט ע ן פ א ר ז י ך; ער האָט שוין פון פריהער געוואוסט וועגען וואָס ער וועט טראַכטען: איהם האָט זיך געוואָלט פאָרשטעלען פאַר זיך, ווי מעגליך, שנעלער און קלאָהרער, וואָס אָט איז דאָס עפּעס אזוי: אָט איצט איז ער דאָ און לעבט און אין דריי מינוט ארום וועט ער זיין ע פּ ע ס, עפּעס־ווער, אדער עפּעס־וואָס — איז ווער־זשע? און וואו? אָט דאָס אַלץ האָט ער געדענקט צו באַשליסען אין די צוויי מינוט! ניט ווייט איז געווען א קלויסטער און דער שפּיץ פון קלויס־טער מיט דעם באַגולדטען דאַך האָט געשיינט אויף דער ליכטיגער זון.

ער געדענקט, אז ער האָט שרעקליך עקשנות׳דיג געקוקט אויף אָט דעם דאַך, און אויף די שטראַהלען וועלכע האָבען ארויסגעשטראַהלט פון איהם; ער האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסען פון די שטראַהלען: איהם האָט זיך געדוכט, אז אָט די דאָזיגע שטראַהלען זיינען זיין נייע נאַ־טור, אז ער וועט אין דריי מינוט ארום, אויף א געוויסען אופן, זיך צוזאַמענגיסען מיט זיי... דאָס ניט וויסען און דאָס ווידערווילען איז פון דעם דאָזיגען נייעם, וועלכער וועט זיין, און באַלד קומט — געווען א שרעקליכע; נור ער זאָגט, אז פאר איהם איז אין דער צייט גאָרנישט ניט שווער געווען, ווי דער אונאויפהערליכער געדאַנק: „ווי גוט וואָלט געווען ניט צו שטאַרבען!“ אָך ווי גוט וואָלט געווען ווען מען קען אומקעהרען צוריק דאָס לעבען, — וואָס פאר אַן אונענדליכקייט! און דאָס אַלץ וואָלט געהערט צו מיר! איך וואָלט דאַך דאַן יעדע מינוט פארוואַנדעלט אין א גאַנצען יאָהרהונדערט, איך וואָלט גאָר ניט פארלאָרען, יעדע מינוט וואָלט איך געהאַלטען מיט א רעכענונג, איך וואָלט שוין אומזיסט גאָרנישט ניט גע׳פּטר׳ט!“ ער האָט געזאָגט, אז דער געדאַנק, האָט זיך ביי איהם נאָכדעם פארוואַנדעלט אין אזא כעס, אז ער האָט שוין געוואָלט מען זאָל איהם וואָס גיכער דערשי־סען.

דער פירשט איז פּלוצלינג אַנטשוויגען געוואָרען; אַלע האָבען געוואַרט, אז ער וועט פאָרטזעצען און וועט קומען צו א שלוס.

— איהר האָט געענדיגט? האָט געפרעגט אַגלאַיאַ.

— וואָס? געענדיגט. האָט געזאָגט דער פירשט ארויסגעהענ־דיג פון א וויילינער פארטראַכטונג.

— אָבער צו וואָס האָט ער וועגען דעם דערצעהלט?

— אזוי... מיר האָט זיך דערמאָנט... איך האָב צום געשפּרעך...

— איהר זייט זעהר ניט אויסגעהאַלטען, האָט באַמערקט אַלעק־סאַנדרא — איהר האָט פירשט, זיכער געוואָלט אויספיהרען, אז קיין איין מינוט קען מען אויף קאָפּיקעס ניט רעכענען, אז אָפטמאָהל זיי־נען פינף מינוט טייערער ווי אוצרות. דאָס איז אַלץ לויבענסווערטה, אָבער ערלויבט פונדעסטוועגען, ווי אזוי לעבט איצט אייער פריינד, וועלכע האָט אייך אזעלכע מעשיות דערצעהלט?... איהם האָט מען דאָך איבערגעביטען דעם שטראָף, הייסט עס דאָך, אז מען האָט איהם געשענקט „דאָס אונענדליכע לעבען“, נו, אָט וואָס האָט ער מיט דער

דאָזיגער רייכטהום שפּעטער געטאָן? האָט ער געלעבט יעדע מינוט מיט א רעכענונג?

— אָ, ניין, ער האָט מיר אַליין געזאָגט — איך האָב איהם ווע־גען דעם שוין געפרעגט — ער האָט גאָר ניט אזוי געלעבט, ער האָט א סך א סך מינוטען גע׳פּטר׳ט.

— נו, הייסט עס דאָך, אז אַט האָט איהר די ערפאַהרונג, הייסט עס, אז מען קען טאַקע ניט לעבען, „ר ע כ ע נ ד י ג א ל ץ מ י ט א ר ע כ ע נ ו נ ג" צוליעב עפּעס אַן אורזאַכע, נור מען קען ניט...

— יע, צוליעב עפּעס אַן אורזאַכע, נור מען קען ניט, האָט דער פירשט נאָכגעזאָגט, — מיר אַליין האָט זיך עס אזוי געדוכט... און פונדעסטוועגען גלויבט זיך עפּעס ניט...

— דאָס הייסט, אז איהר גלויבט, אז איהר וועט לעבען קליגער ווי אַלע? האָט געזאָגט אַגלאַיאַ.

— יע, מיר האָט זיך אַפּטמאָהל געדוכט.

— און עס דוכט זיך איצט אויך?

— און... עס דוכט זיך, האָט געענטפערט דער פירשט, ווי פריה־היר מיט א שטילען און אפילו שרעקערדיגען שמייכעל קוקענדיג אויף אַגלאַיען; נור באַלד האָט ער זיך ווידער צעלאַכט און פרעהליך אויף איהר א קוק געטאָן.

— באַשיידען! האָט געזאָגט אַגלאַיאַ כמעט אין כעס ווערענדיג.

— און וואָס פאַר א העלדין׳ס איהר זייט עס פונדעסטוועגען, אַט לאַכט איהר און מיך האָט אַלץ אין זיין ערצעהלונג אזוי ערשטוינט, דאָס איך האָב דערנאָכדעם אין שלאָף געזעהן אַט טאַקע אַט די פינף מינוט...

ער האָט נאָכאַמאָהל פאַרשענד און ערנסט אַפּגעמאָסטען מיט די אויגען זיינע צוהערערינס.

— זייט איהר אויף מיר פאַר עפּעס אין כעס? האָט ער פּלוצ־לינג געפרעגט אזוי ווי אין צוטומעלטקייט, אָבער פונדעסטוועגען קו־קענדיג אַלעמען גלייך אין די אויגען.

— פאַר וואָס? האָבען אויסגעשריען פאַרוואונדערט אַלע דריי מיידלאַך.

— איך וויים. אפשר דערפאַר ווייל עס קוקט אוים ווי איך לערן עפּעס אַלץ...

אַלע האָבען זיך צעלאַכט.

— אויב איהר זייט אין כעס, טאָ זייט ניט, האָט ער געזאָגט — איך ווייס דאָך אַליין, אַז איך האָב וועניגער פון אַלעמען געלעבט און אַז איך פאַרשטעה אין לעבען וועניגער פון אַלעמען. איך רעד אפשר אָפטמאָהל מאָדנע...

און ער האָט זיך ענטשיידען פאַרשעהמט.

— אויב איהר זאָגט, אַז איהר זייט געווען גליקליך, דאַן מיינט עס, אַז איהר האָט געלעבט ניט וועניגער, נור מעהרער; פאַר וואָס זשע דרעהט איהר זיך און ענטשולדיגט זיך? האָט שטרענג און טשעפענדיג זיך אָנגעהויבען אַגלאַיאַ. — און באַאונרוהיגט זיך ניט, ביטע, וואָס איהר לערנט אונז, דאָ איז ניטאָ קיין שום זיעג אויף אייער זייט. מיר אייער קוויעטיזם קען מען אפילו אויף הונדערט יאָהר אָנפילען דאָס לעבען מיט גליק. אייך באַווייז אַ הינריכטונג און ווייז אייך אַ קליין פינגער וועט איהר אי פון דאָס ערשטע, אי פון דאָס צווייטע דעם זעלבען לויבענסווערטהען געדאַנק אויספיהרען, און איהר וועט נאָך בלייבען גליקליך אויך. אויף אַזאַ אופן קען מען זיך דורכלעבען.

— פאַר וואָס ביזטו אַזוי בייז, פאַרשטעה איך ניט, האָט אונטערגעכאַפּט די גענעראַלשע, וועלכע האָט שוין אַ היבשע צייט געקוקט אויף די געזיכטער פון די געשפּרעך־פיהרער. — און וועגען וואָס איהר רעדט קען איך אויך ניט פאַרשטעהן. וואָס איז דאָס פאַר אַ קליין פינגער און וואָס פאַר אַ נאַרישקייט? דער פירשט רעדט זעהר פיין נור אביסעל טרויערדיג. פאַר וואָס נעהמסטו ביי איהם אוועק דעם מוטה? ער, ווען ער האָט אָנגעהויבען האָט ער געלאַכט און איצט קוקט ער ווי אַ סאַווא.

— עס מאַכט ניט אויס, מאַמע, — און עס איז אַן עברה, פירשט, וואָס איהר האָט ניט געזעהן קיין הינריכטונג, איך וואָלט אייך וועגען איין זאַך געפרעגט.

— איך האָב געזעהן אַ הינריכטונג, האָט גערענטפערט דער פירשט.

— געזעהן? האָט אויסגעשריען אַגלאַיאַ — איך האָב געדאַרפט טרעפען! דאָס ענדיגט די גאַנצע זאַך. ווען איהר האָט עס געזעהן, ווי־זשע זאָגט איהר אַז איהר האָט די גאַנצע צייט גליקליך געלעבט? נו, האָב איך אייך דען ניט געזאָגט דעם אמת?

— הינריכטעט מען דען צום טויט אין אייער דאָרף? האָט גע־פרעגט אדעלאידא.

— איך האָב עס געזעהן אין ליאָן, איך בין אהין געפאָהרען מיט שניידער'ן. ער האָט מיך מיטגענומען, ווי איך בין אהין געקומען, האָב איך תיכף אָנגעטראָפען.

— נו, איז דאָס אייך עפּעס זעהר געפעהלען געוואָרען? עפּעס א סך באַלעהרענדעס? נוצליכעס? האָט געפרעגט אגלאיא.

— מיר איז דאָס גאָר ניט געפעהלען געוואָרען, און איך בין נאָכ־דעם געווען אביסעל קראַנק. נור איך בין זיך מודה, אז איך האָב געקוקט ווי א צוגעשמידטער, האָב די אויגען ניט געקענט אָפּרייסען.

— איך וואָלט אויך ניט געקענט אָפּרייסען די אויגען, האָט גע־זאָגט אגלאיא.

— דאָרטען האָט מען זעהר ניט ליעב ווען פרויען געהן קוקען. מען שרייבט אפילו נאָכדעם אין די צייטונגען וועגען אָט די פרויען.

— הייסט עס, ווען מען געפינט אז דאָס פּאַסט ניט פאַר פרויען, ווילען זיי דאָך מיט דעם אליין זאָגען (און אויך באַריכטיגען), אז דאָס פּאַסט פאַר מענער. איך גראַטוליר אייך מיט דער לאָגיק. און איהר דענקט דאָך מן הסתם אויך אזוי.

— דערצעהלט וועגען דער הינריכטונג, האָט איבערגעשלאָגען אדעלאידא.

— מיר וואָלט זיך איצט זעהר ניט געוואָלט... האָט זיך צעמישט און אזוי ווי אַנגעכמורעט דער פירשט.

— עס קוקט אויס ווי איהר וואָלט עס געזשאַלעוועט אונז דער־צעהלען, האָט א שטאָך געטאָן אגלאיא.

— ניין, איך וואָלט ניט געוואָלט דערפאַר, ווייל איך האָב שוין וועגען דער זעלבער הינריכטונג אָט ניט לאַנג דערצעהלט.

— וועמען דערצעהלט?

— אייער קאַמערדינער, ווען איך האָב געוואַרט...

— וועלכען קאַמערדינער? — האָט זיך א שאָט געטאָן די פראַגע פון אלע זייטען.

— אָט יענעם, וועלכער זיצט אין פאָדער־הויז, א גרויליכער, מיט א רויטליכען געזיכט. איך בין געזעסען אין פאָדער־הויז כדי אריינצוגעהן צו איוואַן פעאָדאָראָוויטש.

— דאָס איז מאָדנע, האָט באַמערקט די גענעראַלשע.

— דער פירשט איז א דעמאָקראַט, האָט אָפּגעשניטען אגלאַיע.

— נו, ווען איהר האָט שוין דערצעהלט אַלעקסעיען קענט איהר שוין אונז ניט דערצעהלען.

— איך וויל אומבאַדינגט הערען, האָט ווידערהאָלט אַדעלאַידא.

— פריהער, טאַקע, האָט זיך צו איהר געווענדט דער פירשט, זיך ווידער אביסעלע באַגייסטערענדיג, (ער פלעגט זעהר שנעל און צו־טרויליך באַגייסטערט ווערען), האָב איך טאַקע געהאַט א געדאַנק, ווען איהר האָט ביי מיר געבעטען א סוזשעט פאַר א בילד, געבען אייך א סוזשעט: אויסמאָהלען א געזיכט פון א פאַראורטהיילטען א מינוט פאַר דעם קלאַפּ פון דער גילאָטינע, ווען ער שטעהט נאָך אויפ׳ן עשאַפאָט, איידער ער לעגט זיך אויף דער ברעט.

— וואָס מיינט, א געזיכט? איין געזיכט? האָט געפרעגט אַדע־לאַידא, — עס וועט זיין א מאָדנער סוזשעט און וואָס איז דאָס פאַר א בילד?

— איך ווייס ניט, פאַר וואָס? איז מיט היץ צוגעשטאַנען דער פירשט. — איך האָב אין באַזעל ניט לאַנג אזא בילד געזעהן. מיר ווילט זיך אייך זעהר דערצעהלען... איך וועל אייך אמאָהל דערצעה־לען... זי האָט מיך זעהר ערשטוינט.

— וועגען דער באַזעלער בילד וועט איהר מיר אוודאי דערצעהלען שפּעטער, האָט געזאָגט אַדעלאַידא — איצט אָבער גיט מיר צו פאַר־שטעהן דאָס בילד פון דער הינריכטונג. קען מען דאָס איבערגעבען אזוי ווי איהר פאַרשטעהט עס? ווי אזוי מאָהלט מען אויס דעם גע־זיכט? איהר זאָגט איין געזיכט? וואָס־זשע איז דאָס פאַר א גע־זיכט?

— דאָס איז פּונקט א מינוט פאַר׳ן טויט, האָט מיט בריטווויליגק־קייט אָנגעהויבען דער פירשט. באַצויבערט ווערענדיג פון דער ער־אינערונג, און ווי עס ווייזט אויס, גלייך פאַרגעסענדיג אַלע איבעריגע זאַכען. — יענער איינציגער מאָמענט, ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען אויפ׳ן טרעפּיל און ער איז נור ארויף אויפ׳ן עשאַפאָט. דאָ האָט ער א קוק געטאָן אין מיין זייט; איך האָב א קוק געטאָן אין זיין פּנים און האָב אַלץ פאַרשטאַנען... איבעריגענס, ווי אזוי דערצעהלען עס!

מיר וואָלט זיך שרעקליך, שרעקליך געוואָלט אז איהר אָדער וועד־סע־ניט־איז זאָל עס אויסמאָהלען ! בעסער וואָלט געווען ווען איהר ! איך האָב שוין דאָן א טראַכט געטאָן, אז דאָס בילד וואָלט געווען א נוצ־ליכע. ווייסט איהר, דאָ דאַרף מען פאַרשטעלען אלץ וואָס איז געווען פריהער. אלץ, אלץ ! ער האָט געלעבט אין תפיסה און געוואַרט אויף דער הינריכטונג, לכל הפחות, אין א וואָך ארום ; ער האָט אזוי אויס־גערעכענט אויף דער געוועהנליכער פאַרמאַליטעט, אז דאָס פּאַפּיר דאַרף נאָך ערגעץ־וואו געהן, און עס ווערט ערשט ארויסגעשיקט ווע־רען אין א וואָך ארום. און דאָ איז פּלוצלונג, צוליעב עפּעס א צופאַל, די זאַך פאַרקירצט געוואָרען. פינף א זייגער אין דער פריה. ער איז געשלאָפען. דאָס איז געווען ענדע אָקטאָבער, פינף א זייגער איז נאָך דאָן קאַלט און פינסטער. עס איז אריינגעקומען שטיל דער טיורמע־פּריסטאַוו מיט דער וואַך, און ער האָט פאַרזיכטיג באַריהרט זיין אַק־סעל. יענער האָט זיך אויפגעהויבען, האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט׳ן עלענבויגען, ער זעהט א ליכט : „וואָס איז?“ „צו דער הינריכטונג“. א פאַרשלאָפענער האָט ער ניט געגלויבט, געטענהט אָפּשטרייטען ; אז דאָס פּאַפּיר וועט ערשט ארויס אין א וואָך ארום. נור ווען ער האָט זיך אין גאַנצען אויסגעטשוכעט, האָט ער אויפגעהערט אָפּשטרייטען און איז אַנטשוויגען געוואָרען — אזוי האָט מען דערצעהלט — דער־נאָך האָט ער געזאָגט : „פונדעסטוועגען איז שווער אזוי פּלוצלינג“... און איז ווידער אַנטשוויגען געוואָרען און האָט שוין מעהר גאָר ניט געוואָלט רעדען. דאָ געהן א דריי־פיער שטונדען אוועק אויף געוויסע זאַכען : אויפ׳ן גלח, אויפ׳ן פריהשטיק, צו וועלכען מען גיט איהם וויין, קאַפע, און פלייש (נו, איז דאָס ניט קיין שפּאַס ? גיט נור א טראַכט ווי גרויזאַם, און פון דער צווייטער זייט, טוען עס די אומ־שולדיגע מענשען פון ריינעם הארצען און זיי גלויבען אז דאָס איז מענ־שען־ליעבע). דערנאָך דער טואַלעט (איהר ווייסט וואָס איז דער טואַלעט פון א פאַרברעכער ?) ענדליך פיהרט מען איהם איבער׳ן שטאָדט צום עשאַפאָט... איך דענק, אז אויך דאָ ווען מען פיהרט, דוכט זיך נאָך, אז עס איז נאָך דאָ געננג צו לעבען. מיר דוכט זיך, אז ער האָט אויפ׳ן וועג געוויס געטראַכט : ס׳איז נאָך לאַנג. מען דאַרף נאָך דריי גאַסען לעבען. אָט וועל איך דורכפאָהרען די, דערנאָך בלייבט נאָך י ע נ ע, דערנאָך אָט די, וואו דער בעקער, רעכטס...

מיר וועלען נאָך אַמאָהל דערפאָהרען ביז'ן בעקער !" פון אַלע זייטען דאָס פּובליקום, אַ געשריי, אַ טומעל, צעהן טויזענד מענשען, צעהן טויזענד אויגען — דאָס אַלץ דאַרף מען קענען איבערטראָגען, און דערהויפּט דער געדאַנק : אַט זיי זיינען צעהן טויזענד און זיי הינ־ריכטעט מען הײנט ניט און מיך הינריכטעט מען יע !" נור דאָס איז אַלץ אין אָנהויב. צום עשאַפאָט פיהרט אַ טרעפּיל ; ביים טרעפּיל האָט ער פּלוצלינג זיך צעוויינט. און דאָס איז געווען אַ שטאַרקער און העלדישער מאַן, אַ גרויסער רוצח, זאָגט מען, געווען. מיט איהם צוזאַמען איז די גאַנצע צייט געווען דער גלח, און אין פוהר איז ער מיט איהם צוזאַמען געפאָהרען, און האָט אַלץ גערעדט — עס איז אַ ספק אויב יענער האָט געהערט ; און ווען ער הויבט אָן הערען, פאַר־שטעהט ער שוין ניט פון'ם דריטען וואָרט. אַזוי דאַרף זיין. ענדליך, האָט ער אָנגעהויבען אַרויפגעהן אויפ'ן טרעפּיל ; דאָ זיינען ביי איהם די פיס געבונדען און דערפאַר ריהרען זיי זיך מיט קליינע טריטעלאַך. דער גלח, הפנים אַ קלוגער מענש, האָט אויפגעהערט רעדען, און האָט איהם אַלץ נור דעם צלם קושען געגעבען. אונטען אונטער'ן טרעפּיל איז ער געווען זעהר בלייך, און ווי ער האָט זיך אויפגעהויבען און איז אַרויף אויפ'ן עשאַפאָט, איז ער פּלוצלינג געוואָרען וויים ווי פּאַ־פּיר. אין גאַנצען ווי וויסע שרייב־פּאַפּיר. הפנים, די פיס זיינע זיינען ביי איהם געוואָרען שוואַכער און האָלץ־אַרטיג און אַ ניט גוט־קייט איז איהם באַפאַלען — פונקט ווי עפּעס וואָלט איהם געשטיקט אין האַלז און פון דערפון איז ווי קיצעלדיג. — האָט איהר אַמאָהל געפיהלט אין אַ שרעק אָדער אין זעהר שרעקליכע מינוטען, ווען דער גאַנצער שכל איז דאָ נור ער האָט שוין קיין ממשלה ניט ? מיר דוכט, ווען צום ביישפּיעל, אַז אונפאַרמיידליכער אומגליק, אַ הויז פאַלט אויף אייך, איז דאָ באַפאַלט אייך פּלוצלינג אַ חשק זיך צו זעצען און פאַרמאַכען די אויגען און וואַרטען — זאָל זיין וואָס עס וועט זיין ! איז אָט דאָ ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען אָט די דאָזיגע שוואַכקייט, האָט איהם דער גלח פּלוצלינג גיכער, מיט אַזאַ שנעלען זשעסט און שווייגענדיג איהם אונטערגעשטעלט דעם צלם צו די ליפּען.. עפּעס אַזאַ קליינינקער צלם אַזאַ, אַ זילבערנער, אַ פיער־קאַנטיגער — אַלע ווײלע צוגעשטעלט, יעדע מינוט. און ווי נור דער צלם האָט אָנגע־ריהרט די ליפּען, האָט ער געעפענט די אויגען און האָט ווידער אויף

אייניגע מינוטען אָפּגעלעבט און די פיס זיינען געגאַנגען. דעם צלם האָט ער געקושט מיט גרויס חשק. ער האָט זיך געאיילט צו קושען, פּונקט ווי ער וואָלט זיך געאיילט ניט צו פאַרגעסען צו נעהמען מיט זיך עפּעס אין זאַפּאַס. אויף יעדען פאַל, נור ס'איז א ספק, אויב ער האָט אין דער מינוט געהאַט אין זינען עפּעס רעליגיעזעס. און אזוי איז ער געווען ביז דער ברעטיל... עס איז וואונדערליך, וואָס עס טרעפט זעהר ווייניג, מען זאָל אין די דאָזיגע סעקונדען פאַלען אין אָהנמאַכט! פאַרקעהרט, עס איז זיכער, אז דער קאָפּ לעבט און אַר־בייט גוואַלדיג, קרעפטיג, קרעפטיג, קרעפטיג, ווי א מאַשין אין גאַנג; איך שטעל זיך פאָר, אז אַט אזוי קלאַפּען דאָן פאַרשיידענע געדאַנ־קען, אַלץ אונפאַרענדיגטע, און ס'קען געבען אויך לעכערליכע, זייטיגע געדאַנקען אזעלכע: „אַט דער קוקט — ביי איהם איז א באַראַדאַווקע אויפ'ן שטערן, אַט איז ביי דעם הענקער איין קנעפּעל א פאַרזשאַ־ווערטער..." און פונדעסטוועגען, ווייסטו אַלץ און געדענקסט אַלץ; עס איז דאָ איין פּונקט, וועלכען מען קאָן אין קיין פאַל ניט פאַרגע־סען און אין אָנמאַכט טאָר מען אויך ניט פאַלען, און אַלץ געהט און דרעהט זיך אַרום איהם, אַרום דעם פּונקט. און מען דאַרף געדענקען, אז דאָס איז אזוי ביז דער סאַמע לעצטער פערטעל סעקונדע, ווען דער קאָפּ ליגט שוין אייפ'ן קלאָץ און וואַרט, און... ו ו י י ס, אז פּלוצ־לונג וועט ער דערהערען איבער זיך ווי דער אייזען האָט זיך א גליטש געטאָן! דאָס וועט ער זיכער דערהערען! איך, ווען איך וואָלט גע־לעגען, וואָלט איך אומישנע געהערט און דערהערט! דאָ איז ניט מעהר ווי איין צעהנטעל פון אן אויגענבליק, נאָר מען מוז זיכער דערהערען! און שטעלט זיך פאָר, אז ביז איצט דיסקוטירט מען נאָך, אז עס קאָן געבען, אַי דער קאָפּ, ווען ער פליהט אָפּ, איז ווייס ער נאָך אויף א רגע, קאָן געבען, נאָכדעם ווי ער איז אָפּגעפלויגען — וואָס פאַר א פאַרשטעטענדעניס! און וואָס איז ווען פינף רגע'ס! מאָהלט אויס אן עשאַפאָט, אזוי מען זאָל זעהן קלאָהר און נאָהענט בלויז דעם לעצטען טרעפּעל; דער פאַרברעכער איז אויף איהר אַרויף. דער קאָפּ און גע־זיכט בלייך ווי פּאַפּיר. דער גלח דערלאַנגט א צלם, יענער ציהט אויס מיט גרויס חשק זיינע בלויע ליפּען און קוקט און — ו ו י י ס א ל ץ. א צלם און א קאָפּ — אַט דאָס איז די בילד. דער פּנים פון גלח, הענקער, זיינע צוויי אַרויסהעלפער, און עטליכע קעפּ און אויגען פון

אונטען — דאָס אַלץ קאָן מען אויסמאָהלען ווי אויפ'ן דריטען פּלאַן, אין א נעבעל, אלס א בייזאַך... אָט וואָס פאַר א בילד.

דער פירשט איז אנטשוויגען געוואָרען און א קוק געטאָן אויף אַלעמען.

— דאָס איז שוין געוויס ניט עהנליך אויף קוויעטיזם — האָט א זאָג געטאָן פאר זיך אדעלאַאידא.

דער פירשט האָט פאַרוואונדערטערהייט, איהר אָנגעקוקט.

— הערט, — האָט זיך ווי געאיילט אדעלאַאידא — פון אייך קומט א מעשה וועגען דער באַזעלער בילד, נאָר איצט וויל איך הערען וועגען דעם, ווי אַזוי איהר זייט געווען פאַרליעבט. לייקענט נים. איהר זייט געוועזן. דערצו איז, גלייך ווי איהר הויבט אָן דערצעהלען, ווערט איהר אוים פילאָסאָף.

— איהר, ווען איהר ענדיגט נאָר דערצעהלען, איז גלייך פאַר־שעהמט איהר זיך פון דעם, וואָס איהר האָט דערצעהלט, — האָט פליצלונג באמערקט אַגלאַיא — פאַר וואָס איז דאָס אזוי?

— ווי נאַריש דאָס איז נאָך אַלעמען, — האָט אָפּגעשניטען די גענעראַלשע, קוקענדיג מיט כעס אויף אַגלאַיא'ן.

— נים קלוג, — האָט באַשטעטיגט אַלעקסאנדרא.

גלויבט איהר ניט, פירשט, — האָט זיך צו איהם געווענדט די גענעראלשע, — זי טוט עס אומישנע צוליעב שלעכטסקייט. זי איז גאָר ניט אַזוי נאַריש ערצויגען. איהר נעהמט נאָר ניט אין אכט, וואָס זיי צופּען אייך, זיי האָבען מן הסתם עפּעס אונטערגענומען אַזוינס. נאָר זיי האָבען אייך ליעב. איך דערקען אָן זייערע געזיכטער.

— און איך דערקען אויך אָן זייערע געזיכטער, — האָט געזאָגט דער פירשט, שטאַרק באַטראַכטענדיג זיינע ווערטער.

— וואָס מיינט עס? — האָט נייגעריג געפרעגט אדעלאַאידא.

— וואָס דערקענט איהר אין אונזערע געזיכטער? — האָבען זיך פאַראינטערעסירט אויך די איבעריגע צוויי.

נאָר דער פירשט האָט געשוויגען און געווען ערנסט; אַלע האָ־בען געוואַרט אויף זיין ענטפער.

— איך וועל שפּעטער זאָגען, — האָט ער געזאָגט שטיל און ערנסט.

— איהר ווילט אונז באמת פאַראינטערעסירען, — האָט אויסגע־

שריען אַגלאַיאַ, — נאָר אויב איהר זייט טאַקע שוין אַזאַ קענער פון געזיכטער, זייט איהר געווים אויך געווען פאַרליעבט; האָב איך, הייסט עס, געטראָפען. דערצעהלט־זשע.

— איך בין ניט געווען פאַרליעבט, — האָט געענטפערט דער פירשט אַלץ שטיל און ערנסט — איך... בין געווען אַנדערש גליקליך...

— ווי אַזוי און מיט וואָס?

— גוט, איך וועל אייך דערצעהלען, — האָט געזאָגט, ווי ער וואָלט געווען אין טיפע מחשבות, דער פירשט.

---

## זעקסטער קאַפּיטעל.

— אַט קוקט איהר אַלע איצט אויף מיר, — האָט אָנגעהויבען דער פירשט מיט אַזאַ נייגעריגקייט, אַז ווען איך באַפרידיג איהר ניט, וועט איהר אויף מיר אודאי אין כעס ווערען. נייִן, איך שפּאַס, — האָט ער שנעל צוגעגעבען מיט אַ שמייכעל — דאָרט... דאָרט זיינען געווען נאָר קינדער. און איך בין די גאַנצע צייט דאָרט געווען מיט קינדער, בלויז מיט קינדער. דאָס זיינען געווען קינדער פון יענעם דאָרף, די גאַנצע באַנדע, וועלכע איז געגאַנגען אין שולע. איך האָב זיי ניט געלערנט. אָ, נייִן, אויף דעם איז געווען אַ שוהל־לעהרער. זשול טיבאַ, און אפשר האָב איך זיי אויך געלערנט, נאָר מעהר פון אַלץ האָב איך מיט זיי פאַרבראַכט, און מיינע אַלע פיער יאָהר זיינען אַזוי אַוועק. איך האָב קיין אַנדערע נאָך ניט געדאַרפט. איך האָב מיט זיי וועגען אַלץ גערעדט. גאָר נישט פון זיי ניט באַהאַלטען. זייערע עלטערען און קרובים זיינען אַלע אויף מיר אין כעס געוואָרען, ווייל די קינדער האָבען נאָכדעם, אָהן מיר זיך ניט געקענט באַגעהן. און שטענדיג זיך אַרומגעקליבען אַרום מיר, און דער שוהל־לעהרער איז מיר צום סוף, אפילו געוואָרען מיין ערשטער שונא. איך האָב דאָרט געקראָגען אַסך שונאים, און אַלץ צוליעב די קינדער. אפילו שניידער

פלעגט מיר אויסרעדען, און וואָס האָבען זיי זיך דאָרטען געשראָ־
קען? א קינד מעג מען אלץ דערצעהלען — אלץ. מיך האָט אלע
מאָל פאַרוואונדערט דער געדאַנק ווי וועניג די עלטערע מענשען קענען
קינדער, אפילו טאַטעס און מאַמעס, זייערע קינדער? פון קינדער
דאַרף מען גאָרנישט ניט באַהאַלטען, אונטער דעם אויסרייד: זיי זיי־
נען קליינינקע און אז עס איז זיי צו פריה צו וויסען, וואָס פאַר א
טרויעריגער און אומגליקליכער געדאַנק! און ווי גוט די קינדער באַ־
מערקען עס, אז די טאַטעס רעכענען זיי פאַר זעהר קליינע און גאָר־
נישט ניט פאַרשטעהענדע, אין דער צייט, ווען זיי פאַרשטעהן אלץ.
די גרויסע ווייסען ניט אז א קינד קאָן אפילו אין דער סאַמע שווערער
זאַך געבען זעהר א גוטע עצה. אָ, גאָט! ווען עס קוקט אויף אייך אָט די
שעהנינקע פויגעלע, צוטרויליך און גליקליך, איז דאָך אייך א שאַנדע
זי אָפּצונאַרען! איך רוף זיי דערום פויגעלאַך, ווייל בעסער פון א פויּ־
געלע איז גאָר ניטאָ אויף דער וועלט. איבעריגענס, זיינען אלע אין
דאָרף אויף מיר אין כעס געוואָרען, אממעהרסטענס צוליעב א געוויסען
פאַל... און טיבאָ האָט איינפאַך מיר מקנא געווען; ער האָט פון אָנ־
פאַנג אלץ געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און זיך געוואונדערט, ווי אזוי די
קינדער פאַרשטעהען דאָס ביי מיר אלעס, און ביי איהם כמעט גאָר־
נישט. און דערנאָכדעם האָט ער גענומען פון מיר לאַכען. ווען איך
האָב איהם געזאָגט, אז מיר ביידע וועלען זיי גאָרנישט אויסלער־
נען, נאָר אז זיי וועלען נאָך אונז אויסלערנען. און ווי אזוי האָט ער
עס געקענט מיך מקנא זיין און מיך פאַר'רכילות'ען, ווען ער האָט
אליין געלעבט מיט קינדער! דורך קינדער קורירט זיך די נשמה...
דאָרט איז געווען איינער א קראַנקער, אין שניידערס אנשטאַלט, איי־
נער א זעהר אומגליקליכער מענש. דאָס איז געווען אזאַ שרעקליכער
אומגליק, אז עהנליכעס קען גאָר ניט געבען. ער איז געווען אָפּגע־
געבען, אז מען זאָל איהם היילען פון משוגעת. לויט מיין בליק, איז
ער ניט געווען משוגע. ער האָט בלויז שרעקליך געליטען — אָט דאָס
איז געווען זיין גאַנצע קראַנקהייט. און ווען איהר וואָלט געוואוסט
וואָס עס זיינען ענדליך, פאַר איהם אונזערע קינדער געוואָרען... נאָר
איך וועל אייך וועגען דעם קראַנקען שפּעטער דערצעהלען; איצט וועל
איך דערצעהלען ווי אזוי אלץ עס האָט זיך אָנגעהויבען. פון אָנפאַנג
האָבען די קינדער מיך ניט ליעב געקראָגען, איך בין געווען אזאַ גרויּ־

סער. איך בין שטענדיג אזא אומבאהאָלפענער. איך ווייס, אז איך
בין ניט קיין שעהנער... און צום סוף אויך דאָס וואָס איך בין געווען
אַן אויסלענדער. די קינדער האָבען אין אַנפאַנג פון מיר געלאַכט. און
דערנאָך האָבען זיי אפילו אָנגעהויבען אין מיר ווארפען מיט שטיינער.
ווען זיי האָבען דערזעהן, אז איך האָב א קוש געטאָן מארי. און איך
האָב בלויז איינמאָל זי א קוש געטאָן... ניין, לאַכט ניט, האָט זיך
דער פירשט געאיילט אפצושטעלען דאָס לאַכען פון זיינע צוהערע־
רינס. — דאָס איז גאָר ניט געווען קיין ליעבע. ווען איהר וואָלט
געוואוסט, וואָס פאר אַן אומגליקליכע באַשעפעניש דאָס איז געווען.
וואָלט איהר אליין אויף איהר אויך רחמנות געהאט, ווי איך. זי איז
געווען פון אונזער דאָרף. איהר מאַמע איז געווען אַן אַלטע באָבע. און
ביי איהר, אין זייער קליינינקער זעהר אלטער הייזקע, מיט צוויי
פענסטער, איז געווען אָפּגעצאַמט איין פענסטער, מיט דער ערלויבע־
ניש פון דער דאָרפישער נאַטשאַלסטווע; פון דעם פענסטער האָט מען
איהר ערלויבט צו האנדלען מיט שנירלאַך, פאָדים, טאַבאַק, זייף, אלץ
פאר די סאַמע קלענסטע געלדער. מיט דעם האָט זי זיך געשפּייזט. זי
איז געווען א קראַנקע, און ביי איהר זיינען אלץ געשוואָלען געווען די
פיס, אזוי, אז זי איז אלץ געזעסען אויף איין פּלאַץ. מארי איז געווען
איהר טאָכטער, אלט א יאָהר צוואַנציג. א שוואַכע און א דאַרינקע;
ביי איהר האָט זיך לאַנג שוין אָנגעהויבען די שווינדזוכט. נאָר זי איז
אלץ געגאַנגען איבער די הייזער זיך פּאָרדינגען אויפ׳ן טאָג פאר שווע־
רער אַרבייט. — זי האָט געוואַשען דילען, וועש, אויסגעקעהרט הויי־
פען, אָפּגערייניגט בהמות. איינער א דורכרייזענדער פראַנצויזישער
קאָמיוואָיאזשאָר האָט זי פאַרפיהרט און זי אוועקגעפיהרט, און אין א
וואָך ארום האָט ער זי איינע אליין געלאָזען אין וועג, און שטילער־
הייט אוועקגעפאָהרען. זי איז געקומען אהיים, זיך דורכשלאָגענדיג,
אינגאַנצען א פאַרשמוצטע, אינגאַנצען אין שמאַטעס, מיט צוריסענע
שיך; געגאַנגען איז זי צופוס, א גאַנצע וואָך, גענעכטיגט אין פעלד.
און זיך זעהר פאַרקיהלט. די פיס זיינען געווען אין וואונדען, די
הענט אָנגעשוואָלען און צושפּאָלטען. איבעריגענס, איז זי אויך פריהער
ניט געווען קיין שעהנע; אויגען נאָר האָט זי געהאט שטילע, גוטע.
אומשולדיגע. א שווייגערין איז זי געווען א שרעקליכע. איינמאָל, פריי־
הער נאָך, האָט זי זיך ביי דער אַרבייט פּלוצלונג צעזונגען, און איך

גערעגק. ווי אַלע האָבען זיך פאַרוואונדערט און אָנגעהויבען לאַכען: „מאַרי האָט זיך צוזונגען! ווי? מאַרי האָט זיך צוזונגען! און זי האָט זיך שרעקליך פאַרשעהמט און אויף אייביג דערנאָך אַנטשוויגען געוואָרען. דאַן האָט מען זי נאָך געלאָשטשעט, אָבער ווען זי איז צוריקגעקומען אַ קראַנקע און אַן אויסגעמוטשעטע, האָט זי פון קיינעם ניט געקראָגען קיין שום מיטלייד! ווי גרויזאַם זיי זיינען אויף דעם! ווי שווער זיי פאַרשטעהען עס! די מוטער האָט די ערשטע, זי אויפגענומען מיט כעס און פאַראַכטונג: „דו האָסט מיר איצט באַשמוצט מיין עהרע.“ זי האָט איהר אויך די ערשטע אַרויסגעגעבען צו שאַנדע: ווי נאָר מען האָט דערהערט אין דאָרף, אַז מאַרי איז געקומען צוריק, זיינען אַלע געלאָפען אַ קוק טאָן אויף מאַרי, און כמעט דער גאַנצער דאָרף איז זיך צונויפגעלאָפען צו דער אַלטיטשקער אין הויז: אַלטע לייטע, קינדער, פרויען, מיידלאַך, אַלע אין אַזאַ אייַלענדיגער און דורשטיגער מאַסע. מאַרי איז געלעגען אויפ׳ן דיל, ביי די פיס פון דער אַלטיטשקער, אַ הונגעריגע, אַן אָפּגעריסענע און געוויינט. ווען אַלע זיינען זיך אָנגעלאָפען, האָט זי זיך פאַרדעקט מיט איהרע צושויבערטע האָר און אַזוי האָט זי זיך צוגעבויגען צום דיל. אַלע אַרומשטעהענדע האָבען אויף איהר געקוקט ווי אויף אַן עקעלהאַפטער זאַך. די אַלטע לייט האָבען זיי פאַראורטהיילט און געזידעלט. די יונגע האָבען אפילו געלאַכט. די פרויען האָבען איהר געזידעלט, און פאַראורטהיילט, האָבען אויף איהר געקוקט מיט פאַראַכטונג ווי אויף עפּעס אַ שלאַנג אַזאַ. די מוטער האָט עס אַלץ ערלויבט. דאַ אַליין געזעסען, געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און צוגעשטימט. די מוטער איז יענער צייט זעהר קראַנק געווען, כמעט געהאַלטען ביים שטאַרבען. אין צוויי מאָנאַטען אַרום איז זי טאַקע געשטאָרבען, זי האָט געוואוסט, אַז זי שטאַרבט, נאָר מיט דער טאָכטער האָט זי פונדעסטוועגען ניט אַ טראַכט געטאָן צו שלום מאַכען, אפילו פאַר׳ן טויט. זי האָט אפילו מיט איהר קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, געיאָגט שלאָפען אין פאַרהויז, כמעט אפילו ניט געגעבען עסען. זי האָט גאַנץ אָפט געדאַרפט שטעלען איהרע פיס אין הייסע וואַסער; מאַרי האָט איהר יעדען טאָג אָפּגעוואַשען די פיס און אויף איהר אַכטונג געגעבען. זי האָט צוגענומען אַלע איהרע דינסטען שווייגענדיג, און קיין איין גוט וואָרט איהר ניט געזאָגט. מאַרי האָט עס אַלץ איבערגעטראָגען און איך נאָכדעם,

ווי איך האָב זיך מיט איהר באַקאַנט האָב באַמערקט, אַז זי אַליין האָט עס אויך גוט־געהייסען און זי אַליין האָט זיך גערעכענט פאַר דער־סאַמע ערגסטער באַשעפעניש. ווען די אַלטע האָט זיך שוין איינגאַנצען אוועקגעלעגט, זיינען אויף איהר געקומען אַכטונג געבען די דאָרפישע אַלטע ווייבער. ווי דאָרט איז איינגעפיהרט, נאָך דער רייהע נאָך. און דאַן האָט מען מאַרי שוין אינגאַנצען אויפגעהערט צו געבען עסען. און אַלע אין דאָרף האָבען זי געיאָגט, און קיינער האָט איהר אַפילו קיין אַרבייט ניט געוואָלט געבען, ווי פריהער. אַלע האָבען ווי גישפּי־גען אויף איהר, און די מענער האָבען זיך אַפילו מיט איהר אויפגע־הערט רעכענען ווי מיט אַ פרוי, מען האָט פאַר איהר אַלע מאוס'ע זאַכען גערעדט. אָפטמאָל, דאָס פלעגט טרעפען זעהר ווייניג, ווען שיכורים האָבען זיך אָנגעטרונקען אין אַ זונטאָג, האָט מען צוליעב געלעכטער, איהר געוואָרפען גראָשענס. גלייך אויף דער ערד. מאַרי פלעגט שווייי־גענדיג אויפהויבען. זי האָט שוין דאַן אָנגעהויבען שפּייען מיט בלוט. ענדליך, זיינען איהרע צוריסענע קליידער אין גאַנצען געוואָרען שמאַ־טעס, אַזוי, אַז עס איז געוואָרען אַ שאַנד אין זיי צו באַווייזען זיך אין דאָרף. געגאַנגען איז זי גלייך פון דער צייט, ווען זי איז צוריק־געקומען — אַ באָרוועסע. אָט דאָ האָבען, דערהויפּט די קינדער, אין גאַנצע כאָפּטעס — זיי זיינען געווען איבער פיערציג שוהל־קינדער, — זיך מיט איהר אָנגעהויבען רייצען און אַפילו פאַרוואַרפען זי מיט בלאָטע. זי האָט זיך געבעטען ביים פאַסטוך, אַז ער זאָל זי לאָזען היטען די בהמות, נאָר דער פאַסטוך האָט זי פאַריאָגט. דאַן האָט זי אַליין, אָהן אַן ערלויבעניש, אָנגעהויבען אַוועקגעהן מיט דער טשערע־דאַ אויף אַ גאַנצען טאָג אין דער היים. אַזוי ווי האָט זעהר פיעל נו־צען געבראַכט דעם פאַסטוך, און ער האָט עס באַמערקט. האָט ער זי שוין ניט געיאָגט, און אַמאָל אויך געגעבען די איבער־בלייבעכטסען פון זיין מיטאָג, קעז און ברויט. ער האָט עס גערע־כענט פאַר אַ גרויסע גוטסקייט פון זיין זייט. ווען די מאַמע איז אָבער געשטאָרבען, האָט זיך דער גלח אין קלויסטער ניט געשעהמט צו פאַר־שעהמען מאַרי פאַר'ן גאַנצען עולם. מאַרי איז געשטאַנען פאַר'ן טויי־טען־וואָגען אין וואָס זי איז געווען אָנגעטאָן, אין איהרע שמאַטעס און געוויינט. עס האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אַ גרויסער עולם צוצוקוי־קען ווי אַזוי זי וועט וויינען און געהן נאָכ'ן טויטען־וואָגען. דאַן האָט

רער גלח — ער איז נאָך געווען א יונגער מאַן און זיין גאַנצע אמבי־ציע איז באַשטאַנען אין דעם, ער זאָל ווערען א גרויסער פּרעדיגער. זיך געווענדט צו אַלעמען און אַנגעוויזען אויף מאַרי: „אָט ווער עס איז געווען די אורזאַכע פון דעם טויט פון דער וויכטיגער פרוי" (און דאָס איז ניט געווען אמת, ווייל יענע איז שוין געווען קראַנק צוויי יאָהר.) אָט שטעהט זי פאַר אייך און וואַגט ניט א קוק צו טאָן, ווייל זי איז א באַצייכענטע פון גאָטס פינגער; אָט איז זי א באָרוועסע און אין שמאַטעס — א ביישפּיל פאַר יענע, וועלכע פאַרלירען זייער טוגענד. ווער זשע איז זי? דאָס איז די טאָכטער איהרע!" און אַלץ אויף דעם אופן, און שטעלט זיך פאָר, אז די געמיינהייט איז אַלעמען געפעלען געוואָרען. אָבער... דאָ איז אַרויסגעקומען א באַזונדערע געשיכטע: דאָ האָבען זיך די קינדער פאַר איהר אָנגענומען, ווייל אין דער צייט זיינען שוין אַלע קינדער געווען אויף מיין זייט און אָנגעהויבען ליעב צו האָבען מאַרי. דאָס איז אַרויסגעקומען אַזוי: מיר האָט זיך געוואָלט עפּעס טאָן פאַר מאַרי, מען האָט איהר זעהר נויטיג געדאַרפט געבען געלט, נאָר געלט האָב איך דאָרט קיינמאָל קיין קאָפּיקע ניט געהאַט. ביי מיר איז געווען א קליינינקע דימענטענע שפּילקע און איך האָב זי פאַרקויפט צו איינעם א הענדלער, ער איז אומגעפאָהרען איבער די דערפער און מיט אַלטע זאַכען געהאַנדעלט. ער האָט מיר געגעבען אַכט פראַנק, און זי איז זיכער ווערטה געווען פערציג. איך האָב לאַנג גע־זוכט צו באַגעגענען מאַרי אַליין. ענדליך האָבען מיר זיך באַגעגענט הינטער'ן דאָרף. לעבען א העק, אויף א זייטיגער סטעזשקע, צום באַרג, הינטער א בוים. דאָ האָב איך איהר געגעבען די אַכט פראַנק, און גע־זאָגט, אז זי זאָל עס היטען, ווייל מעהר וועל איך ניט האָבען, און דער־נאָך האָב איך זי א קוש געטאָן און געזאָגט, אז זי זאָל ניט דענקען, אַז איך באַצוועק דערמיט עפּעס ניט שעהנעס. און אז קושען קוש איך איהר דערפאַר ניט ווייל איך בין אין איהר פאַרליעבט, נאָר ווייל איך האָב אויף איהר רחמנות, און ווייל איך האָב זי פון סאַמע אָנפאַנג ניט גערעכענט פאַר קיין שולדיגע, און נאָר פאַר אַן אומגליקליכע. מיר האָט זיך זעהר געוואָלט דאָ טאַקע איהר טרייסטען, און פאַרזיכערען זי, אז זי דאַרף זיך גאָר ניט האַלטען נידעריג פאַר אַלעמען. נאָר זי האָט דוכט זיך, ניט פאַרשטאַנען. איך האָב דאָס גלייך באַמערקט, כאָטש זי האָט די גאַנצע צייט כמעט געשוויגען און איז געשטאַנען פאַר מיר

מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען און א שרעקליך פאַרשעהמטע. ווען איך האָט געענדיגט, האָט זי מיר א קוש געטאָן אין האַנט. איך האָב גלייך גענומען איהר האַנט און געוואָלט א קוש טאָן נאָר זי האָט שנעל ארויסגעריסען. פּלוצלונג, אין דער זעלבער צייט, האָבען אונז דערזעהן די קינדער. א גאַנצע מאַסע; איך האָב זיך נאָכדעם דערוואוסט, אז זיי האָבען מיך שוין לאַנג נאָכגעקוקט. זיי האָבען אָנגעהויבען פּייפען, קלאַפּען אין די הענט און לאַכען, און מאַרי האָט זיך געלאָזט לויפען. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגען, נאָר זיי האָבען אָנגעהויבען וואַרפען אין מיר מיט שטיינער. אין דעם זעלבען טאָג האָבען זיך אלע דערוואוסט, דער גאַנצער דאָרף. אלץ האָט זיך ווידער ארויפגעוואָרפען אויף מאַרי. מען האָט זי נאָך מעהר אָנגעהויבען פיינט האָבען. איך האָב אפילו געהערט, אז מען האָט איהר געוואָלט פאַראורטיילען צו א שטראָף, נאָר א דאַנק גאָט עס איז דורכגעגאַנגען אזוי; דערפאַר האָבען די קינדער זי דורכגעהן ניט געלאָזט. מען האָט זיך מיט איהר גערייצט מעהר ווי פריהער, מיט בלאָטע געוואָרפען. מען יאָגט זי און זי לויפט פון זיי מיט איהר שוואַכער ברוסט, פאַרלירט דעם אָטהעם. זיי נאָך איהר, שרייען, זידלען. איינמאָל האָב איך אפילו געוואָרפען זיך שלאָגען מיט זיי. דערנאָכדעם האָב איך צו זיי אָנגעהויבען רעדען, גערעדט יעדען טאָג, ווען איך האָב נאָר געקאָנט. אפּט האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט און געהערט, כאָטש זיי האָבען זיך נאָך אלץ געזידעלט. איך האָב זיי דערצעהלט, ווי אומגליקליך מאַרי איז; אין גיכען האָבען זיי זיך אויפגעהערט זידלען און גענומען צוהערען זיך. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבען מיר אָנגעהויבען פיהרען געשפּרעכען. איך האָב פון זיי גאָר ניט פאַרבאָרגען; אלץ דערצעהלט. זיי האָבען געהערט זעהר נייגעריג, און אין גיכען אָנגעהויבען רחמנות צו האָבען אויף מאַרי. איינינגע האָבען, באַגעגענדיג זיך מיט איהר, אָנגעהויבען זיך פריינדליך מיט איהר גריסען; דאָרטען איז א מנהג, ווען מען באַגעגענט איינער דעם צווייטען — באַקאַנט אָדער ניט — גריסט מען זיך און מען זאָגט: „גוטען מאָרגען!" איך שטעל זיך פאָר ווי מאַרי האָט זיך עס געוואונדערט. איינמאָל, האָבען צוויי מיידעלאך געקראָגען עסענוואַרג און אוועקגעטראָגען צו איהר. איהר אָפּגעגעבען און געקומען און מיר דערצעהלט. זיי האָבען דערצעהלט, אז מאַרי האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט און אז איצט האָבען זיי זי

זעהר ליעב. באלד האָבען זיי אלע אָנגעהויבען זי ליעב האָבען. זיי האָבען אפט אָנגעהויבען קומען צו מיר און אלץ געבעטען, אז איך זאָל זיי דערצעהלען, ווייל זיי האָבען זעהר ליעב געהאט מיך הערען ווי איך רעד. און צום לעצט האָב איך אויך געלערנט און געלעזען אלץ נאָר צוליעב דעם כדי שפּעטער זיי צו דערצעהלען. אין די גאַנ־צע דריי יאָהר האָב איך זיי נאָכדעם דערצעהלט. ווען דערנאָכדעם האָבען מיך אלע באשולדיגט — שניידער אויך — פאַר וואָס איך רעד מיט זיי ווי מיט גרויסע, און איך באהאלט פון זיי גאָרנישט, האָב איך זיי געענטפערט, אז זיי צו נאַרען, איז א שאַנדע. אז אהן דעם ווייסען זיי אויך אלץ. ווי מען זאָל פון זיי ניט באהאלטען וועלען זיי זיך דערוויסען, און דוקא די מיאָסע זאכען, און פון מיר וועלען זיי קיין מיאָסע זאכען זיך ניט דערוויסען. זאָל זיך יעדער איינער נאָר דערמאָהנען ווי אזוי ער אליין איז געווען א קינד. זיי האָבען ניט איינגעשטימט... איך האָב א קוש געטאָן מאַרי נאָך צוויי וואָכען איידער איהר מוטער איז געשטאָרבען; איז ווען דער גלח האָט געהאלטען זיי מוסר־רעדע, זיינען שוין דאָן די קינדער געווען אויף מיין זייט. איך האָב זיי באלד דערצעהלט און ערקלעהרט דעם גלח'ס האנדלונג; אלע זיינען אויף איהם אויפגעבראכט, און איינציגע פון זיי אויף אזוי פיעל, אז זיי האָבען מיט שטיינער איהם צובראָכען די גלאָז אין פענסטער. איך האָב זיי אָפּגעהאלטען. ווייל דאָס איז שוין געווען ניט פיין; נאָר באלד האָבען אלע פון דאָרף זיך פון אלץ דערוואוסט, און דאָן טאַקע האָבען זיי מיך גענומען באשולדיגען אז איך האָב איבערגעפיהרט די קינדער. דערנאָך האָ־בען זיך אלע דערוואוסט, אז די קינדער האָבען ליעב מאַרי, און זיי האָבען זיך שרעקליך איבערגעשראָקען; נאָר מאַרי איז שוין געווען א גליקליכע. מען האָט אפילו די קינדער פאַרבאָטען זיך צו באַגע־גענען מיט איהר, נאָר זיי פלעגען לויפען שטילערהייט צו איהר שטילערהייט אין טשערעדאַ. גענוג ווייט, כמעט א האלבע מייל פון דאָרף: — זיי האָבען איהר געטראָגען מתנות און איינציגע זיי־נען איינפאך געקומען צולויפען, כדי איהר ארומצונעהמען, א קוש טאָן, זאָגען: "Le vous aime Marie!" און דערנאָך בליץ־שנעל לויפען צוריק. מאַרי איז שיעור פון זינען ניט אראָפּ פון אזא פלוצליכען גליק; איהר האָט זיך דאָס אפילו ניט גע'חלום'ט; זי

האָט זיך געשעהמט און געפרעהט, און דערהויפּט, האָט זיך די קינ־
דער געוואָלט אממעהרסטענס די מיידעלאַך, לויפען צו איהר, אום
איהר איבערצוגעבען, אז איך האָב זי ליעב. און אז איך רעד צו זיי
זעהר פיעל פון איהר. זיי האָבען איהר דערצעהלט, אז דאָס האָב
איך זיי אַלץ דערצעהלט און אז זיי ליבען זי איצט און האָבען מיט
איהר מיטלייד, און דאָס וועט אַזוי שטענדיג זיין. דערנאָך פלעגען
זיי פאַרלויפען צו מיר, און מיט זעהר פרעהליכע און באַשעפטיגטע
פּנימ'לאַך איבערגעגעבען, אז זיי האָבען ערשט געזעהן מאַרי, און
אַז מאַרי גריסט מיך. אין די אָווענטען פלעג איך געהן צום וואַסער־
פאַל, דאָרטען איז געוועזן איין פלאַץ אינגאַנצען א באַהאַלטענער פון
דער דאָרף־זייט. און ארום זיינען געוואַקסען טאָפּאָלען, אַהין פלע־
גען זיי זיך צוזאַמענלויפען צו מיר, אייניגע אפילו שטילערהייט.
מיר דוכט, אז פאַר זיי איז מיין ליעבע צו מאַרי געווען א גוואַלדיי־
גער פאַרגעניגען, און אין אָט דאָס אייניציגע, אין מיין גאַנצען דאָר־
טיגען לעבען, האָב איך זיי גענאַרט. איך האָב זיי ניט אויסגעזאָגט
דעם אמת, אז איך האָב מאַרי גאָר ניט ליעב, דאָס הייסט, אז איך
בין אין איהר גאָר ניט פאַרליעבט. אז איך האָב אויף איהר בלויז
רחמנות; איך האָב פון אַלץ געזעהן, אז זיי ווילט זיך מעהרער, אז
עס זאָל זיין ווי זיי האָבען אויסגעטראַכט, און באַשטימט צווישען
זיך, און דארום האָב איך געשוויגען און געמאַכט זיי צו גלויבען,
אז זיי האָבען געטראָפען. אויף אַזוי פיעל זיינען געווען עדעל און
צאַרט די דאָזיגע קליינינקע הערצעלאַך. איבעריגענס, האָט זיי אויס־
געקוקט פאַר אוממעגליכעס, אז זייער גוטער לעאָן האָט אַזוי ליעב
מאַרי און מאַרי איז אַזוי אָרעם געקליידט און אָהן שיך. שטעלט
זיך פאָר זיי האָבען פאַר איהר אויך שיך געקראָגען, און זאָקען און
וועש, און אפילו עפּעס א קלייד. ווי אַזוי זיי האָבען עס דערוויזען,
פאַרשטעה איך ניט, זיי האָבען געאַרבייט אַלע צוזאַמען. ווען איך
האָב זיי פאַנאַנדערגעפרעגט, האָבען זיי בלויז פרעהליך געלאַכט,
און די מיידעלאַך האָבען געפּאַטשט אין די הענטלאַך און מיך געקושט.
אָפּטמאָל פלעג איך שטילערהייט געהן זיך זעהר מיט מאַרי. זי איז
שוין געוואָרען זעהר קראַנק און איז קוים געגאַנגען. דערנאָך האָט זי
שוין אינגאַנצען אויפגעהערט צו דינען דעם פּאַסטוך, נאָר פונדעסט־
וועגען פלעגט זי יעדען פריהמאָרגען אַרויס מיט דער טשערעדאַ. זי

האָט זיך געזעצט אין א זייט; דאָרטען ביי איינעם כמעט א גלייכען, אראָפּהענגענדען פעלז איז געווען אַן ארויפגאַנג; זי האָט זיך גע־זעצט אין סאַמע ווינקעל, באַהאַלטען פון אַלעמען. אויפ'ן פעלז איז זי געזעסען, כמעט אָהן א באַוועגונג א גאַנצען טאָג, פון גאַנץ פריה ביז יענער שטונדע, ווען די טשערעדאַ געהט אַוועק. זי איז שוין געווען אַזוי שוואַך פון שווינדזוכט, אז זי איז מעהרער געזעסען מיט צו־געשלאָסענע אויגען, צוטוליענדיג דעם קאָפּ צום פעלז, און געדרע־מעלט, שווער אָטהעמענדיג; איהר געזיכט איז מאָגער געוואָרען, אַזוי ווי ביי א סקעלעט און שוויים איז ארויסגעטראָטען אויפ'ן שטערן און אויף די שלייפען. אָט אין אַזא לאַגע פלעג איך זי שטענדיג טרעפען. איך פלעג קומען אויף א ווייל, און מיר האָט זיך אויך ניט געוואָלט אַז מען זאָל מיך זעהן. ווי איך האָב זיך נאָר באַוויזען, פלעגט מאַרי אויפציטערן, אויפגעעפענט די אויגען און זיך געוואָרפען מיר קושען די הענט. איך פלעג זיי שוין ניט אוועקנעהמען, ווייל פאַר איהר איז דאָס געווען א גליק; זי האָט די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געזעסען געציטערט און געוויינט; אמת, אייניגע מאָל פלעגט זי אויך וועלען עפּעס זאָגען, נאָר ס'איז זי געווען שווער צו פאַרשטעהן. זי איז געווען ווי א משוגענע אין שרעקליכער אויפרעגונג און פרייד. אַמאָל פלעגען אויך די קינדער מיט מיר קומען. אין אַזא פאַל, פלעגען זיי זיך שטע־לען פון דערווייטען און גענומען אונז היטען פון עפּעס וואָס, און פון וועמען ס'איז, און דאָס איז פאַר זיי געווען אויסערגעוועהנליך אָנ־גענעהם. ווען מיר זייגען אַוועק, פלעגט מאַרי ווידער בלייבען אַליין, ווי פריהער אָהן באַוועגונג, פאַרמאַכענדיג די אויגען און צוטוליענדיג דעם קאָפּ צום פעלז. עס קאָן זיין, אַז ער האָט וועגען עפּעס געטרוימט. איינמאָל אין א פריהמאָרגען האָט זי שוין ניט געקאָנט ארויס צו דער טשערעדאַ, און איז געבליבען ביי זיך אין איהר לעדיגען הויז. די קינ־דער האָבען זיך תיכף דערוואוסט און זיי זיינען אין יענעם טאָג, כמעט אַלע געקומען איהר באַזוכען. זי איז געלעגען אין איהר בעט עלענד — אַליין. צוויי טאָג האָבען אויף איהר אכטונג געגעבען בלויז די קינ־דער, קומענדיג איינער נאָכ'ן צווייטען. נאָר דערנאָך ווען מען האָט דערהערט אין דאָרף, אַז מאַרי שטאַרבט שוין טאַקע אויף אַן אמת'ן, האָבען צו איהר אָנגעהויבען קומען די אַלטע ווייבער פון דאָרף, זיצען און וואַכען. אין דאָרף האָט מען, דוכט זיך, אָנגעהויבען האָבען מיט־

לייד מיט מאַרי, מען האָט שוין אמווינציגסטענס, די קינדער ניט
אָפּגעשטעלט און ניט געזידעלט ווי פריהער. מאַרי איז די גאַנצע צייט
געלעגען אין דרימעל. איהר שלאָף איז געווען אַן אומרוהיגער. זי האָט
שרעקליך געהוסט, די אַלטע ווייבער האָבען אוועקגעטריבען די קינ־
דער, נאָר יענע פלעגען אונטערלויפען הינטער'ן פענסטער, אָפּט כאָטש
בלויז אויף איין מינוט, אום נאָר צו זאגען “ Bongour notre Bonne
Marie”! און יענע, ווי זי פלעגט זיי נאָר דערזעהן אָדער דערהערען,
האָט זיך גלייך אָפּגעלעבט, און האָט תיכף, ניט פאָלגענדיג די אַלטע
ווייבער, זיך אָנגעשטרענגט אויפצוהויבען זיך אויפ'ן עלענבויגען, האָט
צו זיי געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, געדאַנקט. זיי האָבען איהר ווי פריהער,
געבראַכט מתנות, נאָר זי האָט כמעט גאַר ניט געגעסען. איך פאַרזיכער
אייך, אַז צוליעב זיי, איז זי געשטאָרבען כמעט אַ גליקליכע. צוליעב
זיי, האָט זי פאַרגעסען איהר שוואַרצע נויט. אַזוי ווי זי וואָלט פון זיי
צוגענומען אַ פאַרגעבונג. ווייל ביז דער סאַמע לעצטער מינוט האָט
זי זיך גערעכענט אַלס אַ גרויסע פאַרברעכערין. זייה אָבען ווי פויגע־
לאַך געקלאַפּט מיט די פליגעלאַך אין איהר פענסטער, און איהר גע־
שריען יעדען פריהמאָרגען: “Nous tàimons Marie”! זי איז אין גי־
כען געשטאָרבען. איך האָב געדענקט, אַז זי וועט ציהען פיעל לענ־
גער. מיט אַ טאָג פריהער, איידער זי איז געשטאָרבען, פאַר'ן זונען־
אונטערגאַנג, בין איך פאַרגאַנגען צו איהר, דוכט זיך, זי האָט מיך
דערקענט; און איך האָב צום לעצטען מאָל געדריקט איהר האַנט; ווי
אויסגעטריקענט איהר האַנט איז געוואָרען! און דאָ קומט מען צו מיר
אין דערפריה און מען זאָגט מיר, אַז מאַרי איז געשטאָרבען. דאָ האָט
מען שוין די קינדער ניט געקענט מעהר איינהאַלטען: זיי האָבען
אויסגעפּוצט איהר ארון מיט בלומען, און איהר אָנגעטאָן אַ בלומען־
קראַנץ אויפ'ן קאָפּ. דער גלח האָט אין קלויסטער שוין דער פאַרשטאָר־
בענער מעהר ניט געזידעלט. צו דער לויה זיינען זעהר ווייניג מענשען
געקומען. אַזוי נאָר צוליעב נייגעריגקייט זיינען געקומען אייניגע. נאָר
ווען מען האָט געדאַרפט טראָגען דעם ארון, האָבען זיך אַלע קינדער אַ
וואָרף געטאָן אַליין צו טראָגען, נאָר אַזוי ווי זיי האָבען ניט געקאָנט
פאַרטראָגען האָבען זיי בלויז געהאָלפען. אַלע זיינען זיי געלאָפען
נאָכ'ן ארון און אַלע האָבען זיי געוויינט. פון דאַן אָן איז מאַרי'ס
קבר'ל שטענדיג פון די קינדער געעהרט געוואָרען. זיי באַפּוצען איהם

יעדען יאָהר מיט בלומען, פון אַלע זייטען איז ער באַזעצט מיט ראָזעס. נאָר פון דער דאָזיגער לויה אָן, האָט זיך אויף מיר צוליעב די קינדער אָנגעהויבען די הויפּט־פאַרפאָלגונג פון׳ם גאַנצען דאָרף. די הויפּט־פאַרפאָלגער זיינען געווען דער גלח און דער שוהל־לעהרער. די קינדער האָט מען שטרענג פאַרבאָטען אַפילו זיך מיט מיר צו באַגעגענען, און שניידער האָט זיך אַפילו אונטערגענומען אַכטונג צו געבען אויף דעם. נאָר מיר האָבען זיך פונדעסטוועגען געזעהן, פון ווייטען זיך דורכגערעדט מיט צייכענס. זיי פלעגען מיר צושיקען זייערע קליינינקע צעטעלאַך.

צום סוף, האָט זיך אַלץ איינגעאָרדענט. נאָר דאַן איז געווען זעהר גוט. איך האָב זיך נעהענטער צוזאַמענגעקומען מיט די קינדער דורך דער דאָזיגער פאַרפאָלגונג. דעם לעצטען יאָהר האָב איך אַפילו כמעט געמאַכט שלום מיט טיבאַ און מיט דעם גלח. און שניידער האָט מיט מיר פיעל גערעדט און מיט מיר דעבאַטירט, וועגען מיין שעדליכער „סיסטעמע“ מיט די קינדער. וואָס איז דאָס פאַר אַ סיסטעמע! ענדליך האָט מיר שניידער אַרויסגעזאָגט זיינעם אַ מאָדנעם געדאַנק, דאָס איז שוין געווען פאַר מיין סאַמע אָפּפאָהר. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט זיך אינגאַנצען איבערצייגט, אַז איך אַליין בין פּונקט ווי אַ קינד, דאָס הייסט, אין אמת׳ן ווי אַ קינד, דאָס איך בין נאָר אין וואוקס און אין געזיכט עהנליך צו אַ דערוואַקסענעם. נאָר דאָס אין מיין ענטוויקלונג, נשמה און כאַראַקטער און עס קען אויך געבען, אַז אין שכל בין איך ניט קיין דערוואַקסענער, און אַזוי וועל איך בלייבען אַפילו ווען איך וועל אָפּלעבען ביז זעכציג יאָהר. איך האָב זעהר געלאַכט: ער איז אודאי ניט גערעכט. ווייל וואָס בין איך פאַר אַ קליינינקער? נאָר איינס איז ריכטיג, אַז איך האָב טאַקע אין אמת׳ן ניט ליעב צו זיין מיט דערוואַקסענע, מיט מענשען, מיט גרויסע, — און דאָס האָב איך שוין לאַנג באַמערקט — איך האָב ניט ליעב, ווייל איך קען ניט. וואָס זיי זאָלען מיט מיר ניט רעדען, ווי גוט זיי זאָלען צו מיר ניט זיין, פונדעסטוועגען איז מיר מיט זיי עפּעס שטענדיג שווער. און איך בין זעהר צופריעדען ווען איך קאָן גיכער אַוועק צו די חברים. און מיינע חברים זיינען אַלע מאָל געווען קינדער. און ניט דערפאַר ווייל איך בין אַליין געווען אַ קינד, נאָר ווייל מיך האָט איינפאַך געצויגען צו קינדער. ווען איך האָב נאָך אין מיין סאַמע אָנהויב

לעבען, אין דאָרף — דאַן ווען איך פלעג איינער אליין אוועק צו טרויערען אין די בערג — דאַן ווען איך האָב אומבלאָנדזשענדיג אליין, אָנגעהויבען אָפטמאָל צו באַגעגענען דערהויפּט נאָכמיטאָג, ווען מען האָט ארויסגעלאָזט פון שוהל, אַט די גאַנצע כאַפּטע, די טומעלדיגע, די לויפענדע מיט די זעקעלאך און גריפּלענע ברעטלאך, מיט געשריי, און געלעכטער, מיט שפּילערייען, פלעגט פלוצלינג מיין גאַנצע נשמה זיך אָנהויבען ציהען צו זיי. איך ווייס ניט, נאָר איך האָב אָנגעהויבען פיהלען עפּעס אזא זעהר שטאַרקען און גליקליכען געפיהל ביי יעדער באַגעגעניש מיט זיי. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און געלאַכט פון גליק. קוקענדיג אויף זייערע קליינינקע פארביישוועבענדע און שטענדיג־לויפענדע פיסלאך, אויף די אינגעלאך און מיידעלאך, וואָס לויפען צוזאַמען מיט געלעכטער און טרערען (ווייל אייניגע האָבען ביז זיי זיינען צוגעלאָפען פון שוהל אהיים, שוין אויסגעפּיעט זיך צוצושלאָגען. צעוויינען, צוריק מאַכען שלום און זיך שפּילען. און איך פלעג שטענדיג פארגעסען מיין גאַנצען טרויער. דערנאָכדעם פאַר די גאַנצע דריי יאָהר, האָב איך גאָר פאַרשטעהן ניט געקענט, ווי אזוי לאַנגווייל זיך און פאַר וואָס לאַנגווייל זיך מענשען? מיין גאַנצער גורל האָט זיך פאַראייניגט מיט זיי. איך האָב גאָר קיינמאָל ניט גערעכענט צו פאַרלאָזען דעם דאָרף, און ס'איז מיר גאָר ניט איינגעפאלען, אז איך וועל ווען־ניט־איז פאָהרען אהער, אין רוסלאַנד. מיר האָט זיך געדוכט, אז איך וועל אלץ זיין דאָרטען, נאָר ענדליך האָב איך דערזעהן אז שניידער קאָן דאָך מיך ניט אויסהאַלטען, און דאַ האָט זיך אונטערגערוקט א זאַך. אזוי וויכטיג, דאָס שניידער אליין האָט מיך אָנגעהויבען אונטערצואיילען, אז איך זאָל פאָהרען, און ער האָט פאַר מיר אהער, געענטפערט. און איצט וועל איך זעהן וואָס דאָס איז. און איך וועל זיך מיט וועמען ס'איז באַראַטען. אפשר וועט זיך מיין גורל אין גאַנצען ענדערען, נאָר דאָס איז אלץ ניט דאָס, און ניט די הויפּט־זאַך. די הויפּט־זאַך איז אין דעם, אז מיין גאַנצער לעבען האָט זיך שוין איבערגעביטען. איך האָב דאָרטען פיעל איבערגעלעבט. זעהר פיעל. אלץ איז פארשוואונדען. איך בין געזעסען אין וואַגאָן און געטראַכט: „איצט געה איך צווישען מענשען; מעגליך אז איך ווייס גאָרניט. נאָר א נייע לעבען איז געקומען.“ איך האָב באַשלאָסען צו ערפילען מיין אויפגאַבע עהרליך און פעסט. צווישען מענשען וועט מיר

אפשר זיין אומעטיג און שווער. אויפ'ן ערשטען פאַל, האָב איך באַ־
שלאָסען צו זיין מיט אלעמען העפליך און אָפענהערציג. מעהר וועט
דאָך פון מיר קיינער ניט פאָדערן. מעגליך, אז אויך דאָ וועט מען מיך
רעכענען פאַר א קינד. — טאָ זאָלען זיי! איך ווייס ניט פאַר וואָס
נאָר מיך רעכענען דאָך אלע אויך פאַר אן אידיאָט. איך בין באמת
אמאָל געוועזן אזוי קראַנק, דאָס איך בין דאַן טאקע געוועזן עהנליך צו
אַן אידיאָט. נאָר וואָס בין איך פאַר אַן אידיאָט איצטער, ווען איך
אליין פאַרשטעה, אז מען רעכענט מיך פאַר אן אידיאָט? איך קום
אַריין און טראַכט: „אָט רעכענט מען מיך פאַר אן אידיאָט און איך
בין פונדעסטוועגען דאָך קלוג און זיי באַגרייפען עס אפילו ניט... איך
האָב שטענדיג אזא געדאַנק, ווען איך האָב אין בערלין פון זיי דער־
האלטען עטליכע קלייניקע בריף, וועלכע זיי האָבען שוין אוספעיעט
מיר אָנצושרייבען, איז האָב איך ערשט דאָ פאַרשטאַנען, ווי ליעב איך
האָב זיי געהאַט. עס איז זעהר שווער צו באַקומען אַ ערשטען בריף!
ווי אומעטיג זיי זיינען דאָס געווען ווען זיי האָבען מיך באַגלייט!
שוין מיט א מאָנאַט פריהער האָבען זיי מיך אָנגעהויבען באַגלייטען:
“Lèon Sen Va, Lèons Va toujours” מיר האָבען זיך יעדען אָווענט.
ווי פריהער, צוזאַמענגעקליבען ארום דעם וואסער־פאַל, און מיר האָ־
בען אלץ גערעדט פון דעם, ווי אזוי מיר וועלען זיך שיידען. אייניגע
מאָל איז אונז אויך געווען אזוי פרעהליך ווי אמאָל. ווען מיר האָבען
געדאַרפט געהן שלאָפען, האָבען זיי גענומען מיך פעסט און הייס
ארומנעהמען דאָס וואס זיי פלעגען פריהער ניט טאָן. אנדערע זיינען
געקומען צולויפען צו מיר אָזוי, אז קיין אנדערע זאָלען ניט וויסען.
בלויז צוליעב דעם, אז זיי זאָלען מיך קענען, אונטער פיער אויגען,
האלזען און קושען. און ווען איך האָב זיך שוין גענומען קלייבען אין
וועג, האָבען זיי אלע אין איין חברה, מיך באַגלייט ביז'ן סטאַנציע. די
סטאַנציע פון אייזענבאהן איז געווען פון אונזער דאָרף אזוי ביי א
מייל. זיי האָבען זיך איינגעהאלטען אום ניט צו וויינען. נאָר פיעלע
פון זיי האָבען ניט געקענט, און געוויינט אויפ'ן קול, דערהויפט די
מיידעלאך. מיר האָבען געאיילט אום ניט צו פאַרשפעטיגען. נאָר אז
אַ נ ד ע ר ע ר האָט זיך פלוצלינג צו מיר געוואָרפען אין מיטען
וועג, האָט מיך ארומגענומען מיט זיינע קלייניקע הענטעלאך און גע־
קושט, און טאקע דערפאַר בלויז אָפגעשטעלט דעם גאַנצען עולם; און

כאָטש מיר האָבען זיך געאיילט, נאָר פונדעסטוועגען האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט ביז וואַנען ער וועט זיך אָפּזעגענען. ווען איך האָב זיך געזעצט אין וואַגאָן, און דער וואַגאָן האָט זיך גערירט, האָבען זיי אַלע צו מיר אויסגעשריען: „הוררא!“ און לאַנג זיינען זיי געשטאַנען אויפ’ן פלאַץ ביז וואַנען דער וואַגאָן איז אינגאַנצען אוועק. און איך האָב אויך געקוקט... הערט מיך אויס, ווען איך בין פריהער אהער אריינגעקומען און א קוק געטאָן אויף אייערע ליעבע געזיכטער.

— איך קוק זיך איצט זעהר צו צו געזיכטער — און איך האָב דערהערט אייערע ערשטע ווערטער, איז מיר צום ערשטען מאָל, פון יענער צייט, געוואָרען גרינג אויפ’ן הארצען. איך האָב שוין פריהער א טראַכט געטאָן, אז אפשר בין איך טאַקע באמת פון די גליקליכע: איך וויים דאָך, אז אזעלכע, וועלכע דו זאלסט גלייך ליעב באקומען, וועסטו ניט שנעל באגעגענען, און איך האָב אייך גלייך, ארויסקומענדיג פון וואַגאָן, שוין באַגעגענט. איך וויים זעהר גוט, אז דערצעהלען אלעמען וועגען די אייגענע געפיהלען, שעהמט מען זיך. אבער אָט דערצעהל איך אייך יע, און מיט אייך שעהם איך זיך גאָר ניט. איך בין ניט געזעלשאַפטליך און עס קאָן געבען, אז איך וועל צו אייך א היבשע צייט ניט קומען. נעהמט עס נאָר שלעכט ניט אויף. איך האָב עס ניט דערפאר געזאָגט, ווייל איהר זייט מיר ניט טייער, און דענקט אויך ניט אז איך האָב זיך פאר עפּעס באלייידיגט. איהר האָט מיך געפרעגט וועגען אייערע געזיכטער און וואָס האָב איך אין זיי באמערקט? איך וועל עס אייך מיט גרוים פארגעניגען זאָגען. ביי אייך אדעלאידא איוואַנאָוונא איז אַ גליקליכעס געזיכט, פון אלע דריי געזיכטער דאָס אממעהרסטענס סימפּאַטישע. אויסער דעם וואָס איהר זייט שעהן, איז קוקט מען אויף אייך און מען זאָגט: „זי האָט א געזיכט פון א גוטער שוועסטער“. איהר קומט צו צו מענשען איינפאך און פרעהליך, נאָר איהר קאָנט אויך גאַנץ שנעל א האַרץ פיהלען. איהר, אלעקסאנדרא איוואַנאָוונא, האָט אויך א געזיכט זעהר א שעהנעם, און זעהר אַ ליעבען, נאָר ס’קאָן געבען, אז איהר האָט עפּעס א באהאלטענעם טרויער, א האַרץ האָט איהר, אָהן צווייפעל, א גוטע, נאָר איהר זייט ניט קיין פרעהליכע. אויף אייער געזיכט ליגט עפּעס אזאַ שאַטען, וועלכער איז עהנליך צו גאַלבעינאָוו’ס מאַדאָנע אין דרעזדען. אָט דאָס איז וועגען אייער געזיכט. בין איך עפּעס א גוטער טרעפער? איהר

אליין רעכענט דאָך מיך פאַר א טרעפער. אבער ווענען אייער גע־זיכט, ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, האָט ער זיך פּלוצלונג געווענדט צו דער גענעראַלשע — ווענען אייער געזיכט איז ניט נאָר, עס דוכט זיך מיר, נאָר איך בין זיכער, אַז איהר זייט אַן אמת׳ע קינד. אין אַלץ, אין אַלץ, אין אַל׳דאָס גוטעס און אין אַל׳דאָס שלעכטעס, ניט קוקענדיג, וואָס איהר זייט אין אַזעלכע יאָהרען. איהר זייט דאָך אויף מיר ניט ברוגז, וואָס איך רעד אַזוי צו אייך? איהר ווייסט דאָך ווי אַזוי איך אכטע קינדער? און דענקט ניט, אַז איך האָב עס פון פּראָסטקייט, אַזוי אָפענהערציג אייך אַלץ געזאָגט ווענען אייער געזיכט: אָ, ניין, גאָר ניין! מעגליך, אַז איך האָב אויך עפּעס אין זינען.

## זיבעטער קאַפּיטעל.

ווען דער פירשט איז אנטשוויגען געוואָרען, האָבען אַלע אויף איהם פרעהליך געקוקט, אפילו אגלאיא, אָבער דערהויפּט ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא.

—און אַט האָט מען איהם עקזאַמינירט!—האָט זי אויסגעשריען — וואָס האָט איהר געדענקט גנעדיגע דאַמען, אַז איהר וועט איהם קענען נעהמען אונטער אייער שוץ, אַזוי ווי אין אָרימינקען, און ער האָט אייך אַליין קוים געעהרט אויסצוקלייבען. און נאָך מיט דעם אויס־רייד, אַז קומען וועט ער זעהר ניט אָפט. אַט זיינען מיר געבליבען נאַראָנים, און איך בין צופרידען. און דערהויפּט פאַר איוואַן פיאָ־דאָראָוויטש. בראַוואָ, פירשט! אייך האָט מען פריהער געהייסען עק־זאַמינירען. פון דאָס וואָס איהר האָט ווענען מיין געזיכט געזאָגט, איז דאָס אַלץ דער ריינער אמת: אדי בין א קינד און ווייס עס. איך האָב נאָך פריהער פאַר אייך דאָס געוואוסט. איהר האָט בלויז איין געדאַנק אין איין וואָרט אויסגעדריקט. איך האַלט אייער כאַראַקטער אינגאַנ־צען עהנליך צו מיינעם און איך בין זעהר צופרידען: אַזוי ווי צוויי

מראָפּען וואסער. נאָר איהר זייט א מאנסביל און איך בין א פרוי און אין דער שווייץ בין איך אויך ניט געווען. אָט דאָס איז דער גאנצער אונטערשייד.

— איילט זיך ניט, מאמא! — האָט אויסגעשריען אַגלאַיא — דער פירשט האָט געזאָגט, אז ער האָט איז אַלע זיינע אנערקענונגען, געהאט אין זינען עפּעס א באזונדער געדאנק און אז ער האָט ניט גערעדט אזוי פּראָסט.

— געוויס, געוויס, — האָבען געלאכט די איבעריגע.

— לאָכט ניט, ליעבענקע, עס קאָן געבען, אז ער איז נאָך כיט־רער פון אייך אַלע דריי צוזאמען. איהר׳ט נאָך זעהן. נאָר פארוואס האָט איהר, פירשט, וועגען אגלאַיא׳ן גאָר נישט געזאָגט? אַגלאַיא וואַרט און איך וואַרט.

— איך קאָן איצט גאָרנישט זאָגען, איך וועל זאָגען שפּעטער.

— פאַרוואָס? דוכט זיך זי איז א באַמערקבארע?

— אָ, יאָ. זעהר א באמערקבארע; איהר זייט א גוואַלדיגע שעהנ־הייט, אגלאַיאַ איוואַנאָוונאַ, איהר זייט אַזוי שעהן, אז עס איז א מורא אויף אייך צו קוקען.

— דאָס און ניט מעהר? און וואָס איז וועגען די אייגענשאפּ־טען? — איז צוגעשטאַנען די גענעראַלשע.

— שעהנהייט איז שווער צו אורטהיילען, איך האָב זיך נאָך ניט צוגעגרייט. שעהנהייט — איז א רעטעניש.

— דאָס מיינט, אז איהר האָט אַגלאַיאַ׳ן פאַרגעבען א רעטעניש,

— האָט געזאָגט אדעלאידא — טרעף נאָר אַגלאַיאַ, אבער א יאַ זי איז שעהן, פירשט, שעהן?

— זעהר! — האָט מיט היץ געענטפערט דער פירשט, מיט חשק א קוק טוענדיג אויף אַגלאַיאַ׳ן — כמעט ווי נאַסטאַסיאַ פּילי־פּאָוונאַ, כאָטש דאָס געזיכט איז גאָר אַן אנדערעס.

אַלע האָבען זיך פאַרוואונדערט איבערגעקוקט.

— ווי וו־ע־ער — האָט אויסגעצויגען די גענעראַלשע — אַזוי ווי נאַסטאַסיאַ פּיליפּאָוונאַ? וועלכע נאַסטאַסיאַ פּיליפּאָוונאַ?

— ניט לאַנג האָט גאַווריליאַ ארדאַליאָנאָוויטש געוויזען א בילד צו איוואַן פּיאָדאָראָוויטש.

— ווי אזוי, ער האָט געבראַכט א בילד צו איוואַן פּיאָדראַ־וויטש?

— ווייזען. נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט היינט געשענקט צו גאַווריליאַ ארדאַליאָנאָוויטש איהר בילד, און יענער האָט געבראַכט ווייזען.

— איך וויל זעהן! — האָט אויסגעשריען די גענעראַלשע — וואו איז דאָס בילד? ווען זי האָט איהם געשענקט דאַן מוז זי דאָך זיין ביי איהם. און ער איז דאָך נאָך געווים אין קאַבינעט. אַלע מיטוואָך קומט ער ארבייטען און ער געהט קיינמאָל פאַר פיער ניט אוועק. זאָל מען שוין א רוף טאָן גאַווריליאַ ארדאַליאָנאָוויטש! ניין, איך שטארב ניט זעהר, פון חשק איהם צו זעהן. טוט א געפעליגקייט, פירשט. ליבענקער, און געהט אריבער אין קאַבינעט, נעהמט ביי איהם דאָס בילד און ברענגט אהער. זאָגט, אז בלויז אויף א קוק צו טאָן. ביטע!

— ער איז א וואוילער, אבער שוין צו פּראָסטאָוואַטע — האָט געזאָגט אדעלאַידאַ, ווען דער פירשט איז ארויס.

— אמת, שוין אביסעלע צופיעל, — האָט איינגעשטימט אלעקסאַנדראַ — אזוי, דאָס ער קוקט אויס אביסעלע קאָמיש.

אי די, אי יענע האָבען ווי ניט ארויסגעזאָגט אלץ וואָס זיי האָבען אויף די געדאַנקען.

— איבעריגענס, האָט זיך גאַנץ געשיקט אויסגעדרעהט וועגען אונזערע געזיכטער — האָט געזאָגט אַגלאַיאַ, — ער האָט אלעמען גע־שמייכעלט, אפילו דער מאַמען.

— לאָך ניט, ביטע, — האָט אויסגעשריען די גענעראַלשע — ניט ער האָט געשמייכעלט, נאָר איך פיהל זיך געשמייכעלט.

— דו דענקסט, אז ער האָט זיך געוואָלט ארויסדרעהען? — האָט געפרעגט אדעלאַידאַ.

— מיר דוכט, אז ער איז ניט אזא איינפאַכער.

— נו געה שוין געה! — איז אין כעס געוואָרען די גענעראַלשע — און ווי איך פאַרשטעה, זייט איהר נאָך קאָמישער ווי ער. ער איז אן איינפאַכער אבער פאַרשטעהט אן עסק, אין דעם עהרליכסטען ווענ. פאַרשטעהט זיך. אינגאַנצען ווי איך.

„געווים איז פאַסקודנע, וואָס איך האָב זיך וועגען בילד אויס־גערעדט — האָט דער פירשט געטראַכט פאַר זיך, אריינקומענדיג אין

קאַבינעט און פיהלענדיג ווי עפּעס א חרטה... אבער... ס'קען געבען, אז איך האָב גוט געטאָן וואָס איך האָב זיך אויסגערעדט..." ביי איהם האָט א בליץ געטאָן א מאָדנע אידעע, איבעריגענס נאָך ניט אינגאַנ־צען קיין קלאָהרע.

גאווריאַ ארדאַליאָנאָוויטש איז נאָך געזעסען אין קאַבינעט און געווען פאַרטאָן אין זיינע פּאַפּירען. עס מוז זיין, אז ער האָט טאַקע ניט אומזיסט גענומען געהאַלט פון דער אקציאָנערען־געזעלשאַפט. ער האָט זיך שרעקליך צוטומעלט ווען דער פירשט האָט געבעטען דאָס בילד און האָט דערצעהלט ווי אזוי זיי האָבען זיך דאָרטען פון דעם בילד דערוואוסט.

— ע־ע־עך! צו וואָס האָט איהר געדאַרפט פּלוידערען! — האָט ער אויסגעשריען אין צאָרענדיגען פאַרדרוס, — איהר פאַרשטעהט גאָר ניט!... אידיאָט! — האָט ער א מורמעל געטאָן פאַר זיך.

— ענטשולדיגט. איך האָב דאָס אויסגערעדט גאָר ניט מיינענ־דיג. עס איז געקומען צו רעד. איך האָב געזאָגט, אז אַגלאַיאַ איז פּונקט אזוי שעהן ווי נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא.

האַניאַ האָט געבעטען, אז ער זאָל איהם דערצעהלען מעהר איינ־צעלהייטען. דער פירשט האָט דערצעהלט. האַניאַ האָט נאָכאַמאָל אויף איהם מיט שפּאָס א קוק געטאָן.

— איהר האָט געדאַרפט פּונקט אָנטרעפען אויף נאַסטאַסיא פי־ליפּאָוונא... — האָט ער א מורמעל געטאָן, נאָר ער האָט זיך פאַר־טראַכט ניט ענדענדיג. ער איז געווען, ווייזט אויס, אומרוהיג. דער פירשט האָט דערמאָנט וועגען בילד. — הערט אויס, פירשט, — האָט האַניאַ פּלוצלונג געזאָגט, ווי עס וואָלט איהם א פּלוצליכער געדאַנק איינגעפאַלען: — איך האָב צו אייך א גרויסע בקשה, נאָר איך ווייס באמת אליין ניט...

ער איז געוואָרען צוטראָגען, און ניט דערענדיגט. ער האָט זיך אויף עפּעס אַנטשלאָסען, נאָר אַזוי ווי ער וואָלט געקעמפט מיט זיך אליין. דער פירשט האָט שווייגענד געוואַרט. האַניאַ האָט איהם נאָכ־אַמאָל באַקוקט מיט אַן אויספאָרשענדען און דורכדרינגליכען בליק.

— פירשט, — האָט ער נאָכאַמאָל אָנגעהויבען — דאָרטען איז מען איצט אויף מיר... צוליעב א געוויסער מאָדנער אורזאַכע... און קאָמישער... און אין וועלכער איך בין ניט שולדיג... מיט איין וואָרט,

דאָס איז איבעריג — דאַרטען איז מען, דוכט זיך, אויף מיר אביסעלע אין כעס, אַזוי דאָס איך וויל א געוויסע צייט אהין ניט אריינקומען אהן אן איינלאַדונג. איך האָב זעהר נויטיג געדאַרפט איצט א שמועס טאָן מיט אגלאַיאַ איוואַנאָוונא. איך האָב אויף אַלע פאַלען אַנגעשריי־בען עטליכע ווערטער. (ביי איהם אין די הענט האָט זיך געפונען א קליינער אויפגעלעגטער פּאַפּירעל) און אָט ווייס איך ניט ווי אַזוי דאָס איבערצוגעבען. וועט איהר זיך פירשט ניט נעהמען איבערצוגע־בען עס גלייך אגלאַיאַ איוואַנאָוונא, נאָר אבער בלויז אַגלאַיאַ אי־וואַנאָוונא, און אַזוי, דאָס קיינער זאָל ניט זעהן, איהר פאַרשטעהט? דאָס איז ניט, גאָט ווייס, וואָס פאַר א גרויסער סעקרעט, דאָ איז גאָר־נישט פאַראַן אַזעלכעס... אבער... וועט איהר עס טאָן?

— מיר איז דאָס ניט אנגענעהם, — האָט געענטפערט דער פּירשט.

— אַך, פּירשט, איך דאַרף עס זעהר נויטיג! — האָט האַניאַ אָנ־געהויבען בעטען. — זי וועט אפשר ענטפערען... גלויבט מיר, אז איך האָב נאָר אין דעם סאַמע נויטיגסטען, זעהר נויטיגסטען פאַל, געקאָנט זיך ווענדען... מיט וועמען זאָל איך דען שיקען? דאָס איז זעהר וויכטיג... שרעקליך וויכטיג פאַר מיר...

— האַניאַ האָט זיך שרעקליך געשראָקען, אז דער פּירשט וועט ניט איינשטימען און מיט א פּייגער ביטע איהם געקוקט אין די אויגען.

— גוט, איך וועל איבערגעבען.

— אָבער נאָר אַזוי, אז קיינער זאָל ניט באַמערקען, — האָט זיך געבעטען דער פרעהליכער געוואָרענער האַניאַ — און נאָך עפּעס פּירשט, איך פאַרלאַז זיך דאָך אויף אייער עהרען־וואָרט. א יאָ?

— איך וועל קיינעם ניט ווייזען — האָט געזאָגט דער פּירשט.

— דאָס צעטעלע איז ניט פאַר'חתמ'עט, אָבער... — האָט זיך אויסגערעדט דער צופיעל צוטראַגענער האַניאַ און זיך פאַרשעמטער־הייט אָפּגעשטעלט.

— אָ, איך וועל ניט לייענען, — האָט גאַנץ איינפאַך געענטפערט דער פּירשט. גענומען דאָס בילד און ארויס פון קאַבינעט.

בלייבענדיג אליין, האָט האַניאַ זיך געכאַפּט פאַר'ן קאָפּ.

— איין וואָרט איהרער און איך... און איך וועל, מעגליך, איבער־רייסען!...

ער האָט פון צוטומעלטקייט און ערוואַרטונג שוין ניט געקאָנט נאָכאַמאָל זיך זעצן פאַר די פּאַפּירן. ער האָט גענומען אומבלאָנדזשען איבער׳ן קאַבינעט, פון ווינקעל צו ווינקעל.

דער פּירשט איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער. איהם האָט די שליחות אומאַנגענעהם געטראָפן. אומאַנגענעהם געטראָפן אויך דער געדאַנק וועגן דעם צעטעלע פון האַניאַ צו אַגלאַיאַ׳ן. נאָר זייענדיג נאָך מיט צוויי צימערן ווייט פון גאַסט־צימער, האָט ער זיך פּלוצלונג אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָהנט, זיך אַרומגעקוקט פון אַלע זייטען, צוגעקומען צום פענסטער, נעהענטער צום ליכט און גענומען קוקען אויפ׳ן בילד פון נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ.

איהם האָט זיך ווי געוואָלט צו דערגעהן עפּעס, וואָס ליגט באַהאַלטען אין דעם דאָזיגען פּנים, וועלכער האָט איהם פריהער איבערראַשט. דער פריהערדיגער איינדרוק האָט איהם כמעט ניט אָפּגעלאָזט, און איצט האָט ער בלויז זיך געאיילט דאָס צו באַשטעטיגען. אָט דער אומגעוועהנליכער אין זיין שעהנקייט פּנים און נאָך צוליעב עפּעס, האָט איהם איצט נאָך מעהר איבערראַשט.

עפּעס ווי אַ ניט אומפּאַסענדער שטאָלץ און פאַראַכטונג, כמעט האַס, איז געווען אין דעם דאָזיגען פּנים, און אין דער זעלבער צייט עפּעס וואָס צוטרויליכעס, עפּעס וואָס וואונדערליך ריין־האַרציגעס; אָט די צוויי קאָנטראַסטען האָבען אין איהם קוקענדיג אויף דעם פּנים געוועקט עפּעס אויך עהנליכעס ווי מיטלייד. אָט די דאָזיגע בלענדענדע שעהנקייט איז אפילו געווען אונערטרעגליך. די שעהנקייט פון בלאַסען פּנים, כמעט איינגעפאַלענע באַקען, און ברענענדע אויגען; אַ מאָדנע שעהנקייט! דער פּירשט האָט געקוקט אַ ווייַלע, דערנאָך פּלוצלונג זיך אויפגעכאַפּט, זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען, איילענדיג דערנעהנטערט דאָס בילד צו די ליפּען און איהם אַ קוש געטאָן, ווען ער איז אין אַ מינוט אַרום אַריין אין גאַסט־צימער, איז זיין פּנים געווען אינגאַנצען אַ רוהיגער.

אָבער ווי נאָר ער איז צוגעקומען צום גאַסט־צימער (נאָך מיט איין צימער ווייט פון גאַסט־צימער,) האָט זיך מיט איהם אין טהיר כמעט צוזאַמענגעשטויסען די אַריינגעהענדע אַגלאַיאַ. זי איז געווען אַליין.

— גאַווריִלאַ ארדאַליאָנאָוויטש האָט מיך געבעטען דאָס אייך איי־בערגעבען, — האָט דער פירשט געזאָגט, דערלאַנגענדיג דאָס צעטעלע.

אַגלאַיאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט, גענומען דאָס צעטעלע און עפּעס מאָדנע א קוק געטאָן אויפ'ן פירשט. קיין פאַרווירונג איז ניט געווען אין איהר בליק, אויסער וואָס עס האָט אַרויסגעקוקט עפּעס א מין פאַר־וואונדערונג, און דאָס אויך נאָר וואָס באַלאַנגט דעם פירשט. אַגלאַיאַ האָט מיט איהר בליק ווי געפאָדערט פון איהם א רעכענונג. אויף וואָס פאַר אַ אופן האָט ער זיך געפונען אין דער זאַך צוזאַמען מיט האַ־ניאַ'ן? און געפאָדערט האָט זי רוהיג און פון אויבען אַראָפּ. זיי זיינען אַזוי געשטאַנען א צוויי־דריי מינוטען איינער אַנטקעגען דעם צווייטען; ענדליך האָט זיך עפּעס אָפּלאַכענדעס קוים קוים באַצייכענט אויף איהר פּנים; זי האָט לייכט א שמייכעל געטאָן און איז פאַרבייגע־גאַנגען.

די גענעראַלשע האָט א שטיקעל צייט, שווייגענדיג און געוויסער־מאַסען, אויך מיט א שאָטען פון פאַראַכטונג געקוקט אויפ'ן בילד פון נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ, וועלכען זי האָט געהאַלטען פאַר זיך אין דער אויסגעשטרעקטער האַנט, זעהר עפעקטנע, איהם דערווייטערענדיג פון די אויגען.

— יאַ, זי איז שעהן, — האָט זי ענדליך אַרויסגערעדט, — אפילו זעהר שעהן. איך האָב זי געזעהן צוויי מאָל, נאָר פון וויטען. הייסט עס, אַז אַזאַ שענקט געפעהלט אייך, — האָט זי זיך פּלוצלונג גע־ווענדט צום פירשט.

— יע... אַזאַ... — האָט געענטפערט דער פירשט, געוויסערמאַ־סען מיט אָנשטרענגונג.

— דאָס הייסט נאָר אַזאַ?

— נאָר אַזאַ.

— פאַרוואָס?

— אין דעם געזיכט... איז דאָ אסך ליידען... — האָט אַרויסגע־זאָגט דער פירשט, אַזוי ווי ניט ווילענדיג, אַזוי ווי מיט זיך אַליין רע־דענדיג און ניט אויף דער פראַגע ענטפערענדיג.

— ס'קאָן געבען, מעגליך. אַז איהר פאַנטאַזירט, — האָט די גע־נעראַלשע באַשלאָסען און מיט א שטאָלצען קעהר א וואָרף געטאָן דאָס

בילד אויפ׳ן טיש. אלעקסאנדרא האט עם גענומען, צו איהר איז צו־געקומען אדעלאידא.ביידע האבען גענומען באקוקען. אין דער מינוט איז אגלאיא צוריקגעקומען אין גאסט־צימער.

— וואס פאר א קראפט! — האט פלוצלונג אויסגערופען אדע־לאידא, מיט גרויס חשק אריינקוקענדיג אין בילד הינטער דער שוועס־טערס פלייצע.

— וואו? וואס פאר א קראפט! — האט שארף געפרעגט לי־זאוועטא פראקאפיעוונא.

— אזא שעהנקייט — איז א קראפט, — האט היציג געזאגט אדעלאידא — מיט אזא שעהנקייט קאן מען א וועלט איבערקעהרען!

זי איז פארטראכטערהייט אפגעגאנגען צו איהר מאהלברעט. אג־לאיא האט א קוק געטאן אויפ׳ן בילד אזוי אויף שנעל, האט צוזאמענ־געדריקט די אויגען, ארויסגערוקט די אונטערשטע ליפעל, אוועק, און זיך געזעצט אן א זייט, פארלעגענדיג די הענט.

די גענעראלשע האט אנגעקלונגען.

— רופט אריין אהער גאווריל ארדאליאנאוויטש, ער איז אין קאבינעט, — האט זי באפוילען דעם אריינקומענדען דינער.

— מאמע! — האט באדייטונגספאל אויסגערופען אלעקסאנדרא.

— איך וויל איהם בלויז זאגען א פאר ווערטער — נ י ט מעהר! — האט שנעל אפגעשניטען די גענעראלשע, ניט דערלאזענ־דיג קיין ווידערשפרוכען. זי איז קענטיג געווען אין כעס. — ביי אונז, פירשט, זעהט איהר, איז איצט אלץ סודות, אלץ סודות! אט אזוי פאדערט עפעס אזא עטיקעט. נארישקייטען, און דאס איז אין אזא זאך אין וועלכען עס פאדערט זיך, אמעהרסטען אפענהערציגקייט. קלאהרקייט, עהרליכקייט. עס הויבען זיך אן חתונות. מיר געפעהלען ניט די חתונות...

— מאמע! וואס איז דאס מיט אייך? — האט ווידער אלעק־סאנדרא זי געאיילט אפצושטעלען.

— וואס איז דיר, טייערע טאכטערל! דיר אליין געפעהלען זיי דען? און דאס וואס דער פירשט הערט, זיינען מיר דאך פריינד. איך מיט איהם אמווינציגסטען. געווייס וויל גאט מענשען. גוטע, אבער שלעכטע און קאפריזנע דארף ער ניט. דערהויפט קאפריזנע, וועלכע באשליסען היינט איין זאך, און מארגען זאגען זיי א צווייטע זאך. פאר־

שטעהט איהר אַלעקסאַנדרא איוואַנאָוונא? זיי, פירשט, זאָגען, אַז איך בין א טשודאַטשקע, אבער איך קען אונטערשיידען. ווייל די הויפּט־זאַך איז דאָס האַרץ. דאָס איבעריגע איז דומהייט. געוויס דאַרף מען אויך האָבען שכל... אפשר איז גאַר שכל די הויפּט־זאַך. לאַך ניט, אַגלאַיאַ, איך ווידערשפּרעך זיך ניט: א נאַר מיט א האַרץ איז פּונקט אַזאַ אומגליקליכער נאַר ווי א נאַר מיט שכל און אָהן א האַרץ אַן אַלטער אמת. אַט בין איך א נאַר מיט א האַרץ אָהן שכל און דו ביסט א נאַר מיט שכל און אָהן א האַרץ. מיר ביידע זיינען אומגליקליכע, מיר ביידע ליידען.

— מיט וואָס זייט איהר דאָס אַזוי אומגליקליך, מאַמע? — האָט זיך ניט איינגעהאַלטען אַדעלאַידאַ, די איינציגע, דוכט זיך, פון דער גאַנצער קאָמפּאַניע וועלכע האָט ניט פאַרלאָרען איהר פרעהליכע שטימונג.

— ערשטענס, פון די געלעהרטע טעכטער, — האָט אָפּגעשניטען די גענעראַלשע — און אַזוי ווי דאָס אַליין איז שוין גענוג, איז שוין וועגען די איבעריגע זאַכען ניט נויטיג זיך פאַנאַנדערצושפּרייטען. מען האָט שוין גענוג גערעדט. מיר וועלען זעהן ווי אַזוי איהר ביידע, (אַגלאַיאַ'ן רעכען איך ניט) מיט אייער שכל און פיעל־ריידערייע וועט זיך אויסדרעהען, און צי וועט איהר, פיעל געאַכטעטע אַלעקסאַנדרא איוואַנאָוונא זיין גליקליך מיט אייער געעהרטען הער? א!... — האָט זי אויסגערופען, דערזעהענדיג דעם אריינקומענדען האַניאַ'ן. — אַט געהט נאָך א הייראַטס־בונד! א גוטער מאָרגען! — האָט זי געענטפערט אויף האַניאַ'ס באַגריסונג, ניט בעטענדיג איהם זיך זעצען.— איהר קלייבט זיך חתונה האָבען?

— חתונה האָבען? ווי אַזוי? מיט וועמען? — האָט געמורמעלט דער צוטומעלטער גאַווריל אַרדאַליאָנאָוויטש. ער האָט זיך זעהר צומישט.

— איהר הייראַטה? פרעג איך, אויב אייך געפעהלט בעסער דער אויסדרוק.

— נ־נ־יין!... איך... נ־ניין! — האָט געזאָגט א ליגען גאַווריל אַרדאַליאָנאָוויטש, און די פאַרב פון בושה האָט איהם פאַרגאָסען דעם פּנים. ער האָט פאַרביילויפענדיג א קוק געטאָן אויף דער אָן א זייט זיצענדער אַגלאַיאַ'ן, און שנעל אָפּגעקעהרט די אויגען. אַגלאַיאַ האָט

קאַלט, דורכדרינגענדיג, רוהיג אויף איהם געקוקט, ניט אָפּרייסענדיג די אויגען און באַטראַכטענדיג זיין צוטומעלטקייט.

— ניין? איהר האָט געזאָגט: ניין? — האָט מיט עקשנות איהם אויסגעפרעגט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ — גענוג, איך וועל געדענקען, אַז היינט, מיטוואָך, אין דער פריה, אויף מיין פראַגע האָט איהר מיר געזאָגט: „ניין" וואָס איז ביי אונז היינט, מיטוואָך?

— דוכט זיך, מאַמע, אַז מיטוואָך, — האָט געענטפערט אַדעלאַידאַ.

— קיינמאָל ווייסען זיי ניט וואָס פאַר אַ טאָג, וועלכער דאַטום?

— דער זיבען און צוואַנציגסטער, — האָט געענטפערט גאַניאַ.

— דער זיבען און צוואַנציגסטער? דאָס איז לויט אַ געוויסע רעכענונג, זעהר פיין. געהט געזונטערהייט. איהר זייט, דאַכט זיך, שטאַרק באַשעפטיגט, און מיר איז שוין צייט זיך אָנטאָן און פאָהרען. נעהמט מיט אייער בילד. גיט איבער מיין גרוס דער אומגליקליכער נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. אויפ׳ס ווידערזעהן, פירשט — ליבענקער! קום אַריין וואָס אָפטער! און איך וועל צו דער אַלטיטשקער בעלאָקאָנסקאַי ספּעציעל צופאָהרען צו דערצעהלען וועגען דיר. און הערט מיך אויס טהייערער: איך גלויב, אַז גאָט האָט אייך זיכער נאָר צו־ליעב מיר געבראַכט אין פּעטערבורג פון דער שווייץ. אפשר וועט איהר אויך האָבען אַנדערע אינטערעסען, נאָר די הויפּטזאַך, — איז צוליעב מיר. גאָט האָט טאַקע געווים אַזוי אויסגערעכענט. אויפ׳ס ווידערזעהן, ליבענקע. אַלעקסאַנדראַ קום אַריין צו מיר, פריינד מיינער!

די גענעראַלשע איז אַרויס. גאַניאַ אַ פאַרלאָרענער, אַ צעראָרענדיגער, האָט גענומען דאָס בילד פון טיש און מיט אַ צוקרימטען שמייכעל זיך געווענדט צום פירשט.

— איך געה באַלד אַהיים. ווען איהר האָט ניט געביטען אייער באַשלוס צו וואוינען ביי אונז, וועל איך אייך צופיהרען, ווייל איהר ווייסט דאָך אפילו דעם אַדרעס ניט.

— וואַרט אויף, פירשט, — האָט געזאָגט אַגלאַיאַ, זיך פּלוצלונג אויפהויבענדיג פון איהר שטוהל. — איהר וועט מיר נאָך אין אַלבאָם אנשרייבען. דער פּאַפּאַ האָט געזאָגט, אַז איהר זייט אַ קאַליגראַף. איך וועל אייך באַלד ברענגען.

און זי איז אַרויס.

— אויפ'ס ווידערזעהן פירשט, און איך געה אויך אוועק, — האָט געזאָגט אַדעלאַידאַ. זי האָט פעסט געדריקט דעם פירשט'ס האַנט. גאַסטפריינדליך און ליעבליך צו איהם א שמייכעל געטאָן און איז אַרויס. אויף האַניאַ'ן האָט זי ניט א קוק געטאָן.

— דאָס האָט איהר, — האָט, ווי נאָר אַלע זיינען אַרויס, האַניאַ געקריצט מיט די ציין, פלוצלונג אַרויפוואַרפענדיג זיך אויפ'ן פירשט. — דאָס האָט איהר, זיי אויסגעפּלוידערט, אַז איך געה חתונה האַבען! — האָט ער געמורמעלט אין א שנעלען האַלב־שעפּטשען, מיט א ווילדען פּנים און בייז בליצענדיג מיט די אויגען — איהר זייט אַן אומפאַרשעהמטער פּלוידערזאַק!

— איך פאַרזיכער אייך, אַז איהר מאַכט א טעות, — האָט רוהיג און עדעל געענטפערט דער פירשט — איך ווייס אפילו ניט, אַז איהר קלייבט זיך הייראַטען.

— איהר האָט פריהער געהערט, ווי איוואַן פיאָדאָראָוויטש האָט געזאָגט, אַז היינט אַבענט וועט אַלץ געשלאָסען ווערען ביי נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ, — האָט איהר עס איבערגעגעבען! איהר זאָגט ליגען! פון וואַנען האָבען זיי זיך געקאָנט דערוויסען? ווער האָט צום טייוועל, דאָס זיי געקענט איבערגעבען אויסער אייך? האָט דען די אַלטע מיר ניט געגעבען אַנצוהערעניש?

— איהר דאַרפט בעסער וויסען, ווער עס האָט איבערגעגעבען, ווען אייך דאַכט זיך בלויז אַז מען האָט אייך געגעבען אַנצוהערעניש. איך האָב קיין וואָרט וועגען דעם ניט גערעדט.

— האָט איהר איבערגעגעבען דעם צעטעלע? אַן ענטפער? — האָט מיט א היציגער אומגעדולדיגקייט איהם האַניאַ איבערגעשלאָגען. נאָר אין דער זעלבער מינוט איז צוריק געקומען אַגלאַיאַ און דער פירשט האָט גאָר קיין צייט ניט געהאַט צו ענטפערען.

— אָט האָט איהר, פירשט, — האָט געזאָגט אַגלאַיאַ, אַוועקלעגענדיג אויפ'ן טישעל איהר אַלבאָם — קלייבט אייך אויס א זייט און שרייבט מיר עפּעס אָן. אָט האָט איהר א פעדער און דערצו נאָך א נייע. מאַכט ניט אויס וואָס עס איז פון שטאָהל? איך האָב געהערט, אַז קאַליגראַפען שרייבען ניט מיט קיין שטאָהלענע פעדערס.

רעדענדיג מיט'ן פירשט, האָט זי כמעט ווי ניט באַמערקט, אַז האַניאַ איז אויך דאָ. נאָר ביז וואַנען דער פירשט האָט פאַרריכט די

פעדער, אויסגעזוכט א זייט אין אלבאם, און זיך צוגעגרייט, איז האַ־ניא צוגעגאַנגען צום קאַמין, וואו ס׳איז געשטאַנען אַגלאַיא, גלייך פון דער רעכטער זייט פונ׳ם פירשט, און מיט א ציטערדיגער, אָפּגעהאַק־טער שטימע איהר שיעור ניט אריינגעזאָגט אויפ׳ן אויער.

— איין וואָרט. איין וואָרט נאָר פון אייך, — און איך בין גע־ראַטעוועט.

דער פירשט האָט זיך האַסטיג אומגעדרעהט און א קוק געטאָן אויף ביידען.

האַניא׳ס פּנים האָט אויסגעדריקט אמת׳ע פאַרצווייפלונג, עס האָט זיך געדוכט, אז ער האָט אַרויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער ווי ניט טראַכטענדיג, ווי פאַרלירענדיג איינגאַנצען דעם קאָפּ. אגלאַיא האָט אויף איהם געקוקט עטליכע סעקונדען, כמעט מיט דער זעלבער רוהי־גער פאַרוואונדערונג אזוי ווי פריהער אויפ׳ן פירשט, און עס האָט זיך געדוכט, אז די דאָזיגע רוהיגע פאַרוואונדערונג איהרע, אָט דער דאָזיגער אומבאַגרייפען, כמעט דאָס פולע אומפאַרשטענדעניס, פון דעם וואָס מען זאָגט איהר, איז אין דער מינוט געווען שרעקליכער פאַר האַניא׳ן ווי די שטאַרקסטע פאַראַכטונג.

— וואָס זשע זאָל איך אָנשרייבען? — האָט געפרעגט דער פירשט.

— איך וועל אייך באַלד דיקטירען, — האָט געזאָגט אַגלאַיא זיך איבערדרעהענדיג צו איהם, — איהר זייט פאַרטיג? שרייבט זשע: „איך טו ניט קיין געשעפטען" — איצט שרייבט אונטער דעם דאַטום און דעם מאָנאָט. ווייזט.

דער פירשט האָט איהר איבערגעגעבען דעם אלבאָם.

— אויסגעצייכענט! איהר האָט וואונדערליך אָנגעשריבען, איהר האָט א וואונדערליכע האַנטשריפט! איך דאַנק אייך. אויפ׳ם ווידער־זעהן, פירשט... וואַרט נאָר, — האָט זי צוגעגעבען, אזוי ווי פּלוצלונג אַז עפּעס דערמאָנענדיג זיך, — קומט, איך וויל אייך עפּעס שענקען, צום אנדענקען.

דער פירשט איז איהר נאָכגעגאַנגען. נאָר אריינקומענדיג אין עס־צימער האָט זיך אַגלאַיא אָפּגעשטעלט.

— לעזט עס דורך, — האָט זי געזאָגט, דערלאַנגענדיג איהם האַ־ניא׳ס צעטעלע.

דער פירשט האָט גענומען דאָס צעטעלע און מיט צווייפעל גע־קוקט אויף אַגלאַיאַ׳ן.

— איך ווייס דאָך, אַז איהר האָט עס ניט געלעזען, און איהר קענט ניט זיין דער אנפאַרטרויטער פון דעם דאָזיגען מענשען. לייענט, איך וויל איהר זאָלט עס לייענען:

דאָס צעטעלע איז, ווי עס ווייזט אויס, געוועזן אָנגעשריבען אויף גיך:

„היינט באַשליסט זיך מיין גורל. איהר ווייסט אויף וואָס פאַר אַן אופן. היינט וועל איך דאַרפען געבען מיין וואָרט אויף אייביג. איך האָב ניט קיינע רעכטען אויף אייער מיטפיהלונג, איך וואָג ניט צו האָבען קיינע האָפענונגען, נאָר אַמאָל האָט איהר אויסגערעדט איין וואָרט, בלויז איין וואָרט, און דאָס וואָרט האָט באַלויכטען די גאַנצע שוואַרצע נאַכט פון מיין לעבען און איז געוואָרען מיין לייכט־טורעם. זאָגט מיר היינט נאָך אַזא וואָרט, — און ראַטעוועט מיך פון אונטער־גאַנג! זאָגט מיר נאָר: ר י י ס א ל ץ א י ב ע ר און איך וועל אַלץ איבעררייסען, היינט נאָך אפילו. אַ, וואָס קאָסט אייך צו זאָ־גען דאָס! מיט דעם וואָרט בעט איך ביי אייך בלויז דעם צייכען פון אייער מיטפיהלונג און מיטלייד צו מיר — דאָס גאָר, דאָס גאָר! און ניט מעהר, נ י ט מ ע ה ר! איך וואָג ניט צו ערוואַרטען אויף עפּעס אַ האָפענונג, ווייל איך בין נ י ט ווערטה. נאָר נאָך אייער וואָרט וועל איך צוריק אויפנעהמען מיין אומגליק. איך וועל מיט פרייד נעהמען איבערטראָגען די פאַרצווייפעלטע לאַגע מיינע. איך וועל אויפנעהמען אַ קאַמפף. איך וועל מיט איהם זיין צופריעדען, איך וועל אין איהם אויפלעבען מיט נייע קרעפטען.

„שיקט־זשע מיר צו דאָס וואָרט פון מיטלייד (איך שווער אייך, אַז ב ל ו י ז נאָר פון מיטלייד!) ווערט ניט אין כעס, אויף דער חוצפה פון אַ פאַרצווייפעלטען, און אַ טרינקענדען. דערפאַר וואָס ער האָט געוואָגט צו מאַכען די לעצטע אָנשטרענגונג, אום זיך צו ראַטע־ווען פון אונטערגאַנג.

ג. א.

— אָט דער מענש, וויל מאַכען צו גלויבען, — האָט בייסענד געזאָגט אַגלאַיאַ, ווען דער פירשט האָט געענדיגט לעזען — אַז דאָס

ווארט: „רייסט אלץ איבער“ וועט מיך קאָמפּראָמענטירען און ניט פאַרבינדען מיט גאַרנישט, און ער אליין גיט מיר אין דעם, ווי איהר זעהט, אַ שריפטליכע גאַראַנטי מיט אַט דעם צעטעלע אליין טאַקע. באַמערקט נאָר, ווי נאַאיוו ער האָט זיך דאָס געאיילט אונטערצושטריי־כען איינציגע ווערטעלאַך, און ווי גראָב עס קוקט אַרויס זיין הינטער־געדאַנק. איבעריגענס, ווייס ער, אַז ווען ער זאָל אַלץ איבעררייסען, אָבער ער, אליין, ניט וואַרטענדיג אויף מיין וואָרט און אפילו ניט רעדענדיג צו מיר וועגען דעם, וואָלט איך דאַן איבערגעביטען מיינע געפיהלען צו איהם און, עס קען געבען, אפילו געוואָרען זיין פריינד. ער ווייס דאָס אויף זיכער! נאָר זיין נשמה איז אַ בלאָטיגע: ער ווייס און קען זיך ניט באַשליסען. ער ווייס, נאָר פונדעסטוועגען בעט ער אַ גאַראַנטי. אַז ער זאָל זיך באַשליסען צו האָבען צוטרויען צו יענעם דאָס קאָן ער ניט. ער וויל, אַז איך זאָל איהם אויפ'ן פלאַץ פון די הונ־דערט טויזענט, גיבען אַ האָפענונג אויף מיר, און וואָס עס געהערט זיך, פון וועלכען ער רעדט אין צעטעלע, און וועלכער האָט ווי באַ־לויכטען זיין לעבען. איז דאָס אַ חוצפּה'דיגער ליגען. איך האָב איינ־מאָל איינפאַך אויף איהם רחמנות געהאַט. אָבער ער איז חוצפּה'דיג און שעהמלאָז: ביי איהם האָט דאַן גלייך אויפגעבליצט אַ געדאַנק וועגען דער מעגליכקייט פון אַ האָפענונג. איך האָב דאָס גלייך פאַר־שטאַנען. פון דאַן אַן האָט ער מיך אָנגעהויבען כאַפּען; ער כאַפּט אויך איצט, נאָר געניג. נעמט און גיט איהם איבער דאָס צעטעלע צו־ריק, טאַקע גלייך שוין, ווי איהר וועט אַרויס פון אונזער הויז, עס פאַר־שטעהט זיך ניט פריהער.

— און וואָס זאָגען איהם אלס ענטפער?

— גאָרנישט, פאַרשטעהט זיך. דאָס איז דער סאַמע בעסטער ענטפער. און איהר, הייסט עס, ווילט עס טאַקע וואוינען ביי איהם אין הויז?

— מיר האָט עס אַט ערשט איוואַן פּיאָדראָוויטש אליין געראָ־קאָמענדירט, — האָט געזאָגט דער פירשט.

— טאָ היט זיך פון איהם. איך מאַך אייך אויפמערקזאַם, ער וועט אייך איצט ניט פאַרגעבען, וואָס איהר ברענגט איהם צוריק דאָס צעטעלע.

אַגלאַיאַ האָט אַ לייכטען דריק געטאָן די האַנט פון'ם פירשט

און איז אַרוים. איהר געזיכט איז געווען ערנסט און אָנגעוואָלקענט. זי האָט אפילו קיין שמייכעל ניט געטאָן, ווען זי האָט א שאָקעל געטאָן דעם פירשט מיט'ן קאָפּ ביים געזעגענען זיך.

— איך וועל נאָר נעהמען מיין פּעקעלע, — האָט געזאָגט דער פירשט צו האַניא'ן — און מיר וועלען געהן.

האַניא האָט א טופּע געטאָן מיט'ן פוס פון אומגעדולד. זיין פּנים איז אַזש שוואַרץ געוואָרען פון רציחה. ענדליך זיינען זיי ביידע אַרוים אין גאַס, דער פירשט מיט זיין פּעקעלע אין האַנט.

— דער ענטפער ? דער ענטפער ? — האָט זיך אויף איהם אַרויפ־געוואָרפען האַניא : — וואָס האָט זי אייך געזאָגט ? איהר האָט אי־בערגעגעבען דעם בריעף ?

דער פירשט האָט אהן ווערטער איהם איבערגעגעבען זיין צע־טעלע. האַניא איז פאַרגליווערט געוואָרען.

— וואָס ? מיין צעטעלע ? — האָט ער אויסגעשריען — ער האָט עס איהר ניט איבערגעגעבען ! אַ, איך האָב דאָס געדאַרפט פאַראויס־זעהן ! אַ, פאַרשאָלטע... פאַרשטעהט זיך, אַז זי האָט פריהער גאָר ניט פאַרשטאַנען. אבער ווי אַזוי, ווי אַזוי, און ווי אַזוי האָט איהר עס ניט איבערגעגעבען, אַ פאַר—שאָל—טע...

— ענטשולדיגט מיר, פאַרקעהרט, מיר איז גליידך געלונגען איהר איבערצוגעבען אייער צעטעלע, אין דער זעלבער מינוט, ווען איהר האָט געגעבען און פּונקט אַזוי ווי איהר האָט געבעטען. דאָס צעטעלע האָט זיך ביי מיר ווידער געטראָפען, ווייל אַגלאַיאַ איוואַנאָווגאַ האָט עס מיר תיכף אָפּגעגעבען צוריק.

— ווען ? ווען ?

— גלייך ווען איך האָב געענדיגט שרייבען אין אַלבאָם, און ווען זי האָט מיך איינגעלאַדען צו זיך. (איהר האָט געהערט ?) מיר זיינען אַריין אין עס־צימער, זי האָט מיר דערלאַנגט דעם צעטעלע, געהייסען איבערלעזען און געהייסען אייך אָפּגעבען צוריק.

— אי—בער—לע—זען ! — האָט אויסגעשריען האַניא, שיעור ניט מיט'ן גאַנצען האַלז — איבערלעזען ! איהר האָט געלייענט ?

און ער איז ווידער געבליבען שטעהן א פאַרגליווערטער אינמיטען פון טראָטואַר, נאָר אויף אַזוי פיעל, אַז ער האָט אַזש געעפענט דעם מויל.

— יע, איך האָב ערשט געלייענט.

— און זי האָט עס אייך אליין, אליין געגעבען לעזען, אליין?

— אליין, און גלויבט מיר, אז איך וואָלט עס אָהן איהר ער־לויבעניש ניט אָנגעהויבען צו לעזען.

האניא האָט א ווײלע געשוויגען און מיט א שרעקליכער אָנשטרענ־גונג עפּעס געטראכט, נאָר פּלוצלונג האָט ער אויסגעשריען:

— דאָס קאָן ניט געבען! זי האָט אייך ניט געקענט הייסען אי־בערלעזען! איהר זאָגט ליגען! איהר האָט אליין דורכגעלייענט!

— איך זאָג דעם אמת, — האָט געענטפערט דער פירשט, מיט א גאַנץ רוהיגען טאָן — און גלויבט: מיר טוט זעהר לייד, וואָס דאָס מאכט אויף אייך אזא אומאנגענעהמען איינדרוק.

— נאָר אומגליקליכער, האָט זי דאָך אמווינציגסטענס אייך עפּעס געזאָגט דערביי? עפּעס האָט זי דאָך געמוזט ענטפערען?

— נו, געוויס.

— טאָ רעדט־זשע, רעדט. אַ, טייוועל!

און האניא האָט צוויי מאָל א טופּע געטאָן אויפ׳ן טראָטואר מיט דער רעכטער פוס, וועלכע איז געווען אָנגעטאָן אין א קאַלאָש.

— גלייך ווי איך האָב נאָר דורכגעלייענט, האָט זי מיר געזאָגט, אז איהר ווילט זי כאַפּען. אז איהר ווילט זי קאָמפּראָמענטירען אַזוי, אז איהר זאָלט ביי איהר ארויסקריגען די האָפענונג, צוליעב דעם, אז ווען איהר וועט זיך אָנשפּארען אויף דער האָפענונג, צוצורייסען אָהן א פארלוסט די צווייטע האָפענונג אויף די הונדערט טויזענט, אז ווען איהר וואָלט עס געטאָן, ניט דינגענדיג זיך מיט איהר, איהר וואָלט אליין צוריסען ניט בעטענדיג ביי איהר פריהער קיין גאראנטי, וואָלט זי אפשר געוואָרען אייער פריינד. אָט דאָס דוכט זיך, איז אלעס, וואָס זי האָט געזאָגט. יע, נאָך עפּעס: ווען איך האָב זי געפרעגט, ווען איך האָב שוין גענומען דאָס צעטעלע, און וואָס זשע איז דער ענטפער? דאן האָט זי געענטפערט, אז אָהן אן ענטפער וועט זיין דער סאמע בעסטער ענטפער. — דוכט זיך אזוי; ענטשולדיגט אויב איך האָב פארגעסען איהר ריכטיגען אויסדרוק, איך גיב איבער ווי אַזוי איך האָב אליין פארשטאַנען.

א גרענצלאָזער כעס האָט באהערשט האניא׳ן, און זיין רציחה האָט זיך ארויסגעריסען אָהן אן אפּהאַלט:

— א, הייסט עס אזוי? — האָט ער געקריצט מיט די ציין — אָט אזוי ווארפט מען עס מיינע צעטעלאך דורכ'ן פענסטער! זי וויל אין מסחרים ניט געהן — וועל איך געהן! און מיר וועלען זעהן! איך האָב נאָך גענוג צו באווייזען! מיר וועלען זעהן! אין ד'י הערנער פון א באק וועל איך ארייניאָגען!

ער האָט זיך געקרימט, געבלייכט, געשוימט, ער האָט געסטראַ־שעט מיט א פויסט. אָט אזוי זיינען זיי געגאַנגען עטליכע טריט. פאר דעם פירשט האָט ער זיך כמעט גאר ניט געצערעמאָניעט, פונקט ווי ער וואָלט געווען אליין אין זיין צימער, ווייל ער האָט איהם געהאלטען פאר דעם העכסטען גארנישט. נאָר פלוצלונג איז איהם עפּעס איינ־געפאלען און ער איז צו זיך געקומען.

— אָבער ווי אזוי קומט עס, — האָט ער זיך פלוצלונג געווענדט צום פירשט — ווי אזוי קומט עס, אז איהר (אַן אידיאָט! האָט ער צוגעגעבען פאר זיך.) אז איהר זאָלט פלוצלונג קריגען אזא צוטרויען, צוויי שטונדע נאָך דער ערשטער באקאנטשאפט? ווי אזוי קומט עס?

צו אלע זיינע ליידען האָט נאָך געפעהלט די אייפערזוכט, זי האָט פלוצלונג איהם א ביס געטאָן אין סאמע הארצען.

— דאָס וועל איך אייך שוין ניט קאָנען ערקלעהרען, — האָט געענטפערט דער פירשט.

האָניא האָט צאָרענדיג אויף איהם א קוק געטאָן:

— האָט זי עס אָפּט אייך ניט גערופען אין עס־צימער אום צו שענקען אייך איהר צוטרויען? זי האָט זיך דאָך אייך געקליבען עפּעס שענקען?

— איך פאַרשטעה אויך ניט אנדערש, ווי נאָר אַזוי.

— אָבער דאן, פרעגט זיך, פארוואס צום טייפעל! וואס האָט איהר דאָרטען אזוינס געטאָן? מיט וואס זייט איהר געפעהלען גע־ווארען? הערט מיך אויס, האָט ער זיך געקאָכט מיט אלע כחות (אין דער מינוט איז אליץ אין איהם געוואָרען פאנאנדערגעוואָרפען, און גע־זאָדען פון אומאָרדנונג, אזוי דאָס ער האָט אפילו ניט געקענט צוזאַ־מענקלייבען זיינע געדאנקען). הערט, קענט איהר כאָטש ווי־ס'ניט־איז זיך דערמאָהנען און איבערגעבען מיט א סדר. וועגען וואָס אויס־דריקליך האָט איהר דאָרטען גערעדט, אלע ווערטער פון סאמע אָנ־הויב? האָט איהר ניט באמערקט עפּעס? דערמאָהנט איהר זיך ניט?

— אָ, איך ווייס זעהר, — האָט געענטפערט דער פירשט, — פון סאמע אָנהויב ווען איך בין אריינגעקומען און זיך באקאנט, האָבען מיר אָנגעהויבען רעדען וועגען דער שווייץ.

— פו, צום טייפעל מיט דער שווייץ!

— דערנאָך וועגען טויט־שטראָף...

— וועגען טויט־שטראָף?

— יע, צוליעב א געוויסער אורזאכע... דערנאָך האָב איך זיי דערצעהלט וועגען דעם, ווי אזוי איך האָב דאָרטען אָפּגעלעבט דריי יאָהר און א געשיכטע מיט איינער אָן אָרימער דאָרף־מיידעל...

— נו, צום טייפעל מיט דער דאָרף־מיידעל! ווייטער! — האָט זיך געריסען איין אומגעדולד האניא.

— דערנאָך, ווי אזוי שניידער האָט מיר ארויסגעזאָגט זיין מיינונג וועגען מיין כאראקטער און ער האָט מיך געצוואונגען...

— זאָל שניידער ברעכען דעם קאָפּ און איך שפּיי אויף זיין מיינונג, ווייטער!

— ווייטער האָב איך צוליעב א געוויסער זאַך, אָנגעהויבען רעדען וועגען געזיכטער, דאָס הייסט, וועגען די אויסדרוקען פון געזיכטער, און איך האָב געזאָגט, אז אגלאיא איוואנאָוונא איז כמעט אזוי שעהן ווי נאסטאסיא פיליפּאָוונא, אָט דאָ האָב איך זיך דאָס אויסגעדעדט וועגען בילד...

— אָבער איהר האָט דאָך ניט איבערדערצעהלט, איהר האָט דאָך ניט איבערדערצעהלט דאָס וואס איהר האָט פריהער געהערט אין קאַבינעט? ניין? ניין?

— איך ווידערהאָל אייך, אז ניין.

— אָבער פון וואנען, טייפעל... בא! האָט אפשר אַגלאָיא געוויזען דעם צעטעלע דער אַלטער?

— אין דעם קען איך אייך זיכער גאראנטירען, אז זי האָט ניט געוויזען. איך בין די גאנצע צייט דאָ געווען; און זי האָט אויך ניט געהאט קיין צייט.

— נאָר אפשר האָט איהר אליין עפּעס ניט באמערקט... אָ, פאַרפלוכטער אידיאָט! — האָט ער אויסגעשריען שוין אינגאנצען ארויסגעהענדיג פון די כלים — אַפילו דערצעהלען האָט עס ניט וואס!

איינמאָל האָט האַניאַ אָנגעהויבען זיך זידלען און ניט באַגעגענט קיין ווידערשטאַנד, האָט ער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז פאַרלאָרען זיין איינגעהאַלטענקייט, ווי עס פיהרט זיך מיט געוויסע מענשען. נאָך אַביסעל, און ער וואָלט, קען געבען, זיך גענומען שפּייען, אויף אַזוי פיעל איז ער ווילד געוואָרען. נאָר טאַקע צוליעב דער דאָזיגער ווילד־קייט איז ער געוואָרען בלינד; ווען ניט, וואָלט ער שוין לאַנג באַ־מערקט, אַז דער דאָזיגער „אידיאָט", וועלכען ער באַהאַנדעלט אַזוי מואס, קען אַמאָל שוין עפּעס צו גיך און דין פאַרשטעהן און זעהר צופרידענשטעלענד איבערגעבען. נאָר פלוצלונג איז פאָרגעקומען עט־וואָס אומערוואַרטעטעס.

— איך מוז אייך מאַכען אויפמערקזאַם, גאַווריל אַרדאַליאָנאָ־וויטש, — האָט פלוצלונג דער פירשט געזאָגט — אַז איך בין פריי־הער טאַקע באמת געווען אַזוי אויף פיעל קראַנק, אַז איך בין אין אמת'ן געווען אַן אידיאָט; נאָר איצט בין איך שוין לאַנג געזונט גע־וואָרען, און דערפאַר איז מיר אַביסעל אומאַנגענעהם ווען מען רופט מיך אין די אויגען, אידיאָט. כאָטש אייך קען מען ענטשולדיגען, נעה־מענדיג אין אַנבאַטראַכט אייערע דורכפעלע, נאָר איהר האָט מיך, אין אייער צושטאַנד שוין צוויי מאָל אויסגעזידעלט. מיר ווילט זיך עס זעהר ניט. דערהויפּט ווען עס קומט אַזוי פלוצלונג, ווי פון אייך, פון דעם ערשטען מאָל; און אַזוי ווי מיר שטעהען איצט אויפ'ן קרייץ־וועג, וואָלט אפשר ניט געווען בעסער, אַז מיר זאָלען זיך פאַנאַנדער־געהן. איהר וועט אַוועק רעכטס צו זיך, און איך לינקס. איך האָב איצט פינף און צוואַנציג רובעל און איך וועל געוויס געפינען עפּעס אַ האָטעל.

האַניאַ איז שרעקליך צוטומעלט געוואָרען, און איז אפילו רויט געוואָרען פון שאַנד, וואָס מען האָט איהם אַזוי אומערוואַרטעט גע־כאַפּט.

— ענטשולדיגט, פירשט, — האָט ער וואַרים אויסגערופען. פלוצלונג איבערבייטענדיג זיין זידעל־טאָן אויף אַ זעהר העפליכען.—ווי גאָט איז אייך ליעב, ענטשולדיגט! איהר זעהט דאָך אין וואָס פאַר אַן אומגליק איך בין. און איהר ווייסט נאָך כמעט ניט אַלעס. אָבער ווען איהר ווייסט אַלעס, וואָלט איהר זיכער כאָטש אַביסעל מיך ענט־

שולדיגט, כאָטש עס פארשטעהט זיך, אז איך בין ניט ווערטה קיין ענטשולדיגונג.

— אָ, פאר מיר דארפט איהר ניט האָבען אזעלכע גרויסע ענט־שולדיגונגען, — האָט זיך געאיילט צו ענטפערען דער פירשט — איך פארשטעה דאָך, אז אייך איז זעהר ניט גוט, און דארום זידעלט איהר זיך. נו, קומט צו אייך, איך וועל מיט פארגעניגען...

— ניין, איהם קען מען היינט אזוי ניט אָפּלאָזען, — האָט גע־העגדיג, געטראכט פאר זיך האַניא, קוקענדיג בייז אויפ'ן פירשט.— אָט דער פלוט, האָט ביי מיר אלץ אויסגעפרעגט און דערנאָך, האָט ער פלוצלונג אראָפּגענומען די מאסקע... דאָס איז ניט אומזיסט... נאָר מיר וועלען זעהן, אלץ וועט זיך ענטשיידען, אלץ! טאקע נאָך היינט!

זיי זיינען שוין געשטאַנען לעבען סאמע הויז.

---

## אכטער קאַפּיטעל.

האַניא'ס קוואַרטיר האָט זיך געפונען אויפ'ן דריטען גאָרען, איי־בער א זעהר ריינעם ליכטיגען און ברייטען ארויפגאַנג, און איז באַ־שטאַנען פון זעקס אָדער זיבען צימערען און צימערלאך. איבעריגענס, פון די גאַנץ געוועהנליכע. נאָר אלענפאלס ניט נאָך דער קעשענע פון א טשינאָווניק מיט א פאַמיליע, וועלכער קריגט אפילו דריי טויזענט רובעל א יאָהר געהאַלט. אבער די קוואַרטיר איז געוועזען באַשטימט ארויסצוגעבען צו שכנים מיט עסען און באדינונג. און איז געוועזען פאַר־נומען פון האַניא מיט זיין פאַמיליע ערשט מיט א פּאָר מאָנאַטען צו־ריק, צו דער גרעסטער אומצופרידענהייט פון האַניא אליין, בלויז נאָר צוליעב דאָס באַשטעהן און פארלאַנגען פון נינא אלעקסאַנדראָוונא און וואַרוואַרא ארדאַליאָנאָיוונא, וועלכע האָבען אויך געוואָלט זיין נוצליך און כאָטש מיט וואָס ניט איז פארגרעסערן די איינקונפטען פון דער פאַמיליע. האַניא איז געוועזען בייז און האָט אָנגערופען דאָס האַלטען פון שכנים אלס א מאוס'קייט. ער האָט זיך פון דאָן אָן ווי געשעהמט

צו קומען אין דער געזעלשאפט וואו ער איז געוואוינט געווען צו ערשיינען אלס א יונגער מאַן מיט א געוויסען גלאַנץ און צור־קונפט. אַט די אלע נאָכגעבונגען וואס ער האָט נאָכגעגעבען דעם שיק־זאל און אַט די גאנצע ערגערליכע ענגשאפט — דאָס אלץ זיינען גע־ווען די טיעפע נשמה־וואונדען זיינע. שוין פון א שטיקעל צייט, האָט ער זיך אָנגעהויבען אויפרעגען פאַר יעדער קליינינקייט, אָהן מאָס און אָהן פּראָפּאָרציע, און ווען ער האָט נאָך איינגעשטימט אויף א גע־וויסער צייט צו דורכלאָזען און ליידען, איז דאָס דערפאַר, ווייל ביי איהם איז שוין געווען אפגעמאכט אין א קורצער צייט דאָס אלץ צו ענדערען און איבערמאכען.

און פונדעסטוועגען האָט די דאָזיגע ענדערונג גופא, אליין דער אויסגאַנג, אויף וועלכען ער האָט געהאָפט, איהם פאַרשאפט ניט קיין קליינע אויפגאבע. די לויזונג פון וועלכער עס האָט אויסגעוויזען צו זיין אסך שווערער, און פּיינליכער פון אלעם פאַרגאַנגענעם.

די קוואַרטיר האָט צוטהיילט א קאָרידאָר, וועלכער האָט זיך אָנ־געהויבען גלייך פון אריינגאַנג. פון איין זייט קאָרידאָר האָבען זיך געפונען יענע דריי צימערען, וועלכע זיינען געווען באַשטימט צום פאַר־דינגען, פאַר באַזאָנדערס גערעקאָמענדירטע שכנים; אויסער דעם, האָט זיך טאקע אין דער זעלבער זייט קאָרידאָר, ביי זיין סאמע ענד, לעבען קיך, געפונען א פערטער צימערל, קלענער פון אלע איבעריגע, אין וועלכען עס האָט געהאט פּלאַץ דער אויסגעדינטער גענעראל אליין, דער פאַטער פון דער פאַמיליע, און געשלאָפען האָט ער אויף א בריי־טער סאָפע, און קומען און אַרויסגעהן פון קוואַרטיר האָט ער געמוזט בלויז דורך דער קיך, דורך די הינטערשטע טרעפּ. אין דעם זעלבען צימערל האָט זיך אויך געפונען דער דרייצעהן יעהריגער ברודער פון גאוורילאַ ארדאַליאָנאָוויטש, דער גימנאַזיסט קאָליאַ, איהם האָט מען דאָ אויך באַשטימט צו לערנען, שלאָפען אויף א צווייטער, זעהר אלטער ענגער און קורצער סאָפקעלע, אויף א צולעכערטען ליי־לאַך, און די הויפּט־זאַך, נאָכגעהן און אכטונג געבען אויפ׳ן טאַטען, וועלכער האָט זיך אלץ ווייטער און ווייטער אָהן דעם ניט געקענט באַגעהן. דעם פירשט האָט מען באַשטימט דעם מיטעלען פון די דריי צימערען; אין דער ערשטער, רעכטס, האָט זיך געפונען פערדיס־טשענקאָ, און די דריטע לינקס, איז נאָך געשטאַנען א לעדיגע. נאָר

האניא האָט פריהער פון אלץ ארונטערגעפיהרט דעם פירשט אין דער פאמיליען־העלפט. די דאָזיגע פאמיליען־העלפט איז באשטאַנען פון אַ זאַל, וועלכער האָט זיך, ווען מען האָט באדארפט, פארוואנדעלט אין אן עס־צימער; אין אַ גאסט־צימער, וועלכער איז איבעריגענס בלויז געווען אַ גאסט־צימער אין דער פריה, און אין אבענט איז ער געוואָרען האניא׳ס קאבינעט און זיין שלאָף־צימער; און ענדליך פון אַ דריטען צימער, אן ענגען און שטענדיג פארמאכטען, דאָס איז גע־ווען דער שלאָף־צימער פון נינא אלעקסאנדראָווא און ווארוואַרא אר־דאליאנאָוונא. מיט איין וואָרט, אלץ אין דער קווארטיר האָט זיך גע־ענגט און געדריקט. האניא האָט נאָר פאָר זיך געקריצט מיט די ציין, און כאָטש ער איז געווען און געוואָלט זיין עהרווירדיג מיט דער מא־מען, נאָר פון דעם ערשטען טראָט האָט מען שוין געקענט זעהן, אז ער איז אַ גרויסער דעספּאָט אין דער פאמיליע.

נינא אלעקסאנדראָווא איז געווען אין גאסט־צימער ניט אליין. מיט איהר איז געזעסען ווארוואַרא ארדאליאנאָוונא: ביידע זיינען גע־ווען באשעפטיגט עפּעס מיט אַזאַ שטיקעריי, און האָבען געשמועסט מיט׳ן גאסט, מיט איוואַן פּעטראָוויטש פּטיצין. נינא אלעקסאנדראָ־ווא האָט אויסגעקוקט ווי אַ פרוי אין די פופציגער, מיט אַ דארען איינ־געפאלענעם פּנים, און מיט אַ שטארקער שווארצקייט אונטער די אויג־גען. אַן אויסזעהן האָט זי געהאַט אַ קרענקליכען און אביסעל אַ טרויערדיגען. נאָר דער פּנים און דער בליק זיינען געווען גאַנץ אנגענעהם; פון די ערשטע ווערטער האָט מען שוין גלייך געקענט מערקען, אַז ערנסטען כאראקטער און פול מיט אמת׳ער ווירדיגקייט. ניט קוקענ־דיג אויפ׳ן טרויערדיגען אויסזעהן האָט זיך אין איהר געזעהן פעסט־קייט און אפילו אַן ענטשלאָסענהייט. געקליידט איז זי געווען זעהר באַ־שיידען, און עפּעס־וואָס שווארצעס ווי עס קליידען זיך עלטערע פרויען. נאָר איהרע באנעהמונגען, געשפּרעך, און אלע איהרע מאַניערען, האָבען אַרויסגעוויזען אַ פרוי וועלכע האָט אויך געזעהן די בעסערע געזעלשאַפט.

ווארוואַרא ארדאליאנאָוונא איז געווען אַ מיידעל פון אַ יאָהר דריי און צוואנציג, פון מיטעלען וואוקס, אַ גענוג מאָגערע, מיט אַ געזיכט, ניט גאָר קיין שעהנעם, אבער וועלכער האָט אין זיך דעם סוד, צו געפעהלען ווערען אָהן שעהנקייט, און וועלכער קאָן צוציהען

ביז לײדענשאַפֿט. זי איז געװען זעהר עהנליך צו דער מוטער, און אפילו אנגעטאָן איז זי געװען כמעט װי די מוטער, מיט א פֿולען ניט װעלען זיך פוצען. דער בליק פֿון איהרע גרויע אויגען האָט אָפטמאָל געקענט זײן זעהר א פֿרעהליכער און זעהר א ליעבליכער, װען ער װאָלט. אָממעהרסטענס, ניט געװען ערנסט און פֿאַרטראַכט. אָפטמאָל אפילו שוין צופֿיעל, דערהויפט אין דער לעצטער צײט. פֿעסטקײט און ענט־שלאָסענקײט האָט זיך אויך געזעהן אין איהר פּנים, נאָר עס האָט זיך געפֿיהלט, אז איהר האַרטקײט האָט אפילו געקענט זײן ענערגישער און אונטערנעהמענדער װי בײ דער מאַמען. װאַרװאַרא אַרדאַליאָנאָ־װנאַ איז געװען א היבשע כעסן׳טע, און איהר ברודער פֿלעגט אָפט אפילו מורא האָבען פֿאַר דעם דאָזיגען כעס. מורא געהאַט פֿאַר איהר האָט אויך דער גאַסט, איװאַן פּעטראָװיטש פּטיצין, דאָס איז געװען נאָך זעהר א יונגער מענש, ארום די דרײסיגער, באַשײדען, נאָר שעהן געקלײדט, מיט אַנגענעהמע, נאָר שוין אביסעלע צופֿיעל סאָלידע מאַ־ניערען, א דונקעל־בלאָנדע בערדעל, האָט אין איהם באַװיזען, א מענ־שען װעלכער איז ניט קײן טשינאָװניק. ער האָט געקענט רעדען שעהן און אנגענעהם, נאָר ער האָט אָממעהרסטענס געשװיגען. אין אַלגעמײן האָט ער איבערגעלאָזט אַן אײנדרוק, א גאַנץ אַנגענעהמען. ער איז, װײזט אויס, געװען ניט גלײכגילטיג צו װאַרװאַרא אַרדאַליאָנאָװנאַ, און ער האָט זײנע געפֿיהלען ניט באַהאַלטען. װאַרװאַרא אַרדאַליאָ־נאָװנא האָט זיך מיט איהם געהאַלטען פֿרײנדליך, נאָר אויף אײניגע פֿון זײנע פֿראַגען האָט זי זיך נאָך ניט געאײלט צו ענטפֿערען, האָט זײ אפילו ניט ליעב געהאַט; איבעריגענס אבער, האָט פּטיצין מיט דעם נאָך ניט פֿאַרלאָרען דעם קוראַזש, װײל נינא אַלעקסאַנדראָװנא איז גע־װען צו איהם ליעבליך און די לעצטע צײט האָט זי אפילו איהם אנ־געהויבען טרויען. איבעריגענס, איז געװען באַקאַנט אז ער פֿאַרנעהמט זיך ספּעציעל מיט מאַכען געלט, אָפּגעבענדיג זײ אויף הויכע פּראָצענ־טען, אויף מעהר אָדער װעניגער זיכערע גאַראַנטיעס. מיט האַניאַ׳ן איז ער געװען א גרויסער פֿרײנד.

אויף דער גרינדליכער, נאָר קורצער פֿאָרשטעלונג פֿון האַניאַ, (װעלכער האָט זיך גאַנץ טרוקען באַגריסט מיט דער מאַמע און זיך גאָר ניט באַגריסט מיט דער שװעסטער און װעלכער האָט גלײך פּטי־ציג׳ען אַרויסגעפֿיהרט ערגעץ װאו פֿון צימער,) האָט נינא אַלעקסאַנ־

דראָווא דעם גאסט געזאָגט עטליכע ליעבע ווערטער, און געהייסען דעם, פון טהיר ארויסקוקענדען קאליא'ן, איהם אפפיהרען אין דעם מיטעלסטען צימער. קאליא איז געווען א איינגעל מיט א פרעהליך און זעהר ליעבליכען פּנים, מיט צוטרויליכע און איינפאכע מאניערען.

— וואו־זשע זיינען אייערע פעקלאך? — האָט ער געפרעגט אריינפיהרענדיג דעם פירשט אין צימער.

— איך האָב א פעקעלע; און איך האָב איהם איבערגעלאָזען אין פאָדער־הויז.

— איך וועל אייך איהם באלד ברענגען. אונזער גאנצע דינערשאפט באשטעהט פון דער קעכין און מאטרענא'ן, דעראיבער העלף איך אויך צו. ווארייא גיט אויף אלץ אכטונג און כעס'ט זיך. האניא זאָגט, אז איהר קומט ערשט היינט פון דער שווייץ?

— יע.

— איז עפּעס אין דער שווייץ שעהן?

זעהר.

— בערג?

— יע.

— איך וועל אייך באלד ברענגען אייערע פעקלאך.

ס'איז אריינגעקומען ווארווארא ארדאליאנאָוונא.

— באלד וועט אייך מאַטרענא ברענגען נייע בעט־צייג. איהר האָט א טשעמאדאן?

— ניין, א פעקעלע. נאָך איהם איז אוועק אייער ברודער. ער איז אין פאָדער־הויז.

— קיין איין פעקעל איז דאָרט ניטאָ, אויסער דעם פעקעלע. וואו האָט איהר עס אוועקגעלעגט? — האָט געפרעגט קאליא, אומקעהרענדיג זיך צוריק אין צימער.

— יע, אויסער דעם איינעם, האָב איך טאקע קיין אנדערען ניט. האָט געלאָזט וויסען דער פירשט, צונעהמענדיג זיין פעקעלע.

— אזוי? און אבי איך האָב געמיינט, אפשר האָט עס פעדדיטשענקא צוגעשלעפּט.

— רעד ניט קיין נארישקייטען, — האָט שטרענג געזאָגט וואַ־

ריא, וועלכע האָט מיט דעם פירשט גערעדט גאַנץ טרוקען און אפשר בלויז מיט אכטונג.

— Chère Babette, מיט מיר קאָן מען זיך באַנעהמען אבי־סעלע ערעלער, איך בין דאָך ניט פּטיצין.

— דיך דאַרף מען נאָך שמייסען קאַליא, אויף אזוי פיעל ביסטו נאָך נאַריש, נאָר וואס איהר וועט באַדאַרפען קענט איהר זיך ווענדען צו מאַטרענען. עסען עסט מען האַלב פינף, איהר קענט עסען צוזאמען מיט אונז, איהר קענט ביי זיך אין צימער, ווי אייך געפעהלט. קום קאַליא שטער זיי ניט.

— קומט שטאַרקער כאַראַקטער!

אַרויסגעהענדיג האָבען זיי זיך צוזאמענגעשטויסען מיט האַניא׳ן.

— דער טאַטע איז אין הויז? — האָט האַניא געפרעגט קאַליא׳ן און אויף דעם באַשטעטיגטען ענטפער פון קאַליא, איהם עפּעס אריינגעשושקעט אין אויער.

קאַליא האָט א שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און איז אוועק נאָך ווארוואַרא אַרדאַליאָנאָוונא.

— צוויי ווערטער, פירשט. איך האָב אייך פאַרגעסען זאָגען צו־ליעב די דאָזיגע... געשעפטען... א קליינע ביטע: טוט א געפעליגקייט, — אויב אייך איז דאָס נאָר ניט שווער, — פּלוידערט ניט דאָ, ניט דאָרטען וועגען דעם וואס איהר וועט דאָ געפינען. ווייל אויך דאָ זיי־נען געגוג מיאוס׳ע זאַכען פאַראַן. איבעריגענס, צום טייפעל!... כאָטש היינט נאָר אמווינציגסטענס האַלט זיך איין.

— איך פאַרזיכער אייך, אז איך האָב פיעל ווייניגער געפּלוי־דערט ווי איהר דענקט, — האָט געזאָגט דער פירשט, מיט א געוויסע נערוויזיטעט פון האַניא׳ס שטעך־ווערטער. די באַציהונגען צווישען זיי זיינען קענטיג געוואָרען ערגער און ערגער.

— נו, איך האָב שוין היינט גענוג געליטען צוליעב אייך. מיט איין וואָרט, איך בעט אייך...

— באַמערקט אויך דאָס, גאַווריליא אַרדאַליאָנאָוויטש, מיט וואָס בין איך פריהער געווען געבונדען, און פאַרוואס האָב איך ניט געטראַכט דערמאָהנען וועגען דעם בילד? איהר האָט דאָך מיך ניט געבעטען?

— פוי, וואס פאַר א פּאַסקודנער צימער, — האָט האַניא באַ־מערקט, אומקוקענדיג זיך מיט פאַראַכטונג, — פינסטער און דער

פענסטער קומט אַרויס צום הויף. אין אַלע באַציהונגען, זייט איהר צו אונז געקומען ניט אין צייט... נו, אָבער דאָס איז ניט מיין עסק; ניט איך האַלט אויף די קוואַרטיר.

פּטיצין האָט אַריינגעקוקט און אַ רוף געטאָן האַניאַ'ן, יענער האָט איילענדיג געלאָזען דעם פירשט, און איז אַרויס. ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגען, נאָר ער האָט קענטיג געצווייפעלט און פונקט ווי ער וואָלט זיך געשעהמט אַנהויבען; און אויך דעם צימער האָט ער אַנגעזידעלט ווי שעהמענדיג זיך.

ווי נאָר דער פירשט האָט זיך איינגעוואַשען און געהאַט צייט צו פאַרריכטען זיין טואַלעט, האָט זיך די טיר ווידער געעפענט און עס האָט אַרויסגעקוקט אַ נייער פּנים.

דאָס איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, ניט פון קליינעם וואוקס, אַ ברייטפּלייציגער, מיט אַ גרויסער, געקרויזטער און געלב־ליכער באָרד. אַ פּנים האָט ער געהאַט אַ פלייטשיגען און אַ רויטען. לי־פען גראָבע, אַ נאָז אַ ברייטע און צוגעפלעשקעטע, אויגען קליינינקע פאַרשוואומענע און אָפּלאַכענדע, און ווי זיי וואָלטען אַהן אויפהער אונטערגעוואונקען. איינגאַנצען גענומען איז דאָס אַרויסגעקומען גענוג חוצפּה'דיג, געקליידט איז ער געווען שמוציגלאַך.

אַפריהער האָט ער געעפענט די טיר, בלויז אויף אַזוי פיעל אום אַריינצושטעקען דעם קאָפּ. דער אַריינגעשטעקטער קאָפּ האָט אַ פינף סעקונדען באַקוקט דעם צימער; דערנאָך האָט זיך די טהיר לאַנגזאַם אַנגעהויבען עפענען, די גאַנצע פיגור האָט זיך געוויזען אויפ'ן שוועל, נאָר דער גאַסט איז נאָך ניט אַריין. נאָר פונ'ם שוועל האָט ער פאַרט־געזעצט, מיט פאַרזשמורעטע אויגען, באַקוקען דעם פירשט. ענדליך, האָט ער פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. איז צוגעקומען, זיך געזעצט אויפ'ן שטוהל, גענומען דעם פירשט פעסט ביים האַנט און אַוועקגע־זעצט אַנטקעגען זיך אויפ'ן סאָפע.

— פערדיטשענקאָ, — האָט ער אַרויסגעזאָגט, צודרינגליך און פרעגענדיג אַריינקוקענדיג דעם פירשט אין פּנים.

— נו, איז וואָס? — האָט געענטפערט דער פירשט, שיעור ניט צולאַכענדיג זיך.

— אַ שכן, — האָט ווידער אַרויסגעזאָגט פערדיטשענקאָ, אַריינ־קוקענדיג ווי פריהער.

— איהר ווילט זיך באקאנען?

— ע־עך! — האָט ארויסגערעדט דער גאַסט, א קרעכץ טוענדיג און אָנגעהויבען קוקען אין ווינקעל אנטקעגען — איהר האָט געלט?
— האָט ער פּלוצלונג געפרעגט זיך ווענדענדיג צום פירשט.

— אביסעל.

— וויפיעל אן ערך?

— פינף און צוואנציג רובעל.

— ווייזט נאָר!

דער פירשט האָט ארויסגענומען פון זשילעט־קעשענע א פינף און צוואנציגער און דערלאנגט פערדאטשענקא. יענער האָט פאנאנדערגע־נומען, א קוק געטאָן, דערנאָך איבערגעקעהרט אויף דער צווייטער זייט, דערנאָך גענומען צום ליכט.

— ס'איז מאָדנע, — האָט ארויסגערעדט ווי פארטראכטערהייט — פארוואס ווערען זיי געל? אָט די דאָזיגע פינף און צוואנציגער ווע־רען אָפט שרעקליך געל און אנדערע פארקעהרט, קריכען אָפּ אינגאנ־צען. נאָט אייך!

דער פירשט האָט גענומען זיין בילעט צוריק. פערדיטשענקא איז אויפגעשטאַנען פון שטוהל.

— איך בין אייך געקומען מזהיר זיין! ערשטענס, אז איהר זאָלט מיר קיין געלט ניט לייען, ווייל איך וועל זיכער בעטען.

— גוט.

— איהר זייט דאָ גרייט צו צאָהלען?

— יע.

— און איך ניט. א דאנק. איך וואוין דאָ פון אייך די ערשטע טיר. איהר האָט געזעהן? צו מיר זאָלט איהר זיך מיהען ניט אזוי אָפט צו קומען. צו אייך וועל איך קומען. איהר דארפט זיין רוהיג. דעם גע־נעראל האָט איהר געזעהן?

— ניין.

— און ניט געהערט אויך?

— געוויס, ניט.

— נו, איז וועט איהר דערזעהן און דערהערען; און צו דערצו וועט ער נאָך ביי אייך לייהען געלט! Avis au Lecteur!

בלייבט געזונט! קען מען דען לעבען מיט אזא פאמיליע ווי פערדי־
טשענקא, הא?

— פארוואָס ניט?

— בלייבט געזונט!

און ער איז אוועק צום טהיר. דער פירשט האָט זיך נאָכדעם דער־וואוסט, אז אָט דער הערר, האָט ווי אויף זיך גענומען א חוב צו פאר־וואונדערען אלעמען מיט זיין אָריגינאליטעט און פרעהליכקייט. נאָר ביי איהם פלעגט דאָס עפּעס קיינמאָל ניט ארויסקומען ווי עס באַ־דארף צו זיין. אויף אייניגע האָט ער אפילו געמאכט אן אומאנגע־נעהמען איינדרוק. וואס עס האָט איהם באמת געארט. נאָר זיין אונ־טערנעהמונג האָט ער ניט אָפּגעלאָזט. שטעהענדיג אין טהיר, האָט זיך איהם ווי סע ניט איז איינגעגעבען צו פארבעסערען, אנשטויסענדיג זיך אויף אן אריינקומענדען הערר; דורכלאָזענדיג צום פירשט אין צימער אָט דעם נייעם און אומבאקאנטען גאסט, האָט ער עטליכע מאָל אונטערגעוואונקען אויף איהם פון הינטער יענעמס פלייצע און אויף אזא אופן איז ער ארויס מיט א שטיקעל אפלאָמב.

דער נייער גאסט איז געווען פון הויכען וואוקס, א מאן פון א יאהר זעקס און פופציג אָדער אפשר נאָך מעהר. א געגוג דיקער, מיט א פורפור־רויטען, פליישיגען און אפּשטויסענדען פנים. בעראמט מיט געדיכטע גרויע באקענבארדען... מיט וואנצעס און מיט גרויסע גענוג אויסגעגלאצטע אויגען, די פיגור זיינע וואלט געווען א גענוג איינ־דרוקספולע, ווען אין איהר וואלט ניט געווען עטוואס אפגעלאָזטעס, אפּגעטראָגענעס, אפילו פארשמוציגטעס, אָנגעטאָן איז ער געווען אין אן אלטען רעקעל, כמעט מיט צוריסענע עלענבויגענס. די וועש איז אויך געווען פארשמירט — אויפ'ן היימישען שטייגער. אין זיין נאָ־הענטקייט האָט פון איהם אביסעל געשמעקט מיט בראנפען; נאָר זיין מאניער איז געווען פול מיט עפעקט. אביסעל אן איינגעשטודירטע און מיט דעם אנגעזעהענעם אייפערזיכטיגען ווילען צו איבערראשען מיט ווירדיגקייט. דער הערר האָט זיך דערנעהענט צום פירשט, ניט געאיילטערהייט, מיט א גאסטפריינדליכען שמייכעל, שווייגענד ביי איהם גענומען זיין האנט, און האלטענדיג זי אין זיינע, האָט ער זיך אביסעל איינגעקוקט אין זיין געזיכט, אזוי ווי דערקענענדיג באקאנטע שטריכען.

— ער! ער! — האָט ער אַרויסגערעדט שטיל נאָר פייערליך — אַזוי ווי אַ לעבעדיגער! איך הער מען דערמאָנט אַ באַקאַנטען און ליעבען נאָמען און איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט... פירשט מישקין?

— יע, איהר האָט געטראָפען.

— גענעראַל איוואָלגין, אַן אויסגעדיענטער און אַן אומגליקליכער, אייער נאָמען און פאָטערס נאָמען, ערלויב איך זיך צו פרעגען?

— לעוו ניקאָלאַיעוויטש.

— אַזוי, אַזוי! אַ זוהן פון מיין פריינד, מען קאָן זאָגען חבר פון דער קינדהייט, ניקאָלאַי פּעטראָוויטש?

— מיין פאָטער האָט מען גערופען ניקאָלאַי לוואָוויטש.

— ליוואָוויטש, — האָט זיך פאַרריכט דער גענעראַל, ניט אייַלענדיג זיך, נאָר מיט דער פולער זיכערקייט, אַזוי ווי ער וואָלט גאָרניט פאַרגעסען. נאָר ער האָט זיך ניט ווילענדיג אויסגערעדט. ער האָט זיך געזעצט און אויך נעהמענדיג דעם פירשט ביים האַנט, איהם אוועקגעזעצט לעבען זיך. — איך האָב אייך אויף די הענט געטראָגען.

— טאַקע? — האָט געפרעגט דער פירשט — מיין פאָטער איז שוין צוואַנציג יאָהר טויט.

— יאָ, צוואַנציג יאָהר, צוואַנציג יאָהר און דריי מאָנאַטען, צוזאַמען זיך געלערענט, איך בין גלייך אוועק אין דער מיליטערישער....

— און אויך מיין פאָטער איז געווען אין דער מיליטערישער, אַן אונטעראָפיציער אין דעם וואַסיליעווער פּאָלק.

— אין דעם בעלאָמירסקען. דער אַריבערגאַנג אין דעם בעלאָמירסקען איז פאָרגעקומען כמעט איידער ער איז געשטאָרבען. איך בין דאָ געשטאַנען און איהם געבענשט אין דער אייביגקייט. זייער מוטער...

דער גענעראַל האָט זיך אָפּגעשטעלט אַזוי ווי פון אַ טרויערדיגער ערינערונג.

— יע, און זי איז אויך אַ האַלב יאָהר נאָכדעם געשטאָרבען פון אַ פאַרקיהלונג, — האָט געזאָגט דער פירשט.

— ניט פון אַ פאַרקיהלונג, ניט פון אַ פאַרקיהלונג, גלויבט אַן עלטערן מענשען. איך בין דאָ געווען, איך האָב אויך זי געפיהרט צו קבורה. זי איז געשטאָרבען פון בענקשאַפט נאָך איהר פירשט, אָבער ניט

פון א פארקיהלונג. יע, איך געדענק אייך זעהר גוט די פירשטין! א, יוגענד! צוליעב איהר, האָבען מיר און דער פירשט, פריינד פון קינד־הייט, שיעור ניט געוואָרען קיין געגענזייטיגע מערדער.

דער פירשט האָט אָנגעהויבען הערען מיט א געוויסען אונגלויבען.

— איך בין געווען שרעקליך פארליעבט אין אייער מוטער, נאָך דאָן ווען זי איז געווען א כלה. די כלה פון מיין פריינד. דער פירשט האָט עס באמערקט און איז געווען שרעקליך בייז, ער קומט אריין צו מיר אין דער פריה, זיבען אזייגער, וועקט מיך אויף, איך טו זיך אָן א פארוואונדערטער, א שטילשווייגען פוןביידע זייטען. איך האָב אלץ פארשטאַנען, ער נעהמט ארויס פון קעשענע צוויי פיסטאָלעטען, א טיכעל, אָהן עדות. צו וואָס עדות, ווען אין פינף מינוט ארום שיקען מיר אָפּ איינער דעם צווייטען אין דער אייביגקייט? אָנגע־שטעלט, אויסגעשפרייט די טיכעל, זיך געשטעלט, גלייך צוגעלעגט די פיסטאָלעטען צום הארצען, און מיר קוקען איינער דעם צווייטען אין פנים. פּלוצלונג האָבען די טרערען ווי א האָגעל זיך א גאָס געטאָן פון אונזערע ביידענס אויגען. ס'האָבען א ציטער געטאָן די הענט. ביי ביידען, ביי ביידען מיט אמאָל. דאָ האָבען זיך נאַטירליך אָנגעהויבען דאָס ארומנעהמען זיך, און די געגענזייטיגע מלחמה פון גרויסמוטיג־קייט. דער פירשט שרייט: זי איז דיינע! איך שריי: דיינע! מיט איין וואָרט... מיט איין וואָרט... איהר קומט צו אונז... וואוינען?

— יע, אויף א געוויסער צייט, קען געבען — האָט געזאָגט דער פירשט ווי אביסעלע זאאיקענדיג זיך.

— פירשט, די מאַמישי בעט אייך צו זיך, — האָט א געשריי געטאָן ארייננקוקענדיג אין טיר קאָליא. דער פירשט האָט זיך געווען אויפגעשטעלט צו געהן, נאָר דער גענעראל האָט אוועקגעלעגט די רעכ־טע האנט אויף זיין אקסעל, און פריינדליך איהם ארונטערגעדריקט צוריק אויפ'ן סאָפע.

— אזוי ווי אן אמת'ער פריינד פון אייער פאָטער, וויל איך אייך אויפמערקזאם מאכען, — האָט געזאָגט דער גענעראל — איך, איהר זעהט דאָך אליין, איך האָב געליטען צוליעב א טראגישען אומגליק, אָבער אָהן א געריכט! אָהן א געריכט! נינא אלעקסאנדראָווא — איז א וואונדערבארע פרוי. ווארוואַרא ארדאליאנאָווגא מיין טאָכטער — איז אן אויסערגעוועהנליכע טאָכטער. צוליעב דער לאָגע האלטען מיר

ציטערען — ס'איז אַן אומערהערטער אַרונטערפאַל! מיר, וועלכע ס'איז געבליבען צו ווערען אַ גענעראַל־גובערנאַטאָר! נאָר מיט אייך זיינען מיר שטענדיג צופריעדען. נאָר פונדעסטוועגען איז אין מיין הויז דאָ אַ טראַגעדיע...

דער פירשט האָט געקוקט פרעגענדיג און מיט אַ גרויסער נייגעריגקייט.

— מען גרייט זיך צו אַ חתונה, און די חתונה איז אַן אויסערגעוועהנליכע. די חתונה פון אַ צווייפעלהאַפטער פרוי מיט אַ יונגען מענשען, וועלכער האָט געקענט ווערען אַ קאַמער־יונקער. אָט די פרוי וועט ער אַריינפיהרען אין הויז, וואו ס'געפינט זיך מיין טאָכטער, וואו ס'געפינט זיך מיין פרוי! נאָר ביז וואַנען איך וועל אָטהעמען, וועט זי ניט אַריינקומען! איך וועל זיך לעגען אויפ'ן שוועל, און זאָל זי איבערטרעטען איבער מיר!... מיט האַניאַ'ן רעד איך איצט כמעט ניט. איך מייד אויס אפילו זיך צו באַגעגענען. איך מאַך אייך אומישנע אויפמערקזאַם פריהער. ווען איהר וועט ביי אונז בלייבען וואוינען, וועט איהר דאָך אַלץ אייגס זיין אַן עדות. נאָר איהר זייט דאָך דער זוהן פון מיין פריינד און איך האָב רעכט צו האָפען...

— פירשט, טוט אַ טובה, קומט אַריין צו מיר אין גאַסט־צימער, — האָט אַ רוף געטאָן נינאַ אַלעקסאַנדראָוואַ, שוין אַליין זיך ווייזענדיג אין טהיר.

— שטעל זיך פאָר, פריינד מיינער, האָט אויסגערופען דער גענעראַל — עס שטעלט זיך אַרויס, אַז איך האָב געהאָדעוועט דעם פירשט אויף מיינע הענט!

נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט מיט פאָרוואורף אַ קוק געטאָן אויפ'ן גענעראַל און פאָרשענד אויפ'ן פירשט, נור זי האָט גאָר ניט געזאָגט. דער פירשט איז אַוועק נאָך איהר, נור גלייך ווי זיי זיינען אַריין אין גאַסט־צימער און זיך געזעצט, און נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט נור וואָס אָנגעהויבען זעהר שנעל און שטיל, עפּעס צו באַריכטען דעם פירשט, ווי דער גענעראַל האָט זיך פּלוצלונג אַליין באַוויזען אין גאַסט־צימער. נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ איז גלייך אַנטשוויגען געוואָרען און מיט אַ קענטיגען פאַרדרוס זיך אָנגעבויגען צו איהר שטריקעריי. דער גענעראַל, האָט ס'קען געבען באַמערקט דעם פאַרדרוס, נור פונדעסטוועגען האָט ער פאַרטגעזעצט צו בלייבען אין דער בעסטער שטימונג

— א זון פון מיין פריינד! האָט ער אויסגעשריען זיך ווענדעניג צו נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ — און אַזוי אונערוואַרטעט! איך האָב שוין לאַנג אפילו פאַרגעסען דענקען, נור פריינד מיינער, איז דאָס מעגליך אַז דו געדענקסט ניט דעם פאַרשטאָרבענעם ניקאָלאַי לוואָ־וויטש? דו האָסט איהם נאָך געטראָפען... אין טווער?

— איך געדענק ניט ניקאָלאַי לוואָוויטש׳ן. איז דאָס אייער פאָטער? האָט זי געפרעגט דעם פירשט.

— מיין פאָטער, נור ער איז, דוכט מיר געשטאָרבען ניט אין טויער נור אין יעליסאַוועטגראַד, האָט דער פירשט אונענטשלאָסען באַמערקט דעם גענעראַל. — איך האָב געהערט פון פּאַווּלישטשעווען.

— אין טווער, — האָט פאַרשטאַרקט דער גענעראַל,—פונקט פאַר זיין טויט האָט מען איהם איבערגעפיהרט קיין טווער, און אפילו נאָך איידער די קראַנקהייט האָט זיך ענטוויקעלט. איהר זייט נאָך געווען זעהר קליין און האָט ניט געקענט געדענקען ניט דאָס אריבערפיהרען, ניט דאָס אריבערפאָהרען, און פּאַווּלישטשעוו האָט געקענט מאַכען א טעות, כאָטש ער איז דער פיינסטער מענש געווען.

— איהר האָט אויך פּאַווּלישטשעוו׳ן געקאַנט?

— א וואונדערבאַרער מענש געווען, נור איך בין געווען א פּער־זענליכער עדות. איך האָב איהם געבענשט אויפ׳ן טויטען־בעט...

— מיין פאָטער איז דאָך געשטאָרבען אונטער א געריכט, האָט ווידער באַמערקט דער פירשט — כאָטש איך האָב קיינמאָל ניט גע־קענט דערגעהן פאַר וואָס דאָס איז, ער איז געשטאָרבען אין האָס־פּיטאַל.

— אָ, דאָס איז געווען וועגען דער „דיעלאָ“ פון דעם סאָלדאַט קאָלפּאַקאָוו און ס׳איז אָהן א ספק, אַז דער פירשט וואָלט געווען גע־פונען געוואָרען גערעכט.

— אזוי? איהר ווייסט עס אויף געווים? האָט געפרעגט דער פירשט מיט א באַזונדערער נייגעריגקייט.

— און נאָך ווי אזוי! האָט אויסגעשריען דער גענעראַל — דער געריכט איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען ניט באַשליסענדיג גאָרנישט. ס׳איז אַן אונמעגליכע זאַך! א זאַך וועלכע מען קען אפילו זאָגען, א רעט־זעלהאַפטע. עס שטאַרבט דער שטאַבס־קאַפּיטאַן לאַריאָנאָוו, דער ראָטנער קאָמאַנדיר, דער פירשט ווערט אויף א ניט באַשטימטער צייט

באשטימט צו פאַרנעהמען די שטעלע. גוט, דער סאָלדאט, קאָלפּאַקאָוו מאכט א גנבה — שוך־ווארג ביי א חבר — און פאַר'שיכור'ט עם; גוט. דער פירשט — און באמערקט זיך, דאָס איז געשעהן אין דער אנוועזענהייט פון פעלדפעבעל און קאפּראלני—זידעלט גוט אוים קאָל־פּאקאָוו'ן און סטראשעט איהם מיט שמיץ. זעהר גוט. קאָלפּאַקאָוו געהט אין קאזארמע, לעגט זיך אויף די נאַרע און אין א פערטעל שטונדע ארום שטארבט ער אוועק. זעהר שעהן, נור דער פאַל איז אַן אונערווארטעטער, כמעט אַן אונמעגליכער. אזוי צו אזוי. קאָל־פּאַקאָוו'ן באגראָבט מען, דער פירשט דערלאַנגט זיין רעפּאָרט און דערנאָך שליסט מען אוים קאָלפּאַקאָוו'ן פון צעטעל. דוכט זיך וואָס קען זיין בעסער? נור פּונקט אין א האַלבען יאָהר ארום, אויף א בריגאדיר־מאַנעוורע, באַווייזט זיך דער סאָלדאַט קאָפּאַקאָוו, ווי ס'וואָלט גאָר נישט געשעהן, אין דער דריטער ראָטע פון צווייטען באטאליאָן פון נאָוואזעמליאנסקען פעכאָטנעם פּאָלק פון דער זעלבער בריגאַדע און פון דער זעלבער דיוויזיע.

— אזוי! האָט אויסגערופען דער פירשט אויסער זיך פון פאַר־וואונדערונג.

— דאָס איז ניט אזוי, דאָס איז א טעות! האָט זיך צו איהם פלוצלונג געווענדט נינא אַלעקסאנדראָוונא, קוקענדיג אויף איהם כמעט מיט טרויער — Mon Mari Se trompe

— ניין פריינד מיינער, Se trompe, דאָס איז לייכט צו זאָגען. נור ענטשייד דו אליין אזא פאַל! אַלע זיינען געבליבען ערשטוינט. איך וואָלט אויך דער ערשטער געזאָגט Qu'on se trompe נור צום אומגליק בין איך געווען אַן עדות און אַליין גענומען אַנטייל אין דער קאָמיסיע. אַלע אויג אויף אויג געשטעלטע עדות האָבען באַוויזען, אַז דאָס איז דער זעלבער. איינגאַנצען דער זעלבער סאָלדאַט קאָלפּאַ־קאָוו, וועלכער איז מיט א האַלב יאָהר צוריק געווען בעגראָבען מיט דעם געוועהנליכען פּאַראַד און פּויק־קלאַפּעריי. א פאַל באמת אַן אוי־סערגעוועהנליכער, כמעט אַן אונמעגליכער, איך שטים איין נור...

— פּאַפּאשאַ, מען האָט אייך געגרייט צום עסען, האָט געלאָזט וויסען וואַרוואַראַ ארדאַליאָנאָוונא, אריינקומענדיג אין צימער.

— דאָס איז פיין, אויסגעצייכענט! איך האָב זיך שוין טאַקע

אויסגעהונגערט... נור דער פאַל קען מען זאָגען, איז אפילו א פּסיכאָ־לאָגישער...

— דער סוף וועט ווידער קאַלט ווערען, האָט אונגעדולדיג געזאָגט ווארִיא.

— אָט שוין. אָט שוין! האָט געמורמעלט דער גענעראַל ארויס־געהענדיג פון צימער, — „און ניט קוקענדיג אויף קיינע אונטערזוּכונגען", האָט זיך נאָך געהערט אין קאָרידאָר.

— איהר וועט מוזען ארדאַליאָן אַלעקסאַנדראָוויטש'ן פיעל ענטשולדיגען ווען איהר וועט ביי אונז פארבלייבען, האָט געזאָגט נינא אַלעקסאַנדראָוונא צום פירשט — איבעריגענס, וועט ער אייך ניט זעהר באַאונרוהיגען; ער עסט אפילו אליין, איהר מוזט אליין איינשטימען, יעדער איינער האָט זיך זיינע פעהלערן און זיינע... אייגענע כאַראַקטער־שטריכען, ביי אנדערע נאָך מעהר, ווי ביי די אויף וועלכע מען איז געוואוינט צו טייטלען מיט די פינגער. נור איין זאַך וועל איך אייך בעטען! ווען מיין מאַן וועט זיך אמאָל ווענדען צו אייך וועגען באַצאָהלט פאר דער קווארטיר, טאָ זאָגט איהם, אז איהר האָט שוין מיר געגעבען. דאָס הייסט, ווען איהר גיט ארדאַליאָן אַלעקסאַנדראָוויטש'ן וואָלט עס אייך אַלץ איינס אריין אין חשבון, נור איך בעט דאָס בלויז צוליב פּינקטליכקייט... וואָס איז ווארִיא?

ווארִיא האָט זיך אומגעקערט אין צימער און שווייגענדיג דערלאַנגט דער מוטער דאָס בילד פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. נינא אַלעקסאַנדראָוונא האָט א ציטער געטאָן, און האָט פריהער אזוי ווי מיט שרעק, און דערנאָכדעם מיט א דערשטיקטען ביטערען געפיהל איהם א געוויסע צייט באַקוקט. ענדליך האָט זי פרעגענד א קוק געטאָן אויף ווארִיען.

— דאָס האָט ער היינט געקראָגען א מתנה פון איהר אליין, האָט ווארִיא געזאָגט, — און אין אָבענד וועט זיך ביי זיי אַלץ באַשליסען.

— היינט אין אָבענד! האָט ווי אין פארצווייפלונג נאָכגעזאָגט אין דער שטיל נינא אַלעקסאַנדראָוונא — וואָס איז דאָס? דאָ איז שוין מעהר ניטאָ, ניט קיין צווייפעל, און קיין האָפנונג בלייבט שוין אויך ניט; מיט דעם בילד האָט זי וועגען אַלץ געלאָזט וויסען... יע, ער האָט עס דיר אליין געוויזען? האָט זי פאַרוואונדערט צוגעגעבען.

— איהר ווייסט דאָך אז מיר האָבען שוין א גאַנצען מאָנאַט כמעט

קיין איין וואָרט ניט אויסגערעדט. פּטיצין האָט עס מיר וועגן דעם אַלעם געזאָגט, און דאָס בילד האָט זיך שוין דאָרט אויפ'ן דיל ביים טיש געוואַלגערט, האָב איך דאָס אויפגעהויבען.

— פירשט, האָט זיך צו איהם פּלוצלונג געווענדעט נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ — איך וואָלט אייך געוואָלט פרעגען (דערפאַר האָב איך אייך אייגענטליך איינגעלאַדען אהער.) קענט איהר שוין לאַנג מיין זון? ער האָט, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז איהר זייט ערשט היינט פון ערגעץ־וואו געקומען?

דער פירשט האָט אין קורצען ערקלעהרט וועגען זיך. דורכלאָזענדיג די גרעסערע העלפט. נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ און וואַריאַ האָבען אויסגעהערט.

— איך וויל ביי אייך מיט מיינע פראַגען גאָר ניט אויספרעגען וועגען גאַווריליען אַרדאַליאָנאָוויטש, האָט באַמערקט נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ — איהר דאַרפט זיך וועגען דעם ניט נאַרען, אויב עס איז דאָ אַ זאַך אין וועלכער ער אַליין קען זיך מיט ניט מודה זיין, וויל איך דאָס אַליין אויך ניט דערגעהן אויסער איהם. איך וויל נור וויסען, בלויז צוליעב דעם, ווייל פריהער האָט הפּנים פאַר אייך אין די אויגען און נאָכדעם ווען איהר זייט אַרויסגעגאַנגען, מיר געענטפערט אויף מיין פראַגע וועגען אייך, אַזוי: „ער וויים אַלעס. מיט איהם דאַרפען מען זיך ניט צערעמאָניען." וואָס באַדייט עס? דאָס הייסט, איך וואָלט געוואָלט וויסען אין וואָס פאַר אַ מאָס...

עס זיינען פּלוצלונג אַריינגעקומען האַניאַ און פּטיצין. נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ איז גלייך אַנטשוויגען געוואָרען. דער פירשט איז געבליבען זיצען אויפ'ן שטוהל, לעבען איהר, און וואַריאַ איז אָפּגעטראָטען אַן אַ זייט. דער בילד פון נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ איז געלעגען אויף דעם סאַמע אַנגעזעהענעם פּלאַץ, אויף נינאַ אַלעקסאַנדראָוונעס אַרבייטס־טישעל גלייך אַנטקעגען איהר. דערזעהענדיג איהם, האָט האַניאַ זיך אַנגעוואָלקענט, מיט ערגערניש גענומען פון טיש און אַפּגעוואָרפען אויף זיין שרייב־טיש, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ צווייטען עק צימער.

— היינט, האַניאַ? האָט פּלוצלונג געפרעגט נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ.

— וואָס היינט? האָט זיך אויפגעכאַפּט האַניאַ נור פּלוצלונג זיך

ארויפגעוואָרפען אויפ'ן פירשט — אָ, איך פארשטעה, איהר זייט שוין דאָ ! און וואָס איז דאָס ענדליך ביי אייך א קראנקהייט אזא ? איהר קענט זיך ניט איינהאַלטען. איהר דארפט דאָך ענדליך אליין פאר־שטעהן אייער עקסעלענץ...

— דאָ בין איך האַניא שולדיג — און ניט קיינער, האָט איבער־געריסען פטיצין.

האַניא האָט פרעגענד אויף איהם א קוק געטאָן.

— נור אזוי איז דאָך בעסער, האַניא. און נאָך מעהר, ווען אין איין צייט איז די זאַך שוין ערלעדיגט, האָט א מורמעל געטאָן פטיצין און אַפּגעהענדיג אַן א זייט, האָט ער זיך געזעצט ביים טיש, ארויס־גענומען עפּעס א פּאַפּירעל, א פארשריבענער מיט א בליי־פעדער, און גענומען איהם פלייסיג באַטראַכטען. האַניא איז געשטאַנען אַן אַנגע־בלאָזענער, און געוואַרט מיט אונרוהיגקייט אויף דער פאַמיליען־סצענע. צו בעטען ענטשולדיגונג ביים פירשט האָט ער אפילו ניט אַנגעהויבען טראַכטען.

— אויב אלץ איז געענדיגט, איז איוואן פעטראָוויטש אייגענט־ליך גערעכט, האָט געזאָגט נינא אלעקסאנדראָוונא — בלאָז זיך ניט, ביטע, און זיי ניט אין כעס, האַניא, איך וויל וועגען גאָרנישט ניט אַנהויבען פרעגען. דאָס וואָס דו אליין ווילסט ניט זאָגען, איך פאַר־זיכער דיר, אז איך האָב זיך אין גאַנצען אונטערגעגעבען; טוה א טובה און זיי ניט אומרוהיג.

זי האָט עס ארויסגעזאָגט ניט אָפּרייסענדיג זיך פון דער ארבייט. און עס האָט זיך געדוכט, אז זי איז טאַקע גאַנץ רוהיג. האַניא איז געווען פארוואונדערט, נור ער האָט פאַרזיכטיג געשוויגען און געקוקט אויף דער מוטער, וואַרטענדיג אז זי זאָל זיך ארויסזאָגען קלאָהרער. די פאַמיליען־סצענעס האָבען איהם שוין צו טייער געקאָסט. נינא אלעק־סאנדראָוונא האָט באַמערקט די דאָזיגע פאַרזיכטיגקייט און האָט מיט א ביטערען שמייכעל צוגעגעבען.

— דו צווייפעלסט און גלויבסט נאָך אלץ ניט אין מיר ! זיי רוהיג, עס וועלען ניט זיין, ניט די פריהערדיגע טרערען, ניט די בי־טעס, אמווינציגסטענס, פון מיין זייט. דאָס איינציגע וואָס איך וויל, איז אז דו זאָלסט זיין גליקליך און דו ווייסט עס, איך האָב זיך אונטער־געגעבען דעם שיקזאַל, נור מיין האַרץ וועט שטענדיג זיין מיט דיר,

צו ווען מיר וועלען בלייבען צוזאמען צו מיר וועלען זיך פאנאנדער־געהן. זעלבסטפארשטענדליך, אז איך בין בלויז פאראנטווארטליך פאר זיך; דו קענסט דאס זעלבע ניט פאָדערן פון דער שוועסטער...

— שוין ווידער זי! האט אויסגעשריען האניא, שפאָטיש און מיט האס קוקענדיג אויף דער שוועסטער — מאמעלע! איך שווער אייך אין דעם נאָכאמאָל, אין דעם וואָס איך האָב אייך געגעבען דאָס וואָרט: קיינער וועט ניט וואגען אייך צו באַליידיגען, ביז וואנען איך בין דאָ, ביז וואנען איך לעב. ווענען וועמען ס'זאָל זיך דאָ ניט שמועסען, אָבער איך שטעה מיט דער פולער אכטונג צו אייך. ווער עס זאָל ניט אריבער טרעטען אונזער שוועל...

האניא האט זיך אזוי דערפרעהט דאס ער האט כמעט פריידליך, כמעט צערטליך געקוקט אויף דער מוטער.

— איך האָב זיך פאר זיך, גאָרניט געשראָקען, האניא, דו ווייסט עס, איך בין געווען אומרוהיג און זיך געמוטשעט די גאנצע צייט, ניט פאר זיך. מען זאָגט אז היינט וועט זיך ביי אייך אלעס ענדיגען? וואס־זשע וועט זיך ענדיגען?

— היינט אבענד, ביי זיך, האט זי צוגעזאגט, ערקלעהרען, צו זי שטימט איין אדער ניט, האָט געענטפערט האניא.

— מיר האָבען כמעט דריי וואָכען אויסגעמידען צו רעדען וועגען דעם, און אזוי איז געווען בעסער. איצט ווען אליץ איז שוין געענ־דיגט, וויל איך זיך ערלויבען בלויז איין זאך צו פרעגען: ווי אזוי האט זי געקענט געבען איהר צושטימונג און אפילו אויך שענקען איהר בילד ווען דו ליבסט זי גאָר ניט? קען דען זיין אז דו, זאָלסט איהר... איהר...

— נו איהר דער ערפאהרענער, ווילסטו זאָגען?

— איך האָב ניט געוואָלט, אזוי זיך אויסשפּרעכען. קען דען זיין אז דו האָסט איהר געקענט אזוי פארבלענדען די אויגען?

אן אויסערגעוועהנליכע אויפרעגונג האט זיך פּלוצלונג דערהערט אין דער פראגע. האניא איז אביסעל, געשטאנען אביסעל געטראכט און ניט באהאלטענדיג זיין שפּאָט געזאָגט:

— איהר האט זיך פארגעדט מאמעניו, און איהר האָט ווידער זיך ניט געקענט איינהאלטען, און אזוי פלעגט זיך שטענדיג ביי אונז אנפאנגען און צופלאקערן. איהר האָט געזאָגט: אז עס וועלען ניט זיין קיינע פראגען, ניט קיין אויסריידען, און אט האבען זיי זיך שוין

אַנגעהויבען! לאָזען מיר דאָס בעסער אויפגעבען. בעסער, לאָזען; אמווינציגסטענס, איז ביי אייך כאָטש געווען א שטרעבונג... איך וועל אייך קיינמאָל פאר קיין זאך אין דער וועלט ניט פארלאָזען; אז אנ־דערער וואָלט אמווייניגסטענס פון אזא שוועסטער אנטלאָפען — קוק נור אָן ווי זי קוקט דאָס איצט אויף מיר! לאָזען מיר ענדיגען דער־מיט! איך האָב זיך שוין אזוי דערפרעהט... און פון וואַנען ווייסט איהר אז איך נאָר נאַסטאַסיא פיליפאָוונען? און וועגען וואריען, איז ווי איהר געפעהלט — און גענוג. נו, איצט איז שוין געווים גענוג!

האַניא האָט זיך מיט יעדען וואָרט אליץ מעהר צוהיצט און נער־ווען געטראָטען איבער'ן צימער. אזעלכע געשפרעכען פלעגען זיך גלייך פארוואַנדלען אין דעם קראַנקען פלאָץ פון אלע מיטגלידער פון דער פאַמיליע.

— איך האָב געזאָגט, אז ווען זי וועט אהער אריינקומען, וועל איך פון דאַנען ארויס. און איך וועל אויך האַלטען וואָרט, האָט געזאָגט וואַריא.

— דאָס איז בלויז פון איינגעשפארטקייט! האָט אויסגעשריען האַניא — צוליב איינגעשפארטקייט געהסטו אויך ניט חתונה האָבען! וואָס צוגעהסטו זיך פון געלעכטער? איך שפיי דאָך אויף דעם, וואר־ווארא ארדאליאָנאָוונא, אויב אייך איז ליב קענט איהר אפילו שוין איצט ערפילען אייער וואונש. איהר זייט מיר שוין צופיעל אריינגע־פראָכען אין די ביינער. וואָס! איהר ווילט ענדליך אונז פארלאָזען פירשט? האָט ער אויסגעשריען צום פירשט, דערזעהענדיג אז יענער הויבט זיך אויף פון פלאָץ.

האַניא'ס שטימע האָט שוין דערגרייכט אזא מדרגה פון כעס פון וועלכען א מענש איז כמעט אליין צופרידען. זי גיט זיך איהם איבער אַהן אן אפהאַלט און שיעור ניט מיט א וואקסענדען פארגעניגען, ניט קוקענדיג צו וואָס דאָס זאָל ניט פיהרען. דער פירשט האָט זיך אומ־געקעהרט אין טיר אום עפּעס צו ענטפערען, נור דערזעהענדיג אן דעם קרענקליכען פּנים פון זיין באַליידיגער, אז דאָ פעהלט ניט מעהר יענער טראָפּען וועלכער מאַכט פול א כלי, האָט ער זיך אומגעקעהרט און איז שווייגענד ארויס. אין עטליכע מינוט ארום האָט ער דערהערט נאָכ'ן אָפּקלאַנג פון גאַסט־צימער, אז דער געשפרעך איז אין זיין אבוועזענ־הייט געוואָרען נאָך טומעלדיגער און אָפענער.

ער איז דורכגעגאַנגען דורכ׳ן זאַל אין פאָר־צימער אום אַריינ־צוקומען אין קאָרידאָר און דורך איהם אין זיין צימער. דורכגעהענדיג נאָהענט פאַרביי די טירען וואָס פיהרען צו די טרעפ האָט ער דער־הערט און באַמערקט, אַז הינטער די טירען מיהט זיך עמיצער זעהר, מיט אַלע קרעפטען צו קלינגען אין גלעקעל, נור אין גלעקעל איז ווייזט אויס עפּעס קאַליע געוואָרען. דער פירשט האָט אַרונטערגענומען דעם ריגעל, געעפענט די טיר — און ער האָט אָפּגעטראָטען פון איבעראַ־שונג — האָט אפילו א ציטער געטאָן מיט׳ן גאַנצען קערפּער: פאַר איהם איז געשטאַנען נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ. ער האָט זי גלייך דערקענט נאָכ׳ן בילד, איהרע אויגען האָבען א בליץ געטאָן מיט פאַר־דרוס, ווען זי האָט איהם דערזעהן. זי איז שנעל אַריין אין פאָר־הויז, א שטויס טוענדיג איהם אויפ׳ן וועג מיט׳ן אַקסעל, און אַרונטערוואַר־פענדיג פון זיך דעם פוטער האָט זי צאָרענדיג געזאָגט:

— ווען מען איז פויל צו פאַרריכטען דעם גלעקעל, דאַרף מען אַמ־ווינציגסטענס זיצען אין פאָר־הויז ווען מען קלאַפּט. און אָט האָט ער שוין דעם פוטער אויך אַראָפּגעוואָרפען, דער פערד!

דער פוטער איז טאַקע געלעגען אויפ׳ן דיל; נאַסטאַסיאַ פילי־פּאָוונאַ ניט קענענדיג זיך דערוואַרטען ביז דער פירשט וועט פון איהר אַראָפּנעהמען, האָט איהם אליין א וואָרף געטאָן אויף די הענט, ניט קוקענדיג אויף הינטען, נור דער פירשט האָט ניט געהאַט קיין צייט צוצונעהמען.

— מען האָט דיך געדאַרפט אַרויסטרייבען! געה, מעלד!

דער פירשט האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, נור ער האָט זיך אַזוי פאַרלאָרען אַז ער האָט גאָרנישט געזאָגט, און מיט דעם פוטער וועלכען ער האָט אויפגעהויבען פון דיל, איז ער אַוועק אין גאַסט־צימער.

— נו, איצט געהט ער שוין מיט׳ן פוטער! דעם פוטער צו וואָס טראָגסטו? כאַ, כאַ, כאַ! ביזט משוגע צו וואָס?

דער פירשט האָט זיך אומגעקעהרט און געקוקט אויף איהר ווי א געץ; ווען זי האָט זיך צולאַכט — האָט ער זיך אויך צולאַכט, נור דעם צונג האָט ער נאָך אַלץ ניט געקענט א ריהר טאָן. אין דער ערש־טער מינוט ווען ער האָט איהר אָפּגעעפענט די טיר, איז ער געווען בלייך, און פּלוצלונג האָט א רויטקייט זיין פּנים באַגאָסען.

— וואָס איז דאָס פאַר אַן אידיאָט? האָט מיט כעס אויף איהם

א געשריי געטאָן, א טופּע טוענדיג מיט'ן פוס, נאסטאסיא פיליפּאָוונא.

— נו, אוואוהין געהסטו? נו, ווענען וועמען ועסטו מעלדען?

— ווענען נאסטאסיא פיליפּאָוונע'ן, האָט א מורמעל געטאָן דער פירשט.

— פון וואנען קענסטו מיך? האָט זי איהם אויף גיך געפרעגט — איך האָב דיך קיינמאל ניט געזעהן! נו, געה, מעלד!... וואָס שרייט מען דאָרטען אזוי?

— מען קריגט זיך, האָט געענטפערט דער פירשט און איז אוועק אין גאסט־צימער.

ער איז אריינגעקומען אין א גענוג ערנסטער מינוט; נינא אלעקסאנדראָוונא איז שוין געווען אין גאנצען גרייט צו פארגעסען, אז זי האָט זיך „אויף אלץ אונטערגעגעבען" איבריגענס, האָט זי באשיצט וואריען. לעבען וואריען איז אויך געשטאנען פּטיצין, וועלכער האָט שוין געלאָזען זיין מיט דעם בליי־פעדער פארשריבענעם פּאפּירעל. וואריא האָט אליין אויך זיך ניט געשראָקען, זי איז ניט געווען א מיידעל פון דעם שרעקעדיגען צעהנדליג; נאָר דעם ברודערס גראָבקייטען זיינען געוואָרען מיט יעדען וואָרט גרעבער, און שווערער צו פארטראָגען, אין אזעלכע פאלען האָט זי געוועהנליך אויפגעהערט רעדען און נור שווייגענד און שפּאָטיש געקוקט אויפ'ן ברודער, ניט אראָפּנעמענדיג פון איהם די אויגען.

אָט דער מאָנעוור, ווי זי האָט געוואוסט, איז געווען פעהיג איהם ארויסצופיהרען פון די לעצטע גרעניצען, אין דער זעלבער מינוט איז דער פירשט אריין אין צימער און אויסגערופען:

— נאסטאסיא פיליפּאָוונא!

## ניינטער קאַפּיטעל.

עס איז ענטשטאַנען אַן אַלגעמיינער שטיל־שווייגען. אַלע האָבען געקוקט אויפ'ן פירשט אַזוי ווי זיי וואָלטען איהם ניט פאַרשטאַנען און — ניט וועלענדיג איהם פאַרשטעהן. האַניאַ איז פאַרגליווערט געוואָרען פון שרעק.

דאָס קומען פון נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ, און דערהויפּט פון דער איצטיגער מינוט איז געווען פאַר אַלעמען אַ זעהר מאָדנע און שווערע איבעראַשונג. שוין דאָס אַליין וואָס נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ איז צו זיי געקומען דעם ערשטען מאָל; ביז איצט האָט זי זיך געהאַלטען אַזוי אַנגעבלאָזען־שטאָלץ, אַז אין די געשפּרעכען מיט האַניען האָט זי אפילו דעם חשק ניט אויסגעדריקט צו באַקאַנען זיך מיט זיינע עלטערען, און אין גאָר דער לעצטער צייט, האָט זי אפילו וועגען זיי ניט דערמאָהנט. אַזוי ווי זיי וואָלטען גאָר אויף דער וועלט ניט געווען. און כאָטש האַניאַ איז טהיילווייז געווען צופרידען, וואָס ער איז פּטור געוואָרען פון אַזאַ פאַר איהם ניט אַנגענעהמען געשפּרעך, האָט ער פונדעסט־וועגען אין האַרצען, געשטעלט די דאָזיגע אַנגעבלאָזענקייט אויף איהר רעכענונג. אַלענפאַלס, האָט ער פון איהר גיכער ערוואַרטעט שפּאָט און שטעך־ווערטלאַך אויף זיין פאַמיליע, אבער ניט קיין וויזיט צו איהם; ער האָט געוואוסט אויף זיכער, אַז איהר איז באַקאַנט אַלץ וואָס קומט פאָר ביי איהם אין הויז צוליב זיין שידוך און מיט וואָס פאַר אַ בליק עס קוקען אויף דאָרויף זיינע עלטערן. איהר וויזיט איצט, נאָך דאָס שענקען פון בילד און אין איהר געבורטס־טאָג, אין דעם טאָג אין וועלכען זי האָט צוגעזאָגט צו בשאַטימען זיין שיקזאַל, האָט שיעור ניט באַצייכענט די דאָזיגע באַשטימונג אַליין.

דאָס אונפאַרשטענדעניס מיט וועלכע אַלע האָבען געקוקט אויפ'ן פירשט, האָט זיך געצויגען ניט לאַנג: נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ אַליין איז ערשינען אין טיר פון גאַסט־צימער, און זי האָט אַריינקומענדיג אין צימער ווידער לייכט אַ שטויס געטאָן דעם פירשט.

— ענדליך איז מיר געלונגען אַריין... צו וואָס בינדט איהר עס

צו א גלעקעל ? האָט זי פרעהלאך גערעדט, געבענדיג די האַנט האַ־ניאן, וועלכער האָט זיך איהר געלאָזט לויפען אויף אלע פיס. — וואָס איז דאָס ביי אייך אזא אָפּגעלאָזטער פּנים, באַקאַנט־זשע מיך ביטע!...

דער אין גאַנצען צוטומעלטער האַניא, האָט זי אפריהער פאַר־געשטעלט ווארען, און ביידע פרויען האָבען איידער זיי האָבען דער־לאַנגט די הענט, זיך געביטען מיט פּאַרוואונדערטע בליקען. איבעריגענס, האָט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא געלאַכט און זיך מאַסקירט מיט פרעהליכקייט; נור וואַריא האָט זיך ניט געוואָלט מאַסקירען און זי האָט געקוקט פינסטער און דורכדרינגענד; אפילו דעם שאָטען פון א שמייכעל וועלכער האָט זיך פיינליך געפאָדערט צוליב העפליכ־קייט, האָט זיך ניט געוויזען אויף איהר געזיכט. האַניא האָט אויס־געקוקט ווי א טויטער; איינבעטען איז שוין ניט געוועזען ווען און צו וואָס און ער האָט געוואָרפען אויף וואַריען אזא שרעק־אַנוואָרפענדען בליק, אז יענע האָט פאַרשטאַנען, לויט דער קראַפט פון דעם דאָזיגען בליק, וואָס עס מיינט פאַר איהר ברודער אָט די מינוט. דאָ האָט זי, דוכט זיך, באַשלאָסען, איהם נאָכצוגעבען און זי האָט קוים א שמייכעל געטאָן צו נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. (זיי האָבען זיך אלע פון דער פאַמיליע נאָך צופיעל ליב געהאַט) אביסעל האָט פאַרריכט די זאַך נינא אלעקסאַנדראָוונא, וועלכע האַניא איינגאַנצען צוטומעלט ווערענדיג, האָט פאָרגעשטעלט נאָך דער שוועסטער, און האָט אפילו צוגעפיהרט די ערשטע צו נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. נור נינא אלעקסאַנדראָווא האָט נאָך ניט אויסגעפיעט צו אָנפאַנגען מיט איהר „באַזונדערען פאַרגעניגען“ ווי נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא ניט אויסהערענדיג זי, האָט זיך אויף שנעל געווענדט צו האַניען און זעצענדיג זיך (ניט איינגעלאַדענערהייט אפילו) אויף דער קליינער סאָפע, אין ווינקעל ביים פענסטער האָט זי אויסגערופען:

— וואָר־זשע איז אייער קאַבינעט ? און... וואו זיינען די שכנים ? איהר האָט דאָך שכנים ?

האַניא האָט זיך מורא'דיג פאַרשעהמט, און ער האָט עפּעס גע־וואָלט ענטפערען, נור נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט גלייך צוגעגעבען:

— וואו קען מען דאָ האַלטען שכנים ? איהר האָט דאָך אפילו קיין קאַבינעט ניט. און לוינט זיך עס כאָטש ? האָט זי זיך פּלוצלונג געווענדט צו נינא אלעקסאַנדראָווא.

— ס'איז אביסעלע שווערליך, האָט יענע געענטפערט — עס פארשטעהט זיך, אז עס מוז זיך לוינען. איבריגענס, האָבען מיר...

נור נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט שוין ווידער ניט געהערט: זי האָט געקוקט אויף האניען געלאַכט און געשריען צו איהם:

— וואָס פאר א פּנים האָט איהר עס? גאָט מיינער, וואָס פאר א פּנים איהר האָט עס איצט!

עס זיינען אוועק עטליכע סעקונדען אין דעם דאָזיגען לאַכען און האניעס געזיכט האָט זיך אויף אַן אמת'ן געענדערט: זיין פארגלי־ווערטקייט, זיין קאָמישע פייגע פארלאָרענקייט האָט איהם פּלוצלונג אפּגעלאָזט, נור ער איז שרעקליך בלייך געווארען; די ליפּען האָבען זיך פון ציטערניש אויסגעקרימט; ער האָט שטיל, דורכדרינגענד און מיט א שלעכטען בליק, ניט אפּרייסענדיג זיך, געקוקט אין געזיכט פון זיין גאַסט, וועלכע האָט פאָרטגעזעצט צו לאַכען.

דאָ איז געווען נאָך א באָאָבאַכטער, וועלכער האָט זיך נאָך אליין ניט באפרייט פון זיין כמעט שטום ווערעניש ביי דעם אָנבליק פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא; נור כאָטש ער איז געשטאַנען ווי א „סלופּ" אויף זיין פריהערדיגען פּלאַץ, אין טהיר פון דעם גאַסט־צימער, אבער פונדעסטוועגען האָט ער אויספעיעט צו באַמערקען די בלאַסקייט און די שעדליכע פארענדערונג אין האניעס געזיכט. דער דאָזיגער באָאָב־אַכטער איז געווען דער פירשט. כמעט אין שרעק, האָט ער פּלוצלונג שנעל א טראָט געטאָן פאָראויס.

— טרינקט וואסער, האָט ער א שושקע געטאָן האניען — און קוקט ניט אזוי...

ס'איז קענטיג געווען, אז ער האָט עס ארויסגעזאָגט אָהן קיין שום רעכענונג, אָהן קיין שום באַזונדערן געדאַנק. אזוי מיט'ן ערשטען קעהר, נור זיינע ווערטער האָבען געמאַכט אַן אונגעהייערן איינדרוק. האניעס גאַנצער כעס האָט זיך פּלוצלונג ארויפגעוואָרפען אויפ'ן פּירשט; ער האָט איהם א כאַפּ געטאָן ביים אקסעל און אויף איהם שטום גע־קוקט, מיט נקמה און האַס, ווי ניט האָבענדיג קיין כח צו אויסריידען א וואָרט. עס איז פארגעקומען אַן אלגעמיינער טומעל; נינא אלעק־סאנדראָוונא האָט אפילו א לייכטען געשריי געטאָן. פּטיצין האָט גע־מאַכט אומרוהיג, א טריט פאָראויס, קאָליא און פערדיטשענקאָ, וועל־כע זיינען ערשיענען אין טהיר, זיינען געבליבען שטעהן פארוואונדערט.

איין וואריא האָט ווי פריהער געקוקט מיט אראָפּגעלאָזענע אויגען, נור מיט אויפמערקזאמקייט, זי האָט זיך ניט געזעצט נור געשטאַנען פון דער זייט, לעבען דער מאַמען, פארלעגענדיג די הענט אויפ'ן ברוסט.

אָבער האַניא האָט זיך גלייך געכאפּט, כמעט אין דער ערשטער מינוט פון דער באוועגונג זיינער, און האָט נערוועז זיך צולאכט. ער איז אין גאנצען געקומען צו זיך.

— וואָס פירשט, איהר זייט דען א דאָקטאָר?—האָט ער אויסגע־רופען, לויט דער מעגליכקייט פרעהליכער און איינפאכער — איהר האָט דאָך מיך אפילו איבער געשראָקען; נאָסטאַסיא פיליפּאָוונא איך קען אייך רעקאָמענדירען אָט דעם אונשעצבארען סוביעקט, כאָטש אויך איך בין מיט איהם בלויז ערשט פון דער פריה באַקאַנט.

נאָסטאָסיא פיליפּאָוונא האָט פארוואונדערט געקוקט אויפ'ן פירשט.

— א פירשט? ער איז א פירשט? און איך האָב אָט ערשט, אין פאָר־הויז איהם אָנגענומען פאר א לאַקעי און איהם געשיקט אהער צו מעלדען. כאַ־כאַ־כאַ!

— קיין אומגליק, קיין אומגליק האָט אונטערגעכאפּט פערדיש־טשענקאָ, אויף שנעל צוקומענדיג און דערפרעהענדיג זיך וואָס מען האָט אָנגעהויבען לאכען — קיין אומגליק!

— און איך האָב אייך שיעור ניט געזידעלט, פירשט, ביטע ענט־שולדיגט מיר. פערדישטשענקאָ וואָס טוט איהר דאָ אין אזא מאָמענט? איך האָב געדענקט אז אמווינציגסטען, וועל איך כאָטש אייך ניט טרע־פען. ווער? וואָס פאר א פירשט? מישקין? האָט זי איבערגע־פרעגט האניען, וועלכער האָט האלטענדיג איהם נאָך אלץ ביים אקסעל אוספּעיעט צו פארשטעלען:

— אונזער שכן האָט ווידערהאָלט האַניא.

ס'איז קענטיג אז דעם פירשט האָט מען פארגעשטעלט ווי עפּעס אַן אויסנאהם (און וועלכער איז צונויץ געקומען אלעמען ווי אויסוועג פון א פאלשער לאגע.) מען האָט איהם שיעור ניט געשטופּט צו נאָס־טאַסיא פיליפּאָוונא; דער פירשט האָט אפילו קלאָהר געהערט דעם וואָרט „אידיאָט“, וועלכער האָט זיך ארויסגעשושקעט הינטער איהם, דוכט זיך פון פערדישטשענקאָ, אלס אַן ערקלעהרונג צו נאָסטאַסיא פי־ליפּאָוונא.

— זאָגט־זשע מיר, פאַר וואָס האָט איהר פריהער, מיך ניט אױ־בערצייגט, ווען איך האָב שרעקליך... אין אייך אַ טעות געמאַכט? האָט פּאַרטגעזעצט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, באַטראַכטענדיג דעם פירשט, פון קאָפּ ביז די פיס, זי האָט אונגעדולדיג געוואַרט אויפ׳ן ענטפער, אַזוי ווי זי וואָלט אויף זיכער געוואוסט, אַז דער ענטפער וועט זײן אַזאַ נאַרישער, אַז מען וועט ניט קענען פון איהם ניט לאַכען.

— איך האָב זיך פאַרוואונדערט, דערזעהענדיג אייך אַזוי אונ־ערוואַרטעט, האָט אַרויסגעמורמעלט דער פירשט.

— און פון וואַנען האָט איהר זיך דערוואוסט אַז דאָס בין איך? אַוואו האָט איהר מיך פריהער געזעהן? וואָס איז דאָס. מיר דוכט אויך, אַז איך האָב איהם ערגעץ וואו געזעהן? ערלויבט מיר אייך צו פרעגען, פאַר וואָס זייט איהר פריהער געבליבען שטעהן ווי אַ פערשטיי־נערטער אויפ׳ן פּלאַץ? וואָס פאַר אַ שרעקליכעס איז אין מיר דאָ?

— נו, שוין נו שוין! האָט פערדישטשענקאָ פאָרטגעזעצט צו קרימען זיך — אָבער נו, נו שוין! אַך טאַטעלאַך! וואָס פאַר אַ זאַכען איך וואָלט עס געקענט אַנריידען אויף אַזאַ פראַגע! אָבער נו שוין!... אויב אַזוי ביזטו גאַר אַ לעמעלע פירשט!

— און איך וואָלט אויף אייער פּלאַץ אויך געקענט אַנריידען גענוג! האָט דער פירשט אַ לאַך געטאָן צו פערדישטשענקאָ, פריהער אביסעל האָט מיר אייער פּאָרטרעט זעהר ערשטוינט, האָט ער פאָרט־געזעצט צו נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, דערנאָך האָב איך מיט עפּאַנט־שינען וועגען אייך גערעדט, און היינט גאַנץ פריה, איידער מיר זיינען אַריינגעקומען אין פּעטערבורג, נאָך אויפ׳ן באַהן האָט מיר פיעל וועגען אייך אַנגעדערצעהלט פּאַרפען ראָגאָזשין, און אין דער מינוט ווען איך האָב אייך די טיר געעפענט, האָב איך אויך וועגען אייך געטראַכט און דאַ פּלוצלונג קומט איהר אָן!

— אָבער ווי אַזוי האָט איהר מיך דערקאַנט, אַז דאָס בין איך?

— אַ, נאָך אַ פּאָרטרעט און...

— וואָס נאָך?

— און נאָך דערפאַר ווייל איך האָב אייך פּונקט אַזאַ פאַרגע־שטעלט אין געדאַנק... איך האָב אייך אויך ווי ערגעץ וואו געזעהן.

— וואו? וואו?

— איך האָב אייערע אויגען ווי ערגעץ וואו געזעהן... אָבער דאָס

איז דאָך אונמעגליך! דאָס האָב איך אזוי זיך... איך בין דא קיינמאָל ניט געווען... סיידען אפשר אין שלאָף...

— אַי איז דאָס א פירשט! האָט אויסגעשריען פערדיטשענקאָ, גיין, איך זאָג זיך מיינס Se non e vero — איך נעהם צוריק! איבריי־ גענס, איז רעדט ער דאָס דאָך אלץ פון אומשולד! האָט ער צוגעגעבען מיט רחמנות.

דער פירשט האָט ארויסגעזאָגט זיינע עטליכע ווערטער, מיט אן אומרוהיגער שטימע, פערהאַקענדיג זיך, און שווער אטהעמענדיג. אלץ אין איהם האָט דערצעהלט פון גרויסער אויפרעגונג. נאסטאַסיא פי־ ליפּאָוונא האָט אויף איהם געקוקט מיט נייגעריגקייט, אבער זי האָט שוין ניט געלאַכט. אין דער זעלבער מינוט, האָט פון דעם עולם וועל־ כער האָט אזוי צו זאָגען, שטייף ארומגערינגעלט דעם פירשט און נאַס־ טאַסיא פיליפּאָוונא׳ן פּלוצלונג זיך דערהערט א הויכע, נייע שטימע, האָט צורוקט דעם עולם און צוטהיילט איהם אויף צווייען. פאר נאַס־ טאַסיא פיליפּאָוונא איז געשטאַנען דער פאָטער פון דער פאמיליע אליין גענעראל איוואלגין. ער איז געווען אַנגעטאָן אין פראַק און ריינער קאָלנער. זיינע וואָנצען זיינען געווען באַפאַרבט.

דאָס האָט שוין האַניאַ ניט געקענט איבערטראָגען.

אן עגאָאיסט און כבוד־זוכער ביז משוגעת, ביז איפּאָכאָנדריע; א מענש וועלכער האָט די גאַנצע צוויי מאָנאַטען געזוכט, כאָטש א וועלכען ס׳איז ניט איז פונקט, אויף וועלכען ער זאָל קענען זיך אנ־ שטענדיגער אָנשפּארען און עהרווירדיגער ארויסשטעלען; א מענש וואָס האָט געפיהלט אז ער איז כאָך א נייער, אויף דעם אויסערוועהל־ טען וועג און מעגליך, אז ער וועט ניט אויסהאַלטען; און ענדליך פון פּאַרצווייפלונג זיך באַשליסענדיג, ביי זיך אין דער היים, וואו ער איז געווען א דעספּאָט ביז פרעכהייט, נור ניט קענענדיג זיך באַשליסען פאר די אויגען פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, וועלכע האָט איהם ביז דער לעצטער מינוט אראָפּגעפיהרט פון׳ם וועג, און וועלכע האָט אָהן רחמנות איבער איהם געהאַט די איבערהאַנט; איבער איהם דעם „אונגעדולדיגען קבצן", לויט דעם אויסדרוק פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוו־ נא אליין. ווי מען האָט איהם איבערגעגעבען; און וועלכער האָט זיך געשוואָרען מיט אלערליי שבועות איהר דערפאר ריכטיג אפּצוצאָהלען.

און אין דער זעלבער צייט גאנץ אפּט, קינדיש טרוימענדיג, אלעס צוזאמענפיהרען און אויסגלייכען אלע געגענזאטצען. — ער מוז דאס איצט אויסטרינקען אט דעם גאנצען שרעקליכען כוס, און דערהויפּט אין אזא מינוט! נאך איין ניט פאראויסגעזעהענע, נאר אזא שרעקליכע פּייניגונג פאר א גייציגען מענשען — די פּיין פון שעהמען זיך צוליב עלטערען, און דערצו ביי זיך אין הויז, איז אויסגעפאלען אויף זיין חלק. „און איז דאס אלץ ווערטה אט די באלוינונג“! האט א בליץ געטאן ביי האניען אין קאפּ.

אין דער זעלבער מינוט איז פארגעקומען דאס, וואס האט זיך איהם גע'חלומ'ט אין די פּאר מאנאטען נור אין די נעכט, אין דער פאָרם פון א קאשמאר, און איהם געמאכט צו פרירען אין שרעק, און ברענען פון שאנדע. עס איז ענדליך פארגעקומען די פאמיליען־באגעגעניש פון זיינע עלטערען מיט נאסטאסיא פיליפּאוונא. ער האט אייניגע מאל, ווענדיג רייצען זיך מיט זיך אליין געפּרובירט פארצושטעלען דעם גענעראל, אין דער צייט פון דער חתונה־צערעמאניע. נאר ער איז קיינמאל ניט געווען פעהיג צו פארענדיגען דאס פּייניגע בילד, און ער האט זי שנעל אפּגעלאזט. מעגליך, אז ער האט אהן א מאס גרעסער געמאכט דעם אומגליק. נאר מיט גייציגע מענשען איז שוין שטענדיג אזוי. אין די דאזיגע פּאר מאנאטען האט ער געהאט צייט גענוג אנצוטראכטען זיך און ער האט זיך געגעבען דעם ווארט, אז וואס עס זאל ניט געשעהן, ער מוז פּטור ווערען פון זיין פאטער כאטש בלויז אויף א שטיקעל צייט, און אפילו צו מאכען איהם פארשווינדען, אויב מעגליך, פון פּעטערבורג, ניט קוקענדיג, צי וועט די מוטער אויף דעם איינגעהן צי ניט. מיט צעהן מינוט פריהער, ווען ס'איז אריינגעקומען נאסטאסיא פיליפּאוונא, איז ער געווען אזוי ערשטוינט, אזוי צוטומעלט, אז ער האט גאר אין גאנצען פארגעסען, וועגען דער מעגליכער ערשיינונג פון ארדאליאן אלעקסאנדראוויטש אויף דער סצענע, און ער האט ניט געמאכט קיינע פארדערונגען. און אט איז דער גענעראל דא. פאר אלעמען, און זיך נאך פייערליך צוגרייטענדיג זיך, און אין א פראק, און פונקט פון דער זעלבער צייט ווען נאסטאסיא פיליפּאוונא „האט געזוכט די געלעגענהייט צו באשיטען איהם און זיינע היימישע מיט שפּאטעריי“. (אין דערין איז ער געווען זיכער) און באמת, וואס פאר אן אנדער צוועק קען האבען איהר איצ־

טיגער באזוד, אויב ניט דאָס? איז זי דען געקומען צופאָהרען, כדי צו ווערען גוט פריינד מיט זיין מוטער און שוועסטער, אָדער באַליידיגען זיי ביי איהם אין הויז? נאָר לויט דעם, ווי עס האָבען זיך אויסגעלעגט ביידע צדדים, קאָן שוין גאָר קיין צווייפעל ניט זיין; זיין מוטער און שוועסטער זיינען געזעסען אין א זייט ווי פארשפּייטע, און נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט אפילו דוכט זיך, פארגעסען אז זיי זיי־ יען מיט איהר אין איין צימער... און ווען זי פיהרט זיך אויף אזוי, מן הסתם האָט זי דאָך איהר ציעל!

פערדישטשענקאָ האָט אונטערגעכאַפּט דעם גענעראל און איהם צו־ געפיהרט.

— ארדאליאָן אלעקסאנדראָוויטש איוואלגין, האָט מיט ווירדע ארויסגעזאָגט פארנויגענדיג זיך און שמייכלענדיג דער גענעראל— אן אלטער, אומגליקליכער סאָלדאט, און פאַמיליען־פאָטער, א גליק־ ליכער מיט דער האָפענונג צו איינשליסען אין אונזער מיטע, אזא וואונדערשעהנע...

ער האָט ניט פאַרענדיגט, פּערדישטשענקאָ האָט אויף שנעל איהם פון הינטען אונטערגעטראָגען א שטוהל און דער גענעראל זייענדיג אביסעלע אין אזא נאָכמיטאָג־שטונדע שוואַך אויף די פיס, האָט זיך א וואָרף געטאָן, אדער בעסער געזאָגט, געפאלען אויפ'ן שטוהל. נאָר איבעריגענס, האָט דאָס איהם ניט פארשעהמט. ער האָט זיך אוועקגע־ זעצט גלייך אנטקעגען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא און מיט אן אנגענעהע־ מער גרימאַסע, פּאַמעליך און מיט עפעקט, אונטערגעטראָגען איהרע פינגערלאך צו זיינע ליפען. אין אלגעמיין איז דעם גענעראל געווען שווער צו פארשעהמען. זיין אויסערליכעם אויסזעהן אויסער דאָס בי־ סעלע אָפּגעלאָזענקייט, איז נאָך אלץ געווען א גאַנץ אנשטענדיגע. וואָס ער אליין האָט אויך גאנץ גוט געוואוסט. איהם איז אמאָל אויס־ געקומען צו זיין אפילו אין פיינער געזעלשאַפט אויך. און פון וועל־ כער ער איז געווען אויסגעשלאָסען בלויז א יאָהר צוויי־דריי. פון דער צייט אָן האָט ער זיך שוין אביסעלע צופיעל אָפּגעגעבען צו אייניגע פון זיינע שוואכקייטען; נאָר זיין פלינקע און אנגענעהמע מאַניערען זיינען איהם געבליבען אויך ביז איצט. עס האָט זיך געדוכט, אז נאַס־ טאַסיא פיליפּאָוונא, האָט זיך זעהר דערפרעהט מיט דער ערשיינונג

פון ארדאליאָן אלעקסאנדראָוויטש, פון וועלכען זי האָט זיכער גע־וואוסט, פון אָנהערען זיך.

— איך האָב געהערט, אז מיין זוהן... האָט געוועז אָנגעהויבען ארדאליאָן אלעקסאנדראָוויטש.

— יא, אייער זוהן! איהר זייט אויך א גאנץ שעהנער טאטעלע! פאר וואס זעהט מען אייך קיינמאָל ניט ביי מיר? וואס איהר אליין באהאלט זיך דען, אָדער דער זוהן באהאלט אייך? איהר האָט דאָך גע־וויס געקענט קומען צו פאָהרען צו מיר קיינעם ניט קאָמפּראָמעטי־רענדיג.

— קינדער פון נייגצעהנטען יאהרהונדערט און זייערע עלטערען...

— האָט דער גענעראל ווידער אָנגעהויבען.

— נאסטאסיא פיליפּאָווּנא! ביטע, לאָזט אָפּ ארדאליאָן אלעק־סאנדראָוויטש'ן אויף איין ווייליטשקע, מען דארף איהם האָבען — האָט הויך געזאָגט נינא אלעקסאנדראָוונא.

— אָפּלאָזען! איך בעט אייך, איך האָב אזוי פיעל זיך אנגע־הערט, אזוי לאנג געוואָלט זעהן! און וואס פאר א געשעפטען האָט ער דאָס? ער איז דאָך אן אויסגעדינטער? גענעראל, איהר וועט מיך ניט פארלאָזען, ניט אוועקגעהן?

— איך געדיינק מיין וואָרט, אז ער וועט קומען צופאָהרען צו אייך אליין, נאָר איצט נויטיגט ער זיך אין אביסעלע רוה.

ארדאליאָן אלעקסאנדראָוויטש, מען זאָגט, אז איהר נויטיגט זיך אין אביסעלע רוה, — האָט אויסגערופען נאסטאסיא פיליפּאָוונא מיט אן אונצופריעדענער גרימאסע, פונקט ווי א מיידעלע א לייכטזיניגע ביי וועלכער מען נעהמט אָפּ א צאצקע, און דער גענעראל האָט זיך באמיהט צו פארנארישען זיין לאגע.

— פריינד מיינער! פריינד מיינער! — האָט ער מיט פאָר־וואורף און פייערליך אויסגערופען, זיך ווענדענדיג צו דער ווייב און אוועקלעגענדיג די האנט אויף'ן הארצען.

— איהר געהט פון דאנען ניט אוועק מאַמינקע! — האָט הויך געפרעגט ווארייא.

— ניין, ווארייא, איך וועל אויסזיצען ביז צום ענד.

נאסטאסיא פיליפּאָוונא האָט ניט געקאָנט ניט הערען די פראגע און דעם ענטפער, נאָר דאָס האָט נאָך פארגרעסערט איהר פרעה־

ליכקייט. זי האָט באַלד ווידער פאַרשאַטען דעם גענעראַל מיט פראַ־
גען. און אין פינף מינוט אַרום איז דער גענעראַל געווען אין דער
סאַמע יום־טוב'דיגער שטימונג. און ער האָט גערעדנערט ביים הויי־
כען געלעכטער פון די אַנוועזענדע.

קאַליא האָט אַ ציה געטאָן דעם פירשט פאַר'ן עק פון ראָק.

— אָבער פיהרט איהר איהם כאָטש ווי עס איז אַרוּם! קענט איהר עס ניט? ביטע! און ביי דעם קליינעם אינגעל האָבען אפילו טרערען פון כעס געברענט אין די אויגען. — אַ, פאַרשאָלטענער האַנקאַ! — האָט ער צוגעגעבען פאַר זיך.

— מיט איוואַן פיאָדאָראָוויטש עפּאַנטשין בין איך אודאי געווען אין גרויסער פריינדשאַפט, — האָט אויף נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא'ס פראַגען זיך צוגאָסען דער גענעראַל. איך, ער און דער פאַרשטאָרבע־נער פירשט מישקין, דעם זוהן זיינעם וועלכען איך האָב אַרומגע־נומען היינט, נאָך אַ פינף און צוואַנציג יאָהריגער צושיידונג, מיר זיי־נען געווען די דריי ניט פאַנאַנדערגעשיידטע. אזוי צו זאָגען די קאָ־וואַלקאַדע! אַטאָס, פּאָרטאָס, און אַראַמיס. נאָר אוי וועה, איינער איז אין קבר. נידערגעשלאָגען פון רכילות און קוילען, דער צווייטער שטעהט דאָ פאַר אייך, און ער קעמפּפט נאָך מיט די רכילות און קוילען...

— מיט קוילען! — האָט אויסגעשריען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא.

— זיי זיינען דאָ, ביי מיר אין ברוסט, און געקראָגען האָב איך זיי ביי קאַרס, אין אַ מואָס'ען וועטער, איך פיהל זיי, אין אַלע איבע־ריגע באַציהונגען, לעב איך ווי אַ פילאָסאָף. איך געה, שפּאַציר, שפּיל אין מיין קאַפע־הויז, אין דאָמקעס, ווי אַ בורזשוי, וואָס האָט זיך צוריקגעצויגען פון זיינע געשעפטען, און איך לעז „אינדיפּענדענס". נאָר מיט אונזער פּאָרטאָס, מיט עפּאַנטשין, נאָך אַ געשיכטע, וואָס האָט זיך פּאַרלאָפען אויפ'ן באַהן, מיט דריי יאָהר צוריק, צוליעב אַ הינטעל, האָב איך איננאַנצען איבערגעריסען.

— אַ הינטעל? וואָס מיינט דאָס? — האָט מיט אַ באַזונדערער נייגעריגקייט געפרעגט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. — צוליעב אַ הינטעל? ערלויבט מיר, און אויפ'ן באַהן! האָט זי, ווי זיך אַן עפּעס דער־מאָנט.

— אַ, אַ נאַרישע געשיכטע! עס לוינט זיך ניט ווידערהאָלען:

צוליב דער גאָווערנאַנטקע פֿון דער פֿירשטין בעלקאָנסקאַ, מיסיס שמידט, אבער, עס לוינט זיך ניט ווידערהאָלען.

— אָ, איהר מוזט אומבאדינגט דערצעהלען! — האָט פֿרעהליך אויסגערופֿען נאַסטאַסיא פֿיליפּאָוונא.

— און איך האָב נאָך אויך ניט געהערט! — האָט באמערקט פֿערדישטשענקאָ C'est du nouveau

— ארדאַליאָן אַלעקסאנדראָוויטש! — האָט זיך ווידער דערהערט די בעטענדע שטים אין נינא אַלעקסאַנדראָוונא.

— פּאַפּעלע, מען פֿרעגט אויף אייך. — האָט א געשריי געטאָן קאליא.

— א נאַרישע געשיכטע און אין צוויי ווערטער, — האָט מיט זעלבסט־פֿאַרגעניגען אָנגעהויבען דער גענעראַל — צוויי יאָהר צוריק יא! אָהן עפּעס! מען האָט נאָר וואס אויפגעעפֿענט די נאָוואָ־סקי איי־זען־באהן. און איך (שוין אין ציווילע קליידער) כּלאָפּאָטשענדיג ווע־גען פֿאַר מיר זעהר וויכטיגע זאַכען, וועגען דער ענטלאַסונג פֿון מיין דינסט, האָב איך גענומען א בילעט אין ערשטען קלאַס: בין אריין, זיץ, רויכער, דאָס הייסט, איך זעץ פֿאָר צו רויכערען, איך האָב נאָך פֿריהער פֿאַררויכערט. איך בין אליין אין דער באזונדערער אָפּטיילונג. רויכערען איז ניט פֿאַרבאָטען, אבער עס איז אויך ניט ערלויבט. דאָס הייסט, עס איז האַלב־ערלויבט, ווי געוועהנליך, נעהמענדיג אין אנבאַ־טראַכט ווער און וואס. דער פֿענסטער איז ארונטערגעלאָזט. פּלוצלונג פֿאַר דעם סאַמע פּייף. קומען אריין צוויי דאַמען מיט א הינטעל. פּונקט אַנטקעגען; זיי האָבען פֿאַרשפּעטיגט. איינע איז זעהר פּרעכטיג פֿאַר־פּוצט, אין העל־בלוי; די צווייטע, אביסעלע באשיידענער, אין שוואַר־צען זיידענס, מיט א פּעלערינקע, ניט קיין מואס'ע, קוקען אָנגעבלאָזען, רעדען ענגליש. איך, זעלבסטפֿאַרשטענדליך טו זיך מיינס, רויכער. דאָס הייסט איך האָב אפילו א טראַכט געטאָן, נאָר פֿונדעסטוועגען זעץ איך פֿאָר צו רויכערען אין פֿענסטער, ווייל דער פֿענסטער איז אָפֿען. דאָס הינטעל ליגט ביי דער העל־בלויער דאַמע אויף די קניע, א קליינינקער אינגאַנצען די גרויס ווי מיין פויסט. א שוואַרצינקער, די פֿיסעלעך ווייסענקע. אַן אַנטיק. דער האַלז־באַנד איז א זילבערנער מיט אַן אויפֿשריפֿט. איך טו זיך מיינס. באמערקען באמערק איך אבער, אַז די דאַמען זיינען, דוכט זיך, אין כּעס. פֿאַר דעם סיגאַר געוויס. איי־

נע האָט גענומען קוקען אין א טשערעפּאַכענעם לארנעט. איך מאַך זיך אַלץ ניט ווּיסענדיג. ווייל זאָגען, זאָגען זיי דאָך גאַרנישט! ווען זיי וואָלטען געזאָגט, געוואַרענט, א בעט געטאָן, נאָך אַלעמען איז דאָך עפּעס א מענשליכער צונג! אבער דאָ — זיי שווייגען... פּלוצלינג — און דאָס איז, זאָג איך אייך, אָהן קיין וואַרנונג, דאָס הייסט אָ.ן דער סאַמע קלענסטער, עפּעס טאַקע אינגאַנצען ווי זי וואָלט פון זינען אַרונטער — גיט די העל־בלויע א כאַפּ פון מיין האַנט דעם סיגאַר — און אין פענסטער, דער צוג לויפט. איך קוק ווי א האַלב־פּאַרריקטער. די פרוי איז א ווילדע, עפּעס טאַקע אינגאַנצען ווי פון ווילדען צו־שטאַנד. איבעריגענס, א פיינע פרוי, א פולע, א הויכע, א בלאָנדינקע א געפאַרבטע (שוין אביסעלע צופיעל) די אויגען גלאַנצען אויף מיר. ניט רעדענדיג קיין וואָרט, האָב איך מיט אַן אויסערגעוועהנליכער העפליכקייט מיט דער פולסטער העפליכקייט, מיט דער דינסטער, אַזוי צו זאָגען, העפליכקייט, זיך דערנעהענט מיט צוויי פינגער צום הינ־טעל, נעהם איהם אַן ערעל פאַר'ן העלזעל און שליידער איהם אַרויס. זאָל ער געהן זוכען דעם סיגאַר. דאָס הינטעל האָט בלויז א ביל גע־טאָן! דער צוג זעצט פאַר צו פליהען...

— איהר זייט אַן אוממענש! — האָט אויסגעשריען נאַסטאַסיא פיליפּאָווגא, כאַכאַטשענדיג און קלאַפּענדיג אין די הענט ווי א מייד־דעלע.

— בראַוואָ, בראַוואָ, — האָט געשריען פערדישטשענקאָ, עס האָט אויך א שמייכעל געטאָן פּטיצין, וועלכען ס'איז אויך געווען זעהר ניט אַנגענעהם דאָס קומען פון גענעראַל, אפילו קאַליא האָט זיך צו־לאַכט און אויך א געשריי געטאָן „בראַוואָ“.

— און איך האָב רעכט, איך האָב רעכט, דריי מאָל רעכט! — האָט מיט היץ פאַרטגעזעצט דער זיגרייכער גענעראַל, — ווייל ווען סיגאַרען זיינען פאַרבאָטען אין די וואַגאָנען, זיינען הינטלעך נאָך פריי־הער פאַרבאָטען!

— בראַוואָ, פאַפּאַשאַ! — האָט פרעהליך אויסגעשריען קאַליא: אויסגעצייכענט! איך וואָלט זיכער אויך אַזוי געהאַנדעלט!

— און וואָס האָט געטאָן די דאַמע? — האָט אומגעדולדיג זיך נאָכגעפרעגט נאַסטאַסיא פיליפּאָווגא.

— זי? אַט דאָ איז דאָך טאַקע די גאַנצע אומאַנגענעהמליכקייט,

— האָט פאַרטגעזעצט אנכמורענדיג זיך דער גענעראַל. — ניט רעד־דענדיג קיין וואָרט, און אַהן דער קלענסטער וואָרנונג, דערלאַנגט זי מיר אין באַק! א ווילדע פרוי. עפּעס גאָר פון דעם ווילדען סאָרט.

— און איהר?

דער גענעראַל האָט אַרונטערגעלאָזט די אויגען, אויפגעהויבען די ברעמען, די הענט, א ווײַלע געשוויגען און פּלוצלונג אַרויסגעזאָגט:

— איך האָב זיך פאַרגעסען!

— און עפּעס שטאַרק? שטאַרק?

— איך שווער אייך מיט גאָט, אז ניט שטאַרק! עס איז אַרויס־געקומען א סקאַנדאַל. אבער איך האָב ניט שטאַרק. איך האָב בלויז איינמאָל א מאַך געטאָן מיט'ן האַנט. נאָר דאָ האָט דער טייפעל אָפּ־געטאָן א שפּיצעל: עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אז די העל־בלויע ענגלענדערין איז א גאָווערנאַנטקע, אָדער א איך וויים דאָרטען וואָס, אין הויז פון דער פירשטין בעלאָקאָנסקאַי. און די וואָס איז געווען אָנגעטאָן אין שוואַרצען, איז געווען די עלטסטע פון די פירשטינס בעלאָקאָנסקעס, אַן אַלטע מויד פון א יאָהר פינף און דרייסיג. און ס'איז באַקאַנט, אין וועלכע באַציהונגען עס געפינט זיך די גענעראַל־שע עפּאַנטשין מיט דער פאַמיליע. אַלע פירשטינס פאַלען אין חלשות. טרערען, טרויער נאָך דעם ליעבלינג, דעם הינטעל. די קוויטשעריי פון די זעקס פירשטינס, די קוויטשעריי פון דער ענגלענדערין — די וועלט געהט אונטער! נו, געוויס, איך בין געפאָהרען בעטען מחילה, זיך ענטשולדיגט, אָנגעשריבען א בריף און מיט עפּאַנטשין א קריעג, און אויסשליסונג, אַן אַרויסיאָגונג.

— אָבער ערלויבט מיר, ווי אזוי איז דאָס געשעהן? — האָט פּלוצלונג געפרעגט נאַסטאַסיא פיליפּאָווגא, — מיט פינף אָדער זעקס טאָג צוריק האָב איך געלעזען אין „אינדיפּענדענס" — און איך בין א שטענדיגע לעזערין פון „אינדיפּענדענס" — פּונקט אזא געשיכטע. אָבער טאַקע פּונקט אזא! דאָס האָט פּאַסירט אויף איינער פון די אייזען־באַהנען אַרום דער רהיין. מיט איינעם א פראַנצויז און מיט אַן ענגלענדערין. פּונקט אזוי איז אַרויסגעריסען געוואָרען דער סיגאַר, פּונקט אזוי אויך אַרויסגעוואָרפען פון פענסטער דאָס הינטעל, און ענדליך האָט זיך אויך פּונקט ווי ביי אייך געענדיגט, אפילו די קלייד איז א העל־בלויע.

דער גענעראַל איז שרעקליך רויט געוואָרען, קאַליא איז אויך רויט געוואָרען און זיך א דריק געטאָן מיט די הענט דעם קאָפּ. פּטיצין האָט זיך האַסטיג אָפּגעקעהרט. געלאַכט ווי פריהער האָט נור איין פערדישטשענקאָ, פון האַניאָ'ן איז ניט געוועזן וואָס צו ריידען: ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען אויסהאַלטענדיג א שטומע און גוואַלדיגע פּיין.

— איך פאַרזיכער אייך, האָט א מורמעל געטאָן דער גענעראַל — אַז אויך מיט מיר האָט פּונקט אַזאַ זאַך געטראָפען...

— ביים פּאַפּאַשאַ איז ווירקליך געוועזן אַן אונאַנגענעהמליכקייט מיט מיסים שמידט, די גאָווערנאַנטקע און די בעלקאַנסקעס, האָט אויסגעשריען קאַליא — איך געדענק.

— ווי? פּונקט אין פּונקט? איין און די זעלבע געשיכטע אין צוויי עקען פון אייראָפּאַ. און פּונקט אין פּונקט, אין אַלע איינצעל־הייטען, ביז צום העל־בלויען קלייד — איז געשטאַנען אויף דאָס איהריגע די מיטליידלאָזע נאַסטאַסיא פיליפּאָווגאַ; — איך וויל אייך צושיקען די „אינדיפּענדענס“.

— אָבער בעמערקט אייך, האָט זיך נאָך אַלץ געפּרובירט שפּאַ־רען דער גענעראַל — אַז מיט מיר איז דאָס פאָרגעקומען מיט צוויי יאָהר פריהער...

— סיידען, אַזוי איז מעגליך!

נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ האָט געלאַכט אַזוי ווי אין היסטעריקע.

— פּאַפּעלע, איך בעט אייך, אַרויסגעהן, איך דאַרף מיט אייך ריידען א פּאָר ווערטער, האָט מיט א ציטערדיגער אויסגעמוטשעטער שטימע אַרויסגערעדט האַניאַ. מאַשינאַלנע א כאַפּ טוענדיג דעם פאָ־טער פאַר'ן אַקסעל, אַן אינערליכער האַס האָט געברענט אין זיין בליק.

אין דעם זעלבען אויגענבליק האָט זיך דערהערט א גוואַלדיגער שטאַרקער קלונג פון גלעקעל, אין פאָר־הויז. מיט אַזאַ קלונג האָט מען געקענט אַרונטער רייסען דעם גלעקעל. עס איז געוועזן צו ערוואַר־טען אַן אומגעוועהנליכער באַזוך. קאַליא איז אַוועק געלאָפען עפענען.

## צעהנטער קאַפּיטעל.

אין פאַר־הויז איז פּלוצלונג געוואָרען זעהר טומעלדיג און פול מיט מענשען; פון גאַסט־צימער האָט זיך אויסגערוכט, אז פון הויף זיינען אריינגעקומען עטליכע מענשען און מען האַלט נאָך אַלץ אין קומען. עטליכע שטימען האָבען גערעדט און אויסגעשריען מיט אַמאָל. מען האָט גערעדט און געליאַרעמט אויף די טרעפּ, הינטער וועלכע די טהיר פון פאַר־הויז האָט זיך ווי ס'האָט זיך געהערט, נאָך ניט צוגע־מאַכט. דער באַזוך איז געווען זעהר אַ מאָדנער. אַלע האָבען זיך איבערגעקוקט, האַניאַ האָט זיך געלאָזט אין זאַל, נור אויך אין זאַל זיינען שוין אריין עטליכע מענשען.

— און אָט איז ער דער יודאַ! — האָט אויסגעשריען צום פירשט אַ באַקאַנטע שטימע. — אַ גוטער מאָרגען האַנקאַ פּאַדלעץ!

— ער, ער אַליין איז דאָס! האָט באַשטימט אַ צווייטע שטימע.

דער פירשט האָט ניט געהאַט וואָס צו צווייפלען, איין שטימע האָט געהערט צו ראָגאָזשין די צווייטע, צו לעבעדעוו.

האַניאַ איז געשטאַנען אזוי ווי אַ גולם אויפ'ן שוועל פון גאַסט־צימער און געקוקט שווייגענדיג, ניט שטערענדיג דאָס אריינקומען אין זאַל אַ מענשען צעהן אָדער צוועלף הינטער ראָגאָזשינען. די חברה איז געווען זעהר אַ פאַרשיידענאַרטיגע, און זי האָט זיך אויסגעציי־כענט ניט נאָר מיט איהר פאַרשיעדענאַרטיגקייט נאָר אויך מיט איהרע מואסע מאַניערען. אייניגע פון זיי זיינען אריינגעקומען אזוי ווי זיי זיי־נען געווען אין גאַס, אין אויבער־רעק און אין פוטערס. נאָר אינגאַנצען שיכורע זיינען איבעריגענס ניט געווען, דערפאַר האָבען אָבער אַלע אויסגעקוקט שטאַרק פרעהלאַך. עס האָט זיך גערוכט אז אַלע האָבען זיי געדאַרפט איינער דעם צווייטען אום אריינצוקומען, ניט ביי קיי־נעם פון זיי באַזונדער וואָלט געקלעקט מוטה, נור יעדער איינער פון זיי האָט דעם צווייטען ווי אונטערגעהאָלפען. אפילו ראָגאָזשין איז געגאַנגען פאָרזיכטיג אין דער שפּיץ פון דער מחנה, נור ער האָט ווי

געהאט עפּעס א צוועק. און ער האָט אויסגעקוקט חושד'יג און נער־וועז־פארזאָרגט. די איבעריגע האָבען בלויז צוזאמענגעשטעלט דעם כאהר, אדער בעסער געזאָגט די שאַיקע אום ארויסצוהעלפען. אויסער לעבעדעוו'ן איז דא אויך געוועזען דער קאָפּ־געלאָקטער זאליאזשאָוו, וועלכער האָט ארונטערגעוואָרפען זיין פוטער אין פאָר־הויז און איז אריינגעקומען פריי־באַוועגיג און פראנטיש, און גלייך מיט איהם צוויי־דריי העררן פון די סוחרי'שע קינדער. עפּעס איינער אין א האלב מיליטערישען אויבער־ראָק; עפּעס איינער א קליינטשינקער און זעהר א דיקער מענש, א באַשטענדיג לאכענדער; עפּעס איינער א גרויסער הערר פון א צוועלף ווערשאָק, אויך זעהר א דיקער, זעהר אַן אומע־טיגער און שווייגענדיגער און ווי עס זעהט אויס א מענש וואָס פאר־לאָזט זיך זעהר שטארק אויף זיינע פויסטען. געוועזען איינער אַ מעדיציני־שער סטודענט, געוועזען איינער אויך א לעדיג געהענדער פּאליאק'ל. פון די טרעפּ האָבען אריינגעקוקט נים ענטשליסענדיג זיך אריינצוגעהן עפּעס א פּאָר דאמען. קאליא האָט פארהאקט די טהיר אונטער זייער נאָז און פארלעגט מיט א האקען.

— וואס מאכסטו האנקא פּאָדלעץ! וואס, דו האָסט ניט ער־ווארטעט פּאָרפען ראגאזשינען? האָט ווידערהאָלט ראגאזשין צוקו־מענדיג צום גאסט־צימער און אָפּשטעלענדיג זיך אין טהיר אנט־קעגען האניען; נור אין דער מינוט האָט ער דערזעהן אין גאסט־צימער פּונקט אנטקעגען זיך, נאסטאסיא פיליפּאָוונא'ן, ס'ווייזט אויס אז איהם איז גאר קיינמאָל אין די געדאנקען נים געלעגען צו באגעגענען זי דא, ווייל איהר געשטאַלט האָט אויף איהם געמאכט אן אויסערגע־וועהנליכען איינדרוק; ער איז אזוי בלייך געוואָרען אזש זיינע ליפּען זיינען בלוי געוואָרען. — הייסט עס דאך אז עס איז אן אמת, האָט ער געזאָגט שטיל און ווי פאר זיך, מיט זעהר א טרויעריגען אויס־זעהן — א סוף!... איצט וועסטו מיר שוין אפּגעבען חשבון! — האָט ער פּלוצלונג א קריץ געטאָן מיט די ציין, מיט שרעקליכען כעס קוקענ־דיג אויף האניען — נו, אך!

ער האָט אפילו פארלאָרען דעם אטהעם, אפילו קוים געקענט א וואָרט אויסריידען. מאשינאַלע האָט ער זיך גערוקט צום גאסט־צימער נור אריבערגעהענדיג איבער'ן שוועל האָט ער פּלוצלונג דער־זעהן נינא אלעקסאנדראָוונא און וואריען, און ער האָט זיך אפּגעשטעלט,

זיך פאַרשעהמט, ניט קוקענדיג אויף זיין גאַנצער אויפגערעגטקייט. נאָך איהם איז דורכגעגאַנגען לעבעדעוו וועלכע איז פון איהם ניט אָפּגע־טראָטען ווי אַ שאָטען און שוין שטאַרק שיכור. דערנאָך דער סטו־דענט, דער הערר מיט די פויסטען, זאַליאַזשאַוו וועלכער האָט זיך גענויגט רעכטס און לינקס און נאָכדעם האָט זיך דורכגעקוועטשט דרע קורצינקער דיקער מאַן. די אַנוועזענהייט פון די דאַמען האָט זיי נאָך אַביסעלע אָפּגעהאַלטען, און ווי עס זעהט אויס, שטאַרק געשטערט. נור ביז אַן אָ נ ה ו י ב, ביז דער ערשטער געלעגענהייט אַ געשריי צו טאָן און אָ נ ה ו י ב ע ן... דאַ וואָלטען שוין קיינע דאַמען ניט געקענט שטערען...

— ווי? אויך דו פירשט ביזט דאָ? האָט צוטראָגען געזאָגט ראָ־גאָזשין, טהיילווייז אַ פאַרוואונדערטער מיט דער באַגעגעניש מיט'ן פירשט. — אַלץ אין די שטיוולעטען! ע־עך! האָט ער אַ קרעכץ געטאָן שוין פאַרגעסענדיג אַן פירשט און שוין ווידער איבערפיהרענדיג די אויגען אויף נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ. זיך אַלץ רוקענדיג און ציהענדיג צו איהר ווי צו אַ מאַגנעט.

אויך נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ האָט מיט אַן אומרוהיגער נייגע־ריגקייט געקוקט אויף די געסט.

ענדליך איז האַניאַ געקומען צו זיך.

— נו, ערלויבט מיר, וואָס־זשע ענדליך מיינט דאָס אַלעס? האָט ער אָנגעהויבען ריידען הויך, שטרענג באַקוקענדיג די אַריינקומענדע און וועגדענדיג זיך הויפּטזעכליך צו ראָגאָזשינען. — עס דאַכט זיך, אַז איהר זייט ניט אַריינגעקומען אין אַ שטאַל פון פערד, דאָ איז מיין מוטער און שוועסטער.

— מיר זעהן אַז אַ מוטער און אַ שוועסטער, האָט דורכגעזייט צווישען די ציין ראָגאָזשין.

— דאָס זעהט מען דאָך, אַז עס איז אַ מוטער און אַ שוועסטער, האָט נאָכגעזאָגט לעבעדעוו.

דער הערר מיט די פויסטען, דענקענדיג מן הסתם, אַז עס איז שוין געקומען די ריכטיגע מינוט, האָט אָנגעהויבען מורמלען.

— אָבער פונדעסטוועגען! האָט פּלוצלונג, עפּעס אַזוי ווי ניט און מאָס, מיט אַן אויפריים אויפגעהויבען זיין שטים האַניאַ. — ער־

שטענס, בעט איך אייך אַלעמען פון דאַנען אין זאָל און דערנאָך ער־לויבט מיר צו וויסען...

— זעה נור, ער דערקענט שוין גאַר ניט! האָט בייז געלאַכט ראַגאָזשין ניט ריהרענדיג זיך פון פּלאַץ. — איהר האָט ניט דערקאַנט ראַגאָזשינען?

— איך, האָב זיך מיט אייך, לאָמיר זאָגען, ערגעץ־וואו באַגעג־גענט אָבער...

— זעה נור, ערגעץ־וואו באַגעגענט! איך האָב דאָך צו דיר ערשט מיט דריי מאָנאַטען צוריק מיינע עלטערנ'ס צוויי הונדערט רובעל פאַר־שפּילט און דער אַלטער איז מיט דעם געשטאָרבען וואָס ער האָט ניט געקענט זיך דערוויסען. דו האָסט מיך פאַרשלעפּט, און קניף האָט מיך ארומגעשוונדען. דו דערקענסט מיך ניט? פּטיצין איז דאָך אַן עדות! און ווען איך צייג דיר דריי רובעל, נעהם איצט ארויס פון קעשענע, וואָלסטו אויף אַלע פיער זיי ביז וואַסיליעווסקען אינזעל נאָכגעקראָ־כען — אָט אַזאַ ביזטו! אַזאַ נשמה פאַרמאָגסטו! איך בין דאָס אויך איצט געקומען דיך קויפען פאַר געלט, דו קוק ניט וואָס איך בין אין אַזעלכע שיך אריינגעקומען. איך האָב ברודער גענוג געלט איך קאָן דיך מיט דיין גאַנצען פאַרמעגען אָפּקויפען... וועל איך וועלען וועל איך אייך אַלעמען אָפּקויפען! אַלץ אָפּקויפען! האָט זיך צוקאָכט און איז אַלץ ווי מעהר און מעהר שיכור געוואָרען ראַגאָזשין — ע־עך, האָט ער אַ געשריי געטאָן — נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ, טרייבט ניט ארויס, זאָגט דעם אמת; האָט איהר חתונה מיט איהם אָדער ניט?

ראַגאָזשין האָט פאָרגעבען זיין פראַגע ווי אַ פאַרלאָרענער, ווי צו עפּעס אַ גאָטהייט אַזאַ, נור מיט דער העלדישקייט פון אַ צום טויט פאַר'משפּט'ען, וועלכער האָט שוין גאַר ניט וואָס צו פאַרלירען, אין אַ טויטליכען אומעט האָט ער געוואַרט אויפ'ן ענטפער.

נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ האָט איהם אָפּגעמאָסטען מיט אַ שפּאָ־טישען און האָכמוטיגען בליק, נור זי האָט אַ קוק געטאָן אויף וואַריאַ און אויף נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, אַ קוק געטאָן אויף גאַניען און פּלוצ־לונג איבערגעביטען דעם טאָן.

— טאַקע גאָר גאָר ניט, וואָס איז מיט אייך? און ווי אַזוי פאַלט אייך גאָר איין צו פרעגען? — האָט זי געענטפערט שטיל און ערנסט און ווי מיט אַ געוויסער פאַרוואונדערונג.

— ניין? ניין! האָט אויסגעשריען ראגאזשין, שיעור ניט קומענ־דיג אין איבעררעשונג פון פרייד. — הייסט עס, אז ניט? ! און מיר האָבען זיי געזאָגט... אך! נו! נאסטאַסיא פיליפּאָוונא! זיי זאָגען אז איהר האָט זיך פאר׳קנס׳ט צו האניא׳ן! מיט איהם הייסט דאס! און ווי איז דאָס גאָר מעגליך? (איך זאָג דאָס זיי אַלעמען) און איך וועל דאָך איהם פאר 100 רובל איינגאַנצען קויפען, איך וועל איהם געבען טויזענט, נו, דריי, אז ער זאָל אָפּטרעטען, וועט ער א טאָג פאר דער חתונה אנט־לויפען, און מיר איבערלאָזען די כלה. איא דאס איז אזוי האניקא פּאדלעץ! איא דו וואָלסט דאָך גענומען דריי טויזענד! אָט האָסטו זיי! מיט דערמיט בין איך געפאָהרען אז איך זאָל פון דיר נעמען אַ אונטערשריפט אַזאַ. איך האָב געזאָגט, אז איך וועל קויפען — און איך וועל קויפען!

— זאָלסט שוין ארויס פון דאַנען, דו ביזט שיכור! האָט א געשריי געטאָן דער רויט־ווערענדער און בלייך־ווערענדער איינס נאָך איינס, האניא.

נאָך זיין געשריי האָט זיך פּלוצלונג דערהערט א פּלוצליכער אויפ־רייס פון אסך שטימען: ראגאזשין׳ס גאנצע קאַמאנדע האָט שוין לאַנג געוואָרט אויף דעם ערשטען ארויסרוף. לעבעדעוו האָט עפּעס מיט זעהר פיל באַמיהונג אריינגעשושקעט אין אויער ראגאזשינען.

— ס׳איז אמת, טשינאָווניק, האָט געענטפערט ראגאזשין — אמת שיכור׳ע נשמה! עד וואס עס זאָל ניט זיין נאסטאסיא פילי־פּאָוונא! האָט ער אויסגערופען קוקענדיג אויף איהר ווי א האלב פּארריקטער, ציטערענדיג און פּלוצלונג ווערענדיג מוטהיג ביז חוצפה. — אָט האָט איהר אכצעהן טויזענד! און ער האָט א שאַר געטאָן פאר איהר אויפ׳ן טיש א פּעקעל אין ווייסען פּאַפּיר, איבערגעבונדען אין דער קרום מיט א שנירעלע — אָט האָט איהר! און... עס וועט זיין נאָך!

ער האָט ניט געהאַט קיין מוטה צו דעררײדען וואָס איהם האָט זיך געוואָלט.

— ני־ני־ני, האָט איהם ווידער אריינגעשושקעט לעבעדעוו, מיט א שרעקליך איבערגעשראָקענעם פּנים, מען האָט געקענט פארשטעהן, אז ער האָט זיך דערשראָקען פאר דער גרויסקייט פון דער סומע, און ער האָט פּארגעלעגט צו פּראָבירען מיט אסך א קלענערער.

— נו, אין דעם ברודער, ביזטו שוין א נאר, ווייסט ניט וואוהין דו ביזט געקומען... אבער עס ווייזט אויס, אז איך בין א נאר צוזאמען מיט דיר! — האט זיך פּלוצלונג געכאפּט און אויפגעציטערט ראגאז־שין אונטער דעם אויפבליצענדען בליק פון נאסטאסיא פיליפּאָוונא.
— ע־עך! איך האָב דיר געזאָגט א ליגען, איך האָב דיך געפּאָלגט,— האט ער צוגעגעבען אין טיפער חרטה.

נאסטאסיא פיליפּאָוונא האט זיך איינקוקענדיג אין ראגאזשין׳ס פארענדערטען פּנים פּלוצלונג צולאכט.

— מיר, אכצען טויזענד? גלייך ווייזט זיך ארויס דער פויער! האט זי פּלוצלונג צוגעגעבען מיט חוצפּה׳דיגע פאמיליאריטעט און זיך אויפגעהויבען פון סאָפקע, ווי קלייבענדיג זיך אוועקצופאָהרען. האניא האט מיט א אָפּשטארבענדען הארץ נאכגעקוקט די גאנצע סצענע.

— איז פערציג טויזענט, פערציג ניט אכצעהן! האט אויסגעשריען ראגאזשין, וואנקא, פּטיצין און ביסקופּ האָבען צוגעזאָגט ביז זיבען א זייגער צוצושטעלען פערציג טויזענד. פערציג טויזענד! אלע אויפ׳ן טיש!

די סצענע איז ארויסגעקומען זעהר א העסליכע. נור נאסטאסיא פיליפּאָוונא האט פארטגעזעצט צו לאכען און איז ניט אוועקגעגאנגען, אזוי ווי עפּעס וואָלט זי אין אמת׳ן צוגעצויגען. נינא אלעקסאנדראָוונא און װאריא האָבען זיך אויך אויפגעשטעלט פון זייערע פּלעצער, און איבערגעשראָקענע און שווייגענדע געוואַרט וואָס וועט דא ווערען; וואַריא׳ס אויגען האָבען געגלאנצט אבער אויף נינא אלעקסאנדראָוונא האט דאס אלץ געווירקט קרענקליך; זי האט געציטערט, און עס האט זיך געדוכט, אז זי וועט באלד פאלען אין חלשות.

— און אויב אזוי — איז הונדערט! היינט נאָך שטעל איך צו הונדערט! פּטיצין לייז אויס. דו וועסט די הענט אָנוואַרימען!

— דו ביזט פון זינען ארונטער! האט פּלוצלונג א שעפּטשע געטאָן פּטיצין, האסטיג צוקומענדיג צו איהם און כאפּענדיג איהם פאר דער האנט — דו ביזט שיכור, מען וועט שיקען נאָך די וועכטער, וואו געפינסטו זיך?

— פון שיכרות לייגט ער, האט א זאָג געטאָן נאסטאסיא פיליפּאָוונא ווי זיך רייצענדיג מיט איהם.

— אז איך זאָג ניט קיין ליגען, זיי וועלען זיין. צו אבענד צו

וועלען זיי זיין. פּטיצין לייז אויס! פּראָצענטישע נשמה, נעהם ווי־פיל דו ווילסט, שטעל צו צו אבענד צו הונדערט טויזענד, איך וועל ווייזען, אז איך באשטעה ניט אין געלט! — האָט זיך פלוצלונג באַגייסטערט ביז פרייד ראגאזשין.

— אָבער פונדעסטוועגען וואָס איז דאָס אזוינס? האָט דראהענד און אונערווארטעט אויסגעשריען דער אין כעס געוואָרענער ארדאליאָן אלעקסאנדראוויטש צוקומענדיג נאָהענט צו ראגאזשינען. די פלוצ־ליכקייט פון דעם אויפטריט פון דעם ביז איצט שווייגענדען אלטען האָט צוגעגעבען אסך קאָמיזם, עס האָט זיך דערהערט א געלעכטער.

— און דאָס פון וואנען קומט? האָט זיך צולאכט ראגאזשין — קום אלטער, וועסטו ווערען שיכור!

— דאָס איז שוין נידערטרעכטיג! האָט א געשריי געטאָן קאליא אינגאַנצען וויינענדיג פון שאַנדע און ערגערניש.

— קען דען זיין אז עס זאָל זיך צווישען אייך ניט געפינען איינער וואָס זאָל ארויספיהרען פון דאנען דער אונפארשעהמטער! האָט פלוצלונג א געשריי געטאָן, אין גאַנצען זיך טרייסלענדיג פון כעס, ווארי.

— דאָס רופט מען מיך אזוי די אונפארשעהמטע האָט מיט א פאראכטענדער פרעהליכקייט געענטפערט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — און איך בין דאָס ווי א נאַר געקומען זיי רופען צו זיך אויפ'ן אָוונט. אָט ווי אזוי אייער שוועסטער באהאַנדעלט מיך גאווריל ארדאליאָנאָוויטש.

א קורצע צייט איז האניא געשטאַנען ווי פון א בליץ געטראָפען צוליב דעם אויפטו פון דער שוועסטער. נור דערזעהענדיג אז דאסמאָל געהט טאַקע נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא אין אמת'ן אוועק. האָט ער זיך א צורייצטער געוואָרפען אויף ווארי‏ען און אין רציחה זי אָנגעכאַפּט ביים האנט.

— וואָס האָסטו געטאָן? האָט ער אויסגעשריען, קוקענדיג אויף איהר, ווי וועלענדיג מאַכען זי טאַקע דאָ אויפ'ן פלאץ צו אַש, ער האָט זיך באמת פארלאָרען און שלעכט געוואוסט וואָס ער טוט.

— וואָס האָב איך געטאָן? וואוהין שלעפּסטו מיך? אפשר צו בעטען ביי איהר ענטשולדיגונג, פאר דעם, וואָס זי האָט דיין מוטער באליידיגט אין דיין הויז! זי איז געקומען באליידיגען, נידעריגער

מענש וואָס דו ביזט! האָט וואַרים ווידער אוסגעשריען זייגעריש און אַרויסרופענדיג קוקענדיג אויפ'ן ברודער.

אייניגע אויגענבליקען זיינען זיי געשטאַנען איינער אַנטקעגען צווייטען, געזיכט צו געזיכט. האַניא האָט נאָך אַלץ געהאַלטען איהר האַנט אין זיין האַנט, וואַריא האָט אַ שלעפּ געטאָן, איינמאָל, צוויי מאָל, מיט דער גאַנצער קראַפט, נור זי האָט ניט אויסגעהאַלטען און פּלוצלונג אַרויסגעהענדיג פון זיך, האָט זי אָנגעשפּיגען דעם ברודער אין פּנים.

— אָט דאָס איז אַ מיידעל! האָט אויסגעשריען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא בראַווא, פּטיצין איך גראַטולירער אייך!

ביי האַניען האָט זיך אַלץ צומישט פאַר די אויגען, און ער האָט אין גאַנצען זיך פאַרגעסענדיג, מיט דער גאַנצער קראַפט זיך פאַרמאָסטען אויף דער שוועסטער. דער קלאַפּ וואָלט איהר געטראָפען פּונקט אין געזיכט, נור פּלוצלונג האָט אַ צווייטע האַנט אָפּגעשטעלט פליהענדיג, האַניעס האַנט.

צווישען איהם און דער שוועסטער איז געשטאַנען דער פירשט.

— גענוג שוין אייך! גענוג! האָט ער אַרויסגערעדט שטרענג, נור אויך אין גאַנצען ציטערענדיג אַזוי ווי פון זעהר אַ גרויסע ציטערניש.

— דו מיינסט אַז אייביג וועסטו זיך מיר שטעלען אויפ'ן וועג, האָט זיך צערעוועט האַניא, אָפּלאָזענדיג וואַריע'ס האַנט און מיט דער באַפרייטער האַנט, אין דער לעצטער מדרגה פון רציחה פון דער גאַנצער פאַרמעסטונג דערלאַנגט דעם פירשט אַ פּאַטש.

— אך! האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט קאָליא! אך, גאָט מיינער!

עס האָבען זיך דערהערט אויסרופען פון אַלע זייטען. דער פירשט איז בלייך געוואָרען, מיט אַ מאָדנעם און פאַרוואָרפליכען בליק אַ קוק געטאָן האַניען גלייך אין די אויגען. זיינע ליפּען האָבען געציטערט און ווי געשטאַרקט זיך עפּעס צו זאָגען. עפּעס אַזאַ מאָדנע און גאָר ניט פּאַסענדער שמייכעל האָט זיי געקרימט.

— נו, זאָל דאָס זיין מיר... און איהר... וועל איך פונדעסטוועגען ניט לאָזען! האָט ער ענדליך, שטיל אַרויסגעזאָגט. נור פּלוצלונג האָט ער ניט אויסגעהאַלטען געלאָזען האַניען, פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט

די הענט, איז אַפּגעטראָטען אין ווינקעל, זיך געשטעלט מיט׳ן געזיכט צום וואַנט און מיט אַן אַפּגעהאַקטער שטימע געזאָגט:

— אָ, ווי איהר וועט זיך שעהמען מיט אייער טהאַט!

האַניאַ איז טאַקע געשטאַנען ווי אַנידערגעשלאָגענער. קאָליאַ האָט זיך געוואָרפען ארומצונעמען און קושען דעם פירשט. נאָך איהם האָבען זיך געשטויסען ראַגאָזשין, וואַריאַ, פּטיצין, נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. אַלע, אפילו דער אַלטער אַרדאַליאָן אַלעקסאַנדראָוויטש.

— ס׳איז גאָרנישט! ס׳איז גאָרנישט! האָט דער פירשט געמורמעלט אין אַלע זייטען מיט דעם זעלבען אונפּאַסענדען שמייכעל.

— און ער וועט חרטה האָבען! האָט זיך צושריען ראַגאָזשין.

— דו וועסט זיך שעהמען האַנקאַ, דאָס דו האָסט אַזאַ... שעפּעלע (ער האָט ניט געקענט אויסזוכען אַן אַנדער וואָרט.) באַלעדיגט! פירשט, נשמה מיינע לאָז זיי, שפּיי אויף זיי, לאָמיר פאָהרען! וועסט זיך דערוויסען ווי אַזוי ראַגאָזשין קען ליעב האָבען!

נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ איז אויך זעהר געוועזען ערשטוינט אי מיט האַניעס האַנדלונג און מיט דעם פירשט׳ס ענטפער. דער געוועהנליך בלאַסער און פאַרשטאַרבענער געזיכט איהרער, וועלכער האָט שטענדיג ניט געשטימט מיט איהר צעלאָזענעם געלעכטער, איז ווי עס ווייזט אויס איצט געוועזען אויפגערעגט פון אַ נייעם געפיהל; נור פונדעסטוועגען האָט זי איהם ניט געוואָלט אַרויסצייגען, און דער שפּאָטישער שמייכעלע האָט זיך ווי געמוטשעט צו בלייבען אויף איהר געזיכט.

— באמת, איך האָב ערגעץ־וואו געזעהן זיין געזיכט! האָט זי פּלוצלונג אַרויסגעזאָגט שוין ערנסט. אונערוואַרטעט זיך דערמאָנענדיג איהר פריהערדיגע פראַגע.

— און איהר שעהמט זיך גאָר ניט! זייט איהר דען אַזאַ ווי איהר האָט זיך איצט פאַרגעשטעלט! און קען דען דאָס געבען! האָט פּלוצלונג אויסגערופען דער פירשט, מיט אַ טיפען האַרציגען פאַרוואורף.

נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ האָט זיך פאַרוואונדערט, אַ שמייכעל געטאָן, נור אַזוי ווי עפּעס באַהאַלטענדיג אונטער איהר שמייכעל, אביסעל צומישט ווערענדיג, האָט זי אַ קוק געטאָן אויף האַניען און איז אַרויס פון גאַסט־צימער. פּלוצלונג זיך אומגעקערט, האַסטיג צוגעגאַנגען צו נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, גענומען איהר האַנט צוגעטראָגען צו איהרע ליפּען.

— איך בין דאָך טאַקע ניט אַזאַ. ער האָט געטראָפען, האָט זי א שעפּטשע געטאָן שנעל, היציג, אין גאַנצען פלוצלונג אויפפלאַמענדיג און רויט ווערענדיג, און אומדרעהענדיג זיך, איז זי אַרויס, דעם מאָל אַזוי שנעל אז קיינער האָט ניט אוספּעיעט צו פאַרשטעהן צו וואָס זי האָט זיך אומגעקערט. מען האָט בלויז געזעהן אז זי האָט עפּעס א שעפּטשע געטאָן צו נינא אַלעקסאַנדראָוונא און עס דוכט זיך, אויך א קוש געטאָן די האַנט. נור וואַריא האָט אַלץ געזעהן און געהערט און מיט פאַרוואונדערונג זי באַגלייט מיט די אויגען.

האַניא איז געקומען צו זיך, און זיך געוואָרפען באַגלייטען נאַס־טאַסיא פיליפּאָוונא, נור זי איז שוין אַרויס, ער האָט זי אָנגעיאָגט אויף די טרעפּ.

— באַגלייט מיך ניט! האָט זי צו איהם א געשריי געטאָן. — אויפ'ס ווידערזעהן ביז אבענד! אבער אומבאַדינגט, איהר הערט!

ער האָט זיך צוריקגעקערט, א צוטומעלטער, א פאַרטראַכטער, א שווערע רעטעניש האָט זיך איהם געלעגט אויף דער נשמה. נאָך שווער־ער ווי פריהער. פאַר זיינע אויגען האָט זיך אויך געפּלאָנטערט דער פירשט... ער האָט זיך אַזוי צוטומעלט, דאָס ער האָט קוים דערזעהן ווי דער גאַנצער ראָגאָזשין־עולם האָט זיך געשאָטען אַרום איהם און איהם אפילו צוגעשטופּט צו די טירען. אויף גיך זיך אַרויסקלייבענדיג נאָך ראָגאָזשינען. אַלע האָבען קוים וועגען עפּעס גע'טענה'ט. ראָגאָזשין אַליין איז געגאַנגען מיט פּטיצין און עקשנות'דיג גערעדט וועגען זעהר א וויכטיגער זאַך און וועלכע, ווי עס האָט זיך אָנגעזעהן מען האָט ניט געקענט אָפּלעגען.

— דו האָסט פאַרשפּילט האַנקאַ! האָט ער א געשריי געטאָן דורכגעהענדיג פאַרביי.

האַניא האָט אומרוהיג זיי נאָכגעקוקט.

## עלפטער קאַפּיטעל.

דער פירשט איז אוועק פון גאַסט־צימער און זיך פאַרשפּאַרט אין זיין צימער. קאָליאַ איז גלייך געקומען צולויפען, איהם טרויסטען. דער אָרימער, האָט זיך געדוכט, האָט שוין גאַר ניט געקענט מעהר פון איהם זיך אָפּרייסען.

— איהר האָט גוט געטאָן, וואָס איהר זייט אוועק, האָט ער געענטפערט — דאָרטען וועט איצט זיך אָנהויבען אַ מישעגינע נאָך אַ גרעסערע ווי פריהער. און אַלע טאָג איז ביי אונז אַזוי. און אַלץ האָט זיך אָנגעהויבען צוליב דער נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ.

— דאָ האָט זיך ביי אייך, קאָליאַ, אָנגעוועהטאָגט און אָנגעקליבען פאַרשידענעס, האָט באַמערקט דער פירשט.

— יע. עס האָט זיך אָנגעוועהטאָגט. וועגען אונז איז ניטאָ וואָס צו רעדען. מיר זיינען אַליין אין אַלץ שולדיג, אָבער אָט האָב איך אַ גרויסען פריינד, איז ער נאָך אומגליקליכער. ווילט איהר, וועל איך אייך באַקאַנען ?

— איך וויל זעהר. ער איז אייערער אַ חבר ?

— יע, כמעט ווי אַ חבר, איך וועל אייך שפּעטער דאָס אַלץ ערקלעהרען. און איז זי טאַקע אַ שעהנע די נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ. ווי דענקט איהר ? איך האָב זי דאָך ביז איצט ניט געזעהן, און איך האָב זי זעהר געוואָלט זעהן. איך וואָלט האָנקען אַלץ מוחל געווען ווען ער וואָלט דאָס אַלץ געטאָן אויס ליבע, אָבער פאַר וואָס נעמט ער געלט, אָט דאָס איז דער אומגליק !

— יע, מיר געפעהלט ניט אייער ברודער.

— נו, זיכער ! אייך זאָל ער נאָך... און ווייסט איהר, איך קען ניט דולדען אָט די פאַרשיעדענע מיינונגען, אַ וועלכער ניט איז משוגענער נאָר אָדער אַ רוצח אין וואהנזיניגען צושטאַנד גיט אַ פּאַטש און אָט איז שוין דער מענש אויפ'ן גאַנצען לעבען פאַראומ־רייניגט, און ער קען אַנדערש ניט אָפּוואַשען ווי נור דורך בלוט. אָדער מען זאָל ביי איהם אויף די קניע בעטען ענטשולדיגונג. ווי איך פאַר־שטעה, איז דאָס ניט קיין גלייכע זאַך און אַ דעספּאָטיזם. אויף דעם איז געבויט לערמאָנטאָוס דראַמאַ „מאַסקאַראַד“. און ווי איך פאַר־

שטעה, נאַריש. דאס הייסט איך וויל זאָגען, ניט נאַטירליך. נור ער האָט זי דאָך אַנגעשריבען כמעט אין דער קינדהייט.

— מיר איז זעהר געפעהלען געוואָרען אייער שוועסטער.

— ווי זי האָט עס א שפּיי געטאָן האנקען אין פּנים. א מוטיגע וואַרקאַ! און איהר האָט ניט א שפּיי געטאָן, איך בין זיכער, ניט ווייל עס פעהלט אייך מוטה, נור אַט איז זי אליין, זי קומט ווען מען דער־מאָנט. איך האָב געוואוסט אז זי וועט קומען; זי איז אַן אָרענטליכע כּאַטש זי האָט פעהלערן.

— און דו האָסט דאָ גאָר ניט צו טאָן,—האָט פריהער פון אַלץ אויף איהם זיך ארויפגעוואָרפען וואריא — געה צום טאַטען. ער קריכט אייך אריין אין די ביינער פירשט?

— גאָר ניט, פאַרקעהרט.

— נו, ס'רעדט שוין די עלטערע! אַט דאָס איז טאַקע אין איהר דאָס מאוסע, און ביי דער געלעגענהייט, איך האָב דאָך גערעכענט, אז דער טאַטע וועט זיכער אוועקפאָהרען מיט ראגאזשינען. ער האָט הפּנים איצט חרטה. מען דאַרף טאַקע א קוק טאָן וואָס ער מאַכט, האָט קאַליאַ צוגעגעבען ארויסגעהענדיג.

— א דאַנק גאָט, איך האָב אוועקגעפיהרט און אוועקגעלעגט דער מאַמישע, און גאָרנישט האָט זיך ניט ווידערהאָלט. האניאַ איז פאַר־שעהמט און זעהר פאַרטראַכט, און עס איז דאָ פאַר וואָס, וואָס פאַר א לעקציע!... איך בין אייך נאָכאַמאָל געקומען דאנקען און פרעגען אייך פירשט: איהר האָט ביז איצט ניט געקענט נאסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ?

— ניין, ניט געקענט.

— טאָ ווי אזוי האָט איהר געזאָגט איהר גלייך אין די אויגען, אז זי איז „ניט אזא" און עס דוכט זיך, אז איהר האָט געטראָפען. זי קאָן באמת ניט זיין אזא. איבעריגענס, איך קען זי ניט פארשטעהן! געוויס, זי האָט געהאַט א צוועק אונז צו באַליידיגען, דאָס איז קלאָהר. איך האָב אויך פריהער וועגען איהר געהערט פארשיידענע ווילדע זאַ־כען, נור אויב זי איז געקומען מיט אונז זיך באַקאָנען טאָ ווי אזוי האָט זי אַנגעהויבען זיך צו באַגעהן מיט דער מאַמישע? פּטיצין קען זי זעהר גוט, זאָגט ער, אז ער האָט זי היינט ניט געקענט פארשטעהן. און מיט ראָגאָזשינען? אזוי טאָר מען ניט רעדען. ווען מען אַכטעט

זיך אליין, אין דער הויז פון איהר... די מאַמישע באַאומרוהיגט זיי־
אויך זעהר וועגען אייך.

— ס'איז גאָרנישט! האָט געזאָגט דער פירשט און א מאַך גע־
טאָן מיט'ן האַנט.

— און ווי זי האָט עס אייך געפאָלגט?

— וואָס געפאָלגט?

— איהר האָט איהר געזאָגט, אז זי דאַרף זיך שעהמען, און זי
האָט זיך פלוצלונג אין גאַנצען איבערגעביטען. איהר האָט אויף איהר
אַן איינפלוס פירשט, האָט צוגעגעבען קוים קוים א שמייכעל־טוענדיג,
וואַריאַ.

די טיר האָט זיך געעפענט און גאָר אונערוואַרטעט איז אריין
האַניאַ.

ער האָט זיך אפילו ניט געוואונדערט דערזעהענדיג וואַריאַ'ן;
א קורצע צייט געשטאַנען אויפ'ן שוועל און פלוצלונג ענטשלאָסען
זיך דערנעהענטערט צום פירשט.

— פירשט, איך האָב געהאַנדעלט נידערטרעכטיג, ענטשולדיגט
מיר טהייערער,—האָט ער פלוצלונג מיט א שטאַרקען געפיהל געזאָגט,
זיינע געזיכטס־ציגע האָבען אויסגעדריקט א שטאַרקען וועהטאָג. דער
פירשט האָט געקוקט מיט פאַרוואונדערונג און ניט גלייך געענטפערט.

— נו ענטשולדיגט, ענטשולדיגט־זשע מיר, האָט אונגעדולדיג געבעי־
טען האַניאַ. נו, איהר ווילט, וועל איך גלייך אייער האַנט א קוש טאָן!

דער פירשט איז געוועזן זעהר איבערראַשט. און שווייגענדיג מיט
ביידע הענט ארומגענומען האַניען. ביידע האָבען זיך אויפריכטיג
צוקושט.

— איך האָב אויף קיין פאַל, אויף קיין פאַל ניט געדענקט אז
איהר זייט אַזאַ, האָט ענדליך געזאָגט דער פירשט, שווער אָפּאָטהעמענ־
דיג — איך האָב געדענקט, אז איהר... זייט ניט פעהיג...

— זיך ענטשולדיגען? און פון וואַנען האָב איך פריהער גענומען
אז איהר זייט אַן אידיאָט! איהר באַמערקט דאס וואָס אנדערע
באַמערקען קיינמאָל ניט, מיט אייך קאָן מען זיך דורכרעדען, אבער...
בעסער איז ניט רעדען.

— אָט פאַר וועמען נאָך איהר דאַרפט זיך ענטשולדיגען, האָט
געזאָגט דער פירשט, אָנווייזענדיג אויף וואַריען.

— ניין, דאָס זיינען אַלץ מיינע פריינד, זייט זיכער פירשט, אַז עס זיינען געווען אַ סך פּראָבעס. דאָ וועט מען אייך אויפריכטיג ניט ענטשולדיגען, — האָט זיך הייס אַרויסגעריסען ביי האַניאַ׳ן און ער האָט זיך אָפּגעקעהרט פון וואַריאַ׳ן.

— ניין איך וועל ענטשולדיגען! האָט פּלוצלונג געזאָגט וואַריאַ.

— און צו נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ וועסטו אין אָוונד פאָהרען?

— איך וועל פאָהרען, אויב דו וועסט הייסען. נור בעסער באַ־רעכען פריהער: צו האָב איך אַ וועלכע ס׳ניט איז מעגליכקייט צו פאָהרען.

— זי איז דאָך ניט אַזאַ. דו זעהסט דאָך וואָס פאַר אַ רעטעגישען ז׳ פאַרגיט! ס׳איז קונצען! און האַניאַ האָט בעז זיך צולאַכט.

— איך ווייס אַליין אַז זי איז ניט אַזאַ, און אַז זי איז מיט קונצען, אָבער מיט וועלכע? און דו גיב נור אַכטונג האַניאַ פאַר וועמען זי אַליין האַלט דיך? זאָל זיין, אַז זי האָט דער מאַמעשע די האַנט אַ קוש געטאָן. זאָלען דאָס זיין קונצען אַזעלכע אָבער פונדעסטוועגען האָט זי דאָך פאַרט פון דיר געלאַכט! דאָס איז ניט ווערט קיין פינף און זיבעציג טויזענד, ברודער! דו ביזט נאָך פעהיג אויף פיינע געפיה־לען, דערפאַר זאָג איך דאָס דיר. עי פאָלג מיך פאָהר אויך ניט! עי היט זיך! דאָס קאָן זיך גוט ניט אויסלאָזען.

דאָס זאָגענדיג איז די אויפגערעגטע וואַריאַ האַסטיג אַרויס פון צימער.

— אָט אַזוי זיינען זיי שטענדיג!—האָט געזאָגט האַניאַ אַ שמייכעל טוענדיג — און איז עס מעגליך, אַז זיי דענקען, אַז איך אַליין ווייס דאָס ניט? איך ווייס דאָך פיעל מעהר פון זיי!

דאָס זאָגענדיג האָט זיך האַניאַ אַוועקגעזעצט אויפ׳ן סאָפע, קענטיג אַז ער האָט געוואָלט פאַרטזעצען דעם וויזיט.

— ווען איהר ווייסט אַליין, האָט געפרעגט דער פירשט גאַנץ ציטערדיג, — טאָ ווי אַזוי האָט איהר אויסגעקליבען אַזעלכע ליידען, וויסענדיג אַז דאָס איז טאַקע ניט ווערטה די פינף און זיבעציג טויזענט!

— איך רייד ניט וועגען דעם, האָט אַ מורמעל געטאָן האַניאַ — און ביי דער געלעגענהייט זאָגט מיר, ווי דענקט איהר, איך וויל וויסען

אייער מיינונג: זיינען די „לײדען" ווערטה פינף און זיבעציג טויזענד אדער ניט ווערטה?

— לויט ווי איך פארשטעה, ניט ווערטה.

— נו, ווייס מען שוין. און חתונה האָבען אויף אזא אופן איז אויך ניט שעהן?

— זעהר ניט שעהן.

— טאָ ווייסט־זשע, אז איך וועל חתונה האָבען און איצט שוין אויף געוויס. פריהער אביסעל האָב איך זיך נאָך געוואקעלט און איצט שוין ניט! רעדט ניט! איך ווייס וואָס איהר ווילט זאָגען...

— איך וויל ניט רעדען וועגען דעם וואָס איהר טראכט, נור מיר וואונדערט זעהר אייער גרויסע זיכערקייט.

— אין וואָס? וועלכע זיכערקייט?

— אין דעם, אז נאסטאסיא פיליפאָוונא וועט אומבעדינגט הייראטען מיט אייך. און אז דאָס אלץ איז שוין פארענדיגט. און צווייטענס, ווען אפילו זי הייראט שוין, אז די פינף און זיבעציג טויזענד וועלען אריינקומען גלייך צו אייך אין קעשענע. איבעריגענס, ווייס איך דאָ ניט פיעל.

האניא האָט זיך שטארק א שאָקעל געטאָן אין דעם פירשט'ס זייט.

— געוויס, ווייסט איהר ניט אלעס, האָט ער געזאָגט — און צוליב וואָס וואָלט איך געוואָלט אויף זיך נעהמען אזא לאסט?

— מיר דוכט, אז אזעלכע זאכען פאסירען אומעדום: מען האָט חתונה פאר געלט און די געלט זיינען ביי דער ווייב.

— נ־ניין, ביי אונז וועט אזוי ניט זיין... דאָ זיינען דאָ אומשטענדען, האָט א מורמעל געטאָן האניא אין אומרוהיגער פארטראכטקייט. — און וואָס געהערט זיך איהר ענטפער, איז אין דעם שוין ניטאָ קיין צווייפעל, האָט ער האסטיג צוגעגעבען — פון וואָס שליסט איהר אז זי וועט מיר אפזאָגען?

— איך ווייס גאָר נישט, חוץ דאָס וואָס איך האָב געזעהן; אָט האָט ווארוואַרא ארדאליאנאָווא אויך ערשט געזאָגט...

— ע! דאָס זאָגען זיי נור, ווייל זיי ווייסען שוין ניט וואָס צו זאָגען. און פון ראָגאָזשינען האָט זי געלאַכט. זייט זיכער, אז איך האָב שוין גוט געקוקט! דאָס האָט מען געזעהן. פריהער האָב איך זיך געווען געשראָקען. און איצט האָב איך אלץ דערזעהן. אָדער, קען

געבען אז אייך באאומרוהיגט, ווי אזוי זי האָט זיך באַגאַנגען מיט דער מאַמען, מיט'ן טאַטען און מיט וואַריע'ן?

— און מיט אייך.

— מעגליך. נור דאָס איז די אַלטע ווייבערשע נקמה און ניט מעהר. דאָס איז אַ שרעקליך אויפגערעגטע, גייציגע, און עגאָאיסטישע פרוי, אזוי ווי אַ טשינאָווניק וואָס האָט ניט געקראָגען דעם ריכטיגען טשין! איהר האָט זיך געוואָלט ווייזען זיך אין איהר גאַנצע פאַר־אַכטונג צו זיי... נו, און אויך צו מיר, דאָס איז אמת, איך לייקען ניט... און פונדעסטוועגען וועט זי מיט מיר הייראַטען. איהר ווייסט גאָר ניט אויף וואָס פאַר אַ קונצען אַ מענשענ'ס אייגענליבע איז פעהיג: אַט האַלט זי מיך פאַר אַ פּאַדלעץ, פאַר דעם, וואָס איך נעהם זי, אַ פרעמדע געליעבטע, אזוי אָפען פאַר איהר געלט, און זי ווייס ניט; אז אן אַנדערער וואָלט איהר נאָך מוטס'ער אָפּגעטאָן: ער וואָלט צוגעשטאַנען צו איהר, און וואָלט זיך פאַנאַנדערשיטען אין ליבעראַל־פּראָגרעסיווע ווערטער, און אַלע פרויען פראַגען ארויסשלעפּען, און זי וואָלט ביי איהם אין גאַנצען אין אַ לעבעל פון אַ נאָדעל ווי אַ פאָדים דורכגעגאַנגען. ער וואָלט געמאַכט צו גלויבען דער עגאָאיסטישער נאַרינטע (און אזוי גרינג!) אז ער נעהמט זי נור צוליב איהר „ארענט־ליבער נשמה, און אומגליק" און אליין וואָלט ער פונדעסטוועגען חתונה געהאַט צוליב דאָס געלט. איך געפעהל דאָ ניט ווייל איך דרעה ניט מיט'ן עק. און מען האָט גענדאַרפט. און וואָס טוט זי אליין? ניט דאָס זעלבע דען? טאַ פאַרוואָס, נאָכדעם אַלעמען, דאַרף זי מיך פאַר־אַכטען און מאַכען אזעלכע קונצען? דערפאַר וואָס איך אליין גיב זיך אויך ניט אונטער, און ווייז זיך שטאָלץ. נו, מיר'ן זעהן!

— האָט איהר זי דען ביז איצט ליב געהאַט?

— אין אָנהויב האָב איך זי געליעבט. נו, אָבער גענוג... עס זיינען דאָ פרויען וועלכע טויגען זיך בלויז פאַר געליבטע און ווייטער פאַר גאָרנישט ניט. איך זאָג ניט אז זי איז געווען מיין געליבטע. ווען זי וועט וועלען לעבען פרידליך, וועל איך אויך לעבען פרידליך, ווען אָבער זי וועט זיך צובונטעווען, וועל איך זי גלייך לאָזען און די געלט פאַרכאַפּען מיט זיך. לעכערליך וויל איך ניט זיין; פריהער פון אַלץ וויל איך ניט זיין לעכערליך.

— מיר דוכט זיך אַלץ, האָט פאַרזיכטיג באַמערקט דער פירשט.

— אַז נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא איז אַ קלוגע. צו וואָס דאַרף זי פאַר־אוים פיהלענדיג אַזעלכע ליידען געהן אין נעץ? זי האָט דאָך אויך געקענט הייראַטען פאַר אַן אַנדערן? אָט וואָס מיך וואונדערט!

— אָ, אָט דאָ ליגט טאַקע די אויסרעכענונג! איהר, פירשט, ווייסט דאָ ניט אַלעס... דאָ... אויסער דעם איז זי זיכער, אַז איך ליב זי ביז וואַהנזין, איך שווער אייך, און ווייסט איהר, איך בין שטאַרק חושד אַז אויך זי ליבט מיך אויף איהר שטייגער, איהר ווייסט דאָך דעם ווערטעל: וועמען איך ליב, יענעם שלאָג איך. זי וועט דעם גאַנצען לעבען מיך רעכענען פאַר אַן „אונטער רייץ" (און דאָס, מעגליך דאַרף זי.) און פונדעסטוועגען ליב האָבען אויף איהר שטייגער. זי גרייט זיך דערצו אַזאַ נאַטור האָט זי. זי איז אַן אמת'ע רוסישע פרוי, וועל איך אייך זאָגען, נו, און איך גרייט איהר צו מיין סורפּריז. אָט די פריהערדיגע סצענע מיט וואַריען האָט פּאַסירט אונווילענדיג. אָבער פאַר מיין טובה וועגען: זי האָט איצט געזעהן און זיך איבער־ציינגט אין מיין געטריישאַפט, און דאָס איך וועל צוליב איהר צערייסען אַלע מיינע פאַרבינדונגען. הייסט עס, אַז מיר זיינען אויך ניט פון די נאַראָנים, איהר מעגט זיין זיכער. ביי דער געלעגענהייט, דענקט איהר ניט אַז איך בין אַ פּלוידערזאַק? ס'קען געבען טייערער פירשט, אַז איך טוה טאַקע ניט קלוג וואָס איך פאַרטרוי זיך אייך. נור איך טוה דאָס דערפאַר ווייל איהר זייט דער ערשטער פיינער מענש, וועלכען איך האָב אָנגעטראָפען. דאַרום האָב איך אויף אייך זיך אַרויפ־געוואָרפען, דאָס הייסט, „אַרויפגעוואָרפען" נעהמט עס ניט אָן פאַר אַ קאַלאַמבור. איהר זייט דאָך פאַר דאָס פריהערדיגע אויף מיר ניט בעז, האַ? ס'קען געבען, אַז איך רעד עס דעם ערשטען מאָל אין די גאַנצע צוויי יאָהר אַזוי אָפען־הערציג. דאָ זיינען אַזוי ווייניג דאָ עהרליכע מענשען; ערענטליכער פאַר פּטיצינען איז ניטאָ. וואָס איהר לאַכט, דוכט זיך אָדער ניט? אַלע פּאַדלעצעס האָבען ליב עהרליכע מענשען. — איהר האָט עס ניט געוואוסט? און איך בין דאָך... נור איבעריגענס, מיט וואָס בין איך אַ פּאַדליעץ, זאָגט מיר מיט אַ ריינעם געוויסען? דאָס וואָס זיי אַלע, ווי זי, רופען מיך פּאַדלעץ? ווייסט איהר, אַז צוזאַמען מיט זיי און מיט איהר, רוף איך זיך אַליין אויך אַ פּאַדלעץ! אָט וואָס ס'איז נידערטרעכטיג, נידערטרעכטיג!

— איך וועל אייך שוין פאַר אַ פּאַדלעץ קיינמאָל מעהר ניט

רעכענען, האָט געזאָגט דער פירשט — פריהער האָב איך אייך שוין גאָר פאר א רוצח גערעכענט און פּלוצלונג האָט איהר מיך אזוי דער־פרעהט — אָט האָט איהר א לעקציע: ניט פאראורטיילען איידער מען ווייס. איצט זעה איך, אז ניט נור קען מען אייך ניט פאררע־כענען פאר א רוצח, נאָר אפילו אויך ניט פאר א צופיל איבערגע־פיהרטען מענשען. איהר זייט, ווי איך פארשטעה, דער סאַמע גע־וועהנליכער מענש, וועלכער ס׳קען נור געבען, מיט דער אויסנאַהם וואָס איהר זייט זעהר א שוואכער, און גאָר ניט קיין אָריגינעלער.

האַניא האָט גיפטיג פאר זיך א שמייכעל געטאָן נור האָט פאר־שוויגען, דער פירשט האָט דערזעהן אז זיין מיינונג איז ניט געפעהלען געוואָרען, האָט ער זיך פארשעהמט און איז אויך אנטשוויגען געוואָרען.

— האָט ביי אייך מיין פאָטער געבעטען געלט? האָט פּלוצלונג געפרעגט האַניא.

— ניין.

— ער וועט בעטען, גיט ניט, און ער איז דאָך אפילו געדענק איך, געווען אן אנשטענדיגער מענש. מען פלעגט דאָך איהם צו פיינע בענשען אריינלאָזען, און ווי גיך זיי ענדערן זיך דאָס אָט די אלע אל־טע אנשטענדיגע מענשען! קוים נור עס בייטען זיך די אומשטענדען און עס איז שוין ניטאָ אלעס פריהערדיגעס, אזוי ווי פּולווער ווערט ער פאַרברענט. ער האָט פריהער אזוי ניט געזאָגט קיין ליגען, איך פארזי־כער אייך. פריהער איז ער בלויז געווען א צופיעל באַגייסטערטער מענש און — אָט מיט וואָס דאָס האָט זיך געענדיגט! געוויס, די בראַנפען איז אויך שולדיג. ווייסט איהר אז ער האַלט אוים א געליב־טע? ער איז שוין איצט איינפאך געוואָרען אן אומשולדיגער ליגנער׳ל. איך קאָן ניט פארשטעהן דאָס לאַנגע געדולדיקייט פון דער מאַמען. האָט ער אייך שוין דערצעהלט וועגען דער בעלאַגערונג פון קארס? אָדער ווי אזוי זיין גרוי פערדיל האָט אָנגעהויבען רעדען? ער איז דאָך שוין אפילו דערצו געקומען.

און האַניא האָט זיך פּלוצלונג געגומען קייקלען פון געלעכטער.

— וואָס קוקט איהר אויף מיר אזוי? האָט ער פּלוצלונג געפרעגט דעם פירשט.

— איך וואונדער זיך, וואָס איהר האָט זיך אזוי אויפריכטיג צולאכט, איהר האָט נאָך גאָר א קינדיש געלעכטער. פריהער זייט איהר

אריינגעקומען מיך איבערבעטן און איהר זאָגט : „ווילט איהר, וועל איך אייך א קוש טאָן אין האַנט" — פּונקט אזוי בעטען זיך איבער קינדער. הייסט עס, אז איהר זייט נאָך פעהיג צו אזעלכע ווערטער און באַוועגונגען. און פּלוצלונג הויבט איהר אָן צו לייענען א גאַנצע לעקציע וועגען אזא דונקעלע זאַך, און וועגען אָט די פינף און זיבעציג טויזענד, באמת, עס קוקט אויס זעהר אונזיניג און אונמעגליך.

— וואָס ווילט איהר דערפון דרינגען ?

— דאָס, אז אפשר האַנדעלט איהר צו לייכטזיניג און אפשר וואָלט איהר זיך פריהער באַטראַכט ? מעגליך אז וואַרוואַרא אַרדאַליאָנאָווגא האָט רעכט.

— אָ, די מאָראַל ! דאָס, אז איך בין א אינגעל ווייס איך אליין האָט היציג איבערגעשלאָגען האַניאַ — און טאקע מיט דעם אליין וואָס איך האָב מיט אייך א געשפּרעך פאַרפיהרט. איך, פירשט, געה ניט מיט אויסרעכענונג אין דער דאָזיגער דונקעלהייט, האָט ער פאַרטגעזעצט, זיך דורכרעדענדיג ווי א יונגער מענש ביי וועמען עס איז פאַרוואונד'עט די אויגען־ליבע. ווען איך רעכען אויס וואָלט איך זיכער געמאַכט א טעות, ווייל איך בין אין קאָפּ און אין כאַראַקטער נאָך ניט פעסט. איך געה נאָך'ן חשק, נאָך דער צוציהונג געה איך, ווייל ביי מיר איז דאָ זעהר א גרויסער ציעל. איהר מיינט, אז אָט וועל איך קריגען די פינף און זיבעציג טויזענד און איך וועל באַלד קויפען א קאַרעטע. ניין, איך וועל דאַן מיין דריי־יאָהריגען אַלטען רעקעל אָנהויבען דערטראָגען און אַלע מיינע קלוב־באַקאַנטשאַפטען אַוועקוואַרפען. ביי אונז איז דאָ ווייניג אויסגעהאַלטענע מענשען כאָטש אַלע זיינען פּראַצענטניקעס, אבער איך וויל זיין אויסגעהאַלטען. דאָ איז די הויפּט זאַך צו דערפיהרען ביז צום סוף — די גאַנצע אויפגאַבע ! פּטיצין איז זיבעצעהן יאָהר געשלאָפען אויפ'ן גאַס, מיט פעדער־מעסערלאַך געהאַנדעלט און אָנגעהויבען פון א קאָפּיקע ; איצט פאַרמאָגט ער זעכציג טויזענד, אבער נאָך וואָס פאַר א גימנאַסטיק ! איז אָט די גאַנצע גימנאַסטיק וועל איך איבערשפּרינגען און איך וועל גלייך אָנהויבען מיט א קאַפּיטאַל ; אין פופצען יאָהר ארום וועט מען זאָגען : אָט „דאָס איז איוואָלגין דער אידישער קייסער". איהר זאָגט מיר, אז איך בין א מענש ניט קיין אָריגינעלער, מערקט זיך, טהייערער פירשט, אז עס איז ניטאָ קיין זאַך וואָס איז מעהר באַליידיגענד פאַר א

מענשען פון דער היינטיגער צייט, ווי צו זאָגען איהם, אז ער איז ניט אריגינעל. שוואך אין כאראקטער און אָהן א באזונדערע: טאַלאַנט און א מענש א געוועהנליכער. איהר האָט מיך אפילו פאר א גוטען פאַדלעץ ניט באעהרט צו רעכענען, און ווייסט איהר, אז איך האָב אייך פריהער דערפאר אויפעסען געוואָלט! איהר האָט מיך מעהר באליידיגט ווי עפּאַנטשין, וועלכער רעכענט מיך (אָהן רייד, אָהן פארפיהרונג, גאָרניט מיינענדיג, באמערקט עס) אלס פעהיגען איהם צו פארקויפען א ווייב! דאָס מאכט מיך טאַטעלע שוין לאנג אויפגערעגט, און איך וויל געלט — אַנלעבענדיג געלט, ווייסט איהר — וועל איך זיין א מענש אָריגינעל אויפ'ן העכסטען אופן. געלט איז מיט דעם נידערטרעכטיג, וואָס עס גיט אפילו טאַלאַנט. עס וועט געבען ביי דעם סוף פון דער וועלט. איהר וועט זאָגען, אז דאָס איז אַלץ קינדיש, אָדער אפשר פּאָעזיע, — זאָל זיין מיט דעם וועט מיר זיין פרעהליכער און די זאך וועט אַלץ געטאָן ווערען. איך וועל דערפיהרען און אויסהאלטען Rira blen qui rira le dernier! עפּאַנטשין באליידיגט מיך, פאר וואָס? אויס שלעכטסקייט מיינט איהר? — קיינמאָל ניט! איינפאך דערפאר, ווייל איך בין צופיעל גאָרנישט, אבער שפּעטער... אבער איך גלויב אז עס איז שוין גענוג. קאליא האָט שוין צוויי מאָל דעם נאָז אויס־געשטעקט, דאָס רופט ער אייך מיטאָג עסען. און איך וועל געהן. איך וועל צו אייך אמאָל פארבלאַנדזשען, אייך וועט ביי אונז זיין ניט שלעכט; איצט וועט מען אייך גלייך אין דער משפחה אריינגעמען. זעהט־זשע, גיט ניט ארויס! מיר דוכט זיך, אז מיר מיט אייך וועלען אדער זיין פריינד אדער שונאים, און ווי דענקט איהר פירשט, ווען איך וואָלט אייך פריהער די האַנט א קוש געטאָן (ווי איך האָב זיך אויפריכטיג ארויסגערופען צו טאָן) וואָלט איך אייך צום לעצטען א שונא געוואָרען?

— איהר וואָלט זיכער געוואָרען, אָבער ניט אויף שטענדיג, דער־נאָך וואָלט איהר ניט אויסגעהאלטען און וואָלט פארציים, האָט בא־שטימט דער פירשט, פארטראכטענדיג און צעלאכענדיג זיך.

— עהע! מיט אייך דארף מען זיין פאָרזיכטיגער! דער טייפעל וויים, איהר האָט אויך דאָ אריינגעגאָסען גיפט. און ווער ווייסט אפשר זייט איהר מיר גאָר א שונא? ביי דער געלעגענהייט: כא,

כא, כא! איך האָב גאָר פאַרגעסן פרעגן: איז דאָס אמת, וואָס מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אייך געפעהלט זעהר נאַסטאַסיא פיליפּאָווגא איא?

— יע, זי געפעהלט.

— פאַרליבט?

— נ־ניין!

— און אין גאַנצען רויט און איהר ליידט. נו, ס'איז גאַרנישט, גאַרנישט, איך וועל שוין מעהר ניט לאַכען, אויפ'ס ווידערזעהן. און ווייסט אַז זי איז אַ פרוי אַ טוגענדהאַפטע, קענט איהר דאָס גלויבען? איהר מיינט, אַז זי לעבט מיט יענעם, מיט טאָצקין? ני־ני! און שוין לאַנג ניט, און האָט איהר באַמערקט, אַז זי איז אַליין שרעקליך גאָר ניט קיין געשיקטע און זי האָט פריהער אין אייניגע סעקונדען זיך געשעהמט. ס'איז אמת, אַט אַזעלכע האָבען דאָס ליב צו הערשען. נו בלייבט געזונט!

האַנעטשקא איז אַרוים אַסך אונגעצוואונגענער, ווי ער איז אַריינגעקומען און אַ גוטער שטימונג, דער פירשט איז אַ מינוט צעהן געבליבען אונבאַוועגליך און געטראַכט.

קאָליא האָט ווידער אַריינגערוקט דעם קאָפּ אין טיר.

— איך וויל ניט מיטאָגען קאָליא, איך האָב פריהער ביי די עפּאַנטשינ'ס גוט געפריהשטיקט.

קאָליא איז אין גאַנצען אַריינגעקומען אין טיר און דערלאַנגט דעם פירשט אַ צעטעלע. עס איז געווען פון גענעראַל, אַן אויפגעלעגטע און אַ פער'חתמ'עטער. אַז קאָליאַס געזיכט איז קענטיג געווען ווי שווער דאָס איז איהם געווען איבערצוגעבען. דער פירשט האָט איבערגעלייענט, זיך אויפגעשטעלט און גענומען די הוט.

— דאָס איז ניט מעהר ווי צוויי טריט, האָט זיך געשעהמט קאָליא — ער זיצט איצט דאָרטען פאַר דער פלעשעל, און מיט וואָס האָט ער דאָס דאָרטען געקראָגען קרעדיט, פאַרשטעה איך ניט? פירשט, ליבענקער, זאָגט נאָכדעם גאַרנישט וועגען מיר צו אונזערע, אַז איך האָב אייך איבערגעגעבען דאָס צעטעלע! איך האָב זיך שוין טויזענד מאָל געשוואָרען ניט איבערצוגעבען אַט די צעטעלאַך, אָבער ס'איז

א רחמנות; אבער איהר דאַרפט זיך מיט איהם ניט צערעמאָניען: גיט איהם אביסעל קליינגעלט און די זאַך איז געענדיגט.

— איך האָב אליין קאַליא געטראַכט, אז איך דאַרף זעהן אייער פאַטער... צוליב א געוויסען ענין... קומט־זשע...

## צוועלפטער קאַפּיטעל.

קאַליא האָט אוועקגעפיהרט דעם פירשט ניט ווייט איבער דער ליטעינער גאַס, אין א געוויסער קאַפע־בילליאַרד, אויף דעם נידעריג־סטען גאָרען, דער אריינגאַנג פון גאַס. דאָ צו דער רעכטער זייט, אין ווינ־קעל, אין א באַזונדער צימערל, אזוי ווי אן אַלטער טאָג־טעגליכער באַזוכער האָט זיך צולעגט ארדאַליאָן אַלעקסאַנדראָוויטש, מיט א פלעשעל פאַר זיך אויפ'ן טישעל און אין אמתן טאַקע מיט Inde-pendence Belge אין האַנט. ער האָט ערוואַרטעט דעם פירשט. ווי נור ער האָט איהם דערזעהן, האָט ער גלייך אוועקגעלעגט די צייטונג, און האָט אָנגעהויבען א היציגע פיעל־וואָרטיגע ערקלעהרונג, פון וועלכער, איבעריגענס, דער פירשט האָט כמעט גאַר ניט פאַר־שטאַנען, ווייל דער גענעראַל איז שוין געוועזען כמעט ווי פול.

— צעהן רובעל האָב איך ניט. האָט איבערגעשלאָגען דער פירשט, — אָבער אָט האָט איהר פינף און צוואַנציג, צעבייט זיי און גיט מיר פופצעהן, ווייל איך בלייב אליין אָהן א גראָשען.

— א, אָהן צווייפעל, און זייט זיכער, אז די דאָזיגע שטונדע...

— איך האָב אויסער דעם, צו אייך א ביטע, גענעראַל, איהר זייט קיינמאָל ניט געוועזען ביי נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא?

— איך? איך בין ניט געוועזען? איהר זאָגט עס מיר? עטליכע מאָל, טייערער מיינער, עטליכע מאָל! האָט אויסגערופען דער גענע־ראַל אין אַנפאַל פון זעלבסט־צופרידענער און זיגרייכער איראָניע. — נור איך האָב ענדליך אליין איבערגעריסען, ווייל איך וויל ניט אייפ־

מונטערן א אונאנשטענדיגע פאראייניגונג. איהר האָט דאָך אליין געזעהן, איהר זייט געווען אן עדות היינטיגען פרימאָרגען. איך האָב געטאָן אלץ וואָס עס קען טאָן א פאָטער, — נור א פאָטער א שטילער און א באַרימהערציגער; איצט וועט ארויס אויף דער סצענע א פאָטער פון אן אנדער סאָרט, און דאַן — וועלען מיר זעהן, וועלען מיר א קוק טאָן: צו וועט א פארדינטער אלטער קריגס־מענש, באַזיגען די אינטריגע, אָדער די אונפארשעהמטע קאמעליען־דאַמע וועט אריינקומען אין דער אנשטענדיגסטער פאמיליע.

— און איך האָב אייך גאָר געוואָלט בעטען, צו קענט איהר ניט, ווי א באַקאָנטער מיך אריינפיהרען היינט אבענט צו נאַסטאַסיא פיליפאָוונא? איך דארף זעהר נויטיג היינט טאַקע; איך האָב א ענין. נור איך וויים גאָר ניט ווי אזוי אריין. איך בין פריהער שוין פארגעשטעלט אָבער ניט איינגעלאדען; היינט איז דאָרט אן אבענט פון געלאדענע, איבעריגענס איך בין גרייט איבערשפרינגען אייניגע אנשטענדיגקייטען, און זאָל מען אפילו פון מיר לאכען, נור אבי איך זאָל קענען אריינקומען.

— און איהר האָט ריכטיג צוגעטראָפען צו מיין געדאנק, מיין יונגער פריינד, האָט אויסגערופען דער פירשט מיט באגייסטערונג — איך האָב אייך ניט גערופען צוליב די קליינגעלט, האָט ער פאָרטגעזעצט, אונטערכאפענדיג דערוויילע די געלט און אָפּשיקענדיג זיי אין קעשענע. — איך האָב דערפאר נור אייך גערופען, כדי צו איינלאַדען אייך אלס חבר אויף א פעלד־צוג צו נאַסטאַסיא פיליפאָוונא, אדער בעסער געזאָגט, אויף א פעלד־צוג אויף נאַסטאַסיא פיליפאָוונא! גענעראל איוואלגין און פירשט מישקין! ווי וועט עס איהר אויסקוקען? איך וועל אויף א ליבליכען אופן אין דעם געבורטס־טאָג ארויסזאָגען ענדליך מיין ווילען. — אויף א זייטיגען וועג ניט אויף א גלייכען, נור עס וועט דאָך זיין גלייך, דאַן וועט האַניאַ אליין דערזעהן ווי אזוי ער זאָל האנדלען: צו זאָל דעם פארדינטער פאָטער... אזוי צו זאָגען, און... דאָס איבעריגע, אָדער... נור וואָס עס וועט זיין דאָס וועט זיין! אייער געדאנק איז אויפ'ן העכסטען אופן פרוכטבאר! ניין אזייגער וועלען מיר אוועק, מיר האָבען נאָך צייט.

— וואו וואוינט זי?

— ווייט פון דאַנען: ביים גרויסען טעאטער, די הויז פון מיטאר־

צעווא, כמעט טאקע דאָ אויפ'ן אָפענעם פּלאַץ אויפ'ן ערשטען גאָרטען. ביי איהר וועט קיין גרויסע פארזאמלונג ניט זיין, כאָטש זי איז א געבורטסטאָג. און זיי וועלען זיך פריה פאנאנדערגעהן...

עס איז שוין לאנג געווען אבענד. דער פירשט איז אלץ געזעסען, געהערט, און געוואַרט אויפ'ן גענעראל, וועלכער האָט אנגעהויבען אָהן א שיעור אנעקדאָטען און קיין איינעם פון זיי ניט פארענדיגט. ביים פירשט'ס אָנקומען האָט ער פארלאנגט א נייע פלעשעל, און ער האָט זי ערשט אין א שטונדע ארום פארענדיגט. דערנאָך האָט ער געבעטען א צווייטע, און פארענדיגט אויך יענע. מען האָט געדאַרפט גלויבען, אז דער גענעראל האָט דערביי דערצעהלט שיעור ניט זיין גאַנצע לעבענס-געשיכטע. ענדליך, איז דער פירשט אויפגעשטאַנען און האָט געזאָגט, אז ווייטער וואַרטען קען ער ניט. דער גענעראל האָט אויסגעטרונקען פון פלעשעל די לעצטע טראָפּענס, אויפגעשטאַנען און איז ארויס פון צימער. געהענדיג זעהר ניט פעסט. דער פירשט איז געווען פארצווייפעלט. ער האָט ניט געקענט פארשטעהן ווי אזוי ער האָט זיך דאָס געקענט אזוי נאַריש פארטרויען. אין אמת'ן האָט ער זיך גאָר קיינמאָל ניט פארטרויט; ער האָט גערעכענט אז דורכ'ן גענעראל וועט ער ווי עס איז ארייננעהן צו נאסטאסיא פיליפּאָוונא, כאָטש זאָל זיין אפילו מיט א סקאנדאל, נור ער האָט ניט גערעכענט אויף א גרויסען סקאנדאל. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט אז דער גענעראל איז געווען גוט שיכור. מיט דער קרעפטיגסטער שעהן-רעדנעריי, און גערעדט האָט ער אָהן אן אָפּשטעל, מיט א טרער אויף דער נשמה, די זאַך האָט זיך כסדר געדרעהט ארום דעם, אז צוליב דער שלעכטער אויפפיהרונג פון אלע מיטגלידער פון זיין פאמיליע איז אלץ געגאַנגען צו גרונד, אז עס איז געקומען א צייט צו מאַכען דערצו אן ענד. זיי זיינען ענדליך ארויס, אויף דער ליטעינער גאַס. עס האָט נאָך אלץ אָנגעהאַלטען די וואַרימקייט פון א ווינטער טאָג. אן אומעטיגער, וואַרימער פארפוילטער ווינט האָט געפייפט איבער די גאַסען. די עקיפּאַזשען האָבען זיך געשלעפּט איבער דער בלאָטע, פערד און קליאַטשעס האָבען קלינגענד געקלאַפּט דעם ברוק מיט די פּאָדקאָוועס. די פוס-געהער האָבען זיך אין אומעטיגער און נאַסער מאַסע געוואַגעלט איבער די טראָטואַרען. עס האָבען זיך געטראָפען שכורים.

— זעהט איהר אַט די באַלויכטענע בעל־עמאַזשען, הָגָט געזאָגט דער גענעראַל, אַט דאָ וואוינען אַלע מיינע חברים, און איך, פון זיי אַלעמען אַ מעהר דערדינגטער און אַמעהרסטענס ליידענדער, איך שלעפּ זיך צופוס צום גרויסען טעאַטער, צו דער קוואַרטיר פון אַ פּאַרדעכ־טיגטער פרוי! אַ מענש וועלכער האָט אין ברוסט דרייצעהן קוילען... איהר גלויבט ניט? און דאָך נור צוליב מיר האָט פּיראָגאָוו אין פּאַריז געטעלעפּאָנירט און געלאָזט אויף אַ צייט דעם באַלאַגערטען סעוואַס־טאָפּאָל און נעלטאָן דער פּאַריזער הויף־דאָקטאָר, האָט אַ פרייען דורכ־גאַנג אין נאָמען פון דער וויסענשאַפט אויסגעכלאַפּאָטשעט און איז געקומען אין דעם באַלאַגערטען סעוואַסטאָפּאָל מיך צו באַקוקען. דאָס איז אַפילו באַוואוסט דער העכערער נאַטשאַלסטוואַ: „אַ, דאָס איז דער איוואָלגין וועלכער האָט דרייצעהן קוילען!"... אַט ווי אַזוי מען רעדט! זעהט איהר פירשט אַט די הויז? דאָ אויפ'ן בעל־עטאַזש וואוינט אַן אַלטער חבר, גענעראַל סאָקאָלאָוויטש, מיט דער אָרענטליכסטער און גרעסטער פאַמיליע, איז אַט די הויז, און נאָך דריי הייזער אויף דער נעווסקער, און צוויי אויף מאַרסקאַי — אַט דאָס איז אַלע מיין איצ־טיגער קרייז פון באַקאַנטשאַפט, דאָס הייסט מיין פּערזענליכע באַ־קאַנטשאַפט. נינאַ אַלעקסאַנדראָוואַ האָט זיך שוין לאַנג אונטערגע־געבען די אומשטענדען, איך אָבער געדענק נאָך... און קום אַזוי צו זאָגען אָפּרוהען אין אַ געבילדעטען קרייז פון דער געזעלשאַפט פון מיינע פריהערדיגע חברים און די וואָס האָבען געאַרבייט אונטער מיר, און וועלכע פאַרגעטערן מיך נאָך איצט אויך. אַט דער גענעראַל סאָקאָ־לאָוויטש (איבעריגענס,בין איך שוין ביי איהם אַזוי לאַנג ניט געווען און ניט געזעהן אַננאַ פיאָדאָראָוונאַ). ווייסט איהר ליבער פירשט, אַז ווען דו נעהמסט אַליין ניט אויף איז ניט ווילענדיג רייסטו אויך איבער מיט אַנדערע... האַ... און דערווייל... מיר דוכט אַז איהר גלויבט ניט... איבעריגענס, פאַר וואָס זאָל איך ניט אריינפיהרען דעם זון פון מיין בעסטען פריינד און חבר פון קינדהייט אין דער דאָזיגער צויבערליכער פאַמיליען־הויז? גענעראַל איוואָלגין און פירשט מיש־קין! איהר וועט דערזעהן אַ וואונדערליכע מיידעל. און ניט איינע נור צוויי, אַפילו דריי, די צירונג פון דער הויפּט־שטאָט און געזעל־שאַפט: שענקייט, געבילדעטקייט, ריכטונג... די פרויען־פראַגע, ליע־דער, דאָס אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעקליבען אין אַ גליקליכען פאַרשידענ־

דאַרטיגען געמיש. ניט רעדענדיג פון די אַמווינציגסטען אַבציג טויזענד רובעל נדן, מזומן געלט, פאַר יעדער פון זיי, וועלכע שטערט ניט ביי קיינע פרויען און סאָציאַלע פראַגען... מיט איין וואָרט, איך מוז אַז עס ליגט אויף מיר א חוב אונבאַדינגט, אונבאַדינגט אייך אַריינצו־פיהרען. גענעראַל איוואָלגין און פירשט מישקין! מיט איין וואָרט... אַן עפעקט!

— איצט? שוין? נור איהר האָט פאַרגעסען, האָט אַנגעהויבען דער פירשט.

— גאָרנישט. איך האָב גאָרנישט ניט פאַרגעסען. קומט! אהער אויף די פּראַכטפולע טרעפּ. איך וואונדער זיך וואָס עס איז ניטאָ קיין שווייצאַר. נור... ס'איז יום־טוב און דער שווייצאַר איז אוועק. מען האָט נאָך ניט אַרויסגעטריבען אָט דעם דאָזיגען שיכור! אָט דער סאָקאָלאָוויטש איז דעם גאַנצען גליק פון זיין לעבען און דיענסט שול־דיג מיר, נור מיר אליין און ניט קיין אַנדערן. נור... אָט זיינען מיר שוין דאָ.

דער פירשט האָט שוין גאָר ניט געזאָגט דאַגעגען דעם באַזוך און איז געהאָרכזאַם נאָכגעגאַנגען דעם גענעראַל, כדי איהם ניט אויפ־צורייצען. מיט דער פעסטער האָפענונג אז דער גענעראַל סאָקאָלאָ־וויטש און זיין גאַנצע פאַמיליע וועט זיך ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אויסוועבען ווי א מיראַזש און עס וועט זיך אַרויסווייזען אז זיי עק־זעסטירען גאָר ניט, אזוי דאָס זיי וועלען גאַנץ רוהיג זיך צוריק אַרונ־טערלאָזען פון די טרעפּ. נור צו זיין שרעק, האָט ער אָנגעהויבען די דאָזיגע האָפענונג פאַרלירען: דער גענעראַל האָט איהם אַרויפגעפיהרט אויף די טרעפּ, ווי א מענש וואָס האָט דאָ טאַקע באַקאַנטע און האָט יעדע ווײַלע אַריינגעשטעלט ביאָגראַפּישע איינצעלהייטען, איבער־פולטע מיט מאַטאַמאַטישע פּינקטליכקייטען. ענדליך ווען מען איז שוין אַרויף אויפ'ן בעל־עטאַזש, האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגען דער טהיר פון א רייכער קוואַרטיר, און דער גענעראַל האָט זיך גע־נומען פאַר'ן הענטעל פון גלעקעל, האָט דער פירשט זיך ענטשלאָסען אין גאַנצען אַנטלויפען; נור איין מאָדנער אומשטאַנד האָט איהם אויף א ווײַלע אָפּגעשטעלט.

— איהר האָט, גענעראַל, געמאַכט א טעות, האָט ער געזאָגט —

אויפ׳ן טהיר איז אַנגעשריבען קולאַקאָוו און איהר קלינגט צו סאַקאַ־לאָוויטש׳ן.

— קולאַקאָוו... קולאַקאָוו באַווייזט נאָך גאָר ניט... דאָס איז די קוואַרטיר פון סאַקאַלאָוויטש און איך קלינג צו סאַקאַלאָוויטש׳ן; איך שפּיי אויף קולאַקאָוועןָ... און אָט עפענט מען שוין...

די טהיר האָט זיך טאַקע געעפענט. עס האָט אַרויסגעקוקט אַ לאַקיי און געלאָזט וויסען, אַז די בעלי־בתים זיינען ניטאָ אין הויז.

ווי ס׳טוט לייד, ווי ס׳טוט לייד! און ווי אומישנע! האָט מיט דער טיפסטער באַדויערונג ווידערהאָלט איינינגע מאָל אַרדאַליאָן אַלעק־סאַנדראָוויטש. — מעלד־זשע, מיין ליבער, אַז גענעראַל איוואָלגין און פירשט מישקין האָבען געוואָלט באַשטעטיגען זייער אייגענע אַכטונג און זיי איז זעהר און זעהר געווען לייד...

אין דער מינוט האָט פון דער אָפענער טהיר אַרויסגעקוקט פון די צימערן נאָך אַ געזיכט, ווי עס ווייזט אויס אַ היימישע באַקאַנטע, אפשר אַ גאָווערנאַנטקע. אַ פרוי פון אַ יאָהר פערציג, אַנגעטאָן אין שוואַרצען. זי האָט זיך דערנעהענטערט מיט נייגעריגקייט און אומ־צוטרויען, דערהערענדיג די נעמען פון גענעראַל איוואָלגין און פירשט מישקין.

— מאַריא אַלעקסאַנדראָוונאַ איז ניטאָ אין דער היים, האָט זי געזאָגט, הויפּטזעכליך איינקוקענדיג זיך אין גענעראַל — זיי זיינען אוועקגעפאָהרען מיט דער פריילין, מיט אַלעקסאַנדראַ מיכאַילאָוונאַ, צו דער באָבע.

— און אַלעקסאַנדראַ מיכאַילאָוונאַ איז אויך מיט זיי. אַ, גאָט מיינס, וואָס פאַר אַן אומגליק! און דענקט נור גנעדיגע פרוי, אַלע מאָל טרעפט מיר אַזאַ אומגליק! איך בעט אייך זעהר, איבערגעבען מיין גרוס. און אַלעקסאַנדראַ מיכאַילאָוונאַ׳ן, זאָלט איהר ניט פאַרגע־סען... מיט איין וואָרט, גיט זיי איבער מיין האַרציגען וואונש, דאָס וואָס זיי האָבען זיך אַליין געוואונשען מיטוואָך אַבענד, ביי די קלאַנגען פון שאָפּען׳ס באַלאַדע; זיי וויסען... מיין האַרציגער וואונש! גענעראַל איוואָלגין און פירשט מישקין!

— איך וועל ניט פאַרגעסען, האָט זיך צוריקגענויגט די דאַמע, ווערענדיג צוטרוילי־כער.

אַרונטערגעהענדיג פון די טרעפּ, האָט דער גענעראַל נאָך מיט

ניט קיין אָפּגעקיהלטער היץ, פאַרטגעזעצט צו באַדויערן, וואָס זיי האָ־
בען ניט געטראָפען, און וואָס דער פירשט וועט פעהלען אזא, אזא
גרויסארטיגע באַקאַנטשאַפט.

— ווייסט איהר, מיין טהייערער, איך בין א פּאָעט אין דער
נשמה, א שטיקעל פּאָעט, האָט איהר עס באַמערקט? און איבערי־
געגס... איבעריגענס, דוכט זיך מיר, אז מיר זיינען גאָר ניט פאַרגאַנ־
גען וואו מען באַדאַרף, האָט ער פּלוצלינג גאָר אונערוואַרטעט פאַר־
ענדיגט. — די סאקאלאָוויטשעס, איך האָב זיך איצט דערמאָנט,
וואוינען גאָר אין אַן אַנדער הויז, און מיר דוכט זיך, זיי זיינען גאָר
איצט אין מאָסקווע. יע, איך האָב געמאַכט א קליינעם טעות, נור
דאָס איז... גאָרנישט...

— איך האָב בלויז וועגען איין זאַך געוואָלט וויסען, — האָט
נידערגעשלאָגען באַמערקט דער פירשט. — דאַרף איך אין גאַנצען
אויפגעבען מיין רעכענונג אויף אייך, און צו זאָל איך זיך שוין בעסער
לאָזען אליין געהן?

— אויפגעבען? די רעכענונג? אליין? נור פאַר וואָס,
אין דער צייט ווען דאָס שטעלט פאַר מיר פאַר די גרעסטע
אונטערנעהמונג, פון וועלכע עס הענגט אזוי פיעל אָפּ דאָס גליק פון
מיין גאַנצער פאַמיליע? נאָר יונגער פריינד מיינער, איהר קענט שלעכט
איוואָלגינען. דער וואָס זאָגט „איוואָלגין", דער זאָגט: „א וואַנט":
פאַרלאָז זיך אויף איוואָלגינען ווי אויף א וואַנט. אָט אזוי האָט מען
נאָך געזאָגט אין עסקאַדראָן, וואו איך האָב אָנגעהויבען מיין דינסט.
איך דאַרף בלויז אויף'ן וועג אריינגעהן אין א הויז, וואו עס רוהט זיך
אָפּ די נשמה מיינע. שוין אזוי עטליכע יאָהר, נאָך אונרוה, און ער־
פאהרונגען...

— איהר ווילט פאַרגעהן אהיים?

— ניין! איך וויל... צו דער קאַפּיטאַנשע טערענטיעוואַ, די
אַלמנה פון דעם קאַפּיטאַן טערענטיעוו, א געוועזענעם אונטעראָרדענטען
מיינעם... און אפילו א פריינד... דאָ ביי דער קאַפּיטאַנשע, לעב איך
אויף אין גייסט, און אהער טראָג איך מיינע לעבענס־ און פאַמיליען־
צרות... און אזוי ווי היינט בין איך ווירקליך אָנגעלאָדען מיט א גרוי־
סען גייסטיגען באַגאַזש, איז איך...

— מיר דוכט זיך, אז איך האָב אהן דעם אויך געטאָן א שרעק־

ליבע נאַרישקייט, האָט אַ מורמעל געטאָן דער פירשט — וואָס איך האָב אייך נאָך פריהער באַאומרוהיגט. און דערצו זייט איהר איצט... געהט געזונט!

—אָבער איך קען דאָך ניט, קען דאָך ניט אָפּלאָזען אייך יונגער פריינד מיינער! האָט זיך אַ וואָרף געטאָן דער גענעראַל. — די אלמנה איז אַ מוטער פון אַ פאַמיליע, און זי ציהט ארויס פון איהר הארצען סטרונעס, וועלכע רופען זיך אָפּ אין מיין גאַנצען וועזען. אַ וויזיט צו איהר — דאָס מיינט, פינף מינוט, אין דער הויז בין איך אָהן צערעמאָניעס, איך וואוין דאָ כמעט, איך וועל זיך אָנטאָן סאַמע נויטיגסטע, און דערנאָך וועלען מיר מיט אַ פורמאַן זיך לאָזען צום גרויסען טעאַטער, זייט זיכער, אז איך נויטיג זיך אין אייך אויפ'ן גאַנצען אבענד... אָט זיינען מיר שוין געקומען אין דער הויז. אַ קאָליא, דו ביזט שוין דאָ? וואָס, מאַרפאַ באָריסאָוונא איז אין דער היים, אָדער דו ביזט אליין ערשט געקומען?

— אָ, ניין, האָט געענטפערט קאָליא פונקט זיך צוזאַמענשטויסענדיג מיט זיי אין די טויערען פון הויז. — איך בין שוין דאָ לאַנג מיט איפּאָליטען, איהם איז ערגער, הייגט אין דער פריה איז ער געלעגען. מאַרפאַ באָריסאָוונא וואַרט אויף אייך. נור פּאַפּאַשאַ, אַך, ווי איהר... האָט פאַרענדיגט קאָליא זיך שטאַרק איינקוקענדיג צו דעם גאַנג און שטעה פון דעם גענעראַל. — נו, קומט שוין!

די באַגעגעניש מיט קאָליא'ן האָט געווירקט אויף דעם פירשט, אז ער זאָל באַגלייטען דעם גענעראַל אויך צו מאַרפאַ באָריסאָוונא, נור בלויז אויף איין מינוט. דער פירשט האָט נויטיג געדאַרפט קאָליא'ן. דעם גענעראַל האָט ער אין יעדען פאַל, באַשלאָסען אוועקצוּוואַרפען און ער האָט זיך ניט געקענט מוחל זיין, וואָס ער האָט פריהער גאַר געדענקט אויף איהם זיך צו פאַרלאָזען. דאָס ארויפגעהן האָט גענומען לאַנג אויפ'ן פערטען גאָרען, אויף פינסטערע טרעפּ.

— איהר ווילט באַקאַנען דעם פירשט? האָט געהענדיג געפרעגט קאָליא.

— יע, פריינד מיינער, באַקאַנען, גענעראַל איוואָלגין און פירשט מישקין, אָבער וואָס... ווי אזוי... מאַרפאַ באָריסאָוונא...

— איהר ווייסט, פּאַפּאַשאַ, אז גלייבער וואָלט געווען איהר זאָלט ניט געהן! זי וועט אייך אויפעסען! דעם דריטען טאָג שוין אז איהר

וויזט ניט דעם נאָז, און זי וואַרט אויף געלט. פאַר וואָס האָט איהר צוגעזאָגט איהר געלט, הא? אלע מאָל טוט איהר אזוי! איצט וועט איהר שוין פיין ארייכנכאַפּען!

אויפ'ן פערטען גאָרען האָט מען זיך אָפּגעשטעלט פאַר א נידע־ריגער טיר. דער גענעראַל האָט וויזט אויס זיך געשראָקען און גע־

— און איך וועל בלייבען דאָ, האָט ער א מורמעל געטאָן. — איך וויל מאַכען א סורפּריז...

קאַליא איז אריין דער ערשטער. עפּעס א דאַמע, פון א יאָהר פערציג, א שטאַרק אָנגעפּוידערטע און אָנגעפאַרבטע, אין שטעק־שיך און קוצעוואַיקע, און מיט האָר פאַרקעמטע אין א צאָפּ, האָט ארויס־געקוקט פון טהיר, און דעם גענעראַל'ס סורפּריז האָט אונערוואַרטעט געפּלאַצט, ווי נור די דאַמע האָט איהם דערזעהן האָט זי גלייך זיך צושריען:

— אָט איז ער, דער נידעריגער און פאַלשער מענש. מיין האַרץ האָט מיר טאַקע אזוי געזאָגט!

— קומט אריין! דאָס איז אזוי זיך, האָט געמורמעלט דער גע־נעראַל, צום פירשט, וועלענדיג מאַכען א וויץ.

נאָר דאָס איז ניט געוועזן אזוי זיך. ווי נור זיי זיינען אריין דורך דער דונקעלער און נידעריגער פאָהרהויז אין דעם ענגינקען זאַל, אויסגעמעבעלירט מיט א האַלבען טוצען געפלאָכטענע שטוהלען, און צוויי שפּיל־טישלאַך, ווי די בעל־הבית'טע האָט גלייך גענומען פאָרט־זעצען מיט אזא אויסגע'חזר'ט־וויינענדיגער און געוועהנליכער שטימע.

— און דו שעהמסט זיך גאָר ניט. שעהמסט זיך גאָר ניט, דו אומענש און טיראַן פון מיין פאַמיליע, אומענש און פאַנאַטיקער! ער האָט מיך אין גאַנצען בארויבט, די זאַפּט אויסגעזויגען און ער איז נאָך דערמיט ניט צופרידען. ביז וואַנען וועל איך פון דיר ליידען, דו אונפאַרשעהמטער און אונעהרליכער מענש!

— מאַרפאַ באָריסאָוונא, מאַרפאַ באָריסאָוונא! דאָס איז... פירשט מישקין. גענעראַל איוואָלגין און פירשט מישקין, האָט געמורמעלט דער דערשראָקענער און צוטומעלטער גענעראַל.

— גלויבט איהר, האָט זיך די קאַפּיטאַנשע פלוצלינג געווענדט צום פירשט — גלויבט איהר, אז אָט דער אונפאַרשעהמטער מענש האָט אפילו ניט רחמנות געהאַט אויף מיינע יתומים'דיגע קינדער!

ער האָט אַלץ אָוועקגערייבט, אַלץ אַריבערגעטראָגען, אַלץ פאַרקויפט און פאַר'משכון'ט, ער האָט גאָרנישט ניט איבערגעלאָזט. וואָס וועל איך מיט זיינע לייה־פּאַפּירען טאָן, דו כיטרער און אָהן געוויסענדיגער מענש! מיט וואָס, מיט וואָס וועל איך שפּייזען מיינע יתומים'דיגע קינדערלאַך? אַט קומט ער שיכור, קאָן אויף די פיס ניט שטעהן... מיט וואָס האָב איך עס דערצאָרענט גאָט, דעם פאָטער, דו מיאוס'ער און עקעלהאַפטער כיטריאַק, ענטפער!

נור דער גענעראַל האָט ניט געהאַלטען דערביי.

— מאַרפאַ באָריסאָוונא, נאָט איך פינף און צוואַנציג רובעל... דאָס איז אַלץ וואָס איך קען, מיט דער הילף פון דעם געאַכטעטסטען פריינד.

— פירשט, איך האָב געמאַכט אַ שרעקליכען טעות! אַזוי איז... דאָס לעבען... און איצט... ענטשולדיגט... איך בין שוואַך, האָט פאַרט־געזעצט דער גענעראַל שטעהענדיג אין מיטען צימער און זיך נויגענדיג אין אַלע זייטען — איך בין שוואַך, ענטשולדיגט, לענאָטשקאַ! דער־לאַנג אַ קישען! טהייערע!

לענאָטשקאַ, אַן אַכט־יאָהריגע מיידעלע איז גלייך אָוועקגעלאָפען נאָך אַ קישען, און זי געבראַכט אויף אַ געקעסטעלטער, האַרטער און אָפּגעריסענער סאָפע. דער גענעראַל האָט זיך אויף איהר געזעצט, מיט דעם צוועק צו זאָגען נאָך זעהר אַסך זאַכען. נור ווי ער האָט זיך צוגעריהרט צו דער סאָפע, האָט ער זיך תיכף אָנגעבויגען אויף אַ זייט, איבערגעדרעהט צום וואַנט און איז איינגעשלאָפען מיט דעם שלאָף פון אַ צדיק. מאַרפאַ באָריסאָוונא האָט צערעמאָניעל און טרויעריג אָנגעצייגט דעם פירשט אַ שטוהל ביים שפּיל־טישעל, אַליין זיך געזעצט אַנטקעגען, אונטערגעשפּאַרט מיט דער האַנט די רעכטע באַק און האָט אָנגעהויבען שווייגענד זיפצען, קוקענדיג אויפ'ן פירשט. דריי קליינע קינדער, צוויי מיידעלאַך און איין אינגעלע פון וועלכע לענאָטשקאַ איז געווען די עלטסטע, זיינען צוגעקומען צום טיש, אַלע דריי האָבען אָוועקגעלעגט די הענט אויפ'ן טיש און צודרינגליך גענומען קוקען אויפ'ן פירשט. פון דעם צווייטען צימער האָט זיך באַוויזען קאָליאַ.

— איך בין זעהר צופרידען, וואָס איך האָב אייך דאָ באַגעגענט, קאָליאַ, האָט זיך צו איהם געווענדט דער פירשט. — קענט איהר מיר

ניט ארויסהעלפען? איך דארף זעהר נויטיג זיין ביי נאסטאסיא פי־ליפאָוונא. איך האָב פריהער געבעטען ארדאליאָן אלעקסאנדראָוויטש'ן נור אַט איז ער גאָר איינגעשלאָפען. באגלייט מיך, ווייל איך ווייס ניט, ניט די גאסען, ניט דעם וועג, איבעריגענס, דעם אדרעס האָב איך: ביים גרויסען טעאטער, די הויז פון מיטטאָווצאָווא.

— נאסטאסיא פיליפאָוונא? זי האָט קיינמאָל ניט געוואוינט ביים גרויסען טעאטער, און דער טאטע איז קיינמאָל ניט געוועזן ביי נאסטאסיא פיליפאָוונא, ווען איהר ווילט וויסען; עס איז מאָדנע, וואָס איהר האָט פון איהם עפּעס ערוואַרטעט. זי וואוינט אויף דער וולאדי־מירסקער גאַס, ביי די „פינף ווינקלען". דאָס איז פון דאַנען אסך נע־הענטער. איהר ווילט שוין? איצט איז האַלב צעהן, ערלויבט מיר און איך וועל אייך צופיהרען.

דער פירשט און קאָליא זיינען טאקע גלייך ארויס. אוי וועה! דער פירשט האָט אפילו ניט געהאַט פאר וואָס צו נעהמען א פוהרמאַן, מען האָט געמוזט געהן צופוס.

— איך האָב געוועזן געוואָלט אייך באקאַנען מיט איפּאָליטען, האָט געזאָגט קאָליא — ער איז דער עלטסטער זון פון דער דאָזיגער קורץ־האָלזיגער קאפּיטאַנשע און ער איז געוועזן אין א צווייטען צי־מער. ער איז ניט געזונט, און איז היינט א גאַנצען טאָג געלעגען. נור ער איז אזא מאָדנער; ער באַלעדיגט זיך שרעקליך און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז ער וועט זיך שעהמען פאר אייך, דערפאר וואָס איהר זייט געקומען אין אזא צייט... איך שעהם זיך דאָך ניט אזוי ווי ער. ווייל ביי מיר איז א טאטע, און ביי איהם איז א מאַמע, דאָ איז פונדעסטוועגען אן אונטערשייד, ווייל דער מענליכער געשלעכט האָט אין אזא פאַל ניט מיט וואס צו ארפּפאַלען! איבעריגענס, איז דאָס ניט מעהר, ווי א פאָראורטהייל וועגען די באשטימונגען פון די גע־שלעכטען. איפּאָליט איז א וואוילער יונג, נור ער איז א קנעכט צו אסך פאָראורטהיילע.

— איהר זאָגט, אז ער האָט שווינדזוכט?

— יע, ס'דוכט זיך, וואָלט ער שוין בעסער געשטאָרבען! איך אויף זיין פּלאַץ וואָלט אונבאַדינגט געוואָלט שטאַרבען. ער האָט רחמנות אויף די ברידער און שוועסטער, אַט די קליינינקע, א די. ווען ס'וואָלט געווען מעגליך, ווען עס איז נור דאָ געלט, וואָלטען מיר

מיט איהם גענומען א באַזונדער קוואַרטיר און זיך אָפּגעזאָגט פון אונ־זערע פאַמיליעס. דאָס איז אונזער טרוים. און ווייסט איהר, ווען איך האָב אָקאָרשט דערצעהלט איהם וועגען אייער פאַל, איז ער אפילו געוואָרען אין כעס. ער זאָגט, אז דער וועלכער איז מוחל א פּאַטש און רופט ניט ארויס אויף א דועל — איז א פּאַדלעץ. איבעריגענס, איז ער א שרעקליך אויפגערעגטער, און איך האָב שוין אויפגעהערט מיט איהם צו דעבאַטירען. איז הייסט אַזוי, אז נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט אייך גלייך טאַקע איינגעלאַדען צו זיך?

— אָט דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס זי האָט ניט איינגעלאַדען.

— טאָ ווי אַזוי־זשע געהט איהר? האָט אויסגערופען קאַליא און זיך אפילו אָפּגעשטעלט אין מיטען טראָטואַר. און... אין אַזעלכע קליידער, און דאָרט איז דאָך אַן אָבענד פון איינגעלאַדענע.

— ביי גאָט. אז איך ווייס טאַקע ניט ווי אַזוי איך וועל אריין— וועלען זיי אויפנעהמען — איז גוט, ניין — הייסט עס, אז די זאַך איז פאַרלאָרען. און וועגען די קליידער, וואָס זשע קען מען דאָ טאָן?

— אָ, איהר. הייסט עס, געהט צו איהר וועגען א געוויסען ענין? אָדער איהר געהט גלאָט אַזוי זיך, Pour Passer Le temps אין „א פיינער געזעלשאַפט?"

— ניין, איך האָב אייגענטליך... דאָס הייסט, איך געה צוליב אַן ענין... מיר איז דאָס שווער צו דערקלעהרען... אָבער...

— נו, איך ווייס ניט צוליב וואָס פאַר אַן ענין, נור זאָל עס זיין, ווי אייך געפעלט. מיר אינטערעסירט די הויפּט זאַך, דאָס, וואָס איהר בעט זיך ניט איין גלאָט אַזוי זיך אויף אַן אָבענד, אין דער צויבערליכער געזעלשאַפט פון א קאַמעליען־דאַמע, גענעראַלען און פּראַצענטניקעס. אויב דאָס וואָלט געווען אַזוי, טאָ ענטשולדיגט מיר פּירשט, וואָלט איך אייך אויסגעלאַכט און אויך אָנגעהויבען פאַראַכטען. דאָ זיינען פאַראַן שרעקליך ווייניג עהרליכע מענשען, אַזוי, דאָס ס"איז ניטאָ וועמען צו אַכטען. ניט ווילענדיג קוקסטו פון אויבען אַראָפּ. און זיי פאָדערען אַכטונג; וואַריאַ די ערשטע. און האָט איהר באַמערקט, פּירשט, אין אונזער יאָהרהונדערט זיינען אַלע אַוואַנטוריסטען! און דוקא נור ביי אונז אין רוסלאַנד, אין אונזער ליבען פּאַטערלאַנד. און ווי אַזוי איז דאָס אַלץ געשעהן פאַרשטעה איך ניט. דאַכט זיך שוין אַזוי פעסט געשטאַנען, און וואָס איז איצט? דאָס רעדען איצט אַלע

און מען שרייבט אומעדום. מען באשולדיגט. ביי אונז באשולדיגען אלע. די עלטערען אליין שעהמען זיך אויך מיט זעהר פריהערדיגער מאראל. אט האט אין מאָסקווע, איינער א פאָטער איינגערעדט זיין זון אז, ער זאל פאר גאר נישט זיך ניט אפּשטעלען, אום צו ווערען רייך. ס'איז געווען אין דער פרעסע. גיט א בליק אויף מיין גענע־ראל. נו, וואָס איז פון איהם ארויסגעקומען? און איבעריגענס, ווייסט איהר, מיר דוכט, אז מיין גענעראל איז אן ארענטליכער מענש; אויף מיין וואָרט, ס'איז אזוי! דאָס איז ער אזוי נור אלץ צוליעב די אונ־אָרדנונג, און די בראנפען, אויף מיין וואָרט ס'איז אזוי! ס'איז אפילו אויף איהם א רחמנות. איך האָב בלויז מורא צו רעדען ווייל אלע לאכען. אָבער אויף מיין וואָרט ס'איז א רחמנות. און וואָס קומט ארויס פון אט די אלע חכמים? זיי זיינען אלע פּראָצענטניקעס, אלע ביז איינער! איפּאָליט בארעכטיגט פּראָצענט־נעהמען, ער זאָגט, אז אזוי דארף זיין, אן עקאָנאָמישע אויפטרייסלונג, עפּעס אזעלכע צו־פלוסען און אבפלוסען זאל זיי דער טייוועל נעהמען. מיר פארדריסט שרעקליך אויף איהם. נור ער איז א דערצאָרענטער. גיט נור א טראכט, זיין מאמע, די קאפּיטאנשע טאקע, קריגט געלט פון גענע־ראל, און זי לייהט זיי איהם טאקע אויף שנעלע פּראָצענטען. עס איז א גוואלדיגע שאנדע! און ווייסט איהר אז מיין מאמע, דאָס הייסט נינא אלעקסאנדראָוונא, די גענעראלשע, העלפט איפּאָליט'ן מיט געלט, קליידער, וועש, און נאָך זאכען. און טהיילוויז אפילו די איבעריגע קינדער אויך, דורך איפּאָליט'ן טאקע. ווייל זיי קוקען איהר אוים צו זיין אזעלכע עלענדע. און וואריא אויך.

—אט זעהט איהר, איהר זאָגט, אז עס זיינען ניטאָ קיין אָרענט־ליכע און כאראקטער־פעסטע מענשען און אז אלע זיינען בלויז פּראָ־צענטניקעס; אט האָבען זיך געוויזען שטארקע מענשען, אייער מוטער און וואריא. איז דען דאָס קומען צו הילף, ביי אזעלכע אומשטענדען ניט קיין צייכען פון מאָראלישער שטארקייט?

— וואַרינקא טוט עס צוליב זעלבסט־ליבע, צוליב גרוים־האל־טעריי, כדי ניט אפּשטעהן פון דער מוטער. נו, און די מאמע, זיכער... איך אכטע זי. יע, דאָס אכטע איך און בארעכטיג. אפילו איפּאָליט פיהלט און ער איז דאך אין גאנצען פארהאַרטעוועט געוואָרען. פון אנפאנג האָט ער געווען געלאכט און האָט אנגערופען, אז דאָס איז

פון דער מוטערס זייט א נידעריגקייט ; נור איצט הויבט ער אָפּטמאָל אָן צו פיהלען. הא, איז אָט דאס רופט איהר אָן קראַפט ? איך וועל דאס באַמערקען. האניא וויים ניט ווען ניט וואָלט ער עס אָנגערופען נאכזיכטיגקייט.

— אָ, האניא וויים ניט ? האניא וויים נאָך דוכט זיך, א סך זאַ־כען ניט, האָט זיך ארויסגעריסען ביי דעם פארטראַכטען פירשט.

— און ווייסט איהר פירשט, אז איהר געפעהלט מיר זעהר. דער פריהערדיגער פאַל געהט מיר ניט ארויס פון זינען.

— און איהר, קאָליא, געפעהלט מיר אויך זעהר.

— הערט נור, ווי דענקט איהר דאָ לעבען ? איך וועל באַלד קרי־גען א באַשעפטיגונג. און איך וועל וואָס־ניט־איז פאַרדינען. קומט לאָמיר וואוינען. איך, איהר און איפּאָליט צוזאַמען. לאָמיר דינגען א קווארטיר, און דעם גענעראַל וועלען מיר אויפנעהמען ביי אונז.

— איך, וועל מיט׳ן גרעסטען פארגעניגען. נור איבעריגענס, וועלען מיר זעהן. איך בין איצטער זעהר.... זעהר צוטראָגען. וואָס ? מיר זיינען שוין געקומען ? אין דעם הויז ?... אַך, וואָס פאר א שעהנער אריינגאַנג ! און א שווייצאַר. נו, קאָליא, איך וויים ניט, וואָס דער־פון וועט ארויסקומען.

דער פירשט איז געשטאַנען ווי א פארלאָרענער.

— איהר וועט מאָרגען דערצעהלען ! ציטערט ניט אזוי. גיב אייך גאָט ערפאָלג ! ווייל איך בין מיט אייערע איבערצייגונגען אין אַלץ ! זייט געזונט ! איך קעהר זיך אום צוריק אהין און וועל דערצעהלען איפּאָליט׳ן. און דאָס אז מען וועט אייך אויפנעהמען אין דעם איז גאָר קיין צווייפעל ניטאָ ! שרעקט זיך ניט ! זי איז זעהר אָן אָריגי־נעלע. מיט די דאָזיגע טרעפּ צום ערשטען גאָרען. דער שווייצאַר וועט ווייזען !

---

## דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

דער פירשט איז געווען זעהר אומרוהיג ווען ער איז אריינגעקומען און ער האָט זיך מיט אַלע קרעפטען געמיהט צו ערמוטיגען : דאָס

כאָמע ערגסטע, האָט ער געטראַכט — וועט זיין, אז מען וועט ניט אויפנעהמען, און מען וועט וועגען מיר עפּעס ניט שעהנעס א טראַכט טאָן, אָדער, מען וועט יע אויפנעהמען און מען וועט דיר לאַכען אין די אויגען... עט, ס'איז גאָרנישט!" און באמת, האָט דאָס נאָך ניט אזוי געשראָקען, נור די פראַגע: „וואָס וועט ער דאָרטען אויפטאָן און צו וואָס געהט ער?" אויף דער דאָזיגער פראַגע האָט ער טאַקע גאָר ניט געקענט געפינען א באַרוהיגענדען ענטפער. ווען מען וואָלט אפילו שוין געקענט אויף א וועלכען ס'איז אופן, כאַפּענדיג א מאָמענט, זאָגען נאסטאסיא פיליפּאָוונא: געהט ניט חתונה האָבען פאר דעם דאָזיגען מענשען און הרג'עט זיך ניט אוועק. ער האָט אייך ניט ליעב, נור ער האָט ליעב אייערע געלט, ער האָט עס מיר אליין געזאָגט, און אַגלאַיא עפּאַנטשינא האָט עס מיר געזאָגט און איך בין אייך געקומען איבערגעבען", איז א ספק צו דאָס וואָלט ארויסגעקומען ריכטיג ווי מען באדאַרף. עס האָט זיך פאָרגעשטעלט נאָך איין ניט געלייזטע פראַגע און דערצו אזא וויכטיגע, פון וועלכע דער פירשט האָט אפילו מורא געהאַט טראַכטען, וועלכע ער האָט אפילו ניט געקענט און ניט געוואָלט צוצולאָזען. פאָרמולירען דאָס ווי ס'איז האָט ער ניט גע־קענט. ער האָט זיך גערויטעלט און געשוידערט בלויז ביי דעם איינ־ציגען געדאַנק וועגען דעם. נור עס האָט זיך געענדיגט דערמיט אז ניט קוקענדיג אויף אלע שרעקענישען און צווייפלען, איז ער דאָך אריין און געפרעגט אויף נאסטאסיא פיליפּאָוונא.

נאסטאסיא פיליפּאָוונא, האָט פאַרנומען ניט זעהר קיין גרויסע נור א באמת פּרעכטיגע, סעפּעראַטע קוואַרטיר. אין די פינף יאָהר פון איהר פּעטערבורגער לעבען איז געווען א צייט, אין אָנהויב, ווען אפאנאסי איוואנאָוויטש האָט ניט שטאַרק געזשאַלעוועט פאר איהר קיין געלט. ער האָט נאָך דאַן גערעכענט אויף איהר ליבע, און געדענקט נעהמען זי, דערהויפּט מיט קאָמפּאָרט און לוקסוס. וויסענדיג ווי לייכט עס נעהמען זיך צו די לוקסוס־געוואוינהייטען, און ווי שווער ס'איז דערנאָך זיי אָפּצולאָזען, ווען די לוקסוס ווערט ביסלעכווייז, ביס־לעכווייז, א נויטווענדיגקייט. אין דעם פאַל, האָט טאָצקי אויסגעפירט בירט די גוטע אלטע מעשיות, גאָרנישט אין זיי ניט ענדערענדיג. גרענצלאָז אכטענדיג די אונבאזיגבאַרע קראַפט פון די ליידענשאַפטליכע ווירקונגען. נאסטאסיא פיליפּאָוונא האָט זיך פון לוקסוס ניט אָפּ־

געזאָגט. האָט עס אַפילו ליב געהאַט. נור — און דאָס האָט אויס־געקוקט זעהר מאָדנע — האָט זיך בשום אופן צו דעם ניט אונטערגע־געבען. עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט אַלעמאָל געקענט זיך באַגעהן אָהן דעם; און זי האָט אַפילו איינינע מאָל זיך געסטאַרעט דאָס צו ער־קלערען, און דאָס האָט אויף טאָצקין געמאַכט אַ שלעכטען איינדרוק. איבעריגענס, עס איז געוועזען אַסך אין נאַסטאַסיא פיליפּאָווונא וואָס האָט ניט געווירקט צום גוטען (אין די לעצטע צייט אַפילו ביז פאַר־אַכטונג) אויף אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש. ניט רעדענדיג שוין וועגען דיר ניט פיינקייט פון דעם סאָרט מענשען מיט וועלכע זי האָט אָפּט־מאָל צוגעלאָזט צו זיך. און עס קען געבען, אַז זי איז זייער געוועזען גע־נייגט צו דערנעהנטערן, האָבען ביי איהר זיך געוויזען נאָך איינינע גאַנץ מאָדנע נייגונגען: עס האָט זיך באַוויזען עפּעס אַזאַ ווילדער געמיש פון צווייערליי געשמאַקען, די פעהיגקייט צו באַגעהן און באַ־נוגענען זיך מיט אַזעלכע זאַכען און מיטלען וועלכע אַן אַנשטענדיגער און עדעל־ערצויגענער מענש וויל גאָר ניט דערלאָזען זייער עקזיסטענץ. אין אמת'ען, צום ביישפּיל, ווען נאַסטאַסיא פיליפּאָווונא וואָלט פּלוצלינג ארויסגעוויזען אַ פיינע און עדעלע אונבאַקאַנטשאַפט, למשל פון דעם סאָרט, אַז פּויערטעס קענען ניט טראָגען באַטיסטאָווע אונטערוועש, אַזוינע וועלכע זי טראָגט, וואָלט אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש, דוכט זיך געווען דערמיט צופרידען. צו אַזעלכע רע־זולטאַטען איז זי געווען גענויגט צום ערשטען דורך דער גאַנצער ער־ציהונג און נאַסטאַסיא פיליפּאָווונא, לויט דער פּראָגראַם פון טאָצקי, וואָס איז געווען אין דעם ענין זעהר אַ וויסענדער מענש; אָבער אוי! מאָדנע רעזולטאַטען זיינען דערפון גאַר ארויסגעקומען. ניט קוקענ־דיג אָבער אויף דעם איז פונדעסטוועגען נאָך עפּעס געבליבען אין נאַסטאַסיא פיליפּאָווונא וועלכע האָט גאַנץ אָפט ערשטוינט אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש מיט איהר אונגעוועהנליכער און היגרייסענדער אָריגי־נאַליטעט און עפּעס מיט אַזאַ קראַפט, און איהם באַצויבערט, אָפט־מאָל אַפילו נאָך איצט אויך, ווען עס האָבען זיך שוין צושאָטען אַלע זיינע האָפנונגען אויף נאַסטאַסיא פיליפּאָווונא.

דעם פירשט האָט באַגעגענט אַ מיידעל (די דינערשאַפט ביי נאַסטאַסיא פיליפּאָווונא איז שטענדיג געווען אַ ווייבליכע) און צו זיין פאַרוואונדערונג, האָט זי אויסגעהערט זיין ביטע, צו מעלדען

ווענען איהם, אָהן קיין שום פאַרוואונדערונג, ניט זיינע שמוציגע שיך, ניט זיין ברייט־ברעגיגע הוט, ניט דער מאַנטעל אָהן ארבעל, און ניט דער פארשעהמטער אויסזעהן האבען אין איהר ניט ארויסגערופען קיין צווייפעל. זי האָט ארונטערגענומען פון איהם דעם מאַנטעל, איהם איינגעלאַדען צו ווארטען אין פאַר־הויז און זי איז גלייך אוועק צו מעלדען וועגען איהם.

די געזעלשאַפט וועלכע האָט זיך צונויפגעזאַמעלט ביי נאסטאסיא פיליפּאָווגא איז באַשטאַנען פון די סאַמע געוועהנליכע און שטענדיגע באַקאַנטע איהרע. עס איז אפילו געווען א גאַנץ קליינער עולם אין פארגלייך מיט די פריהערדיגע יעהרליכע פארזאַמלונגען אין אזעלכע טעג.

עס זייען געווען צום ערשטען און דערהויפּט, אפאנאסי איוואנאָ־וויטש טאָצקי און איוואן פיאָדאָראָוויטש עפּאַנטשין. ביידע זיינען געווען ליבליך, נור אין ביידע איז געווען עפּעס אזא — באהאַלטענע אימרוהיגקייט, וועגען דער שלעכט מאַסקירטער ערוואַרטונג פון דער צוגעזאָגטער ערקלעהרונג וועגען האניא׳ן. אויסער זיי, פארשטעהט זיך, איז אויך געווען האניא — אויך זעהר אָן אומעטיגער, זעהר א פארטראַכטער, און אפילו כמעט גאָר ניט קיין פריינדליכער. אמעהר־סטענס, איז ער געשטאַנען אָן א זייט, פון דער ווייטענס און געשווי־גען. ברענגען וואַריע׳ן האָט ער ניט געהאַט קיין מוטה, נור נאסטאסיא פיליפּאָווגא האָט אפילו וועגען איהר גאָר ניט דערמאָנט; דערפאַר האָט זי אָבער גלייך ווי זי האָט זיך באַגריסט מיט האניא׳ן איהם דער־מאָהנט זיין פריהערדיגע סצענע מיט׳ן פירשט. דער גענעראַל וועל־כער האָט נאָך פון דעם ניט געוואוסט האָט זיך אָנגעהויבען צו אינ־טערעסירען. דאַן האָט האניא טרוקען, אײַנגעהאַלטען נור זייער אָפען־הערציג דערצעהלט אַלץ וואָס איז פריהער פאָרגעקומען און ווי אזוי ער איז שוין געגאַנגען צום פירשט בעטען ענטשולדיגונג. דערביי האָט ער היציג ארויסגעזאָגט זיין מיינונג, אז דעם פירשט האָט מען עפּעס זעהר אונפארשטענדליך און גאָט ווייסט פאר וואָס אָנגערופען „אי־דיאָט״, אז ער דענקט וועגען איהם פונקט דאָס פאַרקעהרטע. און אז דער מאַן איז זיכער א פארשטענדיגער מענש. נאסטאסיא פיליפּאָוו־נא האָט אויסגעהערט די דאָזיגע מיינונג מיט גרויס אינטערעס און מיט גרויס נייגעריגקייט נאָכגעקוקט האניא׳ן, נור דער געשפּרעך איז

באַלד אריבערגעגאַנגען אויף ראַגאָזשינען, וועלכער האָט גענומען אזא גרויסען אנטהייל אין דער פריהמאָרגענדיגער סצענע און מיט וועלכען עס האָבען זיך אויך מיט א זעהר שטאַרקער נייגעריגקייט פאראינטערעסירט אפאנאסי איוואנאָוויטש און איוואַן פיאָדאָראָוויטש. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט אז באַזונדערע ידיעות וועגען ראַגאָזשין האָט געקענט געבען פּטיצין, וועלכער האָט געקעמפט מיט איהם צוליב זיינע געשעפטען, כמעט ביז נייען א זייגער אין אבענד. ראַגאָזשין איז באַשטאַנען מיט אלע זיינע קרעפטען אויף דעם, אז ער זאָל קריגען היינט שוין הונדערט טויזענד רובעל — „ער, איז דעם אמת געזאָגט, געווען שיכור — האָט דערביי באמערקט פּטיצין — אָבער הונדערט טויזענד ווי שווער דאָס איז ניט, דוכט זיך איהם, אז מען וועט קריגען, נאָר איך ווייס ניט, צי היינט שוין און צו אינגאַנצען; אבער ארבייטען דערויף, ארבייטען א סך'ן: קינדער, טרעפּאלאוו, בּיסקופּ; פּראָצענטען גיט ער וויפיעל מען פאַרלאַנגט, געוועהנליך דאָס אלץ שיכור'ערהייט און פון דער ערשטער פרייד..." האָט פאַרענדיגט פּטיצין. אַט די אלע נייעס'ן זיינען אויפגענומען געוואָרען מיט אינטערעס, טהיילווייז ניט קיין פרעהליכען. נאסטאסיא פיליפּאָוונא האָט געשוויגען, ניט וועלענדיג, קענטיג זיך ארויסזאָגען. האַניא אויך. גענעראל עפּאנטשין איז געווען אומרוהיגער פאַר זיך, כמעט מעהר ווי אלע. די פּערל וועלכע ער האָט צוגעשטעלט נאָך אין דער פריה, זיינען צוגענומען געוואָרען מיט פריינדליכקייט, זעהר קאַלט און אפילו מיט א געוויסען שמייכעלע. איין פערדישטשענקאָ איז פון אלע געסט געווען אין א פרעהליכער און יום־טוב'דיגער שטימונג און האָט הויך געלאַכט ניט ווייסענדיג פאַר וואָס. און אויך דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אליין אָנגענבונדען די ראָליע פון א ליץ. אפילו אפאנאסי איוואַנאָוויטש, וועלכער איז געווען באַוואוסט אלס פיינער און גלענצענדער דערצעהלער, און אין די פריהערדיגע צייטען, פלעגט ער אויף די דאָזיגע אבענדען זיין דער פיהרער פון געשפּרעך, איז אויך קענטיג געווען ניט אויפגעלעגט און אפילו צוטראָגען ניט לויט זיין געוואוינהייט. די איבעריגע געסט, וועלכע זיינען איבעריגענס, געווען ניט פיעל (עפּעס א קלעגליכער אַלטיטשקער לעהרער, גאָט ווייס צוליב וואָס אַן איינגעלאַדענער, עפּעס אַן אונבאַקאַנטער, און זעהר יונגער מענש, א שרעקליך שרעקעדיגער און די גאַנצע צייט א שוויינענדיגער; א

יונגע דאַמע, א געוואַגטע, פון א יאָהר פערציג, פון די אַקטריסעס, און איינע א זעהר שעהנע און רייך געקליידעטע און אויסערגעוועהנליך ניט רעדעוודיגע יונגע דאַמע) האָבען ניט נור ניט געקענט מאַכען לע־בעדיג דעם געשפּרעך, נור זיי האָבען אָפּט איינפאַך ניט געוואוסט וועגען וואָס צו רעדען.

אויף אזא אופן איז דעם פירשט'ס ערשיינונג פאַרגעקומען אפילו אין צייט. די אָנזאָגונג וועגען איהם, האָט אַרויסגערופען א פאַר־וואונדערונג און אייניגע מאָדנע שמייכלען. דערהויפּט ווען מען האָט זיך דערוואוסט אַז דעם פאַרוואונדערטען אויסזעהן פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא אַז זי האָט איהם גאָר ניט געדענקט איינצולאַדען.

נור נאָך דער פאַרוואונדערונג האָט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא אַרויס־געצייגט אזוי פיל צופרידענקייט, אַז די מעהרהייט האָט זיך באַלד צוגעגרייט באַגעגענען דעם אונגעבעטענעם גאַסט מיט געלעכטער און פרייד.

— מען דאַרף רעכענען, אַז דאָס איז ביי איהם אַרויסגעקומען צוליב זיין אומשולד, — האָט פאַרענדיגט איוואַן פּיאָדאָראָוויטש עפּאַנטשין — און אַלענפאַלס זיינען אזעלכע נייגונגען א געפאַהר צו ערמוטיגען. נור, אין דעם מאָמענט, איז גאָר ניט שלעכט וואָס איהם איז איינגעפאַלען צו קומען, כאָטש אפילו אויף אזא אָריגינעלען וועג; ער וועט אפשר אונז מאַכען פרעהליך, ווי לכל הפחות איך קען זאָ־ גען וועגען איהם.

— און דערהויפּט ווען ער האָט זיך נאָך אַליין איינגעלאַדען! האָט גלייך אריינגעזאָגט פערדעשטשענקא.

— איז וואָס איז דערפון געדרונגען? האָט טרוקען געפרעגט דער גענעראַל, וועלכער האָט פיינט געהאַט פערדישטשענקא.

— דאָס, אַז ער וועט באַצאָהלען פאַר איינטריט, האָט יענער ער־קלעהרט.

— נו, פירשט מישקין איז ניט פערדישטשענקא, האָט פונדעסט־וועגען ניט אויסגעהאַלטען דער גענעראַל, ביז איצט ניט קענענדיג שלום מאַכען מיט'ן געדאַנק צו געפינען זיך מיט פערדישטשענקא אין איין געזעלשאַפט און אַלס גלייכע מענשען.

— עי, גענעראַל, שוינט פערדישטשענקאַ'ן, האָט יענער געענט־פערט קוועלענדיג — איך בין אויף באַזונדערע רעכטע.

— אויף וואָס פאַר אַ באַזונדערע רעכטע?

— דעם לעצטען מאָל האָב איך געהאַט די עהרע דאָס צו ערקלערען דעם עולם מיט אַלע פּרטים. צוליב אייער האָהייט ווידערהאָל איך נאָכאַמאָל. איהר פאַרשטעהט, אייער האָהייט: אַלע פאַרמאַגען שאַרפזין און איך האָב ניט קיין שאַרפזין, אַלס אַ באַלוינונג האָב איך זיך איינגעבעטען, די ערלויבניש צו זאָגען דעם אמת. ווייל אַלע־מען איז באַוואוסט אַז דעם אמת זאָגען נור די יעניגע וועלכע פאַר־מאָגען ניט קיין שאַרפזין. דערצו בין איך אַ מענש אַ זעהר ראַכע־זיכטיגער, און אויך דערפאַר ווייל איך האָב ניט קיין שאַרפזין. איך טראָג איבער אַלע באַליידיגונגען ביז דער ערשטען דורכפאַל פון דעם באַליידיגער, ביי דעם ערשטען דורכפאַל אָבער, גלייך דערמאָהן איך זיך און גלייך נעהם איך מיט עפּעס נקמה. איך בריקע, ווי עס האָט זיך אויסגעדריקט וועגען מיר איוואן פּעטראָוויטש פּטיצין, וועלכער בריקעט געוויס קיינמאָל קיינעם ניט. ווייסט זיין האָהייט דעם פאַ־בעל פון קרילאָוו: דער „לייב און דער עזעל?“ נו, איז דאָס זיינען מיר ביידע. וועגען אונז איז דאָס אָנגעשריבען געוואָרען.

— איהר האָט דוכט זיך ווידער אַמאָל זיך פאַרליגנערט? איז אויפגעזאָדען דער גענעראַל.

— און וואָס ווילט איהר אייער האָהייט, האָט אונטערגעכאַפּט פּערדישטשענקאָ, וועלכער האָט גערעכענט, אַז מען וועט קענען אונ־טערכאַפּען און נאָכמעהר פאַנאַנדערשמירען: — זייט רוהיג אייער האָהייט, איך ווייס מיין פּלאַץ. אויב איך האָב געזאָגט, אַז איך מיט אייך זיינען לייב און עזעל פון קרילאָוו׳ס פאַבעל, נעהם איך פאַרשטעהט זיך די ראָלע פון דעם עזעל אויף זיך, און אייער האָהייט — איז דער לייב. ווי עס איז געזאָגט געוואָרען אין קרילאָוו׳ס פאַבעל:

„דער מעכטיגער לייב, דער שרעק פון וואַלד
האָט פון אַלטקייט פאַרלאָרען די כחות“

און איך בין אייער האָהייט אַן — עזעל.

— מיט דאָס לעצטע בין איך איינשטימיג, האָט זיך אומפאָר־זיכטיג אַרויסגעריסען ביים גענעראַל.

דאָס אַלץ איז, פאַרשטעהט זיך, געווען גראָב, נור אַזוי איז שוין געווען אָנגענומען אַז פּערדישטשענקאָ׳ן איז ערלויבט געווען צו שפּי־לען די ראָלע פון אַ ליץ.

— מיך האָלט מען דאָך טאַקע און מען לאָזט מיך אריין נור דער־פאַר, האָט אויסגערופען פערדישטשענקא — כדי איך זאָל רעדען אין דעם דאָזיגען גייסט. נו, קען מען טאַקע אין אמת'ן אזא ווי איך אויפנעהמען. איך פאַרשטעה דאָך דאָס. נו, קען מען אזא פערדי־שטענקע אוועקזעצען אין איין שורה מיט אזא עדעלען דזשענטעלמען ווי אפאנאסי איוואנאָוויטש? ניט ווילענדיג בלייבט איין טייטש: מען זעצט דערפאַר, ווייל אזא זאַך לעגט זיך קיינעם ניט אויפן שכל.

נור כאָטש גראָב, נור דאָך איז עס געווען בייסיג און אמאָל אפילו זעהר בייסיג און דאָס דוכט זיך איז געפעהלען געוואָרען נאסטאסיא פיליפאָוונא. די וואָס האָבען געוואָלט אונבאדינגט ביי איהר זיין, האָ־בען געמוזט זיך באַשליסען איבערטראָגען פערדישטענקא. ער האָט קען געבען אפשר געטראָפען דעם גאנצען אמת, רעכענענדיג, אז מען האָט איהם דערפאַר אנגעהויבען אויפנעהמען, ווייל ער איז פון דעם ערשטען מאָל געוואָרען אונערטרעגליך מיט זיין אנוועזענ־הייט פאַר טאָצקין. האָניא פון זיין זייט, האָט פון איהם איבערגע־טראָגען אונענדליכע ליידען. אין דער באַציהונג, איז פערדישטשענקא זעהר צונוץ געקומען נאסטאסיא פיליפאָוונא'ן.

— און דער פירשט וועט ביי מיר פון דעם אָנהויבען, אז ער וועט אויסזינגען א מאָדנעם ראָמאַנס, האָט באַשלאָסען פערדישטשענקא, קוקענדיג וואָס וועט אויף דערויף זאָגען נאסאטאסיא פיליפאָוונא.

— איך דענק ניט אזוי, פערדיטשענקאָ, און ביטטע, קאָכט זיך ניט, — האָט זי טרוקען באַמערקט.

— אַ־אַ! אויב ער איז אונטער א באַזונדערען שוץ ווער איך אויך ווייכער...

נור נאסטאסיא פיליפאָוונא האָט זיך אויפגעשטעלט, ניט הערענ־דיג, און איז אליין אוועק באַגעגענען דעם פירשט.

— מיר טוט לייד, האָט זי געזאָגט, ערשיינענדיג פּלוצלינג פאר'ן פירשט — וואָס איך האָב פריהער אין איילעניש, פאַרגעסען אייך איינצולאַדען צו זיך. און מיך פרעהט זעהר, אז איהר אליין גיט מיר איצט די געלעגענהייט צו דאַנקען און לויבען אייך פאַר אייער ענט־שלאָסענהייט.

דאָס זאָגענדיג, האָט זי צודרינגליך זיך איינגעקוקט אין פירשט.

זיך מיהענדיג כאָטש ווי סע ניט איז געבען זיך צו פאַרשטעהן זיין טהאָט.

דער פירשט, וואָלט מעגליך, איהר עפּעס געענטפערט אויף איהרע ליבליכע ווערטער, נור ער איז געווען אזוי פאַרבלענדט און איבעראשט, אז ער האָט ניט געקענט ארויסזאָגען קיין וואָרט. נאַסטאַסיא פילי־פּאָוונא האָט עס מיט פאַרגעניגען באַמערקט. אין דעם אבענד איז זי געווען אין איהר פולען טואַלעט און זי האָט געמאַכט אַן אונגעוועהנ־ליכען איינדרוק. זי האָט איהם גענומען פאַר'ן האַנט און אוועקגע־פיהרט צו די געסט. ביים סאַמע אריינגאַנג אין גאַסט־צימער האָט זיך דער פירשט פּלוצלינג אָפּגעשטעלט און מיט אַן אונגעוועהנליכער אויפרעגונג איילענדיג איהר ארויסגעשעפּטשעט:

— אין אייך איז אַלץ פאָלקאָמען... אפילו דאָס וואָס איהר זייט דאַר און בלאַס... אייך ווילט זיך גאָר אנדערש ניט פאָרשטעלען... מיר האָט זיך אזוי געוואָלט צו אייך קומען... איך... ענטשולדיגט...

— בעט ניט קיין ענטשולדיגונג, האָט זיך צעלאַכט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — מיט דער מיט וועט צושטערט ווערען די גאַנצע מאָ־ד'ענקייט און אָריגינאַליטעט, און אין אמת'ן, מען זאָגט וועגען אייך אז איהר זייט א מאָדנער מענש. הייסט עס, אז איהר רעכענט מיך פאַר א פאָלקאָמענהייט. יע?

— יע.

— איהר זזייט אפילו א קינסטלער אויף צו פאָראויסזעהן, נור פונדעסטוועגען האָט איהר געמאַכט א טעות. איך וועל היינט טאקע וועגען דעם דערמאָהנען...

זי האָט פאָרגעשטעלט דעם פירשט פאַר די געסט, פון וועלכע צו מעהר פון א העלפט ער איז שוין געווען באַוואוסט. טאָצקי האָט גלייך געזאָגט עפּעס א ליבען וואָרט. אלע האָבען זיך ווי א ביסעל אָפּגעלעבט. אלע האָבען מיט אמאָל זיך צורעדט און געלאַכט. נאַס־טאַסיא פיליפּאָוונא האָט אוועק געזעצט דעם פירשט לעבען זיך.

— נור פונדעסטוועגען וואָס איז דאָ דער וואונדער אין דעם פירשט'ס קומען? האָט פערדישטשענקא געשריען העכער פון אלע־מען — די זאך איז קלאָהר, די זאך רעדט פאר זיך אליין.

— די זאך איז שוין צו פיעל קלאָהר און רעדט צו פיעל פאר זיך, האָט פּלוצלינג אונטערגעכאַפּט דער שווייגענדער האַניא — איך

האָב היינט באַאָבאַכטעט דעם פירשט כמעט אַז אויפהער פון דער סאַמע ערשטער מינוט, ווען ער האָט אַ בליק געטאָן אויפ'ן בילד פון נאסטאסיא פיליפאָוונא, אויפ'ן טיש ביי איוואן פיאָדאָראָוויטש. איך געדענק זעהר גוט, אַז איך האָב נאָך פריהער וועגען דעם אַ טראַכט געטאָן אין וואָס איך בין איצט פאָלקאָם איבערצייגט און וועגען וואָס אַגב אורחא זאָגענדיג, האָט דער פירשט אליין מיר זיך מודה געווען.

אָט די גאַנצע פראַזע האָט האַניא ארויסגעזאָגט זעהר ערנסט, אָהן די קלענסטע לצנות, אפילו מיט אַ טרויערדיגער מינע, וואָס ס'האָט אויסגעזעהן זעהר מאָדנע.

— איך האָב אייך קיינע ערקלעהרונגען ניט געמאַכט, האָט דער פירשט געזאָגט, רויט ווערענדיג — איך האָב בלויז געענטפערט אויף אייער פראַגע.

— בראַווא! בראַווא! האָט אויסגעשריען פערדישטשענקאַ. ס'איז לכל הפחות אָפענהערציג, אי כיטרע, אי אָפענהערציג!

אַלע האָבען הויך געלאַכט.

— שרייט ניט אַזוי פערדיטשענקאַ, האָט מיט פאַראַכטונג איהם באַמערקט גאַניע שטיל פּטיצין.

— פון אייך פירשט, האָב איך אַזעלכע זאַכען ניט ערוואַרטעט, האָט ארויסגעזאָגט איוואן פיאָדאָראָוויטש — און ווייסט איהר וועמען עס וואָלט געפּאַסט? און איך האָב דאָך אייך גערעכענט פאַר אַ פילאָסאָף! אָט נאָט אייך אַ שטילינקען!

— און אורטהיילענדיג נאָך דעם, וואָס דער פירשט רויטעלט זיך פון אַז אומשולדיגען וויץ, ווי אַז אומשולדיגע יונגע מיידעל, קום איך צום שלום, אַז ער, ווי אַז אָרענטליכער יונגערמאַן, טראָגט אין זיין הארצען די סאַמע ליבענסווערטהע אַבזיכטען, — האָט גאַנץ אונער־וואַרטעט ארויסגעזאָגט, אָבער בעסער געזאָגט, ארויסגעקייט דער צייג־לאָזער און ביז איצט דורכאויס שווייגענדער זיבעציג־יעהריגער אַל־טיטשקער־לעהרער, פון וועלכען קיינער האָט ניט געקענט ערוואַרטען אַז ער וועט כאָטש אויסריידען אַ וואָרט היינטיגען אָבענד. אַלע האָ־בען זיך נאָך מעהר צעלאַכט. דער אַלטער וועלכער האָט מסתמא געמיינט אַז מען לאַכט דאָס פון זיין שאַרפזיניגקייט, האָט זיך אומ־קוקענדיג אויף אַלעמען, גענומען נאָך מעהר לאַכען, דערביי זיך שווער צוהוסטענדיג, אַזוי דאָס נאַסטאַסיא פיליפאָוונא, וועלכע האָט זעהר

עפּעס וואָס, זעהר ליב געהאַט אַזעלכע אַלטימטשקע־אָריגינאַלען, באַבעס און אַפּילו משוגעים, האָט זיך גלייך גענומען איה צערטלען, האָט איהם א קוש געטאָן און געהייסען איהם דערלאַנגען נאָך טיי. ביי דער אריינקומענדער דינסט האָט זי געבעטען א מאַנטעל, אין וועלכען זי האָט זיך איינגעוויקעלט און געהייסען אריינלעגען נאָך האָלץ אין קאַמין. אויף דער פראַגע, וויפיעל איז איצט דער זייגער, האָט די דינסט געענטפערט, האַלב עלף.

— מיינע העררן, ווילט איהר אפשר טרינקען שאַמפּאַניער, האָט פּלוצלינג נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא איינגעלאַדען, — ביי מיר איז צו־געגרייט. אפשר וועט אייך ווערען פרעהליכער. ביטטע, אָהן צערע־מאָניעס!

דער פאָרשלאַג צו טרינקען, און דערהויפּט אין אַזעלכע נאַאיווע אויסדריקע האָט זיך אויסגעוויזען זעהר מאָדנע אין נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא'ס מויל. אַלע האָבען געוואוסט די אויסערגעוועהנליכע מאַנער־ליכקייט אויף איהרע פריהערדיגע אָבענדען, אין אַלגעמיין איז דער אָבענד געווען א פרעהליכער, נור ניט ווי געוועהנליך. פון דעם וויין האָט מען זיך פונדעסטוועגען ניט אָפּגעזאָגט, צום ערשטען, אליין דער גענעראַל, צום צווייטען, די געוואַגטע דאַמע, דער אַלטימטשקער, פערדי־שטשענקאָ, און נאָך זיי, אַלע. טאָצקי האָט אויך גענומען זיין גלאָז האָפּענדיג צו אריין אין דער האַרמאָניע פון דעם ניי אָנקומענדען טאָן, צוגעבענדיג איהם, לויט דער מעגליכקייט דעם כאַראַקטער פון א ליב־ליכען שפּאַס. איין האַניא האָט גאַרנישט געטרונקען. און די מאָדנע און אָפּט זעהר האַסטיגע און שנעלע געננג פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, וועלכע האָט אויך גענומען די וויין און ערקלעהרט, אז היינט אָבענד וועט זי אויסטרינקען דריי גלאָז, אין איהר היסטערישען און ניט פאַראורזאַכטען געלעכטער, וועלכער האָט זיך פּלוצלינג געטהיילט מיט א שווייגענדער און אַפּילו פינסטערער פאַרטראַכטקייט, איז געווען שווער עפּעס צו פאַרשטעהן. אייניגע האָבען אין איהר חושד געווען פיבער; מען האָט ענדליך אָנגעהויבען באַמערקען, אז אויך זי אליין וואַרט אויף עפּעס, קוקט אָפּט אויפ'ן זייגער, ווערט אונגעדולדיג, צו־טראָגען.

— איהר האָט דוכט זיך, אַביסעל פיבער? האָט געפרעגט די גע־וואַגטע דאַמע.

— אפילו אסך און ניט קיין ביסעל, איך האָב זיך דערפאַר איינ־געוויקעלט אין א מאַנטעל, האָט געענטפערט נאסטאסיא פיליפאָוונא, וועלכע איז טאקע אויף אז אמת'ן געוואָרען בלאסער און וועלכע האָט צייטענווייז ווי איינגעהאַלטען אין זיך א שטאַרקע ציטערניש.

אלע זיינען געוואָרען אומרוהיג און זיך גענומען באַוועגען.

— אפשר זאָל מען דער בעלי־הבית'טע לאָזען זיך אויסרוהען? האָט זיך ארויסגעזאָגט טאָצקי, קוקענדיג אויף איוואַן פיאָדאָראָוויטש.

— דורכאויס ניט, מיינע הערען! איך בעט אייך גראָד צו זיצען. אייער אנוועזענהייט דערהויפּט היינט איז פאַר מיר נויטיג, האָט פעסט און פיעל באַדייטענד פּלוצלינג ערקלעהרט נאסטאסיא פיליפאָוונא. און אזוי ווי כמעט שוין אלע געסט האָבען זיך דערוואוסט, אז אין דעם היינטיגען אבענד מוז באַשטימט ווערען זעהר א וויכטיגער באַשלוס, האָבען די דאָזיגע ווערטער זיך אויסגעוויזען זעהר וויכטיג. דער גע־נעראַל און טאָצקי האָבען זיך נאָכאַמאָל איבערגעקוקט. האַניא האָט ציטעריג זיך א ריהר געטאָן.

— עס וואָלט געווען גוט ווען מען וואָלט אין עפּעס געשפּילט, האָט געזאָגט די געוואָגטע דאַמע.

— איך ווייס דעם שעהנסטען און נייעסטען שפּיל, האָט אונ־טערגעכאַפּט פערדישטשענקא — לכל הפחות אזא, וועלכע איז נור איינמאָל פאָרגעקומען אויף דער וועלט און דער האָט זיך אויך ניט איינגעגעבען.

— וואָס איז דאָס? האָט געפרעגט די געוואָגטע דאַמע.

— מיר האָבען זיך אמאָל צונויפגעקליבען אין א קאָמפּאַניע. נו, האָבען מיר. אמת, אביסעל זיך אָנגעטרונקען און פּלוצלינג האָט עמי־צער געמאַכט א פאָרשלאַג, אז יעדער פון אונז זאָל ניט אויפשטעהענ־דיג פון טיש, דערצעהלען עפּעס וועגען זיך אין דער הויך, נור אזא זאַך, וואָס ער זעלבסט מיט א ריינעם געוויסען האַלט פאַר דאָס סאַמע מיאוס'טע פון אלע זיינע מיאוסע האַנדלונגען, אין פאַרלויף פון זיין גאַנצען לעבען; נור מיט דעם אויסרייד אז עס זאָל זיין אָפענהערציג, דערהויפּט אָפענהערציג און ניט זאָגען קיין ליגען.

— א מאָדנער איינפאַל, האָט געזאָגט דער גענעראַל.

— וואָס מאָדנער, אלץ שעהנער, אייער עקסעלענץ.

— א לעבערליכער איינפאַל, האָט געזאָגט טאָצקי — און איבע־

ריגענס, א פאַרשטענדליכער, א באַריהמעריי פון א באַזונדערן סאָרט.

— אפשר האָט מען דאָס טאַקע געדאַרפט, אפאנאסי איוואנאָ־וויטש.

— אָבער פון דעם, וועט מען דאָך ווייגען און ניט לאַכען, — האָט באַמערקט די געוואגטע דאַמע.

— ס'איז אזאַך אַן אונמעגליכע און א נאַרישע, האָט געזאָגט פּטיצין.

— און עס האָט זיך איינגעגעבען? האָט געפרעגט נאסטאסיא פיליפּאָוונא.

— אָט דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס ניט. עס איז ארויסגע־קומען שלעכט. יעדער האָט טאַקע עפּעס דערצעהלט, אייניגע דעם אמת, און שטעלט זיך פאַר אייניגע האָבען אפילו דערצעהלט מיט פאַרגעניגען, און דערנאָך האָט זיך יעדערער פאַרשעהמט. זיי האָבען ניט אויסגעהאַלטען! איבעריגענס, אין גאַנצען גענומען איז ארויס־געקומען גאַנץ פרעהלאַך. דאָס הייסט אויף א געוויסען אופן.

— דאָס וואָלט טאַקע געווען פיין! האָט באַמערקט נאסטאסיא פיליפּאָוונא פלוצלינג אין גאַנצען אויפלעבענדיג — אפשר זאָלען מיר טאַקע א פּרוביר טאָן מיינע הערען! אין אמת'ן אונז איז עפּעס ניט פרעהלאַך. ווען יעדערער פון אונז וואָלט איינגעשטימט עפּעס צו דער־צעהלען... אויף אזא אופן... עס פאַרשטעהט זיך מיט'ן אייגענעם ווי־לען, דאָ איז פולע פרייהייט, א יאָ? אפשר וועלען מיר אויסהאַלטען? לכל הפחות איז דאָס שרעקליך אָריגינעל.

— א געניאַלער איינפאַל! — האָט אונטערגעכאַפּט פערדיטשענ־קאָ — דאַמען, איבעריגענס, ווערען אויסגעשלאָסען. עס הויבען אַן די מענער. די זאַך ווערט געמאַכט דורך גורל ווי דאָן! אונבאַדינגט! אונבאַדינגט! ווער עס וויל זעהר ניט, יענער, פאַרשטעהט זיך, דער־צעהלט ניט. נור מען דאַרף שוין אויף דערויף זיין זעהר ניט פריינד־ליך! גיט אהער אייערע צעטעלאַך אהער צו מיר אין הוט. דער פירשט וועט ארויסציהען. די אויפגאַבע איז זעהר אַן איינפאַכע. דערצעהלען די סאַמע מיאוסע האנדלונג פון דעם גאַנצען לעבען — דאָס איז זעהר לייכט מיינע הערען! אָט וועט איהר זעהן! ווען עמיצער וועט פאַר־געסען, נעהם איך זיך גלייך אונטער צו דערמאָהנען!

די אידעע איז געווען זעהר א מאָדנע און איז כמעט קיינעם ניט

געפעהלען געוואָרען. אייניגע האָבען זיך אָנגע'ברוגז'ט און אַנדערע האָבען ביטרע געשמייכעלט. אַנדערע האָבען גערעדט דאַגעגען, אָבער ניט זעהר. צום ביישפּיל, איוואן פּיאָדאָראָוויטש, וועלכער האָט ניט געוואָלט ווידערשפּעניגען נאסטאסיא פיליפּאָוונא, און וועלכער האָט באַמערקט ווי עס באַצויבערט איהר אָט דער דאָזיגער מאָדנער געדאַנק. ס'קען געבען טאַקע דערמיט ווייל ער איז א מאָדנער און כמעט אַן אונמעגליכער. אין איהרע פאַרלאַנגען איז נאסטאסיא פיליפּאָוונא שטענדיג געוועזען ניט קיין איינגעהאַלטענע און א מיטליידלאָזע, ווען זי האָט זיך נור באַשלאָסען זיי ארויסזאָגען, כאָטש דאָס האָבען גע־קענט זיין די סאַמע קאַפּריזנע און אפילו פאַר איהר אַליין אוננוצליכע פאַרלאַנגען. און אויך איצט איז זי געווען ווי אין א היסטעריקע, זי האָט זיך געטומעלט, געלאַכט ציטערדיג, אַהנמעכטיג, דערהויפּט אויף די טענות פון דעם אומרוהיג געוואָרענעם טאָצקין. איהרע שוואַרצע אויגען האָבען אָנגעהויבען גלאַנצען, אויף די בלייכע באַקען האָבען זיך באַוויזען צוויי רויטע פלעקען. דער אומעטיגער און אָפּגעלאָזטער אויסזעהן פון אייניגע פון איהרע געסט האָט, קאָן געבען, נאָך מעהר צוברענט איהר שפּאַסהאַפטען פאַרלאַנג; אפשר איז איהר טאַקע בלויז געפעהלען געוואָרען דער ציניזם און די האַרטהערציגקייט פון דער אידעע, אייניגע זיינען אפילו געווען זיכער, אז זי האָט דאָ א באַזונ־דער רעכענונג. איבעריגענס, מען האָט גענומען איינשטימען: אַלענ־פאַלס עס האָט געררייצט די נייגעריגקייט, און פאַר אייניגע איז אפילו געווען אַנציהענד. פערדישטשענקא האָט זיך געטומעלט מעהר פון אַלעמען.

— און אויב עס איז אַזאַ זאַך, וועלכע מען קען ניט דערצעה־לען... פאַר דאַמען, האָט ציטעריג באַמערקט דער שווייגענדער בחור'ל.

— טאָ דאָס דערצעהלט ניט, אַזוי ווי אָהן דעם איז דען ווניג מאוסע האַנדלונגען, האָט געענטפערט פערדישטשענקא — עך, איהר זייט א יונגעל!

— און אָט ווייס איך ניט וועלכע פון מיינע האַנדלונגען זאָל איך רעכענען פאַר דער סאַמע מאוס'טער, האָט ארייגעזאָגט די גע־וואַגטע דאַמע.

— די דאַמען ווערען באַפרייט פון דעם חוב צו דערצעהלען, האָט ווידערהאָלט פערדישטשענקא — נור זיי ווערען בלויז באַפרייט; איי־

גענע באַגייסטערונג ווערט מיט דאַנקבאַרקייט צוגעלאָזט. מענער אָבער ווערען באַפרייט ערשט דאַן, ווען זיי ווילען שוין זעהר ניט.

— ווי קאָן מען דאָ באַווייזען, אַז איך וועל ניט זאָגען קיין ליגען? האָט געפרעגט האַניאַ — און ווען איך וועל זאָגען אַ ליגען איז דאָך דער גאַנצער געדאַנק פון דעם שפּיל פאַרלאָרען. און ווער וועט עס דען ניט זאָגען קיין ליגען? יעדער איינער וועט זיכער זאָגען ליגען.

— דאָס אַליין איז דאָך טאַקע דאָ אַנציהענד ווי אַזוי וועט יעדער איינער זאָגען ליגען. און דו האַנאַטשקאַ, האָסט איבערהויפּט ניט וואָס צו מורא האָבען, אַז דו וועסט זאָגען אַ ליגען, ווייל דיין סאַמע מאוס'ע האַנדלונג איז אַלץ איינס אַלעמען באַוואוסט. אָבער איהר גיט נור אַכטונג מיינע העררן, האָט אויסגערופען פּלוצלונג אין אַזאַ מין באַ־גייסטערונג פערדישטשענקאָ — גיט נור אַ טראַכט, מיט וואָס פאַר אַ אויגען מיר וועלען דאַן קוקען איינער אויפ'ן צווייטען, מאָרגען צום ביישפּיל נאָך די ערצעהלונגען.

— איז דאָס דען מעגליך? איז דאָס טאַקע אין אמת'ן ערנסט נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ? האָט מיט ווירדע געפרעגט טאָצקי.

— אַז מען האָט מורא פאַר אַ וואָלף געהט מען ניט אין וואַלד, האָט מיט אַ שמייכעל באַמערקט נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ.

— אָבער ערלויבט נור, הערר פערדישטשענקאָ, איז דען מעגליך צו מאַכען פון דעם אַ שפּיל, האָט פּאַרטגעזעצט אַלץ מעהר און מעהר אומרוהיג ווערענדיג טאָצקי — איך פאַרזיכער אייך, אַז אַזעלכע זאַ־כען גיבען זיך קיינמאָל ניט איין; איהר האָט דאָך אַליין געזאָגט אַז איינמאָל האָט זיך דאָס ניט איינגעגעבען.

— וואָס הייסט ניט איינגעגעבען! איך האָב דאָך דעם לעצטען מאָל דערצעהלט, ווי אַזוי איך האָב גע'גנב'עט דריי רובעל. איך האָב איינפאַך גענומען און דערצעהלט.

— לאָמיר דענקען אַז יע, נור ס'איז דאָך ניט געווען ניט אונ־מעגליך, אַז איהר זאָלט אַזוי דערצעהלען, אַז עס זאָל זיין עהנליך צו אַן אמת און מען האָט אייך געגלויבט? און גאַווריל אַרדיאַלאַנאָ־וויטש האָט זעהר ריכטיג באַמערקט, אַז תיכף נור ווי עס וועט זיך דערהערען אַ פאַלשע נאָטקע און דער גאַנצער שפּיל איז פאַרלאָרען. אַן אמת איז דאָ בלויז מעגליך צופעליג, ביי אַ באַזונדער באַרימערישער

שטימונג און א זעהר מאוסען טאָן, וועלכער איז דאָ אונמעגליך און גאַנץ אונאנשטענדיג.

— וואָס פאר א ריין־פיהלענדער איהר זייט עס, אפאנאסי איד וואנאָוויטש, אז איהר ברענגט אזש מיך אין פארוואונדערונג, האָט אויסגערופען פערדישטשענקא, שטעלט זיך פאָר מיינע העררן, אז איך האָב מיט מיין באמערקונג ניט געקענט דערצעהלען וועגען מיין גנבה, אז עס זאָל אויסקוקען עהנליך צו אן אמת. אפאנאסי איוואנאָוויטש גיט אויף דעם דינסטען אופן אנצוהערעניש, אז איך האָב אין אמת'ן ניט געקענט גנב'ענען (ווייל וועגען אזא זאך איז רעדען הויך ניט אנשטענדיג) כאָטש איך, עס קען געבען, אז פאר זיך אליין, בין איך גאַנץ זיכער אז פערדישטשענקא וואלט זעהר געקענט גנב'ענען! נור צו דער זאך. מיינע העררן, צו דער זאך. די צעטעלאך זיינען שוין צוזאמענגעקליבען געוואָרען, און איהר אפאנאסי איוואנאָוויטש האָט אויך אייער'ן ארייגעלעגט. הייסט עס אז קיינער זאָגט זיך ניט אָפּ! פירשט נעהמט ארויס.

דער פירשט האָט שווייגענד ארונטערגעלאָזט די האַנט אין הוט און האָט ארויסגענומען דעם ערשטען גורל — פאר פערדישטשענקא. דעם צווייטען — פאר פטיצין, דעם דריטען — פאר דעם גענעראל, דעם פערטען — פאר אפאנאסי איוואנאָוויטש, דעם פינפטען — פאר זיך, דעם זעקסטען — פאר גאניען, א. אז .וו. די דאַמען האָבען קיין צעטלאך ניט ארייגעלעגט.

אך, גאָט מיינער וואָס פאר אן אומגליק! האָט אויסגעשריען פערדישטשענקא און איך האָב געדענקט, אז די ערשטע וועט אויספאלען דעם פירשט און די צווייטע — דעם גענעראל, נור א דאַנק גאָט איוואן פעטראָוויטש קומט לכל הפחות, נאָך מיר, און איך וויל זיין באפרידיגט. נו, מיינע העררן, געוויס בין איך מחויב צו געבען א פיינעם ביישפיל נור מעהר פון אלץ פארדריסט מיך אין דער איצטיגער מינוט וועגען דעם, וואָס איך בין אזוי נישטיג און צייכען זיך מיט גארנישט ניט אויס; אפילו א טשין האָב איך דעם סאַמע קלענסטען. נו, טאָקע וואָס קען זיין אינטערעסאַנטער פון דעם, אז פערדישטשענקא איז באַגאַנגען א מאוסע האנדלונג? און וואָס איז מיין סאַמע מאוסע האנדלונג? דאָ איז embarras de richesse אפשר זאָל איך ווידער דערצעהלען וועגען יענער גנבה, וואָס עס וועט איבערצייגען

אפאנאסי איוואנאָוויטש אז מען קען גנב'ענען ניט זייענדיג קיין גנב.

— איהר איבערצייגט מיך אין דעם, הערר פערדישטשענקא, אז מען קען באמת פיהלען א פארגעניגען ביז ענטציקונג דערצעהלענדיג וועגען אייגענע ניט גאר פיינע מעשים, כאָטש קיינער פרעגט ניט אויף זיי. איבריגענס אבער... ענטשולדיגט הערר פערדישטשענקא.

— הויבט שוין אָן פערדישטשענקא. איהר פלוידערט שרעקליך פיל און איהר וועט קיינמאל ניט ענדיגען, האָט צאַרענדיג און אומגעדולדיג באפוילען נאסטאסיא פיליפאָוונא.

אלע האָבען באמערקט אז ערשט נאָך איהר אנפאל־געלעכטער, איז זי פלוצלונג געוואָרען מרה שחורה'דיג, אנגעבלאָזען און צארענדיג, פונדעסטוועגען איז זי עקשנות'דיג און דעספאָטיש געשטאַנען אויף איהר אונמעגליכען פארלאנג. אפאנאסי איוואנאָוויטש האָט שרעקליך געליטען. אויפגעבראכט האָט איהם אויך איוואן פיאָדאראָוויטש; ער איז געזעסען פאר דעם שאמפאניער, אזוי ווי עס וואָלט גאָר ניט געשעהן און האָט אפשר אפילו גערעכענט צו דערצעהלען עפּעס ווען עס וועט קומען זיין רייה.

---

## פערצעהנטער קאַפּיטעל.

— עס פעהלט מיר שארפזין נאסטאסיא פיליפאָוונא, דערפאר פלוידער איך אזוי פיל, האָט אויסגערופען פערדישטשענקא. אגהויבענדיג זיין מעשה: ווען איך וואָלט אבער פארמאָגט אזוי פיל שאַרפזין ווי אפאנאסי איוואנאָוויטש, אדער ווי איוואן פעטראָוויטש, וואָלט איך היינט אויך געזעסען און געשוויגען צוגלייך מיט אפאנאסי איוואנאָוויטש און איוואן פעטראָוויטש. פירשט, ערלויבט מיר אייך צו פרעגען, ווי דענקט איהר, אָט דוכט זיך מיר, אז אויף דער וועלט זיינען דאָ אסך מעהר גנבים ווי ניט גנבים, און אפילו דער סאמע עהרליכסטער מענש מוז כאָטש אויך איינמאָל אויף זיין לעבען עפּעס

גנב'ענען. דאָס איז מיין געדאַנק. פון וואָס איבעריגענס, איך שלים גאָר ניט, אז אַלע זיינען דורכאויס גנבים, כאָטש, ביי גאָט, עס ווילט זיך אַמאָל שרעקליך אזוי צו באַשליסען ווי־זשע דענקט איהר?

— פו, ווי נאַריש איהר דערצעהלט, האָט זיך אָנגערופען דאַריא אַלעקסעיעוונא — און וואָס פאַר א נאַרישקייט. עס קען ניט געבען אז אַלע זאָלען עפּעס וואָס גנב'ענען. איך האָב קיינמאָל גאָרנישט ניט גע'גנב'עט.

— איהר האָט קיינמאָל גאָרנישט ניט גע'גנב'עט דאַריא אַלעקסעיעוונא, אבער וואָס וועט זאָגען דער פירשט וועלכער איז פּלוצלונג אין גאַנצען רויט געוואָרען?

— מיר דוכט זיך, אז איהר זאָגט אַן אמת, נור איהר פאַרגרעסערט עס צופיל, האָט געזאָגט דער פירשט, וועלכער איז טאַקע צוליב עפּעס־וואָס רויט געוואָרען.

— און איהר אַליין פירשט האָט גאָרנישט גע'גנב'עט?

— פו, ווי קאָמיש דאָס איז! באַדענקט זיך נור הערר פערדישטשענקא, האָט זיך אריינגעמישט דער גענעראַל.

— ס'איז גאַנץ איינפאַך, ווי עס איז געקומען צום פּונקט, איז געוואָרען מאוס צו דערצעהלען, און דערפאַר ווילט איהר דעם פירשט צו זיך צושלעפּען, ער איז באמת א געדולדיגער מענש, האָט שאַרף ארויסגעזאָגט דאַריא אַלעקסעיעוונא.

— פּערדישטשענקא. אָדער דערצעהלט אָדער שווייגט, און האָט נור זיך אין זינען. איהר נעמט אוועק יעדע געדולד, האָט שאַרף און ערגערליך ארויסגעזאָגט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא.

— אָט שוין די מינוט, נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, נור ווען דער פירשט האָט זיך שוין מודה געווען, ווייל איך שטעה אויף דאָס מיינינגע, אז דער פירשט האָט זיך פּונקט ווי מודה געווען, טאָ וואָס וואָלט שוין געזאָגט אַן אַנדערער ווער עס איז (קיינעם ניט אַנרופענדיג) ווען ער וואָלט ווען עס איז געוואָלט זאָגען אַן אמת, וואָס אנבאַלאַנגט מיר, איז ווייטער דערצעהלען ניטאָ וואָס. עס איז זעהר איינפאַך, נאַריש און מאוס. נור איך פאַרזיכער אייך אז איך בין ניט קיין גנב. גע'גנב'עט אבער האָב איך, איך ווייס אַליין ניט ווי אזוי. דאָס איז געווען מיט א יאָהר דריי צוריק, אויף דער דאַטשע פון

סעמיען איוואַנאָוויטש אישטשענקאָ, אום זונטאָג. ביי אונז האָבען געגעסען זייער נאָכמיטאָג־מאָלצייט געסט. נאָכ'ן מאָלצייט זיינען די מאַנזביל געבליבען טרינקען וויין. מיר האָט זיך פאַרגלוסט, אַ בעט טאַן מאַריאַ סעמיאָנאָוונאַ, די טאָכטער זיינע, אַ מיידעל, צו שפּילען עפּעס אויף דער פּיאַנאָ. איך געה פאַרביי דעם ווינקעל־צימער ערשט אויפ'ן ארבייטס־טישעל ביי מאַריאַ איוואַנאָוונאַ ליגען דריי רובעל, אַ גרינער פּאַפּירעל, זי האָט עס אַרויסגענומען אום צו אויס־געבען עפּעס אין דער בעל־הבאַטישקייט. אין צימער איז קיינער קיינער ניטאָ. איך האָב גענומען דעם פּאַפּירעל און אַריינגעלעגט אין קעשענע. צוליב וואָס — ווייס איך ניט. וואָס איז אויף מיר אָנגע־קומען — פאַרשטעה איך ניט. נור איך האָב זיך וואָס שנעלער אומ־געקערט און זיך געזעצט ביים טיש. איך בין אַלץ געזעסען און גע־וואַרט, אין אַ גאַנץ שטאַרקער אויפרעגונג, געפּלוידערט אָהן אַ שיעור, דערצעהלט אנעקדאָטען, געלאַכט, דערנאָך זיך צוגעזעצט צו די דאַמען. אין אַ האַלב שטונדע אַרום האָט מען זיך טאַקע געכאַפּט און מען האָט זיך גענומען פרעגען ביי די דינסטען. דער חשד איז גע־פאַלען אויף דער דינסט־מיידעל דאַריען. איך האָב אַרויסגעוויזען אַן אונגעוועהנליכע נייגעריגקייט, און אנטהייל־נעהמעריי און איך געדענק אפילו, אַז ווען דאַריאַ האָט זיך אין גאַנצען פאַרלאָרען, האָב איך איהר אָנגעהויבען איינשמועסען, אַז זי זאָל זיך מודה זיין, גאַראַנטירענדיג איהר מיט מיין קאָפּ, פאַר מאַריאַ איוואַנאָוונאַ'ס גוטסקייט און דאָס אויפ'ן קול און פאַר אַלעמען אין די אויגען. אַלע האָבען געקוקט און איך האָב געפיהלט אַן אונגעוועהנליכען פאַרגעניגען טאַקע דערפון, וואָס איך פרעדיג, און דאָס פּאַפּירעל ליגט זיך ביי מיר אין קעשענע. אָט די דריי רובעל האָב איך נאָך אין יענעם אבענט טאַקע פאַרשיכורט אין רעסטאָראַנט. איך בין אַריין און געבעטען אַ פלעשעל לאַפּיט. קיינ־מאָל ביז איצט האָב איך אַזוי ניט געבעטען איין פלעשעל, אָהן צו־ בייסען. עס האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער זיי פּטר'ן. באַזונדערע געוויסענביסע האָב איך ניט געפיהלט ניט דאַן און ניט נאָכדעם. אַ צווייטען מאָל וואָלט איך דאָס געוויס ניט ווידערהאָלט; גלויבט דאָס אָדער ניט, ווי איהר ווילט, מיך אַרט עס ניט. נו, און דאָס איז אַלץ!

— אָבער דאָס איז געוויס ניט אייער סאַמע ערגסטע האַנדלונג האָט מיט עקעל געזאָגט דאַריאַ אַלעקסעיעוונאַ.

— דאָס איז א פּסיכאָלאָגישער פאַל און ניט קיין האנדלונג, האָט באַמערקט אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש.

— און די דינסט? האָט געפרעגט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, ניט באַהאַלטענדיג איהר ווידערווילען.

— און די דינסט האָט מען פארשטעהט זיך, אויף מאָרגען טאַקע, ארויסגעטריבען. דאָס איז א שטרענגע הויז.

— און איהר האָט דערלאָזען?

— ווי געפעהלט אייך? וואָס האָט איהר געוואָלט איך זאָל געהן און זאָגען אויף זיך? האָט זיך צו כיכיקעט פערדישטשענקא. איבעריגענס, טיילווייז א געטראָפענער פון דעם אלגעמיינעם זעהר ניט אנגענעמען איינדרוק פון זיין ערצעהלונג.

— ווי שמוציג דאָס איז! האָט אויסגערופען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא.

— באַ! איהר ווילט הערען פון א מענשען זיין סאמע מאוס'ע האנדלונג און דערביי פאָדערט איהר גלאַנץ! אלע מאוס'ע האנדלונגען זיינען אלע מאָל שמוציג. נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, מיר וועלען באַלד הערען פון איוואַן פּעטראָוויטש'ן; און מאַלע וואָס, עס גלאַנצט פון דרויסען, און וויל זיך צייגען טוגענדהאַפט, ווייל עס האָט זיין אייגענע קאַרעטע. מאַלע וואָס איינער, האָט זיך זיין קאַרעטע... און מיט וואָס פאַר א מיטלען...

מיט איין וואָרט, פערדישטשענקא האָט גאר ניט אויסגעהאַלטען און איז פּלוצלונג אין כעס געוואָרען, אפילו ביז זעלבסט פארגעסענהייט, איבערגעכאַפּט די מאָס, אפילו זיין גאַנצער געזיכט האָט זיך אויסגעקרימט. ווי מאָדנע דאָס איז ניט, נור עס קען זעהר געבען, אז ער האָט ערוואַרטעט א גאַנץ אנדער ערפאָלג פון זיין ערצעהלונג. אָט די „דורכפעלע" פון מאוס'ען טאָן און די „באריהמעריי פון באזונדערן מין" ווי עס האָט זיך וועגען דעם אויסגעדריקט טאָצקי, פּלעגען זיך טרעפען גאַנץ אָפט מיט פערדישטשענקא און זיי האָבען זעהר געשטימט מיט זיין כאַראַקטער.

נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט זיך אפילו א טרייסעל געטאָן פון כעס, און דורכדרינגליך א בליק געטאָן אויף פערדיטשענקא; יענער האָט גלייך זיך איבערגעשראָקען און איז אנטשוויגען געוואָרען.

שיעור ניט קאַלט ווערענדיג פון שרעק. ער איז שוין געווען צו ווייט אוועק.

— און אפשר זאָלען מיר דערצו שוין גאַר מאַכען אַ סוף? האָט כיטרע געפרעגט אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש.

— עס איז מיין רייה, נור איך וועל זיך באַנוצען מיט דער פּאָר־גינסטיגונג און וועל ניט דערצעהלען, האָט ענטשידען געזאָגט פטיצין.

— איהר ווילט ניט?

— איך קען ניט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, און איבערהויפּט האַלט איך אַזאַ שפּיעל פאַר אונמעגליך.

— גענעראַל, דוכט זיך אַז לויט דער רייה קומט עס אייך, האָט זיך געווענדט צו איהם נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — ווען איהר וועט זיך אויך אָפּזאָגען, וועט אַלץ צושטערט ווערען און מיר וועט עס פאַרדריי־סען, ווייל איך האָב געדענקט צו דערצעהלען צום סוף, איין האַנד־לונג „פון מיין אייגענעם לעבען" נור איך האָב געוואָלט נאָך אייך און אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש, ווייל איהר דאַרפט דאָך מיך ערמונטערן, האָט זי פאַרענדיגט לאַכענדיג.

— אָ, ווען איהר באַשליסט זיך שוין אויך, האָט מיט היץ אויס־גערופען דער גענעראַל, — דאַן בין איך גרייט אייך איבערדערצעהלען מיין גאַנצען לעבען; נור איך בין זיך מודה, אַז וואַרטענדיג אויף מיין רייה האָב איך שוין צוגעגרייט מיין אַנעקדאָט...

— און טאַקע בלויז נאָך דעם אויסזעהן פון זיין עקסעלענץ קען מען באַשליסען מיט וואָס פאַר אַ ליטעראַרישען פאַרגעניגען ער האָט באַארבייט זיין אַנעקדאָטעל, האָט זיך אַנגענומען מיט מוטה צו באַ־מערקען דער אַביסעל נאָך אַלץ צוטומעלטער פערדישטשענקאָ, דערביי גיפטיג שמייכלענדיג.

נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט אַ לייכטען בליק געטאָן אויפ'ן גע־נעראַל און האָט אויך פאַר זיך אַ שמייכעל געטאָן. נור עס איז געווען קענטיג אַז דער אומעט און צורייצטקייט ווערען ביי איהר גרעסער אַלץ מעהר און מעהר. אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש האָט זיך דאָפּעלט דערשראָקען דערהערענדיג וועגען דער צוגעזאָגטער ערצעהלונג.

— מיר מיינע העררן, ווי יעדען איינעם האָט זיך געטראָפען צו האַנדלען זעהר ניט שעהן אין מיין לעבען, האָט אַנגעהויבען דער גענעראַל — נור אויפפאַלענדיגער פון אַלץ איז וואָס איך רעכען דעם

קורצען אנעקדאָט וועלכען איך וועל באלד דערצעהלען, פאר דעם סאמע עקעלהאפטסטען אנעקדאָט פון מיין גאנצען לעבען. אונטערדעסען, איז דאָס א מעשה פון א יאָהר פינף און דרייסיג צוריק. נור איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקענט אפרייסען, ביי דער עראינערונג, פון א געוויסען, אזוי צו זאָגען, הארץ־רייסענדען איינדרוק. א מעשה איז דאָס איבעריגענס, זעהר א נארישע; איך בין נאָך דאַן נור וואָס געוואָרען א פראָפּאָרשטיק, דאָס בלוט איז זודיג און די ווירטשאַפט איז א קאָפּיקע ווירטשאפט, איך האָב דאַן אויך געהאט א דענטשיק, ניקיפאָר. און ער האָט זיך שרעקליך געזאָרגט פאר מיין ווירטשאפט. ער האָט געשפּאָרט, געלאָטעט, געסקראָבעט, און גערייניגט און ער פלעגט אפילו אומעדום גנב'ענען, וואָס ער האָט געקענט גנב'ענען, כדי נור אריינצוברענגען עפּעס אין הויז. ער איז געווען דער טרייסטער און עהרליכסטער מענש. איך בין, זעלבסט פארשטענדליך געווען שטרענג, אבער גערעכט. א געוויסע צייט איז אונז אויסגעקומען צו שטעהן אין א שטעדטעל. מיר האָט מען אפּגעגעבען אין פאָרשטאָט א קוואַרטיר ביי איינער א געוויסער פּאָדפּאָרוציצע און דערצו נאָך אן אלמנה. זי איז געווען א פרוי פון א יאָהר זיבעציג אדער לכל הפחות ארום די יאָהרען. איהר הייזעל איז געווען אן אלטע, א צופוילטע, א הילצערנע, און צוליב אָרימקייט האָט זי אפילו קיין דינסט ניט געהאלטען, יור דערהויפּט האָט זי, זיך אויסגעצייכענט מיט דעם, וואָס זי האָט אמאָל געהאט זעהר א גרויסע פאמיליע און פריינד. נור אייניגע פון זיי זיינען אין פארלויף פון דער צייט אויסגעשטאָרבען, אייניגע פאנאנדערגעפאָהרען זיך, די דריטע האָבען אן דער אלטיטשקער פארגעסען, און דעם מאן האָט זי שוין באגראָבען מיט א יאָהר פינף און פערציג צוריק. עס האָט מיט איהר נאָך געוואוינט עטליכע יאָהר בעפאר, א פלעמיאניצע, א הארבאטע און א שלעכטע, מען זאָגט, ווי א מכשפה, און זי האָט אפילו איינמאָל דער אלטיטשקער א ביס געטאָן אין פינגער, נור אפילו יענע איז אויך געשטאָרבען, אזוי דאָס די אלטיטשקע האָט שוין א יאָהר דריי זיך דורכגעשלאָגען איינינקע אליין... עס איז געווען אומעטיגלאך ביי איהר, און זי איז אזא ארימע געווען, אז מען האָט פון איהר גאר ניט געקענט ארויסקריגען. ענדליך האָט זי ביי מיר גע'גנב'עט א האַן. די זאַך איז נאָך ביז איצט א דונקעלע, נור אויסער איהר איז קיינער ניט געווען ווער עס זאָל גנב'־

ענען. צוליב דעם האָן האָבען מיר זיך צוקריגט און שטאַרק צוקריגט.
און דאַ איז פּונקט אויסגעפאַלען, אַז לויט מיין ערשטער ביטע האָט
מען מיך אַריבער געפיהרט אויף אַ צווייטער קוואַרטיר. אין דעם
צווייטען עק פּאַרשטאָט, אין אַ גרויסער פאַמיליע פון אַ סוחר מיט
אַ גוואַלדיג גרויסער באָרד. איך געדענק איהם ווי איצט. מיר מיט
ניקיפאָר'ן קלייבען זיך איבער מיט שמחה. די אַלטיטשקע לאָז איך
איבער מיט כעס. עס געהן אוועק אַ טאָג דריי איך קום פון דער
„לעהרע" לאָזט מיך ניקיפאָר וויסען, „אַז אומזיסט האָט אייער בלאַ־
גאָראָדיע איבערגעלאָזט די שיסעל ביי דער פריהערדיגער בעל־הבית'־
טע, עס איז ניטאָ אין וואָס צו דערלאַנגען סופּ" איך בין פאַרשטעהט
זיך ערשטוינט: „ווי אַזוי אויף וואָס פאַר אַן אופן איז אונזער שיסעל
ביי דער בעל־הבית'טע געבליבען?" דער פאַרוואונדערטער ניקיפאָר
זעצט פאָרט צו אָפּגעבען דעם רעפּאָרט, אַז די בעל הבית'טע, ווען
מיר זיינען אַרויסגעפאָהרען האָט איהם אונזער שיסעל ניט אָפּגעגע־
בען, צוליב דער אורזאַכע, וואָס אַזוי ווי איך האָב איהר אייגענעם
טאָפּ צובראָכען, איז פאַרהאַלט זי פאַר איהר טאָפּ אונזער שיסעל און
זי זאָגט, אַז אַזוי ווי איך האָב דאָס איהר אַליין פאָרגעשלאָגען, אַזאַ
נידעריקייט פון איהר זייט, האָט פאַרשטעהט זיך. מיך געמאַכט אויסער
זיך, די פּראָפּאָרטשיק־בלוט האָט זיך צעקאָכט, איך בין אויפגעשפּרונ־
גען, אוועק געלאָפען. איך קום צו געהן צו דער אַלטיטשקער, אַזוי צו
זאָגען שוין אויסער זיך; איך קוק זי זיצט אין פאָר־הויז זי זיצט איי־
נינקע אַליין, אין אַ ווינקעל, ווי זי וואָלט זיך באַהאַלטען פון דער זון,
מיט דער האַנט האָט זי זיך אונטערגעשפּאַרט די באַק. איך האָב גלייך
אויסגעשאָסען: „דו אַזוינע און אַזוינע!" איהר ווייסט דאָך אַזוי
אויפ'ן רוסישען אופן. נור איך קוק, עס קוקט אויס עפּעס מאָדנע:
זי זיצט, דאָס געזיכט אָנגעשטעלט אויף מיר, די אויגען אויסגעגלאָצט
און זי ענטפערט ניט קיין וואָרט, און זי קוקט אַזוי מאָדנע און שאָ־
קעלט זיך. איך בין ענדליך שטילער געוואָרען. איך קוק זיך איין,
פרעג ניט קיין וואָרט אַלס ענטפער. איך בין געשטאַנען אונענטשלאָ־
סען; די פליגען זשוזשען, די זון פאַרגעהט, ס'איז שטיל, איך בין
געשטאַנען אַזוי אַ צוטומעלטער און ענדליך געה איך אוועק. איך
האָב נאָך ניט אוספּעיעט צוקומען צום הויז, האָט מען מיך פאַרלאַנגט
צום מאַיאָר, דערנאָך איז מיר אויסגעקומען צוצוגעהן אין ראָטע, אַזוי

דאָס קוים בין איך געקומען שוין גאר אין אבענט. דאָס ערשטע וואָרט לאָזט מיך ניקיפאָר וויסען: „און ווייסט אייער בלאַגאָראַדיע, אז אונזער בעל הבית'טע איז דאָך געשטאָרבען!" „ווען?" „אָט טאקע היינט אין אבענט מיט א שטונדע און א האלב צוריק". הייסט עס, אז פונקט אין יענער צייט ווען איך האָב איהר געזידעלט איז זי אוים־געגאנגען, דאָס האָט מיך אזוי אויפגעשווידערט, ווען איך אייך זאָגען, אז איך בין קוים צו זיך געקומען. עס האָט זיך אָנגעהויבען, ווייסט איהר, אפילו טראכטען, אפילו ביי נאכט צו חלום'ען. איך בין ניט אבערגלויביש, נור אויפ'ן דריטען טאָג בין איך אוועק צו דער לויה אין קלויסטער, מיט איין וואָרט, וואָס ווייטער די צייט געהט, אלץ מעהר טראכט זיך. די הויפט זאך, וואָס דא, ווי איך האָב ענדליך באטראכט? איז דאָס ערשטע, א פרוי, אזוי זאָגען, א מענשליכע באַ־שעפעניש, וואָס מען רופט אין אונזער צייט, א מענשענליבענדע, זי האָט געלעבט, אסך געלעבט, ענדליך זיך פארליבט, אמאָל האָט זי געהאט קינדער, א מאן, א פאמיליע, קרובים, דאָס אלץ האָט אזוי צו זאָגען, ארום איהר געזאָדען, אָט די אלע אזוי צו זאָגען, שמייכלען, און פלוצלונג — א פולער צוריקטריט. אלץ איז ארויסגעפלויגען פון קוימען, זי איז געבליבען אליין ווי... א פליג אוועלכע ס'ניט איז, טראָגענדיג אויף זיך א קללה פון אייביג עולם. און אָט האָט גאָט ענדליך געבראכט צו א סוף. מיט דעם זונען־פארגאנג אין א שטילען זומער אבענט פליהט אויך אוועק מיין אלטיטשקע — געוועהנליך דא פעהלט אויך ניט קיין מאראלישער געדאנק, און אָט אין דעם זעלבען אויגענבליק, איז אויפ'ן פלאץ פון א טרער אויפ'ן וועג, אזוי צו זאָגען, קומט א יונגער חוצפה'דיגער פראפּאָרטשיק, האלטענדיג די הענט ביי די זייטען, און באגלייט איהר פון דער אויבערפלעכע פון דער ערד מיט דעם רוסישען עלעמענט פון שענדליכע זידעל־ווערטער, פאר א פארלאָרענער שיסעל; אהן צווייפעל, איך בין שולדיג און כאָטש איך קוק שוין זעהר לאנג אויף מיין האנדלונג, צוליב דער ווייטקייט פון די יאהרען און צוליב דער ענדערונג אין מיין כאראקטער, אזוי ווי אויף א פרעמדער, נור פונדעסטוועגען טוט עס מיר נאך אלץ לייד, אזוי דאָס איך ווידערהאָל, אז מיר קוקט אוים אפילו מאָדנע, און מעהרער פון אלץ, דאָס ווען איך בין שולדיג, איז דאך פשוט ניט אין גאנצען: פאר וואָס אבער, איז איהר איינגעפאלען צו שטאַרבען גראָד אין דער

צייט? עס פאַרשטעהט זיך, אַז דאָ איז איין באַרעכטיגונג; אַז די האַנדלונג, איז פון אַ געוויסען אַרט, אַ פּסיכאָלאָגישע, אָבער פונ־דעסטוועגען, האָב איך זיך ניט געקענט באַרוהיגען, ביז וואַנען איך האָב ניט אוועקגעפיהרט מיט אַ יאָהר פופצעהן צוריק, צוויי שטענדיגע קראַנקע אַלטיטשקע אויף מיין רעכענונג אין מושב זקנים, מיט דעם צוועק צו פאַרלייכטערען פאַר זיי מיט אַן אַנשטענדיגען געהאַלט די לעצטע טעג פון זייער ערדישען לעבען. איך דענק, צו לאָזען עס אויף שטענדיג, אַפּשרייבענדיג אַ קאַפּיטאַל, נו, אַט דאָס איז אַלעס! איך ווידערהאָל אַז עס קען געבען, אַז איך האָב זיך אין אַסך זאַכען פאַרזינדיגט אין לעבען, אָבער דעם פאַל רעכען איך, מיט אַ ריינעם געוויסען, פאַר דער סאַמע עקעלהאַפּטסטער האַנדלונג פון מיין גאַנצען לעבען.

— און אויפ'ן פלאַץ פון דער סאַמע מאוסער, האָט זייער עקסע־לענץ דערציהלט, איינע פון די פיינע האַנדלונגען פון זיין לעבען; איהר האָט אָנגעפייפט פערדיטשענקען!

— איך זאָג אייך דעם אמת, גענעראַל, איך האָב גאַר ניט גע־דענקט, אַז איהר זאָלט פונדעסטוועגען האָבען אַ גוט האַרץ; עס טוט אפילו לייד, האָט ניט פאַרזיכטיג אַרויסגעזאָגט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ.

— עס טוט לייד? פאַר וואָס? האָט געפרעגט דער גענעראַל מיט אַ פריינדליכען געלעכטער, און ניט אָהן זעלבסט־פאַרגעניגען אָפּגע־זופּט אַביסעל שאַמפּאַניער.

נור עס איז געווען די רייה פון אַפאַנאַני איוואַנאָוויטש, וועלכער האָט זיך שוין צוגעגרייט. אַלע האָבען פאַראויסגעזעהן, אַז ער וועט זיך ניט אָפּזאָגען ווי איוואַן פּעטראָוויטש, און אויך אויף זיין ער־צעהלונג, האָט מען צוליב געוויסע אורזאַכען, געוואַרט מיט אַ באַזונדער נייגעריקייט, און גלייכצייטיג אויך געוואַרפען בליקען אויף נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ, מיט אונגעוועהנליכע ווירדיקייט, וועלכע האָט אין גאַנצען האַרמאָנירט מיט זיין בכבודיגען אויסזעהן, מיט אַ שטילער ליבליכער שטימע האָט אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש אָנגעהויבען איינעם פון זיינע „ליבליכע ערצעהלונגען“. דערביי איז כדאי באַמערקען: אַז ער איז געווען אַ מענש אַן אַנגעזעהענער, אַ בכבוד'יגער, פון הויכען וואוקס, אַביסעל פּליכעוואַט, אַביסעל גרוי און גוט פעט, מיט ווייכע, רויטע,

און עטוואָס אראָפּהענגענדיגע באַקען, מיט אריינגעשטעלטע ציין. געקליידט איז ער געווען ברייט און עלעגאַנט, און געטראָגען וואונדערליכע וועש. אויף זיינע פוכלע הענט פלעגט מען ניט קענען זאַט אָנקוקען זיך. אויף זיין ציינג־פינגער פון דער רעכטער האַנט איז געווען א טייערער בריליאַנטענער פינגערל.) נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט אין דער גאַנצער צייט פון זיין ערצעהלונג, דורכדרינגענד באַקוקט די קרוזשעווע־פּאַלדען אויף איהר ארבעל און האָט זיי געקנייפּט מיט צוויי פינגער פון איהר לינקער האַנט, אזוי דאָס זי האָט קיין איין מאָל קיין צייט ניט געהאַט א קוק צו טאָן אויף דעם דערצעהלער.

— דאָס וואָס מאַכט מעהר פון אַלץ גרינגער מיין אויפגאַבע, האָט אָנגעפאַנגען אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש — איז דאָס דער אבסאָלוטער חוב צו דערצעהלען ניט אנדערש, ווי די סאַמע ערגסטע האַנדלונג פון מיין לעבען. אין אַזא פאַל פארשטעהט זיך, קענען ניט זיין קיינע ספקות: דער געוויסען און דער זכרון פון הארצען וועלען גלייך אונטערזאָגען וואָס מען דאַרף אין אמת'ן דערצעהלען. איך בין זיך מודה, מיט קומער, אז אין דעם צאָהל פון אלע קען געבען זעהר פיל, לייכטזיניגע און... פּוסטע האַנדלונגען פון מיין לעבען, איז דאָ איין האַנדלונג, דער איינדרוק פון וועלכער עס האָט זיך צו שווער געלעגט אויף מיין זכרון. דאָס האָט פּאַסירט צוריק מיט יאָהרען, מיט צוואַנציג יאָהר צוריק, איך בין דאַן פּאַרפאָהרען אין דאָרף צו פּלאַטאָן ארדינצעוו. ער איז נור וואָס אויסגעקליבען געוואָרען אלס אַנפיהרער פון דער אַדעל, און ער איז געקומען מיט דער יונגער פרוי צו פארברייגען די ווינטערדיגע ימים טובים, דאָ איז אויך פּונקט אויסגעפאַלען דער געבורטסטאָג פון אַנפיסי אלעקסעיעוונא און מען האָט באַשטימט צוויי בעלער. צו יענער צייט איז געווען אין שרעקליכער מאָדע און האָט נור וואָס געמאַכט א שטורם אין דער העכערער געזעלשאַפט דער אויסגעצייכענטער ראָמאַן פון דיומא „די קאַמעליען־דאַמע“, א פּאָעמע, וועלכע איז לויט מיין מיינונג באַשערט ניט צו שטאַרבען, און ניט צו אַלט ווערען. אויף דער פּראָווינץ זיינען אלע דאַמען געווען באַגייסטערט ביז פרייד, די לכל הפחות, וועלכע האָבען עס געלעזען. די שענקייט פון דער ערצעהלונג, די אָריגינאַליטעט פון דער ארויספיהרונג פון דעם הויפּט העלד. אָט די דאָזיגע אנלאָקענדע וועלט, פּאַרשידענאַרטיג ביז די סאַמע דינקייטען, און ענדליך, אָט די אלע באַצווי־

בערענדע איינצעלהייטען, וועלכע זיינען צעוואָרפען אין בוך. למשל, וועגען די אומשטענדען פון באַנוצען זיך מיט בוקע־טען פון ווייסע און ראָזע קאַמעליען לויט דער רייהע.) מיט איין וואָרט, אַט די אַלע פיינע איינצעלהייטען און דאָס אַלעס צוזאַמען האָבען כמעט פאַראורזאַכט אַן אויפטרייסלונג. די קאַמעליען־בלומען זיינען אריין זעהר אין מאָדע. אַלע האָבען געפאָדערט קאַמעליען, אַלע האָבען זיי געזוכט. איך פרעג אייך: קען מען עפּעס אַסך קריגען קאַמעליען אין אַן אויעזדנעם שטעטעל, ווען אַלע פאַרלאַנגען זיי אויף בעלער, כאָטש בעלער מעגען זיך זיין ווינציג? פעטיא ווערחאָווסקי, איז דאַן ארויסגעגאַנגען, דער אָרימער, נאָך אַנפּיסע אַלעקסעיעווּנאַ. באמת, איך ווייס ניט, צי איז צווישען זיי פאָרגעקומען עפּעס־וואָס, דאָס הייסט, איך וויל זאָגען, האָט געקענט זיין ביז זיי כאָטש אַ וועלכע ס'ניט איז ערנסטע האָפענונג? דער אָרימער, איז ארונטער פון זינען צו קריגען קאַמעליען צום אַבענט אויפ'ן באַל פאַר אַנפּיסע אַלעקסעיעוונאַ. די גראַפיניע סאָצקאַיאַ, פון פּעטערבורג, די גאַסט פון דער גובערנאַטאָרשע און סאָפיאַ בעזפּאַלאָווּאַ, ווי ס'איז געוואָרען באַוואוּסט, וועלען זיכער קומען צופאָהרען מיט בוקעטען, מיט ווייסע. אַנפּיסע אַלעקסעיעווּנער האָט זיך פאַרוואָלט צוליב אַ באַזונדערן עפעקט, רויטע. דעם אָרימען פּלאַטאָנען האָט מען שיעור די נשמה ניט ארויסגעיאָגט; עס פאַרשטעהט זיך — אַ מאַן, האָט ער זיך אונטער־גענומען, אַז ער וועט קריגען אַ בוקעט און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט? נעכטען האָט עס אויסגעכאַפּט מיטישטשעווּאַ, קאַטערינאַ אַלעקסאַנד־ראָוונאַ, די עלטערע קאָנקורענטקע פון אַנפּיסע אַלעקסעיעוונאַ אין אַלץ. זי איז מיט איהר געווען אויף מעסערס, עס פאַרשטעהט זיך. אַ היס־טעריקע, אַ חלשות. פּלאַטאָן איז פאַרפאַלען געוואָרען. עס פאַרשטעהט זיך, אַז ווען פּעטיאַ וואָלט אין דער מינוט געקראָגען ערגעץ אַ בוקעט, וואָלטען זיינע געשעפטען געקענט זיך שטאַרק אַ רוק טאָן פאָראויס. די דאַנקבאַרקייט פון אַ פרוי אין אַזעלכע פאַלען איז אַ גרענצלאָזע, ער לויפט אום ווי אַן אונטערגעצונדענער, נור די זאַך איז אַן אונמעג־ליכע, און ס'איז גאָר דאָ ניטאָ וועגען וואָס צו רעדען. אונערוואַרטעט באַגעגען איך זיך מיט איהם, שוין עלף אַ זייגער אין אַבענט, אַ טאָג פאַר דעם געבורטסטאָג פון באַל, ביי מאַריאַ פּעטראָוונאַ זובקאָוואַי, אַ שכנה פון אָרדינצעוו, ער שיינט. „וואָס איז מיט דיר?“ — „ער

האָט געפונען! „עווריקא"! — „נו ברודער", דו האָסט מיך געבראכט אין פארוואונדערונג! וואו און ווי אזוי? — אין עקשאָיסק (אזא שטע־טעל איז דארטען דאָ, אין גאנצען צוואנציג מייל ווייט, און ניט פון אונזער אויעזד.) דארטען איז דא איינער א סוחר טרעפאלאָוו, א מאן מיט א גרויסער באָרד און א רייכער, וואוינט מיט אן אלטיטשקער ווייב, און אנשטאט קינדער בלויז קאנאריקלאך. זיי האָבען ביידע גוואלדיג ליב בלומען, איז האָט ער קאמעליען." — „אָבער ביטע, דאָס איז דאָך ניט ריכטיג, און ווי וועט זיין אז ער וועט ניט געבען?" — איך וועל זיך שטעלען אויף די קניע און איך וועל זיך ווארפען צו די פיס, ביז וואנען ער וועט געבען, אָהן דעם וועל איך ניט אוועקפאהרען.. — „און ווען פאהרסטו?" — „מאָרגען, גלייך נור ווי עס וועט טאָג ווערען, אום פינף א זייגער". — „נו פאָהר און זאָל דיר גאָט העלפען!" און אזוי בין איך, ווייסט איהר, צופרידען צוליב איהם. איך קום צו אָרדינצעוו'ן. ענדליך עס איז שוין צוויי א זייגער, און מיר, ווייסט איהר, טראָגט זיך עס אלץ פאר די אויגען. איך האָב שוין געוואָלט זיך לעגען שלאָפען, פלוצלונג פאלט מיר איין אן אָריגינעלער געדאנק! איך כאפ זיך תיכף אריין אין קיך, וועק אויף סאוועליע דעם קוטשער, דערלאנג איהם פופצען רובעל, „גיב אהער די פערד אין א האלבע שטונ־דע!" אין א האלבע שטונדע ארום, פארשטעהט זיך, שטעהט דער וואגען לעבען די טויערען. אנפיסע אלעקסעיעווונא זאָגט מען מיר, האָט א מיגרען, א פיבער, און זי רעדט פון היץ. — איך זעץ זיך און פאָהר. פינף א זייגער בין איך אין עקשאָיסק, אויף דער אכסניה; איבערגע־ווארט ביז עס איז געוואָרען טאָג. זיבער אזייגער איך בין ביי טרעפאלאָווען. „אזוי און אזוי, איהר האָט קאמעליען? פאָטערל, טאָטעלע טייערער, העלף, ראטעווע, איך פאל איהם צו די פיס!" דער אלטער זעה איך, איז א הויכער, א גרויסער און א שטרענ־גער, — א שרעקליכער זקן! „ניין, ניין, בשום אופן ניט! איך וויל ניט! איך גיב א פאל איהם צו די פיס, טאקע איינפאך אין גאנצען זיך אויסגעצויגען. — „וואָס טוט איהר פאָטער'ל, וואָס טוט איהר טאָטעלע?" ער האָט זיך אזש איבערגעשראָקען. „דאָ שטעהט דאָך א מענשענ'ס לעבען איז סאַן!" שריי איך צו איהם. — אויב אזוי טאָ נעהמט און געהט מיט גאָט!" דאָ האָב איך אָנגעשניטען רויטע קאמעליען"! א וואונדער, א פראכט! ביי איהם איז דאָ א גאנצע

אראנזשערעע א קליינינקע. איך נעהם ארויס הונדערט רובעל, „ניין, איהר דארפט מיך טאָטעלע ניט באַליידיגען אויף אזא אופן". — און אויב אזוי, זאָג איך, פיעל געשעצטער, טאָ נעהמט צו די הונדערט רובעל אויף דעם היגען האָספּיטאַל, פאר דער פארבעסערונג פון דאָס אויסהאַלטונג פון דאָס עסען." — אָט דאָס, זאָגט ער, פאטערל איז שוין אַן אַנדער זאך! אַי א גוטע, אַי א פיינע, און עס וועט אויך גאָט געפעהלען ווערען: איך וועל דאָס אָפּגעבען פאר אייער געזונט... און ער איז מיר געפעהלען געוואָרען ווייסט איהר, אָט דער דאָזיגער רוסישער אַלטיטשקער, אזוי צו זאָגען, אַן אמת'ער רוסאק.

De la Varie Souche

אין גרויס פרייד פון דעם ערפאָלג, לאָז איך זיך גלייך אויף צוריקוועגס; איך האָב זיך אומגעקעהרט מיט א זייטיגער וועג כדי זיך ניט צו באַגעגנען מיט פּעטיא'ן. ווי נור איך בין געקומען, אזוי גלייך שיק איך אוועק דעם בוקעט צו דער ערוואכונג פון אנפיסע אַלעקסעיעווגא. איהר קענט זיך פארשטעלען די פרייד, די דאנקבארקייט, די טרערען פון דאנקבארקייט! פּלאַטאָן, דער וואס איז נעכטען נאָך געוועזן דערשלאָגען און טויט, פּלאַטאָן — וויינט ביי מיר אויפ'ן הארצען. אוי וועה! אַלע מענער זיינען אזוי זינט עס איז דאָ אויף דער וועלט... א געזעצליכע הייראטה! איך וואג גאָר ניט צוצוגעבען, נור די געשעפטען פון דעם אָרימען פּעטיא זיינען מיט דעם דאָזיגען עפּיזאָד אין גאנצען רואינירט געוואָרען. איך האָב פריהער געדענקט, אז ער וועט מיך קוילענען, ווען ער וועט זיך דערוויסען. איך האָב זיך אפילו שוין צוגעגרייט באַגעגענען, נור עס איז געשעהן דאָס, וואָס איך וואָלט אפילו ניט געגלויבט: ער איז געפאלען אין חלשות. און צו אבענט צו, א רעדען פון היץ, צו פריהמאָרגען צו א פּיבער; ער וויינט ווי א קינד, אין קאנוואולסיעס. אין א מאָנאָט ארום איז ער ערשט געזונט געוואָרען, האָט זיך אָפּגעבעטען מען זאָל איהם אָפּשיקען קיין קאווקאז. עס איז ארויסגעקומען אַן אמת'ער ראָמאַן! ער האָט געענדיגט מיט דעם, אז ער איז גע'הרג'עט געוואָרען אין קרים. דאן האָט נאָך דער ברודער זיינער, סטעפּאן ווארכאָווסקי, געקאָמאַנדירט מיט א פּאָלק, האָט זיך אויסגעצייכענט. איך בין זיך מודה, אז מיר האָט אפילו יאָהרען לאַנג נאָך דעם געפּייניגט דער געוויסען, צוליעב וואס, פאר וואָס האָב איך איהם אזוי באשטראפט? און עס וואָלט נאָך געוועזן רעכט, ווען איך

אליין וואָלט כאָטש געווען פאַרליבט? און דאָס איז דאָך בלויז געווען א פּשוט'ע שטיפעריי, צוליב אַן איינפאַכער נאָכשלעפעניש, ניט מעהר. און ווען איך כאַפּ ביי איהם ניט איבער דעם דאָזיגען בוקעט, ווער וויס, אפשר וואָלט דער מענש נאָך געלעבט ביז היינט. געווען גליקליך, און געהאט ערפאָלג. און עס וואָלט איהם גאר ניט איינגעפאַלען צו געהן אין טערקיי.

אפאנאסי איוואנאָוויטש איז אנטשוויגען געוואָרען, מיט דעם זעלבער סאָלידער ווירדיקייט, מיט וועלכער ער איז צוגעטראָטען צו דער דערצעהלונג. מען האָט באַמערקט, אז ביי נאַסטאַסיא פיליפאָוונא האָבען זיך עפּעס זעהר מאָדנע די אויגען צובליצט, און אפילו די ליפּען האָבען א ציטער געטאָן, ווען אפאנאסי איוואנאָוויטש האָט געענדיגט. אלע האָבען מיט נייגעריקייט געקוקט אויף זייביידען.

— מען האָט אָנגעפּייפט פערדישטשענקאָ'ן! אָט אזוי האָט מען עם אָנגעפּייפט! ניין, דאָס מיינט טאַקע אָנגעפּייפט! האָט אויסגעשריען מיט א וויינענדיגער שטימע, פערדיטשענקאָ, פאַרשטעהענדיג, אז מען קען און מען מעג אריינשטעלען א וואָרט.

— און ווער האָט עס אייך ניט געהייסען צו פאַרשטעהן אַן ענין? אָט לערנט זיך ביי קלוגע מענשען! האָט איהם אָפּגעשניטען שיעור ניט זיגרייך דאריא אלעקסאנדראָוונא („אַן אַלטע און געטרייע פריינדין און שותפטע פון טאָצקי.)

— איהר האָט רעכט, אפאנאסי איוואנאָוויטש, דאָס שפּיל איז אַן אומעטיגעס, און מען דאַרף דאָס וואָס גיכער ענדיגען, האָט אומפאַרזיכטיג ארויסגערעדט נאַסטאַסיא פיליפאָוונא — איך וועל אליין דערצעהלען וואָס איך האָב צוגעזאָגט, און קומט לאָמיר אלע אין קאָרטען שפּילען.

— אָבער דער צוגעזאָגטער אנעקדאָט פריהער פון אלץ! האָט היציג ארויסגעזאָגט דער גענעראל.

— פירשט, האָט זיך פּלוצלונג שאַרף און אונערוואַרט געווענדט צו איהם נאַסטאַסיא פיליפאָוונא, — אָט דאָ זיינען אלע מיינע אַלטע פריינד, דער גענעראל און אפאנאסי איוואנאָוויטש, און זיי ווילען מיך נור חתונה מאַכען. זאָגט מיר: ווי דענקט איהר, זאָל איך חתונה האָבען אדער ניט? ווי איהר וועט זאָגען אזוי וועל איך טאָן.

אפאנאסי איוואנאָוויטש איז בלייך געוואָרען, דער גענעראל איז

ווי פרשטיינערט געוואָרען. אַלע האָבען אָנגעשטעלט די אויגען אין אויסגעצויגען די העלזער. האַניאַ איז פאַרגליווערט געוואָרען אויפ'ן פּלאַץ.

— פאַר... פאַר וועמען? האָט געפרעגט דער פירשט מיט אַן אָפּשטאַרבענדער שטימע.

— פאַר גאַווריל אַרדיאַליאָנאָוויטש איוואָלגין — האָט פאַרט־געזעצט נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגאַ ווי פריהער, שניידענד, האַרט און קלאָהר.

עס זיינען אַדורך עטליכע מינוט פון שווייגען; דער פירשט האָט זיך ווי געשטאַרקט און ניט געקענט אויסריידען, אַזוי ווי אַ שרעק־ליכע משא וואָלט איהם אויפ'ן האַרצען געדריקט.

— נ־ניין... האָט ניט חתונה! האָט ער ענדליך אַרויסגעשעפּט־שעט און אָפּגעכאַפּט דעם אָטהעם.

— און אַזוי וועט עס זיין! גאַווריל אַרדיאַליאָנאָוויטש, האָט זי באַפעלעהנד און אַזוי ווי פייערליך זיך געווענדעט צו איהם. — איהר האָט געהערט ווי דער פירשט האָט ענטשיידען? נו, איז אין דעם אויך מיין ענטפער; און זאָל די זאַך זיין געענדיגט איינמאָל פאַר אַלע מאָל!

נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגאַ! האָט מיט אַ ציטערדיגער שטימע אַרויסגעזאָגט אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש.

— נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגאַ! האָט מיט אַן איבערצייגענדער נור אויפגערודערטער שטימע אויסגערופען דער גענעראַל.

אַלע האָבען זיך אַ ריהר געטאָן אויף די ערטער און זיך צושראָ־קען.

— וואָס איז מיט אייך מיינע העררן? האָט זי פאָרטגעזעצט, אַזוי ווי מיט פאַרוואונדערונג, זיך איינקוקענדיג אין די געסט — וואָס זייט איהר אַזוי איבעררעשט געוואָרען! און וואָס פאַר אַ געזיכטער איהר האָט עס אַלע!

— אָבער... דערמאָהנט זיך נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגאַ, האָט פאַר־האַקענדיג זיך, געמורמעלט טאָצקי — איהר האָט געגעבען אַ צוזאָג... אין גאַנצען אַ פרייען, און איהר האָט טהיילווייז געקענט האָבען מיט־לייד... מיר איז שווער און... געוויס בין איך צוטומעלט אָבער... מיט איין וואָרט, איצט, אין אַזאַ מינוט און... פאַר מענשען און אַלץ אַזוי...

ענדיגען מיט אזא שפּיל אין ערנסטע זאַך, א זאַך פון עהרע און האַרץ... פון וועלכער עס הענגט אָפּ...

— איך פאַרשטעה אייך ניט, אפאַנאסי איוואנאַוויטש; איהר האָט באמת א טעות. ערשטענס, וואָס מיינט: „פאַר מענשען"? זיינען מיר דען ניט אין א פיינער אינטימער קאָמפּאַניע? און וואָס האָט דאָ וואָס צו טאָן „דאָס שפּיל"? איך האָב באמת געוואָלט דער־צעהלען מיין אנעקדאָט גו, און איך האָב דערצעהלט. געפעהלט ער אייך אפשר ניט? און וואָס זאָגט איהר, אז דאָס איז „ניט ערנסט?" איז ד אָ ס אפשר ניט ערנסט? איהר האָט געהערט, איך האָב געזאָגט צום פירשט: „ווי איהר וועט זאָגען, אזוי וועט זיין". ווען ער זאָגט י ע, וואָלט איך גלייך געגעבען מיין צושטימונג, אבער ער האָט געזאָגט נ י י ן, און איך האָב ענטזאגט; איז דאָס אפשר ניט ערנסט? דאָ איז מיין גאנצער לעבען געהאנגען אויף איין האָר; וואָס קאָן זיין ערנסטער?

— נור דער פירשט, וואָס האָט דאָ צו טאָן דער פירשט! — האָט ארויסגעמורמעלט דער גענעראל כמעט שוין ניט קענענדיג מעהר איינ־האַלטען זיין כעס, אויף אזא אפילו באַלעדיגענדער אויטאָריטעט פון פירשט.

— און דער פירשט איז פאַר מיר דאָס, וואָס איך האָב אין איהם, דעם ערשטען, אין מיין גאנצען לעבען, ווי אין אמת־איבערגעבענעם מענשען אָנגעהויבען גלויבען. ער האָט אין מיר פון דעם ערשטען בליק געגלויבט און איך גלויב איהם אויך.

— מיר בלייבט ניט מעהר ווי צו אָפּדאַנקען נאסטאסיא פיליפּאָוונא'ן פאַר איהר גרויסער עדעלקייט מיט וועלכער זי... האָט מיך באַהאַנדעלט, האָט ענדליך ארויסגערעדט, מיט א ציטערדיגער שטימע און מיט פאַרקרימטע ליפּען דער בלאַסער האַניא — דאָס, האָט טאַקע געדאַרפט געשעהן... אבער... דער פירשט... דער פירשט אין דער זאַך...

— ער קלייבט זיך אפשר צו קריגען די פינף און זיבעציג! — האָט איהם פלוצלונג איבערגעריסען נאסטאסיא פיליפּאָוונא — אָט דאָס האָט איהר געוואָלט זאָגען? שפּאַרט זיך ניט איין, איהר האָט דאָס זיכער געוואָלט זאָגען! אפאנאסי איוואנאַוויטש איך האָב גאָר פאַרגעסען צוצוגעבען. איהר נעהמט אָט די פינף און זיבעציג טוי־

זענד פאַר זיך און ווייסט, אַז איך לאָז אייך אַרוים פריי אומזיסט. געגוג! איהר דאַרפט דאָך אויך פריי אָפּאָטעמען! נייען יאָהר און דריי מאָנאַטען! מאָרגען — וועט איהר זיך פיהרען אויפ'ן נייעם שטייגער. היינט — בין איך די געבורטסניצע און אליין פאַר זיך צום ערשטען מאָל אין גאַנצען לעבען! גענעראַל נעהמט אויך איהר צו אייערע פּערל, גיט עס אוועק דער ווייב, אָט זיינען זיי. פון מאָרגען קלייב איך זיך אין גאַנצען אַרוים פון דער קוואַרטיר, און עס וועלען שוין ניט זיין קיינע אָבענטען, מיינע העררן!

דאָס זאָגענדיג, האָט זי זיך פּלוצלונג אויפגעשטעלט, ווי וועלענדיג אוועקגעהן.

— נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא! נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא! האָט זיך געהערט פון אַלע זייטען. אַלע האָבען זיך אָנגעהויבען טומלען און אַלע זיינען אויפגעשטאַנען פון די פּלעצער. אַלע האָבען זי אַרומגערינגעלט. אַלע האָבען מיט אומרוהיגקייט געהערט איהרע אָפּגעהאַקטע, פיבערדיגע, מוטיגע ווערטער. אַלע האָבען געפיהלט עפּעס אַן אומאָרדענונג, קיינער האָט ניט געקענט קומען צו קיין טאַלק. קיינער האָט גאָרנישט ניט געקענט פאַרשטעהן. אין דעם אויגענבליק, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט, אַ קלינגענדער, שטאַרקער קלאַפּ אין גלעקעל, פּונקט ווי פריהער אין האַניאַ'ס קוואַרטיר.

— אַ, אַ, אַ! אָט קומט ענדליך די שלום־סצענע! האַלב נאָך צוועלף! האָט אויסגערופען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא: — איך בעט אייך מיינע העררען, זיך זעצען דאָס איז די שלום־סצענע!

דאָס זאָגענדיג, האָט זי זיך אַליין געזעצט. אַ מאָדנער געלעכטער האָט געציטערט אויף איהרע ליפּען, זי איז געזעסען שווייגענדיגערהייט, אין אַ פיבערהאַפטער ערוואַרטונג און געקוקט אויפ'ן טיר.

— ראָגאָזשין און די הונדערט טויזענד; ס'איז גאָר קיין צווייפעל, האָט אַ מורמעל געטאָן פאַר זיך פּטיצין.

# פופצעהנטער קאַפּיטעל.

ס'איז אריינגעקומען קאטיא, די קאמער־מיידעל א דערשראָקענע.

—דאָרט איז גאָט וויים וואָס נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, א מאַן צעהן האָבען זיך אריינגעוואָרפען, און אלע זיינען שיכור'ע, זיי בעטען זיך אהער, זיי זאָגען, אז זיי זיינען ראגאזשין, און דאס איהר ווייסט אליין.

— ס'איז אמת קאטיא, לאָז זיי אלעמען גלייך אריין.

— איז דאָס מעגליך? אלעמען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא? זיי זיינען דאָך אין גאנצען העסליך! א גוואלד!

— אלעמען, אלעמען, לאָז אריין, קאטיא, שרעק זיך ניט. אלע־מען ביז איינעם, און ווען ניט וועלען זיי אריין אָהן דיר אויך. אָ טומלען זיי שוין פּונקט ווי פריהער, מיינע העררן, ס'איז מעגליך, אז איהר באלעדיגט זיך, האָט זי זיך געווענדט צו די געסט — וואס איך נעהם אויף אזא קאָמפּאניע פאר אייך אין די אויגען? מיר טוט עס זעהר לייד און איך בעט פארגעבונג, נור אזוי דארף דאָס זיין. און מיר וואָלט זיך זעהר זעהר געוואָלט אז איהר זאָלט אלע איינ־שטימען צו זיין ביי דער שלום־סצענע אלס מיינע עדות, כאָטש איבע־ריגענס טוט ווי איהר פארשטעהט...

די געסט זיינען נאָך אלץ געווען ערשטוינטע, זיי האָבען זיך געשושקעט, נור ס'איז געווארען גאנץ קלאָר, אז דאס איז אלץ געווען אויסגערעכענט און צוגעגרייט פון פריהער, און אז נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — כאָטש זי איז זיכער ניט ביים זינען — וועסטו דאָך איהר איצט ניט אָפּשטרייטען. אלעמען האָט געפּייניגט א שרעקליכע נייגעריקייט. דערביי איז דאָך ניט געווען וואָס צו שרעקען זיך. דאמען זיינען אין גאנצען געווען צוויי: דאריא אלעקסעיעווגא, א געוואגטע פרוי, וואָס האָט זיך שוין אנגעזעהן פארשיעדענע בילדער, און וועלכער ס'איז געווען שווער צו פארשעהמען, און די שעהנע נור שווייגענדיגע אומבאקאנטע. נור די שווייגענדיגע אומבאקאנטע האָט קוים עפּעס געקענט פארשטעהן: דאָס איז געווען אן אָנגעפאָהרענע דייטשקע און זי האָט קיין רוסיש גאָר ניט געקענט. און אויסער דעם, איז זי דוכט זיך, געווען אזוי אויך פיל נאריש אויף וויפיל זי איז געווען

שעהן. זי איז געווען א נייאיקייט, און עס איז שוין געווען אנגענומען צו איינלאַדען איהר אויף באוואוסטע אבענטען. אין א פּראכטפֿולען קאסטיום, א פּארקעמטע ווי אויף אן אויסשטעלונג, און אוועקזעצען ווי א פּראכטפּאלע בילדעל כדי צו באַשעהנען דעם אבענט. — פּונקט ווי אנדערע קריגען פאר זייערע אבענטען, ביי באקאנטע אויף איין מאָל, א בילד, א וואזע, א סטאַטוע, אדער אן עקראן, און וואָס איז שייך די מענער, איז פּטיצין למשל, געווען א פריינד פון ראגאזשין, פּערדישטשענקא האָט זיך געפיהלט ווי א פיש אין וואסער, האַנעט־שקא האָט נאָך אַלץ ניט געקענט קומען צו זיך, נור כאָטש דונקעל, אבער אָהן אן אפּהאלט האָט ער אליין געפיהלט א הייסע פאדערונג צו בלייבען שטעהן ביז'ן סוף ביי זיין שאנדע־סלופּ; דער אלטיטשקער לעהרער, וועלכער האָט ווייניג וואָס פארשטאנען וואָס דא טוט זיך, האָט שיעור ניט געוויינט און האָט בוכשטעבליך געציטערט פון שרעק, באמערקענדיג עפּעס א אונגעוועהנליכען טומעל אין אַלעמען און אין נאסטאַסיא פיליפּאָוונא, וועלכע ער האָט פארגעטערט, אזוי ווי זיין אייניקעל; נור ער וואָלט בעסער געשטאָרבען, איידער איבערלאָזען זי אין אזא מינוט. און וואָס עס געהערט זיך אפאנאסי איוואנא־וויטש, האָט ער זיכער זיך ניט געקענט קאמפּראָמעטירען אין אזעלכע געשעהענישען, נור ער איז צופיל געווען פאראינטערעסירט אין דער זאך, כאָטש דאָס האָט אנגענומען אזא משוגענעם אויסגאנג, און דער־צו האָט נאסטאַסיא פיליפּאָוונא ארייַנגעוואָרפען אויף זיין חשבון צוויי — דריי ווערטלאך אזעלכע, אז אוועקפאָהרען ניט קלאָהר מאכענ־דיג אין גאנצען די זאך, האָט מען ניט געטאָרט. ער האָט באשלאָסען אויסצוזיצען ביז'ן סוף, אין גאנצען פארשווייגען און זיין בלויז א צוקוקער, וואָס עס האָט זיכער זיך געפּאסט צו זיין ווירדיקייט. בלויז נור דער גענעראל עפּאנטשין, וועלכער איז נור וואָס, אזוי באליידיגט געוואָרען, מיט אזא ניט צערעמאָניאלער און קאָמישער אומקעהרונג צו איהם זיין מתנה, האָט פארשטעהט זיך, איצט געקענט נאָך מעהר זיך באליידיגען אָט מיט די אַלע אויסערגעוועהנליכע משוגעת'ן, אדער צום ביישפּיל מיט דעם ערשיינונג פון ראגאזשין; און א מענש ווי ער, וועלכער האָט שוין אזוי אויך גענוג זיך ארונטער געלאָזען, באשליסענ־דיג זיך צו זעצען אין איין רייהע מיט פּטיצינען און פּערדישטשענקא. נור דאָס וואָס עס האָט געקאָנט מאכען די קראַפט פון דער תאוה,

דאָס האָט געקענט ענדליך באַזיגט ווערען פון דעם געפיהל פון שולדיקייט, פון דעם פיהלען פון חוב, טשין און וויכטיקייט און אין אלגעמיין אכטונג צו זיך, אזוי דאָס ראגאזשין מיט דער קאָמפּאניע, איז אלענפאלס אין דער אנוועזענהייט פון זיין עקסעלענץ געווען אונמעגליך.

— אך, גענעראל, האָט איהם גלייך איבערגעשלאָגען נאסטאסיא פיליפּאָוונא, ווי נור ער האָט זיך צו איהר געווענדט מיט אן ערקלעהרונג—איך האָב גאָר פאַרגעסען! אָבער זייט זיכער, אז ווענען אייך האָב איך פאראויסגעזעהן, אויב פאר אייך איז אָזוי באַלעדיגענד, דאַן צווינג איך ניט, און האַלט אייך ניט אָפּ, כאָטש מיר וואָלט זיך זעהר געוואָלט טאַקע נור אייך איצט זעהן ארום זיך. אלענפאלס, דאַנק איך אייך זעהר פאר אייער באַקאַנטשאַפט און פאר אייער שמייכעלהאַפטער אויפמערקזאמקייט נור אויב איהר האָט מורא...

— ערלויבט מיר, נאסטאסיא פיליפּאָוונא, האָט אויסגערופען דער גענעראל אין אן אָנפאַל פון ריטערליכער גרויסמוטיקייט — וועמען זאָגט איהר עס? אז איך וויל דאָך צוליב איבערגעבענהייט אליין איצט דאָ בלייבען מיט אייך, און ווען צום ביישפּיל עס איז דאָ אזא געפאהר... צו דעם אַלעם מוז איך זיך מודה זיין אז איך בין שרעקליך נייגעריג. איך האָב בלויז ווענען דעם געוואָלט באַמערקען, אז זיי וועלען דאָך איבערפיהרען די טעפּיכער און אפשר אויך עפּעס נאָך צובּרעכען... און מען האָט זיי, לויט מיין מיינונג גאָר ניט געדאַרפט דאָ האָבען, נאסטאסיא פיליפּאָוונא!

— ראגאזשין אליין! האָט אָנגעזאָגט פערדישטשענקאָ.

— ווי דענקט איהר אפאנאסי איוואנאָוויטש, האָט איהם אויף שנעל אויספעיעט א שושקע טאָן דער גענעראל — איז זי ניט אראָפּ פון זינען? דאָס הייסט, אָהן אַלעגאָריעס, נור אויף אן אמת׳ן מעדיצינישען אופן — הא?

— איך האָב געזאָגט, אז זי איז שטענדיג צו דערצו גענויגט געווען, האָט כיטרע צוריק געשעפּטשעט אפאנאסי איוואנאָוויטש.

— און דערצו נאָך דער פיבער...

ראגאזשין׳ס קאָמפּאניע איז געווען די זעלבע וואָס פריהער, אין פריהמאָרגען, עס איז בלויז צוגעקומען עפּעס א שלעפּער אן אלטיטשקער. אין זיין צייט א געוועזענער רעדאקטאָר׳ל פון עפּעס א נידעריגער

פלאַטקע טרייבערישער צייטונג'ל. און ווען װעלכען עס איז אַרומגע־גאַנגען אַן אַנעקדאָט, אַז ער האָט פאַר'משכנ'ט און פאַרטרונ־קען זיינע אַריינגעשטעלטע ציינער און איינער, אַן אָפּגע־דאַנקטער פאַרפאַרוטשיק, אַן אמת'ער געגנער און קאָנקורענט אין דער פּראָפעסיע אין באַשטימונג דעם פריהמאָרגענדיגען הערר מיט די פויסטען און װעלכער איז צו אַלע ראַנאָזשינצעס גאָר ניט געװען באַקאַנט, נור אַ צוגעקומענער אויפ'ן גאַס, אויף דער זו־ניגער זייט פון נעװוסקי פּראָספּעקט, וואו ער האָט אָפּגעשטעלט די דורכגעהער און מיט דעם לשון פון מאַרלינסקען געבעטען נדבות. אונ־טער אַ פאַלשען אויסרייד, „אַז ער אַליין האָט אין זיין צייט געגעבען אָרימע לייט צו פופצעהן רובעל". ביידע קאָנקורענטען האָבען זיך באַלד באַצויגען איינער צום צווייטען פיינדליך. דער פריהערדיגער הערר מיט די פויסטען נאָכדעם ווי מען האָט אַריינגענומען אין דער קאָמפּאַניע דעם „שנאָרער" האָט זיך אַפילו גערעכענט אַלס באַלע־דיגטער. און זייענדיג אַ שווייגער פון נאַטור, האָט ער אָפּט נור גע־ברומט ווי אַ בער און מיט אַ טיפער פאַראַכטונג געקוקט אויף די צושמייכלונגען און צו לאַשטשען זיך צו איהם פון דעם „שנאָרער". וועלכער האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ מענשען פון דער געזעל־שאַפט און אַ פאַרשטענדליכען.

לויט דעם אויסזעהן האָט דער פּאָרוטשיק צוגעזאָגט צו נעהמען „אין דער זאַך" מעהר מיט פלינקייט און געשיקליכקייט ווי מיט קראַפט, און אויך אין וואוקס איז ער געווען נידעריגער ווי דער קו־לאַק־מאַן. דעליקאַט, ניט אַריינטרעטענדיג אין אַן אָפענער קריג נור זעהר באַריהמענדיג זיך, האָט ער שוין עטליכע מאָל געגעבען אָנצוהערע־ניש וועגען די מעלות פון דעם ענגלישען באָקסען. מיט איין וואָרט, ער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר דעם ריינסטען אָנהענגער פון דער זידליכער קולטור. דער קולאַק־מאַן האָט ביי דעם וואָרט „באָקס" נור אַ שמייכעל געטאָן מיט פאַראַכטונג און באַליידיגונג, און פון זיין זייט ניט באַעהרענדיג זיין געגנער מיט אַן אָפענער מחלוקת, האָט גאַנץ אָפּט שווייגענד, באַוויזען, אַזוי ווי ניט ווילענדיג, אָדער בעסער געזאָגט, אַרויסגערוקט אָפּט איינס זעהר אַ נאַציאָנאַלע זאַך — אַ גרויסען קולאַק, אַן אָדערדיגען, אַ באַוואַקסענעם מיט אַזאַ געלען פוך, און אַלעמען איז געוואָרען קלאָהר, אַז ווען אָט די טיף נאַציאָנאַלע

זאָך וועט זיך אראָפּלאָזען און זי וועט טרעפען אויף עפּעס, וועט זיכער נור פּייכטליך ווערען.

אויף דעם העכסטען אָרט, „גרייט" איז היינט טאַקע ווידער קיי־נער פון זיי ניט געווען. אזוי ווי פריהער, אלס רעזולטאַט פון די באַמיהונגען פון ראַגאזשינען אליין, וועלכער האָט א גאַנצען טאָג גע־האָט אין זינען זיין וויזיט צו נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. ער אליין־זשע, האָט שוין כמעט אין גאַנצען אוספּעיעט אויסצוניכטערן זיך. נור דערפאַר איז ער שיעור ניט פאַרריקט געוואָרען פון די איהם אַרומ־געטראָגענע איינדריקע, אין דעם דאָזיגען מאָס'ן אויף גאָרנישט ניט עהנליכען טאָג פון זיין גאַנצען לעבען. איין זאַך איז פאַר איהם שטענ־דיג געשטאַנען פאַר די אויגען, אין זכרון און אין האַרצען יעדע מינוט, יעדען אויגענבליק. צוליב דעם איינעם האָט ער גע'פּטר'ט די גאַנצע צייט, פון פינף א זייגער ביי טאָג ביז עלף, אין אונענדליכען טרויער און אומרוה, האַבענדיג וואָס צו טאָן מיט קינדער און ביסקופּ וועלכע זיינען אויך שיעור פון זינען ניט אַרונטער, אומיאַגענדיג זיך ווי אַנגעצונדענע פון זיינעט וועגען. און פונדעסטוועגען האָט מען די הונדערט טויזענט און אין ריכטיגע געלט, וועגען וועלכע עס האָט פאַרבייגעהענדיג אפּלאָכענד און אין גאַנצען ניט קלאָהר אָנגעמערקט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. אוספּעיעט צו צוזאַמענשטעלען אויף פּראָ־צענטען וועגען וועלכע אפילו ביסקופּ אליין האָט פון בושה גערעדט מיט קונדיר'ן ניט אין דער הויך נור אויפ'ן אויער.

פונקט ווי פריהער איז ראַגאזשין אַרויסגעטראָטען פאָראויס פאַר אַלעמען און די איבעריגע האָבען זיך גערוקט אהינטער איהם, כאָטש מיט דעם פולען באַוואוסטזיין פון זייערע מעלות אבער פונדעסטוועג־גען אביסעלע שרעקענדיג. דערהויפּט, און גאָט ווייסט פאַר וואָס, האָבען זיי זיך געשראָקען פאַר נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. אייניגע פון זיי האָבען אפילו געדענקט, אז מען וועט זיי אַלעמען גלייך „אַרונטער־וואַרפען פון די טרעפּ". צווישען די וואָס האָבען אזוי געדענקט איז צווישען אַלעמען, געווען דער פראַנט און הערצער־באַזיגער זאַליאָזש־באָוו. אבער די איבעריגע און הויפּטזעכליך דער הערר מיט'ן קולאַק, האָט כאָטש ניט אין דער הויך, נור אין האַרצען זיך באַצויגען צו נאַס־טאַסיא פיליפּאָוונא מיט דער טיפסטער פאַרכאַטונג און אפילו מיט האַס. און זיי זיינען געגאַנגען צו איהר ווי אויף א באַלאַגערונג. אבער

די פראכטפאלע פארפוצונג פון די ערשטע צוויי צימערן, די פון זיי ניט געהערטע און ניט געזעהענע זאכען, די טייערע מעבעל, בילדער, די גרויסע סטאטוע פון ווענערא, — אט דאס אלץ האט אויף זיי געמאכט א שטארקען איינדרוק פון אכטונג, און שיעור אפילו ניט קיין שרעק, דאס האט זיי, אבער ניט געשטערט ביסלעכווייז און מיט עזות'דיגער נייגעריגקייט ניט קוקענדיג אויפ'ן שרעק, זיך דורך צו שטויסען נאך ראגאזשינען אין גאס־צימער; נור ווען דער הערר פון דעם קולאק, „דער שנארער" און די איבעריגע האבען באמערקט אין דעם צאהל געסט דעם גענעראל עפאנטשין, האבען זיי אין ערשטען אויגענבליק אויף אזוי פיעל פארלארען דעם מוטה, אז זיי האבען אפילו אנגעהויבען צוביסלאך אפצוטרעטען אויף צוריק, אין דעם צווייטען צימער. איין לעבעדעוו נור איז געווען פון דעם צאהל זעהר מוטיגע און איבערצייגטע און איז ארויסגעטראטען כמעט גלייך מיט ראגאזשינען. באגרייפענדיג, וואס מיינט אין אמת'ן א מיליאן מיט פיער הונדערט טויזענד אין מזומנ'ע געלט און הונדערט טויזענד איצט אין די הענט. איבעריגענס דארף מען אבער באמערקען, אז זיי אלע ניט מאכענדיג קיין אויסנאם אפילו פון דעם אלץ ווייסער, לעבעדעוו'ן, האבען זיך אביסעל צומישט אין דעם וויסען די גרענעץ און מאס פון זייער שטארקייט. און צו איז אין אמת'ן זיי איצט אלץ ערלויבט אדער ניט? לעבעדעוו איז געווען גרייט אין אייניגע מינוטען זיך שווערען, אז אלץ איז ערלויבט, אבער אין אנדערע מינוטען האט ער געפיהלט אן אומרוהיגע באדערפעניש צו געדענקען פאר זיך, אויף יעדען פאל, אייניגע און הויפטזעכליך ערמוטיגענדע און בארוהיגענדע בלעטלאך פון געזעץ־בוך.

אויף ראגאזשינען אליין האט דער גאסט־צימער פון נאסטאסיא פיליפאוונא געמאכט א פארקעהרטען איינדרוק, ווי אויף אלע זיינע מיטגעהער. ווי נור עס האבען זיך אויפגעהויבען די פארטיערען, און ער האט דערזעהן נאסטאסיא פיליפאוונא — האט אלץ פאר איהם אויפגעהערט צו עקזעסטירען. פונקט ווי פריהער אין דער פריה, ער איז בלייך געווארען און אויף א וויילע זיך אפגעשטעלט; מען האט געקענט טרעפען אז זיין הארץ האט שרעקליך געקלאפט, ציטערדיג און פארלארען. האט ער געקוקט אייניגע סעקונדען, ניט אראפנעהמענדיג די אויגען פון נאסטאסיא פיליפאוונא. און פלוצלונג ווי פארלירענדיג

זיין פארשטאנד און שיעור ניט שאָקלענדיג זיך, איז ער צוגעגאנגען צום טיש; אויפ׳ן וועג האָט ער זיך אָנגעשטויסען אויף פּטיצין׳ס שטוהל און ער האָט אנגעטראָטען מיט זיינע בלאָטיגע שטיוועל אויף דעם שפּיצען־טייל פון דער פּראכטפאָלער בלויער קלייד, פון דער שווייגענדער שענהייט, די דייטשקע; האָט זיך ניט ענטשולדיגט און האָט ניט באַמערקט. צוקומענדיג צום טיש, האָט ער אוועקגעלעגט אויף איהם עפּעס א מאָדנעם ארטיקעל, מיט וועלכען ער איז אריינ־געקומען אין גאסט־צימער, האלטענדיג איהם מיט ביידע הענט פאָר־אויס פאר זיך. דאָס איז געווען א גרויסער פּעקעל פּאפּיר, א ווער־שאָק דריי אין דער הויך, און א ווערשאָק פיער אין דער לענג, פעסט און שטייף איינגעוויקעלט אין א „בירזשעוויע וועדאָמאָסטי“ און פאר־בונדען ארום און ארום פון אלע זייטען און צוויי מאָל אין דער פארם פון א צלם מיט א שטריקעל, פון יענע שטריקלאך מיט וועלכע מען פארבינדט קעפּלאך צוקער. דערנאָך איז ער געבליבען שטעהן, ניט רעדענדיג קיין וואָרט אין מיט אראָפּגעלאָזטע הענט, אזוי ווי ווארטענדיג אויף זיין אורטייל. דער קאסטיום וואָס ער האָט געטראָ־גען איז געווען דער זעלבער וואס פריהער, אויסער א גאָר נייעם זייד־דענעם שאָל אויפ׳ן האלז, א העל־גרינער געמישט מיט רויט. מיט א גרויסער בריליאנטענער שפּילקע, וועלכע האָט פאָרגעשטעלט א זשוק, און א מאסיווען בריליאנטענעם פינגערל אויף א בלאָטיגען פינגער פון דער רעכטער האַנט. לעבעדעוו איז ניט צוגעקומען צום טיש אויף אן ערך א דריי טריט; די איבעריגע, ווי עס איז שוין גע־זאָגט געווארען, האָבען זיך צו ביסלאך צונויפגעקליבען אין גאסט־צימער. קאטיא און פּאשאַ, די צימער־מיידלאך פון נאסטאַסיא פי־ליפּאָוונא זיינען אויך געקימען צעלויפען קוקען אהינטער די אויפגע־הויבענע פּארטיערען, מיט טיפער ערשטוינונג און שרעק.

— וואָס מיינט עס? האָט געפרעגט נאסטאַסיא פיליפּאָוונא, אויפמערקזאם און נייגעריג באקוקענדיג ראגאזשינען און אָנווייזענדיג מיט די אויגען אויף דעם „ארטיקעל.“

— הונדערט טויזענד! האָט יענער געענטפערט כמעט מיט א געפליסטער.

— ער האָט טאקע געהאַלטען וואָרט, אָט וואָס פאר א חברה־מאַן! זעצט זיך, ביטטע, אָט דאָ, אָט אויף דעם שטול. איך וועל אייך

נאָכדעם עפּעס זאָגען. ווער איז געקומען מיט אייך ? די גאַנצע פּריי־הערדיגע קאָמפּאַניע ? נו, זאָלען זיי אריין געהן און זיך זעצען. אָט דאָרטען אויפ'ן דיוואן קען מען, אָט איז נאָך א דיוואן, אָט דאָרטען זיינען צוויי שטוהלען... וואָס, זיי ווילען אפשר ניט ?

אין אמת'ן האָבען אייניגע פון זיי זיך אין גאַנצען פארשעהמט, צוריקגעטראָטען און זיך געזעצט וואַרטען אין דעם צווייטען צימער, נור אייניגע זיינען געבליבען און זיך אויסגעזעצט, לויט דער איינ־לאַדונג, נור גאַנץ ווייטער פון טיש, מעהרער אין די ווינקלען, אייניגע פון זיי אַלץ נאָך וועלענדיג זיין ניט אנגעזעהן. אייניגע וואָס ווייטער זיי זיינען געזעסען זיינען אַלץ מעהרער און שנעל און ניט נאַטירליך, געקומען צו זיך. ראגאזשין האָט זיך אויך אַנידערגעזעצט אויף דעם איהם אנגעוויזענעם שטוהל, נור איז געזעסען ניט לאַנג ; ער האָט זיך באַלד אויפגעהויבען און האָט זיך שוין מעהר ניט געזעצט. צו ביסלעכ־ווייז האָט ער אנגעהויבען אונטערשיידען און באַקוקען די געסט. דער־זעהענדיג האַניען, האָט ער גיפטיג א שמייכעל געטאָן און א שעפּטשע געטאָן פאר זיך : „קוק איהם נור אָן"! אויפ'ן גענעראַל און אפאנאסי איוואנאָוויטש האָט ער א קוק געטאָן אָהן צוטומלונג, און אפילו אָהן א באַזונדערער נייגעריקייט. נור ווען ער האָט באַמערקט לעבען נאַס־טאסיא פיליפּאָוונא, דעם פירשט, האָט ער לאַנג ניט געקאָנט זיך אָפּריי־סען פון איהם, א גוואלדיג פארוואונדעטער און אַזוי ווי ניט זייענדיג בכח אָפּצוגעבען זיך א חשבון אין דער באַגעגעניש. מען האָט געקענט חושד זיין, אז אין אייניגע צייטען איז ער געווען אין אמת'ער היץ. אויסער די אַלע אויפטרייסלונגען פון דעם היינטיגען טאָג, האָט ער אויך די גאַנצע פארגאַנגענע נאַכט פארבראַכט אין וואַגאָן און ער האָט שוין כמעט צוויי מעת לעת ניט געשלאָפען.

— דאָס איז, מיינע העררן, הונדערט טויזענד, האָט געזאָגט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, ווענדענדיג זיך צו אַלעמען מיט אַזא פיבער־האַפט־אונגעדולדיגען ארויסרוף — אָט אין דעם בלאָטיגען פּעקעלע. קורץ פאר דעם, האָט ער זיך צושריען ווי א וואַהנזיניגער, אז ער וועט מיר אין אבענט ברענגען הונדערט טויזענד, און איך האָב אַלץ אויף איהם געוואַרט. דאָס האָט ער מיך געהאַנדעלט : האָט אנגעהויבען פון אַכצעהן טויזענד, דערנאָך איז ער פלוצלונג ארויסגעשפּרונגען אויף פערציג, און דערנאָך אָט די הונדערט. ער האָט דאָך געהאַלטען

ווארט! פו ווי בלייך ער איז! דאס האָט אלץ ניט לאנג צוריק פּאסירט ביי האנעטשקען: איך בין געקומען צו פאָהרען צו זיין מאַמע מיט א וויזיט, אין מיין צוקונפטיגער פאמיליע און דארטען האָט זיין שוועס־טער מיר אין די אויגען אויסגעשריען: „איז דען מעגליך, אז מען וועט אָט דער דאָזיגער אונפארשעהמטער פון דאַנען ניט ארויסוואר־פען!“ און האַנעטשקען, דעם ברודער האָט זי אין פּנים אָנגעשפּיגען. עס איז א מיידעל מיט כאראַקטער!

— נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא! האָט מיט פארוואורף ארויסגעזאָגט דער גענעראַל. ער האָט אביסעל אנגעהויבען צו פארשטעהן דעם עניין אויף זיין אופן.

— וואָס איז גענעראַל? עס איז ניט אנשטענדיג אפשר? גענוג שוין בלאָזען פון זיך! וואָס בין איך דען אין א פראנצויזישען טעא־טער, אין א לאָזשע, ווי א טוגענד א בעל־עטאַזשנע צו וועלכער מען קען ניט צוקומען, געזעסען, און אלע וועלכע האָבען זיך נאָך מיר געיאָגט פינף יאָהר ווי א ווילדע אויסגעמידען, און אזוי ווי א שטאָלצע אומשולד געקוקט, דאָס האָט מיר שרעקליך דערעסען! אָט איז ער פאר אייך אין די אויגען געקומען און אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש הונדערט טויזענד, נאָך פינף יאָהר פון אומשולד, און זיכער שטעהט שוין דאָרט ביי זיי א „טראָיקע“ צוגעגרייט און ווארט. ער האָט מיך אין הונ־דערט טויזענד אָפּגעשאצט! האַנעטשקאָ, איך זעה אז דו ביזט נאָך אויף מיר ביז איצט אין כעס? איז דאס דען ריכטיג אז דו האָסט מיך געוואָלט אין דיין פאמיליע אריינפיהרען? מיך די ראגאזשינסקע! פירשט וואָס האָט איהר נעכטען געזאָגט?

— איך האָב ניט דאָס געזאָגט, אז איהר זייט א ראגאזשינסקע, איהר זייט ניט קיין ראגאזשינסקע! האָט מיט א ציטערדיגער שטימע ארויסגעזאָגט דער פירשט.

— גענוג שוין נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, גענוג שוין מוטער'ל גע־נוג שוין, טהייערע, האָט שוין מעהר ניט געקענט אריבער טראָגען דאריא אלעקסעיעוונא — אויב עס איז דיר שוין אזוי שווער צו ליידען פון זיי, טאָ וואָס איז דאָ צו קוקען אויף זיי! איז דען מעגליך אז דו ווילסט אוועק מיט א דעם, כאָטש אפילו פאר הונדערט טויזענד! אמת הונדערט טויזענד — איז א היבשע מטבעה! טאָ דו נעהם צו די הונדערט טויזענד און איהם יאָג ארויס. אָט ווי מען דארף מיט זיי

טאָן; ער, איך אויף דיין פּלאַץ וואָלט זיי אַלעמען... וואָס איז דאָ אין אמת'ן וואָס צו קוקען!

דאַריאַ אַלעקסעיעווגאַ איז אַפילו אַריינגעפאַלען אין גרימצאָרן. דאָס איז געווען אַ פרוי אַ גוטע און זעהר אַן עמפפינדליכע.

— זיי ניט אין כעס, דאַריאַ אַלעקסעיעווגאַ, האָט צו איהר אַ שמייכעל געטאָן נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגאַ — איך האָב דאָך דאָס איהם געזאָגט אהן כעס, האָב איך איהם דאָס אויסגעוואָרפען, צו וואָס? איך קען טאַקע ניט פאַרשטעהן, ווי אַזוי, עס איז אויף די דאָזיגע נאַריש־קייט אַנגעקומען, וואָס איך האָב געוואָלט אין אַן אָרענטליכער פאַמי־ליע אַריינקומען. איך האָב געזעהן זיין מוטער. די האַנט איהר גע־קושט, און דאָס וואָס איך האָב ניט לאַנג צוריק זיך איזדיקעוועט ביי דיר, האַנעטשקאַ, איז דאָס אומישנע, איך האָב געוואָלט דעם לעצטען מאָל זעהן: צו וואָס דו קענסט קומען? נו, דו האָסט מיך אין אמת'ן פאַרוואונדערט. איך האָב פילעס ערוואַרטעט אָבער ניט דאָס! איז דען מעגליך, אַז דו האָסט מיך געוואָלט נעמען, וויסענדיג, אַז ער גיט מיר אַזעלכע פּערל, שיעור ניט אַ טאָג פאַר דיין חתונה, און איך נעהם? און וואו איז ראַגאָזשין? ער האָט דאָך אין דיין הויז, פאַר דיין מוטער און שוועסטער אין די אויגען מיך געהאַנדעלט, און דו ביזט נאָך אַלעם דעם געקומען זיך שדכן'ען. און אַפילו שיעור די שוועסטער ניט מיט־געבראַכט? איז דען אמת, וואָס ראַגאָזשין האָט וועגען דיר געזאָגט, אַז דו וועסט פאַר דריי רובעל אויף דעם וואַסיליעווסקען אינזעל צו־פויזען אויף די קניע?

— ער וועט צופויזען! האָט אונערוואַרטעט ראַגאָזשין אַרויסגע־רעדט שטיל, נור מיט דער גרעסטער איבערציייגונג.

— און דאָס אַליץ וואָלט נאָך געווען מעגליך, ווען דו שטאַרבסט כאָטש פון הונגער, אָבער דו קריגסט זאָגט מען אַ פיינעם געהאַלט! און דערצו נאָך אַלס צוגאָב די שאַנדע פון אַריינצופיהרען אַ פאַרהאַסטע פרוי אין הויז! (ווייל דו האָסט דאָך מיך פיינט, דאָס וויים איך.) ניין, איצט גלויב איך, אַז אַזאַ קען צוליעב געלט קוילע־נען! עס האָט דאָך איצט זיי אַלעמען אַזאַ דורשט אַנגעכאַפּט, די געלט נעהמט זיי אַזוי פאַנאַנדער, אַז זיי זיינען ווי משוגע. ער איז נאָך אַליין אַ קינד און קריכט שוין ווערען אַ פּראָצענטניק! אַן אַנדערש מאָל וויקעלט מען אַז אויף אַ ראַזיר־מעסער זייד, מען פעסטיגט דאָס צו,

און שטילערהייט פון הינטער ארום קוילעט מען א פריינד, אזוי ווי א שאָף, ווי איך האָב ניט לאנג געלייענט. נו, ביזטו דאָס אַן אונפארשעהמטער! איך בין אַן אונפארשעהמטע אבער דו ביזט ערגער. איך רעד שוין ניט פון דער צאַצקע...

— זייט איהר דאָס, זייט איהר דאס, נאַסטאַסיא פיליפאָוונא! האָט א פלייסקע געטאָן מיט די הענט דער גענעראל אויף אַן אמת'ן געשמערצט, — איהר אַזאַ עדעלע מיט אזעלכע פיינע געדאנקען — און אָט האָט איהר אייך! וואָס פאר א שפּראך! וואָס פאר א ווערטער!

— איך בין איצט שכור, גענעראל, האָט זיך פלוצלונג צולאכט נאַסטאַסיא פיליפאָוונא — איך וויל הוליען! היינט איז מיין טאָג, מיין יום־טוב'דיגער טאָג, מיין גרויסער טאָג! איך װארט שוין אויף איהם פון לאנג! זעהסט, דאריא אלעקסעיעוונא, אָט די צאַצקע, אָט דעם Monsieur aux Camelias אָט זיצט ער און לאַכט פון אונז...

— איך לאַך ניט, נאַסטאַסיא פיליפאָוונא, נור איך הער מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. האָט מיט ווירדע אָפּגעענטפערט טאָצקי.

—נו זאָגט, פאר וואָס האָב איך איהם געפּייניגט גאנצע פינף יאָהר און פון זיך ניט אָפּגעלאָזט? איז ער דאָס ווערטה געווען! ער איז איינפאך אזא, ווי ער מוז זיין... ער וועט נאָך מיך האלטען פאר שולדיג געגען זיך: ער האָט דאָך מיר אַן ערציהונג געגעבען, ווי א גראפיניע אויסגעהאלטען. געלט, וויפיעל געלט עס איז דאָס אוועקגעגאַנגען, כאַלט ער מיר כאָטש אויסזוכען אַן ארענטליכען פויער, און דאָ גאַר האַנעטשקאָ; און וואס וואלסטו געדענקט: איך האָב מיט איהם די גאַנצע פינף יאָהר ניט געליבט און געלט האָב איך פון איהם גענומען און געמיינט אז איך בין גערעכט! איך האָב זיך דאָך אין גאַנצען אראָפּגעשלאָגען פון וועג! אָט זאָגסטו: נעהם די הונדערט טויזענד און יאָג ארויס ווען דיר עקעלט. דאָס איז אמת, אז עס עקעלט... איך וואָלט שוין לאנג געקענט הייראטען, און ניט נור וואָס מיט האַנעטשקען, נור ס'איז שוין אויך זעהר עקעלהאפט, און צוליעב וואָס האָב איך מיינע פינף יאָהר אין דער דאָזיגער בעזקייט פארלאָרען! און וועסטו מיר גלויבען צו ניט, איך האָב מיט א יאָהר פיער צוריק, צייטענווייז געטראכט, אפשר זאָל איך טאקע גאָר חתונה האָ־

בען מיט מיין אפאנאסי איוואנאָוויטש? איך האָב דאָס דאָן פון בעז־קייט געטראכט; מאָע וואָס עס פלעגט מיר דאָן אריינפאלען אין קאָפּ, און איך וואָלט דאָך איהם זיכער געקענט צווינגען! ער האָט זיך אליין געבעטען, ווען דאָס גלויבען צו ניט? אמת, ער האָט געליינט, אבער ער איז דאָך א גרויסער בעל תאוה, ער קען ניט אויסהאלטען. נאָכדעם האָב איך, א דאנק גאָט, א טראכט געטאָן: איז ער דען ווערטה אזא שלעכטסקייט? און עס האָט מיר דאָן פּלוצלונג געכאַפּט אזאַ עקעל צו איהם, דאָס ווען ער וואָלט זיך אליין צוגע'שדכנ'ט וואָלט איך ניט געגאנגען. און גאַנצע פינף יאָהר האָב איך זיך אזוי געבלאָזען! ניין, שוין בעסער אויפ'ן גאָס וואו מיין פּלאַץ איז! אדער זיך פאנאנדערהוליען מיט ראגאזשינען, אדער מארגען אוועק אלס א וועשעריין! ווייל, איך האָב דאָך אויף זיך גאַר ניט אייגענעס; איך וועל אוועק — וועל איך איהם אלץ צו ווארפען די לעצטע שמאַטע איהם לאָזען, און אָהן גאַרנישט וועד וועט מיך נעהמען, פרעג, אַט שוין האָניען, וועט ער מיך נעהמען? מיך וועט אפילו פערדישטשענקא ניט נעהמען!

— פערדישטשענקא, קען געבען, וועט ניט נעהמען, נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, איך בין א מענש אָן אָפענער, האָט איבערגעשלאָגען פער־דישטשענקא — אבער דערפאַר וועט דער פירשט יע נעמען! אָט זיצט איהר און וויינט אבער גיט א קוק אויפ'ן פירשט! איך קוק אויף איהם שוין לאַנג!

נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט מיט נייגעריגקייט זיך אומגעדרעהט צום פירשט.

— ס'איז אמת? האָט זי געפרעגט.

— אמת, האָט ארויסגעשעפּטשעט דער פירשט.

— איהר וועט נעמען ווי איך בין, אהן גארנישט!

— איך וועל נעמען, נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא....

— אָט האָט איהר אייך א נייעם אנעקדאָט! האָט ארויסגעמור־מעלט דער גענעראַל — מען האָט עס געקענט ערוואַרטען!

דער פירשט האָט מיט א טרויעריגען, שטרענגען און דורכדרינ־גענדען בליק געקוקט אין געזיכט פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, וועלכע האָט אויך פאָרגעזעצט צו קוקען אויף איהם.

— אַט האָט זיך נאָך איינער געפונען! האָט זי פלוצלונג געזאָגט זיך ווידער ווענדענדיג צו דאריא אלעקסעיעוונא. — און ער טוט דאָך דאָס באמת פון גוט הארציגקייט. איך קען איהם. איך האָב געפונען א וואלטהעטער! אבער איבעריגענס, קען געבען מען זאָגט וועגען איהם, אז... מיט וואָס וועסטו לעבען ווען דו ביזט אזוי פארליבט אז דו נעהמסט א ראגאזשינסקע, פאר זיך, פאר א פירשט?

— איך נעהם אייך אלס אן ארענטליכע, נאסטאסיא פיליפאָוו־נא, און ניט קיין ראגאזשינסקע, — האָט געזאָגט דער פירשט.

— דאָס בין איך דאָס די ארענטליכע?

— איהר.

— נו, דאָס איז דארטען... פון די ראמאנען! דאָס איז פירשט טהייערער, אלטע פליידערייען, אבער איצט איז די וועלט קליגער גע־ווארען און דאָס איז אלץ נארישקייטען! און ווי קומסטו חתונה צו האָבען, דו אליין דארפסט נאָך א ניאנקע!

דער פירשט איז אויפגעשטאנען און מיט א ציטערדיגער שרע־קעדיגער שטימע, נור אין דער זעלבער צייט מיט אן אויסזעהן פון א טיף איבערצייגטען מענשען האָט ער ארויסגעזאָגט:

— איך וויים גאָר ניט, נאסטאסיא פיליפאָוונא, איך האָב גאָר־נישט ניט געזעהן, איהר האָט רעכט, אבער איך... איך וועל רעכענען אז איהר האָט מיר און ניט איך אייך אנגעטאָן דעם כבוד. איך בין גאָרנישט, אבער איהר האָט געליטען און פון אזא גהנם ארויס א ריינע. און דאָס מיינט אסך. פאר וואָס שעהמט איהר זיך, און איהר ווילט דאָך מיט ראגאזשינען פאהרען? דאָס איז א פיבער... איהר האָט דעם הערר טאָצקין פינף און זיבעציג טויזענד אוועקגעגעבען און איהר זאָגט, אז אלץ וואס דא געפינט זיך, אלץ וועט איהר לאָזען. אזא זאך וועט דאָ קיינער ניט טאָן. איך האָב אייך... נאסטאסיא פיליפאָוונא ליב. איך וועל שטארבען פאר אייך נאסטאסיא פיליפאָוונא. איך וועל קיינעם ניט ערלויבען אויף אייך א וואָרט אויסצורייידען, נאסטא־סיא פיליפאָוונא... ווען מיר וועלען זיין אָרים וועל איך דאָן ארבייטען נאסטאסיא פיליפאָוונא...

ביי די לעצטע ווערטער האָט זיך דערהערט דאס כיכיקען פון פערדישטשענקא, לעבעדעוו און אפילו דער גענעראל האָבען פאר זיך

אויך א קרעכץ געטאָן מיט גרויס אונצופרידענהייט. פּטיצין און טאָצקי האָבען אויך זיך ניט געקענט איינהאלטען פון שמייכלען, די איבעריגע האָבען, דו אליין דארפסט נאָך א גיאנקע!

— אבער מיר וועלען אפשר ניט זיין אָרים נור זעהר רייך, נאַס־טאַסיא פיליפּאָוונא, האָט דער פירשט פּארטגעזעצט מיט דער זעלבער שרעקעדיגער שטימע. — איך איבעריגענס, ווייס ניט אויף זיכער, און עס טוט מיר לייד, וואָס ביז איצט האָב איך נאָך א גאנצען טאָג גאָרנישט ניט געקענט זיך ערקונדיגען. אָבער איך האָב אין שווייץ ער־האלטען א בריף פון מאָסקוואַ, פון איינעם א געוויסען הערר סאלאזקין; און ער לאָזט מיר וויסען, אז איך קען קריגען זעהר א גרויסע ירושה. אָט איז דער בריף....

דער פירשט האָט טאַקע ארויסגענומען פון קעשענע א בריף.

— רעדט ער אָפּט ניט פון היץ? האָט ארויסגעמורמעלט דער גענעראל — ס'איז אַז אמת'ער משוגעים־הויז!

אויף איין אויגענבליק איז אַלץ שטיל געוואָרען.

—איהר האָט פירשט, דוכט זיך, געזאָגט אז איהר האָט דעם בריף פון סאלעזקין? האָט געפרעגט פּטיצין — דאָס איז זעהר א באוואוסטער מענש אין זיין קרייז, דאָס איז זעהר א באוואוסטער מאַכער און ווען ער לאָזט אייך זיכער וויסען, קענט איהר שוין גאָר גלויבען. צום גליק, ווייס איך זיין האנטשריפט, ווייל איך האָב ניט לאַנג געהאט א געשעפט... ווען איהר וואָלט מיר געגעבען א בליק טאָן, קען געבען, אז איך וואָלט אייך געקענט עפּעס זאָגען... דער פירשט האָט מיט א ציטערדיגער האַנט צו איהם אויסגעצויגען דעם בריף.

— וואס איז? וואס איז? האָט זיך געכאַפּט דער גענעראל קוּ־קענדיג אויף אַלעמען ווי א האַלב פּארריקטער — איז דאָס טאַקע דען א ירושה?

אַלע האָבען געווענדט זייערע בליקען אויף פּטיצינען, וועלכער האָט געלעזען דעם בריף. די אַלגעמיינע נייגעריקייט האָט געקראַגען א נייעם שטויס. פּערדישטשענקאָ'ן איז זיך ניט געזעסען; ראגאזשין האָט געקוקט פארוואונדערט און אין שרעקליכער אומרוהיקייט איבער־געפיהרט די בליקען דאַ אויפ'ן פירשט, דאַ אויף פּטיצינען. דאריאַ אַלעקסעיעוונא איז פון ערוואַרטונג געווען ווי אויף שפּילקעס, אפילו לעבעדעוו האָט ניט אויסגעהאַלטען, איז אַרויס פון זיין ווינקעל, און

זעהר שטאַרק איינקאַרטשענדיג זיך אנגעהויבען אריינצוקוקען אין בריף איבער פּטיצין׳ס פּלייצע. מיט דעם אויסזעהן פון א מענשען, וועלכער האָט מורא אז מען וועט איהם באַלד באַשטראָפען פאר אזא פאר־ברעכען.

---

## זעכצעהנטער קאַפּיטעל

— ס׳איז א זיכערע זאַך, האָט ערקלעהרט פּטיצין צוזאַמענלע־גענדיג דעם בריף און איבערגעבענדיג איהם דעם פירשט. — איהר קריגט אָהן קיינע באַמיהונגען, אויף אַן אומבאַשטימטבאַרער גייסטיגער צואה פון אייער טאַנטע, זעהר א גרויסען קאַפּיטאַל.

— עס איז ניט מעגליך! האָט אויסגעשריען דער גענעראַל ווי ער וואָלט אויסגעשאָסען.

אַלע האָבען ווידער צועפענט די מיילער.

פּטיצין האָט ערקלעהרט וועגדענדיג זיך איבערהויפּט צו איוואַן פיאָדאָראָוויטש, אז ביים פירשט איז מיט פינף מאָנאַטען צוריק גע־שטאָרבען א טאַנטע, וועלכע ער האָט קיינמאָל פּערזענליך ניט גע־קאָנט. א ליבליבע עלטערע שוועסטער פון דעם פירשט׳ס מאַמע. א טאָכטער פון מאסקווער סוחר פון דער דריטער גילדיע. פּאַפּושין, וועלכער איז געשטאָרבען פון אָרימקייט און באַנקראָטסטוואָ, אבער דער עלטערער ליבליבער ברודער פון דעם דאָזיגען פּאַפּושין, וועלכער איז אויך ניט לאַנג געשטאָרבען, איז געווען א באַוואוסטער רייכער סוחר. מיט א יאָהר צוריק זיינען ביי איהם כמעט אין איין און דעם זעלבען חודש געשטאָרבען צוויי פון זיינע קינדער, דאָס האָט איהם אזוי געטראָפען, אז דער אַלטער איז ניט לאַנג דערנאָך אַליין קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען. ער איז געווען אן אַלמן, האָט גאָר ניט געהאַט קיין יורשים. אויסער דעם פירשט׳ס טאַנטע, די ליבליבע פּלימעניצע פון פּאַפּושין, זעהר אן אָרימע פרוי, וועלכע האָט געלעבט

אין א פּרעמדער הויז. אין דער צייט ווען מען האָט געדאַרפט קריגען די ירושה, איז שוין די דאָזיגע טאַנטע שיעור ניט אויסגעגאַנגען פון דער וואַסער־קראַנקהייט, נור זי האָט גלייך אָנגעהויבען אויסזוכען דעם פירשט, איבערגעבענדיג דאָס צו סאַלאָזקין, און זי האָט אוספּעיעט צו איבערלאָזען א צוואה. ווי עס ווייזט אויס האָט ניט דער פירשט און ניט דער דאָקטאָר, ביי וועמען ער האָט געוואוינט אין שווייץ ניט געוואָלט וואַרטען אויף די אָפיציעלע ידיעות, אָדער מאַכען אויספאָר־שונגען, און דער פירשט האָט מיט סאַלאָזקין'ס בריף אין קעשענע באַשלאָסען אליין צו פאָהרען.

— איינס נור קען איך אייך זאָגען, האָט פאַרענדיגט פּטיצין ווענדענדיג זיך צום פירשט — אַז דאָס אַלץ מוז זיין אונבאַשטרייט־באַר און אמת. און אַלץ וואָס סאַלאָזקין שרייבט אייך וועגען די אונ־באַשטרייטבאַרקייט און געזעצליכקייט פון אייער עניין, קען מען אָננע־מען ווי אמת'ע געלט אין קעשענע. איך גראַטולירי אייך פירשט! עס קען געבען אַז איהר וועט קריגען א מיליאָן און א האַלב און אפשר נאָך מעהר. פּאַפּושין איז געווען זעהר א רייכער סוחר.

— אָט האָט איהר אייך דעם לעצטען אין דער משפּחה פון פירשט מישקין! האָט זיך צעיאָמערט פערדישטשענקאָ.

— הורראַ! האָט מיט א שיכור'ער שטימע אַרויסגעכריפּעט לע־בעדעוו.

— און איך האָב איהם דאָס פריהער פינף און צוואַנציג רובעל געליהען דעם אָרימיטשקען, כאַ, כאַ! אַפאַנטאַס מאַגאָריע און גאָר! האָט דער גענעראַל כמעט א צוטומעלטער פון פאַרוואונדערונג, אַרויס־געזאָגט — נו איך גראַטולירי! און אויפשטעהענדיג פון אָרט איז ער צוגעקומען צום פירשט איהם אַרומצונעמען. נאָך איהם האָבען אָנגעהויבען זיך אויפשטעלען אויך אַנדערע און אויך גענומען קריכען צום פירשט. אפילו די וואָס האָבען אָפּגעטראָטען הינטער די פּאָרטיערען האָבען אויך אָנגעהויבען אַריינצוקומען אין גאַסט־צימער. עס איז אַוועק אן אומרוהיגער געשפּרעך, אויסגעשרייען, עס האָט זיך אפילו דערהערט א פאָדערונג פאַר שאַמפּאַניער; אַלץ האָט זיך אָנגעהויבען שטופּען, און קאָכען זיך. אויף איין אויגענבליק האָט מען שיעור ניט פאַרגעסען אן נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ, און אַז נאָך אַלעמען, איז זי די בעל־הבית'טע פונ'ם אָבענט. נור ביסלעכווייז ביס־

לעכוויין, איז כמעט אַלעמען מיט אַמאָל געקומען דער געדאַנק, אַז דער פירשט, אַז דער פירשט האָט דאָך אָט נור־וואָס איהר געמאַכט א פאָרשלאַג. די זאַך האָט זיך אויסגעוויזען נאָך מעהר משוגע און אונ־געוועהנליך ווי פריהער. דער טיף פארוואונדערטער טאָצקי, האָט געדריקט מיט די אַקסלען, ער כמעט נור אַליין איז געזעסען, דער איבעריגער עולם האָט זיך אין אונאָרדנונג געשטויסען אַרום טיש, אַלע האָבען דערנאָכדעם באַהויפּטעט, אַז פון דעם אויגענבליק אָן, טאַקע איז נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא אַראָפּ פון'ם זינען. זי האָט פאַרגעזעצט צו זיצען און א געוויסע צייט האָט זי באַטראַכט אַלעמען, מיט אַזא מאָדנעם פאַרוואונדערטען בליק, אַזוי ווי ניט פאַרשטעהענדיג און ווע־לענדיג פאַרשטעהן. דערנאָך האָט זי פּלוצלונג זיך געווענדט צום פירשט, און גרויזאַם אנכמורענדיג די ברעמען האָט זי איהם צודרינג־ליך באַטראַכט; נור דאָס איז געווען אויף א ווײַלע, אפשר האָט זיך איהר פּלוצלונג אויסגעדוכט, אַז דאָס אַלץ איז בלויז א וויץ, און אפּלאַ־כונג; נור דעם פירשט'ס אויסזעהן האָט איהר גלייך איבערצייגט דאָס פאַרקעהרטע. זי האָט זיך פאַרטראַכט, דערנאָך ווידער א שמייכעל געטאָן ווי ניט פיהלענדיג קלאָהר צו וואָס...

— הייסט עס, אַז איך בין טאַקע אין אמת'ן א פירשטין! האָט זי אַרויסגעשעפּטשעט פאַר זיך, אַזוי ווי אָפּלאַכענד און וואַרפענדיג ניט ווילענדיג א בליק אויף דאַריען אַלעקסעיעוונער האָט זי זיך צו־לאַכט — דער שלום איז אַן אונערוואַרטעטער... איך... האָב ניט אַזוי ערוואַרטעט... און וואָס־זשע שטעהט איהר מיינע העררן, טוט א געפעליגקייט און זעצט זיך, גראַטולירט מיך מיט'ן פירשט! עמיצער האָט דוכט זיך, געבעטען שאַמפּאַניער; פערדישטשענקאָ געהט אַרי־בער און הייסט ברענגען! קאַטיא, פּאַשא, האָט זי מיט אַמאָל דער־זעהן אין טיר איהרע מיידלאַך, — קומט אַהער, איך גיה דאָך חתונה האָבען, איהר האָט געהערט? מיט'ן פירשט! ער איז פירשט מישקין און ער נעהמט מיך!

— און זאָל זיין מיט גליק, מאַמעלע, שוין צייט! און ס'איז ניטאָ וואָס דורכצולאָזען! האָט אויסגערופען דאַריא אַלעקסעיעוונא, טיף געריהרט פון דאָס פאַרגעקומענע.

— טאַ זעץ זיך־זשע לעבען מיר, פירשט, האָט פאָרטגעזעצט נאַס־

טאַסיאַ פיליפּאָוונאַ — אַט אַזוי, און אַט טראַגט מען שוין ווייַן, גראַ־טולירט זשע אונז מייַנע הערען!

— הוררא! האָבען אויסגעשריען אסך שטימען. פיעלע האָבען זיך געשטופּט צום ווייַן, אין יענעם צאָהל זייַנען געוועזן כמעט אַלע ראָגאָזשינ׳ס מענשען, נור כאָטש זיי האָבען געשריען און זייַנען געווען גרייט צו שרייען, נור פיעלע פון זיי, ניט קוקענדיג אויף דער גאַנצער מאָדנעקייט פון די אומשטענדען און אומגעבונג, האָבען דערפיהלט אַז די דעקאָראַציע בייט זיך. אַנדערע זייַנען געווען צומישט און געוואַרט אָהן צוטרויען. און פילע האָבען געשעפּטשעט איינער דעם צווייטען, אַז דאָס איז דאָך אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך, און מאַלע וואָס מיט וועמען פירשטען האָבען חתונה, זיי נעמען אפילו ציגיינער־מיידלאַך פון די טאָבאָרען, ראָגאָזשין אַליין איז געשטאַנען און געקוקט, אויס־קרימענדיג דאָס געזיכט אין אונבאַוועגליכען און צווייפעל־פולען שמייכעל.

— פירשט, טייערער, באַדענקט זיך! האָט מיט שרעק אַ שעפּטשע געטאָן דער גענעראַל אונטערקומענדיג פון דער זייט און ציהענדיג דעם פירשט פאַר׳ן אַרבעל.

נאַסטאַסי פיליפּאָוונאַ האָט דאָס באַמערקט און זיך צעלאַכט.

— ניין, גענעראַל! איך בין דאָך איצט די פירשטין אַליין, איהר האָט געהערט, — דער פירשט וועט מיך ניט לאָזען באַלעדיגען! אַפאַ־נאַסי איוואַנאָוויטש, באַגריסט כאָטש איהר מיך; איך וועל איצט מיט אייער פרוי אומעדום זיך זעצען אין איין שורה; ווי דענקט איהר, לוינט זיך האָבען אַזאַ מאַן? אַנדערהאַלבען מיליאָן, און דערצו אַ פירשט, און מען זאָגט נאָך, אַז אַן אידיאָט דערצו, וואָס קען זיין בעסער? ערשט איצט הויבט זיך אָן דאָס אמת׳ע לעבען! האָסט פאַרשפּעטיגט ראָגאָזשין! נעהם צו דיין פּעקעל, איך האָב חתונה מיט׳ן פירשט און איך בין אַליין רייכער פון דיר!

נור ראָגאָזשין האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך. אַ ליידען וועלכען מען קען ניט אויסדריקען אין ווערטער, האָט זיך אָפּגעדריקט אויף זיין געזיכט, ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, און אַ קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסען פון זיין ברוסט.

— טרעט אָפּ! האָט ער אויסגעשריען צום פירשט.

פון אַלע זייטען האָט זיך דערהערט אַ געלעכטער.

— דאָס זאָל ער פאַר דיר דאָס, אַפּטרעטען? האָט זיעגריש אונ־טערגעכאַפּט דאַריאַ אַלעקסעיעוונאַ: קוק נור אַן דעם פייער, האָט אַרויסגעלעגט די געלט אויפ'ן טיש! דער פירשט וויל דאָך הייראַטען, און דו ביזט געקומען זיך מוֹאס אויפצופיהרען!

— און איך האָב אויך חתונה! גלייך האָב איך חתונה, די מינוט שוין! איך וועל אַלץ אוועקגעבען...

— קוק נור אָן דעם שיכור פון שענק, אַרויסטרייבען דיך דאַרף מען! האָט צאָרנדיג ווידערהאָלט דאַריאַ אַלעקסעיעוונאַ.

עס איז געוואָרען נאָך אַ גרעסערער געלעכטער.

— הערסט, פירשט, האָט זיך צו איהם געווענדעט נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ — אַט ווי אַזוי אַ פויער דינגט עס דיין כלה!

—ער איז שיכור, האָט געזאָגט דער פירשט. — ער האָט אייך זעהר ליעב.

— און וועסטו זיך דערנאָך ניט שעהמען, וואָס דיין כלה איז שיעור ניט אוועקגעפאָהרען מיט ראָגאָזשינען?

— דאָס זייט איהר געווען אין פיבער; איהר זייט איצט אויך אין פיבער, ווי אין היץ.

— און וועסטו זיך ניט שעהמען, ווען מען וועט דערנאָך זאָגען, אַז דיין ווייב איז געווען ביי טאָצקין אַ מעטרעסע?

— ניין, איך וועל זיך ניט שעהמען... איהר זייט ניט מיט אייער ווילען געווען ביי טאָצקען.

— און דו וועסט קיינמאָל ניט אויסוואַרפען?

— כ'וועל ניט אויסוואַרפען.

— זעה, גיב אכטונג, אויפ'ן גאַנצען לעבען נעהם זיך ניט אונ־טער!

— נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ, האָט געזאָגט דער פירשט, שטיל און אַזוי ווי מיט מיטלייד — איך האָב אייך פריהער געזאָגט, אַז איך וועל אייער צושטימונג אננעמען אַלס עהרע, און דאָס א י ה ר פאַרשאַפט מיר אַן עהרע און ניט א י ך אייך! איהר האָט אויף די ווערטער אַ שמייכעל געטאָן. מעגליך אַז איך האָב זיך קאָמיש אויסגעדריקט, און איך האָב אַליין אויסגעקוקט קאָמיש, נור מיר האָט זיך אַלץ אויסגע־דוכט, אַז איך... פאַרשטעה וואָס עס מיינט עהרע, און איך בין איבער־צייגט, אַז איך האָב געזאָגט דעם אמת. איהר האָט ערשט געוואָלט

זיך הרג'ענען, אויף אייביג, ווייל איהר וואָלט זיך קיינמאָל ניט געקענט דאס מוחל זיין; און איהר זייט אין גאָרנישט ניט שולדיג. עס קען ניט געבען, אז אייער לעבען זאָל אין גאַנצען פארלאָרען געהן. וואס־זשע איז אין דעם אז צו אייך איז געקומען ראגאזשין, און אז גאווּרילא ארדאליאָנאָוויטש האָט אייך געוואָלט אפּנאַרען? צו וואָס דערמאָהנט איהר שטענדיג אָהן דעם? דאָס, וואָס איהר האָט געטאָן. אויף דארויף זיינען ניט פיעלע פעהיג. דאס ווידערהאָל איך אייך. און דאָס וואָס איהר האָט געוואָלט פאָהרען מיט ראגאזשינען, האָט איהר דאָס אין א קרענקליכען אָנפאל באַשלאָסען. איהר זייט איצט אויך אין א קרענקליכען אָנפאָל, און עס וואָלט פאר אייך גלייכער געווען ווען איהר געהט זיך לעגען אין בעט. איהר וואָלט דאָך אויף מאָרגען אוועק פאר א וועשערין און ניט געבליבען מיט ראגאזשינען. איהר זייט א שטאָלצע, נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. נור ס'קען געבען אז איהר זייט שוין אויף אזוי פיעל אומגליקליך, דאָס איהר רעכענט זיך אין אמת'ן פאר א שולדיגע. מען מוז אויף אייך אסך אכטונג געבען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, איך וועל אויף אייך אכטונג געבען. איך האָב פריהער אביסעל, אייער פּאָרטרעט דערזעהן און פונקט אזוי ווי איך וואָלט א באַקאַנט פּנים דערקענט. מיר האָט זיך גלייך אויסגעוויזען, אז איהר האָט מיך ווי גערופען... איך... איך וועל אייך דאָס גאַנצע לעבען אכטען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, האָט פארענדיגט דער פירשט, אזוי ווי ער וואָלט פּלוצלונג זיך דערמאַנט, רויט ווערענדיג און כאַפּענדיג זיך פאר וועלכע מענשען ער רעדט דאס.

פּטיצין האָט אפילו פון אומשולדיקייט אנגעבויגען דעם קאָפּ און געקוקט צו דער ערד. טאָצקי האָט פאר זיך א טראכט געטאָן: „אן אידיאָט" און דאָך ווייס ער אז מיט חניפה קען מען נעמען מעהר ווי מיט אלץ. די נאַטור איז אזוי! דער פירשט האָט אויך באַמערקט פון ווינקעל דעם בליצענדיגען בליק פון האניען מיט וועלכען ער האָט ווי געוואָלט פון איהם מאַכען אַש.

— אָט דאָס הייסט א גוטער מענש! האָט אויסגערופען די געריהרט געווארענע דאריא אלעקסעיעוונא.

— א געבילדעטער מענש, נור א פארלאָרענער, האָט ניט הויך ארויסגעשעפּטשעט דער גענעראל.

טאָצקי האָט גענומען דעם הוט און זיך צוגעגרייט אויפהויבען

זיך, כדי שטילערהייט אַוועקצוגעהן. ער און דער גענעראַל האָבן זיך איבערגעקוקט, און ארויס צו געהן צוזאַמען.

— א דאנק אייך פירשט, מיט מיר האָט קיינער אזוי ניט גערעדט ביז איצט, האָט ארויסגעזאָגט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — מיך האָבן אַלע געהאַנדעלט, און אויף צו חתונה האָבן האָט קיינער פון אַנ־שטענדיגע מענשען זיך ניט גע׳שרכן׳ט. אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש, האָט איהר געהערט? ווי ווייזט עס אייך אויס דאָס אַלץ וואָס דער פירשט האָט גערעדט? ס׳איז דאָך כמעט ווי ניט אנשטענדיג... ראַגאָז־שין! דו געה נאָך ניט אַוועק, און דו וועסט אויך ניט אַוועקגעהן, זעה איך. ס׳קען געבען, אז איך וועל נאָך מיט דיר אַוועקגעהן. וואוהין האָסטו דאָס מיך געוואָלט פיהרען?

אין יעקאַטערינאָהאָף. — האָט לעבעדעוו אָפּגעגעבען א רעפּאָרט פון׳ם ווינקעל ארויס. און ראַגאָזשין האָט בלויז א ציטער געטאָן און געקוקט מיטביידע אויגען, ווי זיך אַליין ניט גלויבענדיג. ער איז אינ־גאַנצען שטומפּזיניג געוואָרען, אזוי ווי פון א שרעקליכען קלאַפּ אי־בער׳ן קאָפּ.

— וואָס איז מיט דיר, מאַמעלע! עס קומען טאַקע אין אמת׳ען אָן די אַנפאַלען, ביסטו דען פון זינען אַראָפּ. וואָס? — האָט זיך ארויסגעוואָרפען די דערשראָקענע דאַריא אַלעקסעיעוונא.

— און דו האָסט טאַקע אין אמת׳ן געמיינט? — איז לאַכענדיג אויפגעשפּרונגען פון סאָפע נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — אַט אזא עופ׳על׳ע אַוועק׳הרג׳ענען? דאָס וואָלט געפּאַסט פאַר אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש: דאָס האָט ער ליעב עופ׳עלאַך! קום, לאָמיר פאָהרען, ראַגאָזשין! גרייט צו דיין פּעקעל געלט! ס׳איז גאָרנישט וואָס דו ווילכט חתונה האָבען, אָבער די געלט פונדעסטוועגען גיב אהער! עס קאָן געבען, אז איך זאָל נאָך מיט דיר ניט חתונה האָבען אויך. דו האָסט געדענקט, אז אזוי ווי דו ווילסט אַליין חתונה האָבען וועלען די געלט בלייבען ביי דיר? דו לייגסט! איך בין די אומפּאַרשעהמטע! איך בין טאָצקי׳ס מעטרעסע געווען!... פּירשט! איצט דאַרפסטו אַגלאַיא עפּאַנטשין און ניט נאַס־טאַסיא פיליפּאָוונא, ווייל אויב ניט, וועט פערדיטשענקאָ טייטלען מיט די פינגער! דו האָסט קיין מורא ניט, אָבער איך וועל מורא האָבען, אז איך האָב דיך דער׳הרג׳עט, און אז דו וועסט מיר נאָכדעם אויסוואַרפען! און דאָס וואָס דו ערקלעהרסט, אז איך וועל דיר אַנטאָן כבוד, איז ווע־

גען דעם ווייס טאָצקי. און דו, האַנאטשקאַ, האָט אגלאיא עפּאַנטשין דורכגעלאָזט: ווייסט פון דעם? ווען דו דינגסט זיך ניט מיט איהר, וואָלט זי זיכער מיט דיר חתונה געהאט! אָט אַזוי זייט איהר אַלע: אָדער איהר קענט זיך מיט אומעהרליכע, אָדער מיט עהרליכע פרויען — איין אויסוואהל! ווען ניט פארדרעהט איהר זיך... זעהט נאָר, ווי דער גענעראל קוקט עס, האָט פאַנאַנדערגעעפענט דאָס מויל...

— דאָס איז אַ סדום, אַ סדום! — האָט ווידערהאָלט דער גענע־ראל, טרייסלענדיג מיט די אַקסלען. ער איז אויך אויפגעשטאַנען פון דער סאָפע. אַלע זיינען ווידער געווען אויף די פיס. נאַסטאַסיא פי־ליפּאָוונא איז געווען ווי אין אַן אַנפאַל.

— איז דאָס מעגליך? — האָט אויסגעקרעכצט דער פירשט, ברע־כענדיג די הענט.

— און דו האָסט געמיינט, אַז ניט? עס קאָן געבען. אַז איך בין טאָקע זעהר אַ שטאָלצע, קוקט ניט וואָס איך בין אַן אומפאַרשעהמטע! דו האָסט מיך פריהער אַנגערופען, פאָלקאָמענהייט: — אַ פיינע פאָל־קאָמענהייט, ווען בלויז צוליעב באַריהמעריי, האָט זי אַ מיליאָן און אַ פירשטענטהום צוטראָטען, און וואַרפט זיך אין גיהנום אריין! איז וואָס נאָך דעם אַלעמען בין איך דיר פאַר אַ ווייב! אַפאַנאַסי איוואַנאָ־וויטש, דעם מיליאָן האָב איך דאָך טאָקע פון פענסטער ארויסגעוואָר־פען! ווי האָט איהר עס געדענקט, אַז איך וועל חתונה האָבען פאַר האַנעטשקען און אייערע פניף און זיבעציג טויזענד אַלס אַ גליק רע־כענען? די פינף און זיבעציג טויזענד נעהם זיך, אַפאַנאַסי איוואַנאָ־וויטש (ער איז אפילו ביז הונדערט טויזענט ניט דערגאַנגען. ראַגאָזשין האָט איהם איבערגע־יאָגט!) און האַנעטשקען וועל איך אַליין טרייס־טען. מיר איז איינגעפאַלען אַ געדאַנק. און איצט וויל איך הוליען. איך בין דאָך עפּעס אַ גאַסען־פרוי! איך בין צעהן יאָהר אין תפיסה אָפּ־געזעסען. איצט איז מיין גליק! וואָס איז מיט דיר, ראַגאָזשין, קום, לאָמיר פאָהרען!

— לאָמיר פאָהרען! — האָט זיך צורעוועט ראַגאָזשין, אויסער זיך פון שמחה: — עי, איהר... אַלע, וויין! וויין! — אוך!

— גרייט צו וויין, איך וועל טרינקען, און מוזיק וועט זיין?

— ס׳וועט זיין, ס׳וועט זיין! קום ניט צו! — האָט זיך צעקלאַגט ראַגאָזשין אויסער זיך, דערזעהענדיג אַז דאַריא אַלעקסעיעוונא קומט

אונטער צו נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — זי איז מיינע! אַלץ איז מיינס! קעניגין! ענדליך!

פון פרייד האָט ער זיך אַזש געשטיקט, ער איז ארומגעגאַנגען ארום נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא און געשריען אויף אַלעמען: „קום ניט צו!“ די גאַנצע קאָמפּאַניע האָט זיך שוין אַנגעפּאַקט אין גאַסט־צימער. אייניגע האָבען געטרונקען, אַנדערע האָבען געשריען און געלאַכט. אַלע זיינען געווען אין דער סאַמער עררעגבארער און אַנגעצויגענער שטימונג. פערדישטשענקא האָט געפּרובירט זיך צו צו חבר'ן צו זיי. דער גענעראַל און טאָצקי האָבען ווידער געמאַכט א באַוועגונג גיכער צו פאַרשווינדען. האַניא איז אויך געווען מיט דער הוט אין האַנט, אָבער ער איז געשטאַנען שווייגענד און האָט זיך נאָך אַלץ ניט געקענט אָפּרייסען פון דעם פאַר זיינע אויגען זיך ענטוויקלענדען בילד.

— קום ניט צו! — האָט געשריען ראַגאָזשין.

— וואָס מאַכסטו אַזעלכע גוואַלדען? — האָט געלאַכט פון איהם נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — איך בין נאָך דערווייל די בעל־הבית'טע ביי זיך; ווען איך וועל ווען, וועל איך דיך נאָך מיט א שטופּ ארויסיאַגען. איך האָב פון דיר די געלט ניט גענומען נאָך, אָט ליגען זיי נאָך! גיב זיי אַהער, דעם גאַנצען פּעקעל! דאָס איז אין אָט דעם פּעקעל הונדערט טויזענט! פע, וואָס א פּאַסקודסטוואָ! וואָס איז מיט דיר, דאַריא אַלעקסעיעוונא? האָב איך דען איהם געדאַרפט אוועקהרג'ענען? (זי האָט אַנגעוויזען אויפ'ן פירשט). ווי קומט ער צו הייראַטען, ער דאַרף נאָך אַליין האָבען א ניאַנקע; אָט דער גענעראַל וועט ווערען זיין ניאַנקע, — קוק, ווי ער דרעהט זיך עם ארום איהם! קוק נאָר אַז, פירשט, דייז כלה האָט גענומען געלט, ווייל זי איז א צולאַזענע, און דו האָסט זי געוואָלט נעהמען! אָבער וואָס ווייינסטו, וואָס? דיר איז ביטער, הא? דו בעסער לאַך, אַזוי ווי איך טו. (האָט פאַרטגעזעצט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, אַליין ביי וועלכער עס האָבען זיך באַוויזען צוויי היבשע טרערען אויף די באַקען). גלויב אין דער צייט — אַלץ וועט אַוועק! בעסער באַדענקען זיך איצט, ווי שפּעטער... אָבער וואָס וויינט איהר דאָ אַלע? — אָט וויינט קאַטיא אויך! וואָס איז מיט דיר קאַטיא ליבינקע? איך וועל דיר, מיט פאַשען אסך איבערלאָזען, איך האָב שוין וועגען דעם איינגעאָרדענט, און איצט בלייבט געזונט! איך האָב דיך, אַן ערליך מיידעל, פאַר מיר דער צולאַזענער געצוואונ־

גען צו באדינען... אזוי איז בעסער, פירשט, אויף מיין ווארט, בעסער. נאכדעם וואלט איהר דאך מיך אנגעהויבען פאראכטען, און מיר וואל־טען דאך קיין גליק ניט געהאט! שווער זיך ניט, איך גלויב ניט! און ווי נאריש דאס וואלט געווען!... ניין, בעסער לאמיר זיך צוזעגענען ווי גוטע פריינד, און דאס בין איך דאך אליין אויך א שטיקעל טרוי־מערין און עס וואלט קיין טאלק ניט ארויס. האב איך אליין דען פון דיר ניט געטרוימט? דאס האסטו רעכט, אז איך האב געטרוימט, שוין לאנג צוריק געטרוימט, נאך אין הארץ, ביי איהם פינף יאהר האב איך אפגעלעבט איינינקע אליין, איך פלעג דאן זיצען און טראכטען און טראכטען, טרוימען און טרוימען — און איך האב דאן אלץ ווענען אזא ווי דו געטרוימט, א גוטען, אן עהרליכען, א פיינעם, און אזא נארישענקען, איך האב געטרוימט, אז ער וועט פלוצלונג קומען און וועט זאגען: „נאסטאסיא פיליפאוונא, איהר זייט ניט שולדיג, און איך האב אייך ליעב!“ איך פלעג זיך אזוי פארטרוימען, אז מען האט אזש געקאנט פון זינען ארונטער... און דא פלעגט קומען צופאהרען אט־א־דער: פלעגט קומען און אפשטעהן צוויי מאנאטען אין יאהר, פלעגט מאכען צו שאנד, באליידיגען, פלעגט אנצינדען, פארפיהרען, און אוועקפאהרען — טויזענטער מאל פלעג איך זיך וועלען ווארפען אין טייך אריין, אבער איך בין געווען נידעריג געפאלען. מוטה האט געפעהלט, און איצט... ראגאזשין ביסט פארטיג?

— פארטיג, זאל קיינער ניט וואגען צוצוקומען!

— פארטיג! — האבען זיך געלאזט הערען אסך שטימען.

— די „טראיקע“ ווארט, מיט די גלעקלאך!

נאסטאסיא פיליפאוונא האט א כאפ געטאן אין האנט דעם פעק־קעל געלט.

— האנקא, מיר איז איינגעפאלען א געדאנק: איך וויל דיר באַ־לוינען, ווייל פאר וואס זאלסטו אלץ פארלירען? ראגאזשין, וועט ער צופויזען צום וואסיליעווסקען אינזעל פאר דריי רובעל?

— ער וועט צופויזען

— נו, טא הער זשע, האניא, איך וויל אויף דיין נשמה, צום לעצטען מאל א קוק טון; דו אליין האסט מיך דריי מאנאטען געפייי־ניגט; איצט איז מיין רייהע. זעהסט אט דעם פעקעל, אין איהם איז הונדערט טויזענט! אט וועל איך איהם גלייך אריינווארפען אין קאַ־

מיר, אין פייער, אַט פאַר אַלעמען אין די אויגען, אַלע זאָלען עדות זיין! ווי נאָר דער פייער וועט איהם אינגאַנצען אַרומכאַפּען, — קריך אַריין אין קאַמין, אָבער נאָר אָהן האַנטשוה, מיט נאַקעטע הענט, און די אַר־בעל פאַרקאַטשע און שלעפּ אַרויס דעם פּעקעל פון פייער! וועסט אַרויסשלעפּען — איז ער דיינער! די גאַנצע הונדערט טויזענט דיינע! וועסט נאָר אַ קאַפּיטשקע די פינגער צוברענען. אָבער דערפאַר הערסטו, זיינען דאָך דאָס הונדערט טויזענט! נעהמט דען אַסך עס אַרויסצור־כאַפּען? איך וועל פון דיין נשמה אָנקוועלען, ווי דו וועסט נאָך מיינע געלט אין פייער קריכען. אַלע זיינען עדות, אַז דער פּעקעל וועט זיין דיינער! און ווען דו וועסט ניט קריכען, וועט ער פאַרברענט ווערען; איך וועל קיינעם ניט לאָזען. אַוועק! אַלע אַוועק! ס'איז מיין געלט! איך האָב זיי פאַר איין נאַכט ביי ראַגאָזשינען גענומען! איז דאָס מיין געלט, ראַגאָזשין?

— דיינע, מיין פריינד, דיינע, מיין קעניגין!

— נו, דאַן זאָלען אַלע אָפּטרעטען! וואָס איך וויל, דאָס טו איך! שטערט נישט! פערדיטשטשענקאָ, פאַררוכט דעם פייער!

— נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגאַ, די הענט הויבען זיך ניט! — האָט געענטפערט דער צוטומעלטער פערדיטשטשענקאָ.

— ע־עך! — האָט אַ געשריי געטאָן נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגאַ, גענומען די קאַמין־צווענגלאָך. האָט פאַנאַנדערגעשאַרט צוויי, קוים ברע־נענדע שייטלאָך האָלץ, און ווי נאָר עס האָט אויפגעפלאַמט דער פייער, האָט זי אין איהם אַריינגעוואָרפען דעם פּעקעל געלט.

עס האָט זיך דערהערט אַ געשריי פון אַלע זייטען. איינינע האָ־בען זיך אַפילו איבערגע'צלמ'ט.

— זי איז פון זינען אַרונטער! פון זינען אַרונטער! — האָט מען געשריען פון אַלע זייטען.

— זאָלען מיר... זאָלען מיר... זי אפשר בינדען? — האָט אַ שעפּטשע געטאָן דער גענעראַל פּטיצינען, — אָדער אפשר שיקען נאָך... זי איז דאָך פון זינען אַרונטער, אַרונטער! אַרונטער!

— נ־ניין, דאָס איז ניט מעגליך, — האָט אַ שעפּטשע געטאָן דער בלייכער ווי אַ טיכעל און ציטערדיגער פּטיצין, ניט קאָנענדיג אָפּרייסען די אויגען פון דער פאַנאַנדערגעברענטער אויוועג.

— א משוגע'נע? זי איז דאָך זיכער משוגע! — איז צוגע־שטאַנען דער גענעראַל צו טאָצקי'ן.

— איך האָב געזאָגט, אַז דאָס איז א ק א ל א ר י ט נ ע פרוי.

— האָט א מורמעל געטאָן דער טהיילוויין אויך בלאָס געוואָרענער אפאנאסי איוואנאוויטש.

— אָבער פונדעסטוועגען איז דאָך דאָס עפּעס הונדערט טויזענט!...

— אוי, גאָט! אוי, גאָט! — האָט זיך געהערט פון אַלע זייטען. אַלע האָבען זיך געשטופּט ארום קאמין, אַלע זיינען געקראָכען קוקען, אַלע האָבען אויסגעשריען... אייניגע זיינען אפילו ארויפגעשפּרונגען אויף שטוהלען, אום צו קוקען איבער די קעפּ. דאריא אַלעקסעיעוונא איז ארויסגעלאָפען אין א צווייטען צימער און אין שרעק זיך געשעפּ־טשעט וועגען עפּעס מיט קאַטיען, און מיט פּאשען. די שעהנהייט — די דייטשקע איז אנטלאָפען.

— מאַמעלע! קעניגין! אַלמעכטיגע! — האָט געיאָמערט לע־בעדעוו, קריכענדיג אויף די קניע פאר נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא און אויסשפּרייטענדיג די הענט צום קאמין: — הונדערט טויזענט! הונ־דערט טויזענט! איך האָב אליין געזעהן, פאר מיר האָט מען עס איינ־געפּאַקט! מאַמעלע, גוטינקע! הייס מיר קריכען אין קאמין! איך וועל אינגאנצען אריינקריכען, דעם גאנצען קאָפּ, דעם גרויען וועל איך אין פייער אריינלעגען! א קראַנקע ווייב, אַהן פיס, דרייצעהן מענשען, קינדער, — אַלע זיינען יתומים, מיין פאטער האָב איך געפיהרט צו קבורה לעצטע וואָך, מען הונגערט, נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא!! און אָפּ־יאָמערענדיג האָט ער אָנגעהויבען קריכען אין קאמין.

— אוועק! — האָט זיך צושריען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, איהם אוועקשטופּענדיג. — אַלע אוועק! וואָס־זשע שטעהסטו, האניא? שעהם זיך ניט! קריך! דיין גליק!

נאָר האניא האָט שוין צופיעל איבערגעליטען אין דעם טאָג, און אין דעם אָוונט. און צו דעם לעצטען נסיון איז ער ניט געווען צו־געגרייט. דער עולם האָט פאר זיי אָפּגעטראָטען אויף צוויי העלפט, און ער איז געבליבען אויג אויף אויג מיט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. דריי טריט פון איהר. זי איז געשטאַנען ביים סאַמע קאמין און געוואַרט, ניט אראָפּנעהמענדיג פון איהם דעם פייערדיגען דורכדרינגליכען בליק.

האניא אין א פראַק, מיט דעם הוט אין האַנט, מיט די האַנט־שוה, איז געשטאַנען פאַר איהר שווייגענד און ענטפערלאָז, אויפלעגענדיג די הענט און קוקענדיג אויפן' פייער. א וואהנזיניגער שמייכעל האָט גע־בלאָנדזשעט אויף זיין, ווי א טיכעל בלאַסען געזיכט. אמת, ער האָט ניט געקאָנט אראָפּנעמען די אויגען פון פייער, פון דעם זיך פאַנאַנדערגע־ברענטען פעקעלע, נאָר עס האָט זיך געדוכט, אז עפּעס נייעס איז ביי איהם אויפגעגאַנגען אויף דער נשמה; אזוי ווי ער וואָלט זיך גע־שוואָרען אויסצוהאַלטען דעם נסיון; ער האָט זיך ניט געריהרט פונ'ם אָרט; אין א ווײַלע ארום, איז אַלעמען געוואָרען קלאָהר, אז ער וועט ניט געהן נאָכ'ן פעקעל, אז ער וויל ניט געהן.

— עי, זיי וועלען פאַרברענט ווערען און דיך טאַקע פאַרשעהמען, — האָט צו איהם געשריען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא — דו וועסט זיך דאָך נאָכדעם אויפהענגען, איך מאַך ניט קיין שפּאַס!

דער פייער, וואָס האָט געוועזן אין אָנהויב אויפגעפלאַמט צווישען די צוויי באַלד זיך אויסלעשענדע האָלצוועשקעס, האָט זיך פריהער געוועזן אויסגעלאָשען, ווען דאָס פעקעל איז אויף איהם געפאַלען און איהם צוגעדריקט. נאָר א קליינער בלויער פלאַם האָט זיך נאָך גע־דראַפּעט פון אונטען פאַר איין ווינקעל פון דער אונטערשטער האָלצ־וועשקע. ענדליך האָט דער דינער, לאַנגער צינגעל פייער א לעק גע־טאָן אויך דעם פעקעל, דער פייער האָט זיך אָנגעכאַפּט און איז אוועק־געלאָפען אין דער הויך, איבער דעם פּאַפּיר, אין די ווינקלען, און מיט אמאָל האָט דער גאַנצער פעקעל אויפגעפלאַמט אין קאַמין און דער הע־לער פלאַם האָט זיך א ריס געטאָן אין דער הויך. אַלע האָבען א קרעכץ געטאָן.

— מאַמעלע! — האָט נאָך אַלץ געיאָמערט לעבעדעוו, רייסענדיג זיך ווידער פאָראויס, נאָר ראָגאָזשין האָט איהם ווידער אָפּגעשלעפּט און איהם אָפּגעשטופּט.

ראָגאָזשין זעלבסט האָט זיך אינגאַנצען פאַרוואַנדעלט אין איין פאַרגליווערטען בליק. ער האָט זיך ניט געקענט אָפּרייסען פון נאַסטאַ־סיא פיליפּאָוונא, ער האָט זיך פאַר'שיכור'ט, ער איז געוועזן אויפ'ן זי־בעטען הימעל.

— אָט דאָס הייסט טאַקע א קעניגין! — האָט ער ווידערהאָלט אַלע ווײַלע ווענדענדיג זיך אין אַלע זייטען צו וועמען ער האָט ניט

אַנגעטראָפען: — אָט דאָס הייסט טאַקע ווי ביי אונז! האָט ער אויס־געשריען אויסער זיך. — נו, ווער פון אייך, לצים, וועט קאָנען מאַכען אַזאַ שפּאַס — הא?

דער פירשט האָט אַלץ צוגעקוקט אַ טרויערדיגער און אַ שוויי־גענדער.

— איך וועל מיט די ציין אַרויסרייסען, כאָטש איין טויזענטער!

— האָט פאַרגעשלאָגען פערדיטשענקאָ.

— מיט די ציין וואָלט איך דאָך אויך געקענט! — האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין דער קולאַק־העלד, שטעהענדיג הינטער אַלעמען אין אַנפאַל פון אמת'ע פאַרצווייפלונג — דער טייפעל זאָל עס נעה־מען! עס ברענט, אַלץ ברענט! — האָט ער אויסגעשריען, דערזע־הענדיג דעם פלאַם.

— מאַך ניט קיין קונצען, האַניאַ, איך זאָג דאָס דיר צום לעצטען מאָל!

— קריך! — האָט זיך צערעוועט פערדיטשענקאָ, וואַרפענדיג זיך צו האַניאַ'ן, אין אמת'ן צאָרן און שלעפּענדיג איהם פאַר'ן אַרבעל! קריך דו בעל־גאוה איינער! עס וועט פאַרברענט ווערען! אַ — דו פאַר—שאָל—טענער!

האַניאַ האָט מיט כח אָפּגעשטויסען פערדיטשענקאָן, האָט זיך אויסגעדרעהט און איז אַוועק צום טיר, נאָר נישט מאַכענדיג קיין צוויי טראָט, האָט ער זיך אַ טרייסעל געטאָן, און אַ פאַל געטאָן אויפ'ן דיל.

— ער איז געפאַלען אין חלשות! — האָט מען געשריען פון אַלע זייטען.

— מאַמעלע, זיי וועלען פאַרברענט ווערען! — האָט געיאָמערט לעבעדעוו.

— זיי וועלען אומזיסט פאַרברענט ווערען! — האָט מען גע־רעוועט פון אַלע זייטען.

— קאַטיאַ, פּאַשאַ, גיט איהם וואַסער, ספּירט! — האָט אַ גע־שריי געטאָן נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ, האָט געכאַפּט די קאַמין־צווענג־לאַך, און אַרויסגעכאַפּט דעם פּעקעל. כמעט דער גאַנצער אויבערשטער פּאַפּיר איז אָפּגעברענט געוואָרען און געגלומערט, נאָר ס'איז גלייך גע־ווען קאָנטיג אַז אינוועניג איז גאָרנישט ניט אַנגעריהרט געוואָרען. דער

פּעקעל איז געווען אין א דרייענדיגען צייטונגס־בויגען, און די געלט זיינען געווען גאַנץ. אלע האבען פריער אפּגעקרעכצט.

—אפשר נאָר איין טויזענטער איז קאַליע געוואָרען, אבער די איבעריגע זיינען אלע גאַנץ, האָט מיט געפיהל ארויסגעזאָגט לעבע־דעוו.

אלע באלאַנגען צו איהם! דער גאַנצער פּעקעל איז זיינער: איהר הערט, מיינע הערהן! — האָט געלאָזט וויסען נאַסטאַסיא פיליפּאָווּ־נאַ, אוועקלעגענדיג דעם פּעקעל לעבען האַניא — און פונדעסטוועגען איז ער דאָך ניט געגאַנגען! האָט אויסגעהאלטען! הייסט עס, אז ער האָט אייגענליבע נאָך מעהר ווי דעם דורשט נאָך געלט. ס'איז גאָר־נישט, ער וועט קומען צו זיך! ווען ניט וואלט ער אודאי עמיצען גע־קוילעט... אט קומט ער שוין צו זיך! גענעראל, איוואַן פּעטראָוויטש, דאַריא אלעקסעיעוונא, קאַטיא, פּאשא, ראַגאָזשין, איהר האָט גע־הערט? דער פּעקעל איז זיינער, האַניא'ס! איך גיב עס איהם אוועק אין זיין פולקאָמענעם אייגענטהום, אלס א באלוינונג... נו, וואָס עס זאָל דאַרטען ניט געשעהען! זאָגט איהם, זאָל ער דאָ לעבען איהם לי־גען... ראַגאָזשין, מארש! בלייב געזונט פירשט, צום ערשטען מאָל האָב איך א מענשען געזעהן! בלייבט געזונט אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש, מערסי!

ראַגאָזשינ'ס גאַנצע חברותא האָט מיט א טומעל רעש און גע־שריי זיך דורכגעטראָגען איבער די צימערן, צום ארויסגאַנג. נאָכגע־הענדיג ראַגאָזשינען און נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. אין זאל האָבען איהר די דינסטען דערלאַנגט דעם פוטער. מארפא די קעכין איז געקומען צו־לויפען פון קיך. נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא האָט זיך מיט זיי אלעמען געקושט.

— לאָזט איהר אונז דאָ מאַמעלע, טאַקע אויף אן אמת איבער? און וואוהין געהט איהר עס? און נאָך אין דעם געבורטס־טאָג. אין אזא טאָג! האָבען געפרעגט די זיך פאַנאַנדערגעוויינטע מיידלאַך קושענדיג זי אין האנט.

— איך וועל געהן אין גאַס, קאַטיא דו האָסט געהערט, דאָרטען איז טאַקע מיין פּלאַץ, ווען ניט וועל איך געהן וואַשען וועש! גענוג שוין צו זיין מיט אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש! גיט איהם אָפּ א גרוס פון מיר, און מיך דערמאָנט ניט צום שלעכטען!...

דער פּירשט האָט זיך שנעל געלאָזט צום אריינגאַנג. וואו אַלע האָבען זיך פאַנאַנדערגעזעצט אויף פיער „טראַיקעס", מיט גלעקעלאַך דער גענעראַל האָט אויסגעפּיעט איהם אַניאַגען אויף די טרעפּ.

— איך בעט דיך, פּירשט, באַדענק זיך! — האָט ער געזאָגט, איהם כאַפּענדיג פאַר'ן האַנט. — וואַרף עס אוועק! זעהסט דאָך וואָס פאַר א מענש זי איז. איך זאָג עס דיר ווי א פאָטער...

דער פּירשט האָט אויף איהם א קוק געטאָן, און ניט זאָגענדיג קיין וואָרט, האָט ער זיך אַרויסגעריסען און איז אוועקגעלאָפען אונטען.

ביים אריינגאַנג, פון וועלכען עס זיינען נאָר וואָס אָפּגעפאָהרען די „טראַיקעס", האָט דער גענעראַל געזעהן, אז דער פּירשט האָט געכאַפּט דעם ערשטען פוהרמאַן און צו איהם א געשריי געטאָן, אז ער זאָל פאָהרען אין יעקאַטערינאַהאָף, גלייך נאָך די „טראַיקעס". דערנאָכדעם איז אונטערגעקומען דעם גענעראַלס גרויער פערדעל, און אוועק געפיהרט דעם גענעראַל אהיים. מיט נייע האָפענונגען און רעכענונגען און מיט די פּערל, וועלכע דער גענעראַל האָט פונדעסטוועגען ניט פאַרגעסען צו נעהמען מיט זיך. צווישען די רעכענונגען האָט ביי איהם א פּאָר מאָל א בליץ געטאָן אויך דער פאַרפיהרערישער געשטאַלט פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא; דער גענעראַל האָט א קרעכץ געטאָן:

— א שאָד. באמת א שאָד! א פאַרלוירענע פרוי! א וואַהנזיניגע פרוי! יע, און דער פּירשט דאַרף איצט ניט נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא... אזוי דאָס עס איז אפילו גוט וואָס ס'האָט זיך אויסגעדרעהט.

אויף דעם זעלבען אופן זיינען אויך געווען אַרויסגעזאָגט אייניגע מאָראַלישע ווערטער אויך פון אנדערע צוויי מיטשפּרעכער פון נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא'ס געסט, וועלכע האָבען באַרעכענט צו געהן צופוס.

— ווייסט איהר, אפאַנאַסי איוואַנאָוויטש, דאָס זאָגט מען, טרעפט ביי די יאַפּאַנעזער אויף אזא אופן, — האָט געזאָגט איוואַן פּעטראָוויטש פּטיצין: דער באַליידיגטער געהט דאַכט זיך, דאָרטען צום באַלעדיגער און זאָגט צו איהם: דו האָסט מיך באַלעדיגט, דערפאַר בין איך געקומען צו פאַנאַנדערשניידען פאַר דיינע אויגען מיין בויך". און מיט די ווערטער נעמט ער און שניידט טאַקע ווירק-

ליד פאַנאַנדער זיין בויך פאַר די אויגען פון זיין באַליידיגער און ער פיהלט, קאַן געבען, א גוואַלדיגע באַפרידיגונג, אזוי ווי ער וואָלט טאַקע אין אמת'ן נקמה גענומען. מאָדנע כאַראַקטערען זיינען דאָ אויף דער וועלט, אפאנאסי איוואנאָוויטש!

— און איהר דענקט, אז דאָ איז געווען פון אזא סאָרט, — האָט געענטפערט מיט א שמייכעל אפאנאסי איוואנאָוויטש — המ.. איהר האָט דאָך זעהר א שאַרפזיניגע... און א פיינע פאַרגלייכונג געבראַכט. נאָר איהר האָט דאָך פונדעסטוועגען אליין געזעהן, מיין ליעבער אי־וואן פעטראָוויטש, אז איך האָב געטאָן וואָס איך האָב געקאָנט. איך האָב דאָך ניט געקאָנט טאָן דאָס וואָס איז אונמעגליך, איהר וועט דאָך אליין צושטימען? אבער איהר וועט דאָך איינשטימען אויך מיט דעם, אז אין דער פרוי זיינען געווען פאַרבאָרגען גוואַלדיגע מעלות, גלענצענדע שטריכען... איך האָב איהר פריהער אפילו געוואָלט אויס־שרייען, ווען איך וואָלט עס זיך נאָר געקאָנט ערלויבען, דאָר אזא סדום, אז זי זעלבסט איז די סאַמע בעסטע רעכטפערטיגונג אויף אַלע איהרע באַשולדיגונגען. נו, ווער וואָלט עס צייטענווייז ניט באַצויבערט געוואָרען פון דער פרוי אזש ביז פאַרלירען דעם זינען און... אַלץ? קוקט נאָר אָן, אָט דער פויער ראָגאזשין האָט איהר געבראַכט צוטראָ־גען הונדערט טויזענט! לאָמיר זאָגען, אז אַלץ וואָס עס האָט איצט דאָרטען פאַסירט איז פאַרגענגליך, ראָמאַנטיש, ניט אנשטענדיג, אבער דערפאַר בונטיג, דערפאַר אָריגינעל. — איהר וועט דאָך אליין צו־שטימען. גאָט מיינער, וואָס האָט ניט געקאָנט ארויסקומען פון אזא כאַראַקטער און ביי אזא שענקייט! אָבער ניט קוקענדיג אויף אַלע אנשטרענגונגען, אויף דער בילדונג אפילו — איז אַלץ פאַרלאָרען גע־גאַנגען! א ניט געשלייפטער דימענט — איך האָב שוין אייניגע מאָל דאָס געזאָגט...

און אפאנאסי איוואנאָוויטש האָט א טיפען זיפץ געטאָן.

---

# צווייטער טהייל.

## ערשטער קאפיטעל.

א פאר טאג נאך דער וואונדערליכער פאסירונג אויפ'ן אוועגט ביי נאסטאסיא פיליפאוונא, מיט וועלכען מיר האבען פארענדיגט דעם ערשטען טהייל פון אונזער ערצעהלונג, האט פירשט מישקין זיך גע־איילט אפפאהרען אין מאסקווע צוליעב דער ערהאלטונג פון זיין אומ־ערוואַרטעטער ירושה. מען האט דאן גערעדט, אז עס האבען אויך גע־קאנט זיין אנדערע אורזאכען פאר דער איילעניש פון זיין נסיעה; אבער וועגען דעם, ווי וועגען די אנדערע פאסירונגען פון דעם פירשט אין מאסקווא, און אין אלגעמיין אין דער צייט פון זיין אפוועזענהייט פון פעטערבורג, קענען מיר געבען וועניג נאכריכטען. דער פירשט איז געווען אפוועזענד פונקט זעקס מאנאטען און אפילו די, וועלכע הא־בען געהאט געוויסע אורזאכען צו אינטערעסירען זיך מיט זיין שיק־זאל, האבען אויך זעהר וועניג געקענט ערפאהרען וועגען איהם פאר דער גאנצער צייט. אמת, עס זיינען צו אייניגע דערגאנגען, כאטש אפילו זעהר זעלטען, וועלכע ס'איז ניט איז קלאנגען, נאר אויך אין גרעסטען טייל מאדנע און שטענדיג איינע די צווייטע ווידערשפרע־כענדע. מעהר פון אלע האט מען זיך זיכער געאינטערעסירט מיט'ן פירשט, אין דעם הויז פון די עפאנטשינ'ס מיט וועלכע ער האט אפ־פאהרענדיג אפילו ניט געהאט קיין צייט צו זעגענען זיך, דער גענעראל, איבעריגענס, האט זיך מיט איהם דאן געזעהן און אפילו א צוויי־דריי מאל. זיי האבען וועגען עפעס זעהר ערנסט געשמועסט. נאר ווען עפאנט־שין אליין האט זיך מיט איהם געזעהן, האט ער זיין פאמיליע דערפון ניט געלאזט וויסען. און אין אלגעמיין ,איז אין דער ערשטער צייט, דאס הייסט שיעור ניט א גאנצען מאנאט נאך דעם פירשט'ס אוועקפאהר, אין דעם הויז פון די עפאנטשינ'ס ניט געווען אנגענומען צו רעדען

וועגן איהם. בלויז נאָר די גענעראַלשע ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט זיך אין סאַמע אָנהויב געוועזן ארויסגעזאָגט „אַז זי האָט זיך אין דעם פּירשט זעהר טיף אָפּגענאַרט.“ דערנאָכדעם, אין א טאָג צוויי אָדער דריי ארום, האָט זי צוגעגעבען נאָר שוין ניט אָנרופענדיג דעם פּירשט, נור אזוי אומבאַשטימט, „אַז דער הויפּט־שטריך פון איהר לעבען, איז געוועזן אַן אומאויפהערליכער טעות אין מענשען.“ און ענדליך שוין אין א טאָג צעהן ארום האָט זי, ווען זי איז פאַר עפּעס אין כעס געוואָרען אויף די טעכטער, פאַרענדיגט אין דער פאָרם פון א פאַר־אורטהיילונג אַז: ס'איז שוין גענוג, טעות'ן! און אַז מעהר וועלען זיי שוין ניט זיין.“ מען קען דערביי נאָך באמערקען, אַז אין זייער הויז האָט זעהר לאַנג געהערשט עפּעס אַזאַ אומאַנגענעהמע שטימונג. ס'איז געוועזן עפּעס שווערעס, אָנגעצויגענעס, ניט דערררעטעס, קריגע־רישעס; אַלע האָבען זיך געבלאָזען. דער גענעראַל איז טאָג און נאַכט געווען פאַרנומען, ער האָט געכלאַפּאָטשעט וועגען ענינים; מען האָט איהם זעלטען ווען געזעהן א מעהר פאַרנומענעם, און טעטיגען — דערהויפּט אין זיין דינסט. די היימישע האָבען קוים אויספּעיעט א קוק צו טאָן אויף איהם. און וואָס עס געהערט זיך אָן, די מיידלאַך, די עפּאַנטשינ'ס, איז אין דער הויך, אודאי, פון דעם גאָרנישט ניט ארויסגעזאָגט געוואָרען. עס קאָן געבען, אַז אפילו בלייבענדיג אַליין, צווישען זיך, איז אויך געזאָגט געוואָרען זעהר ווייניג. דאָס זיינען געווען מיידלאַך שטאָלצע, גרויס האַלטעריגנס און אפילו צווישען זיך אויך גאַנץ אָפּט שעהמעוודיגע. נאָר איבעריגענס, האָבען זיי פאַרשטאַ־נען איינע די צווייטע, ניט נאָר פון דעם ערשטען וואָרט, נאָר אפילו פון דעם ערשטען בליק. דאָס רעדען פיעל איז גאַנץ אָפּט ניט געווען צו וואָס.

א פרעמדער באַאָבאַכטער, ווען אַזאַ וואָלט זיך געפונען, האָט נאָר איינס געקענט באַשליסען: אַז אורטהיילענדיג נאָך דעם אַלעמען וואָס איז געזאָגט געוואָרען אויבען, כאָטש אפילו מיט זעהר ווייניג פאַק־טען, איז דעם פירשט דאָך געלונגען איבערלאָזען אין דעם הויז פון די עפּאַנטשינס, א באַזונדערען איינדרוק, כאָטש געווען איז ער דאָרטען בלויז איין מאָל, און דאָס אויך ניט לאַנג. מעגליך, אַז דאָס איז געווען אַן איינדרוק פון איינפאַכע נייגעריגקייט, וועלכען מען האָט געקאָנט ערקלעהרען מיט די אויסערגעוועהנליכע פּאָרפּעלע, פון

דעם פּירשט. ווי אַזוי עס זאָל ניט זיין, אָבער אַן איינדרוק איז גע־בליבען.

ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, האָבען זיך אַפילו די איבער'ן שטאָדט פאַרשפּרייטע קלאַנגען אויסגעיעט צו פאַרדעקען זיך מיט דער דונ־קעלקייט פון דער אומבאַוואוסטקייט. עס האָט זיך אמת, דערצעהלט, ייענען עפּעס א פּירשטעל און א שטיקעל נאַר (קיינער האָט ניט גע־קאָנט ריכטיג אָנרופען זיין נאָמען) וועלכער האָט פּלוצלונג ערהאַלטען א גוואַלדיג גרויסע ירושה, און וועלכער האָט חתונה געהאַט מיט א דורכפאַהרעדין א פראַנצויזקע, א באַוואוסטע טענצערין אין שאַטאָ־דע־פלער, אין פּאַריז, נאָר אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז די ירושה האָט ער־האַלטען עפּעס א גענעראַל, און אַז חתונה געהאַט מיט דער דורכפאַה־רענדער פראַנצויזקע, און באַוואוסטער טענצערין האָט גאָר א רוסישער סוחר'ל, און א גרויסער גביר, און אויף זיין חתונה, בלויז נאָר צו־ליעב באַריהמעריי, האָט ער שיכור'ערהייט פאַרברענט אויף א ליכט צעטלאַך פון דער לעצטער לאָטעריי־הלואה, פּונקט אויף זיבען הונ־דערט טויזענט, נאָר אָט די דאָזיגע אַלע קלאַנגען זיינען זעהר שנעל שטיל געוואָרען, צו וואָס עס האָבען אויך אסך צוגעהאָלפען די אומ־שטענדען. למשל, ראָגאָזשינ'ס גאַנצע חברה, פון וועלכער פיעלע האָ־בען עפּעס וואָס געקאָנט דערצעהלען, איז אָפּגעפאָהרען אַלע צוזאַמען, מיט איהם אין דער שפּיץ, אין מאָסקווא, פּונקט אין א וואָך ארום נאָך א שרעקליכער ארגיע אויף דעם עקאַטערינהאָפער וואָגזאַל, וואו עס איז אויך אַנוועזענד געווען נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא. עפּעס איז דורך איי־ניגע פאַראינטערעסירטע געוואָרען באַקאַנט א קלאַנג אַזא, אַז נאַס־טאַסיא פיליפּאָוונא איז שוין אויף מאָרגען נאָך יעקאַטערינהאָף, אַנט־לאָפען, פאַרשוואונדען, און אַז מען האָט זי ענדליך נאָכגעשפּירט, אַז זי איז אַוועק אין מאָסקווא; אַז אין דעם אָפּפאָהר פון ראָגאָזשין אין מאָסקווא האָט מען געפונען עפּעס א געוויסען צוזאַמענפאַל מיט דעם דאָזיגען פאַל.

עס זיינען אויך אַרום קלאַנגען אויפ'ן חשבון פון גאַווריליא אַר־דאַליאָנאָוויטש איוואָלגין, וועלכער איז אויך געווען גאַנץ גענוג באַ־קאַנט אין זיין קרייז. נאָר מיט איהם האָט געטראָפען א פאַל, וועל־כער האָט אינגיכען אָפּגעקיהלט און צום לעצט גאָר אינגאַנצען פאַר־ניכטעט אַלע ניט פיינע מעשיות אויף זיין רעכענונג: ער איז געוואָ־

רען זעהר קראנק און האָט ניט געקאָנט ערשיינען, ניט נאָר אין גע־זעלשאפט, נאָר אפילו אויך ניט אויף זיין שטעלע. אפּקרענקענדיג ארום א מאָנאט, איז ער געזונט געוואָרען, נאָר פון זיין שטעלע אין דער אקציאָנערנער געזעלשאפט האָט ער זיך, צוליעב א געוויסער סבה, איינגאנצען אָפּגעזאָגט, און זיין פּלאץ האָט פארנומען א צווייטער. אין הויז פון גענעראל עפּאנטשין איז ער אויך מעהר ניט געקומען, אזוי דאָס אויך צום גענעראל האָט אָנגעהויבען קומען אן אנדער טשי־נאָווניק. די פיינט פון גאווריל‌א ארדאליאנאָוויטש האָבען געקענט רע־כענען, אז ער האָט זיך אזוי געשעהמט מיט דעם אלעמען, וואָס איז מיט איהם פּאָרגעקומען, אז ער האָט אין אמת'ען עפּעס צוגעקריינקט. איז אפילו ארייגעפאלען אין א מרה שחורה, האָט זיך פארטראכט, איז געוואָרען נערוועז. ווארוואַרא ארדיאליאָנאָוונא האָט טאקע דעם ווינטער נאָך, חתונה געהאט מיט פּטיצינען; אלע וואָס האָבען זיי גע־קענט האָבען צוגעשריבען די דאָזיגע הייראטה, די אומשטענדען, וואָס האניא האָט ניט געוואָלט אומקעהרען זיך צו זיינע באשעפטיגונגען און ער האָט ניט נאָר ניט געוואָלט אויפהאלטען זיין פאמיליע, נאָר ער האָט זיך אליין אָנגעהויבען נויטיגען אין הילף, מען האָט כמעט געדאַרפט אכטונג געבען אויף איהם.

מיר וועלען באמערקען, אין קלאמערן, אז אויך וועגען גאווריל‌א ארדאליאָנאָוויטש האָט מען ביי עפּאנטשינען אין הויז קיינמאל אפילו ניט דערמאָנט — אזוי ווי עס וואלט גאָר אויף דער וועלט ניט געוועזן אזא מענש, ניט נאָר אין זייער הויז. און אונטערדעסען האָט מען וועגען איהם דאָרט אלע זיך דערוואוסט (און אפילו גאנץ שנעל). א מאָד־נעם פאל, און דאָס איז: אז טאקע אין יענער שלים־מזל'דיגער נאכט, נאָך דער אומאַנגענעהמער געשעהעניש ביי נאָסטאָסיא פיליפּאָוונא, האָט האניא, אומקעהרענדיג זיך אהיים, זיך ניט געלעגט שלאָפען, נאָר האָט גענומען ווארטען אויף דעם פירשט'ס קומען, מיט א פיבערהאפ־טער אומגעדולדיגקייט. דער פירשט, וועלכער איז אוועקגעפאָהרען אין עקאַטערינהאָף, איז פון דאָרטען צוריקגעקומען זעקס אזייגער אין דער פריה. דאן איז האניא אריין אין זיין צימער, און האָט אוועקגעלעגט פאַר איהם אויפ'ן טיש, דעם פארסמאָליעטען פּעקעל געלט, וועלכע נאָסטאָסיא פיליפּאָוונא האָט איהם געשענקט, ווען ער איז געלעגען א גע'חלש'טער. ער האָט צודרינגליך געבעטען דעם פירשט, ביי דער

ערשטער מעגליכקייט אומצוקעהרען דעם דאָזיגען פּעקעל צו נאסטאַ־סיא פיליפּאָוונא. ווען האניא איז אריינגעקומען צום פירשט, איז ער געווען פיינדליך געשטימט און כמעט פארצווייפעלט, נאָר צווישען איהם און דעם פירשט, איז ווי עפּעס געזאָגט געוואָרען עטליכע אזעל־כע ווערטער, נאָך וועלכע, האניא איז אָפּגעזעסען ביים פירשט צוויי שטונדען און האָט זיי גאנצע צייט ביטער געוויינט. צושיידט האָבען זיי זיך ווי פריינד.

אָט די דאָזיגע נאכריכט, וועלכע איז דערגאנגען צו אלע עפּאנ־טשינ׳ס איז געווען, ווי עס האָט זיך באשטעטיגט צום לעצט, זעהר א ריכטיגע. געוויס איז מאָדנע וואָס אזעלכע מינים ידיעות זאָל קאָנען אזוי שנעל דערגעהן און באקאנט ווערען; למשל, אלץ וואָס איז פארגעקומען ביי נאסטאסיא פיליפּאָוונא, איז באקאנט געוואָרען אין דער הויז פון די עפּאנטשינס שיעור ניט אויף מאָרגען, און אין גאנץ ריכ־טיגע איינצעלהייטען. און וואס איז שייך גאווריל‏א ארדאליאנאָוויטש, האָט מען כמעט געקאָנט טרעפען, אז די נייעס וועגען איהם זיינען גע־ווען צוגעטראָגען צו די עפּאנטשינ׳ס דורך ווארווארא ארדאליאנאָוו־נא, וועלכע האָט עפּעס מיט אמאָל זיך באוויזען ביי די מיידלאך, עפּאנטשין, און וועלכע איז גאנץ שנעל געוואָרען מיט זיי זעהר באַ־פריינדעט, א זאך וואָס האָט זעהר געוואונדערט ליזאוועטא פּראָקאָ־פיעוונא, נאָר כאָטש ווארווארא ארדאליאנאָוונא, האָט צוליעב עפּעס אן אורזאכע, געפונען פאר נויטיג זיך נאָהענט צוזאמענקומען מיט די עפּאנטשינס, נאָר עס איז זיכער, אז וועגען דעם ברודער, האָט זי מיט זיי ניט גערעדט. דאָס איז אויך געווען זעהר א שטאָלצע פרוי, נאָר אויף איהר אופן, ניט קוקענדיג דארויף וואָס זי האָט פארפיהרט א פריינדשאפט דאָרטען, פון וואנען מען האָט איהר ברודער כמעט ארויסגעטריבען. פריהער פאר דעם, כאָטש זי איז געווען באקאנט מיט די מיידלאך עפּאנטשינס, אבער געזעהן האָבען זיי זיך זעהר ווייניג. איבעריגענס, אין גאסט־צימער איז זי אויך איצט ניט אריינגעקומען, און זי פלעגט קומען, פּונקט ווי זי וואָלט אריינגעלאָפען פון די הינ־טערשטע טרעפּ. ליזאוועטא האָט זי קיינמאָל ניט אויפגענומען, ניט פריהער, ניט איצטער, כאָטש זי האָט זעהר געעהרט נינא אלעקסאנ־דראָוונא, די מאמע פון ווארווארא ארדאליאנאָוונא. זי האָט זיך גע־וואונדערט, גע׳כעס׳ט, האָט צוגעשריבען די באקאנטשאפט מיט וואַ־

ריא'ן, צו דעם די קאפריזען און הערשאפטס־ליעבע פון איהרע טעכ־טער, וועלכע „ווייסען שוין ניט וואָס צוצוטראכטען וואָס זיי זאָ־לען איהר טאָן אויף צו להכעים." און ווארוואראַ ארדאליאנאָוונא האָט פונדעסטוועגען פאַרטגעזעצט געהן צו זיי פאר און נאָכדעם פון איהר הייראטה.

נאָר עס איז אַוועק ארום א מאָנאט, נאָך דעם פירשטס אפּפאָה־רען און די גענעראַלשע עפּאנטשינא האָט ערהאַלטען א בריף פון דער אַלטער פירשטין בעלאָקאָנסקאַי, וועלכע איז מיט א פּאָר וואָכען פריי־הער, אוועקגעפאָהרען אין מאָסקווא, צו איהר עלטערער פארהייראטער טאָכטער, און דער בריף האָט אויף איהר געמאכט א קענטיגען איינ־דרוק. און כאָטש זי האָט גאָרנישט ניט אויסגעזאָגט וואָס אין בריף שטעהט, ניט צו די טעכטער, און ניט צו איוואן פיאָדאָראָוויטש, נאָר לויט די פיעלע סמנים איז באוואוסט געוואָרען אין הויז, אז זי איז עפּעס באזונדערס אויפגערעגט און אפילו צוטראָגען. זי האָט עפּעס אויף א מאָדנעם אופן אנגעהויבען פיהרען געשפּרעכען מיט די טעכ־טער, און אַלץ וועגען עפּעס אזעלכע אומגעוואוינליכע זאכען; זי האָט זיך קענטיג געוואַלט ארויסזאָגען, נאָר האָט זיך צוליעב א געווויסער סבה אפּגעהאַלטען. אין דעם טאָג ווען זי האָט ערהאַלטען דעם בריף איז זי צו אַלעמען געוואָרען גוט. האָט אפילו א קוש געטאָן אגלאיא'ן און אדעלאידא'ן, האָט פּאר עפּעס ביי זיי געבעטען ענטשולדיגונג, נאָר וואָס דאָס איז האָבען זיי זיך נישט געקאָנט פאנאנדערקלייבען. אפילו צו איוואן פיאָדאָראָוויטש וועלכען זי האָט א גאנצען מאָנאַט געהאַל־טען פון וויטען, איז זי אויך מיט אמאָל געוואָרען גוט. עס פאַרשטעהט זיך, אז שוין אויפ'ן צווייטען טאָג איז זי שרעקליך ברוגז געוואָרען, אויף איהר נעכטיגע געפיהלען. און זי האָט טאקע שוין אוספעיעט ביז מיטאָג מיט אַלעמען זיך איבערצוקריגען. נאָר צו אָווענט צו האָט זיך דער הימעל ווידער אויסגעלייטערט. אין אלגעמיין איז זי א גאנצע וואָך געווען אין זעהר א קלאָהרער שטימונג. וואָס עס איז שוין א לאנ־גע צייט מיט איהר ניט געווען.

נאָר נאָך אין א וואָך ארום איז פון דער בעלאָקאָנסקאַי, ערהאַל־טען געוואָרען נאָך א בריף, און דאָסמאָל האָט די גענעראַלשע שוין ענטשלאָסען ארויסצוזאָגען זיך. זי האָט פייערליך ערקלעהרט, אז די „אַלטע בעלאָקאנסקאיא" (זי האָט אנדערש קיינמאָל דער פירשטין ניט

גערופען, רעדענדיג פון איהר אונטער די אויגען.) לאָזט איהר וויסען זעהר טרייסטפולע ידיעות וועגען דעם... „טשודאק, כ׳מיין אָט פון דעם פירשט!" די אלטע האָט איהם אין מאסקווא אויפגעזוכט, זיך נאָכ־געפרעגט וועגען איהם, און זי האָט זיך דערוואוסט זעהר גוטע זאכען וועגען איהם; און ענדליך, האָט זיך דער פירשט אליין באוויזען ביי איהר, און האָט אויף איהר געמאכט אן איינדרוק כמעט א ריזיגען. עס איז קענטיג געווען פון דעם, וואָס זי האָט איהם יעדען טאָג איינ־געלאדען קומען צו איהר אין די פריהמאָרגענס, פון איינס ביז צוויי, און יענער שלעפט זיך צו איהר יעדען טאָג און ער האָט נאָך ביז איצט ניט דערעסען." האָט פארענדיגט די גענעראלשע, צוגעבענדיג דערצו, אז דורך דער „אלטער" איז דער פירשט געוואָרען אויפגענומען אין צוויי־דריי אנגעזעהענע הייזער. „דאָס איז פיין וואָס ער שימעלט ניט אויף איין פלאץ און ער שעהמט זיך ניט ווי א נאר". די מיידלאך וועלכע האָבען פון דעם אלעמען געקראָגען דעם באריכט, האָבען תיכף באמערקט, אז די מאמע האָט עפּעס זעהר פיעל פון דעם בריף פון זיי באהאלטען. אפשר האָבען זיי זיך דאָס דערוואוסט פון ווארווארא אר־דאליאנאָוויטש, וועלכע האָט געקענט וויסען, און האָט געוויס אלץ גע־וואוסט, וואָס פטיצין האָט געוואוסט וועגען פירשט און וועגען זיין זיין אין מאָסקווא. און פטיצין האָט געקענט וויסען אפילו מעהר פון אלעמען. נאָר א מענש איז ער געווען זעהר א שווייגענדער, אפילו אין געשעפטס־זאכען, כאָטש ווארווארא׳ן האָט ער זעלבסטפארשטענדליך אלץ דערצעהלט. די גענעראלשע האָט דערפאר נאָך מעהר ניט ליעב באקומען ווארווארא ארדאליאנאָוונא.

נאָר ווי עס זאָל ניט זיין, דער אייז איז געוועזן געבראָכען. און מען האָט שוין געקאָנט וועגען פירשט רעדען אין דער הויך. אויסער דעם, האָט זיך ווידער קלאָהר ארויסגעשטעלט, יענער אויסערגעוועהנ־ליכער איינדרוק, און יענער שוין ניט אין מאָס גרויסער אינטערעס, וועלכען עס האָט ערוועקט און איבערגעלאָזט נאָך זיך דער פירשט, איז דעם הויז פון די עפּאנטשינ׳ס. די גענעראלשע האָט זיך אפילו גע־וואונדערט אויף דעם איינדרוק, וועלכע די נאכריכטען פון מאָסקווא האָבען אויף איהרע טעכטער געמאכט. און די טעכטער האָבען זיך אויך געוואונדערט אויף זייער מאמע, וועלכע האָט אזוי פייערליך זיי ערקלעהרט — אז דער הויפּטשטריך פון איהר לעבען — איז אן אומ־

אויפהערליכע נאַרעריי אין מענשען." און אין דער זעלבער צייט האָט זי איבערגעגעבען דעם פירשט דער אויפמערקזאַמקייט פון דער „אַל־מעכטיגער" אלטיטשקער די בעלקאַאנסקאַיאַ אין מאָסקווא, און דער־ביי זיכער געדאַרפט אויסבעטען איהר אויפמערקזאַמקייט אין נאָמען פון קריסטוס און גאָט, ווייל די „אַלטע" איז אין געוויסע פעלע גע־ווען שווער אויף די פּיס.

נאָר גלייך ווי דער אייז האָט שוין געבראָכען, און עס האָט אָנ־געהויבען בלאָזען מיט נייע ווינטען, האָט זיך דער גענעראַל אויך געאיילט ארויסצוזאָגען. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז אויך ער איז געווען אויסערגעוועהנליך פאַראינטערעסירט. ער האָט איבעררי־גענס דערצעהלט, בלויז וועגען „דער געשעפטליכער זייט פון דער זאך". עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז אויך ער האָט אין די אינטערעסען פון דעם פירשט, איבערגעגעבען צו האָבען אַן אויג אויף איהם, און דערהויפּט אויף זיין פיהרער סאַלאַזקין, צו צוויי זעהר איינפלוסרייכע און זיכערע העררן אין מאָסקווא. אלץ וואס עס האָט זיך געשמועסט וועגען דער ירושה, „אזוי צו זאָגען וועגען דעם פאַקט פון דער ירושה", האָט זיך ארויסגעשטעלט פאַר ריכטיג. נאָר די ירושה זעלבסט האָט זיך סוף כל סוף ארויסגעוויזען פאַר ניט אַזוי גרויס, ווי מען האָט וועגען איהר פריהער פאַרשפּרייט קלאַנגען. דאָס אייגענטהום איז אויף האַלב פאַרדרעהט; עס האָבען זיך באוויזען חובות, עס זיינען ער־שיענען עפּעס אזעלכע פּרעטענדענטען, און אויך דער פירשט האָט ניט אכטענדיג אויף אַלע לייטונגען, זיך געפיהרט גאַר ניט געשעפטס־מעסיג. „געוועהנליך זאָל איהם גאָט געבען", איצט ווען דער „אייז פון שווייגען איז געבראָכען, איז דער גענעראַל צופרידען צו ערקלערע־רען וועגען דעם, „זעהר אָפענהערציג" ווייל, „דער יונג, כאָטש ער איז אַביסעלע ניט ווי מען באַדאַרף" נאָר פונדעסטוועגען איז ער דאָס ווערטה, נאָר דאָך האָט יענער אָפּגעטאָן נאַרישקייטען: למשל, עס האָ־בען זיך באוויזען די בעלי־חובות פון דעם פאַרשטאָרבענעם סוחר, מיט צווייפעלהאפטע דאָקומענטען, מיט פּוסטע, און אייניגע דערשמעקענ־דיג וועגען דעם פירשט, האָבען זיך אַ יאַווע געטאָן גאַר אָהן דאָקומענ־טען, און וואס איז געווען? דער פירשט האָט זיי כמעט אַלעמען צו־פרידענגעשטעלט, ניט אכטענדיג אויף די ווארנונגען פון פריינד, אז אַט די אַלע מענשלאַך און קרעדיטאָרען זיינען גאַר אָהן רעכטע; און

ער האָט זיי נאָר דערפאַר צופרידענגעשטעלט, ווייל עס האָט זיך באמת
ארויסגעשטעלט אז אייניגע פון זיי האָבען טאקע געליטען.

די גענעראַלשע האָט זיך אויף דעם אָפּגערופען, אז אויף אזא אופן
שרייבט איהר אויך די בעלקאנסקאיא, און אז דאָס איז „נאַריש, זעהר
נאַריש, א נאַר בלייבט א נאַר." האָט זי שאַרף צוגעגעבען, נאָר אויף
איהר פּנים איז קענטיג געווען ווי צופרידען זי איז געווען מיט די
עובדות פון דעם דאָזיגען „נאַר". צום שלום פון דעם, האָט דער גענע־
ראַל באמערקט, אז זיין פרוי נעהמט אן אנטהייל אין דעם פירשט,
פּונקט ווי ער וואָלט געווען איהרער אן אייגענער זוהן, און אז אגלאַ־
יא'ן האָט זי עפּעס זעהר שרעקליך גענומען לאַשטשען; דאָס זעהענ־
דיג, האָט איוואן פיאָדאָראָוויטש, אויף א געוויסער צייט אָנגענומען א
זעהר געשעפטסמעסיגען אויסזעהן.

נאָר אָט די גאנצע שטימונג האָט ווידער אָנגעהאַלטען ניט לאַנג.
עס זענען אוועק ניט מעהר ווי א פּאָר וואָכען, און עפּעס האָט זיך ווי־
דער געביטען, די גענעראַלשע האָט זיך אָנגעכמורעט, און דער גענע־
ראַל, א דריק טוענדיג אייניגע מאָל מיט די פּלייצעס, האָט זיך ווידער
אונטערוואַרפען דעם „אייז פון שווייגען". די מעשה איז אזוי: אז
בלויז מיט צוויי וואָכען צוריק האָט ער ערהאַלטען אין האַנט א נאַכ־
ריכט: כאָטש א קורצע, און דערפאַר ניט זעהר קיין קלאָהרע, אבער
דערפאַר א ריכטיגע, וועגען דעם, אז נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא, וועלכע
איז פון אָנפאַנג פאַרלאָרען געגאַנגען אין מאָסקווא, און וועלכע איז
דערנאָכדעם אויפגעזוכט געוואָרען אין דער זעלבער מאָסקווא, פון
ראַגאָזשינען, איז נאָכדעם ווידער פאַרלאָרען געגאַנגען, און איז ווי־
דער פון איהם אויפגעזוכט געוואָרען, האָט ענדליך, געגעבען כמעט
דאָס וואָרט צו חתונה האָבען מיט איהם. און אָט אין בלויז צוויי וואָ־
כען נאָכדעם, האָט זיין עקסעלענץ, פּלוצלונג, ערהאַלטען א נאַכריכט,
אז נאַסטאַסיא פיליפּאָוונא איז אנטלאָפען צום דריטען מאָל, שיעור
ניט פון אונטער דער חופּה. און דאָס מאָל איז זי פאַרלאָרען געגאַנגען
ערגעץ אין דער גובערניע. און אין דער זעלבער צייט איז פאַרשוואונ־
דען געוואָרען פון מאָסקווא אויך דער פירשט מישקין, איבערלאָזענ־
דיג זיינע געשעפטען אונטער דער אויפזיכט פון סאַלאָזקין „צו מיט
איהר, אָדער ער האָט זיך איינפאַך געלאָזען נאָך איהר, — איז ניט
באַקאַנט, נאָר עפּעס איז דאָ פאַראַן." האָט פאַרענדיגט דער גענע־

ראַל. אויך ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט פון איהר זייט ערהאַלטען עפּעס אויך ניט קיין אַנגענעהמע ידיעות. צום סוף, איז אין צוויי מאָנאַטען נאָכדעם, ווי דער פירשט איז אַרויסגעפאָהרען כמעט יעדער סלוך וועגען איהם אינגאַנצען שטיל געוואָרען. און אין דעם הויז פון די עפּאַנטשינס, האָט דער אייז פון שוויינען מעהר נישט געבראָכען. אי־בעריגענס, האָט וואַרוואַראַ אַרדאַליאָנאָוונאַ אַלץ נאָך באַזוכט די מייד־לעך.

כדי צו פאַרענדיגען וועגען אָט די אַלע קלאַנגען און ידיעות, וועלען מיר צוגעבען אויך דאָס, אַז ביי די עפּאַנטשינס זיינען צו פריהלינג צו פאָרגעקומען זעהר פיעל איבערקעהרענישען. אַזוי דאָס עס איז ניט געווען שווער צו פאַרגעסען אַן דעם פירשט, וועלכער האָט אַליין וועגען זיך ניט געגעבען, אָדער אפשר ניט געוואָלט געבען צו וויסען. אין פאַרלויף פון דעם ווינטער, האָט מען פאַמעליכקע, ענדליך באַשלאָסען צו אַוועקפאָהרען איבער זומער, אין אויסלאַנד. דאָס הייסט: ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ מיט די טעכטער. דער גענעראַל, זעלבסטפאַר־שטענדליך, האָט ניט געקענט פטר'ן צייט אויף „פּוסטע פאַרגעניגענס“. דער באַשלוס איז פאָרגעקומען אויף דעם זעהר שטאַרקען און איינגע־שפּאַרטען צוואַנג פון די מיידלאַך, וועלכע האָבען זיך אינגאַנצען אי־בערצייגט, אַז מען וויל זיי דערפאַר ניט פיהרען קיין אויסלאַנד, ווייל די עלטערען האָבען אַ שטענדיגע דאגה ווי זיי צו חתונה מאַכען, און זוכען פאַר זיי חתנים. אפשר האָבען זיך אויך די עלטערען ענדליך איבערצייגט, אַז חתנים קאָנען זיך אויך טרעפען אין אויסלאַנד, אַז אַן אַרויספאָהר איבער איין זומער קאָן ניט נאָר גאָר ניט קאַליע מאַכען נאָר עס קאָן אפשר „אַרויסהעלפען“. דאָ פּאַסט אויך צו דערמאָנען, אַז דער געוועזענער פּראָיעקט, די חתונה מיט אַפאַנאַסי איוואַנאָוויטש טאָצקי מיט דער עלטערער טאָכטער פון די עפּאַנטשינ'ס, איז אינגאַנ־צען צו נישט געוואָרען. און אַז אַ פאָרמאַלנעם פאָרשלאָג האָט ער קיינ־מאָל ניט געמאַכט. פּאַסירט האָט דאָס עפּעס פון זיך אַליין. אָהן קיי־נע גרויסע געשפּרעכען און קיין שום פאַמיליען־סצענעס. זינט דער פירשט איז אַפּגעפאָהרען, איז אַלץ פוןביידע זייטען שטיל געוואָרען. אויך אָט דער דאָזיגער אומשטאַנד איז אַריין טהיילווייז אין דער פאַ־מיליע עפּאַנטשינס, כאָטש די גענעראַלשע האָט שוין דאַן אַרויסגע־זאָגט, אַז זי איז איצט צופרידען „מיט ביידע הענט זיך איבערצו־

צלם'ען." דער גענעראַל כאָטש ער איז געווען אין „חרם" און האָט געפיהלט אַז ער איז אַליין שולדיג, האָט זיך פונדעסטוועגען אויף לאַנג אָנגע'ברוגז'ט. עס האָט איהם לייד געטאָן אַפּאַנאַסי איוואַנאָוויטש: „אַזאַ רייכטהום, און אַזאַ פעהיגער מענש!" שפּעטער אביסעל, האָט דער גענעראַל זיך דערוואוסט, אַז אַפּאַנאַסי איוואַנאָוויטש איז באַצוי־בערט געוואָרען פון א דורכפאָהרענדער פראַנצויזקעלע פון דער העכע־רער געזעלשאַפט, א מאַרקיזע, און א לעגיטימיסטקע, אַז די חתונה וועט פאָרקומען, און אַז אַפּאַנאַסי איוואַנאָוויטש'ן וועט מען אַוועק־פיהרען אין פּאַריז, און דערנאָכדעם ערגעץ־וואו אין ברעטאַן. „נו, מיט דער פראַנצויזקעלע וועט ער שוין בלייבען" — האָט באַשלאָסען דער גענעראַל.

און די עפּאַנטשינס האָבען זיך געגרייט צו זייער זומערדיגען אַרויספאָהר. נאָר פּלוצלונג איז פאָרגעקומען א זאַך, וועלכע האָט ווי־דער אַלץ געענדערט אויף דאָס ניי, און דער אַרויספאָהר איז ווידער אָפּגעלעגט געוואָרען צו דער גרויסער צופרידענהייט פון דעם גענע־ראַל און גענעראַלשע. פון מאָסקווא איז געקומען אין פּעטערבורג א גע־וויסער פירשט, פירשט שטש. איבעריגענס, א באוואוסטער מענש, און באוואוסט פון זעהר און זעהר א פיינער זייט. דאָס איז געווען איינער פון די מענשען, אָדער מען קען אפילו זאָגען, די טוער פון דער לעצ־טער צייט, די עהרליכע, באשיידענע, וועלכע ווילען מיט'ן גאַנצען הארצען באוואוסטזיניג, טאָן נוצליכעס, זיי ארבייטען שטענדיג און זיי צייכענען זיך אויס מיט דער דאָזיגער מערקווירדיגער און גליקלי־כער מעלה, וואָס זיי געפינען אַלע מאָל וואָס צו טאָן. ניט אַרויסשטע־לענדיג זיך פאַראויס, אויסמיידענדיג די פאַרשאַרפונגען און פּוסטע רעדערייען פון די פּאַרטייען. ניט רעכענענדיג זיך אין דעם צאָהל פון די הויפּטפיהרער, האָט דער פירשט פונדעסטוועגען פאַרשטאַנען, פיעלעס פון דאָס, וואָס ס'איז פאָרגעקומען אין דער לעצטער צייט גאַנץ גרינד־ליך. אַפריהער האָט ער געדינט, דערנאָכדעם האָט ער גענומען נעה־מען אַן אַנטהייל אין דער זעמסקער ארבייט. אויסער דעם, איז ער געווען א נוצליכער קאָרעספּאָנדענט פון עטליכע רוסישע בילדינג גע־זעלשאַפטען. צוזאַמען מיט א באַקאַנטען טעכניקער, האָט ער געהאָל־פען, מיט צונויפגעזאַמעלטע ידיעות און אויספאָרשונגען, צו א מעהר ריכטיגער פיהרונג, פון איינער פון די וויכטיגסטע פּראָיעקטירטע איי־

זענבאהנען. ער איז אַלט געווען א יאָהר פינף און דרייסיג, א מענש איז ער געווען פון דער „סאמע הויכער געזעלשאפט" און אויסער דעם אויך מיט א פּאַרמעגען „א פיינעם, אן ערנסטען און א זיכערען". אזוי האָט זיך וועגען איהם אָפּגערופען דער גענעראל, וועלכער האָט געהאט די געלעגענהייט, צוליעב א געוויסען זעהר ערנסטען עניז, זיך טרעפען און באקאַנען מיט דעם פירשט, ביי דעם גראף, זיין נאטשאלניק. דער פירשט האָט צוליעב א געוויסער נייגעריגקייט, קיינמאָל ניט אויסגע־מידען צו באקאַנען זיך מיט רוסישע „געשעפטס־לייט". עס האָט פּאַ־סירט, אז דער פירשט האָט זיך אויך באקאַנט, מיט דעם גענעראלס פאַמיליע. אדעלאידא איוואנאָוונא, די מיטעלסטע פון דריי שוועס־טער, האָט אויף איהם געמאכט זעהר א שטארקען איינדרוק. צו פריה־לינג צו, האָט דער פירשט געמאכט אן ערקלעהרונג. אדעלאאידען איז ער זעהר געפעהלען געוואָרען. אויך איז ער געפעהלען געוואָרען לי־זאַוועטע פּראַקאָפּיעוונא'ן. דער גענעראל איז געווען זעהר צופרידען. זעלבסט־פאַרשטענדליך, אז די רייזע איז אָפּגעלעגט געוואָרען. די חתונה איז באשטימט געוואָרען אויף פריהלינג.

די רייזע האָט אויך געקאָנט פּאַרקומען אין מיטען און אויך אין ענדע זומער. כאָטש אפילו אין דער פאָרם פון א שפּאַציר אויף צוויי־דריי מאָנאטען, פון ליזאוועטא פראקאָפּיעוונא, מיט איהרע צוויי אי־בערגעבליבענע טעכטער, כדי צו פאַנאַנדערטרייבען די בענקשאפט נאָך אדעלאאידען וואָס האָט זיי פאַרלאָזען.

נאָר ווידער האָט עפּעס נייעס פּאַסירט: שוין אין ענדע פריה־לינג, (אדעלאידעס חתונה האָט זיך אביסעלע פארשפּעטיגט און איז אפגעלעגט געוואָרען ביז אינמיטען זומער.) דער פירשט שטש. האָט אריינגעפיהרט אין דער הויז פון די עפּאַנטשינ'ס איינעם פון זיינע ווייטע קרובים, וועלכען ער האָט, איבעריגענס, זעהר גוט געקענט. דאָס איז געווען איינער, אן עווגעני פּאַוולאָוויטש פּ. א מענש נאָך זעהר א יונגער, פון איבער אַכט און צוואַנציג, א פליגעל - אַדיוטאַנט. זעהר א שעהנער יונגער־מאַן. פון „גרויסען יחוס", א מענש א שאַרפ־זיניגער, א גלענצענדער, א נייער, א „זעהר א געבילדעטער" און—שוין זעהר זעהר א רייכער. וועגען אָט דעם דאָזיגען לעצטען פּונקט, איז דער גענעראל שטענדיג געווען פאָרזיכטיג. ער האָט געמאכט אויספאָרשונ־גען: „עפּעס — צייגט זיך טאקע באמת אַרויס — כאָטש איבערי־

גענס, דאַרף מען נאָך אויסגעפינען" אַט דער יונגער און מיט „א צו־קונפט", פּליגעל־אַדיוטאַנט איז געווען זעהר אויפגעהויבען דורך דער מיינונג פון דער אַלטער בעלקאנסקאיא פון מאָסקווא. בלויז א נאָמען האָט ער געהאַט עפּעס ניט גאָר קיין זיכערען: אייניגע פאַרבינדונגען, און ווי מען האָט פאַרזיכערט, „נצחונות" איבער אייניגע אומגליקליכע הערצער. דערזעהענדיג אַגלאַיאַ'ן, האָט ער באַקומען א ליעבע לאַנג צו בלייבען זיצען אין דעם הויז פון די עפּאַנטשינס. אמת, עס איז נאָך גאָרנישט ניט גערעדט געוואָרען. אפילו קיינע אַנצוהערענישען זענען נישט געמאַכט געוואָרען. נאָר די עלטערען האָט זיך פונדעסטוועגען אויסגעדוכט, אז היינטיגען יאָהר איז שוין גאָר נישטאָ וואס צו טראַכ־טען וועגען דער אויסלענדישער רייזע. אַגלאַיאַ אַליין, קאָן זיין, האָט געהאַט אַן אַנדער מיינונג.

דאָס האָט פּאַסירט כמעט איידער אונזער העלד האָט זיך צום צווייטען מאָל באַוויזען, אויף דער סצענע פון אונזער ערצעהלונג. צו דער צייט, אורטהיילענדיג אויבערפלעכליך, האָט מען שוין אין פּע־טערבורג דעם אָרימען פירשט מישקין אינגאַנצען אוספּעיעט צו פאַר־געסען. ווען ער וואָלט פּלוצלונג ערשינען צווישען די וואס האָבען איהם געקענט, וואָלט ער פאַר זיי געווען פונקט ווי ער וואָלט פון הימעל אַראָפּגעפאַלען. און פונדעסטוועגען, וועלען מיר דאָך מאַכען באַקאַנט נאָך איין פאַקט און דערמיט אַליין פאַרענדיגען אונזער אַריינפיהר.

קאָליא איוואָלגין האָט נאָכ'ן פירשטס אָפּרייזען, פאָרטגעזעצט זיין לעבען ווי פריהער. דאָס הייסט, ער איז געגאַנגען אין גימנאַזיע, צו זיין פריינד איפּאָליט, האָט אכטונג געגעבען אויפ'ן גענעראַל און געהאָלפען וואַריאַ'ן אין הויז, דאָס הייסט, ער איז ביי איהר געגאַנ־גען אין שליחות'ן, נאָר די שכנים זיינען שנעל פאַרשוואונדען: פער־דיטשענקאָ האָט פאַרלאָזט זיין קוואַרטיר דריי טאָג נאָך דער פּאַסי־רונג ביי נאַסטאַסיאַ פיליפּאָוונאַ. און ער איז גאַנץ שנעל פאַרלאָרען געגאַנגען. אזוי דאָס מען האָט פון איהם גאָרנישט געהערט; מען האָט געשמועסט, אז ער שיכור'ט ערגעץ. אבער דאָס איז געווען ניט זי־כער. דער פירשט איז אַוועקגעפאָהרען קיין מאָסקווע; מיט די שכנים האָט זיך געענדיגט. צום ליעצט, ווען וואַריאַ האָט שוין חתונה גע־האַט, האָבען נינאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ און האַניאַ אַריבערגעקליבען זיך צוזאַמען מיט איהר צו פּטיצינען. אויף איזמאַילאָווסקי פּאָלק: וואָס

עס געהערט זיך דעם גענעראל איוואלגין, האָט מיט איהם אויך כמעט אין דער זעלבער צייט, פּאַסירט א גאַנץ אומערוואַרטעטער פּאַל. מען האָט איהם פּאַרזעצט אין דער חובות־אָפּטהיילונג. אריינגעזעצט אהין איז ער געוואָרען דורך זיין פריינדין, די קאַפּיטאַנשע, פּאַר דעם וואָס ער האָט איהר אין פאַרשידענע צייטען, אַרויסגעגעבען דאָקומענטען אויף א פּאַר טויזענט רובעל. דאָס אַלץ איז פּאַר איהם געווען א גאַנ־צער סורפּריז, און דער אָרימער גענעראל איז געווען „אַן אמת'ער אָפּ־פער פון זיין גרויסען גלויבען אין דער אָרענטליכקייט פון דעם מענ־שענס נשמה. רעדענדיג אין אַלגעמיין", נעהמענדיג די באַרוהיגענדע געוואוינהייט אונטערצושרייבען לייז־פּאַפּירען, און וועקסלען, האָט ער ניט פּאַרגעשטעלט די מעגליכקייט פון זייער ווירקונג, כאָטש אפילו ווען עס איז. ער האָט אַלץ גערענקט אז דאָס איז זיך אזוי, האָט זיך אַרויסגעוויזען אז דאָס איז ניט אזוי. „געה גלויב, נאָכדעם מענשען, ווייז זיי אַרוים צוטרוי!" האָט ער אויסגעשריען אין זיין צרה'דיגען צושטאַנד, זיצענדיג מיט נייע פריינד, אין דער הויז פון טאַראַסאָוו, פּאַר א פּלעשעל ווייץ און דערצעהלענדיג זיי אַנעקדאָטען וועגען דער באַלאַגערונג פון דער פעסטונג, קאַרס און וועגען דעם סאָל־דאַט וואָס איז אויפגעשטאַנען תחית המתים. איבעריגענס, האָט זיך איהם איצט געלעבט גאַנץ גוט. פּטיצין און וואַריא האָבען געזאָגט, אַז דאָס איז פּאַר איהם דער ריכטיגער פּלאַץ; האַניא האָט עס פּאָל־קאָם באַשטעטיגט. נאָר בלויז די אָרימע נינא אַלעקסאַנדראָווא האָט ביטער געוויינט אין דער שטיל (וואָס עס האָט די היימישע געוואונ־דערט) און שטענדיג קרענקענדיג, האָט זי זיך געשלעפּט אויף איזמאַי־לאָווסקי פּאָלק צו זעהן זיך מיט'ן מאַן. נאָר פון דער צייט „פון דעם פּאַל מיט דעם גענעראל" ווי קאָליא פּלעגט זיך אויסדריקען און אין אַל־געמיין נאָך דער שוועסטער'ס חתונה, איז קאָליא איינגאַנצען אַרוים פון זייער רשות. און ער איז שוין דערגאַנגען דערצו, דאָס אין דער לעצטער צייט פּלעגט ער אפילו זעהר וועניג קומען אהיים נעכטיגען. לויט די קלאַנגען, האָט ער פּאַרפיהרט אסך נייע באַקאַנטשאַפטען. אוי־סער דעם איז ער געווען זעהר באַוואוסט אין דער „חובות־אָפּטיילונג". נינא אַלעקסאַנדראָווא האָט זיך דאַרטען אַז איהם ניט געקענט א קעהר טאָן: אין דער היים אָבער האָט מען איהם אפילו אויס נייגעריקייט, ניט באַאומרוהיגט, וואַריא וועלכע האָט זיך פריהער אזוי שטרענג מיט

איהם געפיהרט, האָט איהם ניט געטשעפּעט מיט קיינע פראגען, וועגען זיינע וואנדערונגען; און האַניא האָט צו דער גרויסער פארוואונ־דערונג פון די היימישע, מיט איהם גערעדט און אפילו אפּט פאר־בראכט זעהר פריינדליך, ניט קוקענדיג אויף זיין מרה־שחורה.

א זאַך וואָס עס האָט מיט איהם פריהער ניט פּאַסירט, ווייל דער זיבען און צוואנציג יאהריגער האַניא, האָט נאַטירליך ניט גע־שענקט זיין פּופּצען יעהריגען ברודערל קיין פריינדליכע אויפמערק־זאמקייט, האָט זיך מיט איהם אויפגעפיהרט גראָב, האָט געפּאָדערט פון אַלע היימישע צו איהם בלויז שטרענגקייט, און האָט שטענדיג געסטראשעט „אז ער וועט זיך צוקלייבען צו זיינע אויערען" א זאַך וואָס ס'פלעגט קאַליאַן ארויספיהרען „פון די לעצטע גרעניצען פון מענשליכען געדולד". מען האָט געקענט דענקען, אז איצט איז קאַליא געווארען פאר האַניא אפילו א נויטווענדיקייט. איהם האָט אביסעל פארוואונדערט, וואָס האַניא האָט דאן אומגעקעהרט צוריק די געלט; דערפאר איז ער געווען גרייט איהם פיעלעס צו פארצייען.

עס זיינען פאַראיבער א מאַנאַטען דריי נאָך דעם פירשט'ס אוועקפאָהר. און ביי די איוואלגין'ס אין הויז האָט מען דערהערט, אז קאַליא האָט זיך באַקאַנט מיט די עפּאנטשין'ס, און ער ווערט זעהר פיין אויפגענומען פון די מיידלאך. ווארייא האָט שנעל וועגען דעם זיך דערוואוסט; עס איז גוט צו וויסען, אז קאַליא האָט זיך באַקאַנט ניט דורך ווארינען, נור „פון זיך אליין". עס האָט גענומען אביסעל צייט, און מען האָט ביי די עפּאנטשין'ס ליעב געקראָגען קאַליען. די גענעראַלשע איז פון אָנהויב געווען מיט איהר זעהר ניט צופרידען, נור אין גיכען האָט זי איהם אָנגעהויבען ליב האָבען„ פאר זיין אָפען־הערציגקייט, און דערפאר וואָס ער חנפה'עט ניט". אז קאַליא האָט ניט גע'חנפה'עט איז געווען פאָלקאָם ריכטיג. ער האָט אויסגעצייגט צו שטעלען זיך ביי זיי אויף א גלייכען פוס, כאָטש ער האָט אָפּטמאָל געלייענט דער גענעראלשע ביכער און צייטונגען — און איז געווען אַלעמאָל דיענסט־פערטיג. איבעריגענס, האָט ער א פּאָר מאָל זיך שטאַרק צוקריגט מיט ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, האָט איהר ערקלעהרט, אז זי איז א דעספּאָטקע, און אז זיין פוס וועט דאָ מעהר ניט זיין אין איהר הויז. דעם ערשטען מאָל איז די קריעג אויסגעבראָכען צו־ליב דער „פרויען־פראַגע" און דעם צווייטען מאָל, צוליב דער פראַגע,

אין וועלכער צייט פון יאָהר איז בעסער צו כאַפּען טשיזיקעס ? ווי עס זאָל ניט קלינגען אומגלויבליך, נור די גענעראַלשע האָט אויפ'ן דריטען טאָג נאָך דעם קריג, איהם צוגעשיקט מיט'ן לאַקעי א צעטעלע, בעטענ־דיג איהם, אז ער זאָל אומבאַדינגט קומען ; קאַליאַ האָט זיך לאַנג ניט געלאָזט בעטען, און איז גלייך געקומען. און אגלאַיאַ איז שטענדיג עפּעס געוועזן צו איהם ניט אויפגעלעגט און האָט איהם באַהאַנדעלט פון אויבען אראָפּ. איהר איז איבעריגענס געווען טהיילווייז באַשערט איהם צו אריינברענגען אין פאַרוואונדערונג. איינמאָל — דאָס איז געווען אין „פּאַסכאַ" — האָט ער אָפּגעהיט די מינוט ווען זיי זיינען געבליבען אליין — און קאַליאַ האָט דערלאַנגט אגלאַיאַ'ן א בריף, זאָגענדיג נור, אז מען האָט געהייסען איהם איבערגעבען בלויז איהר. אגלאַיאַ האָט שטרענג אנגעקוקט דעם „אין זיך איינגעגלויב־טען אינגעל", נור קאַליאַ איז ניט געבליבען וואַרטען און איז ארויס. זי האָט אויפגעעפענט דעם צעטעלע און איבערגעלייענט :

„מיט א צייט צוריק האָט איהר מיר אנגעטאָן דעם כבוד מיט אייער פאַרטרויענשאַפט. ס'קען געבען, אז איהר האָט מיך שוין איצט גאָר אין גאַנצען פאַרגעסען. ווי זשע האָט עס פּאַסירט, וואָס איך שרייב צו אייך ? — איך ווייס ניט. נור ביי מיר איז אויסגעוואַקסען א גוואַלדיגער חשק צו דערמאָנען אייך וועגען זיך. און בלויז אייך. אסך מאָל זייט איהר אלע דריי געווען פאַר מיר זעהר נויטיג, נור פון אלע דריי האָב איך בלויז אייך איינער געזעהן. איך דאַרף אייך האָ־בען. זעהר האָבען. איך האָב גאָר ניט צו שרייבען אייך וועגען זיך. גאָרנישט צו דערצעהלען. דאָס האָב איך אויך ניט געוואָלט. מיר וואָלט זיך שרעקליך געוואָלט, אז איהר זאָלט זיין גליקליך. זייט איהר גליק־ליך ? אָט נור דאָס האָב איך אייך געוואָלט זאָגען.

אייער ברודער, פירשט ל. מישקין.

איבערלעזענדיג דעם דאָזיגען קורציגען און גענוג אומפאַרשטענד־ליכען צעטעלע, איז אגלאַיאַ פּלוצלונג אין גאַנצען רויט געוואָרען און פאַרטראַכט. אונז וואָלט געווען שווער איבערצוגעבען דעם לויף פון איהרע געדאַנקען. צווישען אנדערע, האָט זי זיך געפרעגט : „זאָל זי עס עמיצען באַווייזען ?" זי האָט זיך עפּעס ווי געשעהמט. געענדיגט האָט זי איבעריגענס, מיט דעם, וואָס זי האָט מיט א שפּאָ־

טישען און מאָדנעם שמייכעל, אריינגעוואָרפען דעם בריף צו זיך אין טישעל. אויף מאָרגען, האָט זי איהם ווידער ארויסגענומען און האָט איהם פארלעגט אין א גראָבען בוך געבונדען אין א שטאַרקען איינבראנד, (זי האָט אלעמאָל אזוי געטאָן מיט איהרע פּאַפּירען, כּדי זי זאָל זיי קענען שנעלער געפינען ווען נויטיג). און שוין נור אין א וואָך ארום האָט זיך איהר געמאַכט צו זעהן וואָס פאר א בוך דאָס איז געווען. „דאָן קיכאט לאמאנטשסקי“. אגלאַיאַ האָט זיך שטאַרק צולאכט — ניט ווייסענדיג פאר וואָס.

עס איז אויך אונבאקאנט, אויב זי האָט באוויזען איהר ערוועַרבונג צו איינע פון די שוועסטער.

נור ווען זי האָט נאָמאכאָל איבערגעלייענט דעם בריף איז איהר פּלוצלונג איינגעפאלען: איז דען מעגליך, אז דער „אין זיך איינגעגלויבטער אינגעל“ איז אויסערוועהלט געווארען פון דעם פירשט, צו פיהרען מיט איהם א קאָרעספּאָנדענץ, און אפשר, עס קען דאָך געבען, אז ער איז אויך דער איינציגער קאָרעספּאָנדענט זיינער? כאָטש מיט אן אויסזעהן פון אן אונגעוועהנליכער גרינגשעצונג, אבער דאָך האָט זי גענומען קאליא'ן אויף א פארהער. נור דער שטענדיג שנעל זיך באלעדיגענדער אינגעל האָט דאסמאָל ניט געלעגט די קלענסטע אויפמערקזאמקייט אויף דער גרינגשעצונג; גאַנץ שנעל און גענוג טרוקען, האָט ער ערקלעהרט אגאַליען, אז כאָטש ער האָט דעם פירשט אויף יעדען פאַל, געלאָזט וויסען זיין שטענדיגען אדרעס, איידער דער פירשט האָט פארלאָזען פּעטערבורג, און דערביי פאָרגעלעגט זיינע דיענסטע, נור אז דאָס איז די ערשטע שליחות, וועלכע ער האָט פון איהם ערהאלטען, און דער ערשטער צעטעל פון איהם, און אלס באַשטעטיגונג פון זיינע ווערטער האָט ער איהר באוויזען דעם בריף וואָס ער אליין האָט ערהאלטען. אגאַליא האָט זיך ניט געשעהמט און איבערגעלייענט. אין קאליא'ס בריף איז געווען געשריבען:

„טהייערער קאליא, זייט אזוי גוט, גיט איבער דעם דערביי־ליגענדען פארמאכטען צעטעלע צו אגאליא איוואנאָוונא. בלייבט געזונט!

אייער ליבענדער פירשט ל. מישקין.

— פונדעסטוועגען איז קאָמיש זיך פארטרויען אזא יונגעלע, האָט

מיט א באַלעדיגטען טאָן ארויסגעזאָגט אגלאַיא, אָפּגעבענדיג קאליאן דעם צעטעלע און מיט פאראכטונג דורכגעהענדיג פארביי איהם.

דאָס האָט שוין קאליא ניט געקענט איבערטראָגען: ער האָט אומישנע צוליב דעם פאַל, אויסגעבעטען ביי האניען, ניט ערקלעהרענ־דיג איהם די אורזאכען, צו אָנטאָן זיין נאָך זעהר נייעם גרינעם שאַל. ער האָט זיך שמערצליך באַלעדיגט.

## צווייטער קאפיטעל

ס'איז געווען אין די ערשטע טעג פון יוני, און דער ווינטער איז פעטערבורג איז שוין א גאַנצע וואָך געווען א מערקווירדיג פיינער. די עפּאַנטשין'ס האָבען געהאַט אן אייגענע רייכע דאטשע אין פּאוו־לאָווסק. ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא איז מיט אַמאָל געוואָרען טהע־טיג; מען האָט זיך קיין צוויי טעג ניט אָפּגעטומעלט און מען איז אריבערגעפאָהרען.

אויפ'ן צווייטען אָדער אויפ'ן דריטען טאָג, נאָכדעם ווי די עפּאַנ־טשין'ס זיינען אריבערגעפאָהרען, איז מיט דעם פריהמאָרגענדיגען צוג פון מאָסקווע אויך אָנגעקומען פירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש מישקין. קיינער האָט איהם אויפ'ן וואָגזאַל ניט באגעגענט; נור ביים ארויס־גאַנג פון וואַגאָן האָט זיך דעם פירשט אויסגעדוכט, ווי ער וואָלט געזעהן א מאָדנעם, הייסען בליק פון עמיצענס א פּאָר אויגען, צווישען דעם עולם, וועלכער האָט באַלאַגערט די וואָס זיינען געקומען מיט'ן צוג. זיך איינקוקענדיג אויפמערקזאמער, האָט ער שוין מעהר גאָרנישט אונ־טערשיידט. זיכער איז דאָס האָט זיך איהם בלויז אויסגעדוכט, נור אן איינדרוק איז איהם געבליבען אן אונאנגענעמער, דערצו איז דער פירשט אויך אָהן דעם געווען טרויערדיג און פארטראכט, און וועגען עפּעס פארזאָרגט.

דער פוהרמאַן האָט איהם דערפיהרט ביז אן אכסניה, ניט ווייט

פון דער ליטעינגער. די אכסאניה איז געווען אַן אָרימע. דער פירשט האָט פּאַרנומען צוויי, ניט קיין גרויסע צימערן, דונקעלע און שלעכט געמעבעלירטע, האָט זיך איינגעוואשען, אנגעטאָן, האָט גאָר ניט פאַר־לאַנגט, און איז איילענדיג ארויס אזוי ווי מורא האָבענדיג צו פאַר־לירען צייט אדער עמיצען ניט צו טרעפען אין הויז.

ווען עמיצער פון די וואָס האָבען איהם פריהער געקענט מיט אַ האַלב יאָהר צוריק ביי זיין ערשטען אנקומען אין פּעטערבורג, וואָלט אויף איהם איצט אַ קוק געטאָן, וואָלט ער געוויס באַשלאָסען אַז ער האָט זיך אויסערליך איבערגעביטען פיל צום בעסערען, נור ס'איז צווייפעלהאַפט אויב עס איז געווען אזוי. בלויז אין דער קליידונג האָט ער זיך געענדערט; אַלע קליידער זיינען געווען אנדערע, גענעהט אין מאָסקווע ביי אַ גוטען שניידער, אָבער אין די קליידער איז געווען אַ פעהלער; עס איז געווען שטאַרק גענעהט נאָך דער מאָדע, (ווי עס נעהען שטענדיג ערענטליכע נור ניט זעהר טאַלאַנטירטע שניידער). און אויסער דעם, אויף אַ מענשען וועלכער האָט זיך דערמיט גאַרנישט אינטערעסירט. אזוי דאָס ביי אויפמערקזאַמען אנבליק אויפ'ן פירשט, וואָלט אַ מענש וועלכער האָט זעהר אַ גרויסען חשק צו לאַכען, קען געבען, געפונען פון וואָס אַ שמייכעל צו טאָן. נור מאַלע וואָס, וואָס פון וואָס ס'איז דאָ צו לאַכען?

דער פירשט האָט גענומען דעם פוהרמאַן, און איז אוועק אויף די „פּעסקעס“, אויף איינער פון די ראָזשעדענסווענסקער גאַסען האָט ער שנעל אָפּגעזוכט איינע ניט קיין גרויסע הילצערנע הייזקע. צו זיין פאַרוואונדערונג, איז די דאָזיגע הייזקע געווען שעהן אויפ'ן אויסזעהן, אַ ריינינקע, און געהאַלטען אין גרויסער אָרדנונג, מיט אַ גאָרטענדעל אין וועלכען עס זיינען געוואַקסען בלומען. די פענסטער צום גאַס זיינען געווען אָפען און פון זיי האָט זיך געהערט אַ שאַרפער אונאויפ־הערליכער געשפּרעך, כמעט אַ געשריי, פּונקט ווי עמיצער וואָלט פאַר־געלייענט אין דער הויך, אדער געהאַלטען אַ רעדע; די שטימע האָט זיך פון צייט צו צייט איבערגעריסען מיט אַ געלעכטער פון עטליכע קלינגענדע שטימען. דער פירשט איז אריין אין הויף, האָט זיך אויפ־געהויבען אויפ'ן גאַניקעל און געפרעגט אויף העררן לעבעדעוו.

— אַן זיינען זיי, האָט געענטפערט די קעכין וועלכע האָט געעפ־פענט די טיר, מיט פּאַרקאַטשעטע ביז די עלענבויגענס ארבעל, אַנוויי־

זענדיג מיט'ן פינגער אויף דעם גאַסט־צימער. אין דעם דאָזיגען גאַסט־צימער וועלכער איז געווען אויסגעקלעפּט מיט דונקעל־בלויע אַבּאָעס, און וועלכער איז געווען ריין צוגעקליבען אפילו מיט געוויסע פּרעטענ־זיעס, דאָס הייסט, מיט אַ קיילעכדיגען טיש און סאָפע, מיט אַ בראָנ־זענעם זייגער אונטער אַ קאַלפּאַק, מיט אַ שמאָלען אין צווישען־וואַנט, שפּיגעל, מיט אַן אַלטערטהימליכען ניט קיין גרויסען ענגלייכטער מיט גלעזעלאך, וועלכע זיינען אראָפּגעהאנגען אויף אַ בראָנזענער קייטעלע פון סטעליע, אין מיטען צימער איז געשטאַנען דער הערר לעבעדעוו אליין, מיט'ן פּלייצע צו דעם אריינגעקומענעם פירשט, זומערדיג, אין אַ וועסטעל נור אין אַן אויבערשטען ראָק, און קלאָפּענדיג זיך אין הארצען האָט ער ביטער גערעדט אויף עפּעס אַ טהעמא, אלס צוהערער זיינען געווען: אַ אינגעל פון אַ יאָהר פופצעהן, מיט אַ גאַנץ פרעהליכען און ניט קיין נאַרישען פּנים, און מיט אַ בוך אין האַנט. אַ יונג מיידעל פון אַ יאָהר צוואַנציג, אין גאַנצען אַנגעטאָן אין טראַאור און מיט אַ זויג־קינד אויף די הענט. אַ דרייצעהן יעהריגע מיידעלע אויך אין טראַאור, וועלכע האָט זעהר געלאַכט און דערביי שרעקליך צועפענט דעם מויל, און ענדליך, איינער אַ זעהר מאָדנער צוהערער, וועלכער איז געלעגען אויפ'ן סאָפע, אַ יונג פון אַ יאָהר צוואַנציג אַ גאַנץ שעהנער, אַ שווארץ חן'עוודיגער, מיט לאַנגע געדיכטע האָר, און שווארצע גרויסע אויגען מיט קליינע פאַרזוכען אויף באַקענבאַרדען און אַ באָרד. דער דאָזיגער צוהערער, האָט זיך געדוכט, האָט גאַנץ אָפט איבערגעריסען און באַשטריטען דעם רעדנערישען לעבעדעוו'ן; פון דער פון. מן הסתם האָט עס געלאַכט דאָס איבעריגע פּובליקום.

— לוקיאַן טימאָפעיעוויטש, אַ לוקיאַן טימאָפּעיעוויטש! קוק נור אַן! אבער גיט שוין אַ קוק אהער! אַך, זאָל אייך גאָר פּוסט ווערען!

און די קעכין איז אוועק, שאָקלענדיג מיט די הענט און ווערענדיג אין כעס אַזוי דאָס זי איז אַזש רויט געוואָרען.

לעבעדעוו האָט זיך אומגעקוקט און דערזעהענדיג דעם פירשט, איז ער אַ געוויסע צייט געשטאַנען ווי פון אַ דונער געטראָפען. דער־נאָך האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו איהם מיט אַ קריכערישען שמייכעל, נור אויפ'ן וועג איז ער ווידער ווי פאַרגליווערט געוואָרען איבע־ריגענס ארויסזאָגענדיג:

— אייער עקסעלענץ פירשט!

נור מיט אמאָל, נאָך אַלץ ניט זייענדיג אין קראַפט צו אָנהאַלטען די גלייכגעוויכט, האָט ער זיך אומגעדרעהט און איז פאַר גאָרנישט און פאַר אומזיסט ארויפגעפאַלען, אין אָנפאַנג אויף דער מיידעל אין טראַאור, וועלכע האָט געהאַלטען אין האַנט דאָס קינד, אַזוי דאָס יענע האָט זיך אפילו אביסעל א טרייסעל געטאָן פון אונערוואַרטקייט, נור באַלד איבערלאָזענדיג איהר, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אויף דער דריי־צען יעהריגער מיידעלע, וועלכע איז געשטאַנען אויפ'ן שוועל און פראַט־געזעצט לאַכען מיט שטיקלאַך פון אקאַרשטיגען געלעכטער. יענע האָט ניט אויסגעהאַלטען דעם געשריי און האָט גלייך געשטעלט פיס אין קיך. לעבעדעוו האָט אפילו נאָך איהר צוגעטופּעט מיט די פיס, כדי מעהר אָנצושרעקען, נור באַגעגענדיג דעם פירשט'ס בליק וועלכער האָט געבליקט צוטומעלט, האָט ארויסגעזאָגט אלס אן ערקלעהרונג:

— דאָס איז... צוליב אייער עהרע ווענען, כי־כיכי!

— אומזיסט טוט איהר עס... האָט דער פירשט געווען אָנגעהויבען.

— באַלד, באַלד, באַלד... ווי א שטורעם!

און לעבעדעוו איז איילענדיג פאַרשוואונדען פון צימער. דער פירשט האָט א קוק געטאָן מיט פאַרוואונדערונג אויף דער מיידעל, אויפ'ן אינגעל און אויף דעם וואָס איז געלעגען אויפ'ן סאָפע. זיי אַלע האָ־בען געלאַכט. עס האָט זיך אויך צולאַכט דער פירשט.

— ער איז אוועק אָנטאָן א פראַק, האָט געזאָגט דער אינגעל.

— ווי פאַרדראָסיג דאָס אַלץ איז, האָט געווען אָנגעהויבען דער פירשט — און איך האָב געווען געדענקט... זאָגט, ער...

— איהר מיינט, שיכור? האָט א געשריי געטאָן א שטימע פון סאָפע — ניט קיין ביסעל! אפשר נור א גלעזלאַך דריי — פיער, אדער פינף נור דאָס איז דאָך — דיסציפּלין.

דער פירשט האָט זיך געווען געווענדט צו דער שטימע וואָס קומט פון סאָפע, נור עס האָט אָנגעהויבען ריידען, א מיידעל, און מיט זעהר אן אומשולדיגער מינע אויף איהר בע'חן'טען געזיכט:

— אין די פריהמאָרגענס טרינקט ער קיינמאָל ניט; ווען איהר זייט צו איהם געקומען צוליב א געשעפט, טאָ רעדט איצט, דאָס איז די ריכטיגע צייט. אפשר צו אבענט צו ווען ער קומט צוריק, איז ער שיכור; און דאָס אויך איז אמעהרסטענס ביי נאַכט קלאָגט ער, און

אונז לעזט ער פון דער ביבעל, ווייל ביי אונז איז ערשט פינף וואָכען ווי די מאַמע איז געשטאָרבען.

— דאָס איז ער דערפאר אנטלאָפען, ווייל איהם איז געווים שווער געוואָרען אייך צו ענטפערען, האָט זיך צולאכט דער יונגער מאַן וועלכער איז געלעגען אויפ'ן סאָפע. — איך וועט זיך מיט אייך, אז ער באשווינדעלט אייך שוין, און טאַקע שוין איצט באטראכט ער די פּלע־נער ווי אזוי אייך בעסער צו באשווינדלען.

— אין גאַנצען ערשט פינף וואכען! אין גאַנצען ערשט פינף וואָכען! האָט אונטערגעכאפּט לעבעדעוו, אומקעהרענדיג זיך, שוין אנגעטאָן אין פראַק, ווינקענדיג מיט די אויגען, און שלעפּענדיג פון די קעשענעס א טיכעל צו אָפּווישען די טרערען: — יתומים!

— און פאר וואָס זייט איהר עפּעס ארויסגעקומען אין א לעבער־דיגען רעקעל, האָט געזאָגט דאָס מיידעל — אָט דאָ אונטער'ן טיר ליגט דאָך ביי אייך א נייענקער ראָק, האָט איהר דען ניט געזעהן?

— שוויג, שפּרינגערקע! האָט אויף איהר אָנגעשריען לעבעדעוו
— אך, דו! האָט ער זיך צוטופּעט אויף איהר מיט די פיס, נור דאָס מאָל האָט זי זיך בלויז צולאכט.

— וואָס שרעקט איהר מיך, וואָס, איך בין דאָך ניט טאַניא, וועל ניט אַנטלויפען, און מיט אייערע קולות וועט איהר נאָך אויפ־וועקען ליובאָטשקען, און דער טהייערניקער וועט זיך נאָך אָנטשעפּען... וואָס שרייט, איהר וואָס?

— ני — ני — ני! ביים זיך בעסער אָפּ דעם צונג! — האָט זיך מיט אמאָל דערשראָקען לעבעדעוו, און וואַרפענדיג זיך צו דאָס קינד וואָס איז געשלאָפען אויף די הענט פון דער טאָכטער, האָט ער עטליכע מאָל מיט אַן איבערגעשראָקענעם אויסזעהן, איהם איבער גע'־צלם'ט — גאָט באַהיט, גאָט באַשיץ! דאָס איז מיין אייגענער זויג קינד, די טאָכטער ליובאַוו, האָט ער זיך געווענדט צום פירשט און געבוירען איז זי אין דער געזעצליכסטער הייראַטה פון עלענען, מיין ווייב, וועלכע איז געשטאָרבען פון קימפּעט, און דאָס איז מיין טאָכ־טער ווערא, אין טראַאור.... און דיר, דיר, און דיר...

— וואָס האָסטו זיך פאַרהאַקט? — האָט אויסגעשריען דער יונגער מענש, דו זעטץ פאָרט, שעהם זיך ניט!

— אייער עקסעלענץ! האָט לעבעדעוו פּלוצלונג אויסגערופן מיט עפּעס אַזאַ מין הינריייסונג — וועגן דעם מאָרד פון דער פאַמיליע זשעמארינס, האָט איהר געלעזן אין די צייטונגען?

— כ'האָב געלעזן, האָט דער פירשט געזאָגט מיט אַ געוויסער פאַרוואונדערונג.

— נו, איז דאָס דער אמת'ער מערדער פון דער פאַמיליע זשעמארינס, ער אַליין איז דאָס טאַקע!

— וואָס מיינט עס? האָט געזאָגט דער פירשט.

— דאָס מיינט, אַללעגאָריש גערעדט, דער צוקונפטיגער צווייטער מערדער פון דער צוקונפטיגער צווייטער פאַמיליע זשעמארינס, ווען אַזאַ וועט זיין, דערצו גרייט ער זיך...

אַלע האָבען זיך צעלאַכט. דעם פירשט איז איינגעפאַלען אַז לעבעדעוו קרימט און ברעכט זיך קען געבען דערפאַר נור, ווייל ער פיהלט, אַז ער וועט איהם פרעגען געוויסע פראַגען און ער ווייסט ניט וואָס אויף זיי צו ענטפערען, און ער וויל געווינען צייט.

— ער בונטעוועט! מאַכט פאַרשווערונגען! האָט לעבעדעוו געשריען ווי ער וואָלט שוין מעהר קיין כח ניט געהאַט איינצוהאַלטען זיך: — נו, זאָגט אַליין, קען איך, און האָב איך דען רעכט אַזאַ מאַום מויל, אַזאַ קען מען זאָגען, אויסגעלאַסענער יונג, און אוממענש, צו רעכענען פאַר אַן אמת'ן פּליעמיאַניק, פאַר דעם איינציגען זוהן פון מיין פאַרשטאָרבענער שוועסטער אַניסאַ?

— אבער הער שוין אויף דו שיכור! גלויבט איהר פירשט, איצט איז איהם איינגעפאַלען צו פאַרנעהמען זיך מיט אַדוואָקאַטור, ער פאַרנעהמט זיך מיט געריכטליכע קלאַגען, זיך אַריינגעלאָזען אין שעהן־רעדנעריי און מיט הויכע ווערטער רעדט ער אפילו צו די קינדער, מיט פינף טאָג צוריק האָט ער געהאַלטען אַ רעדע פאַר אַ ריכטער, און וועמען האָט ער זיך אונטערגענומען צו פאַרטהיידיגען; ניט דער אַלטער פרוי וועלכע האָט איהם געבעטען, און וועלכע דער פּאַדלעץ, דער פּראַצענטניק האָט באַראַבעוועט, פינף הונדערט רובעל, איהר גאַנצען פאַרמעגען, זיך צוגענומען, נור טאַקע דעם פּראַצענטניק אַליין, זעידלער'ן עפּעס אַ זשיד, דערפאַר וואָס ער האָט איהם צוגעזאָגט געבען פופציג רובעל...

— פופציג רובעל ווען איך וועל געווינען, און נור פינף ווען איך

וועל פארלירען, האָט פּלוצלונג ערקלעהרט לעבעדעוו, גאָר מיט אַן אַנ־דער שטימע ווי ער האָט גערעדט ביז איצט, און פּונקט אזוי ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געשריען.

— און ער האָט טאַקע פארלאָרען. ס'איז דאָך ניט דאָס וואָס אמאָל. מען האָט זיך בלויז אויסגעלאַכט פון איהם, נור ער איז פון זיך שרעקליך צופרידען געבליבען. געדענקט, זאָגט ער, איהר אונ־פּארטייאישע הערדן ריכטער, אז דער טרויערדיגער אַלטימשקער איז אָהן פּיס. לעבט פון עהרליכער ארבייט, און ער בלייבט אָהן דעם לעצטען שטיקעל ברויט! געדענקט די קלוגע ווערטער פון דעם געזעץ־געבער: „זאָל הערשען רחמנות אין די געריכטס־הייזער!" און גלויבט איהר צו ניט, יעדען פריהמאָרגען האָט ער אונז דאָ איבערגעזאָגט די זעלבע רעדע, פּונקט די זעלבע, וואָס ער האָט געהאַלטען דאָרטען, היינט שוין צום פינפטען מאָל. איידער איהר זייט אריינגעקומען האָט ער זי אונז געלייענט, אזוי פיל געפעהלט זי איהם. ער באַ־לעקט זיך פון זיך אליין, און איצט קלייבט ער זיך נאָך עמיצען פּארט־היידיגען. איהר זייט דאַכט זיך, פירשט מישקין? קאָליאַ האָט מיר וועגען אייך דערצעהלט. אז אַ קליגערן פון אייך האָט ער נאָך אויף דער וועלט ניט באַגעגענט.

— און טאַקע ניט! טאַקע ניט! אַ קליגערער איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, האָט גלייך אונטערגעכאַפּט לעבעדעוו.

— נו, דער האָט לאָמיר זאָגען, געזאָגט ליגען. איינער האָט אייך ליב און דער צווייטער חנפה'ט זיך צו אייך. אבער איך בין גאָר ניט גרייט אייך צו חנפה'ענען. זאָל עס אייך ווערען באַוואוסט. אָבער לאָמיר צוגעבען אַז איהר זייט ניט קיין נאַר; טאָ אורטהיילט צווישען מיר און איהם. נו, ווילסט, וועט דער פירשט אורטיילען — האָט ער זיך געווענדט צום אָנקעל. — איך בין אַפילו צופרידען, פירשט וואָס איהר זייט אָנגעקומען.

— איך וויל! האָט ענטשלאָסען אַ געשריי געטון לעבעדעוו און ניט ווילענדיג זיך אומגעקוקט אויף דער פּובליקום, וועלכע האָט ווידער אָנגעהויבען זיך אריינצושטויסען.

— וואָס איז דאָ ביי אייך געשעהן? האָט אַ זאָג געטאָן דער פירשט, אָנכמורענדיג זיך.

איהם האָט טאַקע וועה געטאָן דער קאָפּ. צו דערצו האָט ער זיך

אַלץ מעהר און מעהר איבערצייגט אַז לעבעדעוו באַשווינדעלט איהם, און איז צופרידען אָפּצולעגען דעם ענין.

— דאָס איז די זאַך: איך בין זיין פּלעמיאַניק, דאָס האָט ער קיין ליגען ניט געזאָגט, כאָטש ער האַלט אין איין זאָגען ליגען. איך האָב נאָך דעם קורס ניט געענדיגט נור איך וויל ענדיגען, און איך באַשטעה אויף מיינס, ווייל איך האָב כאַראַקטער, און דערווייל אום צו דערהאַלטען דאָס לעבען, נעהם איך אָן אַ פּלאַץ פּאַר פינף און צוואַנציג רובעל אויפ'ן אייזען־באַהן. איך בין זיך מודה — אַז אויסער דעם, האָט ער מיר אַ צוויי־דריי מאָל ארויסגעהאָלפען. איך האָב געהאַט צוואַנציג רובעל, האָב איך זיי פאַרשפּילט, וועט איהר מיר עס גלויבען פירשט, אַז איך בין געווען אַזוי געמיין און נידעריג, אַז איך האָב זיי פאַרשפּילט.

— צו אַ געמיינעם יונג, וועלכען מען האָט ניט געדאַרפט צאָה־לען, האָט אַ געשריי געטאָן לעבעדעוו.

— אמת, טאַקע, צו אַ געמיינעם יונג, נור וועלכען מען האָט געדאַרפט באַצאָהלען, האָט פאַרטגעזעצט דער יונגער מענש — און דאָס וואָס ער איז אַ געמיינער יונג דאָס קען איך באַשטעטיגען. און ניט נור דערפאַר ווייל ער האָט דיך אָנגעשלאָגען. דאָס איז פירשט, איינער, אַן אויסגעבראַקירטער אָפיצער, אַן אָפּגעדאַנקטער אָפיצער פון דער פריהערדיגער ראַגאָזשינסקער קאָמפּאַניע. ער גיט לעקציעס אין באָקסען זיך. זיי אַלע שלעפּען זיך איצט ארום נאָכדעם ווי ראַגאָזשין האָט זיי צוטריבען. נור וואָס איז ערגער פון אַלץ, איז דאָס, וואָס איך האָב געוואוסט וועגען איהם, אַז ער איז אַ געמיינער מענש, און אַ גנב, און פונדעסטוועגען האָב איך זיך געזעצט מיט איהם שפּילען, און פאַרשפּילענדיג דעם לעצטען רובעל (מיר האָבען געשפּילט אין שטעקלאַך) האָב איך ביי זיך געקלערט: וועל איך פאַרשפּילען, וועל איך אוועק צום אָנקעל לוקיאַן, וועל זיך אַ נויג טאָן און ער וועט ניט ענטזאָגען. דאָס איז שוין אַ נידעריקייט, אָט דאָס הייסט שוין אַ נידעריקייט! דאָס איז שוין אַ באַוואוסטזיניגע נידערטרעכטיקייט!

— דאָס איז שוין אַ באַוואוסטזיניגע נידערטרעכטיגקייט! — האָט איבערגע'חזר'ט לעבעדעוו.

— נו, טריאומפיר נאָך ניט. וואַרט נאָך אַביסעל, האָט באַלע־דיגטערהייט אויסגערופען דער פּלעמיאַניק — ער איז געווען צופרידען,

וואָס איך בין געקומען צו איהם, פירשט, אהער, און זיך מודה געווען אין אלץ; איך האָב געהאנדעלט ארענטליך, איך האָב זיך ניט געשאָנעוועט. איך האָב זיך פאר איהם אין די אויגען אויסגעזידעלט, ווי נור איך האָב געקענט, דאָ זיינען אלע עדות. אום צו פארנעהמען די שטעלע אויפ'ן אייזען־באהן מוז איך זיך כאָטש ווי סע ניט איז אויסקליידען, ווייל איך בין זעהר אָפּגעריסען. אָט גיט א קוק אויף די שיך! אנדערש קען מען זיך ניט יאָווען אויפ'ן פּלאַץ! און ווען מען יאָוועט זיך ניט אין דער באַשטימטער צייט, וועט א צווייטער פארנעמען דעם פּלאַץ, דאן בין איך ווידער אויפ'ן עקוואַטאָר, און ווי וועל איך אן אנדער פּלאַץ קריגען! איצט בעט איך ביי איהם ניט מעהר ווי פופצען רובעל, און איך זאָג איהם צו, אז איך וועל שוין מעהר קיינמאָל ניט בעטען, און מעהר פון אלץ, נעם איך זיך אונטער איהם אויסצוצאָהלען דעם גאנצען חוב ביז א קאָפּיקע אין די ערשטע דריי מאָנאַטען. איך וועל האַלטען וואָרט. איך קען אויף ברויט מיט קוואַס לעבען גאנצע חדשים, ווייל איך בין א מענש מיט כאראַקטער. פאר דריי חדשים וועל איך קריגען פינף און זיבעציג רובעל, מיט די פריהערדיגע בין איך איהם שולדיג אין גאנצען פינף און דרייסיג רובעל, הייסט עס, אז איך וועל האָבען מיט וואָס צו צאָהלען. זאָל ער זיך באַשטימען א פּראָצענט א וועלכען ער וויל, צום טייוועל! קען ער דען מיך ניט? פרעגט איהם פירשט: פריהער פון אלץ אז ווען ער האָט מיר געהאָלפען צו האָב איך איהם באצאָהלט אדער ניט? טאָ פאר וואָס וויל ער איצט ניט? ער איז בעז געוואָרען דערפאר וואָס איך האָב דעם אפיצער באצאָהלט; קיין אנדער אורזאכע איז ניטאָ! אָט וואָס פאר א מענש דאָס איז, ניט פאר זיך, ניט פאר א צווייטען!

— און ער געהט ניט אוועק! — האָט אויסגעשריען לעבעדעוו — האָט זיך דאָ אוועקגעלעגט און געהט ניט אוועק!

— איך האָב דיר דאָך געזאָגט: איך וועל ניט אוועק ביז דו וועסט ניט געבען. און איהר וואָס שמייכעלט איהר פירשט? דוכט זיך, איהר געפינט אז איך האָב ניט רעכט?

— איך שמייכעל ניט, נור לויט מיין שכל, זייט איהר טאַקע אביסעל ניט גערעכט, האָט אָהן חשק זיך אנגערופען דער פירשט.

— טאָ זאָגט שוין גלייך, אז איך בין אין גאנצען ניט גערעכט,

דרעהט זיך ניט אהין און אהער, וואָס איז דאָס פאר א וואָרט „אבי־סעל!"

— ווען איהר ווילט זייט איהר טאקע אין גאנצען ניט גערעכט.

— ווען איך וויל! ס'איז קאָמיש! צו דען מיינט איהר. אז איך וויים ניט אליין, אז אזוי איז ווילד צו האנדלען, אז די געלט באלאנגען צו איהם, און אז עס איז זיין ווילען צו לייען אדער ניט, און אז פון מיין זייט איז דאָס א פארגוואלטיגונג, אבער איהר פירשט... זייט ניט באָקאנט וואָס עס הייסט לעבען. ווען מען לערנט אזא מענשען ניט אָן, וועט גאָרנישט ארויסקומען. זיי מוז מען אָנלערנען. איהר פאר־שטעהט מיין געוויסען איז דאך א ריינער, לויט מיין געוויסען, וועל איך איהם דאך קיין שאָדען ניט מאכען. איך וועל איהם אומקעהרען מיט פראָצענט. מאָראליש האָט ער דאך געקראָגען גאָ באפרידיגונג; ער האָט געזעהן מיין ערנידערונג, וואָס־זשע דארף ער נאָך? צו וואָס וועט ער דען אנדערש טויגען ווען ער ברענגט ניט קיין נוצען? באטראכט נור, וואָס טוט ער דען אליין? פרעגט נור וואָס טוט ער מיט אנדערע און ווי אזוי ער באשווינדעלט מענשען? ווי אזוי האָט ער אָט די הויז? איך וועל געבען מיין קאָפּ צום אָפּהאַקען, אויב ער האָט אייך שוין ניט באשווינדעלט, און אויב ער האָט שוין ניט באטראכט ווי אייך אויף ווייטער צו באשווינדלען! איהר שמייכעלט, איהר גלויבט ניט?

— מיר דוכט אז דאָס אלץ באלאנגט ניט צו אייער ענין, האָט באמערקט דער פירשט.

— ווי איהר קיקט מיך אָן, ליג איך שוין דאָ דעם דריטען טאָג און וואָס האָב איך זיך שוין דאָ ניט אנגעקוקט! — האָט געשריען דער יונגער מאן ניט הערענדיג. — שטעלט זיך פאָר, אז ער איז חושד אָט דעם מלאך, אָט דער מיידעל, איצט א יתומה, מיין קוזינע, זיין טאָכ־טער, און יעדע נאכט זוכט ער ביי איהר גוטע פריינד! ער קומט דאָ צו מיר שטילערהייט צו, און זוכט אויך ביי מיר אונטער'ן סאָפע. ער איז פון זינען ארונטער פון פארדאַכט־קראנקהייט. אין יעדען ווינקעל זעהט ער גנבים. א גאנצע נאכט שפרינגט ער אויף אלע ווייל'ע, דאָ באקוקט ער די פענסטער, צו זיי זיינען גוט פארמאכט, דאָ פּרובירט ער די טירען, קוקט אריין אין אויוועז, און אזוי אפשר זיבען מאָל א נאכט. געהט אין געריכט זיך אָננעמען פאר שווינדלער, און אליין שטעהט ער א דריי מאָל אין נאכט תפלה טאָן, אָט דאָ אין זאל, אויף

די קניע קלאַפּט ער מיט׳ן שטערען גאַנצע האַלבע שטונדען, פאַר וועמען און וואָס ער טוט עס ניט קיין תּפלה, וואָס־וואָס ער רעדט עס ניט אַז שיכור׳ערהייט? פאַר דער נשמה פון גראַפינע דובארי טוט ער תּפלה. איך האָב עס אַליין מיט מיינע אייגענע אויערן געהערט. ער איז אין גאַנצען פון זינען אַרונטער!

זעהט איהר, הערט איהר פירשט, ווי ער זידעלט מיך! האָט אויסגעשריען לעבעדעוו, רויט ווערענדיג און טאַקע אין אמת׳ן כעס — און דאָס וויים ער ניט, אַז עס קען געבען, אַז איך דער שיכור און שלעפּער, רויבער און גזלן, בין איך דאָס אַלץ ווערטה נור דערפאַר אַליין, וואָס איך האָב אַזאַ ליץ, נאָך גאָר אַלס אַ קינד, אין וויקעלאַך געוויקעלט, און געבאָדען, און ביי דער אָרימער, אַלמנה געוואָרענער שוועסטער אַניסאַ, האָב איך, אויך אַזאַ אָרימער ווי זי, נעכט אָפּגעזעסען, דורכאויס ניט צוגעמאַכט קיין אויג און אויףביידע קראַנקע אַכטונג געגעבען. ביי דעם וועכטער אַנטאָן, האָלץ גע׳גנב׳עט, איהם ליעדער געזונגען, מיט די פינגער צוגעקנאַקט, מיט אַ הונגעריגען מאָגען, און אָט האָב איך עס אויסגעהאָדעוועט, אָט לאַכט ער איצט פון מיר! און וואָס איז דאָס דיין געשעפט, ווען איך האָב טאַקע פאַר דער נשמה פון דער גראַפינע דובארי, אַמאָל דעם שטערן איבער גע׳צלמ׳עט? איך האָב פירשט, מיט אַ טאָג פיער צוריק, צום ערשטען מאָל אין לעבען, איהר לעבענס־באַשרייבונג אין אַ לעקסיקאָן איבערגעלייענט. און ווייסט כאָטש ווער די דובארי איז געווען? זאָג, ווייסטו אָדער ניט?

— נו, דו אַליין ווייסט נור — האָט שפּאָטיש נור אָהן חשק אַרויסגעמורמעלט דער יונגער מענש.

— דאָס איז געווען אַזאַ גראַפינע, וועלכע איז אַרויסגעקומען פון נידעריגען יחוס, האָט אויפ׳ן פּלאַץ פון אַ קעניגען געפיהרט די מלוכה, און וועלכע איינע אַ גרויסע אימפּעראַטעריצע, אין איהר זעלבסטגעשריבענעם בריף Ma Cousine אַנגעשריבען. דער קאַרדינאַל דעם פּאַפּ׳ס געזאַנטער, האָט איהר אויף לעווע־דור־רואַ (ווייסט וואָס דאָס מיינט לעווע־דור־רואַ.) האָ טזיך אַרויסגערופען אַליין אָנצוטאָן איהר זיידענע זאָקען אויף איהרע נאַקעטע פיס, און האָט עס נאָך געהאַלטען פאַר אַן עהרע. — פאַרשטעהסט, אַזאַ הויך־געשטעלטע און היילינע פּערזענליכקייט! ווייסטו דערפון? נאָך דיין פּנים דערקען

איך, אז דו ווייסט ניט! און ווי אזוי איז זי געשטאָרבען? ענטפער, אויב דו ווייסט!

— נעהם זיך אוועק! וואָס האָסטו זיך אנגעטשעפּעט!

— געשטאָרבען איז זי, וואָס נאָך אזא עהרע, האָט אָט אזא געוועזענע הערשערין איוועקגעשלעפּט אויף דער גילאָטינע דער הענקער סאמפּסאָן, אומשולדיגערהייט, אויף דער פאַרוויילונג פון די פאַריזער לעדיג געהער, און זי פון שרעק, פאַרשטעהט ניט וואָס עס קומט מיט איהר פאָר. זי זעהט, אז ער נעהמט איהר האַלז און לעגט זי אונטער אונטער'ן מעסער און בריקעט זי נאָך צו מיט'ן פוס. — יענע לאכען — און זי הויבט אן שרייען: — Encore un moment Monsieur le Bourreau, Encore un moment!.. וואָס עס באדייט: „וואַרט נאָך צו איין מינוטעלע הערר בורזשוי, בלויז איין מינוטעלע!“ און אָט פאַר דער מינוטעלע וועט איהר גאָט פאַרצייען ווייל א גרעסערען חזק פון דער מענשליכער נשמה קען מען גאָר ניט פאַרשטעלען. ווייסטו וואָס מיינט דער וואָרט מיזער? נו איז ער אליין טאַקע א מיזער. פון אָט דעם גראַפינעס געשריי, וועגען דער איין מינוטעלע, איז ווי איך האָב דאָס איבערגעלייענט איז אזוי ווי מיין האַרץ וואָלט פאַרכאַפּט געוואָרען מיט אָפּצוואַנגעס. און וואָס אַרט עס דיך, וואָרים איינער, וואָס איך, לעגענדיג זיך שלאָפען, האָב זיך דערמאָהנט איהר אין א תפלה דערמאָהנען, און טאַקע דערפאַר קען זיין, האָב איך זי דערמאָנט, ווייל פאַר איהר נשמה, האָט זיכער זינט די וועלט שטעהט, קיינער קיינמאָל דעם שטערן ניט איבערגע'צלם'ט. און אפילו ניט א טראכט געטאָן וועגען דעם. איז וועט איהר, זיכער זיין אנגענעהם צו פיהלען אויף יענער וועלט, אז עס האָט זיך געפונען פונקט אזא בעל־עברה ווי זי, וועלכער האָט פאַר איהר כאָטש איין מאָל אויף דער ערד תפלה געטאָן. וואָס לאכסטו, דו? דו אטעאיסט, גלויבסט ניט? אבער פון וואַנען ווייסטו? און אויך דאָס האָסטו געזאָגט א ליגען ווען דו האָסט שוין מיך אונטערגעהערט: איך האָב ניט גלאַט פאַר איין דער גראַפינע דובארי תפלה געטאָן איך האָב געלייענט אזוי! בארוהיג גאָט, די נשמה פון דער גרויסער זינדערין גראַפינע דובארי און אלע וואָס זיינען עהנליך צו איהר.“ און דאָס איז שוין עפּעס אנדערש, ווייל עס זיינען דאָ אסך אזעלכע גרויסע זינדערינס, אוןביישפּילע פון דער ענדערונג פון מזל, און אויסגעליטענע, וועלכע וואַגלען איצט דאָרט

אום און קרעכצען און ווארטען. און איך האָב אויך פאר דיר און פאר אַזעלכע ווי דו, אַזעלכע עזות־פּנים'ער און אָפּשפּאַטער דאַן אויך תפלה געטאָן. ווען דו האָסט זיך שוין אונטערגענומען מיך אונטערצוהערען, ווי אַזוי איך טוה תפלה...

— נו, גענוג שוין, גענוג, טוה תפלה פאר וועמען דו ווילסט, זאָל דיך דער טייוועל נעמען, ס'האָט זיך פאַנאַנדערגעשריען! — האָט מיט ערגערניש איבערגעשלאָגען דער פּלעמיאַניק — ער איז דאָך ביי אונז אַן אַנגעלעזענער, איהר האָט עס פירשט ניט געוואוסט? האָט ער צוגעגעבען מיט עפּעס אַ מאָדנעם שמייכעלע. ער האַלט איצט אין איין לייענען אַלץ אַזעלכע ביכלאָך און מעמואַרען...

— אייער אָנקעל איז פונדעסטוועגען... ניט קיין מענש אָהן אַ הארץ, האָט אָהן חשק באַמערקט דער פירשט. דער יונגער מאַן איז איהם אַלץ מעהר אָפּשטויסענדער געוואָרען.

— איהר וועט דאָך איהם, ביי אונז אָט אַזוי אריינלויבען אין די הימלען אריין! זעהט איהר, אָט האַלט ער שוין די האַנט ביים הארצען און דער מויל אין אַן „איזיצע", ער האָט עס גלייך פאַסמאַקעוועט. אַז ער איז אַ מענש ניט אָהן אַ הארץ, דאָס גיב איך אייך צו, אבער דער אומגליק איז וואָס ער איז אַ פּלוט; און דערצו נאָך אַ שיכור. ער האָט זיך צושרויפט ווי יעדער מענש וואָס שיכור'ט עטליכע יאָהר און דעריבער סקריפּעט עס ביי איהם אַזוי. אמת, די קינדער האָט ער ליב, די פאַרשטאָרבענע טאַנטע האָט ער געאַכטעט... אפילו מיך האָט ער ליב, און ביי־גאָט ער האָט אין דער צוואה, מיר אַ טייל איבערגעלאָזט.

— איך וועל גאָר־נישט איבערלאָזען! האָט מיט אכזריות אויסגעשריען לעבעדעוו.

— הערט מיך אויס, לעבעדעוו, האָט שטרענג געזאָגט דער פירשט, זיך אָפּקעהרענדיג פון דעם יונגען מענשען — איך ווייס דאָך פון ערפאַהרונג, אַז איהר זייט אַ געשעפטס־מאַן, ווען איהר ווילט... איך האָב איצט זעהר ווייניג צייט און אויב איהר... ענטשולדיגט, ווי איז אייער נאָמען און נאָמען פון פאָטער? איך האָב פאַרגעסען.

— טי־טי־טימאָפעי.

— און?

— לוקיאַנאָוויטש!

אַלע וואָס זיינען געווען אין צימער האָבען זיך ווידער צולאַכט.

— ער האָט געזאָגט א ליגען! האָט אויסגעשריען דער פּלעמי־אַניק — אויך דאָ האָט ער געזאָגט א ליגען! איהם רופט מען פּירשט, גאָר ניט טימאָפעי לוקיאַנאָוויטש, נור לוקיאַן טימאָפעיעוויטש! און זאָג, צו וואָס האָסטו געזאָגט א ליגען? נו, איז דיר דען ניט אַלץ איינס, לוקיאַן צו טימאָפעי, און וואָס ארט עס דעם פּירשט? און דאָס פארזיכער איך אייך, לייגט ער דאָך בלויז אויס געוואוינהייט.

— איז דען מעגליך, אז דאָס איז אמת? האָט אונגעדולדיג גע־פרעגט דער פּירשט.

— אמת, איך רוף זיך לוקיאַן טימאָפעיעוויטש, האָט איינגע־שטימט און זיך פארשעהמט לעבעדעוו, אונטערטהעניג אראָפּלאָזענ־דיג די אויגען און ווידער לעגענדיג די האַנט אויפ'ן הארצען.

— אָט צו וואָס טוט איהר עס, אַך גאָט מיינער!

— צוליב זעלבסט פארקלענערונג, האָט א שעפּטשע געטאָן לע־בעדעוו אלץ מעהר און אונטערטהעניגסטער אַנבויגענדיג מיט'ן קאָפּ.

— ער, וואָס איז דאָס פאר א זעלבסט־פארקלענערונג! ווען איך וואָלט נור געוואוסט וואו איך קאָן איצט טרעפען קאָליאַן! האָט געזאָגט דער פּירשט און געוואָלט אוועקגעהן.

— איך וועל אייך זאָגען וואו קאָליא איז, האָט זיך ווידער ארויס־גערופען דער יונגער מאַן.

— ניט! ניט! ניט! האָט זיך גענומען אין איילעניש קאָכען לעבעדעוו.

— קאָליא האָט דאָ גענעכטיגט, נור אין דער פריה איז ער אוועק אויסצוזעפינען זיין גענעראַל, וועלכען איהר פּירשט האָט פון דער „אָפּ־טיילונג“, גאָט ווייס צו וואָס אויסגעלייזט. דער גענעראַל האָט נאָך נעכטען צוגעזאָגט צו קומען אהער נעכטיגען, אָבער ער איז ניט גע־קומען, זיכערער פון אַלץ האָט ער איבערגענעכטיגט אין דעם האָטעל, „די וואָג“, ס'איז ניט זעהר ווייט פון דאַנען. איז הייסט עס, אדער דאָרטען, אָדער אין פּאַוולאָווסק ביי די עפּאַנטשין'ס. געלט האָט ער געהאט און ער האָט נאָך נעכטען געוואָלט פאָהרען. און אזוי הייסט עס, ער איז אין „די וואָג“ אדער אין פּאַוולאָווסק.

— ער איז אין פּאַוולאָווסק! אין פּאַוולאָווסק!... און מיר וועלען געהן אהער, אהער אין סעדעל און... קאַפע...

און לעבעדעוו האָט אוועקגעשלעפּט דעם פּירשט פאר'ן האַנט.

זיי זיינען ארוים פון צימער, דורכגעגאנגען דעם הויפעל און אריין אין טיר פון גארטען. דאָ איז טאַקע געווען זעהר א קליינינקער און זעהר א שעהנינקער סעדעל, אין וועלכען, א דאנק דעם שעהנעם וועטער, האָבען זיך שוין אלע בוימער צובליהט. לעבעדעוו האָט אוועקגעזעצט דעם פירשט אויף דער גרינער הילצערנער באנק. פאר דעם גרינעם, ארייגערוקטען אין דער ערד טיש, און אליין האָט ער זיך אוועקגע־זעצט אנטקעגען. אין א וויילע ארום, האָט מען טאַקע אויך געבראכט קאַפע, דער פירשט האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט. לעבעדעוו האָט פארט־געזעצט גייציג און קריכעריש ארייגצוקוקען איהם אין די אויגען.

— איך האָב ניט געוואוסט, אז איהר זייט אזא פיינער בעל־הבית, האָט געזאָגט דער פירשט, מיט דעם אויסזעהן פון א מענשען, וועלכער טראכט גאר פון עפּעס אנדערש.

— יתומים, האָט געווען אָנגעפאנגען ציטערענדיג לעבעדעוו, נור ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער פירשט האָט צוטראַגענערהייט גע־קוקט פאר זיך, און ער האָט אודאי שוין פארגעסען זיין פראגע. ס'איז אוועק נאָך א מינוט, לעבעדעוו האָט נאָכגעקוקט און געוואַרט.

— נו, איז וואָס? האָט געזאָגט דער פירשט, ווי ערוואכענדיג.

— א, יע! איהר ווייסט דאָך לעבעדעוו אין וואָס עס באשטעהט אונ־זער געשעפט; איך בין געקומען ערהאלטענדיג אייער בריף. רעדט!

לעבעדעוו האָט זיך פארלאָרען, האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, נור ער האָט זיך בלויז זאַיקעט: עס האָט זיך גאָרנישט ארויסגערעדט. דער פירשט האָט געוואַרט און טרויעריג א שמייכעל געטאָן.

— ווי מיר דוכט, לוקיאן טימאָפעיעוויטש, פארשטעה איך אייך זעהר גוט. איהר האָט מיך געווים ניט ערווארטעט. איהר האָט גע־דענקט, אז איך וועל פון מיין ווילדערניש, זיך ניט אויפהויבען גלייך נאָך אייער ערשטער באנאכריכטונג. איהר האָט עס בלויז אנגעשרי־בען אום ריין צו מאַכען אייער געוויסען. אָבער איך בין גראד געקור־מען. נו, גענוג, נארט מיך ניט, גענוג שוין צו דיענען צו צוויי בעלי־בתים. ראגאזשין איז שוין דריי וואָכען דאָ, איך ווייס אלץ, האָט איהר אוסעפּיעט צו פארקויפען זי צו איהם ווי דעם פריהערדיגען מאָל, אָדער ניט? זאָגט דעם אמת.

— דער אוממענש האָט זיך אליין דערוואוסט.

— זידעלט איהם נים, ער האָט אודאי מיט אייך מאוס געהאַנ־דעלט...

— ער האָט מיך צושלאָגען, צושלאָגען! האָט אונטערגעכאַפּט מיט היץ לעבעדעוו, — און ער האָט אין מאָסקווע אויף מיר אנגערייצט א הונט, איבער'ן גאַנצען גאַס. א יאַגד־צויג, א שרעקליכע צויג.

— איהר מיינט איך בין א קינד, לעבעדעוו, זאָגט, ערנסט, האָט זי איהם איצט ווידער איבערגעלאָזט אין מאָסקווע?

— ערנסט, ערנסט, ווידער אונטער דער סאַמע חופּה, יענער האָט שוין געצעהלט די מינוטען, און זי לויפט אהער אין פּעטערבורג און גלייך צו מיר: „ראַטעווע, באַשיץ מיך לוקיאַן, און זאָג ניט דעם פירשט"... זי האָט פאר אייך, פירשט, נאָך מעהר מורא ווי פאר איהם, דאָ ליגט — חכמה!

און לעבעדעוו האָט כיטרע צוגעלעגט דעם פינגער צום שטערן.

— און איצט האָט איהר זיי ווידער צוזאַמענגעפיהרט?

— ליכטיגסטער פירשט, ווי האָב איך געקענט... ווי האָב איך געקענט ניט דערלאָזען?

— נו, גענוג, איך וועל אליין אלץ אויסגעפינען. זאָגט מיר נור, וואו געפינט זי זיך אצינד? ביי איהם?

— אָ, ניין! ניין! ניין! זי איז נאָך אליין פאר זיך. איך, זאָגט זי בין א פרייער מענש, און ווייסט איהר פירשט, זי באַשטעהט שטאַרק אויף דעם. איך, זאָגט זי, בין נאָך אין גאַנצען א פרייע, זי וואוינט נאָך אלץ אויף דער פּעטערבורגער גאַס, אין דער הויז פון מיין קרובה, ווי איך האָב אייך געשריבען.

— זי איז נאָך איצט אויך דאָרטען?

— דאָרטען אויב זי איז ניט אין פּאַוולאָווסק, צוליב דעם שעהנעם וועטער, קען זי זיין ביי דאריע אלעקסעיעווגער אויף דער דאַטשע, איך, זאָגט זי, בין אין גאַנצען א פרייע; נעכטען נאָך האָט זי ניקאָלאַיען ארדאליאנאָוויטש'ן מיט איהר פרייהייט זיך באַריהמט. א שלעכטער סמן!

לעבעדעוו האָט א שמייכעל געטאָן.

— קאָליא איז ביי איהר אָפט?

— א לייכטזיניגער, א ניט באַגרייפליכער און האלט קיין סוד ניט.

— איהר זייט שוין דארט לאנג ניט געוועזן?

— איך בין דאָרט אַלע טאָג, אַלע טאָג.

— הייסט עס, אז איהר זייט נעכטען אויך געוועזן?

— ניין. שוין פערטער טאָג ניט.

— א שאָד וואָס איהר זייט אביסעל שיכור לעבעדעוו, ווען ניט, וואָלט איך אייך עפּעס געבעטען.

— איך בין גאָר ניט שיכור, אויף קיין האר ניט!

לעבעדעוו האָט זיך אזש אויפגעהויבען.

— זאָגט מיר נור, אין וואָס פאר א צושטאַנד האָט איהר זי איבערגעלאָזט?

— א זוכענדע...

— אַ זוכענדע?

— אזוי ווי זי וואָלט אַלץ עפּעס-וואָס געזוכט, אזוי ווי זי וואָלט עפּעס פארלאָרען. און וועגען דער פארשטעהענדער חתונה איז איהר אפילו דער געדאנק אליין עקעלהאַפט, און זי נעהמט עס אַן פאר א באַלעדיגונג. און וועגען א י ה ם אליין, דענקט זי אויף אזוי פיל ווי וועגען א שאָלעכץ פון אַן אפּעלסין, ניט מעהר, דאָס הייסט אפשר מעהר, מיט שרעק און מורא. זי פארבאָט אפילו צו רעדען וועגען איהם, און זעהען זעהען זיי זיך, בלויז ווען ס'איז נויטיג... און ער פיהלט עס שוין צופיל! און מען קען זיך ניט אויסדרעהען! זי איז אומרוהיג, שפּאָטיש, צוויי-צינגיג, און בינדיג.

צוויי-צינגיג און בינדיג?

— יע, ווייל זי האָט זיך אַן מיר דעם לעצטען מאָל אַנגעבונדען, און שיעור ניט געכאַפּט פאר די האָר. פאר איין געשפּרעך. איך האָב אזש גענומען לעזען פון עוואנגעליום.

— וואָס מיינט עס? האָט איבערגעפרעגט דער פירשט, דענקענדיג אז ער האָט פארהערט.

— מיט לעזען פון עוואנגעליום. זי איז א דאמע מיט אַן אומרוהיגער פאנטאַזיע. כע, כע! און דערצו האָב איך אויסגעפונען אז צו ערנסטע טהעמאס, כאָטש זייטיגע, איז זי זעהר געגויגט. זי ליבט עס, ליבט עס, און רעכענט עס אפילו פאר א באזונדער עהרע פאַר זיך. און איך פארשטעהט איהר מיך, בין אין עוואנגעליום זעהר שטאַרק. שוין פוצעהן יאָהר אז איך שטודיר עס. זי האָט איינגעשטימט מיט

מיר, אַז מיר האָבען ביים דריטען פערד, דעם ראָבען, און ביי דעם רייטער וועלכער האָט אַ מעסטעל פון זיין האַנט, אַזוי ווי אַלץ איז דער היינטיגער צייט איז אויף מאָס און אבשרייבונג, און יעדער מענש זוכט נור זיין רעכט; „אַ מעסטעל ווייץ פאַר געלט, און דריי מעסטלאַך האָבער פאַר געלט", און מען וויל נאָך דערביי דעם פרייען גייסט און גאָטס געשאַנקען אויפצוהאַלטען. אָבער בלויז אויף רעכט, קען מען דאָס ניט אויפהאַלטען. און דערפאַר קומט נאָכדעם דער בלייכער פערד דער, וועמענס נאָמען איז — טויט און נאָך איהם קומט שוין דער גהנם... ווענגען דעם ריידען מיר ווען מיר קומען זיך צונויף. — און דאָס האָט שטאַרק געווירקט.

— און איהר אַליין גלויבט כאָטש? האָט געפרעגט דער פירשט באַקוקענדיג לעבעדעוו'ן מיט אַ מאָדנעם בליק.

— איך גלויב און באַנעהם, ווייל אָרים און נאַקעט און אַ גאַר־נישט בין איך אין דעם קרייז פון מענשען. און ווער ווערט דערמאָנען לעבעדעוו'ן? יעדערער מאַכט חוזק פון איהם, און יעדער באַגלייט איהם שיעור ניט ארויס מיט אַ שטופּ. אָבער אין דעם דאָזיגען פאַר־שטעהן פון עוואַנגעליום בין איך גלייך צו דעם גרעסטען, ווייל איך האָב פאַרשטאַנד! און דער גרעסטער ציטערט ביי מיר... אויף זיין שטוהל, באַנעהמענדיג מיט שכל. זיין עקסעלענץ, ניל אַלעקסעיעוויטש, האָט מיט דריי יאָהר צוריק, פאַר דער הייליגער פּאַסחא, ווענגען מיר געהערט. — ווען איך האָב נאָך געדינט ביי זיי אין דערפּאַרטמענט. — און זיי האָבען אומישנע מיך ארויסגערופען פון דער וואַך־צימער צו זיך אין קאַבינעט דורך פעטער זאַכאַריטש און מיך געפרעגט אויג אויף אויג: „איז דאָס אמת אַז דו ביזט דער פּראָפעסאָר פון אַנטיכריסט?" און איך האָב ניט באַהאַלטען פון איהם: „יע איך בין." זאָג איך און איך, האָב ארויסגעלעגט און פאָרגעשטעלט און האָב דעם שרעק ניט ווייכער געמאַכט, נור איך האָב פאַנאַנדערגעבונדען דעם אַלעגאָרישען קניפּעל, נאָך פיל שטאַרקער געמאַכט און דעם חשבון אונטערגעפיהרט און זיי האָבען אונטערגעשמייכעלט אָבער פון די ציפער און פון דאָס גלייכען, האָבען זיי אַנגעהויבען ציטערען. און געבעטען דעם בוך פאַר־מאַכען און געהן, און אויף פּאַסחא האָבען זיי מיר באַשטימט אַ באַלוינונג, און אין דעם יום טוב פּאָמאַ האָבען זיי גאָט די נשמה אוועקגעגעבען.

— וואס רעדט איהר לעבעדעוו?

— אזוי איז דאס געוועז. נאך מיטאג זיינען זיי ארויסגעפאלען פון קארעט... א פאל אויפ'ן טומבאטשקע און ווי אן עופה'לע, ווי אן עופה'לע, זיינען דא אויפ'ן פלאץ אויך אויסגעגאנגען. זיי זיינען אלט געוועז דריי און זיבעציג יאהר לויט דעם פארמולאר, א רויטענקער, א גרויענקער, אין גאנצען באגאסען מיט פארפיומען און זיי האבען אלע געשמייכעלט, געשמייכעלט, אזוי ווי אן עופה'לע, פעטער זאכא־ריטש האבען מיך דאן דערמאנט: „דאס האסטו פאראויסגעזאגט", זאגט ער.

דער פירשט האט זיך גענומען אויפהויבען. לעבעדעוו האט זיך פארוואונדערט און איז אפילו געוועזען אין א פארלעגענהייט, וואס דער פירשט שטעהט שוין אויף.

— איהר זייט שוין געווארען זעהר גלייכגילטיג, כע, כע! האט ער זיך אנגענומען מיט מוטה און באמערקט מיט עהרפורכט.

— איך פיהל זיך ניט ביים גאנצען געזונט, דער קאפ איז מיר שווער, פון דער רייזע, האט געענטפערט דער פירשט זיך אנכמורענדיג.

— איהר האט געדארפט זיין אויף א דאטשע, האט ציטערדיג אונטערגעפיהרט לעבעדעוו.

דער פירשט איז געשטאנען א פארטראכטער.

— איך אליין וועל אויך אין א טאג דריי ארום, מיט מיין גאנצער הויז־געזינד אוועקפאהרען אויף א דאטשע, כדי פארהיטען די נייגעבוירענע עופה'לע און אויך כדי דא אין הויז אלץ צו רעמאנטירען, און מיר קלייבען זיך אויך קיין פאוולאווסק.

— איהר אויך קיין פאוולאווסק? האט פלוצלונג געפרעגט דער פירשט — וואס טוט זיך דא? אלע פאהרט איהר קיין פאוולאווסק? און איהר האט, זאגט איהר, דארט אייער אן אייגענע דאטשע?

— ניט אלע פאהרען אין פאוולאווסק. און מיר האט איוואן פעטראוויטש פטיצין אפגעלאזט איינע פון זיינע דאטשעס, וועלכע ער האט געקראגען פאר זעהר ביליג. עס איז אי שעהן, אי הויך, אי גרין, אי ביליג, אי מוזיקאליש, און דערפאר לויפען דאס אלע קיין פאוולאווסק. איך וועל איבעריגענס, וואוינען אין פליגעל, און די דאטשע...

— האט איהר שוין פארדונגען?

— נ־ניין! ניט, נאָך ניט אין גאנצען.

— פארדינגט זי מיר! האָט אונערווארטעט פארגעשלאָגען דער פירשט.

עס ווייזט אויס אז צו דער צו האָט עס לעבעדעוו בלויז צוגע־פיהרט. ביי איהם האָט דיזער פּלאַן מיט א דריי מינוט פריהער א בליץ געטאָן אין קאָפּ. און באמת האָט ער זיך גאָר אין קיין שכן ניט גענויטיגט. איינער וואָס האָט געוואָלט אָפּדינגען די דאַטשע איז שוין געוועזען ביי איהם און האָט אליין אָנגעזאָגט, אז עס קען זיין אז ער וועט די דאַטשע אָפּדינגען. לעבעדעוו האָט געוואוסט אויף זיכער, אז „ניט עס קען זיין" נור ער וועט אויף געוויס אָפּדינגען. נור איצט האָט ביי איהם מיט אמאָל א בליץ געטאָן, א געדאנק, לויט זיין רעכענונג, זעהר א פּרוכטבאַרער; צו פארדינגען די דאַטשע דעם פירשט, באנור־צענדיג זיך דערמיט וואָס דער פריהערדיגער דינגער, האָט זיך ניט באַ־שטימט אויסגעשפּראָכען. „א נייער צוזאמענשטויס און א גאנץ נייער גאנג אין דער זאך", האָט זיך איהם פּלוצלונג פארגעשטעלט. דעם פירשטס פארשלאַג האָט ער אויפגענומען שיעור ניט מיט פרייד, אזוי דאָס אויף דער דירעקטער פראגע זיינער וועגען פרייז האָט ער אפילו צופיהרט מיט די הענט.

— נו, ווי איהר ווילט; איך וועל זיך נאָכפרעגען. איהר וועט אייערם גאָר ניט פארלירען.

זיי זיינען ביידע שוין ארויסגעגאנגען פון סאַד.

— און איך וואָלט אייך... איך וואָלט אייך... ווען איהר וואָלט געוואָלט, וואָלט איך אייך געקענט דערצעהלען עפּעס א זעהר אינטערע־סאַנטע זאך, הויך־געשעצטער פירשט, א זאך וועלכע באלאנגט צום ענין, האָט א מורמעל געטאָן לעבעדעוו, פרעהלאך זיך דרעהענדיג ארום פירשט, פון הינטען.

דער פירשט האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— דאריא אלעקסעיעוונא, האָט אויך אין פּאוולאָווסק א דאַט־שעלע.

— נו?

— און א באקאנטע פּערזאָן, א פריינדין איהרע, און ווי עס ווייזט אויס איז יענע גרייט גאנץ אָפט צו באזוכען זי אין פּאוולאָווסק מיט א צוועק.

— נו?

— אגלאיא איוואנאָוונא...

— אך, לעבעדעוו, גענוג שוין! האָט מיט עפּעס אזא אונאנגע־נעהמען געפיהל איבערגעשלאָגען דער פירשט, פּונקט ווי מען וואָלט זיך צוגעריהרט צו זיינס א קראַנקען פלאץ. — דאָס איז אלץ... ניט דאָס... זאָגט בעסער, ווען קלייבט איהר זיך אריבער? פאַר מיר איז וואָס גיכער אלץ בעסער, ווייל איך שטעה אין א האָטעל...

רעדענדיג, זיינען זיי ארויס פון סאַד, און אריינגעהענדיג אין הויז, זיינען זיי אריבער דעם הויפעל און צוגעקומען צו דעם גאַרטען־טיר.

— איהר ווייסט גאָר וואָס, האָט ענדליך זיך דערטראכט לעבע־דעוו — קלייבט זיך גאָר אריבער צו מיר, פון האָטעל, טאקע נאָך היינט, און איבערמאָרגען וועלען מיר אלע צוזאמען פאָהרען אין פּאווּ־לאָווסק.

— איך וועל זעהן, האָט געזאָגט דער פירשט פארטראכטערהייט, און איז ארויס פון טויער.

לעבעדעוו האָט איהם נאָכגעקוקט, איהם האָט ערשטוינט די פּלוצ־ליכע צוטראָגענקייט פון פירשט. ארויסגעהענדיג האָט ער זיך אפילו פארגעסען זעגענען. ער האָט אפילו מיט'ן קאָפּ ניט א שאָקעל געטאָן וואָס עס האָט גאָר ניט געשטימט מיט דעם פירשטס באקאנטער העפ־ליכקייט און אויפמערקזאמקייט.

---

## דריטער קאַפּיטעל.

עס איז שוין געווען צוועלף אזייגער. דער פירשט האָט גע־וואוסט, אז ביי די עפּאַנטשין'ס אין שטאָט קען ער איצט געפינען בלויז דעם גענעראל, ביי זיין דינסט און אפשר איהם אויך ניט. ער האָט א טראכט געטאָן, אז דער גענעראל וועט אודאי איהם נאָך נעהמען און וועט איהם גלייך אוועקפיהרען אין פּאוולאָווסק. און ער האָט

ביז דאָן געוואָלט מאַכען איין וויזיט. אויף דעם ריסק צו פאַרשפּעטיגען צו די עפּאַנטשין'ס און אָפּלעגען זיין רייזע אין פּאַוולאָווסק ביז מאָרגען, האָט דער פּירשט באַשלאָסען צו אויפזוכען א הויז וועלכע ער האָט אזוי געוואָלט באזוכען.

דער דאָזיגער וויזיט, איז איבעריגענס, געוועזן פאַר איהם אין א געווּיסען זינען א ריזיקאַלישער. ער האָט ניט געוואוסט ווי צו ענטשליסען זיך. ער האָט זיך ניט געקענט באַשליסען. וועגען דער הויז האָט ער געוואוסט, אז זי געפינט זיך אויף דער גאָראָכאָוואַיאַ, ניט ווייט פון דער סאַדאָוואַיאַ, און ער האָט באַרעכענט צוצוגעהן אהין מיט דער האָפנונג, אז קומענדיג צום פּלאַץ וועט ער ענדליך אוספּעיען אין גאַנצען צו ענטשליסען זיך.

קומענדיג אויפ'ן שיידע־וועג פון דער גאָראַכאָוואַיאַ און סאַדאָוואַיאַ, האָט ער זיך אליין פאַרוואונדערט פון זיין אונגעוועהנליכער אויפרעגונג; ער האָט גאָר ניט ערוואַרטעט, אז ביי איהם וועט אזוי וועהטאָגדיג קלאַפּען דאָס הארץ. איין הויז, געוויס, צוליב איהר באַזונדערן אויסזעהן האָט נאָך פון וויטען צוגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט. און דער פּירשט האָט נאָכדעם געדענקט, אז ער האָט אַרויסגערעדט: „דאָס איז געוויס די הויז!". מיט אַן אויסערגעוועהנליכער נייגעריגקייט איז ער צוגעגאַנגען צו באַשטעטיגען זיין השערה; ער האָט געפיהלט, אז ער וועט עפּעס ניט זעהר גוט פיהלען, ווען עס איז אַזוי.

דאָס הויז איז געוועזן א גרויסע, אַן אומעטיגע, א דריי גאָרענדיגע, אָהן קיין ארכיטעקטור, פון גרין־בלאָטיגען פאַרב. איבעריגענס זיינען דאָ בלויז אייניגע הייזער פון דעם סאָרט, וועלכע זיינען אויסגעבויט געוואָרען ענדע פון לעצטען יאהרהונדערט, און וועלכע זיינען געבליבען גאַנץ אָהן קיין שום ענדערונג טאַקע נור אויף די דאָזיגע פּעטערבורגער גאַסען (אין וועלכע עס ענדערט זיך אַלץ אזוי שנעל.) געבויט זיינען זיי פעסט, מיט דיקע ווענט, און מיט זעהר אויסערגעוועהנליכע פענסטער. אויפ'ן אונטערשטען גאָרען זיינען די פענסטער אָפט מיט א נעץ. אמעהרסטענס איז אונטען א טויש־קרעמעל דער סקאָפּעץ אליין. דער וואָס איז געזעסען אין קרעמעל, דינגט אָפּ דעם אויבען. סיי פון דרויסען, סיי פון אינווענינ איז עפּעס ניט גאַסט־פריינדליך און טרוקען. עס קוקט אויס ווי אַלץ וואָלט דאָ געוועזן באהאַלטען און פאַרבאָר־

גען, און פאַר וואָס דאָס דאַכט זיך אזוי לויט דעם אויסקוק פון דער הויז, וואָלט געווען שווער צו ערקלעהרען. אלע ארכיטעקטור־ל ליניען האַבען זיך געוויס זייערע סודות אין די דאָזיגע הייזער וואוינען בלויז נור מסחר־מענשען. צוקומענדיג צו די טויערען און א קוק טוענדיג אויפ'ן אויפשריפט האָט דער פירשט איבערגעלעזען: „די הויז פון דעם ערבליכען עהרווירדיגען בירגער ראגאזשין.“

אויפהערענדיג צו צווייפלען, האָט ער אויפגעעפענט א גלעזערנע טיר, וועלכע האָט זיך מיט רויש פארהאקט הינטער איהם, האָט אנגע־הויבען ארויפצוגעהן אויף די פאַראַדנע טרעפ, אויפ'ן צווייטען גאָרען. די טרעפ זיינען געווען פינסטערע, שטיינערנע, פון גראָבע אַרבייט. און די ווענט פון קאָרידאָר זיינען געווען אָפּגעפארבט מיט רויטע פאַרב. ער האָט געוואוסט, אז ראגאזשין מיט דער מאַמע און ברודער פאַר־נעהמען דעם גאנצען צווייטען גאָרען פון אָט דער אומעטיגער הויז. דער מאן וואָס האָט געעפענט דעם פירשט האָט איהם אוועקגעפיהרט אהן א מעלדונג, און געפיהרט לאנג: זיי זיינען דורכגעגאנגען איין פאַראַדנעם זאַל, וועמענס ווענט זיינען געווען „ווי מראמאָר“ מיט א שטיקעלדיגען דובאָווען דיל און מיט מעבעל פון די צוואנציגער יאָה־רען, א גראָבע און שווערע. מען איז דורכגעגאנגען עפּעס קליינינקע שטייגעלאך, מאכענדיג פארקיריוואונגען און זיגזאגען, אויפהויבענדיג זיך אויף צוויי אדער דריי טרעפלאך און אויף אזוי פיל זיך ארונ־טערלאָזענדיג און ענדליך אָנגעקלאפּט אין א טיר. די טיר האָט געע־פענט פארפען סעמעניטש אליין. דערזעהענדיג דעם פירשט, איז ער אויף אזוי פיל בלייך און פארשטיינערט געווארען אויפ'ן פּלאַץ, אז ער איז א געוויסע צייט געווען עהנליך אויף א שטיינערנעם גולם. קוקענ־דיג מיט זיין פארגליווערטען דערשראָקענעם בליק און פארקרימענדיג דעם מויל אין אזא אויפ'ן העכסטען ארט פארוואונדערטען שמייכעל — פונקט ווי ער וואָלט אין דעם פירשט'ס באזוך געפונען עפּעס אונ־מעגליכעס און כמעט וואונדערליכעס. דער פירשט כאָטש ער האָט ערווארטעט עפּעס אויף אזא אופן האָט זיך פונדעסטוועגען אויך פאַר־וואונדערט.

— פארפען, מעגליך אז איך בין ניט אין צייט, וועל איך אוועק־געהן, האָט ער ענדליך ארויסגעזאָגט א צוטומעלטער.

— אין צייט! אין צייט! — איז ענדליך געקומען צו זיך פאַר־

פען. כ׳בעט דיך, קום אריין!

זיי האָבען איינער דעם צווייטען געזאָגט „דו“. אין מאָסקווע איז זיי אויסגעקומען צוזאַמענקומען זיך אָפט און לאַנג. עס זיינען אפילו געווען איינציגע מאָמענטען אין זייערע באַגעגענישען וועלכע האָבען זיך שוין צו געדענקליך אפּגעדריקט איינער ביים צווייטען אין הארצען. איצט אָבער איז שוין געווען א מאָנאַטען דריי וואָס זיי האָבען זיך ניט געזעהן.

די בלייכקייט און אויך אזא מין דינער דורכלויפענדער אויפ־ציטערן האָבען נאָך אַלץ ניט פאַרלאָזען ראגאזשין׳ס געזיכט. כאָטש ער האָט דעם גאַסט געגרופען נור זיין אויסערגעוועהנליכע צומישונג האָט אָנגעהאַלטען ווי פריהער. ביז וואנען ער האָט צוגעפיהרט דעם פירשט צו די שטולען און איהם אוועקגעזעצט ביים טיש, האָט יענער צופעליג זיך אומגעדרעהט צו איהם, און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אונטער דעם איינדרוק פון זיין שווערען בליק. עפּעס האָט אזוי ווי דורכגעשטאָ־כען דעם פירשט, און גלייך מיט דעם האָט ער איהם ווי עפּעס דער־מאָנט — אָן א זאַך וואָס האָט ערשט פּאַסירט, א שווערע, פינסטערע זאַך. נור זעצענדיג זיך און בלייבענדיג אונבאוועגליך, האָט ער א גע־וויסע צייט געקוקט ראגאזשינען גלייך אין די אויגען; זיי האָבען אין דעם ערשטען אויגענבליק ווי נאָך שטאַרקער א בליץ געטאָן. ענדליך האָט ראגאזשין א שמייכעל געטאָן, נור אזוי ווי אביסעל פאַרשעהמט און צומישט.

— וואָס קוקסטו אזוי צודרינגליך? האָט ער א מורמעל געטאָן — זעץ דיך!

דער פירשט האָט זיך געזעצט.

— פּאַרפען, האָט ער געזאָגט — זאָג מיר אָפען, האָסטו געוואוסט אז איך וועל היינט קומען קיין פּעטערבורג, אדער ניט?

— אז דו וועסט קומען צופאַהרען, האָב איך טאַקע אזוי געדענקט, און זעהסט, איך האָב ניט געהאַט קיין טעות, האָט יענער צוגעגעבען גיפטיג שמייכלענדיג — אָבער פון וואנען האָב איך געקאָנט וויסען אז דו וועסט היינט קומען?

דער געוויסער שאַרפער ארויסטריט און מאָדנע אויפגערעגטקייט פון דער פראַגע, וועלכע זיינען געווען אין דעם ענטפער, האָבען נאָך מעהר פאַרוואונדערט דעם פירשט.

— און ווען אפילו דו וואָלסט געוואוסט, אז היינט איז וואָס איז דאָ צו ווערען אויפגערעגט, האָט שטיל און צוטומעלט ארויסגעזאָגט דער פירשט.

— און דו צו וואָס פרעגסטו עס?

— פריהער ארויסגעהענדיג פון וואגאָן, האָב איך דערזעהן א פּאָר אויגען פונקט אזעלכע ווי דיינע מיט וועלכע דו האָסט אָט ערשט אויף מיר א קוק געטאָן פון הינטען.

— נאָדיר נאָך א נייעס! וועמענס אויגען זיינען דאָס טאַקע גע־ווען? האָט פאַרדעכטיגט א מורמעל געטאָן ראגאָזשין. דעם פירשט האָט זיך אויסגעדוכט אז ער האָט א ציטער געטאָן.

— איך ווייס ניט. ס'איז געווען פון פּובליקום, און מיר דוכט זיך אפילו אויס, אז מיר האָט זיך דאָס אויסגעדוכט, מיר הויבט זיך אלץ אָן אויסצודוכטען. איך, ברודער פאַרפען, פיהל זיך כמעט עהנ־ליך ווי איך האָב געפיהלט מיט פינף יאָהר צוריק, נאָך דאן ווען עס פלעגט מיך באַפאַלען דאָס פאַליגע.

— וואָס־זשע, עס קען טאַקע געבען אז עס האָט זיך דיר אויס־געדוכט; איך ווייס ניט... האָט געמורמעלט פאַרפען.

דער ליבליבער שמייכעל אויף זיין פּנים האָט איהם אין דער מינוט זעהר ניט געפּאַסט. עס האָט אויסגעדוכט, פונקט ווי אין דער מינוט וואָלט זיך עפּעס צובראָכען, און פונקט ווי פאַרפען האָט ניט געהאַט קיין קראַפט, דאָס צו פאַרריכטען, ווי אזוי ער זאָל זיך ניט געוועזן מיהען.

— וואָס איז, דו קלייבסט זיך שוין אפשר ווידער קיין אויס־לאַנד? האָט ער געפרעגט און פלוצלונג צוגעגעבען: און געדענקסטו ווי מיר זיינען אין וואגאָן, אסיען־צייט געפאָהרען פון פסקאָוו, איך אהער, און דו... אין א מאַנטעל, געדענקסט, די שטיוועלעטלאך?

און ראגאָזשין האָט זיך פלוצלונג צעלאַכט, דאָס מאָל מיט אזא אָפענעם האַס, און פונקט ווי זייענדיג צופרידען, וואָס עס האָט זיך איהם איינגעגעבען כאָטש מיט וואָס ס'ניט איז דאָס אויסדריקען.

— דו האָסט זיך דאָ אין גאַנצען באַזעצט? האָט געפרעגט דער פירשט באַקוקענדיג דעם צימער.

— איך בין דאָך ביי זיך, וואו זאָל איך דען זיין?

— מיר האָבען זיך שוין לאַנג ניט געזעהן, איך האָב וועגען דיר

געהערט אזעלכע זאכען, וואָס עס איז דוכט זיך, אז דאָס איז גאָר ניט דו.

— נו, מאַלע וואָס מען קען אַנדערצעהלען, האָט טרוקען באַמערקט ראַגאָזשין.

— פונדעסטוועגען האָסטו דאָך די גאַנצע חברה צעיאָגט; און אַליין זיצסטו אין דעם טאַטענ'ס הויז. איז וואָס, איז דאָך פיין, איז דאָס דיין הויז אָדער אייערע אַלעמענס?

— די הויז איז דער מאַמעס, צו איהר קומט מען דאָ גלייך דורכ'ן קאָרידאָר.

— און וואו וואוינט דיין ברודער?

— דער ברודער סעמיאָן סעמיאָנאָוויטש איז פליגעל.

— ער איז א פארהייראַטער?

— אַ אַלמן. צו וואָס דאַרפט עס אַלץ וויסען?

דער פירשט האָט אַ בליק געטאָן און ניט געענטפערט; פּלוצ-לונג האָט ער זיך פאַרטראַכט, און ס'דוכט זיך, ניט געהערט די פראַ-גע. ראַגאָזשין איז ניט באַשטאַנען און געוואַרט. זיי האָבעןביידע געשוויגען.

— איך האָב דיין הויז גלייך צוקומענדיג, פאַר הונדערט טריט געטראָפען, האָט געזאָגט דער פירשט.

— ווי אַזוי איז דאָס?

— איך וויים גאָר ניט. דיין הויז האָט דעם פּנים פון אייער גאַנצער פאַמיליע און פון דעם גאַנצען ראַגאָזשינסקען לעבען אייערן. און פרעג, פון וואָס האָב איך אַזוי געדרונגען — קען איך מיט גאָר-נישט ניט ערקלעהרען. ס'איז אַ רעדען פון היץ ניט מעהר. איך האָב אַפילו מורא, וואָס דאָס באַאונרוהיגט מיך אַזוי. פריהער איז מיר גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז דו וואוינסט אין אַזאַ הויז, נור ווי איך האָב איהר דערזעהן, האָב איך גלייך אַ טראַכט געטאָן: „פונקט אַזאַ הויז מוז ער דאָך האָבען!"

— קוק נור אָן! האָט ראַגאָזשין אונבאַשטימט אַ שמייכעל גע-טאָן, ניט אין גאַנצען באַנעהמענדיג דעם פירשטס ניט קלאָהרען גע-דאַנק — דאָס הויז האָט נאָך דער זיידע געבויט, האָט ער באַמערקט.

— אין איהם האָבען אַלע סקאָפּצעס געוואוינט, די כליודאַקאָווס. וואוינען אויך איצט ביי אונז.

— א ס'ארא פינסטערניש, ווי אומעטיג דו וואוינסט! — האָט געזאָגט דער פירשט באקוקענדיג דעם קאַבינעט.

דאָס איז געווען א גרויסער צימער, א הויכער, א פינסטערליכער, אנגעשטעלט מיט פארשיעדענע מעבעל — דעם גרעסטען טייל, מיט גרויסע ארבייטס־טישען, א ביורא, שאַפעס, אין וועלכע עס זיינען געווען באהאַלטען די געשעפטס־ביכער און עפּעס אזעלכע פּאַפּירען. א רויטער, ברייטער, סאַפּיאַנאַווער דיוואן האָט ווי עס זעהט אויס געדינט ראָגאָזשינען אלס בעט. דער פירשט האָט באמערקט אויפ'ן טיש, ביי וועלכען ראָגאָזשין האָט אפילו אוועקגעזעצט, צוויי־דריי ביכער: איינער פון זיי סאָלאָוויאָוו'ס געשיכטע איז געווען אָפען און פארלעגט מיט א סמן. איבער די ווענט זיינען אין דונקעלע באגולדטע ראַמען געהאנגען עטליכע אויל־בילדער, דונקעלע, פאררויכערטע און אויף וועלכע עס איז געווען שווער עפּעס צו פאנאנדערקלייבען. איין בילד איז גאנצען וואוקס האָט צוגעצויגען אויף זיך דעם פירשטס אויפמערקזאמקייט: ער האָט פארגעשטעלט א מאַן אין די פופציגער, אין א ראָק פון א דייטשען שניט, נור מיט לאַנגע פּאָלעס, מיט צוויי מעדאַלען אויפ'ן האלז, מיט זעהר א שיטערער, קורצינקער און גרויענקער בערדעל מיט א צוקנייטשטען און געלען פּנים. מיט א פארדעכטיגטען באהאַלטענעם און טרויעריגען בליק.

— איז דאָס אָפּט ניט דיין טאַטע? — האָט דער פירשט געפרעגט.

— ער איז דאָס טאַקע, האָט געענטפערט מיט אַן אונאנגענעהמען שמייכעל ראָגאָזשין, ווי זייענדיג גרייט צו ארויסוואַרפען עפּעס א וויץ אויפ'ן חשבון פון זיין פארשטאָרבענעם טאַטען.

— ער איז דאָך ניט געווען פון די „סטאַראָבראַדצעס?"

— ניין, ער איז געגאנגען אין קלויסטער, און דאָס האָט ער טאַקע געזאָגט, אז לויט דער אלטער אמונה איז ריכטיגער. די „סקאָפּצעס" האָט ער אויך זעהר געאַכטעט. דער קאַבינעט איז טאַקע זיינער געווען. צו וואָס האָסטו געפרעגט אויב ער איז פון דעם אלטען גלויבען?

— וועסטו דאָ מאַכען די חתונה?

— ד־דאָ! האָט געענטפערט ראָגאָזשין שיעור ניט אויפציטערענדיג פון דער אונערוואַרטעטער פראַגע.

— עס וועט באַלד פּאַרקומען?

— ווייסט דאָך אליין, אז עס ווענדט זיך ניט אין מיר.

— פאַרפעלן, איך בין דיר ניט קיין שונא און שטערען דיר איז ניט אין מיין צוועק. דאָס ווידערהאָל איך דיר איצט, ווי איך האָב דיר אויך ערקלעהרט פריהער, איינמאָל, פונקט אין אזא מאָמענט, ווען דו האָסט אין מאָסקווע געזאָלט חתונה האָבען האָב איך דיר ניט גע־שטערט. דו ווייסט עס. דעם ערשטען מאָל איז זי אליין צו מיר געקומען צעלויפען, שיעור ניט פון אונטער דער חופה, בעטענ־דיג אז איך זאָל זי „רעטען" פון דיינע הענט. איך גיב דיר איבער איהרע אייגענע ווערטער. דערנאָך איז זי פון מיר אנטלאָפען. דו האָסט זי ווידער אויסגעזוכט און צו דער חופה געפיהרט, און אָט זאָגט מען אז זי איז ווידער אנטלאָפען פון דיר אהער. איז דאָס אמת? מיר האָט אזוי לעבעדעוו געלאָזט וויסען און איך בין צוליב דעם געקומען צופאָהרען. און וועגען דעם אז איהר האָט דאָ ווידער שלום געמאַכט, האָב איך ערשט נעכטען אין וואַגאָן זיך דערוואוסט, פון איינעם פון דיינע פריהערדיגע פריינט, פון זאַליאָזשאָוו, אויב דו ווילסט וויסען. געפאָהרען בין איך אָבער אהער האָבענדיג א צוועק: איך האָב געוואָלט ענדליך א י ה ר איינשמועסען, זי זאָל פאָהרען אין אויסלאַנד פאַר דער פאַרבעסערונג פון איהר געזונט; זי איז זעהר רואינירט, סיי אין קערפער, סיי אין גייסט, דערהויפּט אין קאָפּ, און לויט מיין מיינונג, דאַרף מען איהר גוט צוזעהן. איך אליין האָב זי אין אויסלאַנד ניט געוואָלט באַגלייטען און איך האָב גערעכענט דאָס אלץ איינצואָרדענען אָהן מיר. איך זאָג דיר דעם ריינעם אמת. און ווען ס'איז טאַקע אמת, אז ביי אייך איז ווידער אלץ גוט געוואָרען, וועל איך זיך איהר אין די אויגען ניט ווייזען, און אויך צו דיר וועל איך קיינמאָל מעהר ניט קומען; דו אליין ווייסט אז איך נאַר דיך ניט, ווייל איך בין שטענדיג מיט דיר געווען אָפענהערציג. מיינע געדאַנ־קען וועגען דעם פון דיר קיינמאָל ניט באַהאַלטען און איך האָב שטענ־דיג געזאָגט אז פאַר דיר איז ז י זיכער א פאַרלאָרענע. און דו אויך... עס קען געבען אז דו נאָך מעהר ווי זי, ווען איהר וואָלט זיך ווידער צעגאַנגען וואָלט איך געווען זעהר צופרידען. אָבער שטערען און אַנמאַכען מחלוקות צווישען אייך בין איך ניט גרייט. זיי־זשע רוהיג און פאַרדעכטיג מיך ניט און דו ווייסט דאָך אויך אליין: בין איך דען אמאָל געווען דיין אמת'ער קאָנקורענט, אפילו דאַן ווען זי

איז צו מיר געלאָפען; אָט האָסטו אויך איצט א לאַך געטאָן. איך וויים וואָס דו האָסט געלאַכט. ס'איז ריכטיג, מיר האָבען דאָרטען געלעבט באַזונדער און אין באַזונדערע שטעט און דו ווייסט עס אלץ אויף ג ע ו ו י ס. איך האָב דאָך דיר דאָס אויך פריהער געגעבען צו פאַרשטעהן „אַז איך האָב ז י ניט ליב אוים ליבע נור אוים מיט־לייד", איך דענק, אַז איך באַצייכען ריכטיג. דו האָסט דאַן געזאָגט, אַז דו האָסט מיינע ווערטער פאַרשטאַנען. איז דאָס ריכטיג? האָסטו זיי פאַרשטאַנען? אַך, ווי דו קוקסט עס מיט האַס! איך בין דיך גע־קומען באַרוהיגען ווייל אויך דו ביזט מיר טייער. איך האָב דיך זעהר ליב, פּאַרפען, און איצט וועל אוועק געהן און קיינמאָל מעהר ניט קו־מען. בלייב געזונד!

דער פירשט איז אויפגעשטאַנען.

— זיץ נאָך מיט מיר! האָט שטיל געזאָגט פּאַרפען ניט אויפ־הויבענדיג זיך פון אָרט און איינבויגענדיג דעם קאָפּ אויף דער רעכ־טער האַנט־פלאַך, — איך האָב דיך שוין לאַנג ניט געזעהן.

דער פירשט האָט זיך געזעצט. ביידע זיינען ווידער אַנטשווי־גען געוואָרען.

— אַך, ווען איך זעה דיך ניט פאַר מיינע אויגען, איז גלייך פיהל איך א בעזקייט צו דיר, לעוו ניקאָלאַיעוויטש. אָט די דריי מאָנאַטען וואָס איך האָב דיך ניט געזעהן בין איך, יעדע מינוט אויף דיר געוועזען בעז. ביי גאָט, אַז איך וואָלט דיך גענומען און פער'סם'ט מיט עפּעס! אָט אַזוי, און אָט זיצסטו נאָך ניט מיט מיר קיין פערטיל שטונדע ניט און שוין איז מיין גאַנצע בעזקייט אוועק. און איך האָב דיך ווידער ליב ווי פריהער. זיץ נאָך מיט מיר!

— ווען איך בין מיט דיר, דאַן גלויבסטו מיר און ווען איך ביז ניטאָ, דאַן הערסטו גלייך אויף גלויבען. און דו פאַרדעכטיגסט ווי־דער. דו ביזט געראָטען אין דיין טאַטען! האָט פריינדליך א שמייכעל געטאָן דער פירשט, מיהענדיג זיך צו באַהאַלטען זיינע געפיהלען.

— ווען איך זיץ מיט דיר, גלויב איך דאַן אין דיין שטימע. איך פאַרשטעה דאָך אַז מיך קען מען מיט דיר ניט פאַרגלייכען, מיך מיט דיר...

— צו וואָס האָסטו עס צוגעלעגט? און אָט ביזטו שוין ווידער בעז, האָט געזאָגט דער פירשט, וואונדערענדיג זיך אויף ראָגאָזשינען.

— דאָס ברודער, פרעגט מען שוין ניט ביי אונז, האָט יענער גע־ענטפערט. — דאָ האָט מען שוין אָהן אונז באַשטימט. מיר ליבען דאָך אפילו יעדער אויף זיין אופן, אין אַלץ. דאָס הייסט, אין אַלץ איז אַן אונטערשיעד, האָט ער נאָך אַ קורצען שווייגען שטיל פאַרמי־גערזעצט. — אַט זאָגסטו, אַז דו ליבסט זי אויס מיטלייד, און ביי מיר איז צו איהר ניטאָ קיין שום מיטלייד. און אויך פיינט האָט זי מיך מעהר. איך זעה זי איצט יעדע נאַכט אין חלום. אַלץ ווי זי לאַכט מיט אַנדערע פון מיר. אזוי איז דאָס ברודער. מיט מיר געהט זי צו דער חופה, און האָט מיך אפילו ניט אין זינען, אזוי ווי אַ שוך ביים זי מיך. גלויבסטו מיר, פינף טאָג האָב איך זי ניט געזעהן, ווייל איך וואָג ניט צו פאָהרען צו איהר. זי וועט אַ פרעג טאָן: נו, צו וואָס ביזטו אַראָפּגעקומען? ווענינ ז'ען האָט זי מיך צו שאַנדע געמאַכט...

— ווי אזוי צו שאַנדע? וואָס רעדסטו?

—מאַכסט זיך ניט וויסענדיג! אַט האָט זי דאָך מיט דיר פון מיר אַנטלאָפען „פון אונטער דער חופה", האָסט דאָך דאָס ערשט אַרויס־געזאָגט.

אָבער דו אליין גלויבסט דאָך ניט אַז...

— האָט זי דען מיט דעם אָפיצער, מיט זעמטשוזשניקאָוו'ן אין מאָסקווע מיך ניט צו שאַנדע געמאַכט? איך ווייס אויף זיכער, אַז זי האָט מיך צו שאַנדע געמאַכט, און טאַקע גלייך נאָכדעם אליין באַשטימט די צייט פון דער חופה.

— עס קען ניט געבען! האָט אויסגעשריען דער פירשט.

—איך ווייס אויף זיכער, האָט מיט זיכערקייט באַשטעטיגט ראָ־גאָזשין — וואָס איז זי אפשר ניט אַזאַ? דאָס איז ברודער ניטאָ וואָס צו רעדען, אַז זי איז ניט אַזאַ. דאָס איז ניט מעהר ווי אַ נאַ־רישקייט. מיט דיר וועט זי זיין ניט אַזאַ, און זי וועט זיך אפשר אויך אליין פאַר אַזאַ זאַך דערשרעקען זיך, אָבער מיט מיר איז טאַקע נור אַזאַ, אַט אזוי איז דאָס, אזוי ווי אויף דעם ערגסטען גאָרנישט קוקט זי אויף מיר. מיט קעלערן, אַט מיט דעם אָפיצער, וועלכער באָקסט זיך, איז ווייס איך אויף זיכער, אַז זי האָט בלויז צוליב גע־לעכטער דאָס געטאָן... אָך, דו ווייסט גאָר ניט, וואָס פאַר אַ שטוקעס

זי האָט מיר אין מאָסקווע ארויסגעוואָרפען! און וויפעל געלט, געלט זי האָט עס מיר גע'פּטר'ט!

— אזוי... ווי אזוי־זשע וועסטו איצט חתונה האָבען... ווי וועסטו אויסקומען שפּעטער? האָט מיט שרעק געפרעגט דער פירשט.

ראַגאָזשין האָט שווער און שרעקליך א קוק געטאָן אויפ'ן פירשט און האָט גאָרנישט געענטפערט.

— עס איז שוין איצט דער פינפטער טאָג ווי איך בין ביי איהר ניט געוועזן, האָט ער נאָך א ווײַלע שווייגען פאָרטגעזעצט. — איך האָב אַלץ מורא אז זי זאָל ניט ארויסטרייבען. איך, זאָגט זי, בין נאָך אַלץ אויף זיך א בעלי־הבית'טע; ווען איך וועל וועלען וועל איך דיך אין גאַנצען ארויסיאָגען און אליין וועל איך אין אויסלאַנד אוועקפאָהרען. (דאָס האָט זי מיר געזאָגט, אז זי וועט פאָהרען אין אויסלאַנד, האָט ער באַמערקט ווי אין קלאַמערן, און עפּעס אזוי מיט א באַזונדער בליק אריינקוקענדיג דעם פירשט אין די אויגען). עס איז אמת, אז אַן אַנדערש מאָל שרעקט זי בלויז, איך קוק איהר אַלץ אויס אויס לעכערליך. און אַן אַנדערש מאָל כמורעט זי זיך אויף אַן אמת'ן אַן, ווערט ברוגז, און רעדט ניט אויס קיין וואָרט. אָט דערפאַר האָב איך מעהר מורא פון אַלץ. א מאָל האָב איך א טראַכט געטאָן: איך וועל גאָר קומען צו איהר מיט לעדיגע הענט — האָב איך איהר בלויז צום לאַכען געמאַכט, און דערנאָך איז זי אפילו זעהר בעז געוואָרען. דער קאַמער־מיידעל, קאַטקען, האָט זי איינע פון מיינע שאַלען אוועקגעשענקט. א שאַל אזא וואָס כאָטש זי האָט אַמאָל געלעבט אין לוקסוס, אָבער אזא האָט זי נאָך ניט געזעהן. און וועגען דעם, וואו מען זאָל געהן צו דער חופּה, האָט זי אפילו קיין פּיפּס ניט געטאָן. וואָס איז דאָס פאַר א חתן, וואָס ער שרעקט זיך אפילו צו קומען? אָט זיץ איך און ווען איך געה ארויס פון געדולד, דאַן געה איך שטילערהייט און גנבה'דיג פאַרביי איהר הויז, איבער'ן גאַס געה איך אָדער איך באַהאַלט זיך אין א ווינקעל. איך האָב זיך אַמאָל געכאַפּט, אז איך בין שיעור ניט ביז אין סאַמע טאָג אריין ביי איהרע טויערן אָפּגעשטאַנען. — מיר האָט זיך עפּעס דאַן אויסגעדוכט, אז זי האָט דאַן א קוק געטאָן אין פענסטער און געפרעגט: וואָס וואָלסטו מיט מיר געטאָן ווען דו וואָלסט געזעהן אז איך נאַר דיך? איך האָב ניט אויסגעהאַלטען און געזאָגט: „דו ווייסט אליין".

— וואָס־זשע ווייס זי ?

— און פון וואַנען זאָל איך דאָס וויסען ! האָט בעז זיך צעלאַכט ראַגאָזשין — אין מאַסקווע האָב איך זי דאָן מיט קיינעם ניט גע־קענט כאַפּען, כאָטש איך האָב לאַנג זיך געיאָגט זי צו כאַפּען. און איך האָב דאַן איינמאָל גענומען און געזאָגט : דו האָסט צוגעזאָגט מיט מיר חתונה צו האָבען, קומסט אריין אין אַן עהרליכער הויז און ווייסטו וואָס ביזטו איצט ? דו, זאָג איך, ביזט אזא און אזא !

— דו האָסט איהר געזאָגט ?

— געזאָגט.

— נו ?

—„ איך וועל דיר, זאָגט זי, איצט אפילו פאַר א לאַקעי צו זיך ניט וועלען נעהמען, ניט נור דיין ווייב צו זיין" — זאָג איך איהר, אז איך וועל ניט אוועק. זאָל נעהמען א סוף ! און זי זאָגט, וועל איך גלייך קעלערן א רוף טאָן, איהם זאָגען, וועט ער דיר פון טהיר ארויס־וואַרפען ! האָב איך זיך א וואַרף געטאָן אויף איהר און איך האָב איהר צושלאָגען, ביז בלויע סיניאַקעס.

— עס איז אונמעגליך ! — האָט אויסגעשריען דער פירשט.

— איך זאָג : עס איז געווען. האָט שטיל נור מיט בליצענדע אויגען באשטעטיגט ראַגאָזשין — פונקט אַנדערהאַלבען מעת לעת ווי איך האָב ניט געשלאָפען, ניט געגעסען, ניט געטרונקען, פון איהר צי־מער ניט ארויס אויף די קניע פאַר איהר געשטאַנען : „איך וועל שטאַר־בען, זאָג איך, און וועל ניט ארויס, ביז וואַנען דו וועסט ניט פאַר־צייען, און ווען דו וועסט הייסען מיך ארויספיהרען וועל איך זיך דער־טרינקען ; ווייל וואָס וועל איך איצט זיין אָן דיר ? פונקט ווי א וואהנ־זיניגע איז זי געווען יענעם גאַנצען טאָג, דאָס האָט זי געוויינט, דאָס האָט זי מיך געוואָלט דער'הרג'ענען מיט א מעסער. דאָס האָט זי מיך געזידעלט. זי האָט צוזאַמענגערופען זאַליאַזשאַווי'ן, קעלער'ן און זעמטשוזניקאָוו'ן, אויף מיר אָנגעוויזען, צו שאַנדע געמאַכט. קומט מיינע הערען, לאָמיר היינט די גאַנצע קאָמפּאַניע אין טעאַטער פאָהרען און זאָל ער דאָ זיצען אויב ער וויל ניט אוועקגעהן. איך האָב צוליב איהם זיך ניט צוגעבונדען. און איך, פּאַרפען סעמענאָוויטש, וועט מען דאָ געבען טהיי אָהן מיר, איהר האָט זיך געמוזט היינט אויס־הונגערן". געקומען פון טעאַטער אליין : „זיי, זאָגט זי, זיינען טרוסען

און פּאַדלעצעס, זיי האָבען פאר דיר מורא, און אויך מיך שרעקען זיי: זיי זאָגען אז ער וועט אזוי ניט אוועק, ער וועט דיך אודאי הרג'ענען. און איך וועל גראד ווען איך וועל געהן אין שלאָף־צימער די טהיר ניט פאַרשליסען. אָט ווי אזוי איך שרעק זיך פאר דיר! זאָלסט עס וויסען און זעהן! טהיי האָסטו געטרונקען?" — „ניין, זאָג איך, און איך וועל ניט טרינקען אויך". — ווען דערצו וואָלט געווען א מענש מיט עהרע, אָבער דיר פּאַסט עס גאָר ניט". און ווי זי האָט געזאָגט, אזוי האָט זי טאַקע געטאָן. דעם צימער ניט פאַרשלאָסען. אין דער־פריה איז זי ארויסגעקומען — און לאַכט; „ביזטו פון זינען ארונטער צו וואָס, זאָגט זי? וועסט דאָך אזוי אויסגעהן פון הונגער? — „פּאַרציי מיר, זאָג איך" — „איך וועל ניט פאַרצייען, איך וועל מיט דיר ניט חתונה האָבען. האָב איך דיר געזאָגט, איז דען מעגליך, אז דו ביזט די גאַנצע נאַכט אויף דעם שטוהל געזעסען, ניט געשלאָפען?" — „ניין, זאָג איך, ניט געשלאָפען". — „ווי קלוג דו ביזט! און דו וועסט געוויס אויך היינט ניט טרינקען קיין טהיי און ניט עסען"— איך האָב געזאָגט, אז איך וועל ניט. — פאַרגיב!" „עך, ווי דאָס פּאַסט דיר ניט, זאָגט זי, ווען דו וואָלסט עס נור געוואוסט, ווי פאר א בהמה א זאָטעל, דענקסטו אפשר ניט, דערשרעקען מיך? אויך מיר אַן אומגליק ווען דו וועסט זיצען א הונגעריגער, אָט מיט וואָס ער שרעקט מיך!" זי איז אין כעס געוואָרען אָבער ניט אויף לאַנג, האָט זיך ווידער גענומען מיך איינריידען, און איך האָב זיך פאַרוואונדערט אויף איהר, אז אוואו איז דאָס איהר בעזקייט אהינגעקומען? און זיך געדענקט דאָך א שלעכטע טהאט! אויף אנדערע געדענקט זי לאַנג! און דאַן איז מיר ארויף אויפן זינען, אז זי רעכענט מיך אויף אזוי פיל נידעריג, אז זי קען אויף מיר אפילו שטאַרק בעז ניט זיין. און דאָס איז ריכטיג. „ווייסטו, זאָגט זי, וואָס אזוינס איז דער רוימישער פּאַפּסט" — „האָב געהערט, זאָג איך" — דו, זאָגט זי, פּאַרפען סע־מיאַניטש, האָסט די וועלט־געשיכטע ניט געלערנט". — איך האָב זיך גאַרנישט ניט געלערנט". — איז אָט וועל איך דיר, זאָגט זי, געבען איבערלעזען: עס איז געווען אמאָל א פּאַפּסט אזא, איז ער אויף אַן אימפּעראַטאָר אין כעס געוואָרען און יענער איז ביי איהם, דריי טאָג, אָהן עסען און אָהן טרינקען, א באָרוויסער, אויף די קניע פאר זיין הויף געשטאַנען, ביז יענער האָט איהם ניט פאַרצייט. ווי דענקסטו,

וואָס האָט יענער אימפּעראַטאָר אין די דריי טעג, שטעהענדיג אויף די קניע, איבערגעטראַכט פאַר זיך און וואָס פאַר א שבועות ער האָט זיך געגעבען... נור, וואַרט נור, זאָגט זי, איך וועל דיר אליין וועגען דעם איבערלייענען!" איז אויפגעשפּרונגען, געבראַכט דעם בוך: „דאָס זיינען ליעדער", זאָגט זי, און האָט מיר גענומען די ליעדער לייענען, וועגען דעם, ווי דער דאָזיגער אימפּעראַטאָר האָט אין יענע טעג געשוואָרען צו נעהמען נקמה פון דעם פּאַפּסט: „איז דאָס דיר דען ניט געפעהלען פּאַרפען סעמיאָנאָוויטש?" — „דאָס איז אלץ ריכטיג, וואָס דו האָסט איבערגעלייענט, זאָג איך" — אהא, דו זאָגסט אליין, אז עס איז ריכטיג, הייסט עס דאָך, אז אויך דו קענסט זיך געבען אזעלכע שבועות אז: „ווען זי וועט חתונה האָבען מיט מיר וועל איך איהר אלץ באַצאָהלען, דאַן וועל איך עס נעהמען נקמה פון איהר!" — „איך ווייס ניט, זאָג איך, ס"קען געבען, אז איך טראַכט אזוי". — „וואָס הייסט דו ווייסט ניט?" — אזוי, זאָג איך, איך ווייס ניט, ניט וועגען דעם טראַכט זיך מיר איצט" — און וועגען וואָס טראַכסטו דאָס איצט? — „איך טראַכט: אז אָט וועסטו אויפשטעהן פון אָרט, וועסט דורכגעהן פאַרביי, און איך קוק אויף דיר און פאָלג דיך נאָך; עס רוישט פאַרביי דיין קלייד, און ביי מיר פאַלט איין דאָס האַרץ, און קומסטו ארויס פון צימער, דערמאָן איך זיך אָן יעדען ווערטעלע דיי־נעם, מיט וואָס פאַר א שטים און ווי אזוי דו האָסט עס ארויסגע־זאָגט; און די היינטיגע גאַנצע נאַכט האָב איך וועגען גאָרנישט ניט געטראַכט, איך האָב אלץ געהערט ווי דו אָטהעמסט פון שלאָף, און ווי דו האָסט זיך א פּאָר מאָל א דרעה געטאָן..." — הפּנים, האָט זי זיך צעלאַכט, אז וועגען דעם וואָס דו האָסט מיך צעשלאָגען טראַכסטו גאָר ניט און געדענקסט גאָר ניט?" — מעגליך, זאָג איך, אז איך טראַכט, איך ווייס ניט." — און ווען איך וועל ניט פאַרצייען און וועל מיט דיר ניט חתונה האָבען?" — „איך האָב געזאָגט, אז איך וועל זיך דערטרינקען." — דו וועסט אודאי פאַר דעם מיך דער׳הרג׳־ענען..." דאָס געזאָגט האָט זי זיך פאַרטראַכט. דער נאָך איז זי ווי־דער אין כעס געוואָרען און איז ארויס. אין א שטונדע ארום קומט זי צו מיר ארויס אָן אומעטיגע אזא: „איך וועל מיט דיר חתונה האָבען, פּאַרפען סעמיאָנאָוויטש, און ניט דערפאַר ווייל איך שרעק זיך פאַר דיר, איך בין אלץ איינס א פאַרלאָרענע. און אזוי איז דאָס

דען בעסער? זעץ זיך, זאָגט זי, מען וועט דיר באַלד דערלאַנגען מיטאָג־עסען און אַז איך וועל מיט דיר חתונה האָבען, האָט זי צוגעלעגט, וועל איך דיר אַ געטרייע ווייב זיין אין דערין צווייפעל ניט און באַ־אומרוהיג זיך ניט." דערנאָך האָט זי אַביסעל געשוויגען און גע־זאָגט: „פונדעסטוועגען ביזטו דאָך ניט קיין לאַקעי, פריהער האָב איך געדענקט, אַז דו ביזט אַן אמת'ער לאַקעי." דאָ האָט זי אויך די חתונה באַשטימט, און אין אַ וואָך אַרום איז פון מיר אהער צו לע־בעדעוו'ן אַנטלאָפען. ווען איך בין געקומען צו פאַהרען, רופט זי זיך אָן: איך זאָג זיך נאָך פון דיר אין גאַנצען ניט אָפּ, איך וויל בלויז נאָך וואַרטען, וויפיל מיר וועט געפעהלען ווערען, ווייל איך בין נאָך אַלץ מיין אייגענע בעל־הבית'טע. וואַרט אויך אויב דו ווילסט." אַט ווי אַזוי עס איז צווישען אונז איצט... וואָס דענקסטו וועגען דעם אַלע־מען, לעוו ניקאָלאַיעוויטש?

— און וואָס דענקסטו? האָט איבערגעפרעגט דער פירשט, קו־קענדיג מיט אומעט אויף ראַגאָזשינען.

— איך דענק דען? האָט זיך ביי יענעם אַרויסגעריסען. ער האָט געוואָלט צולעגען נאָך עפּעס, נור ער איז אַנטשוויגען געוואָרען אין גרויס טרויער.

דער פירשט האָט זיך אויפגעשטעלט און ווידער געוואָלט אוועק־געהן.

— פונדעסטוועגען וועל איך דיר דאָך ניט שטערען, — האָט ער אַרויסגעזאָגט שטיל, כמעט פאַרטראַכט, אַזוי ווי ענטפערענדיג זיינעם אַן אינערליכען באַהאַלטענעם געדאַנק.

— ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגען! איז פּלוצלינג ראַגאַזשין באַגייסטערט געוואָרען און זיינע אויגען האָבען זיך צובליצט. — ווי אַזוי טרעטסטו דאָס מיר אָפּ, פאַרשטעה איך ניט? האָסטו זי דען שוין אין גאַנצען אויפגעהערט ליבען? פריהער ביזטו פונדעסטוועגען געווען אַ פאַרזאָרגטער, איך האָב דאָך געזעהן, און אויב אַזוי טאָ פאַר וואָס ביזטו אַהן אַ קאָפּ אַהער געפלויגען? אויס מיטלייד? (און זיין פּנים האָט זיך פאַרקרימט אין אַ בעזען שמייכעל). כע־כע!

— דו דענקסט אַז איך נאַר דיך? האָט געפרעגט דער פירשט.

— ניין, איך גלויב דיר, נור איך פאַרשטעה דאָ גאָר ניט. ריכ־

טיגער פון אַלץ איז, אַז דיין מיטלייד איז נאָך שטאַרקער פון מיין ליבע!

עפּעס בעזעס און וועלענדיגעס אונבאַדינגט באַלד זיך אַרויסזאָגען, האָט זיך צוברענט אין זיין פּנים.

— וואָס מיינסטו, דיין ליבע קען מען פון דיין בעזקייט ניט אָפּשיידען, — האָט אַ שמייכעל געטאָן דער פירשט, — און ווען זי וועט אַוועק, וועט אפשר זיין נאָך אַ גרעסערער אומגליק. איך זאָג דאָס דיר ברודער פאַרפען...

— דו מיינסט, אַז איך וועל זי הרג׳ענען?

דער פירשט האָט אַ ציטער געטאָן.

— דו ווערסט זי זעהר פיינט האָבען פאַר דיין איצטיגער ליבע, פאַר דעם גאַנצען פיין, וועלכע דו האָסט איצט. פאַר מיר איז פון אַלץ מעהר וואונדער, ווי אַזוי קען זי ווידער חתונה האָבען מיט דיר, ווען איך האָב דאָס נעכטען דערהערט — האָב איך דאָס קוים געגלויבט און ס׳איז מיר אַזוי שווער געוואָרען אויפ׳ן האַרצען. זי האָט דאָך שוין צוויי מאָל פון דיר זיך אָפּגעזאָגט, און פון אונטער דער חופּה אַנטלאָפען, הייסט עס דאָך, אַז זי פיהלט פאַראויס!... איז וואָס־זשע וויל זי איצט פון דיר? איז דען מעגליך אַז דיינע געלט? דאָס איז אַ נאַרישקייט. און די געלט האָסטו דאָך שוין אויך געגנוג צע׳פּטרט. איז דען בלויז כדי צו האָבען אַ מאַן? קען זי דאָך טרעפען אָהן דיר, יעדערער, אויסער דיר, איז בעסער, ווייל דו ווערסטו דאָך טאַקע באמת זי דער׳הרג׳ענען, און זי, קען געבען, פאַרשטעהט דאָס שוין צו גוט. אפשר בלויז דערפאַר ווייל דו ליבסט זי אַזוי שטאַרק? אמת, אפשר דערפאַר נור... איך האָב געהערט אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע וואָס זוכען בלויז נור אַזאַ ליבע... נור...

דער פירשט האָט זיך אָפּגעשטעלט און פאַרטראַכט.

וואָס האָסטו ווידער אַ שמייכעל געטאָן, קוקענדיג אויפ׳ן טאַטען׳ס בילד? האָט געפרעגט ראָגאָזשין, וועלכער האָט זעהר צוודרינגליך נאָכגעבליקט יעדע ענדערונג, יעדע דורכלויפענדען שטריך אויף דעם פירשט׳ס פּנים.

— וואָס האָב איך אַ שמייכעל געטאָן? מיר איז געקומען אויפ׳ן זינען אַז ווען דו וואָלסט ניט געהאַט אַט די צרה, ווען עס וואָלט זיך ניט געטראָפען אַט די ליבע, וואָלסט אודאי, גאַר שנעל, פּונקט געוואָ־

רען ווי דיין טאַטע, וואָלסט זיך שטילערהייט, מיט דער ווייב און דעם הויז פאַרזעצט; מיט א ווייב א שטילער און א געהאָרכזאַמער, און דו וואָלסט מיט ווייניג רעד און שטרענג, קיין איין מענשען ניט געגלויבט. און דו וואָלסט זיך אויך אין דעם ניט גענויטיגט, די וואָלסט רוהיג געלט אָנגעלעבט. און נאָך אסך, סך זאַכען, און דו וואָלסט רוהיג געלט אָנגעלעבט. און נאָך אַסך, אַסך זאַכען, און דו וואָלסט אין דער באַהעפטונג פון דעם צוויי פינגערדיגען רינג זיך פאַר־אינטערעסירט, און אויך דאָס אפשר בלויז אויף דער עלטער.

— לאָך פון מיר. פּונקט אזוי האָט זי מיר ניט לאַנג געזאָגט, ווען אויך זי האָט דעם בילד באַקוקט! ס'איז וואונדערליך, ווי ביי אייך קומט אַלץ ארויס איינס און דאָס זעלבע!

— איז זי דען אויך געוועזען ביי דיר? האָט מיט נייגעריגקייט גע־פרעגט דער פירשט.

— געוועזען. אויפן בילד לאַנג געקוקט. וועגען דעם פאַרשטאָר־בענעם זיך פּאָנאַדערגעפרעגט „דו וואָלסט פּונקט אזא ווי ער געוועזען", האָט זי צו מיר ענדליך א לאַך געטאָן. דו האָסט פּאַרפען סעמיאָניטש, זאָגט זי, שטאַרקע ליידענשאַפטען, אזעלכע ליידענשאַפטען, מיט וועל־כע דו וואָלסט גלייך אין סיביר, אויף קאַטאָרגע, אַנגעשפּאַרט, ווען דו וואָלסט אויך קיין שכל ניט געהאַט, ווייל דו האָסט אסך שכל." (אזוי האָט זי געזאָגט, גלויבסטו, אָדער ניט? צום ערשטען מאָל האָב איך פון איהר אזא וואָרט געהערט!) „דו וואָלסט אָט די איצטיגע משוגעת'ן שנעל געלאָזען. און אזוי ווי דו ביזט גאָר ניט קיין געביל־דעטער מענש, וואָלסט אָנגעהויבען קלייבען געלט, און דו וואָלסט זיך באַזעצט ווי דער טאַטע דיינער אין דער דאָזיגער הויז מיט דיינע סקאָפּ־צעס;" און אפשר וואָלסט אויך אליין סוף כל סוף, צו זייער גלויבען איבערגעגאַנגען, און דו וואָלסט אזוי שטאַרק דיינע געלט ליב געקראָ־גען, אז דו וואָלסט געווים ניט נור צוויי מיליאָן נור צעהן אָנגעקליבען. און אויף דיינע זעק וואָלסטו פון הונגער געשטאָרבען, ווייל דו ביזט אין אַלץ ליידענשאַפטליך, אַלץ דערפיהרסטו ביז א ליידענשאַפט. אָט פּונקט אזוי האָט זי געזאָגט. גאַנץ געווי, כמעט מיט די זעלבע ווער־טער. גאָר קיינמאָל ביז דאַן האָט זי מיט מיר אזוי ניט גערעדט! זי רעדט דאָך מיט מיר אַלץ וועגען נאַרישקייטען, אָדער זי מאַכט שפּאַס; אויך דאָ האָט זי אָנגעהויבען לאַכענדיג אָבער דערנאָך איז זי

געוואָרען אזא ערנסטע; דאָס גאַנצע הויז איז זי דורכגעגאַנגען, באַקוקט און ווי זי וואָלט זיך געשראָקען פאר עפּעס. „איך וועל דאָס אַלץ ענדערן. זאָג איך און באַפּוצען און עס קען געבען אז איך וועל נאָך ביז דער חתונה גאָר אַן אנדער הויז קויפען.“ — „ניין, ניין, זאָגט זי, מען דאַרף דאָ גאָרנישט ענדערן, אָט אזוי וועלען מיר לעבען, איך וועל נעבען דיין מאַמע, זאָגט זי, לעבען ווען איך וועל דיין פרוי ווערען.“ האָב איך זי אוועקגעפיהרט צו דער מאַמע — האָט זי זיך באַצויגען צו איהר מיט אַכטונג, ווי אַן אייגענע טאָכטער. די מאַמע איז אָט שוין געוואָרען צוויי יאָהר אז זי איז כמעט ווי ניט ביים פּולען זינען (זי איז א קראַנקע), און נאָך דעם טאַטען'ס טויט איז זי אין גאַנצען געוואָרען ווי א קינד, אָהן רעד. זי זיצט אָהן פיס און נור זי נויגט זיך פון פּלאַטץ צו אַלעמען ווען זי דערזעהט; עס דוכט זיך, אז ווען ווען מען קאָרמעט איהר ניט אָן, וואָלט זי דריי טאָג נאָכאַנאַנד זיך ניט געכאַפּט. איך האָב גענומען דער מאַמעס רעכטע האַנט אויפגעלעגט זיי: „בענש זי, זאָג איך מאַמעניו, מיט מיר צו דער חופּה געהט זי;“ האָט זי אזוי דער מאַמעס האַנט מיט געפיהל א קוש געטאָן. „דיין מאַמע, זאָגט זי, האָט געוויס, פיל צרות איבערגעטראָגען.“ אָט האָט זי דעם בוך ביי מיר דערזעהן: „וואָס האָסטו דאָס אָנגעהויבען די רוסישע געשיכטע צו לעזען?“ (און זי אליין האָט מיר איין מאָל אין מאָסקווע געזאָגט: „דו וואָלסט געדאַרפט זיך אויסבילדען, כאָטש מיט עפּעס, וואָלסט כאָטש סאָלאָוויאָוו'ס רוסישע געשיכטע איבערגעלעזען, דו ווייסט דאָך גאָרנישט ניט“). דאָס טוסטו גוט, האָט זי געזאָגט, אזוי טוה, לעז. איך וועל דיר אַליין א רעיסטער מאַכען, וועלכע ביכער דו דאַרפסט צום ערשטען לייענען; ווילסטו צו ניט?“ און קיינמאָל, קיינמאָל פריהער האָט זי מיט מיר אזוי ניט גערעדט, אזוי אז זי האָט מיך אפילו פאַרוואונדערט; דעם ערשטען מאָל האָב איך ווי א לעבעדיגער מענש אָפּגעאָטעמט.

— איך בין פון דעם זעהר צופרידען פאַרפען, האָט געזאָגט דער פירשט אָפענהערציג — זעהר צופרידען, ווער ווייס אפשר וועט אייך גאָט דאָך איינאָרדענען צוזאַמען.

— דאָס וועט קיינמאָל ניט זיין! האָט היציג אויסגעשריען ראָגאָזשין.

— הער נור אויס פאַרפען, ווען דו ליבסט זי אזוי שטאַרק, איז

דען מעגליך, אז דו זאָלסט ניט וועלען פאַרדיענען איהר אכטונג? אוּן ווען דו ווילסט, איז ווי קענסטו דען ניט האָפען? אַט האָב איך שוין לאַנג געזאָגט, אז איך האָב אַ וואונדערליכע אויפגאַבע: פאַר וואָס געהט זי מיט דיר חתונה האָבען? נור כאָטש איך קען ניט ענטשיידען, נור פונדעסטוועגען איז ביי מיר אונצווייפעלהאַפט קלאָהר, אז דאָ מוז זיין אַן אורזאַכע אַ גענוגענדע, אַ שכל'דיגע. אין דיין ליבע איז זי איבערציינט; אוּן זי איז זיכער איבערצייגט אויך אין איינינגע פון דיינע מעלות. אנדערש איז דאָך דאָס ניט מעגליך! דאָס וואָס דו האָסט ערשט געזאָגט, באַשטעטיגט דאָס. דו אליין זאָגסט, אז זי האָט געפונען אַ מעגליכקייט צו רעדען מיט דיר גאָר מיט אַן אנדער שפּראַך ווי זי האָט פריהער גערעדט. דו ביזט איינגערעדט און אייפערזיכ־טיג דערפאַר האָסטו אַלץ פאַרגרעסערט אַלע ניט שעהנע זאַכען וואָס דו האָסט באַמערקט. ס'איז זיכער, אז זי דענקט ניט אזוי שלעכט וועגען דיר, ווי דו רעדסט. ווייל אויב אַנדערש, וואָלט עס געמיינט אז זי שפּרינגט באַוואוסטזיניג אין וואַסער אריין. אָדער זי געהט צו דער שחיטה חתונה האָבענדיג פאַר דיר. קען דען דאָס גע־בען? ווער שפּרינגט עס באַוואוסטזיניג אין וואַסער אָדער געהט צו דער שחיטה?

מיט אַ ביטערען שמייכעל האָט פאַרפען אויסגעהערט דעם פירשט'ס היציגע רעד. זיין איבערצייגונג איז שוין ווייזט אוים אונ־באַריהבאַר געוועזן.

— ווי שווער דו קוקסט עס איצט אויף מיר פאַרפען! האָט זיך מיט אַ שווער געפיהל ארויסגעריסען ביים פירשט.

— איז וואַסער, אָדער צו דער שחיטה! האָט יענער ענדליך אַ זאָג געטאָן. — כע! זי געהט דאָך דערפאַר מיט מיר הייראַטען, ווייל ביי מיר ערוואַרטעט זי אויף זיכער דעם מעסער! האָסטו דען פירשט, אין אמת'ן, ביז איצט זיך ניט געכאַפּט וואָס די גאַנצע זאַך איז.

— איך פאַרשטעה דיך ניט.

— מעגליך, אפשר פאַרשטעהט ער טאַקע אין אמת'ן ניט. כע, כע! מען זאָגט דאָך וועגען דיר אז דו... בעזט עפּעס... זי ליבט אַ צווייטען — אַט וואָס דו דאַרפסט פאַרשטעהן. פונקט אזוי ווי איך האָב זי איצט ליב, פונקט אזוי ליבט זי איצט אַן אַנדערן. און דער צווייטער ווייסטו איז ווער? דאָס ב י ז ט ו! וואָס, דו האָסט עס

גאָר ניט געוואוסט, וואָס?

— איך!

— דו. זי האָט דיך דאַן, פון יענער צייט אַן, פון דעם געבורטס־טאָג־פייערונג ליב געקראָגען. נור זי דענקט אַז חתונה האָבען פאַר דיר איז אונמעגליך, ווייל זי וועט דיך מאַכען צו שאַנדע און דיין גאַנצען לעבען איבערפיהרען. „איך, זאָגט זי, איז שוין באַוואוסט, ווער איך בין.“ ביז איצט רעדט זי נאָך אַלץ וועגען דעם. זי אליין האָט עס מיר גלייך אין די אויגען געזאָגט. דיך אוועק׳הרג׳ענען און צו שאַנדע מאַכען האָט זי מורא, און מיט מיר איז הייסט עס גאָר נישט, מען קען חתונה האָבען. — אַט פאַר וועמען זי האַלט מיך. דאָס דאַרפסט אויך פאַרשטעהן!

— אָבער ווי אַזוי איז זי פון דיר צו מיר געלאָפען און פון מיר...

— און פון דיר צו מיר! כע! מאַלע וואָס עס קען איהר אַמאָל אריינפאַלען אין קאָפּ! זי איז אין גאַנצען איצט ווי אין פיבער. דאָס שרייט זי צו מיר: איך געה מיט דיר ווי אין וואַסער. פיהר מיך צו דער חופּה גיכער! זי אליין יאָגט, באַשטימט אַ טאָג, און ווי עס קומט נאָהענט צו דעם טאָג — שרעקט זי זיך איבער, אָדער עס קומען אַנדערע געדאַנקען — גאָט ווייס, דו האָסט דאָך שוין דאָס געזעהן: זי וויינט, לאַכט, וואַרפט זיך אין פיבער. און וואָס איז זיך דאָ צו וואונדערן וואָס זי איז אויך פון דיר אַנטלאָפען? זי איז פון דיר דער־פאַר, דאַן טאַקע דערפאַר אַנטלאָפען, ווייל זי האָט זיך געכאַפּט ווי שטאַרק זי ליבט דיך. זי האָט ניט געקענט ביי דיר מעהר זיין. אַט האָסטו פריהער געזאָגט, אַז איך האָב זי דאַן אין מאָסקווע אָפּגעזוכט; דאָס איז ניט אמת. „באַשטים אַ טאָג, זאָגט זי, איך בין גרייט! דערלאַנג שאַמפּאַניער! לאָמיר פאָהרען צו די ציגאַנקעס!“ זי שרייט! און ווען ניט איך וואָלט זי זיך שוין לאַנג אין וואַסער אריינגעוואָרפען; איך זאָג דעם אמת. און דערפאַר וואַרפט זי זיך אַזוי, ווייל איך בין נאָך שרעקליכער ווי דאָס וואַסער. פון בעזקייט וויל זי פאַר מיר חתונה האָבען... ווען זי וועט חתונה האָבען איז זאָג איך ריכטיג, אַז זי וועט פ ו ן ב ע ז ק י י ט חתונה האָבען.

— אָבער ווי אַזוי טוסטו עס... ווי אַזוי... האָט אויסגעשריען דער פירשט און האָט ניט פאַרענדיגט. ער האָט מיט שרעק געקוקט אויף ראָגאָזשינען.

— פאַר וואָס ענדיגסטו שוין ניט, האָט יענער צוגעגעבען מיט א געלעכטערל, — ווען דו ווילסט וועל איך זאָגען, אז אין דער זעלבער מינוט קלערסטו זיך: „נו, ווי אזוי קען זי מיט איהם איצט געהן? ווי אזוי דערלאָזט מען איהר איצט דערצו?“ געווים טראַכסטו אזוי...

— איך בין ניט דערפאַר אהער געפאָהרען, פאַרפען, איך זאָג דיר, אז ניט דאָס האָב איך געהאַט אין זינען...

— דאָס קען געבען, אז ניט דערפאַר, און אז ניט דאָס האָסטו געהאַט אין זינען, אָבער איצט איז שוין דאָס זיכער געוואָרען דערפאַר, כע, כע! נו, גענוג! וואָס האָסטו זיך אזוי געמאַכט ניט וויסענדיג? האָסטו דען טאַקע אין אמת'ן דאָס ניט געוואוסט? דו וואונדערסט מיך!

— דאָס איז אַלץ אויפערזוכט, פאַרפען. דאָס איז אַלץ א קראַנק־הייט, דאָס אַלץ האָסטו אהן א מאָס איבערטריבען... האָט א מורמעל געטאָן דער פירשט און גרויסער אויפרעגונג — וואָס איז מיט דיר?

— לאָז מיך, האָט א זאָג געטאָן פאַרפען, און האָט האַסטיג ארויסגעריסען פון דעם פירשט'ס הענט דעם מעסערל, וועלכען יענער האָט גענומען פון טיש נעבען בוך און איהם ווידער אוועקגעלעגט אויף דעם פריהערדיגען פלאַץ.

— איך האָב ווי געוואוסט, ווען איך בין אריינגעפאָהרען אין פעטערבורג, ווי איך וואָלט פאָראויסגעפיהלט... האָט פאָרטגעזעצט דער פירשט: — איך האָב ניט געוואָלט פאָהרען אהער! איך האָב געוואָלט אַלץ וואָס דאָ קומט פאָר, פאַרגעסען, פון האַרצען ארויסרייסען. נו, בלייב געזונט!... נור וואָס איז מיט דיר?

רעדענדיג האָט דער פירשט אין צוטראָגענטקייט ווידער געוועזן פאַרכאַפט אין זיין האַנט דעם זעלבען מעסערל פון טיש, און ווידער האָט ראָגאָזשין עס ביי איהם ארויסגענומען פון די הענט און א וואַרף געטאָן אויפן טיש. דאָס איז געוועזן א גאַנץ געוועהנליכער מעסערל, מיט א צינענעם הענטעל, ניט קיין אויפגעלעגטער, מיט א שאַרף פון א ווערשאָק דריי מיט א האַלב און פון דער זעלבער ברייט.

זעהענדיג אז דער פירשט נעהמט אין באַזונדערער אנבאַטראַכט דאָס, וואָס מען רייסט ביי איהם צוויי מאָל ארויס פון האַנט דעם מעסערל, האָט ראָגאָזשין מיט בעזקייט איהם געכאַפט, פאַרלעגט אין בוך און א וואַרף געטאָן דעם בוך אויפן צווייטען טיש.

— דו שניידסט מיט איהם די בלעטער? האָט געפרעגט דער פירשט, ווי צוטראָגענערהייט, זייענדיג נאָך אלץ אונטער דעם דרוק פון א שטאַרקער פארטראַכטקייט.

— יע, די בלעטער.

— דאָס איז דאָך א גאָרטען־מעסער?

— יע, א גאָרטען־מעסער. קען מען דען מיט א גאָרטען־מעסער ניט צעשניידען קיין בלעטער?

— אָבער עס איז... נאָך גאָר א נייער?

— נו, און אז ער איז א נייער, איז וואָס? קען איך דען איצט ניט קויפען קיין נייעם מעסער? האָט ענדליך זעהר אויפגעבראַכט אויסגעשריען ראָגאָזשין, וועלכער האָט זיך אויפגערעגט פון יעדען וואָרט.

דער פירשט האָט א ציטער געטאָן, און האָט אויפמערקזאַם א קוק געטאָן אויף ראָגאָזשינען.

— אָט וואָס מיר זיינען! האָט ער זיך מיט א מאָל צעלאַכט, אין גאַנצען קומענדיג צו זיך. — ענטשולדיג מיך, ברודער, ווען דער קאָפּ איז מיר זעהר שווער, ווי איצט און דאָס איז א קראַנקהייט... ווער איך גאָר אין גאַנצען אזא צוטראָגענער און קאָמישער. איך האָב אין אלגעמיין ניט וועגען דעם געוואָלט פרעגען... איך געדענק שוין ניט וו'עגען וואָס... בלייב געזונט!

— ניט אהער, האָט געזאָגט ראָגאָזשין.

— איך האָב פאַרגעסען!

— אהער, אהער, קום, איך וועל דיר ציינען.

---

## פערטער קאפיטעל

זיי זיינען אוועק דורך די זעלבע צימערן, דורך וועלכע דער פירשט איז שוין דורכגעגאַנגען. ראָגאָזשין איז געגאַנגען אביסעלע פאָראויס דער פירשט נאָך איהם. זיי זיינען אריין אין גרויסען זאַל.

דא אויף די ווענט זיינען געהאנגען צו עטליכע בילדער, אלץ בילדער פון גלחים, און נאטור־בילדער, אויף וועלכען מען האט גארנישט ניט געקענט אונטערשיידען. אויפ'ן טיר אין דעם נאכפאלגענדען צימער, איז געהאנגען איין בילד, א זעהר מאדנע אויפ'ן אויסזעהן, ארום צוויי מיט א האלבען ארשין אין דער לענג און ניט מעהר ווי זעקס ווערשקעס אין דער הויד. זי האט פארגעשטעלט דעם „ערלייזער„ נור וואס אן ארונטערגענומענעם פון צלם. דער פירשט האט פארביי־לויפענד א קוק געטאן אויף איהם, אזוי ווי דערמאנענדיג זיך אן עפעס, איבעריגענס ניט אפשטעלענדיג זיך האט ער געוואלט ארייננקומען אין טיר, איהם איז געווען זעהר שווער, און עס האט זיך געוואלט וואס גיכער ארויס פון דער דאזיגער הויז, נור ראגאזשין האט זיך אונערווארטעט אפגעשטעלט ביים בילד.

— אט א די אלע בילדער דא, האט ער געזאגט — זיינען אלץ געקויפט געווארען פון דעם פארשטארבענעם טאטען, אויף אן אקציאן פאר א רובל אדער צוויי, ער האט זיי ליב געהאט. איינער, א מענש וואס ווייס האט זיי דא אלע באטראכט, גארנישט, זאגט ער אבער אט דאס — אט דאס בילד איבערן טיר, וועלכע איז אויך געקויפט געווארען פאר צוויי רובל, זאגט ער, איז שוין גארנישט, נור פאר'ן טאטען האט זיך געפונען איינער וואס האט געוואלט געבען פאר איהם דריי הונדערט און פופציג רובל, און סאוועליעוו, איוואן דמיטריטש, א סוחר, א גרויסער ליבהאבער איז יענער שוין דערגאנגען ביז פיער הונדערט, און לעצטע וואך האט ער מיין ברודער סעמיען סעמיאנא־וויטשן שוין פינף הונדערט פארגעשלאגען. איך האב דעם בילד געלאזט פאר זיך.

— דאס איז... דאס איז א קאפיע פון האנס גאלבעין, האט גע־זאגט דער פירשט; אנקוקענדיג דאס בילד. — און כאטש איך בין א קליינער מבין, נור מיר דוכט זיך, אז דאס איז אן אויסגעצייכענטע קאפיע. איך האב דעם דאזיגען בילד אין אויסלאנד געזעהן און קען ניט פארגעסען, נור וואס איז מיט דיר?

ראגאזשין האט פלוצלונג געלאזען דאס בילד און איז אוועק מיט דעם פריהערדיגען וועג ארויף. געוועהנליך האט מען געקענט ערקלעה־רען די אורזאכע מיט דער צוטראגענטקייט און דער באזונדערער נער־וועזער שטימונג וועלכע האבען זיך מיט אמאל באוויזען ביי ראגאז־

שינען; נור דאָך האָט עס דעם פירשט עפּעס אויסגעקוקט מאָדנע וואָס עס האָט זיך אַזוי שנעל איבערגעריסען דער געשפּרעך וועלכען ער ראגאזשין האָט אָנגעהויבען און אַז ער האָט איהם אפילו ניט געענט־פערט אויף זיין פראגע.

— איך האָב דיך לעוו ניקאָלאיעוויטש לאַנג געוואָלט פרעגען, גלויבסטו אין גאָט אָדער ניט? האָט מיט אַמאָל ראגאזשין ווידער אנגעהויבען רעדען, אַפּגעהענדיג אַ פּאָר טריט.

— ווי מאָדנע דו פרעגסט און... קוקסט? האָט דער פירשט באַ־מערקט.

— און אויף דעם בילד האָב איך ליב צו קוקען האָט נאָך אַ ווייל שווייגען אַ מורמעל געטאָן ראגאזשין, ווי ער וואָלט פארגעסען אַן זיין פראגע.

— אויף דער בילד! האָט דער פירשט פּלוצלונג אויסגערופען, און זייענדיג אונטער דעם איינדרוק פון אַ פּלוצליכען געדאַנק; אויף דעם בילד! צוליב דער דאָזיגער בילד קען דאָך נאָך ביי איינעם די אמונה געהן פארלאָרען!

— זי געהט אַזוי אויך פארלאָרען, האָט אונערוואַרטעט באַשטע־טיגט ראגאזשין. זיי זיינען שוין צוגעקומען ביז דער סאַמע ארויס־גאַנג־טיר.

— ווי? האָט זיך אונערוואַרטעט אָפּגעשטעלט דער פירשט, — וואָס איז מיט דיר געשעהן? איך האָב כמעט געמאַכט אַ שפּאַס, און דו נעהמסט עס אַזוי ערנסט! און צו וואָס האָסטו מיך געפרעגט; צו גלויב איך אין גאָט?

— אַזוי זיך, גאַרנישט. איך האָב נאָך פריהער געוואָלט פרעגען. עס זיינען דאָך היינט פיעלע וואָס גלויבען ניט, און ווי איז דאָס אמת (דו האָסט דאָך געלעבט אין אויסלאַנד) מיר האָט איינער פון די שיכורים געזאָגט, אַז ביי אונז אין רוסלאַנד, איז מעהר ווי אין אַלע לענדער אַזעלכע וואָס גלויבען ניט אין גאָט? אונז זאָגט ער, איז אין דעם פיל גרינגער ווי זיי, ווייל מיר זיינען שוין ווייטער פון זיי אוועק...

ראגאזשין האָט אַ בייסיגען שמייכעל געטאָן, ארויסרעדענדיג זיין פראגע. האָט ער פּלוצלונג אָפּגעעפענט די טיר, און האַלטענדיג זיך

פאַר דער הענטעל פון שלאָס, האָט ער געוואַרט ביז וואַנען דער פירשט וועט אַרויס.

דער פירשט האָט זיך פאַרוואונדערט, נור איז אַרויס. יענער איז אַרויס נאָך איהם אויפ'ן בריקעל פון די טרעפּ, און אויפגעעפענט די טיר פאַראויס.ביידע זיינען געשטאַנען איינער אַנקעגען דעם צוויי־טען מיט אַזא אויסזעהן, אַז עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ביידע האָבען פאַרגעסען וואוהין זיי זיינען געקומען און וואָס מען דאַרף איצט טאָן.

— בלייב־זשע מיר געזונט, האָט געזאָגט דער פירשט, דערלאַנ־גענדיג די האַנט.

— גערה געזונט, האָט אַרויסגעזאָגט ראָגאָזשין, דריקענדיג פעסט נור זעהר גיך די איהם דערלאַנגטע האַנט.

דער פירשט איז אַרונטער איין טרעפּעל און האָט זיך אומגע־דרעהט. — און וועגען גלויבען, האָט ער אָנגעהויבען שמייכלענדיג (קענטיג ניט וועלענדיג אַזוי איבערלאָזען ראָגאָזשינען.) און אויסער דעם ווערענדיג פרישער אונטער דעם איינדרוק פון אַ פּלוצליכער עראינערונג — וועגען גלויבען, האָב איך לעצטע וואָך, אין צוויי טאָג געהאַט פיער באַזונדערע באַגעגעניששען, אין דער פריה בין איך גע־פאָהרען מיט אַ נייער אייזענבאַהן און אַ שטונדע פיער מיט איינעם אַז ס. אין וואַגאָן פאַרבראַכט, דאָ אויך זיך באַקאַנט. איך האָב נאָך פריהער וועגען איהם אַסך געהערט, און צווישען אַנדערעס, ווי וועגען אַן אַטעאיסט. ער איז אַ מענש אַ באמת זעהר אַ געלעהרענטער און איך האָב זיך דערפרעהט וואָס איך וועל רעדען מיט אַן אמת'ן גע־לעהרטען, אויסער דעם אַלעם איז ער אַ וואונדערליך גוט ערצויגענער מענש. אַזוי דאָס ער האָט מיט מיר גערעדט פונקט אַזוי גלייך ווי מיט זיינס אַ גלייכען, אין וויסען און פאַרשטעהן. אין גאָט גלויבט ער ניט. איין זאַך נור האָט מיך פאַרוואונדערט: עס דוכט זיך אַז ער האָט אַלץ גערעדט ניט וועגען דאָס, און די גאַנצע צייט אַזוי, און דערפאַר האָט עס מיך טאַקע פאַרוואונדערט, ווייל אויך פריהער, וויפיעל איך האָב זיך ניט באַגעגענט מיט ניט גלויביגע, און וויפיעל איך האָב זיי־ערע ביכער ניט געלעזען, האָט זיך מיר אַלץ געדוכט, אַז אי זיי ריידען, אי זיי שרייבען אין ביכער אַלץ ווי ניט וועגען דאָס, כאָטש אויבען אויף דוכט זיך, אַז וועגען דאָס. איך האָב איהם דאַן טאַקע דאָס

ארויסגעזאָגט, נור ווייזט אויס ניט קלאָהר, אדער איך האָב ניט גע־קענט אויסדריקען, ווייל ער האָט גאָרנישט ניט פארשטאַנען... אין אבענט האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין דעם אויעזדנעם האָטעל איבער־נעכטיגען, און אין איהם האָט נור וואָס פּאַסירט א מאָרד, אין דער לעצטער נאַכט. אזוי דאָס ווען איך בין געקומען צופאָהרען האָבען אלע וועגען דעם גערעדט. צוויי פּויערים, עלטערע מענשען שוין און ניט קיין שיכורע, און וועלכע האָבען איינע די אנדערע געקענט שוין פון לאנג, פריינד, האָבען זיך אָנגעטרונקען מיט טיי און האָבען גע־וואָלט צוזאמען אין איין צימער זיך שלאָפען לעגען. נור איינער האָט ביי דעם צווייטען פאר די לעצטע צוויי טעג נאָכגעשפּירט א זייגער, א זילבערנעם, אויף א געלען שנירעל פּערל, וועלכען ער האָט, ווייזט אויס, ביי איהם פריהער ניט געזעהן. דער דאָזיגער מאַן איז ניט געווען קיין גנב, איז אפילו געווען אַן ערענטליכער, און לויט דעם פּויערשען לעבען איז ער געווען ניט אָרים, נור איהם איז אזוי געפעלען אָט דער דאָזיגער זייגער, און אויף אזוי פיל האָט ער איהם פארלאַקט, אז ער האָט ענד־ליך ניט אויסגעהאַלטען; גענומען א מעסער, און ווען דער פריינד זיינער האָט זיך פארקוקט, איז ער צוגעגאנגען פאָרזיכטיג צו איהם פון הינטען, האָט זיך אָנגעצילעוועט, און האָט ארויסגערעדט פאר זיך מיט א ביטערער תפלה: „גאָט, פארגיב צוליב יעזוס'ן וועגען“. — געקווי־לעט זיין פריינד מיט איין שניט, אזוי ווי א שעפּס און צוגענומען ביי איהם דעם זייגער.

ראגאזשין האָט זיך געקייקעלט פון געלעכטער. ער האָט אזוי שטאַרק געלאכט, אזוי ווי ער וואָלט געווען אין אזא אָנפאַל. עס איז אפילו געווען מאָדנע צוצוקוקען דעם דאָזיגען געלעכטער נאָך אזא אָט־ערשטיגער פינסטערער שטימונג.

— אָט דאָס האָב איך ליב! ניין, אָט דאָס איז בעסער פון אלץ! האָט אויסגעשריען קאָנוואולסיוו, שיעור ניט דערשטיקט ווערענדיג; איינער גלויבט אין גאנצען ניט אין גאָט, און א צווייטער גלויבט אזוי, אז ער קוילעט מענשען מיט א תפלה אויף די ליפּען... ניין, דאָס ברו־דער פירשט, וועסטו ניט אויסטראכטען! כאַ־כאַ־כאַ! ניין, דאָס איז בעסער פון אלץ!

— אויף מאָרגען בין איך ארויס בלאָנדזשען איבער'ן שטאָט — האָט פאָרטגעזעצט דער פירשט, תיכף ווי ראגאזשין האָט אויפ־

געהערט רעדען, כאָטש דער געלעכטער האָט נאָך אַלץ טרייסלענדיג זיך און אָנפאַל־מעסיג, געציטערט אויף זיינע ליפּען — איך זעה עס דערהעט זיך אויפ׳ן הילצערנעם טראָטואר א שיכור׳ער סאָלדאַט, אין א זעהר אָפּגעלאָזענעם אויסזעהן. קומט ער צו צו מיר: „קויף, זאָגט ער, פּריץ א זילבערנעם צלם, איך גיב איהם אָפּ אין גאַנצען פאַר צוואַנציג קאָפּיקעס; א זילבערנער!" איך זעה ער האַלט אין האַנט א צלם, און עס ווייזט אויס, אז ער האָט נור וואָס אראָפּגענומען פון זיך, אויף א בלויען שטאַרק אָפּגעטראָגענעם שנירעל, אבער נור אַן אמת ציננענער, מען זעהט עס פון׳ם ערשטען בליק, אַן אַכטקאַנטיגער. איך האָב ארויסגענומען צוואַנציג קאָפּיקעס, און איהם אוועקגעגעבען און דעם צלם האָב איך גלייך אויף זיך אָנגעטאָן, — און אויף זיין פּנים איז געווען קענטיג ווי צופרידען ער איז, וואָס ער האָט אָפּגענאַרט א נאַ־רישען פּריץ, און ער איז גלייך אוועק זיין צלם צו פאַרטרינקען. דאָס איז שוין אָהן צווייפעל. איך בין ברודער, דאַמאָלס אונטער דעם סאַמע שטאַרקסטען איינדרוק געווען פון אַלץ וואָס איך האָב אין רוס־לאַנד דערזעהן; איך האָב דאָך אין איהר גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען. איך בין דאָך ווי אָהן לשון געוואַקסען, און איך האָב דאָך ווי פון א פאַנטאַזיע וועגען איהר געדענקט, אָט די גאַנצע פינף יאָהר וואָס איך האָב אין אויסלאַנד געלעבט. איז אָט געה איך און טראַכט: ניין „אָט דעם דאָזיגען יעזוס־פאַרקויפער, וועל איך נאָך ניט באַלד פאַראורטהיילען. איין גאָט ווייס, וואָס אין די דאָזיגע שיכור׳ע און שוואַכע הערצער קומט פאָר. אין א שעה ארום קומענדיג צוריק אין האָטעל, האָב איך זיך אָנגעשטויסען אויף א פרוי מיט א זויג־קינד. די פרוי איז נאָך א יונגע, דאָס קינד האָט געדאַרפט זיין פון א וואָך זעקס, דאָס קינד האָט צו איהר שוין געשמייכעלט. לויט איהר באָאָבאַכטונג, דעם ערשטען מאָל זינט ער איז געבוירען געוואָרען. איך קוק, זי האָט פּלוצלונג אַזוי פרום, פרום זיך איבער געצלמ׳ט „וואָס פעהלט דיר יונגע פרוי?" (איך פלעג דאַן אַלץ פאַנאַנדערפרעגען.) „אָט, זאָגט זי, פּונקט ווי עס גיט מוטער־פרייד ווען זי באַמערקט צום ערשטען מאָל איהר קינד׳ס א שמייכעל, פּונקט אַזוי פרעהט זיך אויך גאָט, יעדען מאָל, ווען ער באַמערקט פון הימעל, אז א זינדיגער טוט פאַר איהם פון גאַנצען הארצען תפלה." דאָס האָט מיר א פרוי געזאָגט, כמעט מיט די זעלבע ווערטער, און זי האָט מיט איין מאָל אַזא טיפען און אַזא

דינעם אמת־רעליגיעזען געפיהל אויסגעדריקט, אזא געדאנק, פון וועל־כען עס איז דא דער גאנצער זינן פון קריסטענטהום, דאָס הייסט, די גאַנצע פארשטענדעניס פון א גאָט, ווי וועגען אונזער אן אייגענעם פאָטער. און וועגען דער שמחה פון גאָט מיט דעם מענשען ווי א פאָ־טער מיט זיין אייגענעם קינד. — דער הויפט געדאנק פון קריסטוס! אן איינפאכע פרוי! אמת א מוטער... און ווער ווייס, ס'קען געבען, אז אָט די פרוי איז געווען טאקע די ווייב פון יענעם סאָלדאט. הער מיך אויס פּארפען, דו האָסט מיך פריהער געפרעגט, אָט איז מיין ענט־פער! דער וועזען פון א רעליגיעזען געפיהל ווארפט זיך ניט אונ־טער, אונטער קיינע אורטהיילען, און ניט אונטער קיינע האנדלונגען און פארברעכענס, און ניט אונטער קיינע אַפּלייקענונגען; דאָ איז עפּעס ניט דאָס און עס און וועט אייביג זיין ניט דאָס, דאָ איז עפּעס א זאך, וועגען וועלכער עס וועלען זיך אָפּט גליטשען אפּלייקענונגען און מען וועט אייביג רעדען ניט וועגען דאָס, נור די הויפּט זאך איז דאָס, אז קלעהרער און גיכער וועסטו דאס באמערקען, אין דער רוסישער נשמה, און דאָס איז מיין שלום! דאָס איז איינע פון מיינע ערשטע איבערצייגונגען וועלכע איך טראג ארויס פון אונזער רוסלאנד. עס איז דאָ וואָס צו טאָן, פּאַרפען! ס'איז דאָ וואָס צו טאָן אין אונזער רוסישער וועלט, גלויב מיר! דערמאָן זיך, ווי עס איז געווען א צייט אז מיר פלעגען אין מאָסקווע זיך צונויפקומען און ריידען... און איך האָב גאָר איצט ניט געוואָלט אומקעהרען זיך אהער! און איך האָב גאָר אזוי ניט געדענקט מיט דיר זיך צו באַגעגענען! בלייב געזונט, אויפ'ס ווידערזעהן! זאָל דיך גאָט ניט פארלאָזען!...

ער האָט זיך אומגעדרעהט און זיך געלאָזט ארונטערגעהן מיט די טרעפּ.

— לעוו ניקאָלאיעוויטש! האָט אויסגערופען פון דער הויך פּאר־פען, ווען דער פירשט איז צוגעקומען צום לעצטען טרעפּעל. — דער צלם וואָס דו האָסט געקויפט ביים סאָלדאט איז מיט דיר?

— יע, אויף מיר!

און דער פירשט האָט זיך ווידער אפּגעשטעלט.

— ווייז נור אהער!

ווידער עפּעס א נייע משוגעת! ער האָט א טראכט געטאָן, זיך

אויפגעהויבען אין דער הויך, און איהם ארויסגעשטעלט זיין צלם, ניט ארונטערנעהמענדיג איהם פון האלז.

— גיב איהם מיר, האָט געזאָגט ראגאזשין.

—צו וואָס? ביזטו דען...

דעם פירשט האָט זיך ניט געוואָלט שיידען מיט דעם דאָזיגען צלם.

— איך וועל איהם טראָגען, און מיינעם וועל איך דיר אפּגעבען. טראָג דו.

— ווילסט זיך בייטען מיט די צלמים! אָט האָסטו איהם!

דער פירשט האָט ארונטערגענומען זיין צינענעם צלם. פאַרפען זיין גאָלדענעם, און זיי האָבען זיך געביטען. פאַרפען האָט געשוויגען. דער פירשט האָט מיט א שווערער פארוואונדערונג באַמערקט, אז דער פריהערדיגער אונצוטרויען, פריהערדיגע ביטערער און כמעט שפּאָטי־שער שמייכעל, האָבען נאָך אלץ ווי ניט פארלאָזען דעם פּנים פון זיין אזוי געדופענעם ברודער, לכל הפּחות האָט זיך עס אויגענבליקליך שטארק ארויסגעוויזען. ענדליך האָט ראגאזשין שווייגענד גענומען דעם פירשטס האַנט און א געוויסע צייט געשטאַנען אזוי ווי ניט באַ־שליסענדיג זיך אויף עפּעס; ענדליך האָט ער פּלוצלונג איהם א ציה געטאָן נאָך זיך, ארויסזאָגענדיג מיט א קוים הערבאַרע שטימע: „קום!" זיי זיינען אריבער איבער דעם בריקעל פון דעם ערשטען גאַ־רען, און זיי האָבען אנגעקלונגען אין טיר, וועלכע איז געווען אנט־קעגען דער פון וועלכער זיי זיינען ארוים. מען האָט זיי שנעל געעי־פענט. אן אלטינקע פרוי, אין גאנצען אן אויפגעהאַרבעטע, און אין שווארצען, אונטערגעבונדען מיט א טיכעל, האָט זיך שווייגענדיג און נידעריג א נויג געטאָן צו ראגאזשינען. יענער האָט זי עפּעס אויף שנעל א פרעג געטאָן, און ניט ווארטענדיג אויף אן ענטפער, האָט ער דעם פירשט אוועקגעפיהרט ווייטער איבער צימערן. ווידער איז מען דורכגעגאַנגען פינסטערע צימערן, פון עפּעס אן אונגעוועהנליכער קאַל־טער ריינקייט. קאַלט און שטרענג געמעבלירט מיט אַלטערטהימליכע מעבעל, און ווייסע זויבערע טשעכאָלען. ניט מעלדענדיג זיך, האָט ראגאזשין גלייך אריינגעפיהרט דעם פירשט אין איינס ניט קיין גרוי־סען צימער, עהנליך צו א גאַסט־צימער, אן איבערגעצאַמטער מיט א גלאנציגער ווענטעל פון רויטען האָלץ, מיט צוויי טירען פון די זייטען,

הינטער וועלכע ס׳איז אודאי, געווען א שלאָף־צימער. אין ווינקעל פון גאַסט־צימער, ביים אויוון אין א שטוהל, איז געזעסען א קליינינקע אַלטיטשקע, לויט׳ן אויסזעהן נאָך ניט אזוי אַלט, אפילו מיט נאָך א גאַנץ נישקשה׳דיג געזונטען אנגענעהמען און קיילעכדיגען פּנים, נור שוין אין גאַנצען א גרויע (און דאָס האָט מען געקענט שליסען פון דעם ערשטען בליק) וועלכע איז אריינגעפאַלען אין אמת׳ער קינדהייט. זי איז געווען אָנגעטאָן אין א שוואַרצער וואָלענער קלייד, מיט א שוואַר־צען גרויסען טיכעל אויפ׳ן קאָפּ אין א ווייסען ריינעם הייבעל מיט שוואַרצע סטענגעס. איהרע פיס זיינען געווען אָנגעשפּאַרט אָן א בענקעלע. נעבען איהר האָט זיך געפונען נאָך א ריינינקע אַלטיטשקע, אָן עלטערע פון איהר, אויך אין טראַור און אויך אין א שוואַרצען הייבעל. ס׳ווייזט אויס אזא מין פרייע מיטוואוינערין, און שווייגענד געמאַכט א זאָק. ביידע ווייזט אויס האָבען די גאַנצע צייט געשווי־גען, דערזעהענדיג ראגאָזשינען און דעם פירשט, האָט די ערשטע אַל־טיטשקע א שמייכעל געטאָן צו זיי, און עטליכע מאָל א נויג געטאָן, אַלס א צייכען פון צופרידענהייט, מיט׳ן קאָפּ.

— מאַמע, האָט געזאָגט ראגאָזשין, א קוש טהוענדיג איהר די האַנט, — אָט איז מיין גרויסער פריינד, פירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש מישקין; מיר האָבען זיך מיט איהם געביטען מיט די צלמים; ער איז מיר אין מאָסקווע א געוויסע צייט געווען ווי אַן אייגענער ברודער, ער האָט פיל פאַר מיר געטאָן, בענש איהם, מוטער, ווי דו וואָלסט אַן אייגענעם זוהן געבענשט. וואַרט אַלטיטשקע, אָט אזוי, גיב וועל איך דיר אויפלעגען די האַנט...

נור די אַלטע האָט נאָך איידער פאַרפען האָט אוספּעיעט, אויפ־געהויבען איהר רעכטע האַנט, אויפגעלייגט די פינגער, און דריי מאָל פרום איבער׳גע׳צלם׳ט דעם פירשט. דערנאָך האָט זי נאָך אַמאָל ליבליך און צאַרט צו איהם א נויג געטאָן מיט׳ן קאָפּ.

— נו, קום לאָמיר געהן, לעוו ניקאָלאַיעוויטש, האָט געזאָגט פאַר־פען, איך האָב דיך בלויז דערפאַר געבראַכט...

ווען זיי זיינען ווידער ארויס אויף די טרעפּ האָט ער צוגעגעבען:

— אָט נעהם זי, זי פאַרשטעהט דאָך כמעט גאָר ניט, וואָס מען רעדט, און זי האָט גאָר ניט געוואוסט וואָס איך זאָג, און דאָך האָט זי דיך געבענשט... נו געה געזונט, עס איז שוין אי מיר, אי דיר צייט...

איז ער האָט געעפֿענט די טיר.

— אָבער לאָז דיך כאָטש ארומנעמען פֿאר'ן אוועקגעהן, מאָדנער מענש וואָס דו ביזט! האָט אויסגערופֿען דער פּירשט מיט א צערט־ליכען פֿארוואורף קוקענדיג אויף איהם און געוואָלט איהם ארומנעמען. נור גלייך ווי פֿארפֿען האָט אויפֿגעהויבען זיינע הענט אזוי גלייך האָט ער זיי אויך ארונטערגעלאָזען; ער האָט זיך ניט געקענט באשליסען; ער האָט זיך אפּגעקערט, אום ניט צו קוקען אויפ'ן פּירשט. ער האָט איהם ניט געוואָלט ארומנעמען.

— ס'מאַכט ניט אויס! איך, כאָטש איך האָב גענומען דיין צלם אבער פֿאר א זייגער וועל איך ניט קוילענען! האָט ער זעהר שטיל א מורמעל געטאָן און עפּעס מאָדנע זיך צעלאַכענדיג. נור פּלוצלונג האָט זיך זיין גאנצער פּנים געענדערט: ער איז שרעקליך בלייך גע־ווארען, זיינע ליפּען האָבען אנגעהויבען ציטערן, די אויגען האָבען זיך צוברענט. ער האָט אויפֿגעהויבען די הענט, פֿעסט ארומגענומען דעם פּירשט און שווער אָטהעמענדיג א זאָג געטאָן:

— טאָ נעם זי דיר, ווען ס'איז אזוי באשערט! זי איז דיינע! איך לאָז זי דיר אָפּ! געדענק ראָגאָזשינען!

און איבערלאָזענדיג דעם פּירשט, ניט קוקענדיג אויף איהם, איז ער איילענדיג אריין צו זיך און פֿארהאַקט הינטער זיך די טיר.

---

## פֿינפֿטער קאַפּיטעל

עס איז שוין געווען שפּעט, כמעט האַלב דריי, און דער פּירשט האָט עפּאַנטשינען ניט דערוויסט אין הויז, איבערלאָזענדיג זיין וויזיט־קאַרטעל, האָט ער באַשלאָסען אריבערצוגעהן אין דעם האָטעל „די וואָג“ און פֿרעגען דאָרט אויף קאָליאַן; אויב אבער ער איז דאָרטען ניטאָ — איבערלאָזען איהם א צעטעלע, אין דעם האָטעל האָט מען איהם געזאָגט, אז ניקאָלאַי ארדיאַליאָנאָוויטש, זיינען ארויסגעגאַנגען

אין דער פריה נאָך, אבער אוועקגעהענדיג, האבען זיי געלאָזט וויסען, אז אויפ'ן פאל, ווען עמיצער וועט קומען פרעגען אויף זיי, טאָ זאל מען לאָזען וויסען, אז זיי וועלען אפשר דריי א זייגער קומען צוריק. און ווען זיי וועלען ניט זיין ביז האלב פיער — מיינט, עס אז זיי זיינען אוועק מיט'ן צוג קיין פּאוולאָווסק, אויף דער דאטשע פון דער גענעראלשע עפּאנטשין און אז דאָרטען, הייסט עס, וועלען זיי שוין אָפּעסען אויך. דער פירשט האָט זיך געזעצט ווארטען, און דערווייל געבעטען מיטאג־עסען.

האלב נאָך דריי א זייגער און אפילו פיער האָט זיך קאליא ניט געוויזען. דער פירשט איז ארויס און ער האָט גענומען געהן שנעל וואוהין די פיס וועלען איהם טראָגען. אין אָנהויב זומער גיבען אין פּעטערבורג אויסגעצייכענטע טעג — ליכטיגע, הייסע, שטילע. ווי אומישנע, איז דער טאָג געווען איינער פון יענע אויסגעצייכענטע טעג. א קורצע צייט האָט דער פירשט זיך ארומגעדרעהט אָהן א צוועק. די שטאָט האָט ער ווייניג געקענט. ער האָט זיך אָפּט אָפּגעשטעלט וואו די גאסען צושניידען זיך. פאר אייניגע הייזער, אויף די פּלאַשטשאַדען, אויף די בריקען, איין מאָל איז אריין זיך אָפּרוהען אין א קאָנדיטערסקע. אָפּט האָט מיט גרויס נייגעריקייט גענומען זיך איינקוקען אין דורכגעהער; נור אמעהרסטענס האָט ער ניט באַמערקט ניט די דורכגעהער, און ניט וואו ער געהט. ער איז געווען אין א פּייניליכער אנשטרענגונג און אומרוהיקייט און אין דער זעלבער צייט געפיהלט אן אויסערגעוועהנליכע באדערפעניש צו זיין אליין. איהם האָט זיך געוואָלט זיין אליין, און איבערגעבען זיך אָט דער פּייניליכער אנשטרענגונג, אין גאנצען אָהן א ווידערשטאַנד, ניט זוכענדיג דעם קלענסטען וואָס זיינען איבערפאלען זיין נשמה. „בין איך דאן שולדיג אין דעם אלעמען?" האָט ער געמורמעלט פאר זיך, כמעט ניט באנעהמענדיג זיינע ווערטער.

ארום זעקס א זייגער איז ער געווען אויף דער סטאַנציע פון דער צאַרסקע־סעלסקער אייזענבאהן. באלד איז איהם מאוס געוואָרען זיין איינזאַמקייט. א נייער שטרעבען האָט היים ארומגעכאַפּט זיין הארץ, און אויף א ווייל באלויכטען מיט א העלען ליכט די פינסטערניש, אין וועלכע עס האָט געוועהטאָגט זיין נשמה.

ער האָט גענומען א בילעט קיין פּאוולאָווסק, און מיט אונגעדולד געאיילט אוועקצופאָהרען; נור געוויס האָט איהם עפּעס נאָכגעפּאָלגט, און דאס איז געווען א ווירקליכקייט און ניט קיין פאַנטאַזיע, ווי ער איז געוועזן קען געבען געניגט צו גלויבען. כמעט שוין זיצענדיג אין וואגאָן, האָט ער מיט אמאָל א וואָרף געטאָן דעם בילעט אויפ'ן דיל, און האָט זיך אומגעקערט צוריק אויפ'ן וואָגזאל. א צוטומעלטער און א פארטראכטער.

אביסעל שפּעטער, אויפ'ן גאס, האָט ער זיך ווי דערמאָנט אָז עפּעס, אזוי ווי ער וואָלט פּלוצלונג עפּעס זיך דערמאָנט א זאך זעהר א וואונדערליכע, וועלכע האָט שוין איהם לאנג ניט געלאָזט רוהען. איהם איז אונערווארטעט אויסגעקומען צו כאַפּען זיך ביי איין באַשעפ־טיגונג, וועלכע ציהט זיך ביי איהם שוין לאנג, נור וועלכע ער האָט אלץ ניט באמערקט ביז דער סאמע איצטיגער מינוט; אָט איז שוין עטליכע שטונדען, עס דוכט זיך, נאָך אפילו אין האָטעל, און אפילו נאָך ביז'ן האָטעל, איז ניט־ניט און אָט הויבט ער פּלוצלונג אָן ווי צו זוכען עפּעס וואָס ארום זיך. און ער פארגעסט, אפילו אויף לאנג, אויף א האלב שעה, און מיט אמאָל קוקט ער זיך ווידער אומרוהיג אום און זוכט ווידער אין אלע זייטען.

נור תיכף ווי ער האָט באמערקט אָן זיך, די דאָזיגע קרענקליכע און ביז איצט אין גאנצען אומבאוואוסטזיניגע באוועגונג, וועלכע האָט שוין איהם באהערשט פון לאנג, ווי פּלוצלונג האָט געטאָן א בליץ דורך פאר איהם אן אנדער עראינערונג, וועלכע האָט איהם זעהר פאראינ־טערעסירט; איהם האָט זיך דערמאָנט, אז אין יענער מינוט, ווען ער האָט באמערקט, אז ער זוכט עפּעס ארום זיך, איז ער געשטאַנען אויפ'ן טראָטואר ביים פענסטער פון א קראָם און מיט גרויסער נייגעריקייט באַקוקט די סחורה וואָס איז אויסגעשטעלט אין פענסטער. איהם האָט זיך איצט אומבאדינגט פארוואָלט איבערצייגען; צו איז ער טאַקע אין אמת'ן געשטאַנען. איצט קען געבען מיט פינף מינוט צו־ריק, פאר'ן פענסטער פון דער דאָזיגער קראָם? האָט זיך איהם עס ניט אויסגעדוכט, האָט ער עפּעס ניט צוזאמענגעמישט? עקזעסטירט טאַקע באמת די דאָזיגע קראָם און די דאָזיגע סחורה? ער פיהלט זיך דאָך היינט טאַקע אין אמת'ן אין א באזונדערער קרענקליכער שטימונג;

כמעט אין דער זעלבער, אין וועלכער ער איז געווען אמאָל, ביי דעם אנפאנג פון די אַנפאלען פון זיין פריהערדיגער קראנקהייט.

ער האָט געוואוסט, אז אין אזא אנפאלענדיגער צייט איז ער אויסערגעוועהנליך צוטראַגען, און גאַנץ אָפט פארבייט ער זאכען און געזיכטער. ווען ער קוקט אויף זיי אַהן א באזונדער אנגעשטרענגטער אויפמערקזאמקייט, נור ס'איז אויך געווען א באזונדערע אורזאכע פאר וואָס ער האָט זיך אזוי געוואָלט איבערצייגען, צו ער איז דאן געשטאַנען פאר דער קראָם; פון דעם צאָהל זאכען וועלכע זיינען אויסגעשטעלט אין פענסטער פון קראָם, איז געווען איין זאך אויף וועלכער ער האָט געקוקט, און וועלכע ער האָט אפילו אפגעשאצט אין זעכציג קאָפּיקעס, ער געדענקט עס, ניט אכטענדיג אויף זיין גאנצער צוטראַגענטקייט און אומרוהיגקייט. פון דערפון קען מען דרינגען, אז ווען די דאָזיגע קראָם עקזעסטירט און די זאך איז טאַקע ווירקליך דאָרט אויסגעשטעלט, צווישען אַלע סחורות, דאן הייסט עס, אז ער האָט זיך נור צוליב דער דאָזיגער זאך אָפּגעשטעלט. דאן באדייט עס, אז די זאך האָט אין זיך פאר איהם אזא שטארקען אינטערעס, אז זי האָט צוגעצויגען זיין אויפמערקזאמקייט אפילו אין יענער צייט ווען ער איז געוועזי אין אזא שווערער צוטומעלטקייט, גלייך ווי ער איז ארויס פון וואָגזאל. ער איז געגאנגען כמעט א טרויערדיגער, קוקענדיג אויף רעכטס, און זיין הארץ האָט געקלאָפּט פון אומרוהיגער אומגעדולד. נור אָט איז די קראָם, ער האָט זי געפונען, ענדליך! ער איז שוין ביי א פופציג טריט פון איהר, ווען ער האָט זיך באַדענקט צו אומקעהרען זיך. אָט איז אויך די זאך אין פרייז פון זעכציג קאָפּיקעס; „געוועהנליך אין זעכציג קאָפּיקעס, ס'איז מעהר ניט ווערטה". האָט ער זיך איצט איבערצייגט און א לאַך געטאָן. נור ער האָט א לאַך געטאָן היסטעריש; איהם איז געווארען זעהר שווער. ער האָט זיך איצט קלאָהר דערמאָנט, אז טאַקע נור דא, שטעהענדיג פאר ד ע ם פענסטער. ער האָט זיך מיט אמאָל אומגעקוקט, פונקט ווי פריהער ווען ער האָט געכאפּט אויף זיך ראגאזשין'ס אויגען. איבערצייגענדיג זיך, אז ער האָט ניט געמאכט קיין „טעות (א זאך, איבעריגענס אין וועלכער ער איז אויך פריהער געווען איבערצייגט), ער האָט געלאָזען די קראָם און איז וואָס גיכער אוועק פון איהר. דאָס אַלץ דאַרף מען וואָס שנעלער באטראַכטען, אומבאַדינגט; איצט איז קלאָר געווען,

אז איהם האָט זיך ניט אויסגעדוכט, אויך אויפ'ן וואגזאל, אז מיט איהם האָט געטראָפען עפּעס א זיכערע זאך, וואָס איז אומבאדינגט צו־זאמענגעבונדען מיט דער פריהערדיגער אומרוהיקייט זיינער, נור עפּעס אן אינערליכער און אונבאזיגבארער ווידערווילען האָט ווידער גובר געווען: ער האָט גאָרנישט ניט געוואָלט באטראַכטען, ער האָט ניט אָנגעהויבען באטראַכטען; ער האָט זיך פארטראַכט גאָר וועגען עפּעס אנדערש.

צווישען אנדערעס, האָט ער זיך פארטראַכט, וועגען דעם, אז אין זיין עפּילעפּטישען צושטאַנד, איז ביי איהם געווען איין מדרגה, כמעט אין סאַמע אָנפאל (ווען נור דער אָנפאַל איז געקומען אין דער וואַך). אין וועלכען, עס פלעגט מיט אמאָל, אין מיטען דעם טרויער, זעעלען־פינסטערניש, דריקונג, מינוטענווייז אויפלאַמען זיין מארך און מיט אַן אונגעוועהנליכען דראַנג זיינען מיט אמאָל געוואָרען אָנגעשפּאַנט אַלע זיינע לעבען־כחות. דער חוש פאר לעבען, די זעלבסט־ערקענטיס האָבען זיך כמעט פארצעהנפאכט אין די דאָזיגע מינוטען, וועלכע האָבען געדויערט ווי בליצען. דער שכל, דאָס הארץ זיינען באלויכטען געוואָרען מיט אַן אויסערגעוועהנליך ליכט; אַלע אויפרעגונגען, אַלע זיינע ספקות, אַלע זיינע ארומרוהיקייטען, האָבען זיך אַלע מיט אמאָל ווי בארוהיגט, האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין אזא העכערער רוהיקייט, פול מיט קלאָהרער, הארמאָנישער פרייד און האָפענונג, פול מיט פאַר־שטאַנד און ענדליכער אורזאַכע. נור די דאָזיגע מאָמענטען, אָט די אויפבליצונגען, זיינען נור בלויז געווען דאָס פאראויסגעפיהל פון יע־נער ענדליכער סעקונדע, (אַלע מאָל ניט מעהר ווי א סעקונדע) פון וועלכער עס האָט זיך אָנגעהויבען דער אָנפאל אליין, אָט די סעקונדע איז געווים געווען אן אונערטרעגליכע. דענקענדיג וועגען דער רגע אין דער לעצטער צייט, שוין אין געזונטען צושטאַנד, האָט ער אָפט צו זיך אליין געזאָגט: אז אָט די אַלע, זיינען דאָך דאָס די בליצען און אויפשיינונגען פון דעם העכערען זעלבסט־פיהלען און זעלבסט־ערקענטעניס, און דאָן מיינט ער, אז אויך „דאָס העכערע זיין" איז אויך ניט עפּעס אנדערש ווי א קראַנקהייט, ווי א צושטערונג פון נאָר־מאַלען צושטאַנד, און אויב ס'איז אזוי, איז דאָס גאָר ניט קיין „הע־כערער זיין" נור פארקערט, מען דאַרף עס צורעכענען צו דער סאַמע נידעריגסטער.

*

און פונדעסטוועגען, איז ער דאָך ענדליך דערגאַנגען צו א זעהר פּאַראַדאָקסאַלען אויספיהר: „אז וואָס מאַכט ער אוים וואָס דאָס איז א קראַנקהייט?" — האָט ער ענדליך באַשלאָסען, „ווּעמען אַרט עס, אַז דאָס איז אַן אוננאָרמאַלע אנשטרענגונג, ווען דער סאַמע רעזולטאַט, ווען די מינוט פון דער עמפּפינדונג, אַן וועלכער מען דערמאָנט זיך און וועלכע מען באַטראַכט שוין אין געזונטען צושטאַנד שטעלט זיך פאָר אלס דער ביז איצט אונערהערטער געפיהל פון האַרמאָניע פון שענקייט פון דער העכסטער מדרגה, עס גיט א געפיהל פון גאַנצקייט, א מאָס פון צופרידענשטעלונג און אויפגערעגטער תפלה'דיגער צוזאַמענגיסונג מיט דעם סאַמע העכסטען סינטעז פון לעבען?". אָט די דונקעלע אויסדריקע האָבען זיך איהם אליין געוויזען אלס פאַרשטענדליכע, כאָטש נאָך זעהר שוואַכע. אין דעם, אַז דאָס איז זיכער „שענקייט און תפלה", אַז דאָס איז באמת „דער העכסטער" סינטעז פון לעבען". אין דעם האָט ער ניט געקענט צווייפלען און קיין צווייפעל ניט געקענט צולאָזען. עס האָבען זיך דאָך איהם ניט גע'חלום'ט קיין חלומות, ווי פון האַשיש, אפּיום אדער וויין, וועלכע ערנידעריגען דעם פאַרשטאַנד, און צוקאַליעטשען די נשמה, חלומות ניט נאָרמאַלע און ניט עקזעסטירענדע?

וועגען דעם האָט ער געקענט געזונט אורטיילען ביי דער ענד פון זיין קראַנקליכען צושטאַנד. די דאָזיגע רגע'ס זיינען טאַקע נור געווען איין גרויסע פאַרשטאַרקונג פון זיין זעלבסטערקענטנים. — ווען מען זאָל דאַרפען אויסדריקען דעם דאָזיגען צושטאַנד מיט איין וואָרט — זעלבסט-ערקענטנים און אין דער זעלבער צייט א זעלבסט-געפיהל איז דער העכסטער מדרגה אַן אונמיטעלבאַרער, ווען אין דער זעלבער רגע. דאָס הייסט, אין דער סאַמע לעצטען באַוואוסטזיניגען מאָמענט פאר זיין אַנפאַל, האָט איהם פּאַסירט קלאָהר און באַוואוסטזיניג צו זאָגען: „יע, פאַר דעם דאָזיגען מאָמענט לוינט זיך אוועקגעבען דאָס גאַנצע לעבען!" — דאָן איז געוויס דער מאָמענט ווערטה דאָס גאַנצע לעבען. איבעריגענס, אויף דער דיאַלעקטישער זייט פון זיין אויספיהר איז ער ניט באַשטאַנען: א פאַרטעמפּטקייט, א זעעלען-פינסטערניש, אַן אידיאָטיזם, זיינען פאַר איהם געשטאַנען אלס די קלאָהרע פאָלגען פון די דאָזיגע „העכערע מינוטען". ערנסט, פאַרשטעהט זיך, וואָלט ער ניט אָנגעהויבען דעבאַטירען אין דעם אויספיהר, דאָס הייסט, אין דער

אָפּשאַצינג פון דער דאָזיגער מינוט, איז אָהן ספק, געלעגען דער טעות, נור די ריכטיקייט פון דעם געפיהל האָט איהם פונדעסטוועגען אביסעל צוטומעלט. וואָס טוט מען טאַקע אין אמת'ן מיט דער ווירקליכקייט? אָט דאָס אלעס איז דאָך געשעהן. ער האָט דאָך אליין אוספּעיעט זאָגען צו זיך, אין יענער רגע, אז די רגע פון באגרענעצטען גליק, וועלכען ער פיהלט אזוי ריכטיג, האָט דאָך מעגליך, אויך געקענט איהם קאָסטען זיין גאנץ לעבען. אין דעם מאָמענט — ווי ער האָט איינמאָל געזאָגט, ראגאזשינען אין מאָסקווע, אין דער צייט פון זייערע דאַמאָלסדיגע צוזאמענקונפטען, — אז אין דעם מאָמענט ווערט מיר עפּעס ווי קלאָהר דער אונגעוועהנליכער וואָרט וועגען דעם, אז „קיין צייט וועט מעהר ניט זיין“. עס ווילט זיך גלויבען, האָט ער צוגעגעבען מיט א שמייכעל, אז דאָס איז טאַקע יענע זעלבע רגע, אין וועלכער עס האָט ניט אוספּעיעט זיך אויסצוגיסען דער איבערגעקערטער קריגעל מיט וואַסער פון דעם עפּילעפּטיק מאחאמעד, און וועלכער האָט פונדעסטוועגען טאַקע אין יענער רגע, אוספּעיעט אנקוקען אלע פּאַלאַצען פון „אללא“. יע, אין מאָסקווע פלעגען זיי זיך גאנץ אָפט צוזאמענקומען, ער מיט ראגאזשינען און רעדען ניט נור וועגען דעם אליין. „ראגאזשין האָט פריהער געזאָגט, אז איך בין איהם דאָן געווען א ברודער; ער האָט עס היינט צום ערשטען מאָל געזאָגט“, האָט דער פּירשט פאַר זיך א טראכט געטאָן.

ער האָט געטראַכט וועגען דעם, זיצענדיג אויפ'ן באַנק, אונטער א בוים אין „זומער גאַרטען.“ עס איז געווען ארום זיבען א זייגער. דער גאָרטען איז געווען לעדיג; עפּעס פינסטערעס האָט אויך א רגע פאַרצויגען די אונטערגעהענדע זון. ס'איז געווען שטיקענד, עהנליך אויף א ווייטען אָנזאָג פון א שטורעם. אין זיין איצטיגער בעאָבאכטונגספולען צושטאַנד, איז דאָס פאַר איהם געווען ווי אן אָנלאָקונג ער האָט זיך צוגעקלעפּט מיט זיינע עראינערונגען, און שכל, צו יעדער אויסערליכער זאַך, און איהם איז דאָס געפעהלען געוואָרען: איהם האָט זיך אלץ ווי געוואָלט עפּעס פאַרגעסען, דאָס איצטיגע, דאָס ווירקליכע, נור ביי דעם ערשטען אָנבליק ארום זיך, האָט ער תיכף ווידער דערקענט זיין פינסטערען געדאַנק, א געדאנק פון וועלכען ער האָט אזוי געוואָלט פּטור ווערען. ער האָט זיך געווען דערמאָהנט, אז ער האָט פריהער גערעדט מיט'ן קעלנער אין טראַקטיר, ביים עסען, וועגען

אַז אקארשט פּאַסירטעז זעהר וואונדערליכען מאָרד, וועלכער האָט פאַרשאַפט טומעל און רעד. נור גלייך ווי ער האָט זיך דערמאָהנט אַן דעם, האָט מיט איהם ווידער פּאַסירט עפּעס מערקווירדיגעס.

אַ גרויסער, ניט באַזיגטער חשק, כמעט תאוה, האָבען פּלוצלינג געשמידט איז קייטען גאָר זיין ווילען. ער איז אויפגעשטאַנען פון באַנק און איז ארויס פון גאַרטען אויף דער פּעטערבורגער זייט.

פריהער אַ ווײלע, האָט ער געבעטען איינעם אַ דורכגעהער, אַז ער זאָל איהם ווייזען איבער דער נעווא, די פּעטערבורגער זייט. מען האָט איהם אָנגעצייגט. נור דאַן איז ער אהין ניט געגאַנגען. און אין אַלע פעלע איז איהם אהין היינט ניט געווען וואָס צו געהן: ער האָט עס געוואוסט ער האָט לייכט געקענט אָפּזוכען די הויז פון לעבעדעוו'ס קרובה; נור ער האָט כמעט געוואוסט אויף זיכער, אַז ער וועט זי אין הויז ניט געפינען. זי איז אונבאַדינגט אָפּגעפאָהרען קיין פּאַוו־לאָווסק, ווען ניט וואָלט קאָליא זיכער עפּעס איבערגעלאָזען אין האָ־טעל, לויט ווי זיי האָבען אָפּגערעדט. איז, הייסט עס, ווען ער איז איצט געגאַנגען, איז דאָס זיכער ניט דערפאַר אום זי צו זעהן. אַן אַנדערע, פינסטערע, פּייניגע נייגעריגקייט האָט איהם אָנגעלאָקט, אַ נייע פּלוצליכע אידעע איז איהם איינגעפאַלען...

נור פאַר איהם איז שוין געווען איבערגענוג דאָס אליין, וואָס ער האָט זיך געלאָזט געהן און ער וויים וואוהין ער געהט. און אין אַ מינוט ארום, איז ער שוין ווידער געגאַנגען, כמעט ניט וויסענדיג וואוהין. ווייטער באַטראַכטען זיין „פּלוצליכע אידעע" איז איהם תיכף געוואָרען שרעקליך מאוס. און כמעט אונמעגליך. ער האָט מיט אַ פּייגליך אָנגעשטרענגטען זינען זיך איינגעקוקט אין אלץ, וואָס עס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען. ער האָט געקוקט אויפ'ן הימעל, אויף דער נעווא. ער האָט פאַרפיהרט אַ געשפּרעך מיט אַ קליין אינגעלע וועלכען ער האָט אָנגעטראָפען אויפ'ן וועג. מעגליך, אַז זיין עפּילעפּ־טישער צושטאַנד האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר פאַרשטאַרקט. אַ שטורם איז טאַקע באמת אָנגעקומען, כאָטש לאַנגזאַם, עס האָט זיך שוין געהערט אַ ווייטער דונערען. ס'איז געוואָרען זעהר שטיקענד...

צוליב עפּעס אַן אורזאַכע, איז איהם אלץ ניט ארויס פון זינען — ווי עס געהט אמאָל ניט ארויס פון זינען, אַ צודרינגליכער ביז נאַ־רישקייט, דערעסענער מוזיקאַלישער האָטיוו, — דער פּלעמיאַניק פון

לעבעדעוו, וועלכען ער האָט פריהער געזעהן. עס קוקט אויס מאָדנע, וואָס ער האָט זיך איהם אלץ פאָרגעשטעלט אין דעם געשטאַלט פון יענעם מערדער פון וועלכען ער האָט פריהער דערמאָהנט לעבעדעוו'ן אליין, פאָרשטעלענדיג זיין פלעמיאניק. און וועגען דעם דאָזיגען מערדער האָט ער אויך געלייענט גאָר ניט לאנג. ער האָט פיל געלעזען און פון דאַן אָן, ווען ער איז געקומען צופאָהרען אין רוסלאַנד, ער האָט עקשנות'דיג נאָכגעפאָלגט אָט די אלע זאַכען. און פריהער האָט ער זיך שוין אפילו צופיל פאָראינטערעסירט אין דעם געשפּרעך מיט'ן קעלנער, טאַקע וועגען דעם מאָרד פון די זשעמאַרין'ס. דער קעלנער האָט מיט איהם איינגעשטימט. ער האָט זיך אָן דעם דערמאָהנט. ער האָט זיך אויך דערמאָהנט אָן דעם קעלנער. דאָס איז געווען ניט קיין נאַרישער בחור, א סאָלידער און א פאָרזיכטיגער, „און איבעריגענס, ווייס גאָט וואָס ער איז, עס איז שווער אין א נייער לאַנד צו פאַרשטעהן מענשען." אין דער רוסישער נשמה אָבער האָט ער אָנגעהויבען פעסט גלויבען. אָ, אסך זעהר אסך, אין גאַנצען נייעס פאַר איהם האָט ער ארויסגעטראָגען אין די דאָזיגע זעקס מאָנאַטען, אונערוואַרטעטעס, אונגעהערטעס! נור א פרעמדע נשמה — איז א פינכטערנעס, און אויך די רוסישע נשמה — איז א פינסטערנים; פאַר א סך'ן א פינסטערנים. אָט האָט ער לאַנג זיך באפריינדעט מיט ראָגאָזשינען, „ברידערליך" זיך באַפריינדעט — און קען ער דען ראָגאָזשינען? און איבעריגענס, וואָס פאַר א חאָאָס אין דעם אלעמען ליגט, וואָס פאַר א צומישעניש, וואָס פאַר אן אונאָרדנונג! און דאָך וואָס איז דאָס פאַר א העסליכער און פון אלץ צופרידענער פימפּעל אָט דער פלעמיאניק פון לעבעדעוו? און איבעריגענס, וואָס בין איך? (האָט דער פירשט פאָרטגעזעצט זיין טראַכטען). האָט ער דען דערהרג'עט אָט די באַשעפענישען, די דאָזיגע זעקס מענשען? מיר דוכט, אז איך פאַרמיש דאָ עפּעס... ווי מאָדנע דאָס איז! ביי מיר דרעהט זיך עפּעס דער קאָפּ!... און וואָס פאַר א סימפּאַטישער און ליבער געזיכט ס'איז ביי לעבעדעוו'ס עלטערער טאָכטער, אָט ביי יענער, וועלכע איז געשטאַנען מיט'ן קינד, וואָס פאַר אן אומשולדיגער, כמעט קינדערשער אויסדרוק און א כמעט קינדערשער געלעכטער! מאָדנע, וואָס ער האָט כמעט פאַרגעסען דאָס דאָזיגע געזיכט, און נור איצט האָט ער זיך אָן דעם דערמאָהנט. אָט דער לעבעדעוו וואָס טופּעט

אויף זיי מיט די פיס, מוז זיי אודאי אַלעמען פאַרגעטערן. נור וואָס ס'איז ריכטיגער פון אַלעס, ווי צוויי איז צוויי, איז דאָס, וואָס לעבע־דעוו פאַרגעטערט אויך זיין פּלעמיאַניק!

און איבעריגענס, וואָס האָט ער געגומען זיך אורטהיילען וועגען זיי. ער, וואָס איז ערשט געקומען, וואָס טראָגט ער עפּעס ארויס פאַר אַן אורטהיילען אזעלכע? יע, אָט האָט איהם לעבעדעוו היינט פאַרגעבען א פּראָבלעמע: נו, האָט ער דען ערוואַרטעט צו זעהן אזא לעבעדעוו'ן? האָט ער דען געקענט אזא לעבעדעוו'ן פריהער? לעבעדעוו און דובארי — גאָט מיינער! איבעריגענס, ווען ראָגאָזשין וועט דער'הרג'ענען, וועט ער לכל הפחות, דער'הרג'ענען מיט אַן אָרדנונג. אָט דער כאָאָס וועט ניט זיין. נאָך א צייכענונג באַשטעלטער אינ־סטרומענט און זעקס מענשען אוועקגעלעגט פונקט ווי אין א פאַנטאַ־זיע! איז דען ביי ראָגאָזשינען נאָך א צייכענונג באַשטעלטער אינ־סטרומענט?... ביי איהם?... אָבער איז דען באַשטימט אַז ראָגאָזשין וועט דער'הרג'ענען? האָט דער פירשט פּלוצלינג א ציטער געטאָן. „איז דאָס ניט קיין פאַרברעכען, קיין נידעריקייט פון מיין זייט, אזוי ציניש־אָפען מאַכען אזא באַהויפּטונג!“ האָט ער אויסגעשריען און די פאַרב פון שאַנדע האָט מיט אמאָל באַגאָסען זיין געזיכט. ער איז גע־ווען ערשטוינט, ער איז איז געשטאַנען ווי אַן איינגעגראָבענער אין מיטען וועג. ער האָט מיט איין מאָל זיך דערמאָהנט אי אַן דעם פריי־הערדיגען פּאַוולאָווסקען וואָגזאַל, און פריהערדיגען ניקאָלאַיעוווסקען וואָגזאַל, און די פראַגע וואָס ער האָט געשטעלט ראָגאָזשינען גלייך אין פּנים, ווענען די אויגען און ראָגאָזשין'ס צלם, וועלכען ער טראָגט איצט אויף זיך. און וועגען דער ברכה פון זיין מוטער, צו וועלכער ער אליין האָט איהם געבראַכט צופיהרען, און די לעצטע ציטער־פולע ארומנעהמונג, די לעצטע ענטזאָגען זיך פון ראָגאָזשינען, פריהער אויף די טרעפּ. — און נאָך דעם אַלעמען, כאַפּען זיך אין אויפהערליכען זוכען פון עפּעס ארום זיך, און די דאָזיגע קראָם, און די דאָזיגע סחורה... וואָס פאַר נידעריגקייט! און נאָכדעם אַלעמען, געהט ער איצט מיט „א באַזונדערען צוועק,“ מיט א באַזונדערער „פּלוצליכער אידעע.“ פאַרצווייפלונג און ליידען האָבען ארומגעכאַפּט זיין גאַנצע נשמה. דער פירשט האָט שנעל געוואָלט זיך אומקעהרען צוריק אין האָטעל. ער האָט זיך אפילו אומגעדרעהט און איז אוועק, נור אין א

מינוט ארום האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך באַדענקט, און האָט זיך ווידער אומגעקעהרט אויף דעם פריהערדיגען וועג.

און ער איז שוין דאָך איינמאָל געווען אויף דער פּעטערבורגער גאַס, נאָהענט פון הויז; ער געהט דאָך איצט אהין, ניט מיט דעם פריהערדיגען צוועק נור מיט א „באַזונדערן געדאַנק" און ווי האָט עס געקענט פּאַסירען! יע, זיין קראַנקהייט קומט צוריק, דאָס איז אונ־צווייפעלהאַפט; עס קען געבען אז ער וועט האָבען אַן אַנפאַל טאַקע נאָך אונבאַדינגט היינט. דער אַנפאַל, איז די סבה פון דער גאַנצע פינסטערניס, צוליב דעם אַנפאַל איז אויך געקומען די „אידעע!" איצט איז די פינסטערנעש צוטריבען, דער טייפעל איז פאַריאָגט, קיין צווייפעל עקזיסטירט ניט, זיין האַרץ איז איבערגעפילט מיט פרייד! און — ער האָט זי איצט לאַנג ניט געזעהן, ער דאַרף זי זעהן און... יע, ער וואָלט איצט געוואָלט באַגעגענען ראָגאָזשינען, ער וואָלט איהם גענומען פאַר'ן האַנט און זיי וואָלטען אוועק צוזאַמען... זיין האַרץ איז ריין; איז ער דען ראָגאָזשין'ס קאָנקורענט? מאָרגען וועט ער אליין אוועקגעהן און זאָגען ראָגאָזשינען, אז ער האָט זי געזעהן; ס'איז דאָך אמת אז ער איז אהער געפלויגען צו איהר, ווי ראָגאָזשין האָט זיך פריהער אויסגעדריקט, כדי איהר צו זעהן! מעגליך, אז ער וועט זי טרעפען, ס'איז דאָך נאָך ניט באַשטימט אז זי איז אין פּאַוולאָווסק.

יע, מען דאַרף אז איצט זאָל דאָס אלץ קלאָהר אוועקגעשטעלט ווערען, אז אלע זאָלען קלאָהר לייענען איינער ביי דעם צווייטען, אז עס זאָלען מעהר ניט זיין אָט די פינסטערע און ליידענשאַפטליכע ענטזאַגונגען, ווי עס האָט זיך פריהער אָפּגעזאָגט ראָגאָזשין און זאָל דאָס אלץ געשעהן פריי... און ליכטיג. איז דען ראָגאָזשין ניט פעהיג זעהן ליכט? ער זאָגט, אז ער ליבט זי ניט. אַזוי, אז ער האָט ניט קיין מיטלייד, „ניטאָ אָט דער גאַנצער רחמנות־געפיהל." אמת, אז ער האָט נאָכדעם צוגעגעבען, „אז דיין מיטלייד, קען זיין, איז שטאַר־קער פון מיין ליבע" — נור ער מאַכט אויף זיך א בלבול. המ... ראָ־גאָזשין מיט א בוך אין האַנט, איז דאָס אפשר ניט קיין רחמנות" דער אָנהויב פון רחמנות? באַווייזט דען ניט בלויז די אַנוועזענהייט פון דעם בוך, אז ער, אַנערקענט אין פולען זיינע באַציהונגען צו א י ה ר? און דאָס וואָס ער האָט פריהער דערצעהלט? ניין, דאָס איז עפּעס טיפער פון בלויז איין ליידענשאַפט. און רעדט דען איהר געזיכט

בלויז נור פון איין ליידענשאַפט? עס רעדט פון ליידען, ער פאַרכאַפּט די גאַנצע נשמה, עס... און אַ ברענענדיגע פּיינליכע עראינערונג איז מיט אַמאָל דורכגעגאַנגען איבער דעם פירשט׳ס האַרץ.

יע. אַ פּיינליכע. ער האָט זיך דערמאָהנט, ווי גאָר נאָך ניט לאַנג, האָט ער זיך געמוטשעט, ווען ער האָט צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען באַמערקען אין איהר צייכענס פון משוגעת. דאַן איז ער געווען פאַרצווייפעלט, און ווי האָט ער איהר געקענט איבערלאָזען, ווען זי איז דאַן אַנטלאָפען פון איהם צו ראַגאָזשינען? ער אַליין האָט געדאַרפט לויפען נאָך איהר, און ניט וואַרטען אויף באַקאַנטמאַכונגען. אָבער... האָט דען ראַגאָזשין ביז איצט טאַקע אין איהר ניט באַמערקט קיין משוגעת? המ... ראַגאָזשין זעהט אין אַלץ, גאָר אַנדערע אורזאַכען, ליידענשאַפטליכע אורזאַכען! און וואָס פאַר אַ משוגענע אייפערזוכט! וואָס האָט ער געמיינט מיט זיין פריהערדיגער פּאַראויסזעטצונג? (דער פירשט איז פּלוצלינג רויט געוואָרען, און עפּעס האָט ווי אַ ציטער געטאָן אין זיין האַרצען).

נור איבעריגענס, צו וואָס דאַרף ער זיך אָן דעם אַלעמען דערמאָהנען? דאָ איז אַ משוגעת פון ביידע זייטען, און אַז ער, דער פירשט, זאָל ליב האָבען ליידענשאַפטליך אַזאַ פרוי — איז כמעט ניטאָ וואָס צו טראַכטען. עס וואָלט כמעט געווען אָן אכזריות, אַן אונמענשליכקייט. יע, יע! ראַגאָזשין מאַכט אויף זיך בלבולים; ער האָט אַ גרויס האַרץ וועלכע קען ליידען און פיהלען יענעם׳ס ליידען. ווען ער וועט זיך דערוויסען דעם גאַנצען אמת, און ווען ער וועט זיך איבערצייגען, וואָס פאַר אַן אומגליקליכער וועזען עס איז אָט די איבערגעפיהרטע, האַלב-קלאָהרע, — וועט ער דען איהר ניט מוחל זיין אַלץ וואָס פריהער איז געווען, אַלע ליידען זיינע? וועט ער דען ניט ווערען איהר קנעכט, פריינד, איהר דערזעהונג? דאָס מיטליידען וועט ברענגען צום שכל, און באַלעהרען אפילו ראַגאָזשינען. מיטלייד איז דער הויפּט און אפשר אויך דער איינציגער געזעץ פון דעם גאַנצען מענשליכען זיין. אָ, ווי ניט פאַרגעבליך און אומעהרליך ער האָט זיך דאָס פאַרשולדיגט געגען ראַגאָזשינען! ניין, ניט די רוסישע נשמה איז אַ פינסטערנעס נור ביי איהם אַליין אויף דער נשמה איז אַ פינסטערנעס, ווען ער האָט געקענט פאָרשטעלען זיך אַזאַ שרעק. פאַר עטליכע וואַרימע און האַרציגע ווערטער אין מאָסקווע, רופט איהם שוין ראַגאָזשין ברודער,

און ער... נור דאָס איז א קראנקהייט און א רעדען פון היץ! דאָס אלץ וועט געלייזט ווערען! ווי טרויערדיג האָט עס פריהער ראַגאָזשין געזאָגט אז „אז ער הויבט אָן צו פאַרלירען דעם גלויבען.“ אָט דער מענש מוז שטאַרק ליידען. ער זאָגט, אז ער האָט ליב קוקען „אויף דעם בילד.“ ער האָט ליב, הייסט עס, אז ער פיהלט אַ נויטווענדיגקייט. ראַגאָזשין האָט ניט נור א ליידענשאַפטליכע האַרץ; ער איז פונדעסטוועגען א קעמפער, ער וויל מיט כח אומקעהרען צוריק זיין פאַרלאָרענעם גלויבען. ער דאַרף זי איצט אַמוועהטאָגסטען האָבען... יע, עס וויל אין עפּעס גלויבען! אין עמיצען גלויבען! און וואָס פאַר א מאָדנע דאָס איז דאָס בילד פון גאָלבעין... און אָט איז די גאַס! אָט דאָ דאַרף אויך זיין די הויז! יע, דאָס איז דאָס טאַקע, נומער 16, די הויז פון דער קאָלעזשקעסער סעקרעטאַרשע פיליסאָווא, דאָ! דער פירשט האָט אָנגעקלונגען און געפרעגט אויף נאסטאסיא פיליפּאָוונא.

די בעל־הבית'טע פון הויז אליין האָט איהם געענטפערט, אז נאַטאַסיא פיליפּאָוונא איז נאָך אין דער פריה אָפּגעפאָהרען קיין פּאַוולאָווסק, צו דאַריע אַלעקסעיעוונער, „און עס קען אפילו געבען, אז זיי וועלען דאָרטען בלייבען אויף עטליכע טאָג.“ פיליסאָווא איז געווען א קליינינקע, א שאַרף־אויגיגע און שאַרף־געזיכטיגע פרוי פון א יאָהר פערציג און געקוקט האָט זי כיטרע און צודרינגליך. אויף איהר פראַגע ווי מען רופט איהם — א פראַגע וועלכע זי האָט אומישנע צוגעגעבען א מינע פון א געהיימענים — האָט דער פירשט פון אָנהויב ניט געוואָלט ענטפערען, נור תיכף האָט ער זיך אומגעקעהרט און האָט זעהר שטאַרק געבעטען איבערצוגעבען זיין נאָמען צו נאסטאסיא פיליפּאָוונא. פיליסאָווא האָט אויפגענומען זיין שטאַרקען בעטען מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, און מיט אַן אונגעוועהנליך סודות'דיגען אויסזעהן, מיט וואָס זי האָט ווייזט אויס געוואָלט ערקלעהרען: „אז באַאומרוהיגט זיך ניט, איך האָב שוין גוט פאַרשטאַנען.“ דער נאָמען פון דעם פירשט האָט אויף איהר, ווייזט אויס, געמאַכט דעם שטאַרקסטען איינדרוק. דער פירשט האָט אויף איהר צוטראָגענערהייט א קוק געטאָן, האָט זיך אומגעדרעהט און איז אוועק צוריק צו זיין האָטעל. אָבער ער, איז אַרויסגעגאַנגען שוין ניט מיט דעם אויסזעהן ווי ער האָט אָנגעקלונגען צו דער פיליסאָווא. מיט איהם איז ווידער פאָרגעקומען, און ווי אויגענבליקליך, אַן ענדערונג: ער איז ווידער

געגאַנגען א בלייכער, א שוואַכער, א ליידענדער, אַן אויפגערעגטער; זיינע קניע האָבען געציטערט, און א דונקעלער פאַרלאָרענער שמייכעל האָט געבלאָנדזשעט אויף זיינע בלוי געוואָרענע ליפּען: זיין „פּלוצליכע אידעע" האָט זיך באַשטעטיגט און זיך ארויסגעציייגט אלס ריכטיג — און ער האָט ווידער געגלויבט דעם טייוועל זיינעם!

נור האָט זי זיך טאַקע באַשטעטיגט? האָט זי זיך טאַקע ארויסגעציייגט אלס ריכטיג? פאַר וואָס טרייסעלט עס איהם ווידער, און וואָס באַדייט דער קאַלטער שוויים, אָט די פינסטערנעס און קאַלטקייט אויף דער נשמה? איז דאָס דערפאַר וואָס ער האָט איצט ווידער דערזעהן די דאָזיגע אויגען? נור ער איז דאָך אוועקגעגאַנגען פון „זומער גאַרטען," מיט דער איינציגער כונה ז י י צו דערזעהן! אין דערין איז דאָך באַשטאַנען זיין גאַנצע „פּלוצליכע אידעע." ער האָט עקשנות'דיג געוואָלט דערזעהן אָט די „פריהערדיגע אויגען," כדי זיך אין גאַנצען צו איבערצייגען אז ער וועט אונבאַדינגט זיי טרעפען ד אָ ר ט ע ן, נעבען דעם דאָזיגען הויז. דאָס איז געווען זיין ציטערדיגער פאַרלאַנג, און פאַר וואָס איז ער איצט צודריקט און געטראָפען מיט דעם, וואָס ער האָט זיי טאַקע אין אמת'ן דערזעהן? פונקט ווי ער וואָלט ניט ערוואַרטעט! אָבער דאָס זיינען דאָך געווען י ע נ ע ז ע ל ב ע אויגען (און אין דעם אז דאָס זיינען די זעלבע איז ניטאָ קיין צווייפעל, וועלכע האָבען אויף איהם א בליץ געטאָן אין דער פריה, צווישען פּובליקום, ווען ער איז ארויס פון וואַגאָן פון דער ניקאָלאַיעווער אייזענבאַהן; די זעלבע (אין גאַנצען די זעלבע!) דעם בליק וועלכען ער האָט געכאַפּט פריהער ביי זיך הינטערן פּלייצע, זעצענדיג זיך אויפ'ן שטוהל ביי ראָגאָזשינען. ראָגאָזשין האָט פריהער אָפּגעלייקענט; ער האָט געפרעגט מיט אַן אויסגעקרימטען און גליווערענדען שמייכעל: „וועמען'ס זשע אויגען זיינען דאָס געווען!" און דעם פירשט האָט זיך שרעקליך פאַרוואָלט, נאָך גאָרניט לאַנג, אויפ'ן וואָגזאַל פון דער צאַרסקעסעלסקער אייזענבאַהן — ווען ער האָט זיך געזעצט אין וואַגאָן כדי צו פאָהרען צו אַגלאַיען און פּלוצלינג האָט ער ווידער דערזעהן די דאָזיגע אויגען שוין דעם דריטען מאָל אין היינטיגען טאָג — צוצוגעהן צו ראָגאָזשינען און איהם זאָגען „וועמען'ס אויגען דאָס זיינען געווען," נור ער איז ארויסגעלאָפען פון וואָגזאַל און איז געקומען צו זיך ערשט ארום דער קראָם פון מעסערלאָך אין

יענער צייט ווען ער איז געשטאַנען און געשאַצט אַ זאַך און מיט אַ הירשענעם הענטעל אין ווערטה פון זעכציג קאָפּיקעס. אַ מאָדנער און שרעקליכער טייוועל האָט זיך אַן איהם דורכאויס אַנגעטשעפּעט און האָט שוין איהם מעהר ניט געוואָלט איבערלאָזען. דער דאָזיגער טייוועל האָט צו איהם אַ שעפּטשע געטאָן נאָך זייענדיג אין זומער־גאָרטען, ווען ער איז געזעסען, אַ דערשלאָגענער, אונטער אַ לינדען־בוים, אַז ווען ראַגאָזשין וואָלט אזוי געדאַרפט איהם נאָכפאָלגען פון גאַנץ פריה אָן, און כאַפּען איהם אויף יעדען טראָט, איז דערוויסענדיג זיך, אז ער וועט ניט פאָהרען קיין פּאַוולאָווסק (וואָס דאָס איז געווען זיכער אַ פאַטאַלישע נאַכריכט פאַר ראָגאָזשינען.) וועט ראָגאָזשין אונבאַדינגט אוועק אהין, צו יענעם הויז, אויף דער פּעטערבורגער גאַס, און וועט אונבאַדינגט היטען איהם, דעם פירשט, וועלכער האָט איהם נאָך אין דער פריה געגעבען זיין עהרען־וואָרט, אז ער וועט „זי ניט זעהן“ און „אַז ניט צוליב דעם איז ער געקומען צופאָהרען קיין פּעטערבורג.“ און אָט קומט דער פירשט מיט אַ ציטערדיג האַרץ צו יענעם הויז, און וואָס קומט ארויס, אז ער באַגעגענט טאַקע אויף אַן אמת ראָגאָזשינען? ער האָט דערזעהן נור אַן אומגליקליכען מענשען, וועמענס זעלען־צושטאַנד ס'איז דונקעל אָבער פאַרשטענדליך. אָט דער דאָזיגער אומגליקליכער מענש האָט זיך איצט אפילו ניט באַהאַלטען. יע, ראָגאָזשין האָט פריהער צוליב עפּעס, זיך איינגעשפּאַרט און געזאָגט אַ ליגען, אָבער אויף דעם צאַרסקעסעלסקען וואָגזאַל איז ער געשטאַנען כמעט זיך ניט באַהאַלטענדיג, גיכער, האָט זיך שוין דער פירשט באַהאַלטען און ניט ראָגאָזשין. און איצט ביים הויז איז ער געשטאַנען אויף דעם צווייטען זייט גאַס, אַ פופציג טריט אין דער קרים, אויף דעם געגענאיבערדיגען טראָטואַר, מיט אויפגעלעגטע הענט און געוואַרט. דאָ האָט מען איהם אין גאַנצען געקענט זעהן און עס האָט אויסגעדוכט, אז ער האָט געוואָלט, אז מען זאָל איהם זעהן. ער איז געשטאַנען אלס אַן אַנקלאָגער און ריכטער אָבער ניט ווי... אָבער ניט ווי ווער?

אָבער פאַר וואָס איז ער, דער פירשט, איצט ניט צוגעגאַנגען צו איהם אליין, און ער האָט זיך גאָר אָפּגעקעהרט פון איהם, ווי ער וואָלט גאָרניט באַמערקט, כאָטש זייערע אויגען האָבען זיך באַגעגענט? (יע. זייערע אויגען האָבען זיך באַגעגענט און זיי האָבען אַ קוק געטאָן

איינער אויפ'ן צווייטען.) ער האָט דאָך אליין פריהער געוואָלט נעהמען איהם פאר'ן האַנט און אוועק אהין, צוזאַמען מיט איהם? ער האָט דאָך אליין געוואָלט מאָרגען געהן צו איהם און זאָגען, אז ער איז געוועזן ביי *איהר*? ער האָט דאָך זיך אליין אָפּגעזאָגט פון זיין טייוועל, נאָך געהענדיג אהין, אין מיטען וועג, ווען א פרייד האָט מיט אמאָל אָנגעפילט זיין האַרץ? אָדער ס'איז טאַקע אין אמת'ן עפּעס דאָ אין ראָגאָזשינען, דאָס הייסט אין דעם גאַנצען *היינטיגען* געשטאָלט פון דעם דאָזיגען מענשען, פון דער גאַנצער פאַראייניגונג פון זיינע ווערטער, באַוועגונגען, האַנדלונגען, בליקען, וואָס האָט געקענט באַרעכטיגען די שרעקליכע פאָראויסגעפיהלען פון דעם פירשט, און דאָס צאָרענדיגע שעפּטשען פון זיין טייוועל? עפּעס אזוינס, וואָס זעהט זיך פון זיך אליין, נור וואָס ס'איז שווער צו אַנאַליזירען און דערצעהלען, וואָס מען קען ניט רעכטפערטיגען מיט גענוגענדע אורזאַכען נור וואָס מאַכט פונדעסטוועגען דאָך ניט קוקענדיג אויף דער גאַנצער שווערקייט און אונמעגליכקייט, א גאַנצען און שטאַרקען איינדרוק, וועלכע געהט ניט ווילענדיג אריבער אין דער פולסטער איבערצייגונג?

איבערצייגונג אין וואָס? (אָ, ווי עס האָט געפּייניגט דעם פירשט די ווילדקייט און „ערנידערונג“ פון דער „איבערצייגונג“ פון דעם נידעריגען פאָראויסגעפיהל“ און ווי אזוי ער האָט עס זיך דערפאַר באַשולדיגט!) זאָג־זשע, ווען דו וואַגסט אין וואָס? האָט ער צו זיך אָהן אויפהער גערעדט. מיט א פאָרוואורף און ארויסרוף — פאָרמוליר, וואַג אויסצודריקען דיין גאַנצען געדאַנק, קלאָהר, פּינקטליך, אָהן וואַקלונגען! א, איך בין ניט עהרליך! האָט ער ווידערהאָלט צאָרענדיג און מיט פאַרב אויפ'ן געזיכט — מיט וואָס פאַר א אויגען וועל איך קענען קוקען מיין גאַנצען לעבען אויף דעם דאָזיגען מענשען! אָ, וואָס פאַר א טאָג! אָ, גאָט, וואָס פאַר א קאָשמאַר!

עס זיינען געוועזן מינוטען, אין דעם ענד פון דעם דאָזיגען לאַנגען וועג פון דער פּעטערבורגער זייט, ווען עס האָט מיט אמאָל דעם פירשט ארומגעכאַפּט אַן אונבאַזיגבאַרער פאַרלאַנג — אוועק גלייך צו ראָגאָזשינען, אָפּוואַרטען אויף איהם, ארומנעהמען איהם מיט שאַנדע, מיט טרערען, זאָגען איהם אלץ און ענדיגען אלץ מיט איין מאָל. נור ער איז שוין געשטאַנען ביי זיין האָטעל... ווי עס איז איהם פריהער ניט

געפעהלען געווען דער דאָזיגער האָטעל, די דאָזיגע קאָרידאָרען, אַט דאָס גאַנצע הויז, זיין נומער, ניט געפעהלען געוואָרען פון'ם ערשטען בליק; האָט ער עטליכע מאָל אין דעם טאָג מיט אזא מאָדנעם ווידערווילען זיך דערמאָהנט אז מען דאַרף זיך אהער צוריקקעהרען... וואָס איז מיט מיר, איך בין היינט ווי א קראַנקע פרוי, איך גלויב אין יעדען פאָראויסגעפיהל!" האָט ער א טראַכט געטאָן מיט ערגערליכען שפּאָס, אָפּשטעלענדיג זיך פאַר די טויערן. איין היינטיגער אומשטאַנד האָט זיך איהם באַזונדערס פאַרגעשטעלט אין דעם אויגענבליק, נור ס'האָט זיך פאַרגעשטעלט „קאַלט," מיט'ן „פולען שכל," „שוין אהן א קאַשמאַר," ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָהנט אָן דעם פריהערדיגען מעסער אויף ראָגאָזשין'ס טיש. „אָבער פאַר וואָס זאָל ראָגאָזשין טאַקע ניט טאָרען האָבען אויף זיין טיש מעסערס וויפיל איהם געפעהלט!" ער האָט זיך שרעקליך פאַרוואונדערט אויף זיך. און דאָ טאַקע, פאַרגליווערט ווערענדיג פון פאַרוואונדערונג, האָט ער זיך פּלוצלינג פאַרגעשטעלט אויך זיין פריהערדיגען אָפּשטעלען זיך לעבען דעם קראָם פון די מעסערס. „אָבער סוף כל סוף וואָס האָט דאָס פאַר א שייכות!" האָט ער געווען אויפגעשריען און ניט געענדיגט. א נייער צוגוס פון שאַנדע, כמעט פאַרצווייפלונג האָט איהם צוגעשמידט צום פּלאַץ, ביי דעם סאַמע אריינגאַנג פון די טויערן. ער האָט זיך אויף א ווייל אָפּגעשטעלט. אַט אזוי פּאַסירט אָפטמאָל מיט מענשען: גוואַלדיגע פּלוצליכע ערינערונגען, דערהויפּט פאַרבונדענע מיט שאַנדע, שטעלען געוועהנליך אָפּ, אויף א ווייל, אויפ'ן פּלאַץ. „יע, איך בין א מענש אהן א האַרץ און א פייגלינג!" האָט ער ווידערהאָלט טרויערדיג, און האָט זיך איילענדיג א ריס געטאָן צו געהן, נור... ער האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט.

אין די דאָזיגע טויערן, אזוי אויך פינסטערע, איז אין דער מינוט געווען זעהר פינסטער: דער אָנקומענדער וואָלקען־שטורעם האָט איינגעשלונגען דאָס ליכט פון דער נאַכט, און אין דער צייט ווען דער פירשט איז צוגעקומען צום הויז, האָט זיך דער וואָלקען פּלוצלינג צעעפענט און האָט זיך צוגאָסען. אין דער זעלבער צייט ווען ער האָט זיך האַסטיג א ריהר געטאָן פון אָרט, נאָך אָן אויגענבליקליכען אָפּשטעל, ער האָט זיך געפונען אין סאַמע אָנהויב פון טויער, אין דעם סאַמע אריינגאַנג פון טויער, פון גאַס, און פּלוצלינג האָט ער דערזעהן

אין דער טיף פון די טויערן, אין דער האַלב־פינסטערנעס, ביי דעם סאַמע אריינגאַנג אויף די טרעפּ, א מאַן. דער דאָזיגער האָט ווי אויף עפּעס געוואַרט, נור ער איז געשווינד דורכגעלאָפען און פארשוואונדען. דעם מאַן האָט דער פירשט ניט געקענט קלאָהר זעהן, און ער האָט אודאי ניט געקענט זאָגען אויף זיכער: ווער איז ער? און דערצו האָבען דאָ דאָך געקענט דורכגעהן אסך מענשען; דאָ איז געווען א האָטעל און מען איז אָהן אויפהער דורכגעגאַנגען און דורכגעלאָפען אין די קאָרידאָרען און צוריק. נור ער האָט מיט אַמאָל דערפיהלט א פולע אונבאַשטרייטבאַרע איבערציייגונג, אז ער האָט דעם דאָזיגען מענשען דערקענט, אז דער דאָזיגער מענש איז אונבאַדינגט ראָגאָזשין. אין א ווייַלע ארום האָט זיך דער פירשט געוואָרפען נאָך איהם אויף די טרעפּ. זיין האַרץ איז פארשטאַרבען. „באַלד וועט אַלץ געלייזט ווערען!" האָט ער מיט א מאָדנער איבערציייגונג געזאָגט צו זיך אליין.

די טרעפּ אויף וועלכע דער פירשט איז ארויפגעלאָפען פון אונ־טער די טויערן, האָבען געפיהרט צו די קאָרידאָרען פון דעם ערשטען און צווייטען גאָרען, אין וועלכע ס'זיינען געווען צולעגט די נומערען פון האָטעל. די דאָזיגע טרעפּ, ווי אין אַלע פון לאַנג געבויטע הייזער, זיינען געווען שטיינערנע, פינסטערע, שמאָלע און האָבען זיך גע־דרעהט ארום א דיקען שטיינערנעם סלופּ. אויף דעם ערשטען ארויפ־לויפענדען בריקעל, איז אין דעם סלופּ געווען א פארטיפונג, אויף דעם שטייגער פון א דעכעל, ניט מעהר ווי איין טראָט די ברייט, און א האַלב טראָט די טיף. פונעדסטוועגען האָט א מענש זיך דאָ געקענט אוועקשטעלען. ווי ס'איז ניט געווען פינסטער, ארויפלויפענדיג אויפ'ן בריקעל, פונדעסטוועגען האָט דער פירשט גלייך באַמערקט, אז דאָ אונטער דעם דעכעל באַהאַלט זיך צוליב עפּעס א מענש. דעם פירשט האָט זיך מיט אַמאָל פארוואָלט דורכגעהן פארביי און ניט קוקען אויף רעכטס. ער האָט שוין געמאַכט איין טראָט, האָט ניט אויסגעהאַלטען און זיך אומגעדרעהט.

די צוויי פריהערדיגע אויגען, ט א ק ע  ד י  ז ע ל ב ע  האָ־בען זיך פּלוצלינג באַגעגענט מיט זיין בליק. דער מענש וואָס האָט זיך באַהאַלטען אונטער'ן דעכעל, האָט שוין אויך אוספיעט אראָפּצו־געהן פון דאָרטען אויף איין טראָט. איין רגע זיינען זיי געשטאַנען איינער אַנטקעגען דעם צווייטען, כמעט צוזאַמענגעפּרעסט. פּלוצלינג

האָט איהם דער פירשט א כאַפּ געטאָן פאַר'ן פּלייצע און האָט זיך א לאָז געטאָן צוריק איבער די טרעפּ, נעהענטער צום ליכט: ער האָט געוואָלט קלעהרער אָנקוקען דעם פּנים.

ראָגאָזשין'ס אויגען האָבען אויפגעבליצט און א ווילדער שמייכעל האָט פאַרקרימט זיין פּנים. זיין רעכטע האַנט האָט זיך אויפגעהויבען און עפּעס האָט אין איהר א גלאַנץ געטאָן; דער פירשט האָט אפילו גאָר ניט א טראַכט געטאָן זי אָפּצושטעלען. ער געדענקט בלויז ווי ער האָט א געשריי געטאָן:

— פאַרפען, איך גלויב ניט!...

דערנאָך האָט זיך פּלוצלינג ווי עפּעס פאַר איהם אויסגעשפּרייט: אַן אומגעוועהנליכער אינעווענינסטער ליכט האָט באַלויכטען זיין נשמה. דער אויגענבליק האָט געדויערט אפשר ניט מעהר ווי א האַלבע רגע; אָבער ער האָט פונדעסטוועגען קלאָהר און באַוואוסטזיניג געדענקט דעם אָנפאַנג, דעם סאַמע ערשטען געשריי פון זיין שרעקליכען יאָמער, וועלכער האָט זיך ארויסגעריסען פון זיין האַרצען, פון זיך אליין, און וועלכען ער וואָלט מיט קיין קראַפט ניט געקענט אָפּשטעלען. דערנאָך האָט זיך זיין באַוואוסטזיין אויגענבליקליך אויסגעלאָשען און עס איז אָנגעקומען א פאַלקאָמענע פינסטערנעס.

מיט איהם האָט פאַסירט אַן אָנפאַל פון עפּילעפּסי, וועלכע האָט ביי איהם שוין לאַנג אויפגעהערט. ס'איז באַוואוסט אַז די עפּילעפּסיע־אָנפאַלען, באַזונדערס *דאָס סאַמע פאַליגע* קומען אויגענבליקליך, אין דעם אויגענבליק, ווערט פּלוצלינג זעהר צעקרימט דאָס פּנים, דערהויפּט דער בליק. קאָנוואולסיעס און ציטערנישען באַהערשען דעם גאַנצען קערפּער און אלע געזיכטס־ציגע. א שרעקליכער, אַן אונפאָרשטעלבאַרער און אויף גאָרנישט ניט ענהליכער יאָמער רייסט זיך אדויס פון ברוסט; אין דעם יאָמער איז ווי עס וואָלט פּלוצלינג פאַרשוואונדען אלעס מענשליכעס, און מען קען אויף קיין שום אופן, אמווינציגסטענס, איז זעהר שווער, דעם צושויער צו פאַרשטעהן און צוצולאָזען, אַז דאָס שרייט אָט דער זעלבער מענש. עס גיט זיך אפילו אויס, אזוי ווי עס וואָלט געשריען גאָר אַן אנדערער, וועלכער געפינט זיך אינווענינ אין דעם מענשען. אמווינציגסטען האָבען אזוי פילע ערקלעהרט זייער איינדרוק, אויף פילע אָבער וואַרפט אַן דאָס

בילד פון א מענשען אין דאָס פּאַליגע, א באַשטימטען און אונטערטרענ־ליכען שרעק, וועלכער האָט אין זיך אַפילו עפּעס מיסטישעס.

מען דאַרף פאַראויסזעצען, אַז אזא איינדרוק פון פּלוצליכען שרעק, וועלכער איז פאַרבונדען מיט די אַלע איבעריגע שרעקליכע איינדריקע פון יענער מינוט — האָבען מיט אַמאָל פאַרגליווערט ראָ־גאָזשינען אויפ'ן אָרט און מיט דעם געראַטעוועט דעם פירשט פון אַן אונפאַרמיידליכען קלאַפּ מיט'ן מעסער, וועלכער איז שוין אויף איהם געפאַלען. דערנאָך, ווען ער האָט נאָך ניט אוספּיעט צו באַגרייפען וועגען דעם אַנפאַל און דערזעהענדיג אַז דער פירשט האָט זיך אָפּגע־וואָרפען פון איהם און איז פּלוצלינג געפאַלען מיט'ן פּנים אַראָפּ, גלייך אַרונטער איבער די טרעפּ. פון דעם וואָרף, צושלאָגענדיג זיך מיט דעם נאַקען אָן דער שטיינערנער טרעפּ. ראָגאָזשין האָט זיך גע־שווינד א וואָרף געטאָן אַרונטער, אַריבערגעלאָפען דעם ליגענדען און כמעט אָהן באַזינונג אַרויסגעלאָפען פון האָטעל.

פון די קאָנוואולסיעס, קלאַפּ און טרייסלעניש האָט זיך דער קערפּער פון דעם קראַנקען אַרונטערגעלאָזט פון די טרעפּ, וועלכע זיי־נען געווען ניט מעהר ווי פופצעהן, ביז דעם סאַמע ענד פון דעם אַרויסגאַנג, זעהר שנעל, ניט מעהר ווי אין פינף מינוט אַרום, האָט מען באַמערקט דעם ליגענדען און עס האָט זיך צונויפגעקליבען אַן עולם.

די גאַנצע לוזשע מיט בלוט אַרום קאָפּ האָט געמאַכט צו צווייפּ־לען: האָט זיך דער מאַן אַליין צוקלאַפּט אָדער „ס'איז געשעהן א א פאַרברעכען?" באַלד אָבער האָבען אייניגע דערקענט דאָס פּאַלי־גע; איינער פון די קלעגערס האָט דערקאַנט אין דעם פירשט אַן אורח. דער טומעל איז געלייזט געוואָרען זעהר גליקלאַך איבער א גליקליכען פאַל.

קאָליא איוואָלגין וועלכער האָט צוגעזאָגט צו זיין אין האָטעל אַרום פיער א זייגער, און איז אַנשטאָט דעם אָפּגעפאָהרען קיין פּאַוו־לאָווסק, האָט זיך צוליב א פּלוצליכער איבערלעגונג אָפּגעזאָגט „אָפּצועסען" ביי דער גענעראַלשע עפּאַנטשין, און איז געקומען צוריק קיין פּעטערבורג און געאיילט צו קומען אין האָטעל, וואו ער איז ער־שינען אַרום זיבען א זייגער אין אָבענט. דערוויסענדיג זיך, פון דער איהם איבערגעלאָזטען צעטעלע, אַז דער פירשט איז אין שטאָט, האָט

ער זיך געלאָזט צו איהם לויט דעם אָנגעגעבענעם אדרעס. דערוויי־סענדיג זיך אין האָטעל אז דער פירשט איז אוועק, האָט ער זיך ארונ־טער געלאָזט אין די אָפענע צימערן, און האָט זיך גענומען װאַרטען, טרינקענדיג טהיי און הערענדיג דעם אָרגאַן. צופעליג האָט ער דער־הערט א געשפּרעך וועגען דאָס פאַליגע וואָס עס האָט פּאַסירט מיט עמיצען, ער האָט זיך געוואָרפען אהין, לויט א זיכערן פאָראויסגעפיהל, און דערקאָנט דעם פירשט.

גלייך זיינען אָנגענומען געוואָרען די נויטיגע שריטע, דעם פירשט האָט מען אריבערגעטראָגען אין זיין צימער, כאָטש ער איז געקומען צי זיך, נור צום פולען באוואוסטזיין איז ער לאַנג ניט געקומען. דער דאָקטאָר, וואָס מען האָט גערופען צו באקוקען זיין צובראָכענעם קאָפּ, האָט איהם פאַרבונדען און געלאָזט וויסען, אז קיין געפאַהר פון די קלעפּ איז ניטאָ. ווען אָבער אין א שטונדע ארום, האָט דער פירשט גענומען גוט פאַרשטעהן וואָס עס טוט זיך מיט איהם, האָט איהם קאָליא אריבערגעפיהרט אין א קאַרעט פון האָטעל צו לעבעדעוו'ן. לעבעדעוו האָט אויפגענומען דעם קראַנקען מיט אונגעוועהנליכער וואַ־רימקייט און פאַרנויגונגען. צוליב איהם האָט ער אויך צוגעאיילט זיין אריבערפאָהר אויף דער דאַטשע; אויפ'ן דריטען טאָג זיינען שוין אלע געווען אין פּאַוולאָווסק.

---

## זעקסטער קאַפּיטעל

לעבעדעוו'ס דאַטשע איז געווען ניט קיין גרויסע, נור א בעקווע־מע און אפילו א שעהנע. די העלפט פון איהר, וואָס איז געווען באַשטימט צום פאַרדינגען, איז געווען באזונדערס פאַרפּוצט. אויף דער טעראַסע, א גאַנץ היבשע, ביים ארייגגאַנג פון גאַס אין די צי־מערן, זיינען געווען אָנגעשטעלט איינינגע פּאָמעראַנצען, ציטרינען און זשאַסמינען בוימער אין גרויסע גרינע הילצערנע קאַדקעס, און וואָס

עס האָט געגעבען לויט לעבעדעוו'ן חשבון דעם סאַמע באַצויבערענדען אויסזעהן. אייניגע פון די דאָזיגע בוימער האָט ער געקראָגען צוזאַמען מיט דער דאַטשע, און ער איז אַזוי געווען נתפעל פון דעם עפעקט, וועלכען זיי האָבען געמאַכט אויף דער טערראסע, דאָס ער האָט באַשלאָסען, א דאַנק א צופאַל, צוצוקויפען נאָך אַזעלכע בוימער אין קאָדקעס אויף אַן אַקציאָן. ווען די אַלע בוימער זיינען, ענדליך, אריבערגעפיהרט געוואָרען אויף דער דאַטשע און צושטעלט, איז לעבעדעוו עטליכע מאָל אין יענעם טאָג ארונטערגעלאָפען פון די טרעפּלאַך פון דער טערראסע אויפ'ן גאַס, און פון גאַס געקליבען נחת אויף זיין נחלה. יעדען מאָל, אין געדאַנק, ארויפהעכערענדיג די סומע וועלכע ער האָט געדענקט צו בעטען פון דעם צוקונפטיגען דאַטשנעם שכן. דעם אָפּגעשוואַכטען, טרויעריגען און נידערגעשלאָגענעם אין קערפּער, פירשט איז די דאַטשע זעהר געפעהלען געוואָרען. איבעריגענס, אין דעם טאָג ווען מען האָט זיך אריבערגעקליבען קיין פּאַוולאָווסק, דאָס הייסט, אויפ'ן דריטען טאָג נאָך דעם אָנפאַל, האָט דער פירשט שוין אויסערליך געהאַט דעם אויסזעהן כמעט פון א געזונטען מענשען. כאָטש אינערליך האָט ער זיך געפיהלט נאָך אַלץ ניט געזונט. ער איז געווען צופרידען פון יעדען וואָס ער האָט געזעהן ארום זיך, אין די דריי טעג. צופרידען מיט קאָליען, וועלכער האָט כמעט פון איהם ניט אָפּגעטראָטען, צופרידען פון לעבעדעוו'ס גאַנצער פאַמיליע (אָהן דעם פּלעמיאַניק וועלכער איז ערגעץ פארשוואונדען געוואָרען). צופרידען פון לעבעדעוו'ן אליין; ער האָט אפילו מיט פארגעניגען אויפגענומען דעם גענעראַל איוואָלגין, וועלכער האָט איהם באַזוכט נאָך זייענדיג אין שטאָט. אין דעם טאָג פון דעם אריבערפאָהר, וועלכער איז פאָרגעקומען צו אַבענט צו, האָט זיך ארום איהם אויף דער טערראסע צוזאַמענגעקליבען א היבש ביסעל געסט: צום ערשטען, איז געקומען האַניאַ, וועלכען דער פירשט האָט קוים דערקאָנט, — אַזוי האָט ער זיך פאַר דער דאָזיגער צייט געענדערט און אויסגעמאַגערט. דערנאָך זיינען ערשיענען וואַריאַ און פּטיצין אויך פּאַוולאָווסקער דאַטשניקעס, וואָס געהערט זיך, דעם גענעראַל איוואָלגין האָט ער זיך גענומען ביי לעבעדעוו'ן אויף דער קוואַרטיר, כמעט שטענדיג. עס דוכט זיך אפילו, אז ער האָט מיט איהם צוזאַמען זיך אריבערגעקליבען. לעבעדעוו האָט זיך געמיהט איהם ניט אריינצולאָזען צום פירשט, און

האַלטען ביי איהם, באַגאַנגען איז ער זיך מיט איהם ווי מיט א פריינט; ס׳וויייזט אויס אז זיי האָבען זיך שוין געקאַנט פון לאַנג. דער פירשט האָט באַמערקט, אז אָט די אַלע דריי טעג האָבען זיי געהאַל־טען אין איין רעדען. געפיהרט לאַנגע געשפּרעכען, גאַנץ אָפט געשריען און געקריגט זיך. ס׳דוכט זיך אפילו, ווענען געלעהרטע זאַכען וועלכע האָט ווייזט אויס זעהר שטאַרק צופרידענגעשטעלט לעבעדעוו׳ן. מען האָט געקענט דענקען, אז ער האָט זיך אפילו אין דעם גענעראַל געגווי־טיגט, נור די זעלבע פאַרזיכטיגקייט וואָס לעבעדעוו האָט אַפּגעהיט פאַר דעם פירשט האָט ער אויך אָפּגעהיט פאַר זיין גאַנצער פאַ־מיליע, גלייך ווי זיי האָבען זיך אריבערגעקליבען אויף דער דאַטשע, אונטער דעם אויסרייד, אז מען זאָל ניט באַומרוהיגען דעם פירשט, האָט ער קיינעם צו איהם ניט צוגעלאָזט. האָט געטופּעט מיט די פיס, זיך געוואָרפען און זיך געיאָגט נאָך זיינע טעכטער, ביי דעם ערשטען חשד, אז זיי געהן אויף דער טערראַסע, וואו עס האָט זיך געפונען דער פירשט, ניט קוקענדיג אויף דעם פירשט׳ס אַלע בקשות אז מען זאָל קיינעם ניט טרייבען.

—ערשטענס, וועט מען ניט האָבען קיין דרך־ארץ, ווען מען זאָל זיי אזוי צעלאָזען; און צווייטענס, איז דאָס פאַר זיי גאָר ניט שעהן. האָט ער ענדליך ערקלעהרט אויף דער גלייכער פראַגע פון׳ם פירשט.

— אָבער צו וואָס? האָט איהם איינגערעדט דער פירשט — איהר ווייסט, אז אַלע אייערע פאַרזיכטיגקייטען פאַרשאַפען מיר בלויז ליידען. מיר אליין איז אומעטיג. איך האָב אייך שוין אייניגע מאָל געזאָגט, און איהר אליין מיט אייער שטענדיגען שאָקלען מיט די הענט און געהן אויף די שפּיץ־פינגער יאָגט אַן נאָך א גרעסערן אומעט.

דער פירשט האָט געגעבען אָנצוהערעניש אויף דעם, וואָס לע־בעדעוו, כאָטש ער האָט צעטריבען אַלע היימישע אונטער דעם אויס־רעד פון רוהיגקייט, וואָס דער קראַנקער דאַרף האָבען, נור ער אליין איז אָט די אַלע דריי טאָג,כמעט יעדע מינוט אריינגעקומען צום פירשט. און יעדען מאָל האָט ער א פריהער צועפענט די טהיר, אריינ־געשטעקט דעם קאָפּ, באַקוקט דעם צימער, פונקט ווי ער וואָלט גע־ווען באַשטעטיגען צו זיי זיינען דאָ? צו זיינען זיי ניט אנטלאָפען? און דערנאָך ערשט האָט ער אויף די שפּיץ־פינגער, מיט לאַנגזאַמע גנבה־טריט, צוגעגאַנגען צום שטוהל, אזוי דאָס אָפטמאָל האָט ער

אזש זיין שכן, איבערגעשראָקען. ער האָט זיך אָהן אויפֿהער נאָכגע־פֿרעגט, צי דאַרף ער ניט עפּעס, און ווען דער פֿירשט האָט איהם ענדליך אַנגעהויבען באמערקען, אז ער זאָל איהם צורוה לאָזען, האָט ער זיך געהאַרכזאם און ווערטער, אומגעדרעהט, האָט זיך צוריק ארויס־געקליבען אויף די שפּיץ־פֿינגער צום טהיר, און די גאַנצע צייט, ביז וואַנען ער איז געגאַנגען, האָט ער געמאַכט מיט די הענט, אזוי ווי לאָזענדיג וויסען, אז ער איז דאָס נאָר אזוי, אז ער וועט ניט אויסרע־דען קיין וואָרט, אז אָט איז ער שוין ארויסגעגאַנגען, און מעהר ניט קומען... און פֿונדעסטוועגען איז ער אין צעהן מינוט ארום, אָדער אמ־ווינציגסטענס, אין א פֿערטעל שטונדע, געקומען צוריק. קאָליא, וועל־כער האָט געהאַט א פֿרייען אריינגאַנג צום פֿירשט, האָט צוליב דעם טאַקע ארויסגערופֿען אין לעבעדעוו'ן א טיפֿע ערגערניש, און אפֿילו א כעס. קאָליא האָט באמערקט, אז לעבעדעוו שטעהט אָפּ צו האַלבע שטונדען ביים טהיר, און הערט זיך אונטער וואָס זיי רעדען, מיט'ן פֿירשט, וועגען וואָס זעלבסטפֿאַרשטענדליך, ער האָט געלאָזט וויסען דעם פֿירשט.

— עס קוקט אויס, ווי איהר וואָלט מיך געמאַכט פֿאַר אייער איי־גענטהום, וואָס איהר האַלט מיך אזוי אונטער'ן שלאָס, — האָט דער פֿירשט געפּראָטעסטירט, — אמווינציגסטענס אויף דער דאַטשע וויל איך כאָטש, אז עס זאָל זיין אַנדערש, און זייט זיכער, אז איך וועל אויפֿנעהמען וועמען איך וויל, און ארויס וואוהין איך וויל.

— אָהן דעם קלענסטען צווייפֿעל, — האָט לעבעדעוו זיך צעשאָ־קעלט מיט די הענט.

דער פֿירשט האָט איהם אויפֿמערקזאם באַטראַכט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

— זאָגט נאָר, לוקיאַן טימאָפֿעיעוויטש, האָט איהר די שאַפֿקע וועלכע ס'איז ביי אייך געהאַנגען איבער'ן קאָפּ געבראַכט אהער?

— ניין, ניט געבראַכט.

— איז דען מעגליך, אז איהר האָט זי דאָרט איבערגעלאָזט?

— מען קאָן זי ניט פֿיהרען, מען דאַרף זי אויסברעכען פֿון וואַנט... פֿעסט, פֿעסט.

— אבער אפֿשר איז דאָ אויך פֿאַראַן פּונקט אזא?

— אפילו נאָך א בעסערע, נאָך א בעסערע, צוליב דעם האָב איך דאָך די דאָטשע געקויפט.

— א־א! און ווען האָט איהר עס פריהער צו מיר ניט אריינגעלאָזט? מיט א שטונדע צוריק?

— דאָס איז... דער גענעראל. איך האָב איהם דאָס טאקע ניט אריינגעלאָזט. און וואָס איז ער מיט אייך פאר א מחותן! איך, פירשט, איך שעץ זעהר טיף דעם דאָזיגען מענשען. דאָס... דאָס איז א גרויסער מענש; איהר גלויבט ניט? נו, וועט איהר שפּעטער זעהן. און פונדעסטוועגען... איז בעסער, ליבער פירשט, אז איהר זאָלט איהם ניט אויפנעהמען.

— און פאר וואָס איז דאָס אזוי, ערלויבט מיך אייך צו פרעגען? און פאר וואָס שטעהט איהר לעבעדעוו אויך איצט אויף די שפּיץ־פינגער און איהר קומט צו צו מיר פּונקט ווי איהר וואָלט מיר געוואָלט פערטרויען א סוד?

— איך פיהל זיך נידעריג, נידעריג, — האָט אומערוואַרטעט געענטפערט לעבעדעוו, מיט געפיהל זיך קלאַפּענדיג אין ברוסט. — און דער גענעראל וועט פאר אייך ניט זיין צו גאַסט־פריינדליך?

— צו גאַסט־פריינדליך?

— גאַסט־פריינדליך. ערשטענס, קלייבט ער זיך צו בלייבען ביי מיר וואוינען; נאָר דאָס מאַכט ניט אויס. אבער ער איז זעהר א היציגער, און ער ווערט גלייך א קרוב. מיר מיט איהם האָבען זיך שוין עטליכע מאָל צונויפגערעדט אלס קרובים. עס האָט זיך ארויסגעשטעלט, אז מיר זיינען אייגענע. איהר זייט איהם אויך פון דער מוטער'ס צד, א פּלעמיאַניק. ער האָט עס מיר נאָך נעכטען ערקלעהרט. אויב איהר זייט א פּלעמיאַניק, דאַן הייסט עס: זיינען מיר מיט אייך אייער עקסעלענץ, א קרובה'שאַפט. דאָס וואָלט נאָך געווען גאַרנישט. א קליינינקע שוואַכקייט, נאָר ער האָט מיך גלייך פאַרזיכערט, אז זיין גאַנצען לעבען, פון דעם ערשטען טשין פון אן אונטער־אָפיצער און ביז דעם עלפטען יוני פון לעצטען יאָהר, האָט מען זיך ביי איהם מיט ניט ווענינער ווי צוויי הונדערט פערזאָן ביים טיש קיינמאָל ניט געזעצט. און צום סוף, איז ער דערגאַנגען ביז דעם, אז מען איז גאָר ניט אויפגעשטאַנען, אזוי דאָס מען האָט געמיטאָגט, און געאָבענדברויט, און טהיי געטרונקען צו פופצעהן שעה אין טאָג, א יאָהר דרייסיג

כסדר, אָהן קיין איבעררייס. עס איז קוים געווען צייט צו איבער־בייטען די טישטוך. איינער שטעהט אויף, געהט אוועק, א צווייטער קומט אין די יום־טוב־טעג און אין די קייזערליכע טעג, האָט עס ביז דריי הונדערט דערגרייכט. און אין דעם טאָג ווען רוסלאַנד האָט געפייערט איהר טויזענד־יאהריגען יובילעאום, האָט ער זיבען הונדערט איבערגעצעהלט. דאָס איז שוין א ליידענשאַפט. אזעלכע נאַכריכטען— זיינען זעהר א שלעכטער סימן; אזעלכע געסט איז אפילו שרעקליך אופיצונעהמען. האָב איך א טראַכט געטאָן: וועט ער פאַר אונז מיט אייך ניט זיין צופיעל גאַסט־פריינדליך?

— אָבער איהר זייט, דוכט זיך, מיט איהם אין זעהר גוטע באַ־ציהונגען?

—איך נעהם איהם אויף ברידערליך, צוליב שפּאַס; זאָל זיין מיר זיינען קרובים: וואָס אַרט עס מיך — פאַר מיר איז דאָך דאָס מעהר עהרע. איך וועל אין איהם אפילו דורך זיבען הונדערט פּערזאָן און א טויזענט יעהריגער רוסלאַנד, אַן אויסגעצייכענטען מענשען דער־זעהן. איך זאָג עס אויפריכטיג. איהר האָט פירשט אָט ערשט וועגען סודות גערעדט. ס'קומט אויס, ווי איך וואָלט, דאָס הייסט צוגעקומען א סוד פאַרטרויען. איז דאָס אמת, איך האָב טאַקע א סוד. א גע־וויסע פּערזאָן האָט ערשט געלאָזט וויסען אַז זי וואָלט זעהר געוואָלט מיט אייך האָבען א סעקרעטנעם צוזאַמענקונפט.

— צוליב וואָס עפּעס א סעקרעטנעם? דורכאויס ניט. איך וועל ביי איהר אליין זיין. אפילו נאָך היינט.

— דורכאויס, דורכאויס ניט — האָט זיך לעבעדעוו צושאָקעלט מיט די הענט, און ניט דערפאַר ווייל זי האָט מורא, אַז איהר וועט דענקען. דערביי וועל איך אייך פרעגען: דער לומפּ קומט פּונקט יע־דען טאָג פרעגען אויף אייער געזונט, ווייסט איהר עס?

— איהר רופט איהם שוין עפּעס צופיעל לומפּ. דאָס איז מיר זעהר פאַרדעכטיג.

— איהר קענט קיין פאַרדאַכט ניט האָבען. קיין'ס ניט, — האָט שנעל אָפּגעלייקענט לעבעדעוו — איך האָב בלויז געוואָלט ערקלעה־רען, אַז די באַוואוסטע פּערזאָן האָט גאָר ניט פאַר איהם מורא, נאָר פאַר אַן אנדערען, גאָר פאַר אַן אנדערען.

— טאָ, זאָגט שוין שנעלער, — האָט אומגעדולדיג אויסגעפרעגט

דער פירשט, קוקענדיג אויף די סודות'דיגע קרימערייען פון לעבעדעוו.

— איז דערין ליגט דאָך טאַקע דער סוד.

און לעבעדעוו האָט אַ שמייכעל געטאָן.

— וועמענס סוד?

— אייער סוד, איהר אַליין, ליכטיגער פירשט, האָט מיר פאַר־באָטען דאָס צו רעדען פאַר אייך... — האָט אַרויסגעמורמעלט לעבע־דעוו און אַנזעטיגענדיג זיך, וואָס ער האָט דערפיהרט די נייגעריגקייט פון זיין צוהערער ביז קרענקליכע אומגעדולד, האָט ער פּלוצלונג פאַר־ענדיגט — ער האָט מורא פאַר אַגלאַיאַ איוואַנאָוונאַ.

דער פירשט האָט זיך אָנגעכמורעט און אַ ווײלע געשוויגען.

— ביי גאָט, לעבעדעוו, איך וועל לאָזען אייער דאַטשע, — האָט ער מיט אַמאָל געזאָגט — וואו איז גאַווריִלאַ אַרדאַליאָנאָוויטש און די פּטיצין'ס? ביי אייך? איהר האָט זיי אויך צו זיך אַריבערגע־מאַניעט?

— זיי געהען, זיי געהען, און אויך דער גענעראַל געהט נאָך זיי. איך וועל עפענען אַלע טהירען און אַלע טעכטער צונויפרופען, אַלע, תיכף, תיכף, — האָט פון שרעק געשעפּטשעט לעבעדעוו, מאַכענדיג מיט די הענט און וואַרפענדיג זיך פון איין טהיר צו דער צווייטער.

אין דער זעלבער מינוט האָט זיך קאָליאַ באַוויזען אויף דער טע־ראַסע און געלאָזט וויסען אַז הינטער איהם קומען געסט, ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ מיט די דריי טעכטער.

— זאָל איך אַריינלאָזען, אָדער ניט אַריינלאָזען די פּטיצין'ס און גאַווריִלאַ אַרדאַליאָנאָוויטש'ן? אַריינלאָזען אָדער ניט אַריינלאָזען דעם גענעראַל? — איז אונטערגעשפּרונגען לעבעדעוו פאַרוואונדערט פון דער נאַכריכט.

— פאַר וואָס ניט? אַלעמען, ווער עס וויל! איך פאַרזיכער אייך לעבעדעוו, אַז איהר האָט עפּעס וואָס ניט פאַרשטאַנען אין מיינע באַ־ציהונגען נאָך גלייך ביים סאַמע אָנפאַנג; איהר מאַכט אַ גוואַלדי־גען טעות. איך האָב ניט די קלענסטע אורזאַך פון וועמען ס'איז צו באַהאַלטען זיך, — האָט געלאַכט דער פירשט. קוקענדיג אויף איהם האָט אויך לעבעדעוו פאַררעכענט פאַר זיין חוב אַ לאַך צו טאָן. לעבע־דעוו ניט קוקענדיג אויף זיין גרויסער אויפרעגונג איז אויך געווען, ווייזט אויס, זעהר צופרידען.

די נאכריכט וואָס קאַליא האָט געבראכט איז געווען א ריכטיגע; ער האָט איבערגעיאָגט די עפּאנטשינס בלויז אויף עטליכע טריט, כדי אנצוזאָגען וועגען זיי. אזוי דאָס געסט האָבען זיך מיט אמאָל באַוויזען פוןביידע זייטען, פון דער טערראסע — די עפּאנטשינ'ס און פון די צימערען — די פּטיצינ'ס, האניא און גענעראל איוואלגין.

די עפּאנטשינ'ס האָבען זיך דערוואוסט וועגען דעם פירשט'ס קראנקהייט און וועגען דעם, אז ער איז אין פּוולאָווסק, אָט ערשט, פון קאַליען. ביז יענער צייט איז די גענעראלשע געווען אין א שווערען צווייפעל. נאָך מיט א דריי טאָג צוריק האָט דער גענעראל געבראכט צו זיין פאמיליע דעם פירשט'ס וויזיט־קארטעל; די קארטעל האָט אויפגעוועקט אין ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא א זיכערען גלויבען, אז אויך דער פירשט אליין וועט קומען קיין פּאוולאָווסק, אום צו זעהען זיך מיט זיי, גלייך נאָך דער קארטעל. אומזיסט האָבען די מיידלעך געוואָלט איינרעדען, אז א מענש, וואָס האָט ניט געשריבען א האלב יאהר, קען געבען, וועט אפשר זיך אזוי ניט איילען אויך איצט, און אז עס קען געבען, אז ער האָט אָהן זיי אויך גענוג ארבייט, אין פּעטערבורג. — ווער וויים וואָס פאר א געשעפטען ער האָט? די גענעראלשע איז באמת געוואָרען אין כעס אויף די דאָזיגע באמערקונגען און איז געווען גרייט זיך צו וועטען, אז דער פירשט וועט קומען לכל הפחות אויפ'ן צווייטען טאָג, „כאָטש דאָס וועט שוין אויך זיין שפּעט.“— אויפ'ן צווייטען טאָג האָט זי אפּגעווארט א גאנצען פריהמאָרגען; מען האָט איהם ערווארטעט צו מיטאָג, צו אָווענט, און ווען ס'איז שוין געוואָרען גאר פינסטער, איז ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא געוואָרען אין כעס אויף אלץ, און האָט זיך צוקריגט מיט אלעמען. זעלבסטפארשטענדליך, אז אלס די מאָטיוועז פון קריג האָט זי וועגען דעם פירשט ניט דערמאָנט קיין וואָרט. אויך אויפ'ן דריטען טאָג איז וועגען איהם ניט דערמאָנט געוואָרען קיין וואָרט. ווען ביי אגלאיא'ן האָט זיך ביים מיטאָג־עסען ניט ווילענדיג ארויסגעכאפּט, אז די מאמע איז אין כעס, דערפאר ווייל דער פירשט קומט ניט צו פאָהרען. אויף דערויף האָט דער גענעראל גלייך געענטפערט, „אז ער איז דאָך אין דעם ניט שולדיג.“ ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא האָט זיך אויפגעשטעלט און א צאָרענדיגע ארויס פון טיש. ענדליך צו אָווענט צו איז געקומען קאַליא מיט אלע נאכריכטען, און מיט דער באשרייבונג פון אלע געשעהעני־

שען פון דעם פירשט, וועלכע ער האָט געוואוסט. דער רעזולטאַט איז געווען, אז ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא האָט געטריאומפירט. נאָר אויף אַלע פאַלען, האָט קאַליא גוט אריינגעכאַפּט: אָט זיצט ער דאָ אַפּ גאַנצע טעג און קאָנסט פון איהם ניט פּטור ווערען, און דאָ גיט ער אפילו ניט צו וויסען, ווען איהם איז שוין אליין ניט איינגעפאַלען צו קומען." קאַליא האָט גלייך געוואָלט ווערען אין כעס פאַר די ווערטער: „ניט פּטור ווערען" נאָר ער האָט אָפּגעלעגט אויף א צווייטען מאָל. און ווען די ווערטער וואָלטען ניט געווען אזוי שטאַרק באַליידיגענד, וואָלט ער אפשר אין גאַנצען זיי ענטשולדיגט; אויף אַזוי פיל איז איהם געפעהלען געוואָרען ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא'ס אויפרעגונג און אומרוהיגקייט, וועגען דער נאָכריכט פון דעם פירשט'ס קראַנקהייט. זי האָט לאַנג איינגע'טענה'ט, אז מען דאַרף אומבאַדינגט שיקען אַן עקסטרא מענשען קיין פּעטערבורג, אום צו קריגען עפּעס אַזא מעדעצינישע באַריהמטהייט פון ערשטער גרויס און ברענגען זי מיט'ן ערשטען צוג. נאָר די טעכטער האָבען דערפון אָפּגערעדט; איבעריגענס, האָבען זיי אויך ניט געוואָלט אָפּשטעהן פון דער מוטער, ווען יענע האָט זיך מאַמענטאַן אויסגעקליבען צו באַזוכען דעם קראַנקען.

— ער ליגט אויפ'ן טויטען־בעט, — האָט געזאָגט קאָכענדיג זיך, ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא — און מיר וועלען דאָ נאָך קוקען אויף צערעמאָניעס? איז ער א פריינד פון אונזער הויז אָדער ניט?

— אָבער לאָזען זיך שווימען ניט קוקענדיג אויפ'ן פלוס, דאַרף מען אויך ניט, — האָט באַמערקט אַגלאַיא.

— נו, טאָ דו געה ניט, און וועסט אפילו גוט טון, עווגעני פּאַוולאָוויטש וועט קומען צו פאַהרען וועט ניט זיין ווער עס זאָל איהם אויפנעהמען.

נאָך די דאָזיגע ווערטער, פאַרשטעהט זיך, איז אַגלאַיא גלייך אַוועק מיט אַלעמען. א זאַך, וואָס זי האָט איבעריגענס, אליין אויך געוואָלט טאָן. דער פירשט ט״ש., וועלכער איז געזעסען מיט אַדעלאַידען, האָט נאָכדעם ווי זי האָט איהם געבעטען, איינגעוויליגט זיי צו באַגלייטען. ער האָט נאָך פריהער, אין אָנפאַנג פון זיין באַקאַנטשאַפט מיט די עפּאַנטשינ'ס, זיך זעהר פאַראינטערעסירט, ווען ער האָט פון זיי געהערט וועגען פירשט. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אז ער איז מיט איהם געווען באַקאַנט, אז זיי האָבען זיך באַקאַנט ערגעץ דאָ ניט לאַנג,

און א פּאָר וואָכען געוואוינט צוזאמען עפּעס אין א געוויסער שטע־טעל. דאָס איז געווען מיט א דריי מאָנאטען צוריק. דער פירשט טש. האָט אפילו זיך אסך אָנגעדערצעהלט וועגען פירשט און האָט זיך אין אלגעמיין וועגען איהם אפּגערופען סימפּאטיש. אזוי, דאָס איצט איז ער מיט אמת׳ען פארגעניגען געגאנגען באזוכען אן אלטען באקאנטען. דער גענעראל איוואן פיאָדאָראָוויטש איז דאָס מאָל ניט געווען אין דערהיים. עווגעני פּאוולאָוויטש איז נאָך אויך ניט געקומען צופאָהרען.

ביז לעבעדעוו׳ס דאטשע איז פון די עפּאנטשינ׳ס געווען ניט מעהר ווי דריי הונדערט טריט. דער ערשטער אונאנגענעהמער איינדרוק וואָס ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא האָט געקראָגען ביים פירשט — איז געווען וואָס זי האָט דאָרטען געפונען א גאנצע קאָמפּאניע געסט, שוין ניט רעדענדיג פון דעם, וואָס אין דער דאָזיגער קאָמפּאניע געסט, שוין ניט רעדענדיג פון דעם, וואָס אין דער דאָזיגער קאָמפּאניע זיינען געווען צוויי־דריי פּערזאָנען, וועלכע זי האָט דורכאוים געהאסט; דאָס צווייטע — א פאררוואונדערונג, ווען זי האָט דערזעהן פאר זיך, אויפ׳ן בליק, א געזונטען פּראנטיש געקליידטען און לאַבענדיגען יונגען מענשען, וועלכער איז זיי אַרויס אנטקעגען, אויפ׳ן פּלאַץ פון איינעם, וואָס ליגט אויפ׳ן טויטען־בעט, וועלכען זי האָט ערוואַרטעט צו טרעפען. זי האָט זיך אפילו אָפּגעשטעלט אין צווייפעל, צו קאַליאַ׳ס גרויסען פארגעני־גען, וועלכער האָט געוויס זיי געקענט ערקלעהרען, איידער זי האָט זיך נאָך גערוהרט פון איהר דאַטשע, אז קיינער האָלט דאַ ניט ביים שטאַר־בען און קיין טויטען־בעט איז ניטאַ, נאָר ער האָט ניט ערקלעהרט, ביט־רע פאראויסזעהענדיג דעם צוקונפטיגען קאָמישען צאָרן פון דער גע־נעראלשע, ווען זי וועט, לויט זיין חשבון, אומבאדינגט אין כעס ווע־רען, דערפאר, וואָס זי וועט דערוויסען דעם פירשט, איהר אמת׳ען פריינד, א געזונטען. קאַליאַ איז אפילו געווען אזוי ניט עדעל, אז ער האָט אויפ׳ן קול אַרויסגעזאָגט זיין השערה, כדי אין גאנצען צו דער־צאָרענען ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, מיט וועלכער ער האָט שטענדיג און אַפּט גאנץ בייז זיך דורכגעשטאָכען, ניט אכטענדיג אויף דער פריינדשאַפט וואָס האָט זיי געהאַלטען צוזאמען.

— וואַרט נאָר ליבענקער, אייל זיך ניט, פיהר ניט איבער דיין טריאומף! — האָט געענטפערט ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, אוועק־

זעצענדיג זיך אויפן׳ שטוהל וועלכען דער פירשט האט איהר אונטער־געטראגען.

לעבעדעוו, פטיציו, גענעראל איוואלגין האבען זיך געווארפען דערלאנגען שטוהלען די מיידלאך. אגלאיא׳ן האט דערלאנגט א שטוהל דער גענעראל, לעבעדעוו האט אונטערגעטראגען א שטוהל אויך דעם פירשט טש. דערביי האט ער אפילו ביים אויסבויגען זיך אויספיעוי־אויסדריקען אן אויסערגעוועהנליכע אכטונג. ווארוא האט, ווי שטענדיג, מיט פרייד און שעפטשען זיך באגריסט מיט די מיידלען.

— דאס איז אמת, פירשט, אז איך האב געדענקט דיך שיעור ניט צו טרעפען אין בעט, אזוי האב איך דאס אין שרעק פארגרעסערט. און איך וועל דאס גאר ניט פרובירען לייקענען, אז מיר איז תיכף שרעקליך פארדריסליך געווארען פאר דיין גליקליכען פנים, אבער איך שווער דיר אז דאס האט בלויז געדויערט א מינוט, ביז וואנען איך האב נאך ניט געקענט זיך באדענקען. איך, ווען איך באדענק זיך, פיהר איך זיך און רעד שטענדיג קליגער; איך גלויב, אז דו אויך אזוי. און איצט, זאג איך דיר, אז מיר וואלט דאס געזונט ווערען פון אן אייגענעם זין, ווען איך האב אזא, אפשר זיך נאך ווניגער געפרעהט ווי דיין געזונד ווערען; און אויב דו ווילסט מיר אין דעם ניט גלויבען, דארפסטו זיך שעהמען, און ניט איך. און אט דער בייזער איינגעל ער־לויבט זיך מיט מיר ניט נאר אזעלכע שפאסען צו מאכען, דאכט זיך, אז ער אונטער דיין פראטעקציע, איז לאז איך דיך וויסען, אז אין איין שעהנעם פריהמארגען, גלויב מיר, וועל איך זיך אפזאגען אין דעם וויטערען פארגעניגען צו באנוצען זיך מיט דער עהרווירדיגער באר־קאנטשאפט זיינער.

— אבער וואס בין איך שולדיג? — האט געשריען קאליא—און וויפיעל איך זאל צו אייך רעדען, אז דער פירשט איז כמעט געזונט, וואלט איהר דאך אלץ איינס ניט געוואלט גלויבען. ווייל צו פארשטע־לען איהם אז ער ליגט אויפ׳ן טויטען־בעט איז אסך אינטערעסאנטער.

— זייט איהר געקומען צו אונז אויף לאנג? — האט זיך ליזא־וועטא פראקאפיעווונא געווענדט צום פירשט.

— אויפ׳ן גאנצען זומער, און עס קען געבען אויך אויף ווייטער.

— דו ביזט דאך אליין? ניט פארהייראט?

— נאָך ניט פאַרהייראַט, — האָט א שמייכעל געטאָן דער פירשט אויף דער נאַאיווויטעט פון דעם דערלאַנגטען שטאָך.

— ניטאָ וואָס צו שמייכלען; דאָס טרעפט. איך רעד וועגען דער דאַטשע: פאַרוואָס ביזטו ניט פאַרפאָהרען צו אונז? ביי אונז שטעהט א גאַנצער פליגעל לעדיג, איבעריגענס, ווי דו ווילסט. דאָס דינגסטו ביי איהם? ביי דעם? — האָט זי צוגעגעבען ניט הויך, א שאָקעל טוענדיג מיט'ן קאָפּ אויף לעבעדעוו'ן — וואָס דרעהט ער זיך אלץ?

אין דער מינוט איז פון צימער ארויס אויפ'ן טערראַסע ווערא, ווי איהר שטייגער, מיט'ן קינד אויף די הענט. לעבעדעוו, וועלכער האָט זיך געדרעהט ארום די שטוהלען און וועלכער האָט ווירקליך ניט געוואוסט וואו אהינצוטון זיך, אָבער וועלכער האָט שרעקליך ניט געוואָלט אוועקגעהן, האָט זיך פּלוצלונג א וואָרף געטאָן אויף ווערא'ן, האָט אויף איהר זיך צעשאָקעלט מיט די הענט, אוועקטרייבענדיג זי פון טערראַסע, און זיך פאַרגעסענדיג, אפילו א טופּע געטאָן מיט די פּיס.

— ער איז א משוגע'נער? — האָט פּלוצלונג צוגעגעבען די גענעראַלשע.

— ניין, ער...

— אפשר שיכור? — האָסט גאָר ניט קיין שעהנע קאָמפּאַניע, — האָט זי אָפּגעשניטען, אריינכאַפּענדיג אין איהר בליק אויך דעם בליק פון די איבעריגע געסט. און איבעריגענס, וואָס פאַר א ליבע מיידעל! ווער איז זי?

— דאָס איז ווערא לוקיאַנאָווּא, א טאָכטער פון דעם דאָזיגען לעבעדעוו.

— א!... זעהר א ליעבליכע, איך וויל זיך מיט איהר באַקענען.

אָבער לעבעדעוו, וועלכער האָט דערהערט די לויבגעזאַנגען פון ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, האָט שוין אליין געשלעפּט די טאָכטער, כדי זי פאָרצושטעלען.

— יתומים! יתומים! — איז ער צוגאַנגען פון ווייכקייט — און דאָס קינד האַלטעט זיך אויף איהרע הענט — א יתומה, א שוועסטער איהרע, מיין טאָכטער ליובאָוו און געבוירען איז זי געוואָרען אין דער געזעצליכסטער הייראַט, פון דער ערשט פאַרשטאָרבענער יעלענא, דאָס ווייב מיינס, וועלכע איז געשטאָרבען מיט זעקס וואָכען צוריק, אין

קימפּעט. אַזוי האָט גאָט געוואָלט... יאָ,.. זי איז אויפ'ן פּלאַץ פון דער מוטער. כאָטש זי איז ניט מעהר ווי א שוועסטער, ניט מעהר ווי א שוועסטער... ניט מעהר, ניט מעהר...

— און דו, פּאָטער'ל, ביסט ניט מעהר ווי א נאַר, ענטשולדיג מיר, נו, גענוג, דו פארשטעהסט דאָך אַליין, דענק איך, — האָט ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא פּלוצלונג אָפּגעשניטען אין גרוים צאָרן.

— ס'איז א וואהרער אמת! — האָט זיך עהרווירדיג און טיף צו נייג געטאָן לעבעדעוו.

— הערט מיך אויס, הערר לעבעדעוו, איז דאָס אמת וואָס מען זאָגט וועגען אייך, אז איהר פארטייטשט דעם עוואנגעליום? — האָט געפרעגט אגלאיא.

— דער וואהרער אמת... דער פופצעהנטער יאָהר.

— איך האָב וועגען אייך געהערט. וועגען אייך האָט מען, דוכט זיך, אין די צייטונגען געשריבען?

— ניין, דאָס איז וועגען אַן אנדער פארטייטשער, וועגען אַן אַנדערען, און יענער איז שוין געשטאָרבען און איך בין נאָך איהם געבליבען, — האָט אויסער זיך פאר פרייד ארויסגעזאָגט לעבעדעוו.

— טוט א געפעליגקייט, פאַרטייטשט מיר די טעג, אלס א שכן. איך פארשטעה גאָר ניט אין עוואנגליום.

— איך מוז אייך מאכען אויפמערקזאם, אגלאיא איוואנאָוונא, אז דאָס אַלץ איז פון זיין בלויז זייט בלויז איין שאַרלאַטאַנסטווא, גלויבט מיר, — האָט האסטיג ארייגעזאָגט גענעראַל איוואָלגין, וועלכער איז געזעסען פונקט ווי אויף נאָדלען און גע'חלש'ט ווי ס'ניט איז אָנצוהויבען א געשפּרעך; ער האָט זיך געזעצט ארום אגלאיא איוואנאָוונא. — געוויס, א דאַטשע האָט זיך איהרע רעכטע, — האָט ער פאָרטגעזעצט — אי איהרע פארגעניגענס, און די אויפנאַהמע פון אזא אומגעוועהנליכען אינטריגאנט, אום צו פארטייטשען עוואנגליום, איז דאָ אזא אונטערנעהמונג ווי אַן אנדערע, און אפילו אַן אונטערנעהמונג אַן אויסגעצייכענטע. נאָר איך... איהר קוקט, דוכט זיך, אויף מיר פארוואונדערט? גענעראַל איוואָלגין. האָב איך די עהרע זיך פאָרצושטעלען. איך האָב אייך אויף די הענט געטראָגען, אגלאיא איוואַנאָוונא.

— עס פרעהט מיך זעהר. איך בין באַקאַנט מיט וואַרוואַרא אַרדאַליאָנאָווּנא, און ניִנא אַלעקסאַנדראָווּנא, האָט אַרויסגעמורמעלט אַגלאַיאַ, איינהאַלטענדיג זיך מיט אַלע קרעפטען אום ניט צולאַכען זיך.

ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונא האָט זיך אָנגעצונדען. עפּעס וואָס האָט זיך שוין לאַנג אָנגעזאַמעלט, אין איהר האַרצען האָט געפאָדערט אַן אויסגאַנג. זי האָט ניט געקענט אָנקוקען דעם גענעראַל איוואָלגין, מיט וועלכען זי אַמאָל איז געווען באַקאַנט אָבער שוין זעהר לאַנג.

— דו זאָגסט ליגען מאַמעלע, ווי דיין שטייגער איז, דו האָסט זי קיינמאָל אויף די הענט ניט געטראָגען, האָט זי איהם אָפּגעשניטען אין גרוים צאָרן.

— איהר האָט פאַרגעסען, מאַמע. ביי גאָט, ער האָט געטראָגען, אין טווער, האָט פּלוצלינג באַשטעטיגט אַגלאַיאַ — מיר האָבען דאָן געוואוינט אין טווער. איך בין דאָן אַלט געווען אַ יאָהר זעקס, איך געדענק. ער האָט מיר געמאַכט אַ פייל און אַ ביקסעל, און אויס־געלערנט שיסען. געדענקט איהר, ווי מיר האָבען מיט אייך אַ טויב גע׳הרג׳עט?

— און מיר האָט איהר דאָן געבראַכט אַ קריגס־היטעל פון קאַר־דאָן און אַ הילצערנעם שווערד. איך געדענק אויך! האָט אויסגערר־פען אַדעלאַאידאַ.

— און איך געדענק עס אויך, האָט באַשטעטיגט אַלעקסאַנדראַ — איהר האָט זיך דאָן פאַר אַ פאַרוואונדערטע טויב צוקריגט און מען האָט אייך אין די ווינקלען צושטעלט. אַדעלאַאידאַ איז טאַקע אַזוי געשטאַנען אין דער קריגס־היטעל און שווערד.

דער גענעראַל, וועלכער האָט ערקלעהרט אַגלאַיען אַז ער האָט איהר אויף די הענט געטראָגען, האָט עס געזאָגט אַזוי זיך, כדי אָנ־צופאַנגען אַ געשפּרעך. און איינציג דערפאַר ווייל ער האָט כמעט אַזוי שטענדיג אָנגעהויבען אַ געשפּרעך מיט אַלע יונגע מענשען, ווען ער האָט געפונען פאַר נויטיג זיך מיט זיי צו באַקאַנען. נור דאָס מאָל, האָט זיך ווי אויף צו להכעיס געטראָפען, אַז ער האָט געזאָגט דעם אמת. און ווי אויף צו להכעיס האָט ער דעם אמת אַליין פאַר־געסען. אַזוי דאָס ווען אַגלאַיאַ האָט פּלוצלינג איצט באַשטעטיגט, אַז זי האָט מיט איהם געשאָסען אַ טויב, האָט זיין זכרון מיט אַמאָל

אויפגעלויכטעו, און ער האָט זיך דערמאָהנט אָן אַלעם דעם ביז דער לעצטער איינצעלהייט, ווי עס דערמאָהנט זיך אָפט אויף די עלטערע יאָהרען עטוואָס פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. ס'איז שווער אי־בערצוגעבען, וואָס האָט אין דער עראינערונג מעהר געקענט ווירקען אויפ'ן אומגליקליכען און לויט זיין שטייגער, אביסעל באַטרונקענעם גענעראל — נור ער איז פּלוצלינג געוואָרען שטאַרק גערירהרט.

— איך געדענק, אַלץ געדענק איך! האָט ער אויסגעשריען — איך בין דאַן געוועזען א שטאַבס־קאַפּיטאַן, איהר אַזא ברעקעלע, א שעהנינקע, נינא אַלעקסאנדראָוונא... האַניא... איך בין געוועזען אויפ־גענומען... איוואַן פיאָדאָראָוויטש...

— און קוק צו וואָס דו ביזט איצט דערגאַנגען! האָט אונטער־געכאַפּט די גענעראַלשע — הייסט עס, אז פונדעסטוועגען האָסטו נאָך ניט פאַר'שכורט די אָנשטענדיגע געפיהלען דיינע, ווען עס האָט אויף דיר געקאָנט אזוי ווירקען! און דאָס ווייב האָסטו פאַרפּייניגט. איידער צו אכטונג געבען אויף די קינדער, ביזטו גאָר געזעסען אין דער חובות־אָפּטהיילונג. געה ארויס, טאַטעלע, פון דאַנען, געה ערגעץ אריין, שטעל זיך הינטער'ן טהיר, אין א ווינקעל און וויין זיך אויס, דערמאָהן זיך אָן דיין פריהערדיגער אומשולד. אפשר וועט גאָט פאַר־צייען. געה, געה זשע שוין, איך זאָג דאָס דיר ערנסט. ס'איז ניטאָ קיין בעסערע זאַך פאַר פאַרבעסערען זיך, ווי דערמאָהנען זיך דאָס פאַרגאַנגענע און מיט חרטה.

נור ווידערהאָלען וועגען דעם, אז מען זאָגט עס ערנסט, האָט מען ניט געדאַרפט. דער גענעראל ווי אַלע מענשען וואָס שיכור'ן שטענ־דיג איז געוועזען זעהר פיהלענד, און ווי אַלע צופיל ארונטערגעפאַלענע, שיכור'ע מענשען, האָט ער ניט לייכט געקענט אריבערטראָגען אָן עראינערונג פון דער גליקליכער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיך אויפ־געשטעלט און אונטערטהעניג זיך געלאָזט צום טהיר, אזוי דאָס ליזאַ־וועטא פּראָקאָפּיעוונא האָט גלייך אויף איהם רחמנות געקראָגען.

— ארדאַליאָן אַלעקסאַנדראָוויטש, טאַטעלע! האָט זי איהם נאָכ־געשריען — שטעל זיך אָפּ אויף א ווייַלע; מיר זיינען אַלע זינדיגע מענשען; ווען דו וועסט פיהלען אז דער געוויסען פּלאָגט דיך שוין וועניגער, דאַן קום צו מיר, מיר וועלען זיך זעצען, און א פּלוידער טאָן וועגען דער פאַרגאַנגענהייט. ס'איז מעגליך, אז איך בין נאָך פופ־

ציג מאָל מעהר זינדיגער פאר דיר; נו, און איצט געה געזונד, געה, דו האָסט דאָ גאָר ניט וואָס צו טאָן... האָט זי זיך מיט אמאָל דער־שראָקען אז ער זאָל זיך ניט אומקעהרען.

— איהר וואָלט געדאַרפט דערווייל איהם ניט נאָכלויפען, האָט דער פירשט אָפּגעשטעלט קאָליאן, ווארום ער קען זיך געלאָזט לויפען נאָכ'ן פאָטער — ווייל אין א מינוט ארום וועט ער אלעמען דערעסען און אלץ וועט איבערגעפיהרט ווערען.

— דאָס איז אמת. טשעפּע איהם ניט; אין א האַלבע שטונדע ארום געה. האָט באַשטימט ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא.

— אָט וואָס עס הייסט, כאָטש איינמאָל אין לעבען צו זאָגען אַז אמת. עס האָט געווירקט ביז טרערען! — האָט לעבעדעוו גע־קראָגען מוטה צו אריינזאָגען.

— נו, אויב דו טאַטעלע ביזט, ווייזט אויס, פון די פיינע מענ־שען, אויב ס'איז אמת וואָס איך האָב געהערט, האָט איהם ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא גלייך אָפּגעשלאָגען די פליגלען.

די געמיינשאַפטליכע לאַגע פון אלע געסט, וואָס האָבען זיך צו־נויפגעקליבען ביים פירשט, האָט זיך ביסלעכווייז באַשטימט. דער פירשט איז זעלבסטפאַרשטענדליך, געווען בכח אָפּצושעצען און ער האָט אָפּגעשעצט דעם גאַנצען ווערטה פון דער גענעראַלשע, און די טעכטערס מיטפיהלען מיט איהם. און ער האָט געוויס, זיי אויפ־ריכטיג געלאָזט וויסען, אז אויך ער, האָט נאָך היינט, איידער זיי האָ־בען איהם נאָך באַזוכט, געווען באַשלאָסען אומבאַדינגט צו באַזוכען זיי, ניט אַכטענדיג אויף זיין קראַנקהייט און אויף דער שפּעטערדיגער שעה. ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, וואַרפענדיג א בליק אויף זיינע געסט, האָט געענטפערט, אז דאָס קען מען אויך היינט ערפילען. פּטיצין, א מענש א העפליכער און זעהר א פארטרעגליכער, איז זעהר שנעל אויפגעשטאַנען און איז ארויס צו לעבעדעוו אין פליגעל, האָ־בענדיג גרויס חשק אהין אויך אוועקצופיהרען לעבעדעוו'ן אליין. יענער האָט צוגעזאָגט באַלד קומען. אין דער זעלבער צייט, האָט זיך וואַריאַ צושמועסט מיט די מיידלאַך און איז געבליבען. זי און האַניאַ זיינען געווען זעהר צופרידען מיט דעם גענעראַל'ס אוועקגעהן. האַניאַ אליין האָט אויך באַלד נאָכגעפאָלגט פּטיצינען. אין די עטליכע מי־נוט וואָס ער איז געווען אויף דער טעראַסע, פאר די אויגען פון די

עפּאַנטשין'ס, האָט ער זיך געהאַלטען באַשיידען, מיט ווירדע, און האָט זיך גאָר ניט פאַרלאָרען פון ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווגאַ'ס שטרענגע בליקען, מיט וועלכע זי האָט איהם צוויי מאָל באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס. די וואָס האָבען איהם געקענט פון פריהער, האָבען באמת געקענט דענקען, אַז ער האָט זיך שטאַרק געענדערט. דאָס איז זעהר געפעהלען געוואָרען אַגלאַיען.

— דוכט זיך, אַז גאַווריל̃א אַרדאַליאָנאָוויטש איז דאָס אַרויסגע־גאַנגען? האָט זי אונערוואַרטעט געפרעגט, ווי זי האָט אָפט ליב גע־האַט צו טאָן, הויך, שאַרף, איבעררייסענדיג מיט איהר פראַגע דעם געשפּרעך פון אַנדערע און ניט ווענדענדיג זיך צו קיינעם.

— ער, האָט געענטפערט דער פירשט.

— איך האָב איהם קוים דערקאַנט, ער האָט זיך זעהר געענדערט. און... אַ היבש ביסעל צום בעסטען.

— מיך פרעהט זעהר פאַר איהם, האָט געזאָגט דער פירשט.

— ער איז געווען זעהר קראַנק, האָט וואַריאַ צוגעגעבען מיט צופרידענער מיטפילונג.

— מיט וואָס האָט ער עס זיך געענדערט צום בעסערן? האָט צאַרענדיג און כמעט מיט שרעק געפרעגט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ — פון וואַנען האָסטו עס גענומען? ניטאָ קיין בעסערס, וואָס אַן ערד ווייזט זיך דיר אַלס בעסער?

— בעסער, ווי דער „ריטער דער אָרימער" קען ניט זיין! האָט פלוצלינג אויסגערופען קאָליאַ, וועלכער איז די גאַנצע צייט גע־שטאַנען אַרום ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ'ס שטוהל.

—דאָס זעלבע דענק איך אויך, האָט געזאָגט דער פירשט טש. און זיך צעלאַכט.

— איך בין אויך מיט דער זעלבער מיינונג, האָט פייערליך אויס־גערופען אַדעלאַאידאַ.

— וואָס פאַר אַן „אָרימער ריטער?" האָט געפרעגט די גענע־ראַלשע מיט פאַרוואונדערונג און ערגערניש, באַטראַכטענדיג אַלע געסט, נור דערזעהענדיג אַז אַגלאַיאַ איז רויט געוואָרען, האָט זי מיט האַרץ צוגעגעבען: עפּעס אַ נאַרישקייט אַזאַ! וואָס איז דאָס פאַר אַן אָרימער ריטער אַזאַ?

— איז דען דאָס ערשטע מאָל, אייז דער דאָזיגער אינגעל, אייער ליבלינג דרעהט איבער פרעמדע ווערטער? האָט מיט שטאָלצען צאָרען געענטפערט אַגלאַיאַ.

אין אַגלאַיאַ׳ס יעדען אויסברוך פון כעס (זי פלעגט ווערען אין כעס גאַנץ אָפט), האָט כמעט יעדען מאָל ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס עס האָט אויסגעזעהן זעהר ערנסט און שטרענג, דאָך ארויסגעקוקט אזוי פיעל נאָך קינדישעס, אומגעדולדיג־שוהל׳יגעס, און שלעכט באַהאַלטענעס, פון וואָס מען האָט אָפט קוקענדיג אויף איהר געמוזט צעלאַכען זיך. איבעריגענס, צו דער גרויסער ערגעריש פון אַגלאַיא׳ן, וועלכע האָט ניט פאַרשטאַנען, פון וואָס לאַכט מען דאָ. „און ווי קענען זיי, און ווי וואַגען זיי דאָס צו לאַכען.“ אויך איצט האָבען זיך צעלאַכט די שוועסטער, דער פירשט שטש. און אפילו פירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש האָט א שמייכעל געטאָן, דערביי עפּעס רויט ווערענדיג. קאָליא האָט געכאָכאָטשעט און געטריאומפירט. אַגלאַיא איז אין כעס געוואָרען ניט אויף א געלעכטער און איז דאָפּעלט שעהנער געוואָרען. איהר האָט זעהר געפּאַסט די פאַרלאָרענקייט און דערצו די ערגעריש פאַר דער פאַרלאָרענקייט.

— ווֶעניג ווערטער אייערע האָט ער דען איבערגעדרעהט, — האָט זי צוגעגעבען.

— איך בוי מיינע ווערטער טאַקע אויף אייער אייגענעם אויסגעשריי — האָט אויסגערופען קאָליא — מיט א מאָנאַט צוריק האָט איהר איבערגעקוקט ,דאָן קיכאָט“ און דערביי אויסגעשריען די דאָזיגע ווערטער, אז עס איז ניטאָ קיין בעסערס ווי „דער ריטער דער אָרימער.“ איך ווייס ניט וועגען וועמען האָט איהר עס דאן געזאָגט: צו וועגען „דאָן קיכאָט“ צו וועגען עווגעני פּאַוולִיטש, אָדער וועגען נאָך א פּערזאָן, נור דאָס איז זיכער, אז איהר האָט וועגען עמיצען גערעדט און דער געשפּרעך איז געווען א לאַנגער...

— מיין טהייערער, דו ערלויבסט זיך שוין אביסעלע צופיעל מיט דיינע איינפעלע, האָט איהם מיט ערגעריש אָפּגעשטעלט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ.

— בין איך דען איינער? האָט קאָליא ניט געוואָלט נאָכגעבען. — אלע האָבען דאָן גערעדט, און אויך איצט רעדט מען נאָך: אָט האָבען איצט דער פירשט טשט. און אדעלאַאידא איוואַנאָוונא און

אַלע ערקלערט, אַז זיי שטעהען פאַר דעם „ריטער דעם אָרימען“ באַווייזט עס דאָך אַז דער „אָרימער ריטער“ עקזיסטירט, און איז אומ־באַדינגט דאָ. און ווי איך דענק, איז ווען ניט אַדעלאַאידאַ איוואַנאָוו־נאַ וואָלטען מיר שוין אַלע לאַנג געוואוסט ווער דער „ריטער דער אָרימער“ איז.

— און מיט וואָס בין איך שולדיג? האָט אַדעלאַאידאַ געלאַכט.

— איהר האָט ניט געוואָלט דאָס בילד אויסמאָהלען, אָט אין וואָס איהר זייט שולדיג! אַגלאַיאַ איוואַנאָוונאַ האָט אייך דאַן געבעי־טען אויסמאָהלען דעם „ריטער דעם אָרימען“, און האָט אפילו אי־בערגעגעבען דעם גאַנצען סוזשעט פון דעם בילד, וועלכען זי האָט אַליין פאַרפאַסט. געדענקט איהר דעם סוזשעט? איהר האָט ניט גע־וואָלט...

— אָבער ווי אַזוי וואָלט איך געקענט אויסמאָהלען! וועמען? לויט׳ן סוזשעט קומט אויס אַז דער דאָזיגער, דער ריטער דער אָרימער.“

קיינער דורך דעם אייזען־שלייער
האָט זיין פּנים ניט געזעהן.

וואָס־זשע פאַר אַ געזיכט האָט דאָ געקאָנט אַרויסקומען? וואָס מאָה־לען; דעם אייזען־שלייער? דאָס אונגעזעהענע?

— איך הויב ניט אָן צו פאַרשטעהן, וואָס איז דאָרטען פאַר אַ שלייער, האָט זיך גע׳כעס׳ט די גענעראַלשע, וועלכע האָט שוין אָנגע־הויבען צו פאַרשטעהן, וועמען מען מיינט דאָ אונטער דעם צונעמע־ניש, פון „דעם ריטער דעם אָרימען.“ נור דערהויפּט האָט איהר אויפגעבראַכט, וואָס אויך דער פירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש האָט זיך פאַרלאָרען, דערנאָך אין גאַנצען זיך פאַרשעהמט ווי אַ צעהן־יאָהריגער אינגעל. — נו, ווערט זיך שוין אַמאָל ענדיגען די דאָזיגע דומהייט, אָדער ניט? וועט איהר מיר געבען צו פאַרשטעהן וואָס דאָס מיינט „דער ריטער דער אָרימער“, אָדער ניט? איז דען דאָס אַזאַ שרעקליכער סוד וואָס מען קען דערצו אפילו ניט צוטרעטען?

נור אַלע האָבען אַליץ נאָך פאָרטגעזעצט צו לאַכען.

— ס׳איז גאַנץ איינפאַך, ס׳איז אַ טשיקאַווע רוסישע ליעד, האָט זיך ענדליך אַריינגעמישט דער פירשט שטש., וועלענדיג וואָס

גיכער צערייבען און ענדערן די טהעמאַ — וועגען „דעם ריטער דעם אָרימער," אַז אויסצוג אַהן אָנפאַנג און אַהן אַן ענדע. מיט אַ מאָנאַט צוריק האָט מען איינמאָל אַלע ביים מיטאָג־עסען געלאַכט און געזוכט ווי געוועהנליך, אַ סוזשעט פאַר דעם צוקונפטיגען בילד פון אַדעלאַאידאַ איוואַנאָוונאַ. איהר ווייסט דאָך אַז דאָס איז אַן אַלגע־מיינע פאַמיליען אויפגאַבע צו זוכען אַ סוזשעט פאַר אַדעלאַאידאַ איוואַנאָוונאַ. דאָ איז מען איינגעפאַלען אויף „דעם ריטער דעם אָרי־מען", ווער ס'איז געווען דער ערשטער, געדענק איך ניט...

— אַגלאַיאַ איוואַנאָוונאַ! האָט אויסגערופען קאָליאַ.

— מעגליך, איך שטים איין, נור איך געדענק ניט, האָט פאַרט־געזעצט פירשט שטש. — אייניגע האָבען פון דעם סוזשעט געלאַכט, אייניגע האָבען אויסגערופען, אַז עס קען ניט זיין קיין העכערער, אָבער אום אויסצומאָהלען „דעם ריטער דעם אָרימען" האָט מען דאָך אַלענפאַלס געדאַרפט האָבען אַ געזיכט. הט מען גענומען איבערקלייַ־בען די געזיכטער פון אַלע באַקאַנטע. קיין איינער האָט ניט געטויגט. ביי דעם איז דאָס געבליבען; אָט דאָס איז אַלץ; איך פאַרשטעה ניט פאַר וואָס ניקאָלאַי אַרדאַלאָנאָוויטש'ן איז איינגעפאַלען צו דערמאָה־נען זיך און רעדען וועגען דעם? וואָס ס'איז געווען קאָמיש פריהער און ביים ענין, איז גאָר ניט איטערעסאַנט איצט.

— ווייל דאָ שטעקט אַ נייע דומהייט, אַ גיפטיגע און אַ באַלע־דיגענדע, האָט אָפּגעשניטען ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ.

— דאָ איז גאָר ניטאָ קיין דומהייט, אויסער טיעפער אַכטונג, האָט פּלוצלינג גאַנץ אונערוואַרטעט, מיט אַ וואַזשנער און ערנסטער שטימע, אַרויסגעזאָגט אַגלאַיאַ, וועלכע האָט באַוויזען אין גאַנצען צו קו־מען צו זיך, און באַזיגען איהר פריהערדיגע צומישקייט. ס'איז נאָך וועניג, האָט מען קוקענדיג אויף איהר, לויט געוויסע סמנים געקענט דענקען, אַז זי אַליין איז איצט צופרידען, וואָס דער שפּאַס געהט אַלץ ווייטער און ווייטער. און די דאָזיגע איבערקעהרעניש איז אין איהר פאַרגעקומען באַשטימט אין יענעם אויגענבליק, ווען ס'איז זעהר אָפען קענטיג געוואָרען די אַלץ שטייגענדע צומישקייט פון פירשט און וועלכע האָט דערגרייכט איהר גרעסטע הויכקייט.

— את לאכט מען ווי טייוואלים, און דא פלוצלינג נאדיר גאר א טיעפע אכטונג! משוגעים! ווי קומט דא אהער אכטונג? זאג גלייך, פאר וואס האט זיך ביי דיר, פלוצלינג, מיר ניט דיר ניט, באוויזען א טיעפע אכטונג אזא?

— דערפאר האט זיך באוויזען א טיעפע אכטונג, האט אגלאיא פארטגעזעצט אזוי ווי פריהער ערנסט און עהרווירדיג, אלס ענטפער אויך דער מאמעס כמעט בעזער פראגע — ווייל אין דער דאזיגער ליד איז אפען אויסגעמאהלט געווארען א מענש, וועלכער איז פעהיג צו האבען אן אידעאל, און צווייטענס, איינמאל אוועקשטעלענדיג פאר זיך דעם אידעאל, אויך גלויבען אין איהם, און קריגענדיג אין איהם גלויבען, בלינד, אפגעבען איהם דאס גאנצע לעבען. דאס טרעפט אין אונזער דור ניט שטענדיג. דארטען אין יענעם ליעד, איז ניט געזאגט געווארען, אין וואס אייגענטליך ס׳איז באשטאנען דער אידעאל פון „דעם ריטער דעם ארימען“, נור מען זעהט, אז דאס איז געוועזען עפעס א ליכטיגע געשטאלט, „א געשטאלט פון ריינער שעהנקייט“, און דער פארליבטער ריטער, האט אנשטאט א שאל זיך אפילו אנגעבונדען בלומענקראנצען אויפ׳ן האלז. אמת, עס איז נאך דארטען דא אזא טונקעלער ניט דערערדטער דעוויז פון די בוכשטאבען א. נ. ב., וועלכע ער האט אנגעצייכענט אויף זיין פאנצער...

— א. נ. ד. האט קאליא פארריכט.

— און איך זאג א נ. ב., און אזוי וויל איך זאגען, האט מיט ערגערניש איבערגעשלאגען אגלאיא. — ווי עס זאל ניט זיין, אבער עס איז א קלאהרע זאך, אז דעם דאזיגען „ארימען ריטער“ איז שוין אלץ איינס געוועזען: וועך ס׳איז ניט געוועזען, און וואס עס זאל ניט טאן זיין דאמע, ס׳איז גענוג וואס ער האט זי אויסערוועהלט און געגלויבט איהר „ריינער שעהנקייט“, און דערנאך איז ער שוין געוועזען איהר אונטערטהעניגער קנעכט אויף אייביג; און אין דעם ליגט זיין פארדינסט, אז ווען זי זאל נאכדעם אפילו זיין א גנב׳טע, מוז ער פונדעסטוועגען גלויבען און פאר איהר שעהנקייט שווערדען ברעכען. דעם פאעט האט זיך, דוכט אויס, געוואלט צוזאמענברייינגען אין א גרויסער געשטאלט דעם גאנצען גרויסען געדאנק פון די מיטעלאלטערליכער ריטערישער פלאטאנישער ליבע פון אוועלכען ס׳ניט איז ריינעם און הויכען ריטער; עס פארשטעהט זיך אז דאס אלעס איז

אַן אידעאַל. אָבער אין דעם „ריטער דעם אָרימען" איז דער דאָזיגער געפיהל דערגאַנגען ביז דער לעצטער שטופּע, ביז אַסקעטיזם; מען מוז מודה זיין, אַז די פעהיגקייט פון האָבען אַזאַ געפיהל באַטייט זעהר פיעל. און אַזעלכע געפיהלען לאָזען איבער וועגען זיך אַ טיפען שטריך און פון איין זייט, זעהר אַ לויבענסווערטהען. ניט רעדענדיג שוין וועגען „דאָן קיכאָט." דער ריטער דער אָרימער" איז דער זעלבער „דאָן קיכאָט," אָבער אַן ערנסטער און ניט קיין קאָמישער. איך האָב פון אָנפאַנג ניט פאַרשטאַנען און האָב געלאַכט, און איצט ליב איך „דעם ריטער דעם אָרימען" און די הויפּט זאַך, איך אַכטע זיינע העלדישקייטען.

אַזוי האָט געענדיגט אַגלאַיאַ, און קוקענדיג אויף איהר, איז אפילו שווער געווען פאַרשטעהן, צו רעדט זי עס ערנסט אָדער זי לאַכט.

— נו, אַ נאַר איז ער, מיט זיינע העלדישקייטען צוזאַמען! האָט באַשלאָסען די גענעראַלשע. — און אויך דו מאַמעלע, האָסט זיך פאַרליגנערט, אַ גאַנצע לעקציע; לויט מיין שכל, טויג זי ניט אפילו, פון דיין זייט. אַלענפאַלס ניט ערלויבט. וואָס איז דאָס פאַר אַ ליד? לעז איבער, דו ווייסט זי דאָך געוויס! איך וויל אומבאַדינגט קענען די ליד. מיין גאַנצען לעבען האָב איך ניט געקאָנט ליידען קיין לידער, אַזוי ווי איך וואָלט פאָראויסגעפיהלט. ביי גאָט, פּירשט, האָט געדולד, אונז ביידען הפּנים איז באַשערט צו ליידען צוזאַמען. האָט זי זיך געווענדט צו פּירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש. זי איז געווען זעהר געערגערט.

פּירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש האָט עפּעס געוואָלט זאָגען, אָבער ער האָט גאָר ניט געקאָנט אַרויסרעדען, ווייל ער איז נאָך אַלץ געווען אַ פאַרשעהמטער. נור איין אַגלאַיאַ, וועלכע האָט זיך אַזוי פיעל ערלויבט אין איהר „לעקציע", האָט זיך גאָר ניט פאַרשעהמט, זי איז אפילו ווי צופרידען געווען. זי האָט זיך תיכף אויפגעשטעלט, נאָך אַלץ ווי פריהער ערנסט און ווירדיג. מיט אַזאַ אויסזעהן, ווי זי וואָלט זיך דערצו געגרייט פון פריהער, און זי האָט נור געוואַרט אויף דער איינלאַדונג אַרויסצוגעהן אויף דער טעראַסע און זיך געשטעלט אַנטקעגען דעם פּירשט, וועלכער איז געבליבען זיצען אין שטוהל. אַלע האָבען

מיט א געוויסער פאַרוואונדערונג געקוקט אויף איהר, און כמעט אַלע, פירשט שטש., די שוועסטער, די מוטער, האָבען מיט אַן אונאַנגענעהמען געפיהל געקוקט אויף דער דאָזיגער נייער שטיפעריי, וועלכע איז אַלענ־פאַלס, פאַרגאַנגען אביסעל צו ווייט. נור עס איז געווען צו זעהן, אַז אַגלאַיאַ'ן איז טאַקע נור געפעהלען געוואָרען דער דאָזיגער עפעקט, מיט וועלכע זי האָט אַנגעהויבען די צערעמאָניע פון פאַרלייענען די ליד. ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט זי שיעור גלייך ניט אוועק־געטריבען, נור פון דער זעלבער מינוט ווען אַגלאַיאַ האָט גענומען דעקלאַמירען די באַוואוסטע באַלאַדע, זיינען צוויי נייע געסט, הויך רעדענדיג, אריינגעקומען פון גאַס אויף דער טעראַסע. דאָס זיינען געווען איוואַן פיאָדאָראָוויטש עפּאַנטשין און נאָך איהם איינער א יונגער מאַן. עס איז געוואָרען א קליינינקער טומעל.

---

## זיבעטער קאַפּיטעל

דער יונגער מאַן וועלכער האָט באַגלייט דעם גענעראַל איז געווען א מאַן פון איאָהר אכט און צוואַנציג. א הויכער, א גלייך־געוואַקסיגער, מיט א שעהנעם און קלוגען געזיכט, מיט א גלענצענדען פול מיט שאַרפזין און שפּאָט בליק פון גרויסע, שוואַרצע אויגען. אַגלאַיאַ האָט זיך אפילו אויף איהם ניט ארומגעקוקט און האָט פאַרט־געזעצט פאַרלעזען דאָס ליד. זי האָט מיט עפעקט געהאַלטען אין קוקען בלויז נור אויף דעם פירשט און זיך ווענדענדיג בלויז צו איהם אַליין נור. דעם פירשט איז געוואָרען קלאָהר, אַז זי טוט דאָס אַלעס מיט א באַזונדער אויסרעכענונג. אָבער די נייע געסט האָבען לכל הפּחות פאַרבעסערט זיין אונאַנגענעהמע לאַגע. דערזעהענדיג זיי, האָט ער זיך אויפגעהויבען, ליבליך א שאָקעל געטאָן פון ווייטען, מיט'ן קאָפּ, צו דעם גענעראַל, געגעבען א צייכען, אַז מען זאָל ניט איבער־רייסען דאָס לעזען און אַליין האָט ער באַוויזען זיך אפּקעהרען הינ־

טער׳ן שטוהל, וואו אָנשפּאַרענדיג זיך מיט דער לינקער האַנט אויפ׳ן ווענטיל, האָט ער פּאַרטגעזעצט צו הערען די באַלאַדע, שוין אַזוי צו זאָגען, אין אַ מעהר גײַסטיגערער און ניט אין אַזאַ „קאָמישער" לאַגע, ווי זיצענדיג אין שטוהל.

ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט מיט אַ באַפעהלענדען מאַך מיט׳ן האַנט געלאָזט וויסען די אַרײַנקומענדע, אַז זיי זאָלען זיך אָפּשטעלען. דער פירשט האָט צווישען אַנדערעס, זיך צופּיל געאינטערעסירט מיט זיין נייעם גאַסט, וועלכער איז געקומען מיט דעם גענעראַל. ער האָט זיך קלאָהר אָנגעשטויסען אַז דאָס איז עוועגני פּאַוולאָוויטש ראַדאָמסקי, וועגען וועלכען ער האָט שוין פיעל געהערט און ניט איינמאָל געטראַכט. איהם האָט בלויז געשטערט די ציווילע קליידער זיינע, ער האָט געהערט אַז עוועגני פּאַוולאָוויטש איז אַ מיליטערישער מאַן. אַ שפּאָטישער שמייכעל האָט געבלאָנדזשעט אויף די ליפּען פון דעם נייעם גאַסט, אין דער גאַנצער צייט, וואָס מען האָט געלעזען די ליד, אַזוי ווי אויך ער וואָלט שוין עפּעס געהערט וועגען „דעם ריטער דעם אָרימען." „אפשר האָט ער עס אַליין אויסגעטראַכט." האָט אַ טראַכט געטאָן פאַר זיך דער פירשט.

נור גאָר עפּעס אַנדערש איז געוועזען מיט אַגלאַיא׳ן. איהר גאַנצע פריהערדיגע עפעקטנאַסט און אַנגעבלאָזענקייט, מיט וועלכע זי האָט אָנגעהויבען לייענען, האָט זי פּאַרדעקט מיט אַזאַ ערנסטקייט און מיט אַזאַ דורכדרינגליכקייט, אין דעם גייסט און געדאַנק פון דעם פּאָעטישען ווערק, זי האָט מיט אַזאַ פאַרשטאַנד אַרויסגערעדט יעדען וואָרט פון דער ליד, מיט אַזאַ העכסטע איינפאַכקייט עס אַרויסגעזאָגט, אַז ענדליך האָט זי ניט נור צוגעצויגען די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט, נור מיט דער איבערגעבונג דעם הויכען גייסט פון דער באַלאַדע, האָט זי ווי באַרעכטיגט יענע געמאַכטע עפעקטמעסיגקייט און אָנגעבלאָזענקייט, מיט וועלכער זי איז טריאומפירענד אַרוים אויף דעם מיטען פון דער טעראַסע. אין דער דאָזיגער אָנגעבלאָזענקייט האָט מען איצט געקאָנט זעהן, בלויז די גרענצלאָזע און אַפילו אויך די נאַאיווע אַכטונג איהרע צו דעם וואָס זי האָט אונטערגענומען איבערגעבען. איהרע אויגען האָבען געפינקעלט, און אַ לייכטער קוים באַמערקבאַרער ציטער פון בגאַייסטערונג און פרייד האָט אַ פּאָאַר מאָל דורכגעשוועבט איבער איהר שעהנעם געזיכט.

זי האָט געלעזען:

האָט געלעבט אַן אָר'מער ריטער*)
שטיל און איינפאַך אויף דער וועלט,
בלייך און חושך לויט'ן אויסזעהן,
לויט'ן גייסט א דרייסטער העלד.

האָט אַמאָל צו איהם א זעהונג,
זיך באַוויזען אין דער נאַכט,
טיעף געוועזען איז דער איינדרוק
וואָס זי האָט אויף איהם געמאַכט.

און פון דאמאָלסט אָן ניט קוקען,
פלעגט ער קיינמאָל אויף א פרוי,
און זיין גאַנצען לעבען ריידען
ניט געוואָלט האָט ער מיט זיי.

הייליגע קאַרעלען זיינען
שטענדיג אויף זיין האַלז געווען,
קיינער דורך דעם אייזען-שלייער
האָט זיין פנים ניט געזעהן.

אויסגעקריצט מיט טרייער ליעבשאַפט
און מיט ריטערישער מוט
האָט ער א. מ. און ד.
אויפ'ן פאַנצער מיט זיין בלוט.

ווען די פאלאדינען פלעגען
אינ'ם הייליג לאַנד פארשמאַכט —
אויסרופענדיג הויך די דאַמען
האַסטיג לאָזען זיך אין שלאַכט.

*) אידיש פון נחום י.

Lu men coeli, santa Rosa!
פלעגט ער שרייען הויך און ווילד,
און די מושולמענער האָבען
ווי א דונער איהם דערפיהלט.

שפּעטער אין זיין טורעם האָט ער
אויך געלעבט פאַרשמאַכטערהייט,
אליין אן אומעטיגער, שטילער
און גענאַרטער ביז׳ן טויט.

דערמאָהנענדיג זיך נאָכדעם אָן דער דאָזיגער מינוט, האָט דעם פירשט געפּיינינגט איינע פאר איהם ניט געלייזטע פראגע: ווי קען מען פאַראייניגען אזא אמת׳ן שעהנעם געפיהל מיט אזא אָפּענעם בעזען שפּאַס? אז עס געווען אָן אָפּשפּאָטונג, אין דערין האָט ער ניט געצווייפעלט; ער האָט עס קלאָהר פארשטאנען און האָט געהאט אויף דעם אורזאַכען: אין דער צייט פון לעזען, האָט אַגלאַיא זיך ערלויבט איבערבייטען די בוכשטאַבען א. מ. ד. אויף די בוכשטאַבען נ. פ. ב. אז דאָס איז ניט געווען א טעות און קיין ניט דערהערונג פון זיין זייט, — אין דערין האָט ער ניט געקענט צווייפלען (צום לעצט איז דאָס אויך באַשטעטיגט געוואָרען.) אלענפאלס, איז אַגלאַיא׳ס אויפטוה, — געוויס כאָטש זעהר א בעזער און לייכטזיניגער שפּאַס — געווען א פאַראויסגעצילטער וועגען „דעם ריטער דעם אָרימען“, האָט מען גערעדט (און געלאכט) נאָך מיט א מאָנאַט צוריק. און דערביי, ווי דער פירשט האָט זיך ניט געמיהט צו דערמאָהנען, איז אויסגעקומען, אז אַגלאַיא האָט ארויסגערעדט די בוכשטאַבען, ניט נור אָהן קיין סמן פון שפּאַס, אָדער וועלכער ס׳ניט איז אָבשפּאָטונג, אָדער כאָטש אן אָנדריקונג אויף די דאָזיגע בוכשטאַבען, כדי בולטער ארויסברענגען זייער באַהאַלטענעם מיין, נור אין גענענטהייל, זי האָט זיי אויסגעדריקט מיט אונפארבייטבארער ערנסטקייט, מיט אזא אומשולדיגער איינפאַכקייט, אז מען האָט געקענט דענקען, אז די זעלבע בוכשטאַבען זיינען געווען אין דער באַלאַדע, און אזוי איז

געווען געדרוקט אין בוך. עפּעס־וואָס שווערעס און אונגענעהמעס האָט דעם פירשט ווי פאַרוואונדערט. געוועהנליך האָט ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא ניט פאַרשטאַנען און ניט באַמערקט גיט דאָס איבער־בייטונג פון די בוכשטאַבען און ניט די אַנדייטונג. דער גענעראַל איוואַן פיאָדאָראָוויטש האָט בלויז פאַרשטאַנען אז מען דעקלאַמירט לידער, און די איבעריגע צוהערער האָבען זעהר פיעלע פאַרשטאַנען און זיך געוואונדערט אויך דער געוואגטקייט פון דעם אויפטו און צוועק. נור זיי האָבען גאָר ניט געזאָגט און זיך געסטאַרעט ניט ארויסצוצייגען אז זיי פאַרשטעהען עפּעס. נור עווגעני פּאַוולאָוויטש (דער פירשט האָט אפילו וועגען דעם געקענט וועטען) האָט ניט נור פאַרשטאַנען, נור ער האָט זיך אפילו געמיהט צו באַווייזען אז ער פאַרשטעהט. ער האָט זעהר שפּאָטיש א שמייכעל געטאָן.

— ער, וואָס פאַר אַן אַנטיק דאָס איז! האָט אויסגערופען די גענעראַלשע אין אמת׳ער באַגייסטערונג. גלייך ווי עס האָט זיך געענדיגט די פאָרלעזונג — וועמענ׳ס ליד איז דאָס?

— ס׳איז פּושקין׳ס, מאַמע, פאַרשעהמט אונז ניט! האָט אויסגעשריען אַדעלאַאידא.

— מיט אייך קען מען נאָך ווערען א גרעסערער נאַר! — האָט זיך אָנגערופען מיט ביטערקייט ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא. — ס׳איז א שאַנדע! תיכף ווי מיר וועלען קומען, גיט מיר גלייך פּושקין׳ס לידער!

— ביי אונז איז פּושקין דוכט זיך גאָר ניטאָ.

— שוין פון לאַנגע צייטען, האָט צוגעגעבען אַדעלאַידא — וואַלגערן זיך עפּעס א פּאָר צוריסענע בענד.

— זאָל מען גלייך אוועקשיקען פיאָדאָר׳ן אָדער אַלעקסעי׳ן, מיט דער ערשטער צוג זיי קויפען — בעסער אַלעקסעי׳ן. אַגלאַיאַ קום אהער! גיב מיר א קוש, דו האָסט גוט פאָרגעלעזען. נור — אויב דו האָסט פאָרגעלעזען פון הארצען, האָט זי צוגעגעבען כמעט מיט א שעפּטשען — טאָ האָב איך מיט דיר מיטלייד; און אויב דו האָסט פאָרגעלעזען איהם אויף צו להכעיס, דאַן אַנערקען איך דאָס ניט. אַזוי דאָס עס וואָלט פיעל בעסער ווען דו לעזסט עס גאָר ניט. פאַר־

שטעהסט? איצט געה! איך וועל נאָך מיט דיר א שמועס טאָן, מיר האָבען זיך שוין דאָ צו לאַנג פאַרזעסען.

דערווייל האָט זיך דער פירשט באַגריסט מיט'ן גענעראל איוואַן פיאָדאָראָוויטש און דער גענעראל האָט איהם פאָרגעשטעלט עווגעני פּאַוולאָוויטש ראַדאָמסקען.

— איך האָב איהם געכאַפּט אויפ'ן וועג. ער איז ערשט ארונטער פון צוג. ער האָט זיך דערוואוסט אַז איך געה אהער, און אַז אַלע אנדערע זיינען דאָ...

— איך האָב זיך דערוואוסט אַז איהר זייט דאָ, האָט איבערגע־שלאָגען עווגעני פּאַוולאָוויטש — און שוין אַזוי לאַנג וואָס איך האָב אובאַנדיגט ביי זיך אָפּגעמאַכט, ניט נור צו זוכען אייער באַקאַנט־שאַפט, נור אויך אייער פריינדשאַפט. האָב איך דערפאַר ניט געוואָלט פאַרלירען קיין צייט... איהר זייט ניט געזונד? איך האָב זיך אַט ערשט נור דערוואוסט.

— איך בין פאָלקאָם געזונד, און מיך פרעהט זייער זיך צו באַ־קאַנען מיט אייך. איך האָב א סך געהערט און אפילו א סך גערעדט וועגען אייך מיט פירשט שטש. האָט געענטפערט לעוו ניקאָלאַיעוויטש, דערלאַנגענדיג די האַנט.

די גענענזייטיגע העפליכקייטען זיינען ארויסגעזאָגט געוואָרען. ביידע האָבען איינער דעם צווייטען גערריקט די הענט, און שטאַרק אריינגעקוקט איינער דעם צווייטען אין די אויגען. אין איין אויגענ־בליק איז דער געשפרעך געוואָרען אַן אַלגעמיינער. דער פירשט האָט באַמערקט (און ער האָט איצט באַמערקט אַלץ אַזוי שנעל און גיריג און אפילו דאָס וואָס עס איז גאָר ניט געווען) אַז די ציווילע קליידער וואָס עווגעני פּאַוולאָוויטש האָט געטראָגען האָבען ארויסגערופען אַן אַלגעמיינע און אונגעוועהנליכע שטאַרקע פאַרוואונדערונג, אויף אַזוי פיעל, אַז אַלע פריהערדיגע איינדריקע זיינען פאַרגעסען געוואָרען און אָפּגעמעקט געוואָרען. מען האָט געקענט דענקען, אַז אין דער ענדע־רונג פון די קליידער איז געלעגען עפּעס זעהר וויכטיגעס. אדעלאַידא און אַלעקסאַנדרא האָבען מיט ערשטוינונג פאַנאַנדערגעפרעגט עווגעני פּאַוולאָוויטש'ן. דער פירשט שטש., זיינער א קרוב, האָט אפילו גע־קוקט מיט א געוויסער אומרוהיגקייט; דער גענעראל האָט גערעדט כמעט מיט נערוועזיטעט. איין אַגלאַיא האָט מיט נייגעריגקייט נור

גאַנץ רוהיג, געקוקט א ווײַלע אויף עווגעני פּאַוולאָוויטש, ווי וועלענדיג בלויז פאַרגלײַכען וואָס עס פּאַסט איהם בעסער: מיליטערישע קליי־דער אָדער ציווילע. נור אין א מינוט ארום האָט זי זיך אָפּגעקעהרט און זי האָט שוין מעהר אויף איהם ניט געקוקט. ליזאַוועטא פּראָ־קאָפּיעוונא האָט אויך וועגען גאָרנישט ניט געוואָלט פרעגען, חאָטש זי האָט זיך אביסעל באַאומרוהיגט. דעם פּירשט האָט זיך אויסגע־דוכט, אזוי ווי עווגעני פּאַוולאָוויטש וואָלט ביי איהר ניט נושא חן געווען.

— ער האָט מיך פאַרוואונדערט, ערשטויינט! האָט גע'חזרט איוואַן פּיאָדאָראָוויטש. אלס ענטפער אויף אלע פראַגען. — איך האָב ניט געוואָלט גלויבען, ווען איך האָב איהם נאָך אנומעלט אין פּעטער־בורג באַגעגענט, אוןי וואָס עפּעס אזוי אונערוואַרטעט, אָט דאָס איז די רעטעניש? ער אליין שרייט אז דאָס הויפּט זאַך, איז ניט צו ברע־כען קיין שטוהלען.

פון דעם פאַרפיהרטען געשפּרעך האָט זיך ארויסגעוויזען, אז עווגעני פּאַוולאָוויטש האָט שוין גאַנץ לאַנג אלעמען אַנגעזאָגט אז ער קלייבט זיך ארויסגעהן פון דינסט; נור יעדען מאָל האָט ער גערעדט אזוי ניט ערנסט, אז מען האָט איהם ניט געקענט גלויבען, און ער האָט טאַקע סתם געהאַט א טבע צו רעדען וועגען די ערנסטסטע זאַכען אין א וויציגען טאָן, אזוי אז מען האָט זיך אין איהם ניט געקענט פּאַנאַנ־דערקלייבען. דערהויפּט ווען ער האָט נאָך אליין געוואָלט אז מען זיך פונאַנדערקלייבען.

— איך בין ארויס פון דינסט בלויז אויף א קורצער צייט, האָט געלאַכט ראַדאָמסקי.

— אָבער נויטיג איז דאָס ניט געווען, ווי ווייט איך, לכל הפּחות, וויים אייערע געשעפטען, האָט זיך נאָך אלץ געקאַכט דער גענעראַל.

— און באַקוקען מיינע אימעניעס? דאָס האָט איהר דאָך מיר אליין געראַטען, און דערצו וויל איך אויך פאָהרען קיין אויסלאַנד.

איבעריגענס, האָט זיך דער געשפּרעך באַלד געענדיגט. נור די זעלבע מאָדנעקייט און די זעלבע אומרוהיגקייט איז נאָך אלץ געווען. מען האָט נאָך אלץ געקענט פיהלען, אז דאָ האָט עפּעס פּאַסירט אונ־געוועהנליכעס.

— הייסט עס, אַז דער „ריטער דער אָרימער" איז נאָך אַלץ אויף דער סצענע? האָט עוועגני פּאַוולאָוויטש געפרעגט צוקומענדיק צו אַגלאַיען.

צו דעם פירשט'ס פאַרוואונדערונג האָט איהם יענע אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און פרעגענד, אַזוי ווי זי וואָלט איהם געוואָלט לאָזען וויסען, אַז עס קען צווישען זיי קיין געשפּרעך וועגען „דעם ריטער דעם אָרימען" בשום אופן ניט פאָרקומען, און אַז זי פאַרשטעהט אפילו ניט די פראַגע.

— עס איז איצט שפּעט, זעהר שפּעט צו שיקען אין שטאָט נאָך פּושקינען — האָט קאָליא גע'טענה'ט מיט ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, ארויסשלאָגענדיג זיך פון די כחות. איך זאָג אייך שוין צום דריי טויזענדסטינען מאָל אַז עס איז שפּעט!

— ס'איז ריכטיג, אַז שיקען איצט אין שטאָט איז שפּעט, איז אונטערגעקומען עוועגני פּאַוולאָוויטש איבערלאָזענדיג אַגלאַי'ן. איך דענק, אַז אויך די קראָמען זיינען שוין אין פּעטערבורג צוגעשלאָסען. עס איז שוין נייען אַ זייגער, האָט ער באַשטעטיגט, ארויסנעהמענדיג דעם זייגער.

— מען האָט אַזוי פיעל געוואַרט און זיך ניט געאיילט, וועט מען קענען צוּוואַרטען ביז מאָרגען, האָט אַדעלאַידאַ אריינגעזאָגט.

— און ס'פּאַסט ניט אויך, האָט צוגעגעבען קאָליא, אַז גרויס־וועלטיגע מענשען זאָלען זיך אינטערעסירען מיט ליטעראַטור. פרעגט ביי עוועגני פּאַווליטש. ס'איז אַ סך אָנשטענדיגער זיצען אין אַ געלען שאַראַבאַן מיט רויטע רעדער.

— איהר רעדט שוין ווידער פון ביכער, קאָליא, האָט באַמערקט אַדעלאַידאַ.

— ער רעדט דאָך ניט אַנדערש ווי נור פון'ם ביכעל, האָט אונ־טערגעכאַפּט עוועגני פּאַוולאָוויטש — מיט גאַנצע פראַזען פון קריטישע איבערבליקען שפּרעכט ער זיך אויס. איך האָב שוין לאַנג די עהרע צו קענען די געשפּרעכען פון ניקאָלאַי ארדאַליאָנאָוויטש, אָבער היינ־טיגעס מאָל רעדט ער גראַד ניט פון ביכעל. ניקאָלאַי ארדאַליאָנאָ־וויטש גיט אַ קלאָהרע אָנצוהערעניש אויף מיין געלען שאַראַבאַן מיט די רויטע רעדער, נור איך האָב איהם שוין פאַרקויפט, איהר האָט פאַר־שפּעטיגט.

דער פירשט האָט זיך צוגעהערט צו דעם וואָס ראדאָמסקי האָט גערעדט... איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אז ער האַלט זיך זעהר פיין, עניוות'דיג, פרעהליך, און דערהויפּט איז איהם געפעהלען געוואָרען, דאָס וואָס ער רעדט מיט אזא גלייכקייט מיט קאַליאַ'ן, וועלכער האָט איהם זאַטשעפּעט.

— וואָס איז דאָס? האָט זיך ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעווגא גע־ווענדט צו ווערא'ן, לעבעדעוו'ס טאָכטער, וועלכע איז געשטאַנען פאַר איהר, מיט עטליכע ביכער אין די הענט, ביכער פון גרויסען פאָרמאַט, שעהן איינגעבונדענע און כמעט נייע.

— דאָס איז פּושקין, האָט געזאָגט ווערא. — אונזער פּושקין. די פּאַפּא האָט עס מיר געהייסען אייך אונטערטראָגען.

— וואָס מיינט עס? ווי איז דאָס מעגליך? האָט זיך פאַרוואונ־דערט ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעווגא.

— ניט אלס מתנה! ניט אלס מתנה! אזא זאך וואָלט איך ניט געוואָגט! איז לעבעדעוו ארויסגעשפּרונגען פון א הינטער דער טאָכ־טער'ס פּלייצע. — איך גיב אייך אוועק אויף מיין פּרייז. דאָס איז אונזער פאַמיליען־פּושקין, אנענקאָוו'ס אויפלאַגע, וועלכע מען קען גאָר איצט אין ערגעץ ניט קריגען. איך גיב איהם אוועק אויף קאָסט פּרייז. איך טראָג עס אייך אונטער מיט עהרפורכטיגקייט, ווילענדיג פאַרקויפען און מיט דעם צו שטילען דעם עהרווירדיגען אומגעדולד פון די עהרווירדיגסטע ליטעראַרישע געפיהלען פון אייער עקסעלענץ.

— אַ, דו פאַרקויפסט. דאָס איז עפּעס אנדערש. א דאַנק. דיינס וועסטו ניט דערלעגען, האָב קיין מורא ניט. אָבער ביטטע פּאַטערל, קרים זיך נור ניט. איך האָב געהערט פון דיר. דו זאָגט מען, ביזט זעהר אַן אַנגעלעזענער. מיר וועלען זיך א מאָל דורכ־שמועסען; ווילסטו אפשר אליין דאָס ברענגען צו מיר?

— מיט עהרפורכט און... אכטונג! האָט זיך געקרימט דער אומ־געוועהנליך צופרידענער לעבעדעוו, ארויסכאַפּענדיג דעם בוך פון דער טאָכטער'ס הענט.

— דו צוטומעל מיך נור ניט, דו קענסט אריבערטראָגען אַהין אכטונג אויך, נור מיט דעם אויסרייד, האָט זי צוגעגעבען, אויפמערק־זאַם איהם באַטראַכטענדיג. — איך וועל דיך צולאָזען בלויז ביז'ן

שוועל, און היינט אויפנעהמען דיך בין איך ניט גרייט. דיין טאָכטער-ווערא, קענסט אפילו צושיקען נאָך היינט. זי געפעהלט מיר זעהר.

— פאר וואָס זשע זאָגט איהר ניט אַז וועגען יענע? האָט זיך ווערא אומגעדולדיג געווענדט צום פאָטער — אויב ניט וועלען זיי דאָך אליין ארייננקומען; זיי האָבען שוין אָנגעהויבען טומלען. לעוו ניקאָ-לאַיעוויטש, האָט זי זיך געווענדט צום פירשט, וועלכער האָט שוין געוועזען גענומען דעם הוט. — דאָרטען זיינען צו אייך שוין פון לאַנג געקומען פיער יונגע לייט, זיי וואַרטען ביי אונז און זידלען זיך אָבער דער פּאַפּאַ לאָזט זיי צו אייך ניט אריין.

— וואָס פאר א געסט זיינען דאָס? האָט געפרעגט דער פירשט.

— צוליעב געשעפט, זאָגען זיי. נור זיי זיינען אזעלכע, אז מען וועט זיי איצט ניט ארייננלאָזען, וועלען זיי אפילו אין וועג אויך אָפּשטעלען. איהר לאָזט זיי בעסער אריין, לעוו ניקאָלאַיעוויטש, און דערנאָך ווערט פון זיי פּטור. גאַווּרילא ארדאַליאָנאָוויטש און פּטיצין ווילען זיי דאָרטען אייננרעדען, נור זיי פאָלגען ניט.

— דאָס איז פּאַוולישטשעוו'ס א זון! פּאַוולישטשעוו'ס א זון! עס לוינט זיך ניט! לוינט זיך ניט! האָט לעבעדעוו געשאָקעלט מיט די הענט — זיי לוינט ניט זיך אפילו אויסהערען; און באַאומרוהיגען אייך פירשט צוליעב זיי איז ניט פּאַסענד. זיי זיינען דאָס ניט ווערטה...

— פּאַוולישטשעוו'ס א זון! גאָט מיינער! האָט אויסגערופען דער פירשט אין גרויס איבעראַשונג — איך ווייס... אָבער איך... האָב איבערגעגעבען די דאָזיגע זאַך צו גאַווּרילא ארדאַליאָנאָוויטש. אָט ערשט האָט מיר גאַווּרילא ארדאַליאָנאָוויטש געזאָגט...

נור גאַווּרילא אדראַליאָנאָוויטש איז שוין ארויס פון צימער אויף דער טעראַסע; איהם האָט נאָכגעפאָלגט פּטיצין. אין דעם נעבען-צימער, האָט זיך דערהערט א טומעל און די הויכע שטימע פון גענעראַל איוואָלגין, וועלכער האָט ווי געוואָלט איבערשרייען עטליכע שטימען. קאָליא איז גלייך אוועקגעלאָפען זעהען וואָס דאָס איז.

— דאָס איז זעהר אינטערעסאַנט! האָט באַמערקט אויפ'ן קול עווגעני פּאַוולאָוויטש.

„הייסט עס אז ער ווייס פון דעם ענין." האָט א טראַכט געטאָן דער פירשט.

— וואָס פאַר אַ זון פון פּאָולישטשעוו? און... יועלכער זון פּאָולישטשעוו'ס קען דאָס געבען? האָט אין צווייפעל געפרעגט דער גענעראַל איוואַן פיאָדאָראָוויטש, מיט נייגעריגקייט אַנקוקענדיג אַלע געזיכטער און מיט פאַרוואונדערונג באַמערקענדיג, אַז די דאָזיגע נייע געשיכטע איז נור איהם אַליין ניט באַקאַנט.

אין אמת'ן איז די אויפרעגונג און ערוואַרטונג געווען אַן אַלגעמיינע. דער פירשט האָט זיך שטאַרק געוואונדערט וואָס זיינער אַזאַ פּערזענליכער ענין האָט אויסגעוויזן אַזוי שטאַרק אַלעמען צו אינטערעסירען.

— דאָס וועט זיין זייער גוט, וואו איהר אַליין טאַקע וועט תיכף דעם ענין ענדיגען, האָט געזאָגט אַגלאַיאַ, מיט אַזאַ באַזונדערער ערנסטקייט צוקומענדיג צום פירשט. — און אונז אַלעמען וועט איהר ערלויבען צו זיין אייערע עדות. אייך וויל מען פאַרפאַטשקען, פירשט, איהר דאַרפט פייערליך זיך ריין וואַשען. און איך פרעה זיך שוין פאַראויס פאַר אייך.

— איך וויל דאָס אויך, אַז עס זאָל זיך ענדליך ענדיגען אָט די העסליכע פּרעטענזיע, האָט אויסגערופען די גענעראַלשע. — גיט זיי ריכטיג, פירשט, שוינט ניט! מיר האָט מען פולע אויערן אַנגעזשוזשעט וועגען דעם ענין, און איך האָב גענוג געזונד פאַרלאָרען צוליעב דיר. און איך בין גלאַט נייגעריג אַנקוקען דאָס. רוף זיי אריין, און מיר וועלען זיך זעצען. אַגלאַיאַ האָט גוט צוגעטראַכט. איהר האָט וועגען דעם עפּעס געהערט פירשט? האָט זי זיך געווענדט צו פירשט שטש.

— געוויס האָב איך געהערט, טאַקע ביי אייך אַליין. נור מיר ווילט זיך באַזונדערס אַ קוק טאָן אויף די דאָזיגע יונגע לייט, האָט געענטפערט פירשט שטש.

— דאָס זיינען טאַקע די ניהיליסטען, אַ יאָ?

— ניין, זיי זיינען ניט דאָס וואָס ניהיליסטען, האָט אַ טראָט געטאָן פאַראויס לעבעדעוו, וועלכער האָט זיך אויך שיעור ניט געטרייסעלט פון אויפרעגונג, — דאָס זיינען אַנדערע, באַזונדערע. מיין פּלעמעניק האָט געזאָגט, אַז זיי זיינען שוין אַוועק ווייטער פון די ניהיליסטען. אומזיסט דענקט איהר, אַז איהר וועט זיי מיט אייער אַנוועזענהייט פאַרשעהמען, אייער עקסעלענץ. זיי שעהמען זיך ניט.

די ניהיליסטען זיינען פונדעסטוועגן אָפטמאָל א פאַרשטענדליך פאָלק. אפילו א געלעהרענטעס, אָבער די — זיינען אוועק ווייטער, ווייל פריהער פון אַלץ זיינען זיי פּראַקטישע. דאָס איז אייגענטליך א געוויסע פאָלגע פון ניהיליזם. נור אויפ'ן גלייכען וועג, נור פון אַנ־הערעניש, און פון דער זייט, און זיי קומען ניט מיט וועלכער ס'ניט איז אַרטיקעלע אין א זשורנאַל נור טאַקע גלייך אויפ'ן פּלאַץ. ניט וועגען אַן אונזין, למשל פון א וועלכען ס'ניט איז פושקין האַנדעלט זיך עס, און ניט וועגען דער נויטווענדיגקייט פון רוסלאַנד'ס פאַנאַנ־דערפאַלונג; ניין, איצט רעכענט זיך עס שוין גלייך פאַר א רעכט, אַז ווען עס פאַרוויילט זיך עפּעס, דאַרף מען זיך פאַר קיינע צאַמען ניט אָפּשטעלען, אפילו ווען עס זאָל אויסקומען אוועקשיקען אויף יענער וועלט א האַלבען טוצען מענשען. אָבער פירשט, אייך וואָלט איך פונדעסטוועגען ניט געראַטען...

נור דער פירשט איז שוין געגאַנגען עפענען די טהיר פאַר די געסט.

— איהר מאַכט א בלבול, לעבעדעוו, האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט א שמייכעל — אייך האָט פאַרשאַפט פיעל ליידען אייער פּלעמיאַניק. גלויבט איהר ניט, ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, איך פאַרזיכער אייך, אַז די גאַרקי'ס און דאַניליאָוו'ס, זיינען ניט מעהר ווי צופעלע און די... מאַכען בלויז א טעות... נור מיר וואָלט זיך אַז איהר זאָלט אַלע זיין דערביי ענטשולדיגט ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, זיי וועלען אַריינ־קומען, איך וועל זיי אייך ווייזען און דערנאָך וועל איך זיי אוועקפיה־רען. ביטטע, מיינע הערען!

איהם האָט מעהר פון אַלץ באַאומרוהיגט אַן אַנדער, פאַר איהם, פּיינליכער געדאַנק. איהם האָט זיך אויסגעדוכט; אַז די זאַך איז דאָס איצט פון וועמען ניט איז אונטערגעפיהרט געוואָרען, באַשטימט פון פריהער, פּונקט צו דער שטונדע און צייט, און אונבאַדינגט פאַר די דאָזיגע עדות, און אפשר צוליעב זיין ערוואַרטעטער שאַנדע, און ניט טריאומף? און איהם איז געווען צופיעל טרויעריג פאַר זיין „וויל־דער און בעזער איינרעדעניש." ער וואָלט דוכט זיך, געשטאָרבען, ווען עמיצער וואָלט זיך דערוואוסט, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט אַזא געדאַנק און אין דער מינוט ווען ס'זיינען אַריינגעקומען די נייע געסט, איז ער באמת געווען גרייט צו רעכנען זיך, פון אַלעמען, וואָס זיינען

געווען ארום איהם, אלס דעם לעצטען פון די לעצטע אין מאָראַלישער באַציהונג.

עס זיינען אריינגעקומען פינף מענשען. פיער פון זיי נייע געסט און דער פינפטער נאָך זיי, גענעראַל איוואָלגין, א צוהיצטער, אַן אויפגערעגטער און אין דעם שטאַרקסטען אַנפאַל פון שעהן־רעדנעריי. „ער נעהמט זיך דאָס געוויס אָן פאַר מיר.“ קאָלקא האָט זיך אריינגעגליטשט צוזאַמען מיט אַלעמען: ער האָט הייס גערעדט מיט איפּאָליט'ן, וועלכער איז געווען אין דעם צאָהל פון די באַזוכער; איפּאָליט האָט געהערט און צוגעשמייכעלט.

דער פירשט האָט פאַנאַנדערגעזעצט די געסט. זיי אַלע זיינען געווען אַזא יונגינקער און אפילו ניט קיין פול־יאָהריגער עולם, אַזוי דאָס מען האָט געקענט באַוואונדערן דעם פאַל, און די גאַנצע צערעמאָניע וואָס איז פון איהם ארויסגעקומען. איוואַן פּיאָדראָוויטש עפּאַנטשין, למשל, וועלכער האָט גאָר ניט געוואוסט און ניט פאַרשטאַנען אין דער דאָזיגער „נייער זאַך“, איז אפילו אריין אין גרימצאָרן, קוקענדיג אויף אַזעלכע אינגלאַד, און ער וואָלט געוויס גע־ווען ארויסגעגאַנגען אין א פּראָטעסט, ווען עס שטעלט איהם ניט אָפּ די מאָדנע היציקייט פון זיין פרוי, צו די פּריוואַטע געשעפטען פון'ם פירשט. ער איז, איבעריגענס, געבליבען בלויז אויס נייגעריגקייט, טהיילווייז אויס גוטסקייט, האָפענדיג אפילו צו קומען צו הילף, און אויף אַלע אופנים צו ברענגען נוצען מיט זיין אויטאָריטעט. נור דאָס וואָס דער אריינקומענדער גענעראַל איוואָלגין האָט זיך צו איהם פון ווייטען א נויג געטאָן, האָט איהם ווידער אריינגעבראַכט אין כעס. ער האָט זיך אַנגעכמורעט און באַשלאָסען איינגעשפּאַרט צו שווייגען.

איבעריגענס, איז צווישען די פיער יונגינקע באַזוכער געווען איינער פון א יאָהר דרייסיג, אַן אויסגעדינטער „אָפיצער פון ראָגאָזשין'ס קאָמפּאַניע, דער באָקסער, און וועלכער האָט אַליין געטהיילט צו פּופּצעהן רובעל צו אָרימע לייט אין גאַס.“ עס איז פאַרשטאַנען געוואָרען, אַז ער באַגלייט די איבעריגע צוליעב קוראַזש, אַלס אַן אמת'ער פריינד, און ווען עס וועט זיין נויטיג, אויך אַלס הילף. צווישען די איבעריגע האָט דעם ערשטען פּלאַץ און די ערשטע ראָלע פאַרנומען יענער אויף וועמען עס איז געגאַנגען דאָס צונעמעניש

„פּאווּלישטשעוו׳ס זון,“ כאָטש ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַלס אַנטיפּ בורדאָווסקי. דאָס איז געווען אַ יונגער מענש, אָרים און אונאָרדענטליך געקליידעט, אין אַ ראָק, מיט פאַרשמאָלצענע ביז שפּיגעל־גלאַנץ ארבעל, מיט אַ פעטער ביז דעם הויך פאַרשפּילעטער זשילעטקע, מיט ערגעץ וואו פאַרשוואונדענע אונטערוועש. מיט אַ שוואַרצן זיידענעם פאַרשמאָלצענעם ביז גאָר, שאַל, מיט ניט געוואַשענע הענט, מיט אַ זעהר פאַרפּימפּעלטען געזיכט, אַ בלאָנדער און אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען, מיט אַן אומשולדיג־חוצפּה׳דיגען בליק. ער איז געווען ניט פון נידעריגען וואוקס, אַ מאָגערער, פון אַ יאָהר צוויי און צוואַנציג. קיין סמן פון איראָניע, קיין צייכען פון רעפלעקסיע האָט זיך ניט אויסגעדריקט אויף זיין געזיכט, אין געגענטהייל, אַ פאָלקאָמענע טעמפּע צופרידענקייט מיט זיינע אייגענע רעכטע, און אין דער זעלבער צייט עפּעס, וואָס איז דערגאַנגען ביז אַ מאָדנער און אונאויפהערליכער נויטווענדיגקייט צו זיין און פיהלען זיך אַלס אַ שטענדיג באַלעדיגטער. גערעדט האָט ער אין אויפרעגונג, איילענדיג זיך און פאַרהיקענדיג זיך, אַזוי ווי ער וואָלט קיין גאַנצע ווערטער ארויסגערעדט, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ שטאַמלער אָדער אפילו אַן אויסלענדער כאָטש, איבעריגענס, איז ער געווען אַן אמת רוסישער.

באַגלייט האָט איהם, ערשטענס, דער צו די לעזער באַוואוסטער לעבעדעוו׳ס פּלעמיאַניק. און צווייטענס, איפּאָליט. איפּאָליט איז געווען זעהר אַ יונגער מענש, פון אַ יאָהר אַכצעהן, מיט אַ קלוגען, נור שטענדיג צאַרענדיגען אויסדרוק אין געזיכט, אויף וועלכען אַ קראַנקהייט האָט אוועקגעלעגט שרעקליכע צייכענס. ער איז געווען מאָגער ווי אַ סקעלעט, געל־בלאָס, די אויגען זיינע האָבען געגלאַנצט און צוויי רויטע פלעקען האָבען געברענט אויף די באַקען. ער האָט אַן אויפהער געהוסט; יעדער וואָרט זיינער, כמעט יעדער אָטהעם־צוג איז געווען באַגלייט פון אַ כריפּען. עס איז געווען צו זעהן שווינדזוכט אין העכסטען גראַד. עס האָט זיך געדוכט, אַז איהם איז געבליבען צו לעבען בלויז ניט מעהר ווי צוויי־דריי וואָכען. ער איז געווען זעהר מיעד און האָט זיך פריהער פון אַלעמען ארונטערגעלאָזט אויפ׳ן שטוהל. די איבעריגע האָבען ביים ארייננגעהן זיך אביסעל אָפּגעהאַלטען און שיעור זיך ניט פאַרשעהמט. געקוקט האָבען זיי אָדער מיט

ווירדע און האבען קענטיג זיך געשראָקען ניט צו פארלירען זייער ווירדיגקייט. א זאך וואס האט מאָדנע ניט געהארמאָנירט מיט זייער רעפוטאציע אלס אַפּלייקענער פון אלע אומנוצליכע וועלטליכע קליי־ניקייטען און פּאַראורטהיילע און כעמט אלץ אין דער וועלט, אויסער זייערע אייגענע אינטערעסען.

— אנטיפּ בורדאָווסקי, האט איילענדיג און זאאיקענדיג זיך גע־מאָלדען „פּאוולישטשעוו׳ס זון."

וולאדימיר דאָקטאָרענקא, האט קלאָהר און אפילו ווי שטאָלצי־רענדיג וואס ער איז דאָקטאָרענקא, זיך פאַרגעשטעלט לעבעדעוו׳ס פּלעמיאניק.

— קעלער! האט א מורמעל געטאָן דער אויסגעדינטער אָפיצער.

— איפּאָליט טערענטיעוו, האט אונערוואַרטעט מיט א קרעכ־צענדעס שטימע ארויסגעקרעכצט דער לעצטער. ענדליך האבען זיך אלע צוזעצט אין איין רייהע אויף שטוהלען אנטקעגען דעם פירשט. טער צו געבען זיך מוטה, איבערגעלעגט פון איין האנט אין דער צוויי־טער די היטלען. אלע האבען זיך צוגעגרייט צו רעדען, און אלע האָ־בען פונדעסטוועגען געשוויגען, ווארטענדיג אויף עפּעס־וואס. און מיט ארויסרופענדע געזיכטער אין וועלכע עס האט זיך ווי געלעזען; „ניין ברודער, דו זאגסט ליגען, אונז וועסט ניט אָפּנארען!" עס האט זיך געפיהלט, אז עמיצער דאַרף מעהר ניט אלס אָנפאַנג בלויז אויס־רעדען דעם ערשטען וואָרט, און גלייך וועלען זיי אלע צוזאמען זיך צורעדען, איבעריאָגענדיג און איבערשלאָגענדיג איינער דעם צווייטען.

---

## אכטער קאפּיטעל

— מיינע העררן. איך האב קיינעם פון אייך ניט ערוואַרטעט. האט דער פירשט אָנגעהויבען—איך אליין ביז היינטיגען טאג גע־ווען קראַנק, און אייער ענין, (האט ער זיך געווענדט צו אנטיפּ בור־

ראָוואָסקי) האָב איך נאָך מיט א מאָנאַט צוריק איבערגעגעבן צו גאווריל׳א ארדאליאנאָוויטש איוואָלגין, ווענגן וואָס איך האָב אייך דאָן געלאָזט וויסען. איבעריגענס, ווייל איך ניט אויסמיידען א פּער־זענליכע ערקלעהרונג, נור איהר דאַרפט דאָך פאַרשטעהן. אין אזא צייט... איך שלאָג אייך פאָר צו געהן מיט מיר אין צווייטען צימער אויב ניט אויף לאַנג... דאָ זיינען איצט מיינע פריינד און גלויבט מיר...

— פריינד... וויפיעל איהר ווילט, אָבער פונדעסטוועגען ערלויבט, האָט לעבעדעוו׳ס פּלעמיאניק פּלוצלינג איבערגעשלאָגען, אין זעהר א בעלעהרענדען טאָן כאָטש נאָך ניט אויפהויבענדיג הויך די שטימע, — ערלויבט אויך אונז צו ערקלעהרן, אז איהר וואָלט געקענט מיט אונז האַנדלען מעהר עהרווירדיג, און ניט צווינגען אונז צוויי שטונדע וואַר־טען אין אייער הינטער־צימער...

— און געוויס... אויך איך... און דאָס איז פירשטערליך! אין דאָס! איהר זייט א גענעראל! און איך בין אייך ניט קיין לאַקעי! און איך, איך... האָט געמורמעלט אין אונגעוועהנליכער אויפרעגונג אַנטיפ בורדאָווסקי, מיט טרייסלענדיגע ליפּען, מיט א באַלעדיגטען צי־טער אין שטימע, שפּריצענדיג מיט׳ן מויל, אזוי ווי ער וואָלט אין גאַנצען געפּלאַצט אָדער זיך צוריסען, נור ער האָט זיך מיט אמאָל אזוי אַנגעהויבען איילען אז מען אפילו ניט געקענט כאַפּען דאָס צעהנטע וואָרט.

— דאָס איז געווען פירשטערליך! האָט אויסגעשריען מיט א כריפּלער שטימע איפּאָליט.

— ווען אזא זאַך טרעפט מיט מיר, האָט א מורמעל געטאָן דער באָקסער — דאָס הייסט, ווען דאָס וואָלט באַלאַנגט דירעקט צו מיר, ווי צו אן אָרענטליכען מענשען, דאַן וואָלט איך אויף בורדאָווסקי׳ס פּלאַץ.... דאַן וואָלט איך...

— מיינע העררן, איך האָב אָט די מינוט ערשט זיך דערוואוסט אז איהר זייט דאָ. ביי גאָט! האָט נאָכאמאָל ווידערהאָלט דער פירשט.

— מיר, פירשט, האָבען ניט קיין מורא פאַר אייערע פריינד, ווער זיי זאָלען ניט זיין, ווייל מיר קומען מיט אונזערע רעכטע, האָט לעבעדעוו׳ס פּלעמיאניק נאָכאמאָל ערקלעהרט.

— און ווי אייגענטליך האָט איהר עס רעכט, ערלויבט מיר אייך צו פרעגען, האָט ווידער ארויסגעכריפּעט איפּאָליט, נור שוין זעהר צוהיצענדיג זיך. — ארויסצושטעלען בורדאָווסקי'ס געשעפטען פאר דעם געריכט פון אייערע פריינד? אפשר ווילען מיר גאָר ניט דעם אורטהייל פון אייערע פריינד? ס'איז צופיעל פארשטענדליך, וואָס עס קאָן באַדייטען אַ אורטהייל פון אייערע פריינד!

— נור אויב איהר הערר בורדאָווסקי. ווילט ענדליך ניט, רעדען דאָ, האָט זיך ענדליך דעם פירשט, וועלכער איז געווען ערשטוינט פון אזא אָנפאנג, איינגעגעבען צו מאכען א שטיקעל באמערקונג — טאָ זאָג איך דאך אייך, קומט שוין אריין אין א צווייטען צימער, און וועגען אייך אלעמען, זאָג איך אייך נאָכאמאָל אז איך האָב זיך ערשט דערוואוסט...

— אָבער איהר האָט קיין רעכט ניט, האָט קיין רעכט ניט, האָט קיין רעכט ניט! אייערע פריינד!... אַט! האָט פּלוצלינג בורדאָווסקי ווידער זיך צוטומעלט, ווילד און מיט געפאהר ארומקוקענדיג זיך אין אלע זייטען און נאָך מעהר היצענדיג זיך, וואָס מעהר ער האָט ניט געטרויט און זיך געשראָקען. — איהר האָט קיין רעכט ניט! און דאָס ארויסזאָגענדיג, האָט ער זיך שארף אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט איבער־געריסען און אהן רעד אויסגעגלאָצט די קורצזיכטיגע און זעהר קיי־לעכדיגע מיט רויטע, גראָבע אָדערלאַך, אויגען; האָט זיך פרעגענד אנגעשטעלט אויף דעם פירשט, אָנבויגענדיג זיך פאָראויס מיט זיין גאַנצען קערפּער. דיזען מאָל האָט זיך דער פירשט אזוי פארוואונדערט, אז ער איז אליין אויך אָנטשוויגען געוואָרען און האָט אויך געקוקט אויף איהם אויסגלאָצענדיג די אויגען און גאָר נישט זאָגענדיג.

— לעוו ניקאָלאיעוויטש! האָט פּלוצלינג ארויף געטאָן ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא — אַט נעהם לייען דאָס גלייך איבער, די מינוט טאָקע, דאָס באַלאַנגט אַלץ צו דיין ענין!

זי האָט איילענדיג איהם דערלאַנגט א וועכענטליכען זשורנאַל, פון די הומאָריסטישע און האָט אָנגעוויזען מיט א פינגער אויף אַן ארטיקעל. לעבעדעוו איז תיכף ווי די געסט זיינען אריין, צוגעשפּרונ־גען צו ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, ביי וועלכער ער האָט געוואָלט גע־ווינען חן, און ניט רעדענדיג קיין וואָרט, ארויסגענומען פון דער הינטערשטער קעשענע אַט די צייטונג, האָט עס איהר אונטערגעטראָ־

גען גלייך אונטער די אויגען, אָנצייגענדיג אויף אַן אָנגעצייכענטען קאָלום. דאָס וואָס ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ האָט שוין געהאַט צייט איבערלייענען האָט איהר שרעקליך אויפגעבראַכט.

— אפשר וואָלט פונדעסטוועגען געווען גוט ניט צו לייענען דאָס אין דער הויך, האָט געשטאַמעלט דער פירשט זעהר צוטומעלט. — איך וואָלט עס איבערגעלייענט פאַר זיך... נאָכדעם...

— טאַ לעז שוין ד ו בעסער איבער. לעז שויז, אין דער הויך! אין דער הויך! האָט זיך ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ געווענדעט צו קאָליאַ'ן, מיט אומגעדולד ארויסכאַפּענדיג פון דעם פירשט'ס הענט די צייטונג, צו וועלכער יענער האָט נאָך ניט אויסגעפיעט זיך צוריהרען.
— פאַר אַלעמען, אין דער הויך, אַז אַלע זאָלען הערען!

ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ איז געווען אַ פרוי אַ היציגע און אַ ליידענשאַפטליכע, אַזוי דאָס פּלוצלינג און מיט אַמאָל, ניט לאַנג טראַכטענדיג, האָט זי אַפּטמאָל אויפגעהויבען אַלע אַנקערס, און זיך געלאָזט אין אָפענעם ים ניט רעכענדיג זיך מיט דעם וועטער. איוואַן פיאָדאָראָוויטש האָט זיך אומרוהיג אַ דרעה געטאָן אויף'ן פּלאַץ, נור דערווייל האָבען אַלע אין דער ערשטער מינוט, ניט ווילענדיג זיך אָפּגע־שטעלט און געוואַרט אין אונבאַשטימקייט.

קאָליאַ האָט פאַנאַדערגענומען די צייטונג און האָט אָנגעהויבען אויפ'ן קול פון דעם פּלאַץ, וואו לעבעדעוו האָט איהם אָנגעוויזען:

„פּראָלעטאַריער און נאָכפאָלגער, אַן עפּיזאָד פון טעגליכע און אַלטעגליכע רויבערייען! פּראָגרעס! רעפאָרם! גערעכטיגקייט!"

„מאָדנע זאַכען פּאַסירען אין אונזער אַזוי גערופענער הייליגער רוסלאַנד, אין אונזער דור פון רעפאָרמען און געזעלשאַפטליכע אונ־טערנעהמונגען, דער דור פון נאַציאָנאַליטעט אין הונדערטער מיליאָנען. וועלכע ווערען יעדען יאָהר ארויסגעפיהרט אין אויסלאַנד. דער דור פון מסחר־ערמוטהיגונג און דעם פאַרלאַנג פון ארבייטער הענט, א. אז. וו. א. אז. וו. אַלץ וועט איהר ניט איבערלייענען מיינע העררן, און דערום וועל איך צוטרעטען גלייך צום ענין. עס האָט פּאַסירט אַ שרעקליכער אַנעקדאָט מיט איינעם פון די אָפּשטאַמלינגע וועלכער האָט אויסגעמיעדען אונזער גוטס־באַזיצעריי (דע פּראָפונדוס!) פון יענע,

איבעריגענס, אָפּשטאַמלינגע וועמענס זיידעס נאָך האָבען זיך אין גאַנ־
צען פאַרשפּיעלט אין קאָרטען, און די טאַטעס זיינען געוועזען געצוואונגען
צו דינען אלס יונקערס און אָפיצערען, און זיינען ווי געוועהנליך אוועק־
געשטאָרבען אונטער געריכט פאר א וועלכען ס'ניט איז טעות אין א
רעגירונגס־סומע, און די קינדער וועלכע, עהנליך צו דעם העלד פון
אונזער ערצעהלונג, אָדער זיי וואַקסען אויס אלס אידיאָטען, אָדער זיי
פאַלען אריין אפילו אין מאָרד־משפּטים. פאר וואָס, איבעריגענס, אום
זיי אויסצובעסערן, ווערען זיי פון די אַדוואָקאַטען ריינגעוואַשען;
אָדער, ענדליך, ענדיגען זיי דערמיט, וואָס זיי וואַרפען ארויס איינעם
פון די יעניגע אַנעקדאָטען, וועלכע פאַרוואונדערן דאָס פּובליקום, און
מאַכען צו שאַנדע דער אזוי אויך גענוג געשענדטע צייט אונזערע.
אונזער אָפּשטאַמלונג, האָט מיט א האַלב יאָהר צוריק, אַנגעטאָן אין
שטיוועלעטען ווי אן אויסלענדער, און ציטערענדיג אין דעם מיט נאָר־
נישט ניט אונטערגענעהטען ווינטער־רעקעל, זיך אומגעקעהרט אום זיינ־
טער, קיין רוסלאַנד פון שווייצאריען וואו ער האָט זיך געקורירט פון
אידיאָטיזם Sic! מען מוז מודה זיין, אז איהם האָט דאָך אָפּ־
געגליקט, אזוי דאָס ער האָט שוין ניט רעדענדיג וועגען זיין אינטע־
רעסאַנטער קראַנקהייט, פון וועלכער ער האָט זיך געקורירט אין שוויי־
צאַריען (נו, שטעלט זיך פאָר, קען מען זיך קורירען פון אידיאָטיזם?!!),
האָט געקענט מיט זיך באַווייזען די ריכטיגקייט פון דעם רוסישען
ווערטעל: „א געוויסער סאָרט מענשען — האָט דאָס גליק!“ באַ־
רעכענט נור אליין: בלייבענדיג נאָך'ן פאָטער'ס טויט א זויג־קינד,
מען זאָגט, אז אָפיצער, וועלכער איז געשטאָרבען אונטער געריכט פאר
דעם פּלוצליכען פאַרשווענדען אין קאָרטען די גאַנצע ראָטנע סומע,
און מעגליך אויך פאר געבען עטליכע איבעריגע שמיץ זיינעם אן אונ־
טערטהאַן, (דאָס פּלעגט אמאָל פּאַסירען דאָרפט איהר געדענקען, מיינע
העררן!) אונזער באַראָן איז גענומען געוואָרען אויס רחמנות אויף
ערציהונג פון איינעם א רייכען רוסישען גוטסבאַזיצער. דער דאָזיגער
גוטסבאַזיצער — לאָמיר איהם כאָטש רופען פּ., א מאַן וואָס האָט אין
יענע גאָלדענע צייטען געהערטש איבער פיער הונדערט טויזענד לייב־
קנעכט. (לייב־קנעכט! פאַרשטעהט איהר מיינע העררן אזא אויסדרוק?
איך פאַרשטעה ניט, מען דאַרף נאָכקוקען אין א גוטען ווערטער־בוך:
ס'איז א פרישע זאַך, נור עס גלויבט זיך שווער), איז אָט דער לייב־

אייגענטהימער, קענטיג געוועזן איינער פון יענע פוילענצער און פּאַראזיטען, וועלכע האָבען אָפּגעלעבט זייערע יאָהרען אין אויסלאַנד, זומער אין די קוראָרטען, און ווינטער אין דעם פּאַריזער שאטאָ־דע־פליער, וואו זיי האָבען איבערגעלאָזט אין זייער צייט גוואלדיגע סומען געלט. מען קאָן זאָגען אויף זיכער, אז לכל הפּחות איין דריטעל פון דעם צינז פון זיין גאַנצען לייב־אייגענטהום איז אוועק צו דעם אייגענטהימער פון דעם פּאַריזער שאטאָ־דע־פליער. (א גליקליכער מענש געוועזן!) ווי עס זאָל ניט זיין און דער רוהיגער פּ. האָט ערצויגען דעם יתום׳ל ווי א פּירשט, האָט פאר איהם געדונגען גאָווערנערס און גאָווערנאַנטקעס, (אָהן צווייפעל שעהנינקע), וועלכע ער האָט אגב אורחא אליין געבראַכט צו פיהרען פון פּאַריז. אָבער דער לעצטער אין דער משפּחה, דער פּריצישער אָפּשטאַמלינג איז געווען אן אידיאָט, די שאָטאָ־דע־פלערסקע גאָווערנאַנטקעס האָבען ניט געהאָלפען און ביז צוואנציג יאָהר האָט זיך אונזער האָדאָוואַניק אפילו ניט אויסגעלערנט רעדען קיין איין שפּראַך ניט אויסשליסענדיג אויך רוסיש. דאָס לעצטע איבעריגענס, קען מען ענטשולדיגען. ענדליך האָט זיך אין דער רוסישער לייב־אייגענטהימערישער קאָפּ פון פּ. אויסגעוועבט א פאַנטאַזיע, אז דעם אידיאָט קען מען אויסלערנען שכל אין שווייצאריען — א פאַנטאַזיע איבעריגענס, א לאָגישע: דעם פוילענצער און פּאַראַזיט האָט נאַטירליך געקענט איינפאַלען, אז פאר געלט קען מען אפילו אויך קויפען שכל אויפ׳ן מארק, און דערהויפּט נאָך אין שווייצאריען. עס זיינען אוועק פינף יאָהר פון קורירען זיך אין שווייצאריען ביי א געוויסען באַריהמטען פּראָפעסאָר און געלט זיינען געפטר׳ט געוואָרען אין די טויזענדער, איז דער אידיאָט, זעלבסט פארשטענדליך, קיין חכם ניט געוואָרען, נור אויף א מענשען, זאָגט מען איז ער פאָרט געוואָרען עהנליך, אונצווייפעלהאפט עהנליך. אונערוואַרטעט, נעהמט דער פּ. און שטאַרבט אוועק, פּלוצלינג אויף גיך, קיין צוואה פארשטעהט זיך, לאָזט ער ניט איבער; די געשעפטען ווי דער שטייגער זיינען אין אונאָרדנונג, הונגעריגע יורשים א מאַסע, און וועלכע עס האָבען שוין ניט קיין שום שייכות צו די לעצטע אין דער משפּחה אָפּשטאַמלינגע, וועלכע קורירען זיך אויס מיטלייד פון איינגעבוירענעם אידיאָטיזם אין שווייצאריען. דער אָפּשטאַמלונג, כאָטש אן אידיאָט האָט פונדעסטוועגען געפּרובירט אָנפייפען זיין פּראָפעסאָר,

און צוויי יאָהר, זאָגט מען, האָט ער אויסגעפּיעט צו קורירען זיך ביי איהם אומזיסט, באַהאַלטענדיג פון איהם דעם טויט פון זיין וואָל־טהעטער. נור דער פּראָפעסאָר איז אליין געווען א גוטער שאַרלאַ־טאַן; דערשרעקענדיג זיך, ענדליך, פאר דער געלטלאָזיגקייט, און מעהר פון אלץ פאר דעם אפּעטיט פון זיין צוואַנציג יאָהריגען פּוילענצער, האָט ער איהם אַנגעשוכט אין זיינע אלטע שטיוועלעטקעלאך, איהם אוועקגעשענקט זיין אָפּגעטראָגענעם ווינטער־ראָק, און איהם ארויס־באגלייט מיט זיין חסד, אין דריטען קלאסען נאָך רוסלאנד. ארויס־גע'פּטר'ט פון שווייצאַריען! עס האָט זיך געדוכט אז דאָס גליק האָט זיך אומגעדרעהט צו אונזער העלד מיט'ן רוקען. נור דאָס איז עפּעס געשעהן: דער גליק, וועלכער הרג'עט אוים פון הונגער טויט גאַנצע גיבערניעס, גיסט פּלוצלינג אוים אלע זיינע מתנות אויף דעם אריס־טאָקראַטל ווי קרילאָוו'ס „וואָלקען,“ וועלכעס האָט זיך דורכגעטראָגען איבער אַ אויסגעטריקענטען פעלד און זיך צוגאָסען איבער'ן אָקעאַן. כמעט אין דעם זעלבען אויגענבליק ווי ער איז ערשינען פון שווייצאַ־ריען קיין פּעטערבורג, שטאַרבט אוועק אין מאָסקווע איינער פון זיינע מוטערס קרובים (וועלכע איז פאַרשטעהט זיך געווען פון די סוחרים קלאַס), אַן אַלטער קינדערלאָזער בחור, א סוחר, א מענש מיט א באָרד און אראקאלניק, און ער לאָזט איבער עטליכע מיליאָן ירושה, זיכערע, קיילעכדיגע. ריינע, מזומנ'ענע (עד, ווען מיר מיט אייך לעזער קריגען עס!) אלץ צו אונזער אָפּשטאַמלינג, אלץ צו אונזער באַראָן, וועלכער האָט זיך געקורירט פון אידיאָטיזם אין שווייצאַריען! נור דאָ האָט ער שוין אָנגעהויבען זינגען אַן אנדער ניגון: ארום אונזער באַראָן אין די שטיוולעטען, וועלכער האָט זיך פערכליאָבעט אין א באוואוסטער שענ־הייט־מעטרעסע, האָט זיך ארומגעקליבען א גאַנצע חברה פריינד און חברים, עס האָבען זיך אפילו אויך אָפּגעזוכט קרובים, און מעהר פון אלץ א חברה פון פיינע מיידען, וועלכע הונגערן און דורשטען נאָך א געזעצליכער הייראָטה. און וואָס קען זיין נאָך בעסער: אַן אריס־טאָקראַט, א מיליאָנער, אַן אידיאָט — אלע מעלות צוזאַמען, אזא מאַן קען מען אפילו מיט א לאָמטערן ניט אויסזוכען, און אויף א בעשטעל־לונג ניט מאַכען!...“

— דאָס... דאָס פאַרשטעה איך שוין ניט! האָט אויסגעשריען איוואַן פּיאָדאָראָוויטש אין העכסטען גראַד פון צאָרן.

— הערט אויף קאַליא, האָט אויסגעשריען דער פירשט מיט א בעטענדיגער שטימע. עס האָבען זיך דערהערט אויסרופען פון אלע זייטען.

— לעזען! לעזען! וואָס עס זאָל ניט געשעהן! האָט אָפּגעשני־טען ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, קענטיג אָנטוענדיג זיך א כח צו באַ־הערשען. — פירשט! ווען מען וועט אויפהערן לייענען דאַן צוקריגען מיר זיך.

עס איז גאָרנישט געווען וואָס צו מאַכען. קאַליא האָט א צו־היצטער, א רויטער, מיט אַן אויפגערעגטער שטימע פאָרטגעזעצט לייענען:

„נור אין דער צייט ווי דער אויף שנעל געמאַכטער מיליאָנער האָט זיך געפונען, ווי זאָגט מען, אין די עמפּירעען, איז פאָרגעקומען א גאַנץ זייטיגע פאַסירונג. אין איין שעהנעם פריהמאָרגען קומט צו איהם אריין א באַזוכער, מיט א רוהיגען און שטרענגען געזיכט, מיט העפליכע, נור ווירדיגע און גערעכטע רעדע, אָנגעטאָן באַשיידען און עהרווירדיג מיט דעם אויסזעהן פון פּראָגרעסיווער פאָרם פון געדאַנק, און אין צוויי ווערטער ערקלעהרט ער איהם די אורזאַכע פון זיין באַ־זוך: ער איז א באַוואוסטער אדוואָקאַט; איהם איז איבערגעגעבען געוואָרען אַן ענין פון א יונגען מענשען, און ער קומט דאָס אין זיין נאָמען. דער דאָזיגער יונגער מענש איז ניט מעהר ווייניגער ווי דער זון פון דעם פאַרשטאָרבענעם פ., כאָטש ער טראָגט אַן אנדער נאָמען. דער לעבע־יונג פ. פאַרפיהרענדיג אין זיין יוגענד, אַן עהרליך אָרים מיידעל, פון די הויף־מיידלאַך, אָבער אַן אייראָפּעאיש ערצויגענע (דערביי פאַרשטעהט זיך זיינען אויך געווען אריינגעמישט די באַראָ־נישע רעכטע פון דאָס פאַרגאַנגענע לייב־אייגענטהימעריי), און באַ־מערקענדיג דאָס אונפערמיידליכע, און דעם נאָהענטען רעזולטאַט פון זיין פאַרבינדונג. האָט ער איהר וואָס שנעלער חתונה געמאַכט פאַר איינעם א סוחר און אויך אַ דינסט־מענש, מיט אַן אָרענטליכען כאַ־ראַקטער, וועלכער האָט שוין פון לאַנג דאָס מיידעל ליעב געהאָט. פון אָנפאַנג האָט ער דאָס פאַרהייראַטע פּאָרעל געהאָלפען, נור אין גיכען האָט ער זיך דער מאַן מיט דעם אָרענטליכען כאַראַקטער אָפּגעזאָגט צו נעהמען ביי איהם הילף. עס איז אַוועק אביסעל צייט און פ. האָט ביסלעכווייז אויספּעיעט צו פאַרגעסען אַן דער מיידעל און

וועגען זיין זון וואָס ער האָט אַנגעלעבט מיט איהר. און דערנאָך ווי באַקאַנט, איז ער געשטאָרבען, ניט איבערלאָזענדיג קיין צוואה. אין דער צייט. איז זיין זון, וועלכער איז שוין געבאָרען געוואָרען אין גע־זעצליכער הייראַטה, אָבער וועלכער איז אויסגעוואַקסען אונטער א צווייטער פאַמיליע, און וועלכער איז אַדאָפּטירט געוואָרען פון זיין מוטער'ס אָרענטליכען מאַן, און וועלכער איז אין דער צייט געשטאָר־בען, געבליבען זיך אליין צו באַזאָרגען, און מיט א קראַנקער, אָהן פיס, מוטער, אין איינע פון די וויטע גובערניעס. ער אליין האָט אין דער הויפּט־שטאָט האָט טעג־טעגליך פאַרדינט צום לעבען דורך עהרליכע אַרבייט, פון סוחרים'שע לעקציעס, און מיט דעם האָט ער זיך אויס־געהאַלטען, א פריהער אין גימנאַזיאום, און דערנאָך אַלס צוהערער פון פאַר איהם נויטיגע לעקציעס. האָבענדיג אין אויג א ווייטערן צוועק. נור א סך קען מען קריגען ביי א רוסישען סוחר פאַר א לעקציע, צו צעהן קאָפּיקעס, און נאָך דערצו מיט א קראַנקער, אָהן פיס, מוטער. וועלכע האָט ענדליך מיט איהר טויט פון דער ווייטער גובערניע איהם גמעט ניט גרינגער געמאַכט? איצט איז די פראַגע: ווי גערעכט האָט געדאַרפט אורטהיילען אונזער אַפּשטאַמלינג? איהר לעזער, דענקט זיך געוויס אז ער האָט זיך אַזוי געזאָגט: איך האָב זיך מיין גאַנצען לעבען באַנוצט מיט אַלע גוטסקייטען פון פ. אויף מיינ ערציהונג, אויף די גאָווערנאַנטקעס און אויף דער אויסקורירונג פון אידיאָטיזם זיי־גען אוועק צעהנדליגער טויזענדער אין שווייצאַריען. און אַט בין איך איצט א מענש פון מיליאָנען. און דער אָרענטליכער זון פון פ., וועלכער איז גאָרניט שולדיג אין די מעשים פון זיין לייכטזיניגען פאָטער, הרג'עט זיך אוועק אויף לעקציעס. איז אַלץ וואָס עס איז אַלץ דאָס וואָס איז אויסגעגעבען געוואָרען אויף מיר. האָט געדאַרפט על פי יושר, אויסגעגעבען ווערען אויף איהם. אַט די אַלע גרויסע סומען וואָס מען האָט גע'פּטר'ט אויף מיר, זיינען אין דער ווירק־ליכקייט ניט מיינע. דאָס איז בלויז געווען א בלינדער טעות פון שיקזאַל; זיי האָבען געקומט צום זון פון פ.. אויף איהם האָט מען זיי געדאַרפט פאַרנוצען, און ניט אויף מיר — א קינד פון דער פאַנטאַס־טישער לוינע פון דעם לייכטזיניגען פ. ווען איך וואָלט זיין אויף אן אמת'ן, אָנשטענדיג, עדעל און עהרליך, האָב איך געדאַרפט אָפּגעבען זיין זון א העלפט פון מיין גאַנצער ירושה. נור אַזוי ווי איך בין

פריהער פון אלץ א מענש און אויסגערעכענטער און איך פאַרשטעה זעהר גוט, אז דאָס איז ניט קיין יורידישער ענין, דאַרום וועל איך א העלפט פון מיינע מיליאָנען ניט געבען. נור לכל הפּחות וואָלט שוין געווען נידעריג און אונפאַרשעהמט (דער אָפּשטאַמלונג האָט פאַרגעסען אז דאָס לוינט זיך ניט אויך) פון מיין זייט, ווען איך וועל איצט ניט אומקעהרען עטליכע צעהנדליגע טויזענד וועלכע זיינען אויסגעגעבען געווארען פון פ. אויף מיין אידיאָטיזם, צו זיין זון. דאָ איז ניט מעהר ווי געוויסען און גערעכטיגקייט! ווייל וואָס וואָלט מיט מיר געווען, ווען פ. נעהט מיך ניט ערציהען און אנשטאַט מיך באַזאָרגט ער בעסער זיין זון!“

אָבער ניין. מיינע העררן! אונזערע אָפּשטאַמלינגע דענקען ניט אזוי. וויפיעל דער אדוואָקאַט פון דעם יונגען מענשען, וועלכער האָט גענומען כלאָפּאָטשען פאַר איהם איינציג בלויז צוליעב פריינדשאַפט און כמעט געגען זיין ווילען, כמעט מיט גוואַלד, וויפיעל ער האָט ניט ארויסגעשטעלט אויף איהם דעם חוב פון עהרע, אנשטענדיגקייט, גערעכטיגקייט, און אפילו איינפאַכע אויסרעכענונג, איז דער שווייצאַרישער האָדעוואָניק, געבליבען האַרטנעקיג. נור גאַרנישט. דאָס וואָלט נאָך געווען צו דערליידען. נור וואָס עס איז שוין באמת אונפאַרצייליך און קען ניט ענטשולדיגט ווערען מיט קיין שום אינטערעסאַנטער קראַנקהייט, איז דאָס וואָס אָט דער מיליאָנער וואָס איז ערשט ארויסגעקראָכען פון זיין פּראָפעסאָר’ס שטיוולעטען, האָט אפילו דאָס ניט געקענט פאַרשטעהן, אז ניט קיין נדבה און ניט קיין הילף בעט ביי איהם דער עדעלער יונגערמאַן, וועלכער מוטשעט זיך מיט אָפּגעבען לעקציעס, נור זיין רעכט און זיין חוב, כאָטש אפילו ניט קיין יורידישען און ער אליין בעט עס אפילו ניט, נור פאַר איהם כאַדאַטאַיסטוועווען זיינע פריינד. מיט א הערשענדען און צופרידענעם אויסזעהן פון דעם וואָס ער האָט געקראָגען די מעגליכקייט צו שטיקען מענשען מיט זיינע מיליאָנען, נעהמט אונזער אָפּשטאַמלינג ארויס א פופציג־רובעלדיגען פּאַפּירעל און שיקט עס אוועק דעם יונגען מענשען אין דער פאָרם פון א פרעכער נדבה. איהר גלויבט ניט מיינע העררן? איהר זייט אויפגעבראַכט, איהר פיהלט זיך באַלעדיגט, ביי אייך רייסט זיך ארויס א געשריי פון צאָרן: אָבער ער האָט עס דאָך געטאָן! ס’פאַרשטעהט זיך, אז די געלט האָט מען איהם תיכף

אומגעקעהרט, אזוי צו זאגען, א וואָרף געטאָן צוריק אין פּנים אריין. ווי אזוי זאָל מען די זאך ענטשיידען? די זאך איז ניט קיין יורידישע, בלייבט ניט מעהר ווי צו מאכען דאָס באַוואוסט! מיר געבען איבער דעם אנעקדאָט צום פּובליקום, געהמענדיג די פאראנטוואָרטליכקייט פון זיין ריכטיגקייט אויף אונז. מען זאָגט, אז איינער פון אונזער באַוואוסטסטע הומאָריסטען האָט זיך דערביי אויסגעשפּראָכען מיט אַן אויסגעצייכענטער עפּיגראַמע, וועלכע איז ווערטה צו פאַרנעהמען א פּלאַץ ניט נור אין די גובערנסקע נור אויך אין די זיטען־באַשרייבונגען פון אונזער הויפּט־שטאָט.

ליאָוואַ*) האָט אין שניידערס**) מאַנטעל
פינעף יאָהרען זיך געשפּילט;
און מיט געוועהנליך פּוסטע זאַכען,
גאַר זיין צייט דאָרט אָנגעפילט.

א היים געקומען אין שטיוועלטלאַך,
א מיליאָן ירושה דאָרט קריגט ער,
דאַוונען דאַווענט ער אין רוסיש
די סטודענטען באַגאַנוועט ער.

ווען קאַליא האָט געענדיגט האָט ער אמשנעלסטען איבערגעגעבען די צייטונג דעם פירשט, און ניט רעדענדיג קיין וואָרט, זיך א וואָרף געטאָן אין ווינקעל, ווייט זיך פאררוקט און פאַרדעקט דעם געזיכט מיט די הענט. ער האָט זיך אונערטרעגליך געשעהמט, זיין קינדעריי־שע איינדרוקספּולקייט וועלכע האָט נאָך ניט אוספּיעט געוואוינט ווע־רען צו בלאָטע איז געוועזן אויפגעבראַכט ביז גאָר. איהם האָט זיך געדוכט, אז עס איז פאָרגעקומען עפּעס אויסערגעוועהנליכעס. א זאך וואָס האָט אלץ מיט אמאָל רואינירט און אז ער אליין איז שיעור־שיעור ניט די אורזאכע דערפון. שוין מיט דעם אליין וואָס ער האָט פאַרגעלייענט אין דער הויך.

נור עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז אלע האָבען כמעט געפיהלט אויף דעם זעלבען אופן.

*) דער פארקלענערטער נאָמען פון דעם אָפּשטאַמלינג.
**) דער נאָמען פון שווייצאַרישען פּראָפעסאָר.

די מיידלאך האָבען זיך זעהר געשעהמט. ליזאוועטא פּראָקאָ־פיעוונא האָט איינגעהאַלטען אין זיך איהר גוואַלדיגען כעס, און האָט אפשר אויך ביטער חרטה געהאַט וואָס זי איז אריינגעקראָכען אין דעם; איצט האָט זי געשוויגען. מיט'ן פירשט האָט פּאַסירט דאָס וואָ סעס טרעפט גאַנץ אָפט מיט זעהר שעהמעוודיגע מענשען אין אַזעלכע פעלע: ער האָט זיך אויף אַזוי פיעל פאַרשעהמט פון א פרעמ־דער האנדלונג, ער האָט זיך אויף אַזוי פיעל פאַרשעהמט פאַר זיינע געסט, אז ער האָט אין דער ערשטער מינוט מורא געהאַט א קוק צו טאָן אויף זיי. פּטיצין, וואַריא, האַניא, אפילו לעבעדעוו — אַלע האָבען געהאַט א פאַרשעהמטען אויסזעהן. וואונדערליכער פון אַלץ איז דאָס, וואָס איפּאָליט און „פּאַוולישטשעוו'ס זון" זיינען אויך גע־ווען פון עפּעס ערשטוינט; לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק איז אויך קענטיג געווען אומצופרידען. בלויז נור דער „באָקסר" איז געזעסען, אין גאַנצען א רוהיגער, דרעהענדיג די וואָנסען מיט א וויכטיגען אויס־זעהן און אביסעלע ארונטערלאָזענדיג די אויגען. אָבער ניט פון שאַנ־דע, נור אין געגענטהייל. עס האָט זיך געדוכט, אז פון עדעלע באַ־שיידנהייט, און פון צופיעל קענטיגען טריאומף. עס איז קענטיג גע־ווען אז דער ארטיקעל איז איהם זעהר געפעהלען געוואָרען.

— דר טייוועל וויים וואָס דאָס איז, האָט א ברום געטאָן ניט גאר הויך איוואַן פיאָדאָראָוויטש — פונקט ווי פופציג לאַקייען צוזאַ־מען וואָלטען זיך צונויפגעזאַמעלט פאַרפאַסען — און זיי האָבען פאַר־פאַסט.

— ערלויבט מיר, גנעדיגער הער, אייך צו פרעגען, ווי אַזוי קענט איהר באַלעדיגען מיט אַזעלכע פאַראויסזעצונגען? האָט ערקלעהרט איפּאָליט און האָט אין גאַנצען געציטערט.

— דאָס איז, דאָס איז, דאָס איז פאַר אַן אעדלמאַן... גענעראַל, איהר דאַרפט מיט מיר אַליין איינשטימען, אז ווען עס איז אַן אדעל־מאַן איז דאָס שוין א באַלעדיגונג! האָט ארויסגעוואָרטשעט דער „באָקסער," וועלכער האָט זיך מיט אמאָל אויך א הויב געטאָן, דערביי דרעהענדיג די וואָנסען, און טרייסלענדיג מיט די אַקסלען און קער־פּער.

— ערשטענס, בין איך אייך ניט קיין „גנעדיגער הערר," און צווייטענס, בין איך אייך קיינע ערקלעהרונגען ניט גרייט צו געבען,

האָט שאַרף געענטפערט דער שרעקליך צוקאַכטער איוואַן פּיאָדאָראָ־וויטש, האָט זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ און ניט רעדנדיג קיין וואָרט, אַוועק צום אַרויסגאַנג פון טעראַסע, אויף דעם ערשטן טרעפּעל, מיט דער פּלייצע צום פּובליקום — אין גרויס צאָרן אויף ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ, וועלכע האָט אַפילו איצט נאָך ניט געטראַכט פון ריהרן זיך פון אָרט.

— מיינע העררן, מיינע העררן, ערלויבט מיר ענדליך, מיינע העררן, עפּעס צו זאָגן — האָט טרויערדיג און אויפגערעגט אויסגעשריען דער פירשט — און טוט א טובה, לאָמיר רעדן אַזוי, אַז מיר זאָלן איינער דעם צווייטן פאַרשטעהן. מיך אַרט ניט וועגן דעם גאַנצן אַרטיקעל, מילא; דאָס איז דאָך מיינע העררן אין גאַנצן ניט אמת, וואָס ס'איז געדרוקט אין אַרטיקעל; איך זאָג דאָס, צוליעב דעם, ווייל איהר ווייסט דאָך אַליין; ס'איז אַפילו א בזיון, אַזוי דאָס איך וואונדער זיך באמת אַז דאָס האָט עמיצער פון אייך עס אָנגעשריבן.

— ביז דער איצטיגער מינוט האָב איך גאָר ניט געוואוסט וועגן אַרטיקעל, האָט ערקלעהרט איפּאָליט — און איך באַרעכטיג ניט דעם דאָזיגן אַרטיקעל.

— און כאָטש איך האָב געוואוסט אַז ער איז אָנגעשריבן אָבער... איך האָב אויך ניט געראַטען מען זאָל עס דרוקן, ווייל ס'איז נאָך פריה, האָט צוגעגעבן לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק.

— איך האָב געוואוסט, נור איך האָב רעכט... איך... האָט אָנגעהויבן מורמלען „פּאַווּלישטשעוו'ס זון."

— ווי! איהר אַליין האָט עס אַלץ פאַרפאַסט. האָט געפרעגט דער פירשט מיט נייגעריגקייט קוקענדיג אויף בורדאָווסקי'ן — דאָס קען ניט זיין!

— מען קען פונדעסטוועגן ניט אָנערקענען אייער רעכט צו שטעלען אַזעלכע פראַגען. האָט זיך אַריינגעמישט לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק.

— איך האָב זיך דאָך בלויז פאַרוואונדערט, וואָס דעם הערר בורדאָווסקין האָט זיך איינגעגעבן... אָבער... איך וויל זאָגן, אַז ווען איהר האָט דעם ענין שוין איבערגעגעבן אין דער עפענטליכקייט, טאָ פאַר וואָס האָט איהר זיך פריהער אַזוי באַלעדיגט, ווען איך האָב

פאַר מיינע פריינד אַנגעהויבען רעדען טאַקע וועגען דעם זעלבען ענין?

— ענדליך! האָט אַרויסגעמורמעלט מיט כעס ליזאַוועטאַ פּראָ־קאָפּיעוונאַ.

— און פירשט, איהר האָט זיך ערלויבט צו פאַרגעסען, האָט זיך פּלוצלינג דורכגעגליטשט צווישען די שטוהלען לעבעדעוו, אַז אומגע־דולדיגער. כמעט אין פיבער. — איהר האָט זיך ערלויבט צו פאַרגע־סען, אַז בלויז נור אייער גוטער ווילען און אונפאַרגלייכליכע גוטס־קייט פון אייער האַרץ, איז געווען פאַר דעם, אַז איהר זאָלט זיי אויפ־נעהמען און אויסהערען און אַז זיי האָבען קיין שום רעכט ניט אַזוי צו פאָדערן און בפרט, ווען איהר האָט דעם ענין איבערגעגעבען צו גאַווריל אַרדאַליאָנאָוויטש, און דאָס האָט איהר אויך געהאַנדעלט אויס גרויס גוטסקייט, און אַז איצט אייער עקסעלענץ, קענט איהר ניט אָפּפערן אַזאַ קאָמפּאַניע פאַר די דאָזיגע הערען. און איהר האָט געקענט אָט די אַלע הערען, אַזוי צו זאָגען, טאַקע די מינוט אַראָפּפיהר־רען פון די טרעפּ. און אַזוי דאָס איך אַלס דער בעל־הבית פון הויז, וואָלט עס אפילו געטאָן מיט גרויס פאַרגעניגען...

— זעהר ריכטיג! האָט פּלוצלינג אַרויסגעדונערט פון מיטען צימער גענעראַל איוואָלגין.

— גענוג, לעבעדעוו, גענוג, גענוג, — האָט געווען אַנגעהויבען דער פירשט, נור אַ גאַנצער אויפרייס פון צאָרן האָט פאַרטומעלט זיינע ווערטער.

— ניין, ענטשולדיגט פירשט, ענטשולדיגט. איצט איז דאָס שוין ניט גענוג! האָט כמעט אַלעמען איבערגעשריען לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק, — איצט דאַרף מען די זאַך קלאָהר און זיכער פעסטשטע־לען, ווייל ווי עס ווייזט אויס פאַרשטעהן זיי ניט. דאָ האָבען זיך אַריינגעמישט יורידישע דרעהדלאַך און אויף דעם גרונד פון די דאָזיגע דריידלאַך, סטראַשעט מען אונז אַרונטערוואַרפען פון די טרעפּ! איז דען מעגליך פירשט, אַז איהר רעכענט אונז פאַר אַזעלכע נאַראָנים, דאָס מיר אַליין פאַרשטעהן ניט, אַז די זאַך איז ניט קיין יורידישע, און ווען מען זאָל עס נעהמען יורידיש, קענען מיר ביי אייך קיין איין רובעל אפילו לויט'ן געזעץ ניט פאָדערן? נור מיר פאַרשטעהן טאַקע, אַז ווען דאָ איז ניטאָ קיין יורידישע רעכט איז דערפאַר אָבער דאָ אַ מענש־ליכע רעכט, אַ נאַטירליכע, דאָס רעכט פון געזונטען שכל און די שטימע

פון געוויסען, און זאָל זיין אז די דאָזיגע רעכט אונזערע איז ניט פאַר־שריבען אין קיין שום צופוילטען מענשליכען געזעץ־בוך, אָבער אַז עדעלער און עהרליכער מענש, דאָס הייסט דאָס זעלבע וואָס א געזונט דענקענדער מענש דאַרף בלייבען אַז אָרגאַנטליכער מענש, אפילו אין די פונקטען, וועלכע זיינען ניט פאַרשריבען אין די געזעץ־ביכער, און דערפאַר זיינען מיר טאַקע געקומען אהער, ניט שרעקענדיג זיך, אַז מען וועט אונז ארונטערוואַרפען פון די טרעפּ. (ווי איהר האָט אָט ערשט געסטראַשעט.) דערפאַר נור ווייל מיר בעטען ניט נור פאַדערן און פאַר דער אונאַנשטענדיגקייט פון מאַכען א וויזיט אין אַזאַ שפּעטיגע שטונדע. (כאָטש מיר זיינען געקומען ניט שפּעט, נור איהר האָט אונז געצוואונגען צו וואַרטען). דערפאַר זאָג איך, זיי־נען מיר געקומען, ניט שרעקענדיג זיך פאַר גאָר נישט, ווייל מיר האָ־בען אייך אונבאַדינגט פאַרגעשטעלט אַלס א מענשען מיט א געזונטען פאַרשטאַנד, דאָס הייסט, מיט עהרע און געוויסען. אמת, דאָס איז ריכ־טיג, מיר זיינען אריין ניט הכנעה'דיג, ניט ווי אייערע לעקער און ניט מיט קיין בקשות נור מיט א פרייע און שטאָלצע פאָדערונג (איהר הערט׳ ניט מיט קיינע בקשות נור מיט פאָדערונגען, האַקט עס זיך אריין אין קאָפּ!) מיר שטעלען אייך מיט ווירדע אין אָפען די פראַגע: האַלט איהר זיך אין בורדאַווסקען ענין אַלס גערעכט אָדער ניט גערעכט? זייט איהר זיך מודה, אַז פּוואַליטשעוו האָט אייך געטאָן גוטס, און אפשר אויך גערעטעט פון טויט? אויב איהר גיט עס צו (וואָס דאָס איז אַזוי), טאָ זייט איהר גרייט, אָדער געפינט איהר פאַר גערעכט און גע־וויסענהאַפט, אין דער צייט, ווען איהר האָט אריינגעקראָגען א מיליאָן, צו באַדאַנקען אייך דעם נויטבאַדערפטיגען פּאַווליטשעוום זוהן? ווען אפילו ער טראָגט דעם נאָמען בורדאַווסקי? יע, אָדער ניין? אויב יע, דאָס הייסט, מיט אנדערע ווערטער, אויב איהר פאַרמאָגט, דאָס וואָס איהר רופט אָן אויף אייער לשון, עהרע און געוויסען און וואָס מיר באַצייכענען פּינקטליכער אַלס געזונטען פאַרשטאַנד, טאָ באַפרי־דיגט אונז און די זאַך וועט זיין ערלעדיגט. באַפרידיגט אָהן בקשות און אָהן דאַנקען פון אונזער זייט. ערוואַרטעט זיי ניט פון אונז, ווייל איהר טוט עס ניט פאַר אונז נור פאַר דער גערעכטיגקייט. אָבער ווען איהר וועט אונז ניט וועלען באַפרידיגען, דאָס הייסט, איהר וועט ענט־פערען: נ י י ן, דאַן געהען מיר גלייך אוועק און צו דער זאַך

נעמט אַן ענד. מיר זאָגען אייך אבער אין די אויגען פאַר אַלע עדות, אַז איהר זייט אַ מענש מיט אַ גראָבען פאַרשטאַנד און נידעריגע ענט־וויקלונג, אַז אַנרופען זיך אַ מענש מיט עהרע און געוויסען דאַרפט איהר ניט וואָגען און איהר האָט קיין רעכט ניט, אַז די דאָזיגע רעכט ווילט איהר קויפען פאַר זעהר ביליג. איך האָב געענדיגט. איך האָב די פראַגע אוועקגעשטעלט, טרייבט זשע אונז איצט פון די טרעפּ, ווען איהר האָט מוטה. איהר קענט עס טאָן, איהר האָט די מאַכט, נור געדענקט, אַז פונדעסטוועגען פאָדערן מיר אָבער בעטען ניט, פאָדערן און בעטען ניט!

לעבעדעוו׳ס פּלעמיאַניק וועלכער האָט זיך געוועזן זעהר צוהיצט האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— מיר פאָדערן, פאָדערן אָבער בעטען ניט! האָט געשטאַמעלט בורדאָווסקי און איז רויט געוואָרען ווי אַ קרעפּס.

נאָך די רעד פון לעבעדעוו׳ס פּלעמיאַניק האָט נאָכגעפאָלגט אַ געוויסע אַלגעמיינע אויפרודערונג, און עס האָט זיך אפילו אויפגעהויבען אַ געזידלעריי, כאָטש אפילו ס׳איז געוועזן קענטיג אַז אַלע אין דער גאַנצער געזעלשאַפט האָבען אויסגעמידען אריינמישען זיך אַ חוץ אפשר איין לעבעדעוו וועלכער האָט געברענט ווי אין אַ פיבער( אַ מאָדנע זאַך, לעבעדעוו וועלכער האָט, קענטיג, געהאַלטען מיט׳ן פירשט, האָט איצט נאָך די רעד פון זיין פּלעמיאַניק ווי געפיהלט עפּעס אַ פאַרגעניגען פון פאַמיליען־שטאָלץ; אַמווינציגסטען, האָט ער מיט אַ געוויסען באַזונדערן אויסזעהן פון פאַרגעניגען באַקוקט דאָס גאַנצע פּובליקום).

— לויט מיין מיינונג, האָט דער פירשט אָנגעהויבען זעהר שטיל — לויט מיין מיינונג, זייט איהר, הערר דאָקטאָרענקאָ, אין אַלץ וואָס איהר האָט ערשט געזאָגט אויף אַ העלפט אין גאַנצען גערעכט, איך שטים אפילו איין, אַז אויף דער גרעסטער העלפט, און איך וואָלט מיט אייך אין גאַנצען איינגעשטימט, ווען איהר לאָזט עפּעס ניט דורך אין אייערע ווערטער, וואָס באַשטימט איהר האָט דאָ דורכגעלאָזט, ביז איך ניט בכח און האָב ניט די מעגליכקייט אייך פּינקטליך אויסדריקען. אבער צוליב פולער גערעכטיגקייט, מוז איך זאָגען, אַז אין אייערע ווערטער פעהלט עפּעס. אבער לאָמיר זיך בעסער אומקעהרען צום ענין, מיינע העררן, זאָגט צוליב וואָס האָט איהר אָפּגעדרוקט דעם דאָ־

זיגען ארטיקעל? איהר ווייסט דאָך, אז יעדער וואָרט איז דאָרט א בלבול, אזוי דאָס איהר האָט, מיינע הערען, באַגאַנגען א שאַנד־טהאַט!

— ערלויבט אונז!

— גענעדיגער הערר!

— דאָס... דאָס... דאָס... — האָבען זיך מיט אמאָל ערהערט פון דער זייט פון די געסט.

— וועגען דעם ארטיקעל — האָט מיט א קוויטש אונטערגעכאַפּט איפּאָליט — וועגען דעם ארטיקעל האָב איך אייך דאָך שוין געזאָגט, אז איך און די אנדערע בארעכטיגען איהם ניט. אָנגעשריבען האָט איהם אָט דער (ער האָט אָנגעוויזען אויף דעם „באָקסער" וועלכער איז געזעסען לעבען איהם). ער האָט אָנגעשריבען ניט אנשטענדיג, איך שטים מיט אייך איין, האָט אָנגעשריבען אונגראמאטיקאַליש און מיט א לשון, מיט וועלכען עס שרייבען טאַקע אזעלכע אויסגעדינטע ווי ער. ער איז א נאַר און דערצו נאָך א הענדלער, איך שטים מיט אייך איין, איך זאָג עס איהם גלייך אין די אויגען, יעדען טאָג, נור פונדעסטוועגען איז ער אויף א העלפט געווען גערעכט: ברענגען פאַר דער עפענט־ליכקייט איז דאָס געזעצליכע רעכט פון יעדען איינעם, און עס פאַר־שטעהט זיך, אויך בורדאָווסקעס. און פאַר זיינע דומהייטען זאָל ער אליין זיין פאַראַנטוואָרטליך. און וואָס שייך דאָס, וואָס איך האָב אין נאָמען פון אלעמען, פריהער געפּראָטעסטירט וועגען די אנוועזענהייט פון אייער פריינד, רעכען איך פאַר נויטיג, מיינע גנעדיגע הערען, אייך צו ערקלעהרען, אז איך האָב געפּראָטעסטירט איינציג נור דערפאַר, כדי צו באַוואַוסט מאַכען אונזער רעכט. אבער אין אמת'ן, ווילען מיר דוקא, אז עס זאָלען זיין עדות. און פריהער נאָך ניט אריינקומענדיג צו אייך האָבען מיר אלע פיער אויף דעם איינגעשטימט. ווער אייער עדות זאָלען ניט זיין, כאָטש אפילו אייערע פריינד, נור אזוי ווי זיי קענען ניט ניט איינשטימען מיט בורדאָווסקי'ס רעכט (ווייל דאָס ליגט אויבען אויף, מאַטאַמאַטיש), איז אפילו נאָך בעסער וואָס די דאָזיגע עדות זיינען גראָד אייערע פריינד; עס וועט נאָך קענטיגער זיך ארויס־ציייגען די וואָרהייט.

— דאָס איז אמת, מיר האָבען אזוי איינגעשטימט, — האָט באַ־שטעטיגט לעבעדעווס פּלעמיאַניק.

— טאָ פאַר וואָס האָט פריהער גלייך ביי די ערשטע ווערטער

אויפגעהויבען אזא געשריי און טומעל, ווען איהר האָט פּונקט אַזוי געוואָלט! — האָט זיך געוואונדערט דער פירשט.

— און וועגען דעם אַרטיקעל, פירשט, האָט זיך אריינגעמישט דער „באָקסער", וועלכער האָט שרעקליך געוואָלט אריינזאָגען זיין וואָרט, און וועלכער איז לעבעדיגער געוואָרען מיט יעדער מינוט. (מען האָט געקענט חושד זיין, אז אויף איהם האָט וואָרשיינליך שטאַרק געווירקט די אנוועזענהייט פון די דאַמען), — וועגען דער אַרטיקעל, בין איך זיך מודה, אז איך בין טאַקע דער פאַרפאַסער, כאָטש מיין קרענקליכער פריינד, וועלכען איך בין צוליב זיין שוואַכקייט, געוואוינט צו פאַרצייהען, האָט איהם ערשט אַרונטערגעריסען. איך האָב איהם פערפאַסט און אָפּגעדרוקט אין דעם זשורנאַל פון מיין אמת'ן פריינד, אין דער פאָרם פון א קאָרעספּאָנדענץ. בלויז נור די ליעד איז ניט מיינע און זי בעלאַנגט טאַקע צו דער פעדער פון א באַוואוסטען הומאָריסט. בורדאָווסקי'ן האָב איך זי בלויז דורכגעלייענט, און אויך ניט אינגאַנצען און איך האָב גלייך פון איהם געקראָגען א צושטימונג צו דרוקען. אבער איהר דאַרפט דאָך פאַרשטעהן, אז איך האָב געקענט עס דרוקען אָהן זיין איינשטימונג אויך. אַרויס אין דער עפענטליכקייט, איז אַן אַלגעמיינע אַרענטליכע און וואָהלטעטיגע רעכט. איך וויל האָפען, אז איהר, פירשט, אַליין, זייט אויף אַזוי פיעל פּראָגרעסיוו, אז איהר וועט דאָס ניט אָנהויבען אָפּלייקענען...

— איך וועל גאָרנישט אָנהויבען אָפּצולייקענען, אבער איהר וועט דאָך מיט מיר איינשטימען, אז אייער אַרטיקעל...

— איהר ווילט זאָגען, גראָב? נור דאָ איז אַזוי צו זאָגען, א טובה פאַר דער געזעלשאַפט. שטימט אַליין צו, און ענדליך, קאָן מען דען אַרויסלאָזען פון האַנט אַזא אַן אַרויסרופענדען פאַל? אַלץ ערגער פאַר די שולדיגע, אָבער די טובה פון דער געזעלשאַפט קומט פריהער פון אַלץ, און וואָס שייך, אייניגע אונפּינקטליכקייטען, אַזוי צו זאָגען, פאַרגרעסערונגען, טאָ וועט איהר דאָך מיט מיר איינשטימען, אין דעם, אז פריהער פון אַלץ איז וויכטיג די איניציאַטיווע, פריהער פון אַלץ קומט דער צוועק, און ציעל, וויכטיג איז דער וואָהלטעטיגער ביישפּיעל און ערשט דערנאָכדעם וועלען מיר פאַנאַנדערקלייבען די באַזונדערע פעלע, און צום סוף, איז דאָס אַזא סטיל, דאָ איז אַזוי צו

זאָגען א הומאָריסטישע אויפגאבע און ענדליך — שרייבען אלע אזוי — איהר וועט אליין איינשטימען! כא, כא, כא!

— דאָס איז זעהר א פאלשער וועג! איך פאַרזיכער אייך מיינע הערען — האָט אויסגערופען דער פירשט — איהר האָט אָפּגעדרוקט אַן ארטיקעל מיט דער פאראויסזעצונג, אז איך וועל בשום אופן ניט באפרידיגען דעם הערר בורדאָווסקי און דאָס הייסט, מיך דערפאר אָנ־צושרעקען און מיט עפּעס זיך נוקם זיין, נור פון וואנען האָט איהר גע־וואוסט? אפשר האָב איך באשלאָסען צו באפרידיגען דעם הערר בורדאָווסקי? איך זאָג אייך אָפען, פאר אלעמען ערקלעהר איך איצט, אז איך וועל באפרידיגען...

— אָט איז ענדליך א קלוגער און עהרליכער וואָרט פון א קלוגען און עהרליכען מענשען! — האָט אויסגערופען דער „באָקסער".

— גאָט מיינער! — האָט זיך ארויסגעריסען ביי ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא — דאָס איז אונערטרעגליך! — האָט א מורמעל גע־טאָן דער גענעראל.

— ערלויבט זשע מיינע הערען, ערלויבט, איך וועל אייך די זאך קלאָהר מאכען, — האָט זיך געבעטען דער פירשט. — מיט א פינף וואכען צוריק הערר בורדאָווסקי, איז צו מיר אין ז. געקומען אייער א באפאָלעמעכטיגטער און כאָדאָטאָי, הערר טשעבאראָוו. איהר האָט איהם זעהר פיין באשריבען, הערר קעלער, אין אייער אַרטיקעל, — האָט זיך דער פירשט פּלוצלונג לאכענדיג געווענדט צום „באָקסער" — אבער מיר איז ער גאָר ניט געפעהלען געוואָרען, איך האָב בלויז פון דעם ערשטען מאָהל פאַרשטאנען, אז אין דעם טשעבאראָוו ליגט עס דער גאנצער עניז, אז עס קאָן געבען, אז ער האָט עס אייך, ווען מען זאָל רעדען אָפען, הערר בורדאָווסקי, באנוצענדיג זיך מיט אייער פּראָסטקייט, אנגעלערנט צו אָנהויבען דאָס אלעס.

— דאָס האָט איהר קיין רעכט ניט... איך בין ניט קיין פּראָסט־טער... דאָ איז... — האָט בורדאָווסקי געשטאמעלט אן אויפגערעג־טער.

— איהר האָט קיינע רעכטע ניט צו מאכען אזעלכע באהויפּטונ־גען, — האָט באלעהרענד זיך אָנגענומען זיין פריינדס קריוודע לע־בעדעוו'ס פּלעמיאניק.

— דאָס איז די גרעסטע באליידיגונג! — האָט זיך צוכריפּעט

איפּאַליט — די באַהויפּטונג איז אַ באַליידיגענדע און האָט ניט וואָס צו טאָן מיט דעם ענין.

— איך בין שולדיג, מיינע העררן, שולדיג, — האָט איילענדיג זיך ענטשולדיגט דער פירשט — איך בעט אייך, ענטשולדיגט; דאָס איז דערפאַר, ווייל איך האָב געדענקט, אפשר איז בעסער אַז מיר זאָלען זיין גאַנץ אָפּענהערציג איינער מיט'ן צווייטען. נור דאָס איז אייער ווילען, ווי איהר ווילט. איך האָב טשעבאַרעוו'ן געזאָגט, אַז אַזוי ווי איך געפין זיך ניט אין פּעטערבורג, וויל איך גלייך באַפאָלמעכטיגען אַ פריינד צו פאַרהאַנדלען דעם ענין, און אייך, הערר בורדאָווסקי, וועל איך דערפון לאָזען וויסען. איך וועל אייך גלייך זאָגען, מיינע העררן, אַז מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די גאַנצע זאַך איז אַ שווינדלערישע און הויפּטזעכליך דערפאַר ווייל דאָ איז געווען פאַרמישט טשעבאַראוו... אַך, באַליידיגט זיך ניט מיינע הערן! — האָט מיט שרעק אויסגערופען דער פירשט, דערזעהענדיג ווידער די באַליידיגענדע מינע פון בורדאָווסקי'ן און די אויפרעגונג פון דעם פּראָטעסט פון זיינע פריינד — דאָס האָט מיט אייך פּערזענליך ניט וואָס צו טאָן, ווען איך זאָג, אַז איך האָב געהאַלטען די גאַנצע זאַך אַלס אַ שווינדעל! איך האָב דאַך אייך קיינעם פּערזענליך דאַן ניט געקאַנט, און אייערע פאַמיליעס ניט געוואוסט, איך האָב געאורטהיילט בלויז נאָך דעם איין טשעבאַראוו. איך זאָג עס אין אַלגעמיין, ווייל... ווען איהר וואָלט געוואוסט, ווי שרעקליך מען האָט מיך ביז איצט גענאַרט, ווען איך האָב געקראָגען די ירושה!

— פירשט, איהר זייט שרעקליך נאַאיוו, — האָט שפּאָטיש באַמערקט לעבערעווס פּלעמיאַניק.

— און דערביי — אַ פירשט און אַ מיליאָנער! ביי אייער, קען געבען, אויף אַז אמת'ן גוטען און פּראָסטאָוואַטען האַרצען, קענט איהר פונדעסטוועגען, זיכער זיך ניט באַפרייען פון דעם אַלגעמיינעם געזעץ, — האָט אַרויסגעלאָזט איפּאַליט.

— ס'קען געבען, ס'קען זעהר געבען, מיינע העררן, — האָט זיך געאיילט דער פירשט — כאָטש איך פאַרשטעה גיט וועגען וועלכען אַלגעמיינעם געזעץ איהר רעדט דאָס, נור איך זעץ פאָרט. באַליידיגט זיך נור ניט פאַר נאַרנישט; איך שווער זיך, אַז איך האָב גיט דעם קלענסטען חשק אייך צו באַליידיגען און וואָס איז דאָס אויף אַן אמת'ן

מיינע הערדן, מען קען קיין איין אָפּען־האַרציגען וואָרט ניט זאָגען, באַלד באַליידיגט איהר זיך! נור ערשטענס האָט מיך שרעקליך ער־שטוינט, אַז עס עקזיסטירט „פּאַווליטשעווס אַ זוהן" און ער עקזיס־טירט אין אַזאַ שרעקליכער לאַגע, ווי עס האָט מיר ערקלעהרט טשע־באַראָוו, פּאַווליטשעוו מיין וואָהלטעטער און דער פריינד פון מיין פאָטער (אַך, פאַר וואָס האָט איהר, הערר קעלער, אָנגעשריבען אין אייער אַרטיקעל אַזאַ ניט אמת וועגען מיין פאָטער? קיין פאַרשווענ־דונג פון אַ ראָטנער סומע און קיינע באַשולדיגונגען פון אונטערטהע־ניגע איז ניט געווען — אין דעם בין איך זיכער איבערצייגט און ווי האָט זיך ביי אייך די האַנט אויפגעהויבען צו שרייבען אַזאַ רכילות?). און דאָס וואָס איהר האָט אָנגעשריבען וועגען פּאַווליטשעוו, דאָס איז שוין אין גאַנצען אונערטרעגליך איהר רופט אַן אָט דעם אָרענטליכס־טען מענשען אַלס נואף און לייכטזיניגען, אַזוי געוואַגט, אַזוי זיכער, אַזוי ווי איהר וואָלט טאַקע אין אמת'ן געזאָגט די וואָרהייט, און דאַך איז דאָס געווען דער סאַמע ריינער מענש, וועלכער האָט נור אַמאָל געלעבט אויף דער וועלט! ער איז אַפּילו געווען אַן אויסגעצייכענטער געלעהרטער: ער האָט געפיהרט קאָרעספּאָנדענצען מיט אַסך געאַכ־טעטע מענשען פון דער וויסענשאַפט און ער האָט אויסגעגעבען פיעל געלט צו שטיצען די וויסענשאַפט. און וואָס ס'איז שייך זיין האַרץ און זייער גוטע מעשים, האָט איהר זיכער ריכטיג אָנגעשריבען, אַז איך בין דאַן שיעור ניט געווען קיין אידיאָט און איך האָב גאָרנישט ניט געקענט פאַרשטעהן (כאָטש רוסיש האָב איך פונדעסטוועגען גערעדט און געקענט פאַרשטעהן), נור איך האָב דאַך פונדעסטוועגען געקענט אָפּשעצען אַלעס דאָס וואָס איך פאַרשטעה איצטער...

— ערלויבט, — האָט אַרויסגעקרעכצט איפּאַליט — וועט עס ניט זיין צופיעל געפיהלפולעס? מיר זיינען ניט קיין קינדער. איהר האָט געוואָלט צוטרעטען גלייך צום ענין, ס'איז שוין צעהן אַזייגער, גע־דענקט עס.

— ערלויבט מיר, ערלויבט מיינע הערדן, — האָט תיכף צור־געשטימט דער פירשט — נאָך דער ערשטער אונצוטרוילליכקייט, האָב איך באַשלאָסען, אַז איך קען מאַכען אַ טעות, און אַז פּאַווליטשעוו האָט טאַקע געקענט האָבען אַ זוהן. נור מיר האָט שרעקליך ערשטוינט, וואָס דער דאָזיגער זוהן גיט אַזוי לייכט, דאָס הייסט. איך וויל זאָגען,

אזוי אַפֿען ארויס דעם סוד פֿון זיין געבורט, און דערהויפּט, ער מאַכט צו שאַנדע זיין מוטער. ווייל טשעבאַראוו האָט מיך שוין דאָן געשראַ־קען מיט דער עפֿענטליכקייט...

— וואָס פֿאַר א דומהייט! — האָט זיך צושריען לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק.

— איהר האָט ניט קיין רעכט... האָט ניט קיין רעכט! — האָט אויסגעשריען בורדאָווסקי.

— א זון איז ניט פֿאַראַנטוואָרטליך פֿאַר א הולטאַיסקע האַנד־לונג פֿון זיין פֿאָטער, און די מוטער איז ניט שולדיג, — האָט ארויס־געקרעכצט איפּאָליט.

— דאָן, דוכט זיך מיר, האָט מען טאַקע נאָך מעהר געדאַרפֿט שוינען... — האָט ציטערדיג געזאָגט דער פֿירשט.

— איהר פֿירשט, זייט ניט נור נאַאיוו, נור איהר זייט נאָך אפשר אוועק אביסעלע ווייטער, — האָט בייז א שמייכעל געטאָן לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק.

— און וואָס פֿאַר א רעכט האָט איהר געהאַט? — האָט זיך צו־כריפּעט אויף די סאַמע הויכע טענער איפּאָליט.

— קיין רעכט, קיין רעכט! — האָט איילענדיג איבערגעשלאָ־גען דער פֿירשט — אין דעריין האָט איהר רעכט, איך ביין זיך מודה, נור דאָס איז געוועזען ניט מיין שולד, און איך האָב גלייך זיך, נאָך דאָן געזאָגט, אז מיינע פּערזענליכע געפֿיהלען טאָרען ניט האָבען קיין איינפֿלוס אויף דער זאַך, ווייל ווען איך אַנערקען זיך אליין, פֿער־פּליכטעט צו באַפֿרידיגען די פֿאָדערונגען פֿון הערר בורדאָווסקי, איז אַלע פֿעלע, דאָס הייסט: אכטע איך יע אָדער אכטע איך ניט דעם הערר בורדאָווסקי. איך האָב, מיינע העררן, בלויז אַנגעהויבעןריידען וועגען דעם, ווייל מיר האָט זיך פֿונדעסטוועגען אויסגעוויזען אוננאַ־טירליך, וואָס א זוהן זאָל אזוי אַפֿען ענטדעקען דעם סוד פֿון זיין מו־טער... מיט איין וואָרט, איך האָב טאַקע דערפֿאַר הויפּטזעכליך זיך אי־בערצייגט, אז טשעבאַראָוו מוז זיין אַן אונווירדיגער און ער אליין האָט עס אַנגערעדט דעם הערר בורדאָווסקי, מיט פֿאַלשקייט, צו באַגעהן אזא שווינדעל.

— אָבער דאָס איז דאָך שוין אונערטרעגליך! — האָט זיך דער־

הערט פון דער זייט פון זיינע געסט, פון וועלכע אייניגע זיינען שוין אפילו אויפגעשפרונגען פון די שטוהלען.

— מיינע הערדן! איך האָב טאקע דערפאר באשלאָסען, אז דער אומגליקליכער הערר בורדאָווסקי מוז זיין א מענש א פּראָסטער, אן אונבאשיצטער, א מענש וועלכער פאלט שנעל ארונטער, אונטער דעם איינפלוס פון שווינדלער, און דערפאר בין איך נאָך מעהר פארפליכ־טעט איהם צו העלפען, ווי „פּאוולישטשעוום א זוהן“, ערשטענס, אום זיך אנטקעגענשטעלען דעם הערר טשעבאראוו, צווייטענס, מיט מיין איבערגעבענהייט און פריינדשאפט, איהם ווערען א וועג־ווייזער, און דריטענס, האָב איך באשטימט איהם צו געבען צעהן טויזענד רובעל דאָס הייסט, דאָס אלעס, וואָס לויט מיין חשבון האט פּאוולישטשעוו אויף מיר געקענט אויסגעבען אין געלט...

— ווי! בלויז צעהן טויזענד! — האָט א געשריי געטאָן איפּ־פאליט.

— נו, פירשט, איהר זייט זעהר א שוואכער בעל־חשבון, אָדער פאַרקעהרט, איהר זייט שוין א צו שטארקער, כאָטש איהר מאכט זיך פאר א נעבעך. — האָט אויסגעשריען לעבעדעוו'ס פּלעמיאניק.

— אויף צעהן טויזענד שטים איך ניט איין! — האָט געזאָגט בורדאָווסקי.

— אנטיפּ! שטום איין! — האָט מיט א שנעלען און קלאָה־רען שעפּטשען אונטערגעזאָגט דער „באָקסער“, איבערבייגענדיג זיך אהינטער, איבער איפּאליטס אַנלעהן פון שטוהל. — שטים איין און דערנאָך וועלען מיר ווייטער זעהן!

— הערט אויס הערר מישקין — האָט געכריפּעט איפּאליט — איהר פארשטעהט דאָך, אז מיר זיינען ניט קיין נאראָנים, ווי עס דענקען אודאי וועגען אונז אלע אייערע געסט, און די דאמען, וועלכע שמייכלען מיט אזא צארן, און דערהויפּט אָט דער דאָזיגער גרויס־וועלטליכער הערר (ער האָט אָנגעצייגט אויף עווגעני פּאוולאָוויטש) וועלכען איך האָב זעלבסטפארשטענדליך, ניט די עהרע צו קענען, נור וועגען וועמען מיר דוכט זיך, איך האָב עפּעס וואָס געהערט...

— ערלויבט מיר, ערלויבט מיר מיינע הערדן, איהר האָט מיך ווידער ניט פארשטאַנען! — האָט זיך אין אויפרעגונג געווענדט צו זיי דער פירשט — ערשטענס, האָט איהר הערר קעלער, אין אייער

אַרטיקעל ניט פּינקטליך אָפּגעשאַצט מיין פאַרמעגען: קיינע מיליאָנען האָב איך ניט געקראָגען. אפשר בלויז אַן אכט־חלק אָדער אַ צעהנט־חלק פון וואָס איהר שאַצט מיך. צווייטענס, קיינע צעהנדליגע טויזענ־דער זיינען אויף מיר אין דער שווייץ ניט אויסגעגעבען געוואָרען; שניידער האָט געקראָגען צו זעקס הונדערט רובעל אַ יאָהר, און דאָס אויך בלויז אין די ערשטע דריי יאָהר. און נאָך שהנינקע גאָווערנאַנט־קעס איז פּאַוולישטשעוו קיינמאָהל אין פּאַריז ניט געפאָהרען; דאָס איז ווידער אַ בלבול. לויט מיין חשבון, האָט מען אויף מיר אַסך ווייניגער ווי צעהן טויזענד אויסגעגעבען, אָבער איך האָב באַשטימט צעהן טויזענד. און איהר דאַרפט אַליין איינשטימען, אַז אָפּגעבענדיג אַ חוב, האָב איך אויף קיין אופן ניט געקענט פאַרלעגען דעם הערר ביר־דאַווסקען מעהר, אפילו ווען איך וואָלט איהם שרעקליך ליעב געהאַט, און איך האָב דאָס ניט געקענט שוין צוליב דעם געפיהל פון ערעל־קייט בלויז, און טאַקע דערפאַר, ווייל איך האָב איהם אָפּגעגעבען אַ חוב און ניט געשיקט איהם קיין נדבה — איך ווייס ניט, מיינע הערען, ווי אַזוי איהר פאַרשטעהט עס ניט! נור איך האָב דאָס אַלץ געוואָלט פאַרבעסערען דערנאָך מיט מיין פריינדשאַפט, מיט מיין נעהמען אַ טהעטיגען אַנטהייל אין דעם גורל פון דעם אומגליקליכען הערר בורדאָווסקי, וועלכער איז קענטיג אַן אָפּגענאַרטער, ווייל ער האָט דאָך אַליין אָהן אַ נאַרעריי ניט געקענט איינשטימען אויף אַזאַ נידעריגקייט, ווי צום ביישפּיל, אָט די היינטיגע פאַרעפענטליכונג פון דעם אַרטיקעל פון הערר קעלער וועגען זיין מוטער... און וואָס ווערט איהר שוין ווידער אויפגעבראַכט, מיינע הערען! אויף אַזאַ אופן וועלען מיר דאָך קיינמאָהל זיך ניט צוזאַמענרעדען! עס קומט נאָך אַלע־מען אויס ווי איך האָב געזאָגט! איך האָב זיך איצטער מיט מיינע אייגענע אויגען איבערצייגט, אַז מיין פאַראויסזעהונג איז געוועזן אַ ריכטיגע, — האָט געפּרובט איבערצייגען דער צוהיצטער פירשט, ווע־לענדיג איינשטילען די אויפרעגונג און ניט באַמערקענדיג, אַז ער פאַרגרעסערט עס בלויז.

— וואָס? אין וואָס האָט איהר זיך איבערצייגט? — איז מען אויף איהם אַרויפגעפאַלען שיעור ניט מיט רציחה.

— אָבער איך בעט אייך, ערשטענס, האָב איך אַליין אויספּעיעט גוט צו באַטראַכטען דעם הערר בורדאָווסקי, איך זעה דאָך איצט אַליין

ווער ער איז... דאָס איז אַ מענש אָן אומשולדיגער, נור ווען אַלע נאַרען! אַ מענש אָן אונבאַשיצטער... און דערום דאַרף איך איהם שוי־נען. און צווייטענס, האָט גאַווריליאַ אַרדאַליאָנאָוויטש — ווען איך האָב איבערגעבען דעם עניַן, און פון וועלכען איך האָב שוין לאַנג ניט ערהאַלטען קיין נאַכריכט, דערפאַר, ווייל איך בין געוועזען אין וועג, און דערנאָך דריי טאָג קראַנק אין פּעטערבורג. — פּלוצלינג, אַט ערשט מיט אַ שטונדע צוריק, ביי אונזער ערשטען זעהן זיך, מיך געלאָזט ווי־סען, אַז די באַצוועקונגען פון טשעבאַראָוו האָט ער אַלע גוט אויס־געפאָרשט. האָט באַווייזע, און אַז טשעבאַרעוו איז טאַקע דאָס, וואָס איך האָב אין איהם פאַראויסגעזעהן. איך וויים דאָך, מיינע הערען, אַז מיך רעכענען פיעלע פאַר אַן אידיאָט, און טשעבאַראָוו האָט צוליב דער רעפּוטאַציע, אַז איך גיב געלט זעהר לייכט, געדענקט אַז מען קען מיך זעהר לייכט אָפּנאַרען. און טאַקע באַשטימט זיך שטיצענדיג אויף מיי־נע געפיהלען צו פּאַווליטשעוו. נור די הויפּט־זאַך איז דאָס — אַבער הערט מיך אויס מיינע הערען, לאָזט מיך ענדיגען! — די הויפּט־זאַך איז דאָס, אַז איצט ווייזט זיך מיט אַמאָל אַרויס, אַז דער הערר בור־דאָווסקי איז גאָר ניט פּאַווליטשעווס זוהן! אַט ערשט האָט מיר גאַוור־ריליאַ אַרדאַליאָנאָוויטש געלאָזט וויסען און פאַרזיכערט, אַז ער האָט געקראָגען זיכערע באַווייזע. נו, ווי דוכט זיך עס אייך אויס, מען קען דאָך איינפאַך דאָס ניט גלויבען נאָך דעם אַלעמען וואָס איהר האָט שוין אָפּגעטאָן! און הערט מיך אויס: טאַקע זיכערע באַווייזע! איך גלויב נאָך ניט! איך אַליין גלויב ניט, איך פאַרזיכער אייך עס; איך צווייפעל נאָך, ווייל גאַווריליאַ אַרדאַליאָנאָוויטש האָט נאָך ניט געהאַט קיין צייט מיר צו דערצעהלען אַלע איינצעלהייטען, נור אַז טשעבאַ־רעוו איז אַ נידעריגער מענש, אין דערין איז שוין איצט ניטאָ קיין שום צווייפעל! ער האָט דעם אומגליקליכען הערר בורדאָווסקי און אייך אַלעמען, מיינע הערען, וועלכע זיינען אויס פיינקייט געקומען אַרויסהעלפען אייער פריינד. (ווייל ווי עס ווייזט אויס, נויטיגט ער זיך אין הילף, דאָס פאַרשטעה איך דאָך זעהר גוט!). אָפּגענאַרט, אייך אַלעמען פאַרדרעהט אין אַ שווינדלערישען פאַל, ווייל אין אמת גענומען, איז דאָס אַ באַטריגערישער שווינדעל.

— וואָס? אַ שווינדעל! אַזוי! ער איז ניט „פּאַווליטשעווס זוהן?“ ווי איז דאָס מעגליך! — האָבען זיך געלאָזט הערען אויס־

רופען. בורדאַווסקיס גאַנצע חברה איז געווען אין אַ שרעקליכער צו־מישונג.

— יע, עס פאַרשטעהט זיך, אַז אַ שווינדעל! ווייל ווען עס וועט זיך איצט אַרויסווייזען אַז דער הערר בורדאָווסקי איז ניט „פּאַוולי־טשעוו׳ס זוהן," דאַן קומט דאָך אין אַזאַ פאַל אויס, אַז די גאַנצע פאָ־דערונג פון דעם הערר בורדאַווסקי איז אַ שווינדעל. (דאָס הייסט, עס פאַרשטעהט זיך, ווען ער וואָלט געוואוסט דעם אמת). אָבער דאָס איז דאָך די גאַנצע זאַך, וואָס מען האָט איהם אָפּגענאַרט, דערום באַשטעה איך דאָך, אַז מען זאָל איהם רעכטפאַרטיגען; דערפאַר זאָג איך דאָך טאַקע, אַז מען דאַרף אויף איהם האָבען מיטלייד, פאַר זיין פּראָסט־קייט, און ער קען ניט בלייבען אָהן שטיצע; ווייל אויב ניט אַזוי, וועט ער דאָך אויך אַרויסקומען פון דעם ענין אַלס שווינדלער. און איך בין דאָך אַליין איבערצייגט, אַז ער פאַרשטעהט גאָר נישט! איך, איך אַליין בין געווען אין אַזאַ לאַגע איידער איך בין אָפּגעפאָהרען אין דער שווייץ — איך האָב אויך געפלוידערט אונפאַרשטענדליכע ווערטער — עס האָט זיך געוואָלט אויסדריקען עפּעס און עס האָט זיך ניט געקאָנט... איך פאַרשטעה עס; איך קען זעהר גוט מיטפיהלען, ווייל איך אַליין בין אויך כמעט אַזאַ, איז מיר ערלויבט צו רעדען! און ענדליך, איך וועל פאָרט — ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איצט איז שוין „פּאַוולישטשעוו׳ס זוהן" ניטאָ, און דאָס אַלעס איז אַ פעלשונג — ניט ענדערען מיין באַשלוס און איך בין גרייט אומקעהרען צעהן טויזענט אַלס אַנדענקונג נאָך פּאַוולישטשעוו. איידער נאָך דער הערר בורדאַווסקי האָט זיך באַוויזען האָב איך שוין געוואָלט די דאָזיגע צעהן טויזענד באַנוצען אויף אַ שוהלע צום אַנדענקען פון פּאַוולישטשעוו. אָבער איצט וועט עס זיין פּונקט אַזוי גוט וואָס אויף אַ שוהלע, און וואָס אויפ׳ן הערר בורדאַווסקי, ווייל אויב דער הערר בורדאַווסקי איז טאַקע ניט „פּאַוולישטשעוו׳ס זוהן" איז ער כמעט ווי „פּאַוולישטשעוו׳ס זוהן"! הערט זשע אויס, מיינע העררן, גאַווריל אַרדאַליאָנאָוויטש לאָמיר עס ענדיגען, כעס׳ט זיך ניט, זעצט זיך! גאַווריל אַרדאַליאָנאָ־וויטש וועט אונז באַלד אַלץ ערקלעהרען און איך בין זיך מודה, אַז איך אַליין בין איך זעהר שטאַרק נייגעריג דערוויסען זיך אַלע איינ־צעלהייטען. ער זאָגט, אַז ער איז אַזש געפאָהרען קיין פּסקאָוו, צו אייער מוטער, הערר בורדאַווסקי, צו אייער מוטער, וועלכע איז גאָר

ניט געשטאָרבען ווי מען האָט אייך געצוואונגען אָנצושרייבען אין דעם אַרטיקעל... זעצט זיך מיינע הערן, זעצט זיך!

דער פירשט האָט זיך געזעצט און ער האָט אויפּעיעט ווידער אוועקצוזעצען בורדאָווסקיס חברה וואָס איז ווידער אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ. אין די לעצטע צעהן אָדער צוואַנציג מינוט האָט ער גע־רעדט, אַ צוהיצטער, הויך, מיט אומגעדולדיגער שנעלקייט, מיט הינ־רייסונג, מיהענדיג זיך אַלעמען איבערערעדען, איבערשרייען, און עס איז איהם זיכער, דערנאָך אויסגעקומען ביטער חרטה צו האָבען אויף אייניגע ווערטער און מיינונגען וועלכע האָבען זיך ביי איהם ארויס־געריסען. ווען מען וואָלט איהם ניט צוהיצט און שיעור ניט ארויסגע־בראַכט פון זיך — וואָלט ער זיך ניט ערלויבט אַזוי נאַקעט און איי־לענדיג ארויסצוזאָגען אויפ'ן קול אייניגע פון זיינע באַהויפּטונגען און זיין אַזוי אָפּענהערציג. נור תיכף ווי ער האָט זיך געזעצט אויפ'ן פּלאַץ, האָט אַ ברענענדע חרטה ביז וועהטאָג, דורכגעבראָכט זיין האַרץ: אויסער דעם, וואָס ער האָט „באַליידיגט" בורדאָווסקין אַזוי אָפען איהם אָנבינדענדיג די זעלבע קראַנקהייט, פון וועלכער ער אַליין האָט זיך געקורירט אין שווייצאַריען — אויסער דעם, איז דער פאָר־שלאַג פון געבען די צעהן טויזענט, אַנשטאַט פאַר דער שוהלע, געמאַכט געוואָרען לויט זיין מיינונג גראָב, און אונפּאַרזיכטיג, ווי אַ נדבה, און איבערהויפּט, דערפאַר וואָס עס איז געמאַכט געוואָרען פאַר די אויגען פון אַלעמען. „מען האָט געדאַרפט אָפּוואַרטען און פאָרלעגען מאָר־גען אויג אויף אויג, — האָט תיכף דער פירשט אַ טראַכט געטאָן — און איצט קען מען שוין גאָר ניט פאַרריכטען! יע, איך בין אַן אי־דיאָט, אַן אמת'ער אידיאָט!" האָט ער באַשטימט פאַר זיך אין אַן אָנפאַל פון צאָרן און שרעקליכע ערגערניש.

דערוויילע האָט גאַווריל״לאַ אַרדאַליאָנאָוויטש, וועלכער האָט זיך ביז איצט געהאַלטען אַן אַ זייט און עקשנות'דיג געשוויגען, ארויס־געטראָטען פאָראויס לויט דער איינלאַדונג פון פירשט, זיך געשטעלט לעבען איהם, און רוהיג און קלאָהר זיך גענומען אָפּגעבען אַ רעכע־נונג פון דעם עניין, וואָס דער פירשט האָט איהם איבערגעגעבען. אַלע געשפּרעכען זיינען אויגענבליקליך אַנטשוויגען געוואָרען. אַלע האָבען געהערט מיט גרויס נייגעריגקייט, דערהויפּט בורדאָווסקיס גאַנצע קאָמפּאַניע.

## ניינטער קאַפּיטעל.

— איהר וועט דאָך זיכער ניט אָנהויבען אַפּלייקענען, — האָט אנגעהויבען גאווריליא ארדאליאָנאָוויטש, זיך ווענדענדיג גלייך צו בור־דאָווסקי, וועלכער האָט איהם זעהר שטארק אויסגעהערט, און וועל־כער האָט פון פארוואונדערונג אויסגעגלאָצט אויף איהם די אויגען און וועלכער איז, ווי ס'ווייזט אויס, געווען שטארק צורודערט — איהר וועט זיכער ניט אָנהויבען, און אויך ניט וועלען ערנסט אַפּלייקענען, אז איהר זייט געבוירען געוואָרען, פונקט צוויי יאָהר נאָך אייער מוטערס געזעצליכער הייראטה מיט'ן קאָללעזשסקען אסעסאָר הערר בורדאָווס־קי, דעם פאטער אייערן. די צייט פון אייער געבורט איז זעהר לייכט צו באווייזען מיט פאקטען, אזוי דאָס עס איז זעהר באליידיגענד פאר אייך און פאר אייער מוטער. און דאָס צודרעהונג פון דעם דאָזיגען פאקט אין דעם אַרטיקעל פון דעם הערר קעלער, קען מען ערקלעהרען בלויז מיט דער שפּילעוודיגקייט פון דער פאנטאזיע פון דעם הערר קעלער, וועלכער האָט דערמיט געוואָלט פארשטארקען די זיכערקייט פון אייער רעכט און דערמיט קומען צו הילף אייערע אינטערעסען. דער הערר קעלער זאָגט, אז ער האָט, איידער ער האָט אָפּגעגעבען צום דרוק איבערגעלעזען פאר אייך דעם אַרטיקעל, כאָטש ניט דעם גאנצען... אָהן קיין צווייפעל... אז ער האָט אייך ניט דערלעזען ביז דעם דאָ־זיגען פּלאַץ...

— ניט דערלעזען, אמת, — האָט איבערגעשלאָגען דער „באָק־סער" — נור די אַלע פאקטען זיינען מיר געווען צוגעשטעלט פון אַן אנגעזעהנער פּערזענליכקייט און איך...

— ענטשולדיגט, הערר קעלער, — האָט איהם אָפּגעשטעלט גאוו־ריליא ארדאליאָנאָויוויטש — ערלויבט מיר צו רעדען. איך פארזיכער אייך, אז צו אייער אַרטיקעל וועל איך צוקומען אין זיין רייה, דאַן וועט איהר אויך מאַכען אייער ערקלעהרונג, און איצט לאָמיר בעסער פּאַרט־זעצען אין אָרדנונג. גאַנץ צופעליג, מיט דער הילף פון מיין שוועס־טער, ווארוואַרא ארדאליאָנאָוויטש פּטיצין, האָב איך ארייַנגעקראָגען פון איהר נאָהענטער באקאנטער ווערא אַלעקסעיעוונא זובקאָווא, א

גוטס באַזיצערין און אַן אַלמנה, אַ בריף פון פאַרשטאָרבענעם ניקאָ־לאַי אַלעקסעיעוויטש פּאַווּלישטשעוו, געשריבען פון איהם צו איהר מיט פיער און צוואַנציג יאָהר צוריק, פון אויסלאַנד. באַפריינדענדיג זיך מיט ווערא אַלעקסעיעוונא, האָב איך, לויט איהר אָנווייזונג זיך גע־ווענדעט צום אויסגעדינטען פּאָלקאָווניק טימאָפעי פיאָדאָראָוויטש וויאַ־זאָווקין, אַ וויטען קרוב און אין זיין צייט, אַ גרויסער פריינד מיט'ן הערר פּאַווּליטשעוו. פון איהם האָט זיך מיר איינגעגעבען ארויסקרי־גען נאָך דריי בריף פון ניקאָלאַי אַלעקסעיעוויטש, אויך געשריבען פון אויסלאַנד. לויט די דאָזיגע דריי בריף און לויט די דאַטומס און פאַק־טען, וואָס זיינען דאָ אין זיי, ווערט באַוויזען מאַטעמאַטיש, אָהן קיין מעגליכקייט צו אָפּלייקענען און אפילו צווייפעל, אַז ניקאָלאַי אַלעק־סעיעוויטש איז דאַן ארויסגעפאָהרען אין אויסלאַנד (וואו ער איז אויך אָפּגעווען דריי יאָהר נאָכאַנאַנד). פּונקט מיט אַנדערטהאַלבען יאָהר פאַר זייער געבורט, הערר בורדאָווסקי. אייער מוטער, ווי אייך איז באַוואוסט, איז קיינמאָהל פון רוסלאַנד ניט ארויסגעפאָהרען... אין דער איצטיגער מינוט וועל איך ניט אָנהויבען לעזען די דאָזיגע בריף, איצט איז שוין שפּעט; איך ערקלעהר בלויז, אַלענפאַלס, דעם פאַקט. נור אויב איהר ווילט, הערר בורדאָווסקי, באַשטימען כאָטש אויף מאָרגען אין דער פריה ביי מיר אַ צוזאַמענקונפט, און מיטברייגנען אייערע עדות (וויפיעל איהר ווילט אַליין), און עקספּערטען אויף צו דערקאָנען די האַנטשריפט, איז פאַר מיר קיין צווייפעל, אַז איהר וועט ניט קענען ניט איבערצייגען זיך אין דער אָפענער וואַרהייט פון מיין גע־בראַכטען פאַקט. און אויב עס איז אַזוי, דאַן פאַרשטעהט זיך, צופאַלט די גאַנצע זאַך און זי ווערט פון זיך אַליין איבערגעריסען.

ווידער איז געוואָרען אַן אַלגעמיינער טומעל און אַ טיפע אויפ־רעגונג. בורדאָווסקי אַליין האָט זיך אויפגעהויבען פון שטוהל.

— אויב ס'איז אַזוי, דאַן בין איך געווען אָפּגענאַרט, אָפּגענאַרט אבער ניט פון טשעבאַראָוו'ן, נור שוין לאַנג לאַנג צוריק; איך וויל ניט קיין עקספּערטען, איך וויל ניט קיין צוזאַמענקונפט, איך גלויב, איך זאָג זיך אָפּ... צעהן טויזענט וויל איך ניט... אַ גוטע נאַכט!

ער האָט גענומען די היטעל און האָט אָפּגערוקט דעם שטוהל כדי צו געהן.

— אויב איהר קענט, הערר בורדאָווסקי, — האָט שטיל און זיס

איהם אפּגעשטעלט גאווריל׳א ארדאליאנאָוויטש — טאַ בלייבט כאָטש נאָך אויף פינף מינוט. צוליב דעם דאָזיגען ענין וואקסען ארויס נאָך עטליכע זעהר וויכטיגע פאקטען, דערהויפּט פאר אייך, אלענפאלס, זעהר אינטערעסאנטע, לויט מיין מיינונג, מוזט איהר זיך באקאנען מיט זיי, און אייך אליין וועט מעגליך פיעל אנגענעהמער ווערען, ווען די זאך וועט פאלקאָם ערקלעהרט ווערען...

בורדאָווסקי האָט זיך שווייגענד אוועקגעזעצט, אביסעל ארונטער־לאָזענדיג דעם קאָפּ, און ווי שטארק פארטראכט. עס האָט זיך אוועק־געזעצט נאָך איהם, אויך ווי לעבעדעוו׳ס פלעמיאניק, וועלכער האָט זיך אויך געווען אויפגעשטעלט איהם באגלייטען; דער, כאָטש ער האָט ניט פארלאָרען דעם קאָפּ און מוטה, נור קענטיג אז ער איז געווען זעהר איבערראשט. איפּאָליט איז געווען אָנגעכמורעט, טרויערדיג, און ווי זעהר פארוואונדערט. אין דער זעלבער צייט, איבעריגענס, האָט ער זיך אויך שטארק פארהוסט, אזוי אז ער האָט אפילו פארשמירט זיין טיכעל מיט בלוט. דער „באָקסער“ איז כמעט געווען אָן איבער־געשראָקענער.

— עך, אנטיפּ! האָט ער ביטער אויסגערופען — איך האָב דאָך דיר דאַן געזאָגט... מיט דריי טעג צוריק, אז דו, קען געבען, ביזט טאקע ניט „פּאוולישעוו׳ס זוהן!“

עס האָט זיך דערהערט אַן איינגעהאלטענער געלעכטער, צוויי— דריי האָבען זיך צעלאכט העכער פון אלעמען.

— דער פאקט, וואָס איהר, הערר קעלער, האָט ערשט געלאָזט וויסען, — האָט אונטערגעכאפּט גאווריל׳א ארדאליאנאָוויטש — איז ווערטה אסך. פונדעסטוועגען האָב איך די פולע רעכט, לויט זעהר פּינקטליכע פאקטען, צו באהויפּטען, אז דעם הערר בורדאָווסקי׳ן, כאָטש איהם איז אודאי געווען זעהר גוט באקאנט די צייט פון זיין געבורט. אבער ס׳איז איהם גאָר ניט געווען באקאנט דער אומשטאנד פון פּאוולישעוו׳ס זיין אין אויסלאנד, וואו דער הערר פּאוולישעוו האָט פארבראכט די גרעסטע העלפט פון זיין לעבען, אומקעהרענדיג זיך שטענדיג אין רוסלאנד אויף קורצע טערמינען, און אויסער דעם האָט זיך דער דאָזיגער פאקט פון יענעם אפּפאָהר זעלבסט, מיט גאָר נישט ניט אויסגעצייכענט אַן און פאר זיך, אז מען זאָל איהם געדענקען.

נאָך צוואַנציג יאָהר מיט עפּעס, אַפילו די וואָס האָבען געקאָנט נאָ־
הענט פּאַווליטשעוו׳ן שוין ניט רעדענדיג וועגען הערר בורדאָווסקי,
וועלכער איז נאָך דאַן אויף דער וועלט ניט געווען. געוויס, אַנפיהרען
איצט ספּראַווקעס האָט זיך אַרויסגעצייגט ניט ניט אונמעגליך; נור
איך מוז זיך מודה זיין, אַז די אויסקינפטע וואָס איך האָב געקראָ־
גען, זיינען צו מיר געקומען אינגאַנצען צופעליג און זיי האָבען זעהר
געקאָנט ניט קומען; אַזוי דאָס פאַר דעם הערר בורדאָווסקי און אפילו
פאַר טשעבאַרעוו׳ן זיינען אָט די אויסקינפטע כמעט געווען אונמעג־
ליך צו וויסען, ווען אַפילו עס וואָלט זיי איינגעפאַלען צו קריגען זיי.
אָבער זיי האָט דאָס ניט געקענט איינפאַלען אויך...

— ערלויבט מיר הערר איוואָלגין, — האָט איהם צאַרענדיג פּלוצ־
לינג איבערגעריסען איפּאָליט — צו וואָס טויג די דאָזיגע גאַנצע
פּלוידעריי? (ענטשולדיגט מיר). די זאַך איז איצט קלאָהר געוואָרען,
דעם הויפּט פאַקט שטימען מיר איין צו גלויבען, צו וואָס זשע דאַרף
מען ציהען ווייטער די דאָזיגע שווערע און באַליידיגענדע צערעמאָניע?
אפשר ווילט איהר זיך באַריהמען מיט דער פלינקייט פון אייערע אויס־
פאָרשונגען, באַווייזען פאַר אונז און פאַר דעם פירשט, וואָס פאַר א
גוטער אונטערזוכונגס־ריכטער און דעטעקטיוו איהר זייט? אדער ווילט
איהר ניט אַננעהמען בורדאָווסקי׳ס ענטשולדיגונג און רעכטפערטיגונג
מיט דעם וואָס ער איז אריינגעקראָכען אין דעם ענין צוליב אונווי־
סענהייט? אָבער דאָס איז חוצפּה׳דיג, מיין גנעדיגער הערר! בור־
דאָווסקי נויטיגט זיך ניט אין אייערע רעכטפערטיגונגען און ענטשול־
דיגונגען, זאָל דאָס אייך זיין באַוואוסט! ער פיהלט זיך באַליידיגט,
איהם איז אַזוי אויך שווער, ער איז אין אַן אונאַנגענעהמער לאַגע,
איהר האָט עס געדאַרפט פיהלען, פאַרשטעהן...

— גענוג הערר טערענטיעוו, גענוג! — איז גאַווריליא אַרדאַ־
ליאָנאָוויטש׳ן געלונגען איהם איבערצושלאָגען — באַרוהיגט זיך, רעגט
זיך ניט אויף; איהר זייט, דוכט זיך, ניט געזונט? איך פיהל אייך
מיט. אין אַזאַ פאַל, ווען איהר ווילט, האָב איך געענדיגט, דאָס הייסט,
איך וועל נור זיין געצוואונגען צו באַנאַכריכטען אין קורצען יענע
פאַקטען, וועלכע וואָלטען לויט מיין איבערצייגונג, ניט געווען איבע־
ריג, צו וויסען אין זייער פולען אינהאַלט, האָט ער צוגעגעבען, באַ־
מערקענדיג אַ געוויסע אַלגעמיינע אומרוהיגקייט, עהנליך צו אומגע־

דולד, — איך וויל בלויז מאכען באקאנט, מיט באווייזע, פאר דער
אויסקונפט פון אלעמען, וואָס זיינען פאראינטערעסירט אין דעם ענין
אז אייער מוטער, הערר בורדאווסקי, איז געווען אונטער דעם שוץ פון
הערר פאווליטשעוו'ס, ווייל זי איז געווען א לייבליכע שוועסטער פון
יענער הויף־מיידעל, אין וועלכער ניקאָלאי אנדרעיעוויטש פאווליטשעוו
איז געווען פארליבט נאָך גאָר אין זיין פריהסטער יוגענד, אויף אזוי
פיעל, אז ער וואָלט מיט איהר חתונה געהאט, ווען זי שטאַרבט פלוצ־
לינג ניט אוועק. איך האָב באווייזע, אז דער דאָזיגער פאמיליען־
פאקט, א ריכטיגער און אמת'ער, איז אין גאנצען פארגעסען געוואָרען.
ווייטער וואָלט איך געקענט ערקלעהרען, ווי אזוי אייער מוטער, זייענ־
דיג נאָך א צעהן יאָהריגעס קינד איז גענומען געוואָרען פון הערר
פאווליטשעוו אויף ערציהונג אנשטאט א קרובה, אז מען האָט פאר
איהר אָפּגעלעגט א היבשען נדן, און אז אָט די אלע באזאָרגונגען האָבען
אַרויסגערופען זעהר אומרוהיגע קלאנגען צווישען די פיעלע קרובים
פון פאווליטשעוו, מען האָט אפילו געדענקט אז ער וועט חתונה האָ־
בען מיט דער דאָזיגער קרובה זיינער. נור ס'האָט זיך געענדיגט דער־
מיט, אז זי האָט חתונה געהאט אויס ליבע (און דאָס וואָלט איך גע־
קענט באווייזען אויפ'ן פּינקטליכסטען אופן). פאר א לאנד־מעסטער־
טשינאָווניק, דעם הערר בורדאווסקי, ווען זי איז אלט געווען צוואנציג
יאָהר, דאָ האָב איך צונויפגעזאמעלט איינינגע פּינקטליכסטע פאקטען
אלס באווייז ווי אזוי אייער פאָטער, הערר בורדאווסקי, גאָר ניט קיין גע־
שעפטס־מענש האָט קריגענדיג פאר אייער מוטער פופצען טויזענד
רובעל נדן, געלאָזען זיין שטעלע, אריין אין געשעפטליכע אונטער־
נעהמונגען, באשווינדעלט געוואָרען, פארלאָרען זיין קאפּיטאל, האָט
ניט געקענט אויסהאלטען די צרות, אָנגעהויבען טרינקען, פון וואָס
ער איז קראנק געוואָרען און ענדליך פריהצייטיג אוועקגעשטאָרבען,
אויפ'ן אכטען יאָהר נאָך דער חתונה מיט אייער מוטער. דערנאָך,
לויט אייער מוטערס אייגענער עדות זאָגען, איז זי געבליבען אין אָרימ־
קייט און זי וואָלט אין גאנצען פארלאָרען געגאנגען, ווען ניט די שטענ־
דיגע און גוט הארציגע שטיצע פון פאווליטשעוו, וועלכער האָט איה־
אַרויסגעגעבען ביז זעקס הונדערט רובעל א יאָהר. דערנאָך זיינען דאָ
אָהן א צאָהל באווייזע, אז אייך, אלס קינד, האָט ער זעהר ליב באקו־
מען, לויט די דאָזיגע באווייזע און טאקע ווידער לויט אייער מוטערס

באַשטעטיגונג קומט אויס, אז ליעב באַקומען האָט ער אייך הויפּט־
זעכליך דערפאר, ווייל איהר האָט אין אייער יוגענד געהאט דעם אויס־
זעהן פון א שטאמלער, אָן אויסזעהן פון א קאַליקע, אָן אויסזעהן פון
א ליידענדען, אומגליקליכען קינד, (און פּאָוולישעוו האָט געהאט, לויט
ווי איך האָב ארויסגענומען פון די פּינקטליכע באַווייזע, זיין גאַנצען
לעבען, א באַזונדערע נייגונג צו אַלץ וואָס איז אונטערדריקט און פון
דער נאַטור באַליידיגט געוואָרען, דערהויפּט צו קינדער, — א פאַקט,
וועלכער איז לויט מיין איבערצייגונג זעהר וויכטיג פאר אונזער זאַך).
ענדליך, קען איך זיך באַריהמען, מיט די פּינקטליכסטע אונטערזוכונ־
גען וועגען יענעם הויפּט פאקט, ווי דאָס איז פּאָוולישעוו׳ס שטאַר־
קע צוגעבונדענקייט צו אייך, (דורך וועמענס באַמיהונגען איהר זייט
אַנגעקומען אין גימנאַזיום און זיך געלערנט אונטער א באַזונדער
השגחה). די דאָזיגע צוגעבונדענקייט האָט ביסלעכווייז, ביסלעכווייז,
ארויסגערופען ביי די קרובים און היימישע פון פּאָוולישעוו, דעם גע־
דאַנק, אז איהר זייט זיין זוהן, און אז אייער פאָטער איז בלויז גע־
ווען אן אָפּגענאַרטער מאַן. נור די הויפּטזאַך איז דאָס, אז דער דאָ־
זיגער געדאַנק האָט זיך באַפעסטיגט ביז פּינקטליכקייט ערשט אין די
לעצטע יאָהרען פון פּאָוולישטשעוו׳ס לעבען, ווען אַלע האָבען זיך דער־
שראָקען פאר דער צוואה, און ווען די ערשטע פאַקטען זיינען פאר־
געסען געוואָרען און אויספאָרשונגען זיינען געוואָרען אוּנמעגליך. אָחן
צווייפעל, איז דער דאָזיגער געדאַנק אויך דערגאַנגען צו אייך, הערר
בורדאַווסקי, און אייך אין גאַנצען באַהערשט. אייער מוטער, מיט
וועלכער איך האָב געהאט די עהרע צו באַקאַנען זיך פּערזענליך, כאָטש
זי האָט געוואוסט פון אַט די אַלע קלאַנגען, נור דאָך וויים זי אפילו
ביז איצט נאָך ניט, (איך האָב איהר אויך גאָרנישט אויסגעזאָגט.)
אַז אויך, איהר זוהן, האָט זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון דעם
דאָזיגען קלאַנג. אייער פיעל געעהרטע מוטער, הערר בורדאַווסקי,
האָב איך געטראָפען אין פּסקאָוו א קראַנקע און אין זעהר גרויסער
אָרימקייט, אין וועלכע זי איז אריינגעפאַלען נאָך פּאָוולישטשעוו׳ס
טויט. זי האָט מיט טרערען פון דאַנקבאַרקייט מיך געלאָזט וויסען,
אַז נור דורך אייך און אייער הילף לעבט זי נאָך אויף דער וועלט;
זי ערוואַרטעט זעהר פיעל פון אייך אין דער צוקונפט, און זי גלויבט
זעהר היים אין אייערע צוקונפטיגע ערפאָלגען...

— ענדליך, איז דאָס אונערטרעגליך! — האָט הויך און אומגע־דולדיג פּלוצלונג ערקלעהרט לעבעדעוו'ס פּלעמיאניק — צו וואָס איז די גאנצע געשיכטע?

— שרעקליך ,גיט אנשטענדיג! — האָט זיך שטארק א באוועג געטאָן איפּאָליט, נור בורדאָווסקי האָט גאָרנישט ניט באמערקט און האָט זיך אפילו קיין ריהר ניט געטאָן.

— צו וואָס? און פאר וואָס? — האָט כיטרע זיך געוואונדערט גאווריל̇א ארדאליאנאָוויטש, גיפטיג זיך גרייטענדיג צו אויספּלעגען די ענדע. — ערשטענס, צוליב דעם, דאָס איצט וועט שוין דער הערר בורדאָווסקי קענען פאלקאָם זיין איבערצייגט, אז דער הערר פּאוולי־טשעוו האָט איהם ליב געהאט אויס גוטהערציגקייט און ניט אלס א זוהן. שוין דעם פאקט אליין האָט דער הערר בורדאָווסקי געדאַרפט וויסען. דער הערר בורדאָווסקי, וועלכער האָט פריהער באשטעטיגט און גוט געהייסען דעם הערר'ן קעלער, נאָכדעם ווי מען האָט איבער־געלעזען זיין ארטיקעל. איך זאָג דאָס, צוליב דעם, ווייל איך רעכען אייך, הערר בורדאָווסקי, פאר אַן אָרענטליכען מענשען, צווייטענס, ווייזט זיך ארויס, אז דאָ איז גאָר ניט געווען די קלענסטע גנבה־שווינ־דעל אפילו פון דער זייט פון טשעבאַרעוו; דאָס איז א וויכטיגער פונקט אפילו פאר מיר, ווייל דער פירשט האָט פריהער צוהיצענדיג זיך, דערמאָהנט, אז איך האָב כלומרשט אויך די זעלבע מיינונג וועגען גנבה־שווינדעל אין דעם דאָזיגען ענין. דאָ איז אין געגענטהייל, געווען א פאלקאָמענע איבערצייגונג פון אלע זייטען, און כאָטש ס'קען גע־בען, אז טשעבאַרעוו איז טאקע א גרויסער שווינדלער, נור אין דעם דאָזיגען ענין איז ער ניט מעהר ווי א האקען, א כאדאטאי, א הענד־לער. ער האָט גערענקט צו ווערען דערפון רייך, אלס אדוואָקאט, און זיין חשבון איז גיט נור געווען א שאַרפזיניגער און א קינסטלערישער, נור אויך א ריכטיגער: ער באגרינדעט זיין רעכענונג אויף דעם חשבון פון דעם, וואָס דער פירשט גיט אזוי לייכט געלט און אויף דעם דאנק־באר־אכטונגספאָלען געפיהל זיינעם צום פארשטאָרבענעם פּאוולי־טשעוו, ער האָט אויך ענדליך זיך פאַרלאָזט (און דאָס איז וויכטיגער פון אלעם): אויף דעם פירשטס באקאנטע ריטערליכע בליקען וועגען עהרע און געוויסען. און וואָס איז שייך דעם הערר בורדאָווסקי אליין, קאָן מען אפילו זאָגען, אז ער האָט א דאנק אייניגע פון זיינע איבערציי־

גונגען, געוועזן אויף אזוי פיל באאיינפלוסט פון טשעבאָרעוו און די חברה וואָס רינגעלט איהם ארום, אז ער האָט אָנגעפאנגען די זאך. כמעט גאר ניט פאר זיינע אייגענע אינטערעסען, נור כמעט ווי צוליב דינען דעם אמת, דעם פראָגרעס פון דער מענשהייט.

איצט נאך די באוואוסטגעוואָרענע פאקטען איז אלעמען געוואָרען קלאהר, אז בורדאָווסקי איז אַ מענש אַ ריינער, ניט קוקענדיג אויף אלעס וואָס ס'איז פארגעקומען און דער פירשט וועט איצט גיכער און מיט מעהר חשק ווי פריהער איהם פארלעגען זיין פריינדליכע מיט־ארבעטערשאפט און יענע הילף, וועלכע ער האָט פריהער דערמאָנט, רעדענדיג וועגען שוהלען און פּאַווליטשטשעוו.

—הערט אויף! גאַווריל̃אַ ארדיאַלאַנאַוויטש, הערט אויף! האָט דער פירשט אויסגעשריען אין אמת'ן שרעק נור ס'איז שוין געוועזן שפּעט.

— איך האָב שוין דריי מאָל געזאָגט, האָט אויפגערעגט אַ גע־שריי געטאָן ברודאָווסקי — אז איך פארלאנג ניט קיין געלט... איך וועל ניט נעהמען... צו וואָס... איך וויל ניט... איך געה!

און ער איז שיעור ניט ארונטערגעלאָפען פון דער טעראסע. אָבער לעבעדעוום פּלעמיאַניק האָט איהם געכאפט פאר'ן האנט און איהם עפּעס אריינגעשושקעט. יענער האָט זיך האסטיג אומגעקעהרט און ארויסנעהמענדיג פון קעשענע אַ פארמאַכטען גרויסען קאָנווערט, האָט ער איהם אוואָרף געטאָן אויף אַ טישעל וואָס איז געשטאנען נעבען פירשט.

— אָט זיינען די געלט! איהר האָט ניט געדארפט וואגען! ניט געדארפט וואגען! געלט!

— דאָס זיינען די צוויי הונדערט און פופציג רובעל, וועלכע איהר האָט געוואגט איהם צו שיקען אין דער פאָרם פון אַ נדבה, דורך טשע־באראָוו, — האָט געגעבען צו פארשטעהן דאָקטאָרענקאָ.

— אין ארטיקעל שמועסט זיך וועגען פופציג! — האָט אַ געשריי געטאָן קאָליאַ.

— איך בין שולדיג! — האָט געזאָגט דער פירשט, צוקומענדיג צו בורדאָווסקי'ן, — איך פיהל זיך זעהר שולדיג געגען אייך, בור־דאָווסקי. נור איך האָב דאָס ניט געשיקט ווי אַ נדבה, גלויבט מיר, איך

בין אויך איצט שולדיג... איך בין פריהער געווען שולדיג (דער פירשט איז געווען זעהר צוטומעלט, האָט געהאַט אַ מידען און שוואַכען אויס־זעהן און זיינע ווערטער האָבען זיך ניט געקלעפּט). איך האָב גע־זאָגט ועגען שווינדעל... אָבער דאָס איז ניט וועגען אייך... איך האָב געמאַכט אַ טעות... איך האָב געזאָגט אז איהר... זייט ווי איך — אַ קראַנקער, נור איהר זייט ניט ווי איך. איהר... גיט לעקציעס, האַלט אויס אַ מוטער... איך האָב געזאָגט, אז איהר האָט געמאַכט צו שאַנדע אייער מוטער, אבער איהר ליבט זי... זי אליין זאָגט... איך האָב ניט געוואוסט... גאַווריליא אַרדאַליאָנאָוויטש האָט מיר פריהער ניט דער־ענדיגט... איך בין שולדיג... איך האָב געוואַגט אייך פארצושלאָגען צעהן טויזענט רובעל, נור איך בין שולדיג, איך האָב עס געדאַרפט מאַכען אַזוי און איצט... קען מען שוין ניט, ווייל איהר פאראַכטעט מיך...

— דאָס איז אַן אמת'ער משוגעים־הויז! — האָט אויסגערופען ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונאַ.

— געוויס אַ משוגעים־הויז!—האָט ניט געקענט אויסהאַלטען און שאַרף אַרויסגעזאָגט אַגלאַיאַ, נור איהרע ווערטער זיינען פאַרלאָרען געגאַנגען אין דעם אַלגעמיינעם טומעל. אַלע האָבען שוין גערעדט אויפ'ן קול, באַטראַכט דעם ענין, ווער ס'האָט גע'טענה'ט, ווער ס'האָט געלאַכט. איוואַן פיאָדאָראָוויטש עפּאַנטשין איז געווען אויף דער לעצטער שטופּע פון צארען. און מיט דעם אויסזעהן פון באַליידיגטער ווירדע האָט ער געוואַרט אויף ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ. לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק האָט אַריינגעזאָגט דאָס לעצטע וואָרט:

— יע, פירשט, מען דאַרף אייך געבען קרעדיט, איהר קענט פונ־דעסטוועגען זיך באַנוצען מיט אייער... נו, זאָל זיין קראַנקהייט (אויס־דריקענדיג זיך אַנשטענדיגער). איהר האָט אויף אַזאַ קונציגען אופן פאַרגעלעגט אייער פריינדשאַפט און געלט, אַז איצט קען אַן עהרווי:־דינער מענש אין קיין פאַל זיי ניט אַננעהמען. און דאָס איז, אָדער פון צופיעל אומשולדיגקייט אָדער צופיעל קונציגקייט... איבעריגענס, ווייסט איהר אַליין בעסער...

— ערלויבט מיר, מיינע העררן, — האָט אויסגערופען גאַווריליאַ אַרדאַליאָנאָוויטש, וועלכע: האָט דערווייל פאַנאַנדערגעוויקעלט דעם פּאַקעט מיט געלט — דאָ זיינען גאָר ניטאָ קיין צוויי הונדערט און

פופציג רובעל, נור בלויז הונדערט. איך זאָג עס אנטקעגען דעם פירשט, כדי עס זאָל ניט ארויסקומען קיין מיספארשטענדניס.

— לאָזט עס אָפּ, לאָזט עס אָפּ! — האָט זיך דער פירשט צושאָקלט מיט די הענט צו גאווריאָ ארדאליאָנאָוויטש.

— ניין, „לאָזט עס ניט אָפּ!" — האָט זיך תיכּף אָנגעטשעפּעט לעבעדעוו פּלעמיאַניק — מיר פיהלען זיך באליידיגט פון אייער „לאָזט עס אָפּ", מיר באהאלטען זיך ניט. מיר ערקלעהרען אָפען: יע, דאָ איז דאָ בלויז הונדערט רובעל, און ניט די גאנצע צוויי הונדערט און פופציג, נור איז דאָס דען ניט אלץ איינס?...

— נ־ניין, ניט אלץ איינס, — האָט גאווריאָ ארדאליאָנאָוויטש אויסגעפרעגט ארייננזאָגען מיט אן אומשולדיגען אויסזעהן.

— שלאָגט מיך ניט איבער; מיר זיינען ניט אזעלכע נאַראָנים ווי איהר דענקט, הערר אדוואָקאט, — האָט מיט בייזער ערגערניש אויסגעשריען לעבעדעוו'ס פּלעמיאניק — עס פארשטעהט זיך, אז הונדערט רובעל זיינען ניט קיין צוויי הונדערט און פופציג, און ניט אלץ איינס, נור דאָ איז וויכטיג דער פּרינציפּ; דאָ איז וויכטיג די איניציאטיווע, און דאָס וואָס עס פעהלט הונדערט און פופציג רובעל איז דאָס בלויז א צייטיגע זאך. ס'איז וויכטיג דאָס, אז בורדאָווסקי נעהמט ניט אָן אייער נדבה, אייער עקסעלענץ, אז ער שליידערט זי אייך אין פּנים אריין, און אויף אַזאַ אופן איז אלץ איינס, וואָס הונדערט, וואָס צוויי הונדערט און פופציג. בורדאָווסקי האָט ניט אָנגענומען קיין צעהן טויזענד! איהר האָט געזעהן, ער וואָלט ניט געבראכט קיין הונדערט רובעל, ווען ער וואָלט געווען ניט עהרליך! די הונדערט און פופציג רובעל זיינען אוועק אויף הוצאות צו טשעבאַראָוו אויף זיין רייזע צום פירשט. לאכט בעסער פון אונזער ניט פלינקייט, פון אונזער ניט קענען פיהרען קיין זאך, איהר האָט אָן דעם אויך, זיך געמיהט מיט אלע קרעפטען אונז לעכערליך צו מאכען; אבער וואָגט ניט צו זאָגען, אז מיר זיינען אונעהרליך. אָט די הונדערט און פופציג רובעל, מיין גנעדיגער הערר, וועלען מיר אלע צוזאמען אריינטראָגען צום פירשט. מיר וועלען דאָס אומקעהרען כאָטש רובעלווייז, און אומקעהרען מיט פּראָצענט. בורדאָווסקי איז אָרעם, בורדאָווסקי האָט ניט קיינע מיליאָנען, און טשעבאַראָוו האָט נאָך דער רייזע צוגעשטעלט א

רעכענונג. מיר האָבען געדענקט געווינען... וועט וואָלט אויף אונזער פּלאַץ אַנדערש געהאַנדעלט?

— וואָס הייסט ווער? — האָט אויסגערופען דער פירשט שטש.

— איך וועל דאָ פון זינען אַרונטער! — האָט אויסגערופען ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ.

— דאָס דערמאָנט, — האָט זיך צולאַכט עווגעני פּאַוולאָוויטש, וועלכער איז לאַנג געשטאַנען און צוגעזעהן, וואָס דאָ טוט זיך — אַן די באַריהמטע פאַרטהיידיגונגס־רעדע, וואָס איז גאָר ניט לאַנג צוריק געהאַלטען געוואָרען פון אַן אַדוואָקאַט, וועלכער האָט אַרויסגעשטעלט אַלס אַן ענטשולדיגונג פאַר זיין קליענט, וואָס האָט גע׳הרג׳עט זעקס מענשען מיט איין מאָל, אום זיי צו באַרויבען — דעם קליענטס אַרימקייט. ער האָט אונערוואַרטעט פאַרענדיגט אויף אַזאַ אופן: „ס׳איז נאַטירליך, — האָט ער געזאָגט, — אַז מיין קליענט זאָל צוליב זיין אַרימקייט איינפאַלען צו הרג׳ענען די דאָזיגע זעקס מענשען, און ווער מען אויף זיין פּלאַץ וואָלט עס ניט איינגעפאַלען?" עפּעס אויף אַזאַ אופן, זעהר קאָמישעס.

— גענוג! — האָט פּלוצלינג אויסגערופען, שיעור ניט ציטערענדיג פון כעס, ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ — שוין צייט איבערצורייסען דעם דאָזיגען אונזין!

זי איז געווען שרעקליך אויפגעבראַכט, זי האָט דראָהענד פאַרוואָרפען מיט׳ן קאָפּ און מיט אַ שטאָלצען היציגען און אומגעדולדיגען אויסזעהן באַקוקט מיט איהר בליצענדען בליק די גאַנצע קאָמפּאַניע, קוים אונטערשיידענדיג אין דער דאָזיגער מינוט פריינד פון פיינד. דאָס איז געווען יענער פּונקט פון לאַנג איינגעהאַלטענעם, נור ענדליך אויסברעכענדען כעס, וואו דער הויפּט חשק איז, אַריינצוטרעטען גלייך אין אַ מלחמה, די באַדערפעניש אויף ווערמען ס׳איז, וואָס גיכער אַרויפצוואַרפען זיך. די וואָס האָבען געקענט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ, האָבען גלייך דערפיהלט, אַז מיט איהר האָט פּאַסירט עפּעס אונגעוועהנליכעס. איוואַן פיאָדאָראָוויטש האָט אויף מאָרגען געזאָגט דעם פירשט שטש. אַז מיט איהר פּאַסירט עס, נור אַזוי שטאַרק ווי נעכטען, דאָס טרעפט אַפילו מיט איהר אויך וועניג, אַזוי אין די לעצטע דריי יאָהר צו איין מאָל, נור אָבער אין קיין פאַל ניט מעהר! ניט מעהר!" האָט ער צוגעגעבען באַלעהרענד.

— גענוג, איוואן פיאָדאָראָוויטש! לאָזט מיך צורוה! — האָט אויסגעשריען ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ — וואָס שטעלט איהר מיר איצט אונטער אייער האַנט? האָט איהר ניט געקענט מיך אַרויספּיה־רען פריהער? איהר זייט אַ מאַן און אַ פאַמיליען־פאָטער, האָט איהר גענדאַרפט מיך דעם נאַר, פאַר'ן אויער אַרויסשלעפּען, ווען איך וואָלט אייך ניט געפאָלגט און ניט געגאַנגען! איהר האָט כאָטש גענדאַרפט דאָס טאָן צוליב די טעכטער! איצט וועלען מיר שוין אָהן אייך דעם וועג געפינען, עס וועט שוין קלעקען שאַנדע אויף אַ גאַנץ יאָהר... וואַרט אויף, איך וויל נאָך דעם פירשט באַדאַנקען!... אַ דאַנק אייך, פירשט, פאַר דעם כיבוד! און איך האָב זיך עס אָוועקגעזעצט די יו־גענד אויסהערען!... דאָס איז אַ נידעריגקייט! דאָס איז אַ כאַאָס, אַ העסליכקייט, אַז זאָך, וועסטו אפּילו אין חלום ניט זעהן! זיינען טאַ־קע דאַ פאַראַן אַסך אַזעלכע?... שווייג אַגלאַיאַ! שווייג אַלעקסאַנדראַ! ס'איז ניט אייער עסק! דרעהט זיך ניט אַרום מיר עווגעני פּאַוולאָוויטש, איהר האָט מיר דערעסען! אַזוי הייסט עס, אַז דו טהייערינקער, בעטסט נאָך ביי זיי ענטשולדיגונג? האָט זי אונטערגעכאַפּט ווידער זיך ווענ־דענדיג צום פירשט — „עס הייסט איך בין שולדיג וואָס איך האָב גע־וואָגט אייך געלט פאָרצולעגען"... און וואָס לאַכסטו, דו פּוסטער בעל־גאוה! האָט זי זיך פּלוצלונג אַרויפגעוואָרפען אויף לעבעדעוו'ס פּלע־מיאַניק — מיר הייסט עס, ענטזאָגען זיך פון די געלט. מיר פאַדערן, אָבער בעטען ניט! אַזוי ווי ער וואָלט גאָר ניט געוואוסט, אַז מאָרגען וועט דער דאָזיגער אידיאָט ווידער זיך אַוועקשלעפּען צו זיי, מיט זיין פריינדשאַפט און זיי פאָרלעגען געלט! איאָ דו וועסט געהן? וועסט געהן? וועסט געהן אָדער ניט?

— איך וועל געהן — האָט מיט אַ שטילער און אונטערטהע־ניגער שטימע אַרויסגעזאָגט דער פירשט.

— איהר האָט געהערט! איז אויף דערויף בויסטו דאָך דיינע רעכענונגען — האָט זי זיך ווידער געווענדט צו דאָקטאָרענקאָ — די געלט זיינען דאָך שוין גלייך ווי זיי וואָלטען געלעגען ביי דיר אין קעשענע, דערפאַר בלאָזטו זיך, כדי צו שיטען אונז זאַמד אין די אויר־גען... ניין, ליבינקער, דו געפינסט זיך אַנדערע נאַראָנים, אָבער איך זעה אייך דורך און דורך... אייער גאַנצען שפּיעל זעה איך!

—ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ ! — האָט אויסגעשריען דער פֿירשט.

— קומט אוועק פֿון דאַנען, ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ, ס'איז שוין לאַנג צייט, און דעם פֿירשט לאָמיר אויך מיטנעהמען — האָט וואָס רוהיגער און שמייכלענדיג אַרויסגעזאָגט פֿירשט שטש. די מיידלאַך זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט, כמעט איבערגעשראָקענע, דער גענעראַל איז געווען אויף אַן אמת'ן איבערגעשראָקען ; אין אַלגעמיין זיינען אַלע געווען פֿאַרוואונדערט. די וואָס זיינען געשטאַנען אַביסעל ווייטער האָבען בגנבה געשמייכעלט און זיך געשושקעט ; לעבעדעווס גע־זיכט האָט אויסגעדריקט די לעצטע שטופּע פֿון פֿרייד.

— העסליכקייט און כאַאָס וועסטו מיין האַררינטע אומעדום גע־פֿינען — האָט אַרויסגעזאָגט באַדייטונגספֿאָל, איבעריגענס, אַביסעל צוטומעלט, לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק.

— אָבער ניט אַזעלכע, ניט אַזעלכע, פֿאָטערל, ווי עס געפֿינען זיך איצט ביי אייך, ניט אַזעלכע ! — האָט כמעט היסטעריש אונטער־געכאַפּט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ — אָבער וועט איהר מיך אַפּלאָ־זען צו ניט ? ! — האָט זי אָנגעשריען אויף די וואָס האָבען איהר איינ־גערעדט זי זאָל געהן אַהיים — ניין, ווען אפילו איהר אַליין עווגעני פּאַווליטש, האָט איצט ערקלעהרט, אַז אפילו דער אַדוואָקאַט אַליין האָט אין געריכט, געמאַכט אַן ערקלעהרונג, אַז עס איז ניטאָ עטוואָס נאַטירליכערעס ווי אַז איינער זאָל אויס אָרימקייט זעקס מענשען דער'הרג'ענען, דאַן איז שוין באמת געקומען אַ סוף צו דער וועלט. אַזאַ זאַך האָב איך נאָך ניט געהערט. איצט איז מיר אַלץ קלאָהר געוואָרען ! וועט דען אָט דער שטאַמלער ניט קוילענען ? (זי האָט אָנ־געוויזען אויף בורדאָווסקען, וועלכער האָט אויף איהר געקוקט מיט גרויס פֿאַרוואונדערונג), איך וועל זיך מיט אייך וועטען אַז ער וועט קוילענען ! ער וועט דיין געלט, די צעהן טויזענט רובעל, אפשר ניט נעהמען, און געוויסענהאַפֿט ניט נעהמען, און ביי נאַכט וועט ער קו־מען און קוילענען און זיי אַרויסנעהמען פֿון קעסטעל. ער וועט עס געוויסענהאַפֿט אַרויסנעהמען, דאָס איז ביי איהם ניט אונעהרליך ! דאָס איז ביי איהם „אַ טריעב פֿון אָרענטליכער פֿאַרצווייפֿלונג“. דאָס איז „אַפּלייקענונג“, אָדער דער טייוועל וויים וואָס... טפֿוי ! אַלץ איז איצט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, אַלע געהן מיט די פֿוס אַרויף. וואַקסט אַ מיי־

דעל אין הויז, פלוצלונג, אין מיטען גאס, גיט זי זיך א שפרונג ארויף אויף א דראָשקע: „מאַמעלע, זאָגט זי, איך האָב די טעג חתונה געהאַט מיט עפּעס א איוואַניטש, זייט געזונד!" הייסט עס, אז אזוי איז לויט אייער מיינונג, שעהן צו האנדלען? אכטונגס־ווערטה און נאַטיר־ליך? די פרויען פראגע? אָט דער אינגעל (זי האָט אָנגעוויזען אויף קאַליא). איז אויך ער האָט אנומעלט געדעבאַטירט, וואָס מיינט עס אזוינס „די פרויען פראגע", זאָל זיין אפילו אז די מאַמע איז א נאר. אבער דו דארפסט פונדעסטוועגען מיט איהר זיך פיהרען ווי א מענש! וואָס זייט איהר פריהער אריינגעקומען מיט פאַריסענע קעפּ? „וואָגט ניט צוצוקומען!" מיר געהען! „אונז אַלע רעכטע גיב און דו זאָלסט אפילו אָנטקעגען אונז ניט וואָגען א פּיפּס צו טאָן. אונז גיב אָפּ דעם גאנצען כבוד, אזא וועלכע אפילו ס'איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. און מיר וועלען דיך באהאנדלען ערגער ווי דעם לעצטען לאַקעי!" דעם אמת זוכען זיי, פאר רעכט שטעהן זיי און אליין ווי ווילדע האָבען זיי איהם אין ארטיקעל פאר'רכילות'ט! „מיר פאָדערען און בעטען ניט. און קיין דאנק וועט איהר פון אונז ניט הערען, ווייל איהר טוט עס פאר אייער אייגענער באפרידיגונג פון אייער אייגענעם געוויסען!" וואָס פאר א מאָראל! אבער ווען מען ערוואַרטעט פון דיר קיין דאנק־באַרקייט ניט, קען דאָך דער פירשט אייך אויך דאָס זעלבע ענטפע־רען, אז ער פיהלט צו פּאַווליטשעוו'ן אויך קיין דאנקבאַרקייט ניט, ווייל פּאַווליטשעוו האָט געטאָן גוטס אום צו צופרידענשטעלען זיין אייגענעם געוויסען. און נאָך אַלעמען בויסטו דאָך דיינע גאנצע טענות צום פירשט בלויז אויף דער דאָזיגער דאנקבאַרקייט צו פּאַווליטשעוו: ביי דיר האָט ער דאָך קיין געלט ניט געליהען. און ניט דיר איז ער שולדיג. אויף וואָס זשע האָסטו געמאַכט דיין חשבון אויב ניט אויף דער דאנקבאַרקייט? היינט ווי אזוי זאָגסטו זיך אליין פון איהר אָפּ? משוגעים! זיי אנערקענען אַלס ווילד און אוממענשליך די געזעל־שאַפט, פאר וואָס זי מאַכט צו שאַנדע א פאַרפיהרטע מיידעל, איז ווען דו אנערקענסט, אז די געזעלשאַפט איז אן אוממענשליכע הייסט עס דאָך, אז דו אנערקענסט אז די דאָזיגע מיידעל ליידט פון דער גע־זעלשאַפט און ווען דו ליידסט, איז ווי אזוי פיהרסטו זי אליין ארויס פאר דער זעלבער געזעלשאַפט און פאָדערסט אז זי זאָל ניט ליידען. משוגעים! פּוסטע בעלי־גאוות! אין גאָט גלויבען זיי ניט, אין קריס־

טום גלויבען זיי ניט! אבער אייך וועט די פּוסטע גאווה און שטאָלץ אויף אַזוי פיעל אויפעסען, אז עס וועט זיך ענדיגען דערמיט, אז איהר וועט איינער דעם צווייטען אויפפרעסען, איך זאג עס אייך פאראויס. און איז דאָס ניט קיין משוגעת, קיין כאָאָס, און קיין העסליכקייט? און נאָך דעם אלעמען קריכט נאָך דער דאָזיגער אונפארשעהמטער צו זיי טאקע בעטען פארצייאונג! זייט איהר אסך אַזעלכע דאָ? וואָס שמייכעלט איהר: וואָס איך האָב זיך געמאכט צו שאנדע צווישען אייך? איך האָב זיך טאקע געמאכט צו שאנדע, אבער דאָס איז שוין פארפאַלען! און וואָס שמייכעלסטו פון מיר שמירער איינער! (האָט זי מיט אמאָל זיך א וואָרף געטאָן אויף איפּאליטען). אליין איז קוים וואָס עס אָטהעמט און אנדערע, פיהרט ער אָראָפּ פון וועג, דו האָסט מיר אָט דעם איינגעל איבערגעפיהרט (זי האָט ווידער אָנגעצייגט אויף קאָליא'ן); ער האלט נור אין איין רעדען וועגען דיר, דו לערנסט איהם ניט צו גלויבען אין גאָט. דו גלויבסט ניט אין גאָט, אבער דיך קען מען נאָך אָפּשמייסען, מיין גנעדיגער הערר! טפוי אויף אייך! וועסטו הייסט עס, פירייט לעוו ניקאָלאַיעוויטש געהן צו זיי מאָרגען, וועסט געהן? האָט זי ווידער געפרעגט דעם פירשט קוים אָטהעמענדיג.

— איך וועל געהן.

— נאָכדעם אלעמען וויל איך דיך ניט קענען מעהר! — זי האָט געוועט זיך האסטיג אומגעדרעהט אוועקצוגעהן, נור פּלוצלינג האָט זי זיך ווידער אומגעקעהרט, — און צו דעם גאָט־אָפּלייקענער וועסטו געהן? האָט זי אָנגעוויזען אויף איפּאליט'ן — אדער וואָס קוקסטו אויף מיר מיט חוזק? — האָט זי אַזוי אונגאַטירליך אויסגעשריען און האָט זיך פּלוצלינג, ניט קענענדיג מעהר פארטראָגען דיין בייסענדע שפּאָט, א וואָרף געטאָן צו איפּאליט'ן.

— ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא! ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא! ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא! — האָט ז ך דערהערט מיט אמאָל פון אלע זייטען.

— מאמע, דאָס איז א שאנדע! — האָט הויך אויסגעשריען אַגלאַיא.

— באאומרוהיגט זיך ניט, אגלאַיא איוואנאָוויטש, — האָט רוהיג געענטפערט איפּאליט, וועלכען די אונטערגעשפּרונגענע ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא האָט אונבאוואוסט צו וואָס, פעסט געהאלטען ביים

האנט — זי איז געשטאַנען פאַר איהם און האָט זיך ווי איינגעגעסען אין איהם מיט איהר ווילדען בליק — באַאומרוהיגט זיך ניט, אייער מוטער וועט זיך ארומקוקען אז מען טאָר זיך ניט ווארפען אויף א שטארבענדען מענשען... איך בין גרייט צו ערקלעהרען, פאַר וואס איך האָב געלאכט... איך וועל זיין זעהר צופרידען פון דער ערלויבעניש...

דאָ האָט ער זיך פּלוצלונג שרעקליך צוהוסט און א גאַנצע מינוט ניט געקענט איינשטילען דעם הוסט.

— דוכט זיך ער האלט שוין ביים שטאַרבען, און פונדעסטוועגען האלט עס נאָך רעדעס! — האָט אויסגעשריען ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוו־נא, ארויסלאָזענדיג זיין האנט און שיעור ניט מיט שרעק קוקענדיג ווי ער האָט אַפּגעווישט דאָס בלוט פון זיינע ליפּען, — ווי קומסטו צו רעדען! דו דארפסט דאָך איינפאַך געהן זיך אין בעט לעגען!...

— אזוי וועט אויך זיין — האָט שטיל, הייזעריג, און כמעט ווי שעפּטשענדיג געענטפערט איפּאָליט, — איך, ווי איך וועל זיך היינט נור אומקעהרען, וועל איך זיך תיכף לעגען... אין צוויי וואָכען ארום, ווי מיר איז באוואוסט, וועל איך שטארבען... מיר האָט עס לעצטע וואָך ב־ן אליין ערקלעהרט... איז אויב איהר וועט מיר ערלויבען וועל איך אייך ביים געזעגענען זיך, א פּאָאַר ווערטער זאָגען.

— ביזטו דען פון זינען אראָפּ, צו וואס? ס'איז א דומהייט! דו דארפסט זיך קורירען, ווי קומסטו איצט צו פיהרען געשפּרעכען! געה, געה לעג זיך! — האָט פון שרעק אויסגעשריען ליזאַוועטא פּראָקאָ־פּיעוונא.

— אָבער ווען איך וועל זיך לעגען, וועל איך דאָך שוין מעהר ניט אויפשטעהן ביז מיין טויט, — האָט א שמייכעל געטאָן איפּאָליט — איך האָב נאָך נעכטען געוואָלט זיך לעגען, אום ניט אויפצושטעהן מעהר, ביז'ן טויט, אָבער איך האָב באשלאָסען אָפּלעגען ביז איבער־מאָרגען, ביז וואנען די פיס טראָגען... כדי איך זאָל היינט מיט זיי אהער צוצוקומען... אָבער איך בין שוין זעהר מיעד...

— אָבער זעץ זיך, זעץ זיך, וואס שטעהסטו! אָט האָסטו א שטוהל! — האָט אויסגעשריען ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא און אליין איהם דערלאַנגט א שטוהל.

— איך דאנק אייך, — האָט שטיל פאַרטגעזעצט איפּאָליט — און איהר זעצט זיך אנטקעגען מיר, מיר וועלען א שמועס טאָן... מיר

וועלען אונבאדינגט א שמועס טאָן... ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, איצט באשטעה איך שוין אויף דעם... — האָט ער צו איהר ווידער א שמייכעל געטאָן — גיט נור א טראכט, אז איך בין היינט דעם לעצטען מאָל אי אויף דער לופט, אי מיט מענשען און אין צוויי וואכען ארום וועל איך זיכער ליגען אין דער ערד. הייסט עס, אז דאָס וועט זיין א מין געזעגעניש, אי מיט מענשען, אי מיט דער נאטור, און כאָטש איך בין ניט סענטימענטאל, אבער פונדעסטוועגען, שטעלט זיך פאָר, בין איך צופרידען וואָס דאָס אלץ האָט פּאסירט אין פּאוולאָווסק: קען מען כאָטש אויף בוימער און בלעטער א קוק טאָן!

— אָבער צו וואָס טויגען איצט די געשפּרעכען, — האָט זיך אלץ מעהר און מעהר געשראָקען ליזאוועטע פּראָקאָפּיעוונא — דו האָסט היץ, פריהער האָסטו געכריפּעט און געפּישטשעט און איצט קוים וואָס ער כאפּט דעם אָטעם, ער האָט זיך דערשטיקט!

— איך וועל זיך באלד אָפּרוהען, פאר וואָס ווילט איהר מיר אָפּזאָגען אין מיין לעצטען וואונש? און ווייסט איהר ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, אז איך האָב שוין לאנג געוואָלט זיך צוזאמענקומען מיט אייך; איך האָב פון אייך אסך געהערט... פון קאָליען; ער נור אליין לאָזט מיך ניט איבער... איהר זייט אן אָריגינעלע פרוי, אן עקסצענטרישע פרוי, איך האָב דאָס איצט אליין געזעהן... ווייסט איהר, אז איך האָב אייך אפילו אביסעלע געליעבט אויך?

— גאָט מיינער, און איך האָב איהם שיעור ניט דערלאנגט א קלאַפּ!

— אייך האָט אָפּגעהאלטען אגלאיא איוואנאָוונא, דוכט זיך, אז איך מאך קיין טעות ניט? זי איז אזוי שעהן, אז איך האָב פונ׳ם ערשטען בליק פארשטאַנען, אז דאָס איז זי, כאָטש איך האָב זי קיינמאָל ניט געזעהן. לאָזט מיר כאָטש, אין דער לעצטער מינוט פון מיין לעבען אויף א שעהנהייט א קוק צו טאָן. האָט מיט אזא אונגעשיקטען און קרומען שמייכעל א שמייכעל געטאָן איפּאָליט. — אָט איז דאָ דער פירשט, און אייער מאן, און די גאנצע קאָמפּאניע. פאר וואס זאגט איהר מיר אָפּ אין מיין לעצטען וואונש?

— א שטוהל! — האָט א געשריי געטאָן ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, נור זי האָט אליין געכאפּט און זיך געזעצט אנטקעגען אי־

פּאָליט'ן, — קאָליא, האָט זי באַפוילען — וועסט גלייך מיט איהם אַוועק, באַגלייט איהם, און מאָרגען וועל איך אונבאַדינגט אַליין...

— ווען איהר וואָלט ערלויבט, וואָלט איך געבעטען ביים פּירשט אַ גלעזעל טהיי... איך בין זעהר מיעד, ווייסט איהר גאָר וואָס. ליזאַ־וועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ, איהר האָט דוכט זיך געוואָלט פיהרען דעם פּירשט צו זיך, טרינקען טהיי; בלייבט דאָ, לאָמיר פאַרברענגען די צייט צוזאַמען, און דער פּירשט וועט אודאי אונז אַלעמען געבען טהיי. ענט־שולדיגט וואָס איך באַלעבאַטעווע אַזוי... אָבער איך קען דאָך אייך, איהר זייט אַ גוטע, דער פּירשט אויך... מיר אַלע זיינען ביז קאָמיזם זעהר גוטע מענשען...

דער פּירשט איז געוואָרען אומרוהיג. לעבעדעוו האָט זיך גע־לאָזט לויפען פון צימער, נאָך איהם איז אַוועקגעלאָפען ווערא.

— עס איז אמת, — האָט שאַרף באַשלאָסען די גענעראַלשע—רעד, נור שטיל און קאָך זיך נישט. דו האָסט מיר מיין האַרץ ווייך געמאַכט... פּירשט! דו ביזט ניט ווערטה, איך זאָל ביי דיר טרינ־קען טהיי, נור זאָל שוין זיין אַזוי, איך בלייב, כאָטש איך בעט ביי קיינעם קיין פאַרצייאונג ניט! ביי קיינעם ניט! דומהייטען! איבע־ריגענס, ווען איך האָב דיך אויסגעזידעלט, פּירשט, טאָ פאַרצייַ מיר, — איבעריגענס, אויב דו ווילסט. איך איבעריגנעס, האַלט קיינעם ניט אָפּ. האָט זי זיך פּלוצלינג געווענדט ווי מיט צאָרען צום מאַן און די טעכטער, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך אין עפּעס פאַר איהר שרעקליך פאַר־זינדיגט — איך וועל אַליין אויך קענען אהיים קומען...

נור מען האָט איהם ניט געלאָזען ענדיגען. אַלע זיינען אונטערגע־קומען און איהר אַרומגערינגעלט פּאַרטיג איהר צו דינען. דער פּירשט האָט תיכף אָנגעהויבען אַלעמען בעטען, אַז מען זאָל בלייבען טרינקען טהיי, און ער האָט זיך ענטשולדיגט וואָס איהם איז דאָס ביז איצט נאָר ניט איינגעפאַלען. אפילו דער גענעראַל איז געוואָרען אַזוי פריינד־ליך, אַז ער האָט אַרויסגעמורמעלט עפּעס באַרוהיגענדעס, און האָט ליבליך געפרעגט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ: „איז איהר ניט צו לופ־טיג אויף דער טעראַסע?" ער האָט אפילו שיעור ניט אַ פרעג געטאָן איפּאָליט'ן: „צו ער געהט שוין לאַנג אין אוניווערזיטעט?" נור ער האָט ניט געפרעגט. עווגעני פּאַוולאָוויטש און דער פּירשט שטש. זיי־נען מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי ליבליך און פרעהליך, אויף די געזיכטער

פון אדעלאַאידא און אלעקסאנדרא האָט זיך אפילו אויסגעדריקט אין דער פאַרטגעזעצטער פאַרוואונדערונג — פאַרגעניגען. מיט איין וואָרט, אלע זיינען קענטיג געווען צופרידען. וואס עס איז דורכגעגאנגען דער קריזיס מיט ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, נור איין אגלאיא איז געווען אנגעכמורעט און זיך שווייגענד געזעצט פון דער ווייטען, געבליבען איז אויך די איבעריגע קאָמפּאניע; קיינער האָט ניט געוואָלט אוועק־געהן אפילו דער גענעראל איוואלגין, וועלכען לעבעדעוו האָט פארביי־געהענדיג עפּעס ארייננעשושקעט. זיכער, ניט קיין גאָר אנגענעהמעס, ווייל דער גענעראל האָט זיך תיכף איינגעקאָרטשעט ערגעץ אין א ווינ־קעלע. דער פירשט איז צוגעקומען מיט אן איינלאדונג צו בורדאָווסקי'ן מיט דער קאָמפּאניע, ניט פאַרפעהלענדיג קיינעם פון זיי. זיי האָבען ארויסגעמורמעלט מיט אן אנגעצויגענער מינע, אז זיי וועלען אפּוואר־טען אויף איפּאליטען, און זיי האָבען זיך גלייך פאררוקט אין א ווייטען ווינקעל פון דער טעראסע, וואו זיי האָבען זיך ווידער צוזעצט אלע צו־זאמען. זיכער, אז לעבעדעוו האָט שוין געווען צוגעגרייט טהיי פאַר זיך, ווייל ער איז טאַקע גלייך געקומען. דער זייגער האָט געשלאָגען עלף.

---

## צעהנטער קאַפּיטעל.

איפּאָליט האָט איינגענעצט די ליפּען אין טאַזע טהיי, וועלכע ווערא לעבעדעוו האָט איהם דערלאַנגט, האָט אוועקגעשטעלט די טאַזע אויפ'ן טישעל, און האָט פּלוצלונג ווי ער וואָלט זיך פארשעהמט, כמעט פארווירט זיך אומגעקוקט ארום זיך.

— גיט נור א קוק אָן ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא, אָט די טאַזען.

— האָט ער זיך עפּעס מאָדנע געאיילט צו רעדען, — דאָס זיינען פּאַרפּאַר־טאַזען, שטעהען ביי לעבעדעוו'ן שטענדיג אין שיפאַניר אונ־טער'ן גלאָז, פאַרמאַכטע, מען דערלאַנגט אין זיי קיינמאָהל ניט... ווי עס פיהרט זיך, האָט ער דאָס געקראָגען אין נדן צו זיין פרוי... ביי זיי

פיהרט זיך אזוי... און אַט האָט ער זיי אונז דערלאַנגט, פון אייער עהרע וועגען, פארשטעהט זיך, אזוי דערפרעהט האָט ער זיך...

ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס צוגעבען, נור ער האָט מעהר ניט געקאָנט.

— ער האָט זיך ענדליך דאָך פארשעהמט, איך האָב דאָס ערוואַרטעט! — האָט פּלוצלינג עווגעני פּאוולאָוויטש ארייננעשושקעט אין אויער דעם פירשט — דאָס איז דאָך געפעהרליך, יאָ? דער בעסטער סמן, אז איצט וועט ער פון בייזקייט, אזא מין משוגעת ארויסוואַרפען, אז אפילו ליזאוועטא פראָקאָפּיעוונא וועט ניט קענען בלייבען זיצען.

דער פירשט האָט איהם פרעגענד אָנגעקוקט.

— איהר האָט קיין מורא ניט פאר עקסצענטרישקייטען? — האָט צוגעגעבען עווגעני פּאוולאָוויטש, — איך אויך ניט, איך האָב עס אפילו גערן; איך וויל בלויז אז אונזער גוטע ליזאוועטא פראָקאָפּיעוונא זאָל קריגען איהר שטראָף, און אונבאדינגט היינט נאָך, איצט נאָך, אהן דעם וויל איך ניט אוועקגעהן. איהר האָט, דוכט זיך, פיעבער?

— שפּעטער, שטערט ניט, יע, איך בין ניט געזונט, — האָט צורטראָגען און אפילו אומגעדולדיג געענטפערט דער פירשט. ער האָט דערהערט זיין נאָמען, איפּאליט האָט גערעדט וועגען איהם.

— איהר גלויבט ניט? — האָט היסטעריש געלאַכט איפּאליט — אזוי דאַרף עס זיין. און דער פירשט וועט אין דעם גלייך גלויבען און וועט זיך גאר ניט וואונדערן.

— הערסט, פירשט? — האָט זיך צו איהם אומגעדרעהט ליזאַוועטא פראָקאָפּיעוונא — הערסט?

פון אלע זייטען האָט מען געלאַכט. לעבעדעוו האָט זיך שטארק באַשעפטיגטערהייט געשטופּט פאָראויס און זיך געדרעהט ארום ליזאַוועטא פראָקאָפּיעוונא סאמע אונטער'ן נאָז.

— ער זאָגט, אז אַט דער פּארקרימעניש, דיין בעל־הבית... האָט יענעם הערר דעם ארטיקעל פאַרריכט, וועלכען מען האָט פריהער געלייענט אויף דיין רעכענונג.

דער פירשט האָט מיט פארוואונדערונג אנגעקוקט לעבעדעוו'ן.

— וואָס זשע שווייגסטו? — האָט אפילו א טופּע געטאָן מיט'ן פוס ליזאַוועטא פראָקאָפּיעוונא.

— מילא, וואָס קען דאָ זיין, — האָט ארויסגעמורמעלט דער פירשט, פארטזעצענדיג אַנקוקען לעבעדעוו'ן. — איך זעה שוין, אז ער האָט פארריכט.

— ס'איז אמת? — האָט ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא האסטיג זיך אומגעדרעהט צו לעבעדעוו'ן.

— די ווארהייט זעלבסט, אייער עקסעלענץ, — האָט פעסט און זיבער געענטפערט לעבעדעוו, צולעגענדיג די האנט צום הארצען.

— ס'קוקט אויס, אז ער שטאָלצירט נאָך דערמיט! — איז זי שיעור ניט אויפגעשפּרונגען פון שטוהל

— איך בין נידעריג געפאלען, נידעריג! — האָט געמורמעלט לעבעדעוו, אָנהויבענדיג זיך קלאַפּען אין ברוסט און אלץ נידעריגער און נידעריגער ארונטערלאָזענדיג דעם קאָפּ.

— אָבער וואָס קומט מיר ארויס, וואָס דו ביזט נידעריג! ער דענקט אז ווען ער וועט זאָגען: נידעריג, וועט ער זיך אויסדרעהען. און ווי שעהמסטו זיך ניט, פירשט, ארומפיהרען זיך מיט אזעלכע מענשעלאַך? איך זאָג דאָס דיר נאָכאמאָהל, איך וועל עס דיר קיינמאָהל ניט מוחל זיין!

— דער פירשט וועט מיר מוחל זיין! — האָט מיט איבערצייגונג און געפיהל ארויסגעזאָגט לעבעדעוו.

— בלויז אויס פיינקייט, — האָט הויך און קלינגענד זיך צורעדט דער פלוצלינג אונטערשפּרינגענדער קעלער, זיך גלייך ווענדענדיג צו ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא — איינציג בלויז אויס פיינקייט. מיין הארינטע, און אום ניט ארויסצוגעבען א פארשעהמטען פריינד, האָב איך פריהער ניט אויסגעזאָגט וועגען די פאררירכטונגען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט פארגעשלאָגען, אז מען זאָל אונז ארונטערלאָזען פון די טרעפּ, ווי איהר האָט אליין באַוויליגט צו הערען. אום פעסטצושטעלען די ווארהייט, בין איך זיך מודה, אז איך האָב זיך טאקע געווענדט צו איהם, פאר זעקס רובעל, אבער ניט צוליב דעם ער זאָל מיר העלפען שרייבען, נור איינפאך אום צו באַקאָנען זיך מיט פאקטען, וועלכע זיינען מיר אממעהרסטען געווען אומבאַקאַנט; איך האָב זיך געווענדט צו איהם ווי צו א מענשען, אויף וועלבען מעי קען זיך פארלאָזען. וועגען די שטיוולעטען, וועגען דעם אפּע־

טים ביי דעם שווייצארישען פּראָפעסאָר, ווענען די פופציג רובעל אנ־
שטאט די צוויי הונדערט און פופציג, מיט איין וואָרט, אַט די גאַנצע
גרופּירונג, אַט דאָס אַלץ באַלאַנגט צו איהם, פאַר זעקס רובעל, אבער
דעם סטיל האָט ער ניט פאַרריכט.

— איך מוז באַמערקען, — האָט מיט אַ פיבערישער אומגעדול־
דיגקייט און מיט אזא קריכענדער שטימע איהם איבערגעשלאָגען לע־
בעדעוו, ביי דעם אַלץ שטייגענדען און שטייגענדען געלעכטער, — אַז
איך האָב פאַרריכט בלויז די ערשטע העלפט פון דעם אַרטיקעל, נור
אַזוי ווי אין מיטען האָבען מיר זיך ניט געקענט אייניגען אויף איין
פּונקט האָבען מיר זיך צוקריגט, דעריבער האָב איך די צווייטע העלפט
גאָר ניט פאַרריכט, אַזוי דאָס אויב אַלץ איז דאָרטען אונגראַמאַטיקאַ־
ליש, (און דאָרטען איז אונגראַמאַטיקאַליש!), זאָלט איהר מיר עס
ניט צושרייבען...

— אַט ווענען וואָס איהם געהט אין לעבען! — האָט אויסגע־
שריען ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא.

— ערלויבט מיך צו פרעגען, — האָט זיך געווענדעט פּאַוולאָוויטש
געוועוועגדעט צו קעלער׳ן — ווען האָט ער פאַרריכט דעם אַרטיקעל?

— נעכטען אין דער פריה, — האָט ראַפּאָרט־מעסיג געענטפערט
קעלער — מיר האָבען זיך געטראָפען, מיט דער פאַרזיכערונג פון אָן
עהרען־וואָרט, אַז ביידע צדדים זאָלען האַלטען דעם סעקרעט.

— דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען ער האָט געפּויזעט פאַר
דיר און דיך פאַרזיכערט אין זיין טריישאַפט. נו, מענשעלאַך! איך
דאַרף ניט דיין פּושקין, און אויך דיין טאָכטער זאָל צו מיר ניט קו־
מען!

ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא האָט זיך געוואָלט אויפשטעלען, נור
פּלוצלינג האָט זי זיך אויפגערעגט געווענדעט צו דעם לאַכענדען אי־
פּאָליט:

— וואָס איז מיט דיר, טהייערינקער? וואָס, דו דענקסט פון מיר
חוזק מאַכען, צו וואָס?

— זאָל גאָט באַהיטען, — האָט קרום געשמייכעלט איפּאָליט —
נור מיך וואונדערט מעהר פון אַלץ אייער גוואַלדיגע עקסצענטרישקייט.
ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא; איך בין זיך מודה, אַז איך האָב אומישנע
אַרויפגעפיהרט ווענען לעבעדעוו׳ן, איך האָב געוואוסט, ווי עס וועט

אויף אייך ווירקן. אויף אייך אליין בלויז, ווייל דער פירשט וועט טאַקע אין אמת'ן פאַרצייען און ער האָט שוין אודאי פאַרציימ... ער האָט ש'יין ביי זיך אין מוח געווים אויך אויסגעזוכט אַן ענטשולדי־גונג, ס'איז דאָך אַזוי פירשט, אַ יאָ?

ער האָט שווער געאָטעמט, זיין מאָדנע אויפרעגונג איז געשטי־גען מיט יעדן וואָרט.

— נו!... — האָט צאָרענדיג ארויסגעזאָגט ליזאוועטא פּראָקאָ־פּיעוונא, וואונדערענדיג זיך אויף דעם טאָן פון זיין רעדן: — נו?

— וועגן אייך האָב איך שוין פיל געהערט, אויף דעם אופן... מיט גרויס פרייד... האָב איך זיך אויסגעלערנט אייך זעהר צו אכ־טען. — האָט פאָרטגעזעצט איפּאָליט.

ער האָט גערעדט איין זאַך, אבער אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט טאַקע מיט די דאָזיגע ווערטער זאָגן אַן אנדער זאַך. ער האָט גערעדט מיט עטוואס איראָני און אין דער זעלבער צייט האָט ער זיך שרעק־ליך אויפגערעגט. האָט זיך מיט צווייפעל אומגעקוקט אין אלע זייטן. קענטיג, אז ער האָט זיך געפּלאָנטעט אויף יעדן וואָרט, אַזוי דאָס אלעס דאָס צוזאמען מיט זיין שווינדזיכטיגען אויסזעהן און מיט דעם מאָדנעם, בליצענדען און אַזוי ווי ווילדען בליק, האָט ניט ווילענדיג צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאמקייט.

— איך וואָלט זיך, איבעריגענס, אין גאַנצען גע'חידוש'ט, ניט קענענדיג די וועלט. (איך בין זיך אין דעם מודה). אויף דעם, וואָס ניט נור זייט איהר דאָ אליין געבליבען אין דער געזעלשאַפט פון אונ־זער פריהערדיגער, אבער פאַר אייך ניט אנשטענדיגער קאָמפּאַניע, נור איהר האָט אויך איבערגעלאָזט זיי... די מיידלאַך אויסצוהערען אַן עסק, אַ סקאַנדעליעזען, כאָטש זיי האָבען שוין אלץ געלעזען אין די ראָמאַנען; איבעריגענס, איז אבער, ווייס איך אפשר ניט... ווייל איך מאַך טעות'ן, אבער אויף יעדן פאַל, ווער אויסער אייך וואָלט גע־קענט דאָ בלייבען... אויף דער ביטע פון אַ אינגעל! (נו, געוויס אַ אינגעל, איך בין זיך ווידער מודה). צו פאַרברענגען מיט איהם אַן אָוונט און אנטהייל נעהמען... אין אלץ... און מיט דעם... וואָס אויפ'ן צווייטען טאָג וועט זיין אַ חרפּה (איבעריגענס, שטים איך איין, אז איך דריק זיך אויס ניט ריכטיג) אָט דאָס אלעס לויב איך זעהר און אכטע טיף, כאָטש מען זעהט שוין אויפ'ן פּנים פון זיין עקסעלענץ, אייער

פּאַן, ווי דאָס אַלץ איז פאר איהם דערווידער... כי־כי! האָט ער זיך צוכיכיקעט, פאַרפּלאָנטענדיג זיך אין גאַנצען און פּלוצלונג האָט ער זיך אַזוי צוהוסט, אַז אַ פּאַר מינוט האָט ער ניט געקענט פּאַרטזעצען.

— ער איז זיך אַזש פאַרגאַנגען! — האָט קאַלט און שאַרף אַרויסגעזאָגט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ באַטראַכטענדיג איהם מיט שטרענגע נייגעריגקייט, — נו, ליעבער אינגעל, גענוג שוין מיט דיר, שוין צייט!

—ערלויבט זשע, גנעדיגער הער, פון מיין זייט אייך צו באַ־מערקען, — האָט פּלוצלינג אויפגערעגט אָנגעהויבען רעדען איוואַן פּיאָדאָראָוויטש, וועלכער האָט פאַרלאָרען דאָס לעצטע ביסעל געדולד, — אַז מיין פרוי איז דאָ ביים פירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש, אונזער אַל־געמיינעם פריינד און שכן, און אַז יעדענפאַלס, איז ניט פאר אייך, יונגער מענש, צו אורטהיילען וועגען די האַנדלונגען פון ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ, פּונקט דאָס זעלבע ווי אויסצודריקען זיך אויפ'ן קול און אין די אויגען וועגען דעם וואָס ס'איז אָנגעשריבען אויף מיין פּנים. יע, און ווען מיין פרוי איז דאָ געבליבען, האָט ער פּאָרטגעזעצט, ווערענדיג אַלץ אויפגערעגטער מיט יעדען וואָרט — איז דאָס גיכער, מיין הער, אויס פאַרוואונדערונג און מען מוז עס צורעכענען צו דער נייגירדע פון היינטיגער צייט, צו אַ קוק טאָן אויף מאָדנע יונגע מענ־שען, איך אַליין בין אויך געבליבען, ווי מען שטעלט זיך אָפּ אַמאָל אין גאַס, ווען מען זעהט עפּעס, אויף וואָס מען קען אַ קוק טאָן ווי... ווי... ווי...

— אויף אַן אויסנאַהם זאַך, — האָט אונטערגעזאָגט עווגעני פּאַוולאָוויטש.

— אויסגעצייכענט און ריכטיג, האָט זיך זיין עקסעלענץ וואָס האָט זיך אביסעל פאַרפּלאָנטעט אין אַ פאַרגלייכונג, דערפרעהט, — טאַקע נור ווי אויף אַן אויסנאַהם־זאַך. נור אַלענפאַלס איז מיר מעהר וואונדער און עס פאַרשאַפט מיר מעהר אונאַנגענעהמליכקייט, וואָס איהר יונגער מענש, האָט אפילו דאָס ניט געקאָנט פאַרשטעהן, אַז ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט זיך איצט אָפּגעשטעלט מיט אייך, ווייל איהר זייט קראַנק — (אויב איהר שטאַרבט טאַקע אין אמת'ן אַוועק) אַזוי צו זאָגען פון מיטגעפיהל, פאַר אייערע מיטלייד־וועקענדע ווער־טער, מיין הערר„ און אַז קיין שום שמוץ, קען אין קיין שום פאַל ניט

צוקלעפּען זיך צו איהר נאָמען, מעלות, און וויכטיגקייט... ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונא! — האָט פאַרענדיגט דער רויט געוואָרענער גענעראל — ווען דו ווילסט גיהן, טאָ לאָמיר זיך זעגענען מיט אונזער גוטען פירשט און...

— איך דאַנק אייך פאַר דער לעקציע, גענעראל, — האָט ערנסט און אונערוואַרטעט איבערגעריסען איפּאָליט, פאַרטראַכטערהייט קוקענדיג אויף איהם.

— קומט, מאַמע, ווי לאַנג נאָך איז דער שיעור!... — האָט אומגעדולדיג און צאָרענדיג אַרויסגעזאָגט אַגלאַיאַ, אויפשטעהענדיג פון שטוהל.

— נאָך צוויי מינוט, טהייערער איוואַן פיאָדאָראָוויטש. ווען דו ווערסט ערלויבען, האָט זיך ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונא מיט ווירדע געווענדעט צו איהר מאַן — מיר דוכט זיך, אַז ער איז אין גאַנצען אין פיבער, און ער רעדט איינפאַך פון הייץ; איך בין אין דעם איבערצייגט קוקענדיג אויף זיינע אויגען. אַזוי איהם איבערלאָזען טאָר מען ניט. לעוו ניקאָלאַיעוויטש! קען ער ביי דיר איבערנעכטיגען, אַזוי, אַז מען זאָל איהם היינט ניט דאַרפען שלעפּען אין פּעטערבורג? טהייערער פּרינץ, אייך איז ניט אומעטיג? — האָט זי זיך פּלוצלינג גאָר געווענדעט צו פירשט שטש. — קום אַהער, אַלעקסאַנדראַ, פאַרריכט זיך די האָר, פריינד מיינער!

זי האָט איהר פאַרריכט די האָר, וועלכע מען האָט גאָר ניט געדאַרפט פאַררריכטען און האָט זי אַ קוש געטאָן; צוליב דעם נור האָט זי איהר גערופען.

— איך האָב אייך גערעכענט אַלס פעהיג צו ענטוויקלען זיך... — האָט ווידער אָנגעהויבען רעדען איפּאָליט, אַרויסגעהענדיג פון זיין פאַרטראַכטקייט — יע! אָט וואָס איך האָב געוואָלט זאָגען — האָט ער זיך דערפרעהט וואָס ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָהנט — אָט נעהמט בורדאָווסקי'ן, ער וויל באמת באַשיצען זיין מוטער, איז דאָס אמת צי ניט? און עס קומט אויס, אַז ער מאַכט איהר צו שאַנדע. אָט וויל דער פירשט העלפען בורדאָווסקי'ן און ער שלאָגט איהם פאַר פון ריינעם הארצען זיין ערליכע פריינדשאַפט און קאַפּיטאַל, און מעגליך, אַז קיינער פון אייך פיהלט ניט צו איהם קיין פאַראַכטונג, און פונ־

דעסטוועגען אַט שטעהען זיי איינער אַנטקעגען דעם צווייטען, ווי אמת'ע פיינד... כאַ־כאַ־כאַ! איהר האָט אַלע פיינט בורדאַווסקי'ן דער־פאַר וואָס ער באַציהט זיך, לויט אייער מיינונג, ניט שעהן און ניט פיין צו זיין מוטער. ס'איז דאָך אַזוי? אַזוי? איהר אַלע האָט דאָך אַזוי שרעקליך ליב שענקייט און פיינקייט פון פאָרמען, נור פון זיי האַלט איהר, איאַ ס'איז אַזוי? (איך האָב שוין לאַנג חושד געווען, אַז נור פון זיי). נו, טאַ ווייסט־זשע, אַז קיינער פון אייך, קען געבען, האָט אַזוי ניט ליב געהאַט זיין מוטער ווי בורדאַווסקי! איהר פירשט, ווייס איך, האָט אוועקגעשיקט, אין דער שטיל, געלט, דורך האַנעטשקאַ, צו בורדאַווסקי'ס מוטער, און אַט וועל איך זיך מיט אייך וועטען (כי־כי־כי! — האָט ער היסטעריש געלאַכט). איך וועל זיך מיט אייך וועטען, אַז בורדאַווסקי וועט אייך איצט באַשולדיגען אין ניט עדעלקייט פון פאָרם און אין אונאַכטונג צו זיין מוטער. ביי גאָט, עס איז אַזוי, — כאַ—כאַ—כאַ!

דאַ האָט ער זיך ווידער פאַרגאַנגען און זיך פאַרהוסט.

— נו, אַלץ? שוין איצט אַלץ, אַלץ געזאָגט? נו, טאַ געה שוין איצט שלאָפען, — האָט אומגעדולדיג איבערגעשלאָגען ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ, וועלכע האָט פון איהם ניט אַרונטערגענומען איהר אומרוהיגען בליק. — אַך, גאָט מיינער! און ער רעדט נאָך אַלץ!

— איהר דוכט זיך לאַכט? וואָס לאַכט איהר אַלץ פון מיר? איך האָב באַמערקט, אַז איהר האַלט נור אין איין לאַכען פון מיר? — האָט איפּאָליט אומרוהיג און נערוועז זיך פלוצלונג געווענדט צו יעווגעני פּאַוולאָוויטש, יענער האָט טאַקע געלאַכט.

—איך האָב בלויז געוואָלט אייך פרעגען הערר... איפּאָליט... ענטשולדינט, איך האָב פאַרגעסען אייער פאַמיליע.

— הערר טערענטיעוו, — האָט געזאָגט דער פירשט.

— יע, טערענטיעוו, איך דאַנק אייך, פירשט, איהר האָט פריהער געזאָגט נור ביי מיר איז דאָס אַרויסגעפלויגען... איך האָב אייך געוואָלט פרעגען, הערר טערענטיעוו, איז דאָס אמת, וואָס איך האָב געהערט, אַז איהר זייט מיט דער מיינונג, אַז איהר דאַרפט ניט מעהר ווי רעדען אַ פערטעל שטונדע מיט'ן פאָלק און ער וועט אין אַלץ מיט אייך איינשטימען און וועט תיכף אוועק נאָך אייך?

— מעגליך, אַז איך האָב דאָס געזאָגט... — האָט געענטפערט

איפּאָליט, ווי דערמאָהנענדיג זיך אָן עפּעס — כ'האָב זיכער געזאָגט!
— האָט ער פּלוצלינג צוגעגעבען, ווידער ווערענדיג באַלעבאָט און שטרענג אַ קוק טוענדיג אויף עווגעני פּאַוולאָוויטש, וואָס זשע איז דערפון געדרונגען?

— גאָרנישט, איך האָב בלויז געוואָלט זיך ערקונדיגען.

עווגעני פּאַוולאָוויטש איז אַנטשוויגען געוואָרען, אָבער איפּאָליט האָט נאָך אַלץ אויף איהם געקוקט אין אומגעדולדיגער ערוואַרטונג.

— נו, וואָס, האָסט שוין געענדיגט? — האָט ליזאַוועטאַ פּראָ־קאָפּיעוונאַ זיך געווענדט צו עווגעני פּאַוולאָוויטש — ענדיגט שנע־לער, טאַטעלע, איהם איז צייט שלאָפען געהן, אָדער אפשר קענסטו ניט? (זי איז געווען אין אַ שרעקליכער ערגערניש).

— איך בין אפשר גאָר ניט דאַגעגען צוגעגעבען, — האָט שמייכ־לענדיג פאָרטגעזעצט עווגעני פּאַוולאָוויטש — אַז אַלץ וואָס איך האָב אויסגעהערט פון אייערע חברים, הערר טערענטיעוו און אַלץ וואָס איהר אַליין האָט דאָ ערשט ערקלעהרט, און מיט אַזאַ אונצווייפעלהאַפטען טאַלאַנט, קומט צו בסך הכל, לויט מיין מיינונג, צו דער טהעאָריע פון דעם טריאומף פון רעכט, פריהער פון אַלץ און פאַרביי אַלץ, און אפילו מיט דער אויסשליסונג פון אַלעס איבעריגעס, און אפילו, קען געבען, נאָך פריהער פון דער אויספאָרשונג, וואָס מיינט רעכט? אפשר מאַך איך אַ טעות?

— אודאי מאַכט איהר אַ טעות, איך פאַרשטעה אייך אפילו ניט... ווייטער.

פון ווינקעל האָט זיך אויך דערהערט אַ געמורמעל. לעבעדעוו'ס פּלעמיאַניק האָט עפּעס אַרויסגעמורמעלט אין דער שטיל.

— ווייטער, כמעט ניט מעהר, — האָט פאָרטגעזעצט עווגעני פּאַוולאָוויטש — איך האָב בלויז געוואָלט באַמערקען, אַז פון דעם דאָזיגען ענין קען מען גלייך אַריבערשפּרינגען אויף דעם רעכט פון מאַכט, דאָס הייסט אויף דער רעכט פון דעם איינצעלנעמס קולאַק און פּערזענליכען חשק, ווי איבעריגענס, עס האָט זיך גאַנץ אָפט געענדיגט אויף דער וועלט. אָט האָט איהר זיך דאָך אויך אָפּגעשטעלט אויף דער רעכט פון מאַכט. אין דער אַמעריקאַנישער מלחמה, האָבען פיעלע פאַר־ווערטס שטרעבענדע ליבעראַלען, זיך ערקלעהרט צו גונסטען פון די פּלאַנטאַטאָרס, אויף דעם גרונד, אַז נעגערס זיינען בלויז נעגערס, ני־

דעריגער פון דער ווייסער ראסע, און דאָס מיינט, אז די רעכט פון מאכט איז פאר די ווייסע...

— נו?

— אלזא, הייסט עס, אז איהר לייקענט ניט אָפּ דאָס רעכט פון מאכט?

— ווייטער?

— איהר זייט אזוי קאָנסעקווענט; איך האָב בלויז געוואָלט באמערקען, אז פון דער רעכט פון מאכט ביז דער רעכט פון טיגערס און קראָקאָדילען און אפילו ביז דאניל'או'ען און גארסקי'ן איז ניט ווייט.

— איך ווייס ניט; ווייטער?

איפּאָליט האָט קוים געהערט עווגעני פּאוולאָוויטש'ן, וועלכער, ווען ער האָט אפילו געזאָגט „נו" און „ווייטער", האָט זיך עס אויסגעדוכט, אז דאָס איז בלויז פון אלטער געוואוינהייט אין געשפּרעך, אָבער ניט פון אויפמערקזאמקייט און נייגעריגקייט.

— קיין ווייטער. דאָס איז אלץ.

— איך, איבעריגענס, בין אויף אייך ניט אין כעס, — האָט גאָר אונערווארטעט פאָרענדיגט איפּאָליט און קוים ווייסענדיג וואָס ער טוט, אויסגעצויגען די האַנט, אפילו מיט א שמייכעל. עווגעני פּאוולאָוויטש האָט זיך פון אָנפאנג פאַרוואונדערט, נור ער האָט מיט דעם סאמע ערנסטסטען אויסזעהן, זיך צוגעריהרט צו דער אויסגעשטרעקטער האַנט, פּונקט ווי ער וואָלט אָנגענומען א פארצייאונג.

— איך מוז אָפּגעבען אייך, — האָט ער געזאָגט, — מיט דעם זעלבען צוויי דייטיג עהרווירדיגען טאָן — מיין דאנקבארקייט פאר דער אויפמערקזאמקייט, מיט וועלכער איהר האָט מיר געלאָזט רעדען, ווייל, לויט מיינע אָהנצאָהליגע באאָבאכטונגען איז קיינמאָל אונזער ליבעראל ניט בכח צוצולאָזען באזונדערע מיינונגען, און ניט ענטפערען גלייך אויפ'ן אָרט זיין אָפּאָנענט מיט זידלערייען און מיט עפּעס נאָך ערגערס...

— דאָס איז גאנץ ריכטיג, — האָט באמערקט דער גענעראל איוואן פיאָדאָראָוויטש, און פארלעגענדיג די האַנט אויפ'ן רוקען, האָט ער מיט דעם אומעטיגסטען אויסזעהן זיך אָפּגעקעהרט צום ארויסגאַנג פון טעראסע, וואו ער האָט פון ערגערניש א געגעץ געטאָן.

— נו, גענוג שוין טאַטעלע, — האָט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ פּלוצלינג ערקלעהרט עווגעני פּאַוולאָוויטש'ן — איהר האָט שוין מיר דערעסען...

— שוין צייט, — האָט באַזאָרגט און שיעור ניט מיט שרעק זיך אויפגעהויבען איפּאָליט, צומישטעהרהייט בליקענדיג ארום זיך, — איך האָב אייך פאַרהאַלטען; איך האָב אייך געוואָלט אַלעס זאָגען... איך האָב געדענקט, אז אלע... דעם לעצטען מאָל... דאָס איז געווען א פּאַנ־טאַזיע...

עס איז קענטיג געווען, אז ער האָט זיך באַפרייט אין מינוטנע הינרייסונגען, פון דעם אמת'ען רעדען פון היץ, פלעגט זיך באַפרייען אויף אַן אויגענבליק, און ער פלעגט מיט אמאָל מיט פולען פאַרשטאַנד זיך דערמאַהנען און רעדען, דעם גרעסטען טהייל, שטיקלעכווייז, קאַן זיין, שוין פון לאַנג אַן דורכגעטראַכטע און איינגע'חזר'טע, אין די לאַנגע אומעטיגע שטונדען פון זיין קראַנקהייט, אויפ'ן בעט, אין איינ־זאַמקייט און שלאָפלאָזיגקייט.

— נו, זייט געזונד! — האָט ער פּלוצלינג שאַרף ארויסגעזאָגט — איהר דענקט, אז מיר איז לייכט אייך צו זאָגען: זייט געזונד? כאַ—כאַ! — האָט ער אליין ערגערליך א שמייכעל געטאָן אויף זיין מאָדנער פראַגע, און מיט אמאָל, ווי בייז ווערענדיג, וואָס איהם גע־לינגט אלץ ניט צו זאָגען דאָס וואָס ס'ווילט זיך, האָט ער הויך און אויפגערעגט געזאָגט: אייער עקסעלענץ! איך האָב די עהרע אייך איינצולאַדען צו מיר אויף דער לויה, ווען איהר ווערט מיר נור ווע־לען אַנטאָן אזא עהרע און... אייך אלעמען מיט'ן גענעראַל.

ער האָט זיך ווידער צולאַכט; נור דאָס איז שוין געווען א גע־לעכטער פון א משוגע'נעם. ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט זיך א דער־שראָקענע א לאָז געטאָן צו איהם און איהם אָנגעכאַפּט ביים האַנט. ער האָט אויף איהר געקוקט דורכדרינגענדיג, מיט דעם זעלבען געלעכטער, נור וועלכער האָט שוין אויפגעהערט, ער האָט זיך ווי אָפּגעשטעלט און פאַרגליווערט געוואָרען אויף זיין פּנים.

— ווייסט איהר, אז איך בין געקומען אהער, כדי צו זעהן בוי־מער? אָט די דאָזיגע... (ער האָט אָנגעצייגט אויף די בוימער פון פּאַרק). איז דאָס ניט קאָמיש, האַ? אבער דאַ איז דאָך גאָר קיין קאָ־

מישעס נימא, — האט ער ערנסט געפרעגט ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא הויבען דעם קאָפּ און האט נייגעריג גענומען זוכען מיט די אויגען צווישען פובליקום. ער האט געזוכט עווגעני פּאוולאָוויטש, וועלכער איז געשטאַנען ניט זעהר ווייט, רעכטס, אויף דעם זעלבען פּלאַץ ווי פריהער, — נור ער האט שוין פארגעסען און געזוכט אין אלע זייטען:— א, איהר זייט ניט אוועק! האט ער איהם ענדליך געפונען — איהר האט פריהער אלץ געלאכט, וואס איך האב אין פענסטער געוואלט רע־ און פלוצלינג זיך פארטראכט; און דערנאך אין א וויילע ארום, אויפגעדען א פערטיל שטונדע... און ווייסט איהר, אז מיר איז ניט אכצעהן יאהר; איך בין אזוי פיעל אפּגעלעגען אויפ׳ן קישען, און אזוי פיעל אנגעקוקט זיך אין דעם דאָזיגען פענסטער, און אזוי פיעל איבערגעטראכט... וועגען אלעמען... אז... ביי א טויטען צעהלט מען ניט די יאהרען... איהר ווייסט עס... איך האב נאך לעצטע וואך וועגען דעם געדענקט, ווען איך האב זיך אויפגעכאפּט ביי נאכט... און ווייסט איה־ פאר וואס איהר האט מורא מעהר פון אלץ? איהר האט מעהר פון אלץ מורא פאר אונזער אפּענהערציגקייט, כאטש איהר פאראכטעט אונז! אויך וועגען דעם האב איך געטראכט אויפ׳ן קישען דאן ביינאכט... איהר דענקט, אז איך האב פריהער פון אייך געוואלט לאכען? איך האב גאר געוואלט אייך לויבען... קאליא האט געזאגט, אז אייך האט דער פירשט אנגערופען—קינד... דאס איז שעהן... יע. וואס האב איך נאך געוואלט זאגען?...

ער האט פארדעקט דעם געזיכט מיט די הענט און זיך פארטראכט.

— אט וואס: ווען איהר האט זיך פריהער געזעגענט, האב איך פלוצלינג א טראכט געטאן: אט זיינען געווען מענשען, און קיינמאל מעהר וועלען זיי שוין ניט זיין, קיינמאל מעהר! און דאס זעלבע די בוימער — עס וועט בלויז זיין איין ציגעל־וואנט, א רויטע, מעיעראָווס הויז... אנטקעגען מיין פענסטער... נו, זאג זיי וועגען דעם אלעמען... פרובירט זיי זאגען; אט איז א שעהנהייט... אבער דו ביזט דאך א טויטער. שטעל זיך פאר אלס טויטער, זאג, אז „א טויטער מעג אלעם רעדען"... און אז די פירשטין מאריא אלעקסעיעוונא וועט ניט אויסזידלען... כא־כא! איהר לאכט ניט? — האט ער אלעמען אונצוטרויליך באטראכט — ווייסט איהר, אז ליגענדיג אויפ׳ן קישען איז מיר

אין קאָפּ געקומען אַסך געדאַנקען... ווייסט איהר, איך האָב זיך איבער־ציינט, אַז די נאַטור איז קאָמיש. איהר האָט פריהער געזאָגט, אַז איך בין אַן אַטעאיסט, און ווייסט איהר, אַז די דאָזיגע נאַטור... וואָס לאַכט איהר ווידער? איהר זייט שרעקליך גרויזאַם! — האָט ער מיט אַ טרויערדיגען צאָרען פּלוצלונג ארויסגעזאָגט באַקוקענדיג אַלעמען, — איך האָב ניט איבערגעפיהרט קאַליא'ן, — האָט ער פאַרענדיגט גאָר מיט אַן אַנדער טאָן, אַן ערנסטען און איבערצייגטען, ווי ער וואָלט אַן דעם זיך אויך פּלוצלינג דערמאָהנט.

— קיינער, קיינער לאַכט דאָ ניט פון דיר. באַרוהיג זיך, — האָט כמעט יסורים'דיג געזאָגט ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ — מאָרגען וועט קומען אַ נייער דאָקטאָר; יענער האָט געמאַכט אַ טעות; אָבער זעץ זיך שוין, דו קענסט דאָך אויף די פיס ניט שטעהן! רעדסט פון היץ!... אַך, וואָס טוט מען איצט מיט איהם! — האָט זי געכלאָפּאָ־טשעט, אריינזעצענדיג איהם אין שטוהל, אַ טרער האָט אַ גלאַנץ גע־טאָן אויף איהר באַק.

איפּאָליט האָט זיך אָפּגעשטעלט, כמעט אַן ערשטוינטער, האָט אויפגעהויבען די האַנט, האָט שרעקענדיג זי אויסגעצויגען און זיך צו־גערירט צו דער דאָזיגער טרער. ער האָט אַ שמייכעל געטאָן מיט אַזאַ קינדערשען שמייכעל.

— איך... האָב אייך... — האָט ער זיך פרעהליך צורעדט — איהר ווייסט ניט ווי איך האָב אייך... ער האָט מיר אַלע מאָל מיט אַזאַ שמחה געדערט פון אייך, אָט איז ער, קאַליאַ... איך האָב איהם אונ־ענדליך ליעב, איך האָב איהם ניט איבערגעפיהרט! איך לאָז א י ה ם בלויז איבער... איך האָב אַלעמען געוואָלט איבערלאָזען, אַלעמען, — נור זיי זיינען קיינער ניט געווען, קיינער ניט געווען... איך האָב גע־וואָלט ווערען אַ טוער, איך האָב אויף דעם רעכט... אַ, וויפיעל זאַכען כ'האָב געוואָלט! איצט וויל איך גאָר נישט, וויל גאָר נישט, איך האָב זיך שוין געגעבען אַזאַ וואָרט, איך זאָל גאָרנישט ניט וועלען; זאָל מען, זאָל מען אָהן מיר זוכען די וואַרהייט! יע, די נאַטור איז קאָ־מיש. צו וואָס האָט זי, — האָט ער אונטערגעכאַפּט מיט היץ — פאַר־וואָס באַשאַפט זי די סאַמע בעסטע באַשעפענישען כדי נאָכדעם פון זיי אויסצולאַכען זיך? זי האָט אָבער געמאַכט אַזוי, אַז די איינציגע באַשעפעניש, וועלכע מען האָט אַנערקענט אויף דער וועלט אַלס פּאָל־

קאַמענהייט... געמאַכט האָט זי אַבער אַזוי, אַז באַווייזענדיג איהם צו די מענשען האָט זי איהם טאַקע באַשטימט צו זאָגען, דאָס פאַר וואָס עס האָט זיך פאַרגאָסען אַזוי פיעל בלוט, אַז ווען זי וועט פאַרגאָסען מיט אַמאָל, וואָלטען מענשען זיכער דערטרונקען געוואָרען! אָ, גוט וואָס איך שטאַרב אַוועק... איך וואָלט אויך אודאי געזאָגט עפּעס אַ שרעקליכען ליגען, די נאַטור וואָלט שוין אָפּגעטאָן אַזאַ שפּיצעל! איך האָב קיינעם ניט איבערגעפיהרט... איך האָב געוואָלט לעבען פאַר דעם גליק פון אַלע מענשען, צוליב דער ענטדעקונג און אין פּראָקלאַמירונג פון אמת... איך האָב געקוקט פון פענסטער אויף מעיראַווס וואַנט און האָב בלויז גערעדט רעדען איין פערטיל שטונדע, און אַלעמען, אַלעמען איבערצייגען, און איינמאָל אין לעבען בין איך זיך צוזאַמענגעקומען... מיט אייך, אויב ניט מיט מענשען! און וואָס איז דער־פון ארויסגעקומען? גאָרנישט! עס איז ארויסגעקומען, אַז איהר פאַראַכטעט מיך! הייסט עס, אַז איך בין אַ נאַר, הייסט עס, אַז מען דאַרף מיך ניט, הייסט עס, אַז עס איז צייט! און קיין אנדענקען נאָך זיך האָב איך ניט אוספּעיעט איבערצולאָזען! קיין קלאַנג, קיין שפּור, קיין זאַך, ניט פאַרשפּרייט קיין שום איבערצייגונג!... לאַכט ניט פון אַ שוטה! פאַרגעסט! פאַרגעסט אַלץ!... איך בעט אייך, פאַרגעסט, זייט ניט אַזוי שלעכט! ווייסט איהר, אַז ווען עס כאַפּט זיך ניט אונטער די שווינדזוכט, וואָלט איך באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

דוכט זיך, אַז ער האָט געוואָלט נאָך אַסך זאָגען, אַבער ער האָט ניט דערזאָגט, זיך אַ וואָרף געטאָן אין שטוהל, פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט די הענט און זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד.

— נו, וואָס דענקט איהר איצט מיט איהם טאָן? — האָט אויסגעשריען ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ, צוגעשפּרונגען צו איהם, געכאַפּט זיין קאָפּ און פעסט, פעסט צוגעדריקט צו איהר ברוסט. ער האָט געוויינט קאָנוואולסיוו. — נו, נו, נו! נו, וויין זשע ניט, גענוג. דו ביזט אַ גוטער אינגעלע, דיר וועט גאָט פאַרצייען, צוליב דיין נאַרישקייט. נו, גענוג, שטאַרק זיך... און דערצו וועסטו דיך דאָך דערנאָכדעם שעה־מען...

— ביי מיר איז דאָרטען, — האָט איפּאָליט געזאָגט, מיהענדיג זיך אויפצוהויבען זיין קאָפּ — ביי מיר איז דאָ אַ ברודער און שוועסטער, קליינינקע, אָרימענקע, אומשולדיגע... זי וועט זי איבערפיה־

רען! א י ה ר — זייט א הייליגע, איהר... זייט אליין א קינד — ראטעוועט זיי! רייסט זיי ארויס פון דער דאָזיגער... זי... איז א שאנדע... אַ, העלפט זיי, העלפט זיי, גאָט וועט אייך דערפאר באצאָה־לען הונדערט מאָל אזוי פיעל... טוט עס צוליב גאָט צוליב קריסטוס!

— זאָגט זשע ענדליך, איוואן פיאָדאָראָוויטש, וואָס זאָל מען איצט טאָן! — האָט אויפגערעגט אויסגעשריען ליזאַוועטא פּראָקאָ־פּיעוונא — טוט א טובה, רייסט איבער אייער ערהאבענעם שווייגען! ווען איהר וועט ניט באשליסען, טאָ זאָל אייך זיין באוואוסט, אז איך וועל אליין דאָ בלייבען נעכטיגען; גענוג האָט איהר מיר אונטער אייער זעלבסט־הערשאַפט טיראניזירט!

ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא האָט געשטעלט די פראגע מיט ענטוזיאזם געמישט מיט כעס און געוואַרט אויף א באלדיגען ענטפער. נור אין אזעלכע פעלע, ענטפערט דער גרעסטער טהייל פון די אנוועזענדע ווען זיי זיינען אפילו דאָ אסך ענטפערט מיט שווייגען און פּאסיווע נייגעריגקייט, ניט וועלענדיג נעהמען אויף זיך קיין פאַראַנטוואָרטליכ־קייט, און זיי זאָגען ארויס זייערע געדאַנקען ערשט שפּעטער, נאָכ־דעם. אין דעם צאָהל פון די אנוועזענדע זיינען געווען אויך אזעלכע, וועלכע זיינען געווען גרייט אָפּצוזיצען דאָ כאָטש ביז אין דער פריה, ניט אויסרעדענדיג קיין וואָרט. צום ביישפּיעל, וואַרוואַרא ארדאַליאָ־נאָוונא, וועלכע איז געזעסען דעם גאנצען אָוונט פון דער ווייטען, א שווייגענדע און די גאנצע צייט געהערט מיט אונגעוועהנליכער נייגע־דיגקייט, האָבענדיג, קען געבען, אויף דעם איהרע אורזאכען.

— מיין מיינונג, פריינד מיינער, — האָט זיך ארויסגעזאָגט דער גענעראל — אז דאָ דאַרף מען נויטיגער האָבען א קראנקען־שוועסטער איידער אייער אויפגערעגטקייט, און כ׳לעבען, א זיכערער און ניכטע־רער מענש אויף ביי נאכט. אלענפאלס דאַרף מען פרעגען דעם פירשט און... טאקע גלייך לאָזען צורוה, און מאָרגען קען מען ווידער נעהמען אן אנטהייל...

— באלד איז שוין צוועלף אזייגער, מיר פאָהרען. פאָהרט ער מיט אונז, צו ער בלייבט ביי אייך? — האָט דאָקטאָרענקאָ אויפגערעגט און צאָרענדיג זיך געווענדט צום פירשט.

— אויב איהר ווילט, קענט איהר אויך בלייבען מיט איהם, — האָט געזאָגט דער פירשט — פּלאַץ וועט זיין.

— אייער עקסעלענץ,—איז אונערוואַרטעט און באַגייסטערט אונ־טערגעשפּרונגען צום גענעראַל דער הערר קעלער, — ווען מען דאַרף האָבען אַ פּאַסענדען מאַן אויף ביי נאַכט, בין איך גרייט צו אָפּפּערן זיך פאַר אַ פריינד... ער איז אַ טהייערער מענש! איך רעכען איהם פאַר אַן ערהאַבענעם, אייער עקסעלענץ! איך האָב געווים פאַר־פעהלט מיט מיין בילדונג, אָבער ווען ער קריטיקירט, איז דאָך דאָס פּערל. שיטען זיך דאָך דאָס פּערל, אייער עקסעלענץ!...

דער גענעראַל האָט זיך אין פאַרצווייפלונג אָפּגעקעהרט.

— איך בין זעהר צופרידען, ווען ער וועט דאָ בלייבען, אודאי איז איהם שווער צו פאָהרען, — האָט ערקלעהרט דער פירשט אויף די אויפגערעגטע פראַגען פון ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ.

— וואָס דו שלאָפסט, צי ניין? ווען דו ווילסט ניט, טאַטעלע, וועל איך איהם אַריבערפיהרען צו זיך! גאָט מיינער, אָבער ער אַליין האַלט זיך אויך קוים אויף די פיס! ביזטו אפשר אויך קראַנק?

פריהער, ווען ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט ניט געטראָפען דעם פירשט אויפ'ן טויטען־בעט, האָט זי טאַקע פאַרגרעסערט די צופרי־דענגעשטעלטקייט פון זיין געזונדס־צושטאַנד, אורטהיילענדיג לויט דעם אויסערליכען אויסזעהן, אָבער די אָט־ערשטיגע קראַנקהייט, די שווערע עראינערונגען וועלכע האָבען זי באַגלייט, די מידיגקייט פון דעם צרה'דיגען אָוועגט, דער פאַל מיט „פּאַווליטשעווס זוהן", דער איצ־טיגער פאַל מיט איפּאָליט'ן — דאָס אַלץ האָט אויפגערעגט דעם פירשטס קראַנקע עמפּפינדליכקייט ביז אַ פיבערהאַפטען צושטאַנד, אָבער חוץ דעם, איז אין זיינע אויגען געווען נאָך עפּעס אַ זאָרג, אפילו אַ שרעק; ער האָט מיט מורא געקוקט אויף איפּאָליט'ן, ווי נאָך עפּעס פון איהם ערוואַרטענדיג.

פּלוצלינג האָט זיך איפּאָליט אויפגעהויבען אַ שרעקליך בלאַסער און מיט אַ מורא'דיגען אויסזעהן פון בושה, אויף זיין פאַרענדערטען געזיכט. אַ בושה וועלכע האָט דערגרייכט ביז פאַרצווייפלונג. דאָס האָט זיך הויפּטזעכליך אויסגעדריקט אין זיין בליק, וועלכער האָט מיט שנאה און שרעק געקוקט אויף די פאַרזאַמעלטע און אין דעם פאַר־לאָרענעם, אויסגעקרימטען און קריכענדען שמייכעל אויף די ציטער־דיגע ליפּען. די אויגען האָט ער תיכף אַראָפּגעלאָזט און ער האָט

זיך אוועקגעלאָזט, זיך שאָקלענדיג און שמייכלענדיג צו בורדאָווסקי'ן און דאָקטארענקא, וועלכע זיינען געשטאַנען ביים ארויסגאַנג פון טע־ראסע; ער האָט געוואָלט פאָהרען מיט זיי.

— נו, אָט דערפאַר האָב איך זיך דאָס געשראָקען, — האָט אויס־געשריען דער פירשט — אַזוי האָט געמוזט געשעהן!

איפּאָליט האָט זיך האַסטיג אומגעדרעהט צו איהם, און מיט דעם שטאַרקסטען וואָהנזיניגען צאָרן און יעדער שטריכעל אויף זיין פּנים, האָט, דוכט זיך, געציטערט און גערעדט:

— אַ, דערפאַר האָט איהר זיך דאָס געשראָקען! „אַזוי האָט גע־מוזט געשעהן!" לויט אייער מיינונג? טאָ ווייסט־זשע, אַז ווען איך פאַראַכטע דאָ עמיצען, — האָט ער זיך צעיאָמערט מיט אַ כריפּען, מיט אַ קוויטש און מיט שפּריצונגען פון מויל — (איך האָב אייך אַלע־מען פיינט!) אבער אייך, אייך, יעזואיטישע נשמה'לע, אידיאָט, מיליאָנער־וואָלטהעטער, אייך מעהר פון אַלץ אויף דער וועלט! איך האָב אייך שוין לאַנג פאַרשטאַנען און פיינט געהאַט, מיט דער גאַנצער שנאה פון מיין הארצען... דאָס האָט איהר איצט אַלץ אונטערגעפיהרט! דאָס האָט איהר מיך געבראַכט ביז אַן אָנפאַל! איהר האָט אַ שטאַרבענדען געבראַכט צו בושה, איהר, איהר, איהר. זייט שולדיג אין מיין נידערטרעכטיגער מוטהלאָזיגקייט! ווען איך וואָלט געבליבען לעבען, וואָלט איך אייך ערמאָרדעט! איך דאַרף ניט אייערע טובות, איך וועל פון קיינעם ניט אָננעהמען, איהר הערט, גאַרנישט פון קיינעם ניט, איך בין געווען אין היץ און איהר דאַרפט ניט טריאומ־פירען! איך פאַרשילט אייך אַלעמען איינמאָל פאַר אַלע מאָל!

דאָ האָט ער זיך שוין אין גאַנצען פאַרגאַנגען.

— ער האָט זיך פאַרשעהמט פאַר זיינע טרערען! — האָט לע־בעדעוו אַ שעפּטשע געטאָן צו ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ — „אַזוי האָט געמוזט געשעהן". אי איז דאָס אַ פירשט! ער האָט דורך און דורך באַנומען...

נור ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט איהם אפילו ניט באַעהרט מיט אַ בליק, זי איז געשטאַנען, שטאָלץ זיך אויסגלייכענדיג, פאַר־וואַרפענדיג דעם קאָפּ און מיט אַ פאַראַכטענדער נייגעריגקייט באַ־טראַכט אָט די „אַלע מענשעלאַך". ווען איפּאָליט האָט געענדיגט, האָט דער גענעראַל אַ טרייסעל געטאָן מיט די אַקסלען, זי האָט איהם צאַ־

רענדיג באקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, ווי פרעגענדיג א רעכענונג אויף זיין באוועגען זיך, און האָט זיך גלייך געווענדט צום פירשט.

— א דאנק אייך פירשט, עקסצענטרישער פריינד פון אונזער הויז, פאר דעם אנגענעהמען אווענט וועלכען איהר האָט אונז אלעמען געגעבען. געוויס פרעהט זיך איצט אייער הארץ, וואָס אייך איז געלונגען אויך אונז אריינשלעפּען אין אייערע דומהייטען... גענוג שוין טהייע־רער הויז־פריינד, א דאנק, וואָס איהר האָט כאָטש געגעבען די געלע־גענהייט צו זעהן ווער איהר זייט אזוינס!...

זי האָט מיט צאָרען גענומען צורעכט מאכען איהר מאַנטעל, אפּ־ווארטענדיג ביז „יענע" וועלען אוועק. צו „יענע" איז אין דער מינוט אונטערגעפאָהרען א וואָגען, נאָך וועלכען דאָקטאָרענקא האָט נאָך מיט א שטונדע צוריק געשיקט לעבעדעווס זוהן, דעם גימנאזיסט. דער גע־נעראל האָט תיכף נאָך דער פרוי אויך אריינגעזאָגט זיין וואָרט:

— אויף אן אמת'ן, פירשט, האָב איך דאָס אפילו ניט ערוואר־טעט... נאָך אלעס, נאָך אלע פריינדליכע באציהונגען... און ענדליך ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא...

— נו, ווי אזוי, נו, ווי אזוי קען מען דאָס! — איז אדעלאאידא האסטיג צוגעגאנגען צום פירשט און איהם דערלאַנגט די האנט.

דער פירשט האָט מיט א פאַרלאָרענעם אויסזעהן צו איהר א שמיי־כעל געטאָן. פלוצלונג האָט א הייסער און שנעלער שעפּטשען איהם ווי אפּגעבריהט דעם אויער.

— ווען איהר וועט תיכף ניט אוועקוואַרפען די דאָזיגע מואסע מענשען, דאַן וועל איך מיין גאנץ, מיין גאנץ לעבען, בלויז אייך נור אליין האַסען! — האָט געשעפּטשעט אגלאיא. זי איז געווען זעהר אויפגעבראכט. נור זי האָט זיך אָפּגעקעהרט איידער נאָך דער פירשט האָט אויף איהר אויספּעיעט א קוק צו טאָן. איבעריגענס, האָט ער קיינעם און קיינעם ניט געדאַרפט אוועקוואַרפען: אין דער צייט האָט מען דעם קראַנקען איפּאָליט אויספּעיעט ווי ס'ניט איז אוועקצוזעצען אויפ'ן פוהר און די דראָזשקע איז אָפּגעפאָהרען.

— וועט עס נאָך לאנג דויערען, איוואן פיאָדאָראָוויטש? ווי מיינט איהר? לאנג וועל איך דאַרפען ליידען פון די בייזע אינגלאַך?

— אָט וועל איך, פריינד מיינער, איך, פאַרשטעהט זיך, בין גרייט און... פירשט...

איוואַן פיאָדאָראָוויטש האָט פונדעסטוועגן אויסגעשטרעקט דעם פירשט די האַנט, נור ער האָט ניט אוספּעיעט א דריק צו טאָן און איז נאָכגעלאָפען ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, וועלכע איז מיט טומעל און צאָרען אַרונטער פון דער טעראַסע. אַדעלאַידא, איהר חתן און אַלעקסאַנדרא האָבען זיך וואַרים און ליבליך געזעגענט מיט'ן פירשט. עווגעני פּאַוולאָוויטש איז אויך געווען צווישען זיי, און ער איינער בלויז איז געווען פרעהלאַך.

— עס האָט זיך אויסגעלאָזט ווי איך האָב געדענקט! נור ס'טוט מיר לייד, וואָס אויך איהר אומגליקליכער, האָט דאָ געליטען, — האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט מיט דעם סאַמע ליבליכסטען שמייכעל.

אַגלאַיאַ איז אַוועק ניט זעגענענדיג זיך.

נור די פּאַסירונגען פון דעם אָוועגט האָבען זיך ניט געענדיגט; ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא'ן איז אויסגעקומען צו דורכליידען נאָך אַן אונערוואַרטעטע באַגעגניש.

זי האָט נאָך ניט אוספּעיעט אַרונטערצוגעהן פון די טרעפּ אויף דעם וועג (וועלכער רינגעלט אַרום דעם פּאַרק). ווי פּלוצלינג איז א גלענצענדער עקיפּאַזש, געשפּאַנט אין צוויי ווייסע פערד, דורכגעשוועבט פאַרביי דעם פירשט'ס דאַטשע. אין עקיפּאַזש זיינען געזעסען צוויי פּראַכטפולע דאַמען, אָבער אָפּפאָהרענדיג ניט מעהר ווי צעהן טריט פאַרביי, האָט זיך דער עקיפּאַזש פּלוצלינג אָפּגעשטעלט; איינע פון די דאַמען האָט זיך אומגעדרעהט, פּונקט ווי זי וואָלט אונערוואַרטעט דערזעהן פאַר איהר א זעהר נויטיגען באַקאַנטען.

— עווגעני פּאַוואָלאָוויטש! דאָס ביזטו? — האָט פּלוצלינג אויסגערופען א קלינגענדע שעהנע שטימע, פון וועלכער דער פירשט האָט א ציטער געטאָן, און עס קען געבען, אז נאָך עמיצער: — נו, ווי צופרידען איך בין, וואָס איך האָב דיך ענדליך אויסגעפונען! איך האָב צו דיר אַוועקגעשיקט אין שטאָט אַן עקסטרא שליח, צוויי! א גאַנצען טאָג זוכט מען דיך!

עווגעני פּאַוולאָוויטש איז געשטאַנען אויף די טרעפּ פון אַרויסגאַנג ווי פון א דונער געטראָפען. ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא איז אויך געבליבען שטעהן אויפ'ן אָרט, נור ניט אין שרעק און פאַרגליווערונג ווי עווגעני פּאַוולאָוויטש: זי האָט א בליק געטאָן אויף דער עזות'ניצע פּונקט אַזוי שטאָלץ און פּונקט מיט אַזא קאַלטע פאַראַכטונג, ווי מיט

פינף מינוט פריהער אויף די „מענשעלאך“ און האָט גלייך אריבער־געטראָגען איהר דורכדרינגליכען בליק אויף עווגעני פאוולאָוויטש.

— איך האָב פאר דיר א נייעס! — האָט פאָרטגעזעצט די קליג־גענדיגע שטימע: — פאר קופּערס וועקסלען שרעק זיך ניט; ראגאָ־זשין האָט זיי אויסגעקויפט פאר דרייסיג, איך האָב איהם איינגע־רעדט. קענסט זיין רוהיג כאָטש נאָך א דריי מאָנאטען, און מיט ביסקופּ'ן און מיט דער גאנצער מאוס'ער געזינדעל וועלען מיר זיך זיכער אויסמיטלען, דורך באקאנטשאפט! נו, הייסט עס, אז אלץ איז צופרידענשטעלענד. זיי פרעהליך ביז מאָרגען!

דער עקיפּאזש האָט זיך א ריהר געטאָן און איז האסטיג פאר־שוואונדען.

— דאָס איז א משוגענע! — האָט ענדליך א געשריי געטאָן עוו־געני פאוולאָוויטש, רויט ווערענדיג פון כעס און פארוואונדערט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. — איך הויב ניט אָן צו וויסען וואָס זי האָט גערעדט! ווער איז זי?

ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא האָט פאָרטגעזעצט צו קוקען אויף איהם נאָך א פּאָר סעקונדען; ענדליך האָט זי האסטיג זיך אוועקגע־לאָזט צו איהר דאטשע, און נאָך איהר אלע. פּונקט אין א מינוט ארום איז צום פירשט אויף דער טעראסע צוריק ערשיענען עווגעני פאוולאָוויטש זעהר אין אויפגערעגטער.

— פירשט, ווייסט איהר טאקע אויף אן אמת'ן ניט וואָס דאָס באדייט?

— איך ווייס גאר נישט, — האָט געענטפערט דער פירשט, וועל־כער איז אליין אויך געווען אין א זעהר קרענקליכער אנשטרענגונג.

— ניין?

— ניין!

— און איך ווייס אויך ניט, — האָט זיך פּלוצלינג צעלאכט עווגעני פאוולאָוויטש, — אויף מיין וואָרט. אז קיינע באציהונגען צו די דאָזיגע וועקסלען האָב איך ניט געהאט, נו, גלויבט מיין עהרען וואָרט!... אבער וואָס איז מיט אייך, איהר פאלט אין חלשות?

— א, ניין, ניין, איך פאָרזיכער אייך אז ניט...

## עלפטער קאפיטעל.

ערשט אויפ'ן דריטען טאג האבען זיך די עפאנטשינ'ס אין גאנצען איבערגעבעטען. דער פירשט, כאטש ער האט זיך, ווי זיין שטייגער, באשולדיגט אין פילעס, און האט אויפריכטיג געווארט אויף א שטראף נור פונדעסטוועגען איז ביי איהם פון אנפאנג געווען א פולע אינערליכע איבערצייגונג, אז ליזאוועטא פראקאפיעוונא האט ניט געקענט ווערען אויף איהם ערנסט אין כעס, און זי איז אין כעס געווארען מעהר פון אלץ אויף זיך אליין. אויף אזא אופן האט איהם דער לאנגער טערמין פון ברוגז אוועקגעשטעלט אין א זעהר פינסטערער פארלעגענהייט. אנדערע אורזאכען האבען אויך געווירקט, נור איינע הויפטזעכליך. די גאנצע דריי טעג האט זי זיך צעוואקסען אין דעם פירשטס איינבילדונג (און דער פירשט האט זיך שוין פון לאנג באשולדיגט אין עקסטרעמען: אין אן אונגעוועהנליכער „נארישער און צוגעגעסענער צוטרויליכקייט און אין דער זעלבער צייט „א פינסטערע נידעריגע איינבילדונג). מיט איין ווארט, צום שלום פון דריטען טאג, האט די פאסירונג מיט דער עקסצענטרישער דאמע, וועלכע האט גערעדט פון איהר עקיפאזש מיט עווגעני פאוולאוויטש, אנגענומען אין זיין מח שרעקענדע און רעטזעלהאפטע גרויסען. דער הויפט וועזען פון דער רעטעניש, אויסער די איבעריגע זייטען פון דעם ענין, איז פאר'ן פירשט באשטאנען אין דער טרויערדיגער פראגע: איז ער טאקע שולדיג אין דער דאזיגער נייער „וואונדערליכקייט" אדער נור.. ער האט אבער ניט דערערדט, ווער ס'איז נאך.. און וואס איז שייך צו די בוכשטאבען נ פ. ב. איז דאס לויט זיין בליק בלויז געווען אן אומשולדיגע שטיפעריי, אפילו א קינדערשע שטיפעריי, אזוי דאס פארטראכטען זיך אויף דעם כאטש וויפיעל ס'ניט־איז וואלט געווען נאריש, און אין איין באציהונג אפילו כמעט ניט ערענטליך.

איבעריגענס, שוין אין דעם ערשטען טאג, נאך דעם עקעלהאפטען „אווענט" אין וועלכען ער איז געווען אזא הויפט אורזאכע, האט דער פירשט אין דער פריה געהאט דאס פארגעניגען אויפצונעהמען ביי זיך דעם פירשט שטש. און אדעלאאידען: „זיי זיינען פאר־

גאַנגען פון שפּאַציר אין צווייען. אַדעלאַאידאַ האָט באַלד באַמערקט אין פּאַרק אַ בוים, אַ וואונדערליכען בוים, אַ שטאַרק באַצווייג־טען מיט לאַנגע, אויסגעקרימטע צווייגען, אין גאַנצען אין יונגע גרינס, מיט אַ לאָך און אַ שפּאַלט; זי האָט אונבאַדינגט, אונבאַדינגט באַשלאָ־סען איהם אויסצומאָהלען! אַזוי דאָס נור וועגען דעם האָבען זיי געדעדט די גאַנצע האַלבע שטונדע פון זייער וויזיט. דער פירשט שטש. איז געווען ליבליך און גוט, ווי זיין שטייגער איז, האָט געפרעגט דעם פירשט וועגען פריהערדיגען לעבען זיינעם, דערמאָהנט די אומשטענ־דען פון זייער ערשטער באַקאַנטשאַפט, אַזוי דאָס וועגען נעכטיגעם איז גאָר ניט גערעדט געוואָרען. ענדליך האָט אַדעלאַאידאַ ניט אויס־געהאַלטען, און אַ שמייכעל טוענדיג האָט זי זיך מודה געווען, אַז זיי זיינען פאַרגאַנגען צו איהם אינקאָהניטאָ; נור מיט דעם האָט זיך איהר מודה זיין זיך געענדיגט. כאָטש פון דעם דאָזיגען אינקאָהניטאָ האָט מען געקאָנט זעהן, אַז די עלטערן, דאָס הייסט, דערהויפּט, ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ, געפינען זיך אין עפּעס אַ באַזונדער ניט אויפגעלעגט־קייט. אַבער ניט וועגען איהר, ניט וועגען אַגלאַיאַ'ן און ניט אַפילו וועגען איוואַן פיודאָראָוויטש, האָבען אַדעלאַאידאַ און דער פירשט שטש. ניט אויסגערעדט קיין וואָרט ביי זייער באַזוך. אַוועקגעהענדיג ווידער שפּאַצירען האָבען זיי דעם פירשט מיט זיך ניט איינגעלאַדען. וועגען איינלאַדען צו זיך איז אַפילו קיין אַנדייטונג ניט געווען; אויף דעם רעכענונג האָט זיך ביי אַדעלאַאידאַ'ן אַפילו אַרויסגעכאַפּט זעהר אַ כאַראַקטעריסטיש ווערטעל: דערצעהלענדיג וועגען איהרער אַן אַקוואַרעלנער אַרבייט, האָט זי פּלוצלינג זעהר געוואָלט דאָס באַוויי־זען: „ווי מאַכט מען עס שנעלער? וואַרט! איך וועל אייך דאָס אָדער צושיקען מיט קאָליען, ווען ער וועט היינט זיין, ווען ניט וועל איך מאָרגען אַליין ברענגען, ווען איך וועל ווידער געהן שפּאַצירען מיט'ן פירשט" — האָט זי פאַרענדיגט איהר פאַרלעגענהייט, דערפרעהענדיג זיך וואָס איהר האָט זיך אַזוי פלינק און פאַר אַלעמען צופרידענ־שטעלענד, איינגעגעבען צו לייזען די אויפגאַבע.

ענדליך, שוין כמעט נאָכ'ן זעגענען זיך, האָט דער פירשט שטש. ווי פּלוצלינג זיך דערמאָהנט:

— אַ יע, — האָט ער געפרעגט — ווייסט איהר כאָטש ניט לי־בער לעוו ניקאָלאַיעוויטש, וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ סוביעקט, וואָס

האָט נעכטען אווענט געראָפען צו וואַרווארע פּאַוולאָוויטש פון עקיפּאַזש?

— דאָס איז געווען נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגא, — האָט געזאָגט דער פירשט, — איז דען מעגליך, אַז איהר האָט זיך נאָך ניט דער־וואוסט, אַז דאָס איז זי געווען? און ווער עס איז געווען מיט איהר, ווייס איך ניט.

— איך ווייס, איך האָב געהערט, — האָט אונטערגעכאַפּט פירשט שטש. — נור וואָס האָט באַדייט דער דאָזיגער אויסרוף? דאָס איז פאַר מיר, בין זיך מודה, אַ רעטעניש... פאַר מיר און פאַר אַנדערע.

פירשט שטש. האָט גערעדט מיט גרויס ערשטוינונג.

—זי האָט גערעדט וועגען וואַרווארע פּאַוולאָוויטש'עס עפּעס אַזעלכע וועקסלען, — האָט זעהר איינפאַך געזאָגט דער פירשט, — וואָס זיי־נען אריינגעפאַלען פון עפּעס אַ פּראָצענטניק צו ראַגאָזשינ'ען, אויף איהר ביטע, און אַז ראַגאָזשין וועט צוואַרטען וואַרווארע פּאַוולאָ־וויטש'ן.

— האָב געהערט, האָב געהערט, מיין טהייערער פירשט, אָבער דאָס האָט דאָך ניט געקענט פּאַסירען! וואַרווארע פּאַוולאָוויטש האָט ניט קיין וועקסלען... ביי אַזאַ רייכטהום! אמת, עס האָט מיט איהם פּאַ־סירט פריהער, פון לייכטזיניגקייט, און איך האָב איהם אפילו אויס־געלייזט אויך... נור ביי אַזאַ רייכטהום געבען וועקסלען צו אַ פּראָ־צענטניק און זיין אומרוהיג וועגען זיי — איז אונמעגליך. און ער קען ניט זיין אויף ד ו, און אין אַזעלכע פריינדליכע באַציהונגען מיט נאַסטאַסיאַ פיליפּאָווגא — אָט אין וואָס עס באַשטעהט די הויפּט רע־טעניש. ער שווערט זיך, אַז ער פאַרשטעהט גאָר ניט און איך גלויב איהם פּאָלקאָם. נור די זאַך איז אין דעם, ליבער פירשט, וואָס איך האָב אייך געוואָלט פרעגען, צו ווייסט איהר ניט עפּעס וואָס? דאָס הייסט, צו האָט ניט דערגרייכט כאָטש צו אייך, דורך אַ וועלכען ס'ניט־איז וואונדער, אַ קלאַנג?

— ניין, איך ווייס גאָר ניט, און איך פאַרזיכער אייך, אַז איך האָב אין דעם קיין חלק ניט.

— אַך, פירשט, וואָס פאַר אַ מענש איהר זייט דאָס געוואָרען! איך דערקען אייך, איינפאַך, היינט ניט. האָב איך דען געקענט חושד זיין, אַז איהר זאָלט זיין פאַרמישט אין דעם? נו, איהר זייט היינט שלעכט געשטימט.

ער האָט איהם ארומגענומען און א קוש געטאָן.

— דאָס הייסט, אין וואס פאר אן „עסק" פארמישט? איך זעה ניט „אזא" עסק.

— אונצווייפעלהאפט, אז די דאָזיגע דאמע האט געוואלט מיט עפּעס און אין עפּעס שטערען עווגעני פּאוולאָוויטש'ן, געבענדיג איהם פאר די אויגען פון עדות מעלות, וועלכע ער האט ניט און קען ניט האבען, — האט גאנץ טרוקען גענטפערט פירשט שטש.

פירשט לעוו ניקאָלאיעוויטש האָט זיך צוטומעלט, אבער פונדעסטוועגען האט ער פארטגעזעצט דורכדרינגענד און פראגענד צו קוקען אויפ'ן פירשט. נור יענער האט פארשוויגען.

—אפשר זיינען דאָס ניט קיין איינפאכע וועקסלען? ניט בוכשטעבליך ווי נעכטען, — האט ענדליך אונגעדולדיג ארויסגעמורמעלט דער פירשט.

— איך זאָג דאָך אייך אבער, בארעכענט אליין, וואָס קען דאָ זיין פאר אלגעמיינעס צווישען עווגעני פּאוולאָוויטש און... איהר און מיט ראגאזשינען אלס צוגאב? איך ווידערהאָל אייך. זיין רייכטהום איז גרויס. א זאך, וואס איך וויים זעהר גוט; א צווייטע רייכטהום ערווארטעט ער פון אָ פעטער. ס'איז איינפאך, נאסטאסיא פיליפּאָוונא...

פירשט שטש. איז פּלוצלונג ווידער אנטשוויגען געוואָרען, ס'איז געוועזען צו זעהן, אז ער האט ניט געוואלט רעדען צום פירשט וועגען נאסטאסיא פיליפּאָוונא.

— הייסט עס, אלענפאלס, אז ער קען זי? — האָט פּלוצלונג נאך אַ ווייַלע שווייגען געפרעגט פירשט לעוו ניקאָלאיעוויטש.

— דאָס, דוכט זיך, האָט פּאסירט; א לייכטזיניגער! אבער איבעריגענס, ווען דאס האָט פאסירט, איז דאס שוין אבער זעהר לאנג, דאס הייסט מיט אַ יאָהר צוויי—דריי צוריק. ער איז דאך מיט טאָצקי'ן אויך געווען באקאנט. איצט האָט אבער גאָרנישט געקענט זיין אויף אזא שטייגער. אויף ד ו האָבען זיי קיינמאָל ניט געקענט זיין! איהר ווייסט אליין, אז זי איז דאָ גאָר ניט געווען אויך! אין ערגעץ ניט געווען. אייניגע ווייסען גאר ניט, אז זי איז ווידער דאָ. דעם עקיפּאזש האָב איך באמערקט מיט א דריי טאָג צוריק. ניט מעהר.

— אַ פּראַכטפּאַלער עקיפּאַזש! — האָט געזאָגט אַדעלאַאידאַ.
— יע, דער עקיפּאַזש איז אַ פּראַכטפּאַלער.

ביידע זיינען אַוועק. איבעריגענס, אין אַ סאַמע פריינדליכער און אַ סאַמע ברידערליכער, קען מען זאָגן, שטימונג צום פירשט, לעוו ניקאָלאַיעוויטש.

און פאַר אונזער העלד האָט דער באַזוך ענטהאַלטען אין זיך עטוואָס ווערטפּאַלעס. צוגעגעבען, אַז ער האָט אַליין אויך אַסך פאַר־דעכטיגט פון דער לעצטער נאַכט (און אפשר פריהער), נור ביז זייער וויזיט האָט ער ניט געוואָגט צו באַרעכטיגען זיינע שרעקעניש. איצט איז אַבער געוואָרען קלאָהר: דער פירשט שטש. האָט זיכער די פּאַ־סירונג אויסגעטייטשט ניט ריכטיג, אַבער פונדעסטוועגען האָט ער זיך געדרעהט אַרום דער וואַרהייט. פונדעסטוועגען האָט ער פאַרשטאַ־נען, אַז דאָ שטעקט אַן אינטריגע (איבעריגענס, קען געבען, אַז ער פאַר זיך אַליין פאַרשטעהט גאַנץ גוט — האָט אַ קלעהר געטאָן דער פירשט — נור ער וויל זיך ניט אַרויסזאָגען און דערפאַר טייטשט ער דאָס אויס ניט ריכטיג). קלעהרער פון אַלץ איז געוועזן דאָס, אַז צו איהם איז מען איצט פאַרגאַנגען (און טאַקע פירשט שטש.). מיט דער האָ־פענונג צו אַרויסקריגען פון איהם וועלכע ס׳ניט־איז ערקלעהרונגען; און ווען ס׳איז אַזוי, דאַן האַלט מען איהם הפנים פאַר אַ שותף צו דער אינטריגע. אויסער דעם, ווען דאָס איז אַזוי און טאַקע באמת זעהר וויכטיג, דאַן מיינט עס, אַז זי האָט עפּעס אַ שרעקליכע אַבזיכט? וואָס זשע איז די אַבזיכט? אַ שרעק! „און ווי אַזוי האַלט מען זי אָפּ? אָפּהאַלטען זי איז ניטאָ קיין מעגליכקייט ווען זי איז איבער־צייגט אין איהר אַבזיכט!" דאָס האָט שוין דער פירשט געוואוסט פון ערפאַהרונג. „אַ וואַהנזיניגע! אַ וואַהנזיניגע!"

נור שוין צופיעל האָבען זיך דעם פריהמאָרגען אַנגעקליבען אויך אַנדערע אונטערשיידענע זאַכען, און אַלץ אין איין צייט. און אַלץ האָט געפּאָדערט אַ שנעלע לייזונג, אַזוי דאָס דער פירשט איז געוועזן זעהר פאַרזאָרגט. איהם האָט אַביסעל צערשטרייט ווערא לע־בעדאַוואַ, וועלכע איז צו איהם געקומען מיט ליובאָטשקען, און לאַכענ־דיג האָט זי אַ לאַנגע צייט עפּעס דערצעהלט. נאָך איהר איז געקומען אויך איהר שוועסטער, מיט אַן אָפענעם מויל, נאָך זיי דער גימנאַ־זיסט, לעבעדעוו׳ס זוהן, וועלכער האָט געוואָלט איינשמועסען, אַז

דער „ווערמוט שטערען“ אין עוואַנגליום, וועלכער פאַלט אויף דער ערד אין די וואסער־קוואלען איז, לויט דעם פירוש פון זיין פאטער, די אייזענבאהן־נעץ, וועלכע איז אויסגעשפרייט איבער גאנץ אייראָפּא. דער פירשט האָט ניט געוואָלט גלויבען, אז לעבעדעוו מאכט אזעלכע פירושים, און ס׳איז באשטימט געוואָרען, אז מען זאָל זיך נאָכפרע־גען ביי איהם אליין, ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט. פון ווערא לעבעדעוו האָט דער פירשט זיך דערוואוסט, אז קעלער האָט זיך צו זיי אריבערגעקליבען נאָך פון נעכטען און לויט אלע סמנים, וועט ער לאנג פון זיי זיך ניט אפּטשעפּען, ווייל ער האָט געמאכט קאָמפּאַ־ניע און זיך באפריינדעט מיט דעם גענעראל איוואלגין ; איבעריגענס, האָט ער ערקלעהרט, אז ער וועט בלייבען ביי זיי, איינציג נור דערפאר כדי צו פארפאָלקאָמען זיין בילדונג. אין אלגעמיין האָבען לעבעדעוו׳ס קינדער אלץ מעהר און מעהר אָנגעהויבען געפעהלען צו ווערען דעם פירשט. קאליא איז א גאנצען טאָג ניט געווען : ער איז גאנץ פריה אוועק קיין פעטערבורג (לעבעדעוו איז אויך א שפּראָץ אויף טאָג אוועקגעפאָהרען צוליב זיינע עסקים׳לאך). נור דער פירשט האָט גע־וואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם באזוך פון גאוורילא ארדאליאנאָ־וויטש, וועלכער האָט אונבאדינגט געמוזט היינט ביי איהם זיין. ער איז געקומען זיבען א זייגער נאָך האלבען טאָג, גלייך נאָך מיטאָג־עסען. פון דעם ערשטען בליק אויף איהם, האָט זיך דעם פירשט אויס־געדוכט, אז לכל הפחות אָט דער הערר, איז מחויב זיכער צו וויסען אלע סודות — און ווי אזוי זאָל ער ניט וויסען, האָבענדיג אזעלכע ארויסהעלפער ווי ווארווארא ארדאליאנאָוונא און איהר מאן ? נור דער פירשט האָט געהאט מיט האניא׳ן זאָנדערבארע באציהונגען. למשל, דער פירשט האָט איהם פאַרטרויט צו פיהרען דעם געשעפט מיט בור־דאָווסקי׳ן, און איהם באזונדער שטארק געבעטען וועגען דעם ; נור ניט קוקענדיג אויף דעם דאָזיגען צוטרויען און אויף עפּעס־וואָס ס׳איז געשעהן פריהער, זיינען צווישען ביידען געבליבען אזעלכע פונקטען, וועגען וועלכע ס׳איז ווי באשטימט געוואָרען ביי זיי ביידען, ניט צו רעדען. דעם פירשט האָט זיך אפּטמאָהל אויסגעדוכט, אז האניא האָט קען געבען, פון זיין זייט, געוואָלט די סאמע פולע און פריינדליכע אויפריכטיגקייט ; איצט, למשל, ווי נור ער איז אריינגעקומען, האָט זיך דעם פירשט תיכף אויסגעוויזען, אז האניא איז זעהר פעסט אי־

בערצייגט, אז אין דער זעלבער מינוט איז געקומען די צייט צו פאַ־נאַנדערברעכען צווישען זיי דעם אייז אויף אלע פונקטען. (פונדעסט־וועגען האָט זיך גאווריל֞א ארדאַליאָנאָוויטש געאיילט; אויף איהם האָט ביי לעבעדעוו'ן געוואַרט די שוועסטער, זיי ביידע האָבען זיך צוליב עפּעס אַ עניין געאיילט).

נור ווען האַניא האָט אויף אַן אמת'ן ערוואַרטעט אַ גאַנצע רייהע פון אומגעדולדיגע פראַגען, געצוואונגענע ענטפערס, פריינדליכע אויס־גיסונגען, דאַן האָט ער געמאַכט אַ טעות. אין די גאַנצע צוואַנציג מינוט פון זיין באזוך איז דער פירשט געווען זעהר פאַרטראַכט, כמעט צעטראָגען. די ערוואַרטעטע פראַגען, אדער בעסער געזאָגט, איין הויפּט פראַגע, אויף וועלכע האַניא האָט געוואַרט, האָט ניט געקענט זיין. דאַן האָט האַניא באשלאָסען צו רעדען זעהר איינגעהאַלטען. ער האָט די גאַנצע צוואַנציג מינוט אַלץ דערצעהלט, געלאַכט, געפּיהרט אַ זעהר לייכטען, ליבליכען און שנעלען געשפּרעך, אבער די הויפּטזאַך האָט ער ניט אנגעריהרט.

האַניא האָט, צווישען אנדערעס, דערצעהלט, אז נאַסטאַסיא פי־ליפּאָווגאַ איז ערשט אַ טאָג פיער אין פּאַוולאָווסק און זי ציהט שוין צו צו זיך די אלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט. וואוינען וואוינט זי ער־גען אויף עפּעס אַ מאַטראַסקע גאַס, און ניט קיין גרויסער און ניט שעהנער הייזקעלע, ביי דאַריאַ אַלעקסעיעוונאַ, און איהר עקיפּאַזש איז שיעור ניט דער ערשטער אין פּאַוולאָווסק. ארום איהר האָט זיך שוין צונויפגעקליבען אַ גאַנצע חברה פון אלטע און יונגע נאַכשלעפּער; דעם עקיפּאַזש באגלייטען גאַנץ אָפט רייטער. נאַסטאַסיא פיליפּאָוונאַ איז, ווי פריהער, זעהר אַ גרויסע אויסקלייבערקע, זי לאָזט צו צו זיך בלויז לויט אויסוואַהל, און דאָך האָט זיך ארום איהר צוזאַמענגעקליבען אַ גאַנצע קאָמאַנדע, עס איז דאָ ווער עס זאָל זיך פאַר איהר אין אַ נויט פאַל אַננעהמען. איין ריכטיגער חתן, פון די דאַטשניקעס, האָט זיך צוליעב איהר שוין צוקריגט מיט זיין כלה; איין אַלטיטשקער גענע־ראַל האָט צוליב איהר פאַרשאַלטען זיין זוהן. זי נעהמט אָפט מיט זיך מיט פאָהרען איבער'ן וואַסער אַ שעהנע מיידעל, אין גאַנצען זעכצעהן יאָהר אלט. דאַריאַ אַלעקסעיעוונאַ'ס אַ ווייטע קרובה; די דאָזיגע מיידעלע זינגט זעהר שעהן, — אזוי דאָס אין די אָוועגטען, ציהט זיי־ער הייזקעלע צו צו זיך אויפמערקזאַמקייט. אבער, איבעריגענס, האַלט

זיך נאַסטאַסיא פיליפאָווגא זעהר אַרענטליך. קליידט זיך גיט רייך, נור מיט אויסערגעוועהנליכען געשמאַק, און אַלע דאַמען „זיינען מקנא איהר געשמאַק, שענקייט און עקיפּאַזש."

— דער נעכטיגער עקסצענטרישער פאַל, — האָט האַניא זיך אויסגערעדט, — איז זיכער אַן אַבזיכטליכער און געוועהנליך קען מען איהם ניט נעהמען אין רעכענונג. אום צו האָבען צו איהר טענות אויף עפּעס, דאַרף מען זיך צוטשעפּען אומישנע אָדער אַנ'רכילות'ען. וואָס איבעריגענס, דאָס וועט אויך באַלד געשעהן, האָט האַניא פאַרענדיגט, ערוואַרטענדיג אַז דאָ וועט דער פירשט זיכער פרעגען: „פאַר וואָס רופט ער אַז דעם נעכטיגען פאַל, אַן אַבזיכטליכען פאַל און וואָרום וועט עס אויך באַלד געשעהן?" נור דער פירשט האָט עס ניט געפרעגט.

וועגען עווגעני פּאַוולאָוויטש האָט ער ווידער זיך אַליין צורעדט, אָהן באַזונדערע אויספרעגונגען, וואָס ס'האָט אויסגעקוקט זעהר מאָדנע, ווייל ער האָט עס אריינגעדרעהט אין דעם געשפּרעך אָהן קיין שום אורזאַך. לויט דער מיינונג פון גאַווריל אַרדאַליאָנאָוויטש, איז עווגעני פּאַוולאָוויטש ניט געווען באַקאַנט מיט נאַסטאַסיא פיליפאָווגא, ער קען איהר איצט אויך קוים, קוים, און נור דערפאַר, וואָס מיט א טאָג פיער צוריק האָט איהם עמיצער זי איהם פאָרגעשטעלט, אויפ'ן שפּאַציר, און ער איז אודאי ביי איהר קיין אייגמאַל ניט געווען אין הויז צוזאַמען מיט אַנדערע. וועגען די וועקסלען האָט אויך געקענט זיין (דאָס ווייס שוין האַניא אויף זיכער); עווגעני פּאַוולאָוויטש איז טאַקע זעהר פאַרמעגליך, נור „אייניגע ענינים פון דער גוט, געפינען זיך טאַקע אין אונאָרדנונג" ביי דעם דאָזיגען נייגעריגען מאַטריאַל האָט זיך האַניא אָפּגעשטעלט. וועגען נאַסטאַסיא פיליפאָווגא'ס נעכטיגער סצענע, האָט ער ניט געזאָגט קיין איינציג וואָרט, חוץ דאָס וואָס ער האָט אויבען געזאָגט, פאַרבייגעהענדיג. ענדליך איז נאָך האַניא'ן געקומען וואַרוואַרא אַרדאַליאָנאָוונא, איז געווען א ווייל ע, און ערקלעהרט (ניט געבעטענערהייט אפילו), אַז עווגעני פּאַוולאָוויטש וועט היינט, און אפשר אויך מאָרגען פאַרבלייבען אין פּעטערבורג, אַז איהר מאַן (איוואַן פּעטראָוויטש פּטיצין), איז אויך אין פּעטערבורג און כמעט אויך צוליעב עווגעני פּאַוולאָוויטשעס געשעפטען, אַז דאָרט איז טאַקע אין אמת'ן, עפּעס אַרויסגעקומען. אוועקגעהענדיג האָט זי צוגעגע-

**בען,** אז ליזאוועטא פראקאפיעוונא איז היינט אין א גיהנם'שער שטימונג, נור וואונדערליכער פון אלץ איז וואס אגלאיא האט זיך צוקריגט מיט דער גאנצער פאמיליע, ניט נור מיט פאטער און מוטער, נור אפילו אויך מיטביידע שוועסטער און אז „דאס איז שוין גאר ניט פיין,“ באריכטענדיג ווי פארבייגעהענדיג די דאזיגע לעצטע, פאר דעם פירשט זעהר וויכטיגע) נאכריכט, זיינען די ברידער און שוועסטער אוועק. וועגען דעם עסק מיט „פאווליששטשעוו'ס זון,“ האט האנעשטקא אפילו ניט דערמאנט קיין ווארט, אפשר, פון געמאכטער באשיידענהייט, און אפשר „שוינענדיג דעם פירשט'ס געפיהלען.“ אבער דער פירשט האט פונדעסטוועגען נאכאמאל באדאנקט פאר זיין מיהען זיך צו מאכען א סוף צו דעם ענין.

דער פירשט איז געוועזן זעהר צופרידען וואס מען האט איהם ענדליך איבערגעלאזט אליין; ער איז ארונטער פון דער טעראסע, איז אריבער איבער'ן וועג און איז אריין אין פארק; איהם האט זיך געוואלט באטראכטען און באשטימען א געוויסען שריט. נור דער דאזיגער „שריט“ איז ניט געווען פון יענע, וועלכע באטראכטען זיך, נור דוקא פון די וועלכע באטראכטען זיך ניט, נור אויף וועלכע מען באשליסט זיך איינפאך און גאר: איהם האט זיך פלוצלינג שרעקליך פארוואלט איבערלאזען דאס אלעס דא, און אליין אוועקפאהרען צוריק אהין, פון וואנען ער איז געקומען, ערגעץ וואו ווייטער, אין א פארווארפען ווינקעל, אוועקפאהרען גלייך און אפילו מיט קיינעם זיך ניט זעגנענען. ער האט פאראויסגעפיהלט, אז ווען נור ער וועט בלייבען דא, כאטש נאך אויף עטליכע טאג, וועט ער אומבאדינגט ארייננגעצויגען ווערען אין דער דאזיגער וועלט. און די דאזיגע וועלט וועט אויספאלען אויף זיין מזל אויך אויף ווייטער. נור ער האט נאך קיין צעהן מינוט ניט אפגעדענקט, און ער האט גלייך באשלאסען, אז אנטלייפען איז „אונמעגליך.“ אז דאס וועט כמעט אויסקוקען ווי א כאראקטער־שוואכקייט, אז פאר איהם שטעהען אזעלכע אויפגאבען, אז ניט ענטשיידען זיי, אדער אמווינציגסטענס, ניט באנוצען אלע זיינע קרעפטען זיי צו ענטשיידען, האט ער איצט קיין שום רעכט ניט. מיט אזעלכע געדאנקען האט ער זיך אומקעהערט א היים, ער האט קוים געשפאצירט א פערטעל שטונדע, ער האט זיך געפיהלט פאלקאם אומגליקליך אין דער מינוט.

לעבעדעוו איז נאָך אַלץ ניט געווען אין דער היים, אזוי דאָס צו אווענט צו, האָט צום פירשט אוספיעט זיך אריינרייסען קעלער, ניט קיין שיכור׳ער, נור מיט אויסגוסונגען, און אויסזאָגונגען. ער האָט גלייך ערקלעהרט, אז ער איז געקומען דערצעהלען דעם פירשט זיין גאַנץ לעבען און אז צוליעב דעם איז ער געבליבען אין פּאוולאָווסק. ארויסטרייבען איהם איז ניט געווען קיין מעגליכקייט: ער וואָלט ניט אוועק בשום אופן. קעלער האָט זיך געווען צוגעגרייט צו רעדען זעהר לאַנג און זעהר ניט גלאַט, נור פּלוצלינג איז ער פון די ערשטע ווערטער אריבערגעשפּרונגען צו א שלום און ערקלעהרט, אז ער האָט אויף אזוי פיעל פאַרלאָרען „דעם לעצטען צייכען פון מאָראַליטעט (דאָס אייגציגע וואָס קומט פון ניט גלויבען אין גאָט,) אז ער איז אפילו באַגאַנגען גנבות — איהר קענט זיך דאָס פאַרשטעלען!"

— הערט מיך אויס קעלער, איך אויף אייער פּלאַץ וואָלט בעסער זיך ניט מודה געווען אין דעם, אָהן קיין באַזונדערער באַדערפעניש. האָט דער פירשט געווען אַנגעהויבען — און איבעריגענס, קען דאָך געבען, אז איהר רעדט דאָס אַן אויף זיך אומישנע?

— אייך, בלויז אייך אליין, און בלויז דערפאַר כדי צו העלפען מיין ענטוויקלונג! מעהר קיינעם ניט. איך וועל שטאַרבען און אין די טויטען־בגדים אוועקטראָגען מיין סוד! נור פירשט, ווען איהר וואָלט געוואוּסט, ווען איהר וואָלט נור געוואוסט ווי שווער עס איז אין אונזער יאָהרהונדערט צו קריגען געלט! וואו זאָל מען זיי נאָך אַלע־מען קריגען, ערלויבט מיך אייך צו פרעגען? איין ענטפער: „ברענג גאָלד און בריליאַנטען, פאַר זיי וועלען מיר דיר געבען," דאָס הייסט אויף זיכער דאָס איך האָב ניט, קענט איהר זיך עס פאַרשטעלען? איך בין ענדליך אין כעס געוואָרען. געשטאַנען, געשטאַנען „און פאַר סמאַראַגדען וועט איהר געבען?" — „אויך פאַר סמאַראַגדען זאָגט ער, וועט ער געבען" — „אויסגעצייכענט!" זאָג איך, אַנגעטאָן דעם הוט און ארויס; דער טייוועל זאָל אייך נעהמען געמיינע מענשען וואָס איהר זייט! ביי גאָט!

— און איהר האָט דען געהאַט סמאַראַגדען?

— פון וואַנען קומען צו מיר סמאַראַגדען? אָ, פירשט, ווי ליכטיג און אומשולדיג, מען קען אפילו זאָגען, פּאַסטוך־מעסיג איהר קוקט אויפ׳ן לעבען.

דער פירשט האָט ענדליך דערפיהלט אויב ניט אזוי צו זאָגען מיטלייד, איז געוויסענהאפטיגקייט. ביי איהם האָט אפילו א בליץ געטאָן א געדאַנק: „קען מען אפשר פון דעם מענשען עפּעס מאַכען, דורך וועמענס ס'איז איינפלוס? זיין אייגענעם איינפלוס האָט ער צוליעב געוויסע אורזאכען געדעכענט פאַר זעהר ניט קיין ניצליכען. — ניט ווייל ער האָט זיך געוואָלט מאַכען קלע־נער ווי ער איז, נור צוליעב א באַזונדערען בליק אויף זאכען. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז און זיי האָבען זיך צורעדט און אויף אזוי פיעל, אז עס האָט זיך ניט געוואָלט צושיידען. קעלער האָט זיך מיט אַן אונגעוועהנליכער נרייטקייט מודה געווען אין אזעלכע זאכען, וועלכע מען קען גאָר ניט פאַרשטעלען, ווי אזוי מען קען וועגען אזעלעכע זאכען דערצעהלען. צוטרעטענדיג צו יעדער ערצעהלונג זיי־נער, האָט ער פאַרזיכערט, אז ער האָט חרטה און איז אין דער נשמה „פול מיט טרערען.“ און דערביי האָט ער דערצעהלט אזוי. ווי ער וואָלט שטאָלצירט מיט דער טהאַט, און אין דער זעלבער צייט אָפט אזוי קאָמיש, אז ער און דער פירשט האָבען ענדליך געלאַכט ווי משוגעים.

— די הויפּט זאך איז דאָס, אז איהר פאַרמאָגט אזא קינדערשע צוטרויליכקייט און אַן אונגעוועהנליכע וואָרהאַפטיגקייט, האָט ענדליך געזאָגט דער פירשט. — ווייסט איהר, אז מיט דעם אליין קויפט איהר זיך שוין אויס פון פיעלע זינד?

— איך בין אייך דאַנקבאַר, דאַנקבאַר, ריטערליך דאַנקבאַר! האָט ריהרענד ווידערהאָלט קעלער: — אָבער ווייסט איהר פירשט, אז דאָס אַלץ איז ביי מיר בלויז אין דער פאַנטאַזיע, אין קוראַזש, אָבער אין דער אמת'ן קומט גאָרנישט ארויס! און פאַר וואָס דאָס איז אזוי? הויב איך ניט אָן צו פאַרשטעהן.

— פאַרצווייפעלט ניט. איצט קען מען זיכער זאָגען, אז איהר האָט מיר ענדעקט דעם גרונד פון אייער נשמה; לכל הפחות, ווייזט זיך מיר אויס, אז צו דעם וואָס איהר האָט דערצעהלט איצט, קען מען שוין מעהר גאָר ניט צולעגען, איז דאָס אזוי?

— מען קען שוין מעהר ניט?! האָט ווי מיט רחמנות אויסגע־רופען קעלער. — אוי פירשט ווי מאָדנע אזוי צו זאָגען, שווייצאַריעש, איהר פאַרשטעהט א מענשען.

— איז דען מעגליך, אז מען קען נאָך עפּעס צוגעבען? האָט מיט א ציטערדיגער פּאַרוואונדערונג ארויסגערעדט דער פירשט — טאָ וואָס האָט איהר פון מיר ערוואַרטעט, איך בעט אייך קעלער, זאָגט, און צו וואָס זייט איהר געקומען מיט אייער ווידוי?

— פון אייך? וואָס האָב איך ערוואַרטעט? ערשטענס, אז סתם אנגענעהם צו אָנקוקען אייער נאַאיוויטעט; מיט אייך איז אנגענעהם צו זיצען און רעדען; איך אַמוזירצינגסטענס, ווייס אז פאַר מיר שטעהט דער בעסטער מענש, און צווייטענס... צווייטענס...

ער איז געבליבען שטעהן אין מיטן די רעד.

— אפשר האָט איהר געוואָלט געלט לייען? האָט איהם ארויסגע־האָלפען דער פירשט, זעהר ערנסט און איינפאַך, כמעט ווי ציטערדיג.

קעלער'ן האָט ווי דורכגענומען. ער האָט האַסטיג, מיט פריי־הערדיגער פּאַרוואונדערונג, א קוק געטאָן דעם פירשט גלייך אין די אויגען און האָט פעסט א קלאַפּ געטאָן מיט'ן קולאַק אין טיש.

— נו, אָט מיט דעם פיהרט איהר אראָפּ א מענשען פון וועג! אבער איך בעט אייך פירשט, אָט איז ביי אייך אזאַ ריין הערציגקייט און אומשולד פון וואָס מען האָט אפילו ניט געוואוסט אין דעם גאָל־דענעם יאָהרהונדערט, און פּלוצלינג אין דער זעלבער צייט, נעהמט איהר דורך א מענשען דורך און דורך ווי א פייל, מיט אזא טיפער בעאָבאַכטונגס־פּסיכאָלאָגיע. אָבער ערלויבט מיר פירשט, דאָס פאָ־דערט אן ערקלעהרונג ווייל איך בין... איך בין איינפאַך צוטומעלט! עס פאַרשטעהט זיך, אז סוף כל סוף איז מיין צוועק געווען — געלט. נור איהר האָט מיך געפרעגט וועגען געלט אויף אזא אופן, אזוי ווי איהר וואָלט אין דעם גאָרנישט געזעהן קיין שלעכט־מיינענדעס, אזוי ווי דאָס וואָלט אזוי געמוזט זיין?

— יע... ביי אייך האָט עס אזוי געמוזט זיין.

— און איהר זייט גאָר ניט אויפגעבראַכט?

— וואָס הייסט... פאַר וואָס?

— הערט מיך אויס פירשט, איך בין דאָ געבליבען פון נעכטען אוועגט ערשטענס, צוליעב דער באַזונדערער אַכטונג צו דעם פראַנצוי־זישען אַרכיפּיסקאָפּ בורדאַלו (מיר האָבען ביי לעבעדעוו'ן ביז דריי א זייגער געשיבורט), און צווייטענס, און די הויפּט זאַך, (און דאָ

צלם איך זיך מיט אלע צלמים אז איך זאָג דעם ריינעם אמת) בין איך צוליעב דעם דאָ געבליבען, ווייל איך האָב געוואָלט, אזוי צו זאָגען, איבערגעבענדיג אייך מיין פולען הארציגען ווידוי, און דערמיט אליין, העלפען מיין אייגענע ענטוויקלונג; מיט דעם דאָזיגען געדאַנק בין איך א זייגער פיער איינגעשלאָפען, באַגיסענדיג זיך מיט טרערען. גלויבט איהר איצט דעם אָרענטליכסטען מענשען: אין דעם זעלבען מאָמענט ווען איך בין איינגעשלאָפען, פול מיט אינוועניגסטע טרערען און אזוי צו זאָגען אויסוועניגסטע טרערען, (ווייל נאָך אלעמען, האָב איך גע־וויינט, איך געדענק עס!) איז מיר געקומען אויפ'ן זינען איין גהנם'די־גער געדאַנק: „אפשר זאָל איך ביי איהם סוף כל סוף נאָך דעם ווידוי לייען עטליכע רובעל?“ אויף אזא אופן, האָב איך דעם ווידוי, צוגע־גרייט, אזוי צו זאָגען, ווי „א געריכט מיט טרערען,“ מיט דעם כדי דורך די זעלבע טרערען ווייך מאַכען אייך דאָס הארץ, און כדי איהר זאָלט ווייך ווערענדיג מיר אָפּצעהלען הונדערט און פופציג קערבלאָך. ווי דענקט איהר, איז דאָס ניט געמיין?

—אָבער דאָס איז דאָך אודאי ניט ריכטיג, נור איינס מיט'ן צווייטען האָט זיך צוזאַמענגעפאַלען. צוויי געדאַנקען האָבען זיך צו־זאַמענגעקומען, דאָס טרעפט זעהר אָפט. מיט מיר טרעפט שטענדיג. איך איבעריגענס, דענק, ס'איז ניט פיין, און ווייסט איהר קעלער, אז איך וואַרף זיך אין דעם מעהר פון אלץ פאָר, איהר האָט פונקט ווי וועגען מיר דאָ דערצעהלט. מיר איז אפילו אָפטמאָל אויסגעקומען צו דענקען, האָט דער פירשט פאָרטגעזעצט, זעהר ערנסט, וואַרהאַפטיג און טיעף פאַראינטערעסירט — אז אלע מענשען זיינען אזוי, אזוי דאָס איך האָב דאָס אָנגעהויבען גוטהייסען, ווייל מיט די דאָזיגע „דאָ־פעלטע געדאַנקען“ איז זעהר שווער זיך צו ראַנגלען. איך האָב דאָס געפּרואווט. איין גאָט ווייס ווי אזוי זיי קומען און ווערען געבוירען. אָבער אָט רופט איהר עס גלייך אָן, געמיין! איצט הויב איך זיך שוין ווידער אָן פאָר די דאָזיגע געדאַנקען צו שרעקען. אלענפאַלס, בין איך ניט אייער ריכטער, נור פונדעסטוועגען, ווי ווייט איך דענק, קען מען דאָס ניט גלייך אָנרופען געמיין, ווי דענקט איהר? איהר האָט זיך געקליגט, כדי דורך טרערען ארויסמאָניען געלט, אָבער איהר שווערט זיך דאָך אליין, אז אייער ווידוי האָט אויך געהאַט אן אנדער צוועק, אן אָרענטליכען, ניט נור א געלטליכען; און וואָס שייך די

געלט, דאַרפט איהר דאָך זיי אויף הוליאַנקעס, ניט אזוי? און דאָס איז שוין טאַקע נאָך אזא ווידוי א שוואַכקייט. אבער ווי קען מען זיך אפּגעוואוינען פון הוליאַנקעס אין איין מינוט? דאָס איז דאָך אומ־מעגליך. וואָס זשע דאַרף מען טאָן? דאָס בעסטע איז איבערצולאָזען עס צו אייער געוויסען, ווי דענקט איהר?

דער פירשט האָט מיט גרויס נייגעריגקייט געקוקט אויף קעלער׳ן. די פראַגע וועגען די דאָפּעלטע געדאַנקען האָט איהם הפּנים שוין לאַנג באשעפטיגט.

— און נאָך דעם אַלעמען רופט מען אייך אידיאָט. איך הויב ניט אָן צו פאַרשטעהן! האָט אויסגערופען קעלער.

דער פירשט איז עטוואָס רויט געוואָרען.

— דער פּרעדיגער בורדאַלו, וואָלט אויף א מענשען קיין מיט־לייד ניט געהאַט און איהר האָט געהאַט מיטלייד, און מיך געאור־טהיילט מענשליך(! אלס א שטראָף פאר זיך, און אום צו באווייזען אז איך בין געריהרט, וויל איך ניט די הונדערט און פופציג רובעל, גיט מיר בלויז פינף און צוואנציג און גענוג! אָט דאָס איז אַלץ וואָס איך דאַרף, לכל הפחות, אויף צוויי וואָכען. פריהער ווי צוויי וואָכען וועל איך נאָך געלט ניט קומען, איך האָב געוואָלט אביסעל געבען פאַרגעניגען צו אַגאַשקע׳ן, אָבער זי איז דאָס ניט ווערטה. אַ, טהייע־רער פירשט, זאָל אייך גאָט בענשען!

ענדליך איז אריינגעקומען לעבעדעוו, וועלכער איז ערשט צוריק געקומען, און באמערקענדיג דעם פינף און צוואנציגער ביי קעלער׳ן אין די הענט, האָט ער זיך אַנגעכמורעט, נור קעלער, ווען ער האָט שוין געהאַט די געלט, האָט זיך געאיילט ארויסגעהן, און איז גלייך ניט געוואָרען. לעבעדעוו האָט תיכף אַנגעהויבען אויף איהם אָנרע־דען.

— איהר האָט ניט רעכט, ער האָט זיך באמת אָפענהערציג מתודה געווען, האָט ענדליך באַמערקט דער פירשט.

— אָבער וואָס קומט דערפון ארויס! פונקט אזוי האָב איך נעכ־טען געזאָגט: „געמיין, געמיין,“ אָבער דאָס זיינען דאָך ניט מעהר ווי ווערטער.

— הייסט עס, אז ביי אייך זיינען דאָס געווען ניט מעהר ווי ווער־טער? און איך האָב געווען געדענקט...

— בלויז אייך, בלויז נור אייך זאָג איך אויס דעם אמת, ווייל איהר נעהמט דורך א מענשען: אי ווערטער, אי טהאַטען, אי אמת, אוז לוגען — דאָס אלץ איז ביי מיר צוזאמען און אלץ אויפריכטיג.

דער אמת און די טהאַט שטעהען ביי מיר אימער אין אמת'ער חרטה. און די ווערטער און די ליגענס, שטעהען אין די גהנם'דיגע געדאנקען, אוז ווי אזוי קען מען דאָך א מענשען פארשטעהן, ווי אזוי ער טוט דורך טרערען געווינען חרטה! ביי גאָט, דאָס איז אזוי! אַז אַנדערן וואָלט איך דאָס ניט דערצעהלט — ער וועט זיך צולאכען אָדער א שפיי טאָן; אָבער איהר פירשט וועט אורטהיילען מענשליך.

— נו, אָט פונקט אזוי האָט ער מיר ערשט געזאָגט, האָט אויס־געשריען דער פירשט — אוז איהר ביידע, קוקט אויס, ווי איהר וואָלט זיך באריהמט דערמיט! אויף אייך וואונדער איך זיך אפילו, נור ער מאַכט עס אויפריכטיגער פון אייך, איהר האָט עס אין גאַנצען פאַר־וואַנדעלט אין א פראָפעסיע. נו, גענוג, זייט ניט ברוגז, לעבעדעוו, און לעגט ניט צו די האַנט צום הארצען. וועט איהר מיר אפשר עפּעס דערצעהלען? איהר וועט דאָך אומזיסט ניט אריינקומען...

לעבעדעוו האָט זיך פארקרימט און געמאַכט אַן אונצופרידענע מינע.

— איך האָב אויף אייך געוואַרט א גאַנצען טאָג, כדי צו שטעלען אייך איין פראגע: זאָגט כאָטש איין מאָל אין לעבען גלייך דעם אמת: האָט איהר מיט עפּעס־וואָס אנטהייל גענומען אין דער נעכטיגער גע־שיכטע מיט'ן עקיפּאַזש, אדער ניט?

לעבעדעוו האָט זיך ווידער גענומען קרימען, אַנגעהויבען כיכיקען, רייבען די הענט. ענדליך האָט ער זיך אפילו צעניסט, אָבער האָט זיך נאָך אלץ ניט ענטשלאָסען עפּעס צו זאָגען.

— איך זעה אַז איהר האָט אַנטהייל גענומען.

— אָבער אינדירעקט, הויפּזעכליך נור אינדירעקט! איך זאָג אייך דעם ריינעם אמת! איך האָב בלויז דערמיט אַנטהייל גענומען, אַז איך האָב אין צייט געלאָזט וויסען א באַקאַנטער פּערזאָן, אַז ביי מיר האָט זיך צונויפגעקליבען אזא און אזא קאָמפּאַניע און אַז עס זיינען דאָ איינינגע פּערזאָנען.

— איך ווייס אַז איהר האָט געשיקט א ה י ן אייער זון. ער

האָט עס מיר פריהער אליין דערצעהלט, נור וואָס איז דאָס פאַר אַן אינטריגע אזא! האָט אומגעדולדיג אויסגעשריען דער פירשט.

— ס'איז ניט מיין אינטריגע, ניט מיינע, האָט זיך אָפּגעשאָקעלט לעבעדעוו — דאָס זיינען עמיצענס אנדערש, אנדערש, און גיכער, אזוי צו זאָגען, א פאַנטאַזיע ווי אַן אינטריגע.

— אָבער פון וואָס באַשטעהט עס, ערקלעהרט, אום קריסטוס ווילען? צי דען פאַרשטעהט איהר ניט, אז דאָס געהט מיר אָן. דאָ וויל מען דאָך פאַרפּאַטשקען וועגעני פּאַוולאָוויטש'ן!

— פירשט! ליכטיגער פירשט! האָט זיך לעבעדעוו ווידער אָנגעהויבען דרעהען — איהר ערלויבט דאָך ניט צו זאָגען דעם גאַנצען אמת; איך האָב אייך שוין געוואָלט דערצעהלען דעם אמת, ניט איינמאָל. און איהר האָט ניט ערלויבט פאָרטצוזעצען...

דער פירשט האָט א ווײלע געשוויגען און א טראַכט געטאָן:

— נו, פיין; זאָגט דעם אמת, האָט ער שווער ארויסגעזאָגט, קענטיג נאָך א גרויסער מלחמה.

— אַגלאַיא איוואַנאָוונא... האָט תיכף אָנגעהויבען לעבעדעוו...

— שווייגט. שווייגט, האָט ניט מיט זיין קול אויסגעשריען דער פירשט, אין גאַנצען רויט ווערענדיג פון כעס, און אפשר אויך פון בושה — דאָס איז אונמעגליך. דאָס אַלץ איז א דומהייט! דאָס אַלץ האָט איהר אליין אויסגעטראַכט, אָדער אזעלכע משוגעים ווי איהר. און זאָל איך מעהר פון אייך וועגען דעם ניט הערען!

שפּעט אין אָוונט, א זייגער עלף, איז געקומען קאָליא מיט א גאַנצען פּאַק נייעס. די נייעס זיינען געווען צווייערלוידיגע: פּעטערבורגער און פּאַוולאָווסקער. ער האָט אויף שנעל דערצעהלט די הויפּט נייעס פון פּעטערבורג (דערהויפּט, וועגען איפּאָליט'ן און וועגען נעכטיגער געשיכטע). מיט דעם כדי ווידער איבערצוגעהן צו זיי דערנאָך, און איז שנעלער אריבער צו די פּאַוולאָווסקער נייעס. מיט דריי שטונדע צוריק האָט ער זיך צוריקגעקעהרט פון פּעטערבורג, און ניט פאַרגייענדיג צום פירשט, איז ער גלייך אוועק צו די עפּאַנטשין'ס. „דאַרטען טוט זיך חשך!" ער פאַרשטעהט זיך אז די הויפּט זאַך אויפ'ן טאָגעס־אָרדנונג איז דער עקיפּאַזש, נור געוויס, האָט דאָ נאָך עפּעס פּאַסירט, א זאַך וועלכע איז איהם און דעם פירשט ניט באַקאַנט. „איך האָב זעלבסטפאַרשטענדליך ניט געשפּיאָנירט און קיי־

נעם פאַנאַנדערפרעגן ניט געוואָלט; איבעריגנס, האָט מען מיך פּיין אויפגענומען, אַזוי, פּיין. דאָס איך האָב אַזש ניט ערוואַרטעט, אָבער וועגן אייך פירשט קיין וואָרט!" די הויפּט זאַך און דאָס אינטערע־סאַנטע פון אַלעם איז וואָס אַגלאַיאַ האָט זיך צוקריגט מיט דער גאַנ־צער פאַמיליע צוליעב האַניאַ'ן. פון וואָס פאַר אַן איינצעלהייטען די זאַך איז באַשטאַנען — איז אומבאַקאַנט. נור דאָס איז אַ פאַקט, אַז דער קריג איז ענטשטאַנען צוליעב האַניאַ'ן (שטעלט זיך נור פאָר וואָס דאָס מיינט!) און זיי קריגען זיך אַפילו זעהר שטאַרק דאָס באַווייזט, אַז עס דאָ שטעקט עפּעס וויכטיגעס. דער גענעראַל איז געקומען צופאַהרען שפּעט, געקומען אַן אַנגעכמורעטער, געקומען מיט עווגעני פּאַוולאָוויטש'ן, וועלכען מען האָט אויפגענומען אויסגעצייכענט, און עווגעני פּאַוולאָוויטש אַליין איז געוועזען פרעהליך און ליבליך. אָבער דאָס גרעסטע נייעס איז דאָס, אַז ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט גאָר אָהן טומעל, אַריינגערופען צו זיך וואַרוואַראַ אַרדאַליאָנאָוונאַ, וועלכע איז געזעסען ביי די מיידלאַך, און האָט זי איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַרויסגעיאָגט פון הויז. איבעריגענס, אויף אַ זעהר ערדלען אופן. — „כ'האָב עס געהערט פון וואַריאַ'ן זעלבסט." נור גלייך ווי וואַריאַ איז אַרויס פון ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ, האָט זי זיך געזעגענט מיט די מיידלאַך, און יענע האָבען גאָר ניט געוואוסט אַז מען האָט איהר שוין אויף שטענדיג פאַרבאָטען צו קומען אין הויז, און אַז זי זעגענט זיך מיט זיי צום לעצטען מאָל.

— אָבער וואַרוואַראַ אַרדאַליאָנאָוונאַ איז דאָך זיבען אַ זייגער געוועזען ביי מיר! האָט געפרעגט דער פאַרוואונדערטער פירשט.

—און אַרויסגעטריבען האָט מען זי אַרום אַכט, אָדער טאַקע פּונקט אַכט. איך פיהל זעהר מיט וואַריאַ'ן און האַניאַ'ן... זיי האָבען אונצווייפעלהאַפט שטענדיגע אינטריגעס, אָהן דעם קענען זיי ניט לעבען, און קיינמאָל האָב איך ניט געוואוסט וואָס זיי פּלאַנעווען און וויל דערפון ניט וויסען. נאָר איך פאַרזיכער אייך. מיין ליבער און גוטער פירשט, אַז האַניאַ פאַרמאָגט אַ נשמה. דאָס איז אַ מענש, וועלכער איז אודאי אין אַ סך הינזיכטען, אַ פאַרלאָרענער, נור אין אַ סך הינזיכטען האָט ער אַזעלכע שטריכען וועלכע עס לוינט זיך צו זוכען כדי צו געפינען. איך וועל זיך קיינמאָל ניט מוחל זיין וואָס איך האָב איהם פריהער ניט פאַרשטאַנען... איך ווייס ניט זאָל איך איצט נאָך פאָרטזעצען,

נאָך דעם פּאַל מיט וואַריאַ׳ן, איך האָב זיך פון אָנהויב אָן אוועקגע־שטעלט צו האַנדלען אין גאַנצען אונאָבהענגיג און באַזונדער, נור פונדעסטוועגען דאַרף מען אַ טראַכט טאָן...

—איהר האָט אומזיסט מיטלייד מיט אייער ברודער, האָט איהם באַמערקט דער פירשט — ווען עס האָט שוין דערגרייכט אויף אַזוי פיעל, דאַן ווייזט עס דאָך אויס, אַז ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעווּנאַ זעהט אין גאַווריל׳אַ אַרדאַליאָנאָוויטש אַ געפאַהר, און דאָס באַווייזט דאָך אַז זיינע געוויסע האָפענונגען ווערען פאַרווירקליכקייט.

— וואָס פאַר וועלכע האָפענונגען! האָט אין פאַרוואונדערונג אויס־גערופען קאָליאַ — אפשר דענקט איהר אַז אַגלאַיאַ... דאָס איז אוג־מעגליך!

דער פירשט האָט ניט געענטפערט.

— איהר זייט אַ שרעקליכער סקעפּטיקער, פירשט, האָט אין אַ פּאָר מינוט אַרום צוגעגעבען קאָליאַ — איך האָב באַמערקט, אַז פון אַ געוויסער צייט אָן, זייט איהר געוואָרען אַ גוואַלדיגער סקעפּטיקער. איהר גלויבט אין גאָרנישט ניט און אייך דוכט זיך אַלץ... האָב איך ריכטיג אין דעם פאַל, באַנוצט דאָס וואָרט „סקעפּטיקער?“

—איך דענק אַז ריכטיג. כאָטש איבעריגענס, ווייס איך אַליין ניט.

— נור איך אַליין זאָג זיך אָפּ פון מיין וואָרט „סקעפּטיקער,“ איך האָב געפונען אַ נייע ערקלעהרונג, האָט פּלוצלינג אויסגעשריען קאָליאַ — איהר זייט ניט קיין סקעפּטיקער נור אַן אויפערזיכטיגער! איהר זייט שרעקליך אויפערזיכטיג אויף האַניאַ׳ן צוליעב דער באַ־קאַנטער, שטאָלצער מיידעל!

דאָס זאָגענדיג איז קאָליאַ אויפגעשפּרונגען און זיך צעלאַכט, אַזוי ווי נאָך קיינמאָל ניט, דערזעהענדיג אַז דער פירשט איז אין גאַנצען רויט געוואָרען, האָט זיך קאָליאַ נאָך מעהר צעלאַכט; איהם איז שרעקליך געפעהלען געוואָרען דער געדאַנק, אַז דער פירשט איז אייפער־זיכטיג פאַר אַגלאַיאַ׳ן, נור ער איז באַלד אַנטשוויגען געוואָרען, באַ־מערקענדיג אַז יענער האָט דאָס אויפריכטיג גענומען צום האַרצען. דערנאָך האָבען זיי ערנסט און פאַרזאָרגט אָפּגעשמועסט נאָך אַ שעה אָדער אַנדערהאַלבען.

אויף מאָרגעז, האָט דער פירשט צוליב א געוויסער נויטווענדי־גער אנגעלעגענהייט דעם גאַנצען פריהמאָרגען פארבראַכט אין פּעטער־בורג. קומענדיג צוריק אין פּאַוולאַווסק ארום פינף אזייגער נאָך האַלבען טאָג, האָט ער זיך אויפ׳ן וואגזאַל פון אייזענבאהן, געטראָ־פען מיט איוואן פיאָדאָראָוויטש. יענער האָט איהם האסטיג א כאַפּ געטאָן ביים האַנט, זיך אומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך פאַר עפּעס דערשראָקען, און אוועקגעשלעפּט דעם פירשט מיט זיך אין וואַגאָן פון ערשטען קלאַס, כדי צו פאָהרען צוזאַמען. ער האָט געברענט פון חשק צו איבערשמועסען זיך וועגען זעהר א וויכטיגען ענין.

— ערשטענס, ליעבער פירשט, זיי אויף מיר ניט ברוגז, און אויב ס׳איז עפּעס יע געווען פון מיין זייט — פאַרגעס! איך וואָלט אַליין נאָך נעכטען צו דיר פאַרגאַנגען, נור איך האָב ניט געוואוסט וואָס עס דענקט וועגען דעם ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא... ביי מיר אין הויז... איז אַן איינפאַכער גיהנום, א געהיימניספאָלער ספינקס האָט זיך באַזעצט, און איך געה ארום און פאַרשטעה גאָרנישט. און וואָס שייך דיך, איז לויט מיין מיינונג, ביזטו ווייניגער פון אונז אַלעמען שול־דיג, כאָטש ס׳איז זיכער אז צוליב דיר איז פיעלעס געשעהן. זעהסטו, פירשט, צו זיין א פילאַנטראָפּ איז אַנגענעהם, אבער ניט זעהר. האָסט שוין אפשר אַליין פאַרזוכט די פרוכט. זיכער, אז איך ליב גוטסקייט און אכטע ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא, אבער...

דער גענעראַל האָט נאָך לאַנג גערעדט אויף דעם אופן. נור די ווערטער זיינע האָבען זיך מאָדנע ניט געקלעפּט. עס איז געווען צו זעהן, אז ער איז אויפגערודערט און צוטומעלט פון עפּעס־וואָס צו איהם אַליין ניט פאַרשטענדליכעס.

— ביי מיר איז קיין צווייפעל, אז דו ביזט דאָ נישט פאַרמישט, — האָט ער זיך ענדליך קלעהרער ארויסגעזאָגט — אבער דאָך באַזוך אונז ניט א געוויסע צייט, איך בעט עס דיך ווי א פריינד, ביז דער וועטער וועט זיך בייטען... — און וואָס שייך עווגעני פּאַוולאָוויטש — האָט ער אויסגעשריען מיט אונגעוועהנליכע היץ — איז דאָס אַלץ אַן אונזיניגער בלבול, אן אמת׳ער בלבול! דאָס איז א פאַרשווערונג, אַן אינטריגע, א חשק אַלץ קאַליע מאַכען און אָנמאַכען קריעג צווי־שען אונז. פאַרשטעהסט, פירשט, איך זאָג דיר דאָס אויפ׳ן אויער: צווישען אונז און עווגעני פּאַוולאָוויטש איז נאָך ניט געזאָגט גע־

וואָרען קיין איינציג וואָרט, פאַרשטעהסט? מיר זיינען מיט גאָרנישט ניט געבונדען — נור דאַס וואָרט קען געזאָגט ווערען און אפילו גיך אויך און קען געבען, אפילו זעהר שנעל! איז דאַס כדי צו קאַליע מאכען! און צוליב וואס און פאר וואס — פאַרשטעה איך ניט! ס'איז אַ פרוי אַ וואונדערליכע, אַ פרוי אַן עקסצענטרישע, איך האָב פאַר איהר אַזוי פיעל מורא, אַז איך שלאָף קוים. און וואס איז דאָס פאַר אַן עקיפּאַזש, און ווייסע פערד, דאָס איז דאַך, וואס מען רופט אויף פראַנצויזיש, שיק. ווער גיט עס איהר? ביי גאָט, איך האָב געזינדיגט. פאַרגעסטערן האָב איך אַ טראַכט געטאָן וועגען וועגען פאַוולִיטש, נור עס שטעלט זיך ארויס, אַז דאָס קען ניט געבען, און ווען עס קען ניט געבען, טאָ וואס וויל זי דאָ קאַליע מאכען? אָט וואו עס ליגט די רע־טעניש! אום צו האַלטען פאַר זיך עווגעני פאַוולִיטש? נור איך ווי־דערהאָל דיר און האָסט אַ צלם, אַז ער איז מיט איהר ניט באַקאַנט און אַז די וועקסלען — זיינען אַן אויסגעטראַכטע זאַך! און מיט אַזאַ חוצפּה צו שרייען צו איהם „דו" אין גאַס! אַן אמת'ע פאַרשוועַ־רונג! עס איז אַ קלאָהרע זאַך, אַז מען דאַרף עס אָפּשטויסען מיט פאַראַכטונג און צו עווגעני פאַוולִיטש'ן פאַרדאָפּלען די אכטונג. אָט אַזוי האָב איך אויך געזאָגט צו ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ. איצט וועל איך דיר פאַרטרויען אַ סאמע אינטימען געדאַנק: איך בין פעסט אי־בערצייגט, אַז זי טוט עס, אויס פּערזענליכער ראַכע צו מיר, געדענקסט, פאַר פריהערדיגעס, כאָטש איך האָב זיך קיינמאָהל און אין גאָרנישט פאַר איהר זיך ניט פאַרשולדיגט. איך ווער רויט פון בלויז ער־אינערונגען. איצט איז זי ווידער ערשיענען, איך האָב געדענקט זי איז שוין אין גאַנצען פאַרשוואונדען, וואו זשע איז דאָס דער ראַגאָזשין? כ'בעט אייך, איך האָב געדענקט, אַז זי איז שוין לאַנג מאַדאַם ראַ־גאָזשין.

מיט איין וואָרט, דער מענש איז געווען גוט צוטומעלט. די גאַנ־צע שטונדע פון דער רייזע האָט ער אַליין גערעדט, געשטעלט פראַגען, אַליין זיי פאַרענטפערט, געדריקט דעם פירשט'ס האַנט און ער האָט אַמווינציגסטענס אין דעם אַליין דעם פירשט איבערצייגט, אַז איהם הויבט ער ניט אָן צו חושד זיין אין עפּעס. דאָס איז פאַר דעם פירשט געווען וויכטיג. געענדיגט האָט ער מיט אַ מעשה וועגען אַ ליבליכען פעטער פון עווגעני פאַוולִיטש, אַ נאַטשאַלניק פון עפּעס אַ קאַנצעלאַ־

ריע פון פעטערבורג. — „אויף אן אנגעזעהענעם פּלאַץ, פון א יאָהר זיבעציג. א לעבע־יונג, א האַסטראַנאַם, און בכלל א קלוגער אלטימש־קער... כא, כא! איך וויים, אז ער האָט געהערט פון נאַסטאַסיא פי־ליפּאָוונא, און אפילו זיך געיאָגט נאָך איהר, בין איך צו איהם פרי־העד צוגעפאָהרען; ער נעהמט ניט אויף, נישט געזונד, נור ער איז רייך, רייך, מען רעכענט זיך מיט איהם, און... זאָל איהם גאָט שענקען נאָך אסך יאָהרען, אבער דאָס וועט ווידער אנקומען צו עווגעני פּאַוור־ליטש'ן... יע, יע... און פונדעסטוועגען שרעק איך זיך! איך וויים ניט פאר וואס, נור איך שרעק זיך, עפּעס ווי עס וואָלט זיך אין דער לופט געפיהלט, ווי א פלעדער־מויז, אז אומגליק טראָגט זיך, און איך שרעק זיך, שרעק זיך...

און ענדליך ערשט אויפ'ן דריטען טאָג, ווי מיר האָבען שוין אוי־בען געשריבען, איז געקומען דער פאָרמאַלנער שלום צווישען די עפּאַנ־טשין'ס און לעוו ניקאָלאַיעוויטש.

---

## צוועלפטער קאַפּיטעל.

עס איז שוין געווען זיבען א זייגער נאָכמיטאָג; דער פירשט האָט זיך געקליבען געהן אין פּארק, מיט אמאָל איז ליזאַוועטא פּראָ־קאָפּיעוונא אליין ארויסגעקומען צו איהם אויף דער טעראַסע.

— ערשטענס, זאָלסטו ניט וואגען צו דענקען, — האָט זי אָנגע־הויבען — אז איך בין געקומען צו דיר פּארצייאונג בעטען. ס'איז א דומהייט! דו ביזט שולדיג אין אלץ!

דער פירשט האָט געשוויגען.

— שולדיג אָדער ניט?

— אויף אזוי פיעל וויפיעל איהר, איבעריגענס, ניט איך און ניט איהר זיינען אין עפּעס אבזיכטליכעס שולדיג. מיט דריי טעג צוריק האָב איך געדענקט, אז איך בין שולדיג, אבער איצט האָב איך באַ־רעכענט, אז דאָס איז ניט אזוי.

— הייסט עס, אַז אַזאַ מענש ביזטו! נו, פּיין, ער זשע אויס און זעץ זיך, ווייל איך דענק ניט צו שטעהן.

ביידע האָבען זיך געזעצט.

— צוויייטענס: קיין וואָרט ניט, וועגען די בייזע אינגלאך! איך וועל זיצען און שמועסען מיט דיר אַ מינוט צעהן; איך בין גע־קומען צו דיר מאַכען אַן אויספאָרשונג (און דו האָסט געמיינט גאָט ווייסט וואָס). און ווען דו וועסט כאָטש מיט איין וואָרט דערמאָהנען די חוצפה'דיגע אינגלאך, וועל איך אויפשטעהן און אוועקגעהן און איך וועל שוין אין גאַנצען מיט דיר איבעררייסען.

— גוט, — האָט געענטפערט דער פירשט.

— ערלויב מיר דיך צו פרעגען: האָסטו געשיקט מיט צוויי חדשים, אדער מיט צוויי און אַ האַלב חדשים צוריק, אַרום פּאַסחאַ, אַ בריף צו אַגלאַיאַ'ן?

— גע־שיקט.

— מיט וואָס פאַר אַ צוועק? וואָס איז געווען געשריבען אין בריף? ווייז דעם בריף!

ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ'ס אויגען האָבען געברענט, זי האָט זיך שיעור ניט געטרייסעלט פון אומגעדולדיגקייט.

— איך האָב ניט דעם בריף, — האָט דער פירשט זיך פאַר־וואונדערט און שרעקליך זיך דערשראָקען, — אויב עס איז נאָך דאָ און ס'איז גאַנץ, איז דאָס ביי אַגלאַיאַ איוואַנאָוונאַ.

— כיטרעווע ניט. וועגען וואָס האָסטו געשריבען?

— איך כיטרעווע ניט, און האָב פאַר גאָרנישט קיין מורא ניט. איך זעה ניט איין קיין שום אורזאַכע פאַר וואָס איך זאָל ניט שריי־בען...

— שווייג! וועסט רעדען נאָכדעם! וואָס איז געווען אין דעם בריף? וואָס ביזטו רויט געוואָרען?

דער פירשט האָט אַ טראַכט געטאָן.

— איך ווייס ניט, וואָס איהר דענקט, ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ. איינס זעה איך, אַז דער בריף איז אייך זעהר ניט געפעהלען געוואָ־רען. שטימט איין, אַז איך וואָלט זיך געקאָנט ענטזאָגען צו ענט־פערען אויף אַזאַ פראַגע; נור אום צו ווייזען אייך, אַז איך האָב קיין מורא ניט פאַר דעם בריף, און אַז איך האָב קיין חרטה ניט, וואָס איך

האָב איהם געשריבען. און אז איך וועל גאָר ניט רויט צוליב איהם, (דער פירשט איז נאָך דאָפּעלט רויטער געוואָרען.) וועל איך פאַרלייע־נען דעם בריף, איך געדענק איהם אויף אויסווענדיג.

דאָס זאָגענדיג, האָט דער פירשט איבערגעלייענט דעם בריף, כמעט וואָרט אין וואָרט, ווי ער איז געשריבען געוואָרען.

— וואָס פאַר אַן אונזין! וואָס קען אָט די דאָזיגע נאַרישקייט לויט דיין שכל, מיינען? — האָט שאַרף געפּרעגט ליזאַוועטא פּראָקאָ־פיעוונא. אויסהערענדיג דעם בריף מיט אונגעוועהנליכער אויפמערק־זאמקייט.

— איך ווייס אליין ניט ריכטיג; איך ווייס, אז מיינע געפיהלען זיינען געווען אויפריכטיגע. דאָרטען זיינען ביי מיר געווען מינוטען פון פאָלקאָמענעם לעבען און אונגעהייערע גרויסע האָפענונגען.

— וואָס פאַר אַ האָפענונגען?

— שווער צו ערקלעהרען, נור ניט אזעלכע וועגען וועלכע איהר, מעגליך, טראַכט איצט... נו, מיט איין וואָרט, האָפנונגען אויף דער צוקונפט און די פרייד וועגען דעם, וואָס עס קען געבען, אז איך בין ד אָ ר ט ע ן ניט קיין פרעמדער, ניט קיין אויסלענדער. מיר איז פּלוצלינג אליץ אין מיט פאַטערלאַנד געפעהלען געוואָרען, און אין איין זוניגען פריהמאָרגען האָב איך גענומען די פעדער און אנגעשריבען צו איהר א בריעף. פאַר וואָס עפּעס צו איהר — ווייס איך ניט. אפּטמאָל ווילט זיך זעהען א פריינד ארום זיך. און מיר האָט זיך קענטיג א פריינד פאַרוואָלט... — האָט נאָך א ווייַלע שווייגען צוגעגעבען דער פירשט.

— ביזט אודאי פאַרליבט?

— נ־ניין. איך... האָב געשריבען ווי צו א שוועסטער, איך האָב זיך אפילו אונטערגעשריבען, ברודער.

— המ... אודאי אומישנע; איך פאַרשטעה.

— מיר איז זעהר שווער אייך צו ענטפערן אויף די דאָזיגע פראַגען, ליזאַוועטא פּראָקאָפיעוונא.

— איך ווייס, ס'איז שווער, אבער מיך קימערט ניט, וואָס דיר איז שווער. הער אויס, זאָג מיר דעם אמת, ווי פאַר גאָט: זאָגסטו ליגען אדער ניט?

— איך זאָג ניט קיין ליגען.

— זאָגסטו דעם אמת, אז דו ביזט ניט פארליבט?

— עס דוכט מיר, דעם גאנצען אמת.

— אָט האָסטו דיר! עס דוכט איהם! האָט עס דאָס אינגעל איבערגעגעבען?

— איך האָב געבעטען ניקאָלאי ארדאליאנאָוויטש'ן.

— דעם אינגעל? דעם אינגעל? — האָט מיט היציגקייט איבער־געשלאָגען ליזאוועטא פּראָקאָפּיעוונא — איך הויב ניט אָן צו וויסען ווער איז דאָס דער ניקאָלאי ארדאליאנאָוויטש! דאָס אינגעל?

— ניקאָלאי ארדאליאנאָוויטש...

— איך זאָג דיר, דאָס אינגעל!

— ניין, ניט קיין אינגעל, נור ניקאָלאי ארדאליאנאָוויטש, האָסט ענדליך פעסט, כאָטש גאנץ שטיל געענטפערט דער פירשט.

— נו, פיין, טהייערער, פיין! איך וועל דיר דאָס צורעכענען. א ווייל'ע האָט זי איינגעהאלטען איהר אויפרעגונג און זיך אָפּגערוהט.

— און וואָס מיינט עס אזוינס: „דער ריטער דער אָרימער?“

— איך ווייס גאר ניט. דאָס איז אָהן מיין וויסען; ס'איז אודאי א שפּאס אזא.

— אנגענעהם זיך צו דערוויסען! אבער איז דען מעגליך, אז זי זאָל זיך פאראינטערעסירען אין דיר? זי אליין האָט דאָך דיך גערופען „קריפּעל“ און „אידיאָט“?

— איהר האָט עס געקענט מיר ניט איבערגעבען אויך — האָט מיט פאָרוואורף, אבער זעהר שטיל באמערקט דער פירשט.

— זיי ניט ברוגז. זי איז א מיידעל א זעלבסטהערשענדע, א משוגע'נע, א צעבאלעוועטע — ווען זי ליבט עמיצען, וועט זי אונבאַ־דינגט זידלען אויפ'ן קול און אין די אויגען חוזק מאכען; איך בין אזא געווען. אבער ביטע, טריאומפיר נאָך ניט, ליבענקער, זי איז נאָך ניט דיינע; איך וויל דאָס גאר ניט גלויבען, און עס וועט קיינמאָהל ניט געשעהן! איך זאָג עס דיר צוליב דעם, כדי דו זאָלסט שוין זיין אויף דער וואך. הער, שווער זיך, אז דו ביזט נ י ט פארהייראט צו דער ד א ז י ג ע ר.

— וואָס רעדט איהר, ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא? — איז דער פירשט שיעור ניט אויפגעשפּרונגען פון פאַרוואונדערונג.

— אָבער דו האָסט דאָך שיעור ניט געהייראַט?

— שיעור ניט געהייראַט, — האָט דער פירשט א שעפּטשע געטאָן און אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— אויב אַזוי, ביזטו אפשר פאַרליבט אין א י ה ר ? ביזט עס איצט צוליב א י ה ר געקומען צו פאָהרען? צוליב דער ד אָ ז י־ג ע ר ?

— איך בין געקומען צו פאָהרען ניט צוליב חתונה האָבען, — האָט געענטפערט דער פירשט.

— האָסטו עפּעס הייליגעס אויף דער וועלט?

— כ'האָב.

— שווער זיך, אז ניט צוליב חתונה האָבען מיט י ע נ ע ר ?

— איך שווער מיט וואָס איהר ווילט אליין!

— איך גלויב, גיב מיר א קוש. ענדליך האָב איך פריי אָפּגעאָטעמט; אָבער וויס: אַגלאַיא ליבט דיך ניט. זיי פאַרזיכטיג, און דו קענסט מיט איהר קיינמאָהל ניט חתונה האָבען, ביז וואַנען איך לעב אויף דער וועלט! האָסט געהערט?

— כ'האָב געהערט.

דער פירשט איז אזוי רויט געוואָרען, אז ער האָט ניט געקענט קוקען ליזאַוועטא פּראָקאָפּיעוונא'ן גלייך אין די אויגען.

— נעהם זיך עס אריין גוט אין קאָפּ. איך האָב אויף דיר געוואַרט, ווי אויף א שליח פון גאָט (דו ביזט עס ניט ווערטה געווען!), איך האָב מיין קישען אין די נעכט פון טרערען נאַס געמאַכט — ניט צוליב דיר, ליבינקער, באַאומרוהיג זיך ניט. איך האָב מיין אייגענע צרה, אן אייביגע און שטענדיג דאָס זעלבע. נור אָט פאַר וואָס איך האָב אויף דיר געוואַרט מיט אַזא אומגעדולד: איך גלויב נאָך אַלץ, אז גאָט האָט דיך צו מיר צוגעשיקט אלס פריינד און אלס לייבליכער ברודער. איך האָב קיינעם ניט מעהר אויסער די אַלטיטשקע בעלאָקאָנסקאַיא, אָבער יענע איז שוין אויך אוועקגעפלויגען און דערצו איז זי נאָך פון אַלטקייט געוואָרען נאַריש, ווי א שעפּס. איצט ענטפער איינפאַך: י ע אָדער נ י ט: ווייסטו פאַר וואָס ז י האָט פאַרגעסטערן געשריען פון עקיפּאַזש?

— אויף מיין עהרען וואָרט, אז איך האָב אין דעם קיין האַנט ניט און ווייס גאָרנישט.

— גענוג, איך גלויב, איצט דענק איך שוין אנדערש וועגען דעם. אבער נעכטען נאָך, אין דער פריה, האָב איך די גאַנצע שולד ארויפ־געוואָרפען אויף עווגעני פּאווליטש. גאַנצע טעג אייערנעכטען און נעכטען אין דער פריה. איצט, פאַרשטעהט זיך, מוז איך איינשטי־מען מיט זיי; מען זעהט עס קלאָהר, אז מען האָט דאָ פון איהם, ווי פון א נאַר געמאַכט חוזק. צוליב עפּעס, און פאַר עפּעס (שוין דאָס אליין איז פאַרדעכטיגט! און ניט בארעכטיגט! — אבער אגלאַיאַ וועט קיינמאָל ניט זיין זיינע, איך זאָג דאָס דיר! זאָל זיין, אז ער איז טאַקע א גוטער מענש, אבער דאָך וועט עס בלייבען ווי איך זאָג. פריהער האָב איך זיך געקווינקעלט אבער איצט האָב איך שוין אויף ריכטיג באשלאָסען: „לעגט מיך א פריהער אריין אין קבר און פאַרגראַבט מיך אין דער ערד, און דערנאָך מאַכט חתונה די טאָכטער“. אָט וואָס איך האָב היינט דייטליך ארויסגעזאָגט צו איוואַן פיאָדאָראָוויטש. זעהסט, אז איך פאַרטרוי דיר, זעהסט?

— איך זעה און פאַרשטעה.

ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט דורכדרינגליך זיך איינגעקוקט אין פירשט; מעגליך, אז איהר האָט זיך זעהר געוואָלט דערגעהן וואָס פאַר אן איינדרוק מאַכט אויף איהם די נייעס וועגען עווגעני פּאַוו־ליטש.

— וועגען גאַווריל איוואָלגען ווייסטו גאָרנישט?

— דאָס הייסט... איך ווייס פיעלעס.

—ווייסטו אָדער ווייסטו ניט, אז ער האָט באַציהונגען מיט אגלאַיאַ'ן?

— איך האָב גאָר ניט געוואוסט, — האָט דער פירשט זיך פאַר־וואונדערט און אפילו א ציטער געטאָן — ווי זאָגט איהר, גאַווריל ארדאַליאָנאָוויטש איז אין באַציהונגען מיט אגלאַיאַ איוואַנאָוונאַ, דאָס איז אונמעגליך!

— גאָר ניט לאַנג. דאָ האָט די שוועסטער דעם גאַנצען ווינטער פאַר איהם א וועג פאַרבאַרייטעט, זי האָט געאַרבייט ווי א מויז.

— איך גלויב ניט, — האָט פּעסט ווידערהאָלט דער פירשט, נאָך

א ווײלע טראַכטען און אױפרעגונג, — װען דאס װאָלט געװען, װאָלט איך עס זיכער געװאוסט.

— װי דען זשע? ער װאָלט אלײן געקומען, דיר געפאַלען אױפ'ן האלז און מיט טרערען אין די אויגען זיך מודה געװען! עך, דו פּראָס־טאַק, װאס דו ביזט. פּראָסטאַק! אלע נארען דיך װי... װי..., און דו שעהמסט זיך גאר ניט איהם צו פארטרויען זיך? צו דען זעהסטו ניט, אז ער האט דיך באַשווינדעלט פון אלע זייטען?

— איך וויים, אז ער נארט מיך אָפּטמאָל, — האָט אָהן חשק און שטיל ארויסגערעדט דער פירשט — און ער וויים, אז איך וויים דאס... — האָט ער צוגעגעבען און ניט פארענדיגט.

— וויסען און פארטרויען זיך! נאָך דאס האָט געפעהלט! אי־בעריגענס, פון דיר האָט מען עס געדארפט ערוואַרטען. און וואס ביז איך דאָ ערשטוינט, וואָס! גאָט מיינער! איז דען געוועזן אמאָל נאָך אזא מענש! טפוי! און ווייסטו, אז דער דאַזיגער האַנקא, אדער די דאַזיגע ווארקא האָבען זי פארבונדען מיט נאסטאסיא פיליפּאָוונא?

— ועמען? — האָט אויסגערופען דער פירשט.

— אַגלאַיא'ן.

— איך גלויב ניט. דאָס קען ניט געבען! מיט וואס פאר א ציעל? ער איז אויפגעשפּרונגען פון שטוהל.

— איך גלויב אויך ניט, כאָטש עס זיינען דאָ באַווייזע. דאָס מיידעל איז אַן אייגענוויליגע, א מיידעל מיט פאנטאזיע, א מיידעל מיט משוגעת'ן. ס'איז א מיידעל א שלעכטס, א שלעכטס, א שלעכטס! טויזענד יאָהר נאָכאַנאַנד וועל איך ווידערהאָלען, אז זי איז א שלעכטס! אַלע זיינען זיי ביי מיר איצט אַזעלכע, אפילו אָט די צעקראַכענע אלעקסאנדרא, אבער די איז שוין אין גאנצען ארויסגעשפּרונגען פון די הענט. אבער דאָך גלויב איך ניט! אפשר דערפאר, ווייל איך וויל ניט גלויבען. — האָט זי צוגעגעבען ווי פאר זיך — פאר וואס ביזטו ניט געקומען? — האָט זי זיך פּלוצלינג ווידער אומגעדרעהט צום פירשט — פאר וואס ביזטו די גאנצע דריי טאָג ניט געקומען? — האָט זי אומגעדולדיג צו איהם א געשריי געטאָן א צווייטען מאָל.

דער פירשט האָט אָנגעהויבען אָנגעבען זיינע אורזאכען, נור זי האָט ווידער איבערגעשלאָגען.

— אלע האַלטען דיך דאָך פאר א נאַר, און נארען דיך! דו ביזט

נעכטען אין שטאָט געפאָהרען. איך קען זיך מיט דיר וועטען, אז דו ביזט געשטאַנען אויף די קניע און געבעטען יענעם אויסוואורף אז ער זאָל ביי דיר צונעהמען די צעהן טויזענד!

— עס הויבט זיך ניט אָן. איך האָב עס גאָר ניט גערענקט צו טאָן. איך האָב איהם אפילו גאָר ניט געזעהן, און אויסער דעם, איז ער ניט קיין אויסוואורף. איך האָב פון איהם א בריף ערהאַלטען.

— ווייז דעם בריף!

דער פירשט האָט ארויסגענומען פון פאָרטפעל א בריוועלע און דערלאַנגט ליזאווועטא פראָקאָפיעווגא. אין דעם בריוועלע איז געשטאַנען:

„ווערטהער הער, איך האָב אודאי גיט דאָס קלענסטע רעכט, אין די אויגען פון מענשען צו האָבען אייגענליבע, לויט דער מיינונג פון מענשען, בין איך צו נישטיג דערפאר, אבער דאָס איז בלויז אין די אויגען פון מענשען אבער ניט אין אייערע אויגען. איך האָב זיך צופיעל איבערצייגט, אז איהר, ווערטהער הער, זייט מעגליך בעסער פון אנדערע. איך שטים ניט איין מיט דאָקטארענקא, און געה זיך מיט איהם פאַנאנדער אין דער דאָזיגער איבערצייגונג. איך וועל פון אייך קיינמאָל קיין קאָפיקע ניט נעהמען, אבער איהר האָט ארויסגעהאָלפען מיין מוטער און דערפאר בין איך אייך מחויב צו דאנקען, כאָטש איהר האָט עס אפילו געטאָן אוים שוואכקייט. אלענפאלס קוק איך אויף אייך אנדערש און איך האָב געפונען פאר נויטיג אייך דאָס לאָזען צו וויסען, און דערמיט, דענק איך אז צווישען אונז קענען מעהר ניט געבען קיין שום באַציהונגען. אנטיפ בורדאָווסקי.“

נ. ב. די סומע וואָס האָט געפעהלט צו צוויי הונדערט רובעל, וועט אייך אין פאַרלויף פון דער צייט ריכטיג אויסגעצאָהלט ווערען.

— וואָס פאר אַן אונזין! האָט באַשלאָסען ליזאווועטא פראָקאָפיעווגא, ווארפענדיג צוריק דעם בריוועלע — ס'איז ניט ווערטה גע־וועזען צו לייענען. וואָס קלייבסטו נחת?

— שטימט איין, איז אויך אייך איז דאָס געוועזען אנגענעהם צו לעזען.

— ווי אזוי? אָט די מיט פוסטען שטאָלץ דורכגעפרעסענע פלוי־דעריי? צו דען זעהסטו ניט, אז זיי זיינען אלע פון זינען ארונטער פון גאווה און פוסטען שטאָלץ?

— אמת. אָבער פונדעסטוועגן, האָט ער זיך ענטשולדיגט, איי־בערגעריסען מיט דאָקטאָרענקאָ און וואָס שטאָלצער ער איז אַלץ מעהר האָט איהם זיין שטאָלץ געקאָסט. אָ, וואָס פאַר אַ קליין קינד איהר זייט, ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ!

— וואָס דו ווילסט הפּנים ענדליך פון מיר כאַפּען אַ פּאַטש?

— ניין, איך וויל גאָרניט. נור דערפאַר וואָס איהר זייט צופריי־דען פון דעם בריוועלע און ווילט עס ניט אַרויסווייזען. פאַר וואָס שעהמט איהר זיך מיט אייערע געפיהלען? אַזוי איז דאָך דאָס מיט אייך אַלעמען.

— דיין פוס זאָל מעהר ביי מיר אין הויז ניט זיין! איז ליזאַ־וועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ אויפגעשפּרונגען, בלייך ווערענדיג פון כעס — זאָל דיין „זוואַניע" ניט זיין מעהר ביי מיר פון איצט אָן און ווייטער!

— און אין דריי טעג אַרום וועט איהר אַליין קומען רופען צו זיך... נו, ווי שעהמט איהר זיך ניט? דאָס זיינען דאָך אייערע בעסע־רע געפיהלען, טאָ פאַר וואָס שעהמט איהר זיך מיט זיי? איהר פּיי־ניגט דאָך זיך בלויז אַליין מיט דעם!

— כ'וועל שטאַרבען און וועל קיינמאָל ניט רופען! דיין נאָמען וועל איך פאַרגעסען! האָב שוין פאַרגעסען!

זי האָט זיך געלאָזט לויפען פון פירשט.

— מיר איז שוין אָהן אייך אויך פאַרבאָטען געוואָרען געהן צו אייך. האָט איהר דער פירשט נאָכגעשריען.

— וואָס־ס? ווער האָט דיר פאַרבאָטען?

זי האָט זיך אויגענבליקליך אומגעדרעהט, פּונקט ווי מען וואָלט איהר אַ שטאָך געטאָן מיט אַ נאָדעל. דער פירשט איז אַ פריהער גע־ווען אין ספק צו זאָל ער ענטפערען; ער האָט דערפיהלט, אַז ער האָט זיך אומווילענדיג נור שטאַרק אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט.

— ווער האָט דיר פאַרבאָטען? האָט אויסער זיך פאַר כעס אויס־געשריען ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ.

— אַגלאַיאַ איוואַנאָוונאַ...

— ווען? אָבער רעד, שוין!!!

— איינמאָל אין דער פריה האָט זי עס צוגעשיקט, אַז איך זאָל ניט וואַגען געהן צו אייך.

ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ איז געשטאַנען ווי אַ געליימטע, נור זי האָט נאָכגעדענקט.

— וואָס האָט זי צוגעשיקט? וועמען האָט זי צוגעשיקט? דורכ'ן אינגעל? ווערטערליך? האָט זי מיט אַמאָל ווידער אויסגע־שריען.

— איך האָב ערהאַלטען אַ צעטעלע, האָט געזאָגט דער פירשט.

— וואו? גיב אהער! שוין!

דער פירשט האָט אַ ווײַלע געטראַכט, פונדעסטוועגען האָט ער אַרויסגענומען פון דער וועסטעל־קעשענע אַ שטיקעל פּאַפּיר אויף וועל־כען ס'איז געווען אָנגעשריבען:

„פירשט לעוו ניקאָלאַיעוויטש! ווען נאָכדעם אַלעמען וואָס ס'האָט פּאַסירט, וועט איהר מיך וועלען איבערראַשען מיט אַ באַזוך אין אונ־זער דאַטשע, טאָ זייט זיכער, אַז מיך וועט איהר ניט טרעפען אין דעם צאָהל פון די דערפרעהטע. אַגלאַיאַ עפּאַנטשינאַ."

ליזאַוועטאַ פּראָקאָפּיעוונאַ האָט אַ ווײַלע געטראַכט; דערנאָך האָט זי זיך פּלוצלינג אַ וואַרף געטאָן צום פירשט, איהם געכאַפּט פאַר'ן האַנט און אַוועקגעשלעפּט נאָך זיך.

— גלייך! קום! אומישנע שוין, די מינוט! האָט זי אויסגע־שריען אין אַן אַנפאַל פון אונגעוועהנליכער אויפרעגונג און אומגע־דולד.

— אָבער איהר אונטערוואַרפט דאָך מיך...

— אונטער וואָס? אומשולדיגער פּראָסטאַק! פּונקט ווי עס וואָלט גאָר קיין מאַנזביל ניט געווען! נו, איצט וויל איך אַלץ זעהן מיט מיינע אייגענע אויגען...

— אָבער לאָזט מיך כאָטש נעהמען מיט זיך די הוט!

— אָט איז דיין העסליכע היטעל, קום! האָט זיך אפילו קיין פאַסאָן מיט געשמאַק ניט געקאָנט צוקלייבען! דאָס האָט זי... דאָס האָט זי נאָך דער פאַרינגער... האָט געמורמעלט ליזאַוועטאַ פּראָקאָ־פּיעוונאַ, שלעפּענדיג נאָך זיך דעם פירשט און אויף אַ מינוט ניט אָפּ־לאָזענדיג זיינע הענט — פריהער האָב איך זיך פאַר דיר אָנגענומען, האָב געזאָגט אויפ'ן קול, אַז דו ביזט אַ נאַר, ווייל דו קומסט ניט... אַנדערש וואָלט זי ניט אָנגעשריבען אַזאַ צעטעלע! אַזאַ ניט אַנשטענ־דיגען צעטעלע. ניט אַנשטענדיג פאַר אַן אָרענטליכער ערצויגענער,

קלוגער, קלוגער מיידעל! המ! האָט זי פאַרטנעזעצט — אָדער...
אָדער ס'קען געבען... ס'קען געבען, אַז איהר אליין האָט פאַרדראָסען,
וואָס דו קומסט ניט, נור זי האָט אויסגערעכענט, אַז אַזוי טאָר מען
צו אַן אידיאָט ניט שרייבען, ווייל ער קען דאָס אָננעהמען בוכשטעב־
ליך, ווי ס'איז געשריבען געוואָרען. וואָס הערסטו זיך אונטער? האָט
זי אַ געשריי געטאָן, כאַפּענדיג זיך, אַז זי האָט זיך אויסגערעדט —
זי דאַרף האָבען אַזאַ ליג ווי דו, שוין לאַנג ניט געזעהן, אָט פאַר וואָס
זי לאָדעט דיך איין! און איך בין צופרידען, צופרידען, וואָס זי וועט
דיך איצט נעהמען אויף איהרע ציינדעלאַך. צופרידען! דו ביזט עס
ווערטה! און זי קען, אָה, ווי זי קען!

---